# שמערקע
# קאַטשערגינסקי
# אָנדענק-בוך

אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט

התשט"ו — בוענאָס איירעס — 1955

# פון קאָמיטעט

געשען איז עס גלייך אונטערן שווערן רושם פון דער טראַגישער ידיעה, אַז אויך שמערקע געפינט זיך צווישן די פּאַסאַזשירן וואָס זעבען אומגעקומען בעת יענעם לופט־פּלי פון מענדאָסא קיין בוענאָס איירעס...

אין די שווערע און ביטערע טעג, ווען מען האָט נאָך געוואַרט, אַז מען זאָל קענען פון די הויכע אַנדן־בערג, וווּ דער אַעראָפּלאַן איז אַראָפּגעפאַלן, אַרויסבאַקומען די טויטע קערפּערס פון די קרבנות און נאָך איידער מען האָט נאָך שמערקען באַגלייט אין זיין אייביקער רו, האָבן זיך פאַרזאַמלט חברים, פריינד און פאַרערער פון דעם דיכטער און זיך באַראַטן וואָס צו טאָן בכדי צוזאַמען מיט זיין יונג לעבן זאָל אויך נישט פאַרשווינדן פון דער וועלט זיין אָנדענק, זיין נאָמען.

מען האָט פאַרשטאַנען, אַז שמערקעס פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, פאַרן יידישן קולטור־לעבן, אַז זיין פאַרבנרייך און קעמפעריש לעבן דאַרף אויף אַ בולטן אופן געפינען אַן אָפּשפּיגלונג און אַ פאַראייביקונג אין דעם וואָרט, וואָס שמערקע האָט עס געטראָגן מיט אַזוי פיל ליבע און טריישאַפט איבער די יידישע ישובים פון דער גאָרער וועלט און אין דער שפּראַך, מיט וועלכער שמערקעס גאַנצער מהות איז געווען פאַרבונדן, פאַר וועלכער ער האָט שטענדיק געקעמפט און פאַר וועלכער ער האָט זיינע יונגע יאָרן מקריב געווען.

האָט מען דעריבער באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך געווידמעט דעם אָנדענק פון שמערקע קאַטשערגינסקי, אַ זאַמלונג אָפּשאַצונגען געווידמעט זיין לעבן און שאַפן און אַ זאַמלונג פון די ליטעראַרישע ווערק זיינע, וואָס זענען נאָך אין קיין בוך־פאָרעם פריער נישט דערשינען.

צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן באַשלוס האָט זיך געשאַפן דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט צום אָנדענק פון שמערקע קאַטשערגינסקי, אַ קאָמיטעט וואָס זיין ערשטע אויפגאַבע איז געווען צו זיכערן די מאַטעריעלע מיטלען פון דער וויכטיקער אונטערנעמונג און עס איז אויך באַשטימט געוואָרן דער רעדאַקציע־קאָמיטעט, וואָס האָט גענומען אויף זיך די פליכט צו זאָרגן פאַרן אינהאַלט פון דעם בוך.

איצט קענען מיר זאָגן, אַז סיי דער קאָמיטעט, סיי די רעדאַקציע האָבן זייערע אויפגאַבן דערפילט און צום ערשטן יאָרטאָג נאָכן פרי־

צייטיקן און טראַגישן טויט פון שמערקע קאַטשערגינסקי גיבן מיר איבער דער יידישער עפנטלעכקייט דאָס דאָזיקע זאַמלבוך מיט דער גרעסטער ליבע און יראת־הכבוד צו זיין ליכטיקן אָנדענק.

זאָל דאָס דאָזיקע זאַמלבוך זיין די מצבה פון דעם לעבעדיקן יידישן וואָרט פאַר איינעם פון זיינע טרייסטע זינגער און קעמפער, און זאָל עס אין אַלע אייביקייטן דערציילן וועגן דעם לעבן און שאַפן פון שמערקע קאַטשערגינסקי.

## דער קאָמיטעט

מענדל אַבזאַץ, יעקב באָטאָשאַנסקי, פנחס האפער (קאסיר), יצחק הרכבי, דוד ווראָצ־לאַווסקי, אברהם זאַק, מאַרק טורקאָוו (פאָר־זיצער), ב. טערקעל (סעקרעטאַר), יצחק יאַנאַסאָוויטש, יצחק קאַטשערגינסקי, שמואל ראָזשאַנסקי, יחזקאל רובינשטיין.

בוענאָס איירעס, מערץ 1955.

# פון רעדאַקציע

מיט דער אויסגאַבע פון ש. קאַטשערגינסקים אָנדענק־בוך זענען מיר אויסן געווען צוויי זאַכן:

ע ר ש ט נ ס: צו געבן אַן אויסדרוק דעם טרויער, וואָס זיין טראַגישער און פּלוצימדיקער טויט האָט אַרויסגערופן אין דער יידישער קולטור־וועלט. צענדליקער, צענדליקער יידישע שרייבער פון גאָר דער וועלט, פריינט און חברים פונעם טראַגיש־אומגעקומענעם — און פריינט האָט שמערקע געהאַט אומעטום אַ סך — האָבן זיך באַלד אין די ערשטע טעג פון אבלות אָפּגערופן שריפטלעך מיט זייער וואָרט, מיטן אויסדרוק פון זייער אויפריכטיקן צער. די דאָזיקע אַלע ספּאָנטאַנע אָפּרופן פון פאַרשיידענע פען־מענטשן — ווער אין ליד און ווער אין פּראָזע — קומען אַריין אין דער ערשטער אָפּטיילונג א״נ „שרייבער וועגן ש. קאַטשערגינסקי״.

צ ווי י ט נ ס: צו פאַרעפנטלעכן דעם עזבון, די פאַרבליבענע שריפטן פון שמערקע קאַטשערגינסקי, וועלכע האָבן נאָך נישט באַקומען קיין תיקון אין בוך־פאָרם.

מיר האָבן, ווי ווייט מעגלעך, אַלץ צונויפגעזאַמלט, אַלץ סעגרעגירט, געבראַכט דעם מאַטעריאַל צו אַ סדר און יעדע זאַך געגעבן אין דער געהעריקער אָפּטיילונג.

אַזוי אַרום האָבן מיר קאַטשערגינסקים פאַרבליבענע שריפטן פאַרטיילט אין פאָלגנדיקע אָפּטיילונגען:

א. דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן;
ב. לידער מיט נאָטן;
ג. עסייען וועגן שרייבער;
ד. רעפעראַטן;
ה. קאָרעספּאָנדענצן
ו. הומאָרעסקע;
ז. צווישן פאַלנדיקע ווענט (דראַמע).

צווישן די לידער מיט נאָטן זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס זענען געוואָרן זייער פּאָפּולער ביים פאָלק אין אַלע יידישע תפוצות, דער עיקר די געטאָ־לידער, ווי למשל: „שטילער, שטילער״... טייל פון שמער־

קעם לידער זענען געוואָרן ממש פאָלקס-לידער, וואָס ווערן אומעטום געזונגען אויף אַלע מסיבות, ביי כלערליי געלעגנהייטן.

„צווישן פאַלנדיקע ווענט" איז אַ דראַמע וועגן דעם העלד און מאַרטירער פון ווילנער געטאָ — איציק וויטענבערג. עס קומען אין דער דראַמע צום אויסדרוק העראָישקייט, געראַנגל, פּיין און אומקום פון אונדזערע ברידער אין ירושלים ד'ליטאַ בעת די טראַגישע יאָרן.

דאָס דאָזיקע ווערק ווערט דאָ איצט געדרוקט צום ערשטן מאָל.

מחמת דעם וואָס אונדזער אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אַביסל בחפזונדיק, וואָס עס איז נאַטירלעך אין אַזעלכע פאַלן, האָבן מיר אפשר נישט אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט געקאָנט אויסשעפּן דעם מאַטעריאַל פאַרן קאַטשערגינסקי-בוך. מיר האָבן אפשר פאַרזען געוויסע אַרבעטן קאַטשערגינסקיס, געדרוקטע דאָ און דאָרט אין אויסגאַבן, וואָס זענען נישט געווען אין אונדזער רשות. עס זענען צו אונדז אויך נישט דערגאַנגען אָפּרופן פון נאָך יידישע פּען-מענטשן אין דער ברייטער וועלט, וועלכע וואָלטן געדאַרפט זיין פאַרטראָטן אינעם דאָזיקן אָנדענק-בוך. יענע שרייבער וועלן אונדז מוזן פאַרגעבן: אין אַזעלכע פאַלן, ווי געזאָגט, איז נישט מעגלעך אַלץ אויסצושעפּן. די דערגאַנצונג קאָן קומען ביי אַן אַנדער שעת הכושר.

זאָל דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן יאָ באַוויזן צו ברענגען צווישן טאָוולען פון אַ ספר, פאַרבלייבן ווי אַ דערמאָנונג, ווי אַ מצבה אויפן קבר פון פריצייטיק-פאַרשניטענעם דיכטער-פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי ז"ל.

די רעדאַקציע:

יצחק הרכבי
אברהם זאַק
מאַרק טורקאָוו
יצחק יאַנאַסאָוויטש

בוענאָס איירעס, 1954.

**
*

שמריהו (שמערקע) קאַטשערגינסקי איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע, אָקטאָבער 1908. זיין פאָטער וואָלף און זיין מוטער אַלטע, ביידע אָרעמע מענטשן, זענען געשטאָרבן פון הונגער אין דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען שמערקע איז אַלט געווען קוים זיבן יאָר. מיט זיין יונגערן ברודער יאַנקל האָדעוועט ער זיך ביי פאַרשיידענע משפחה־מיטגלידער, דער עיקר — ביי דעם זיידן פון טאַטנס צד. ער לערנט אין דער שטאָטישער תלמוד תורה, ווו ער צייכנט זיך אויס ווי אַ גוטער תלמיד און אַ נאָך בעסערער חבר. נאָכן פאַרענדיקן די תלמוד תורה לערנט ער זיך אויס אַ פאַך (ליטאָגראַפיע) און באַזוכט גלייכצייטיק אַן אָוונטשול פאַר דערוואַקסענע. ער ווערט אַריינגעצויגן אין די אומלעגאַלע קאָמוניסטישע יוגנט־קרייזלעך אין וועלכע ער איז זייער אַקטיוו. ווערט שטאַרק באַליבט ביי אַלע חברים און זיין פּאָפּולאַריטעט וואַקסט ווען ער שרייבט אָן די צוויי רעוואָלוציאָנערע לידער „טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך" און „ביינאַכט איז געפאַלן אַ שניי", וועלכע ווערן געזונגען אין גאַנץ פּוילן און פון דאָרט אַריבערגעטראָגן אין דער ברייטער יידישער וועלט.

אין דער צייט פון זיין אומלעגאַלער קאָמוניסטישער טעטיקייט ווערט ער עטלעכע מאָל אַרעסטירט דורך דער פּוילישער פּאָליציי און זיצט אָפּ אַ לענגערן שטראָף־טערמין אין דער ווילנער טורמע. צו יענער צייט שרייבט ער אַן עטלעכע גרעסערע און קלענערע דערציילונגען מיט אַ סאָציאַל־קעמפערישן אינהאַלט, ווי אויך פאַרשיידענע רעפּאָרטאַזשן וועגן דעם אַרבעטער־לעבן אין פּוילן.

אין יאָר 1929, ווען עס שאַפט זיך די גרופּע „יונג־ווילנע" איז ער איינער פון אירע הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן און בלייבט אויך שפּעטער די נשמה פון דער גרופּע. ער פאַרנעמט זיך מיטן אַרויסגעבן די זאַמלהעפטן „יונג־ווילנע" און גלייכצייטיק איז ער אַן אַקטיווער מיטאַרבעטער פון „אגראיד". (אַ האַלב־לעגאַלע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס פירט איר טעטיקייט צווישן יידישן קליינבירגערטום). ער איז דעמאָלט שטענדיקער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט", אָרגאַניזירט און באַטייליקט זיך אין די פאַרשיידענע אונטערנעמונגען פון „יונג־ווילנע" און איז זיך דערביי מפרנס בדוחק פון זיין אַרבעט ווי אַ ליטאָגראַף־מאַשיניסט.

אין יאָר 1939 ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. די סאָוועטישע

אַרמיי פאַרנעמט ווילנע, אָבער נאָך אַ קורצער צייט ציט זי זיך צוריק און גיט איבער ווילנע אין די הענט פון די ליטווינער. ש. קאַטשערגינסקי פאַר־לאָזט זיין היים־שטאָט צוזאַמען מיט דעם אָוועקגייענדיקן סאָוויעטישן מי־ליטער. אַ שטיקל צייט אַרבעט ער ווי אַ לערער אין אַ שטעטל, וואָס געפינט זיך אונטער דער סאָוויעטישער ממשלה. שפּעטער קומט ער קיין ביאַליסטאָק, וווּ ער אַרבעט אויף פאַרשיידענע פּאָסטנס און טרעט דערנאָך אַריין ווי אַ פרייוויליקער אין דער רויטער אַרמיי. ווען די סאָוויעטן פאַרנעמען אויפסניי ווילנע קומט קאַטשערגינסקי צוריק אין זיין געבוירן־שטאָט. ער אַרבעט אַק־טיוו אין שרייבער־פאַריין און אויף פאַרשיידענע אַנדערע קולטור־פּאָזיציעס. שוין דעמאָלט לעבט ער איבער זיינע ערשטע ווייטיקלעכע אַנטוישונגען צו־זעענדיק ווי די סאָוויעטן־מאַכט דערלאָזט נישט די געהאָפטע אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור. (זע זיין בוך: „צווישן האַמער און סערפּ“).

ווען עס ברעכט אויס די סאָוויעטיש־דייטשע מלחמה באַווייזט ער זיך נישט צו עוואַקואירן פון ווילנע. ער וואַנדערט איבער דער ווילנער פּראָווינץ און פאַרשטעלט זיך פאַר אַ טויב־שטומען, כדי נישט דערקענט צו ווערן דורך די דייטשן. נאָך אַ חדשימדיקער וואגלעניש קומט ער צוריק אין ווילנער געטאָ. ווערט דאָרט שטאַרק טעטיק אין דער אומלעגאַלער קולטור־אַרבעט און ראַטעוועט וויכטיקע יידישע דאָקומענטן פון „ייוואָ“, וואָס די דייטשן האָבן פאַרכאַפּט. ווי איינער פון די שקלאַפן וואָס די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט האָבן געצוווּנגען צו סאָרטירן די וויכטיקע „ייוואָ“־מאַטעריאַלן איידער זיי ווערן אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד שטעלט ער טאָג־טעגלעך איין זיין לעבן און „גנבעט“ אַרויס ווערטפולע ביכער און כתבי־ידן, וועלכע ער באַהאַלט אין געטאָ. ווען עס שאַפט זיך די „יידישע קאַמפס־אָרגאַניזאַציע“ אין וויל־נער געטאָ ווערט ער איינער פון אירע מיטגלידער און פירט דורך וויכטיקע שליחותן ביים באַקומען געווער פאַר דעם געפּלאַנטן אויפשטאַנד. האַרט פאַר דער אַנטגילטיקער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ רייסט ער זיך דורך אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער און ווערט אַ נקמה־נעמער פאַרן פאָלקס־אומקום. זיינע איבערלעבונגען אין וואַלד האָט ער שפּעטער באַשריבן אין זיינע בי־כער: „פּאַרטיזאַנער גייען“ און „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן“.

ביים סוף פון דער מלחמה ווען ווילנע ווערט צוריק סאָוויעטיש קומט קאַטשערגינסקי צוריק פון וואַלד און ווערט באַשטימט אַלס דירעקטאָר פון דעם יידישן מלוכה־מוזיי. גלייכצייטיק איז ער אַקטיוו אויפן געביט פון דער שארית־הפליטה טעטיקייט און באַמיט זיך מיט נאָך אַנדערע יידן אויפצו־לעבן די יידישע קולטור־אַרבעט אין ווילנע. דאָס איז אָבער נישט אין הסכם מיט דער פּאָליטיק פון די סאָוויעטן און קאַטשערגינסקי, אַן אַנטוישטער און רעזיגנירטער, פאַרלאָזט ווילנע און קומט אָן קיין לאָדזש. (זע זיין בוך: „צווישן האַמער און סערפּ“).

אין לאָדזש אַרבעט ער אין דער „צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע“. דערנענטערט זיך אידעאיש צו דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַ־וועגונג און צו דער חלוצישער יוגנט. (זיין חלוצים־ליד, וואָס ער שרייבט

דעמאָלט אָן ווערט אַ הימן פון דער גאַנצער חלוצישער באַוועגונג אין פּוילן און אין די שארית־הפליטה־לאַגערן אויף דער דייטשער ערד.) ער ווערט אויך רעדאַקטאָר פון דעם פּועלי־ציוניסטישן וואָכנבלאַט „אונדזער וואָרט".

אין לאָדזש אַרבעט ער אויך איבער אַ זאַמלונג לידער „פאַר שול און היים", וואָס דערשיינט שפּעטער א"נ „אונדזער געזאַנג". מוזיקאַלישער רע־דאַקטאָר לעאָן וויינער.

נאָכן קעלצער פּאָגראָם, ווען ס'ווערט קלאָר, אַז קיין יידיש לעבן אין פּוילן וועט שוין מער נישט אויפגיין, פּאָרט קאַטשערגינסקי צוזאַמען מיט נאָך אַ ריי שרייבער קיין פּאַריז. דאָ וואַרפט ער זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז איינער פון די אָרגאַ־ניזאַטאָרן פון שרייבער־פּליטים־קאָמיטעט און איז די נשמה פון שרייבער־הויז אויף גי פּאַטען 9, וואָס איז געוואָרן אַ קולטור־אַדרעס פאַר דער גאַנצער יידישער וועלט. ער פּאָרט ווי אַ דעלעגאַט צום ערשטן צוזאַמענפאָר פון אַל־וועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס און איז שפּעטער אַ מיטגליד פון פּאַ־ריזער ביוראָ.

אין צווישנצייט באַזוכט קאַטשערגינסקי די שארית הפליטה לאַגערן אין דייטשלאַנד ווו ער ווערט אויפגענומען מיט ענטוזיאַזם דורך זיינע חברים, וואַלד־קעמפער און חלוצים. זיינע מינכענער חברים גיבן אַרויס אַ צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון זיין בוך „פּאַרטיזאַנער גייען" וואָס איז שוין גע־האַט דערשינען אין פּאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום", אַרגענטינע.

שמערקע קאַטשערגינסקי שרייבט אין פּאַריז זיין בוך „חורבן ווילנע" וואָס דערשיינט אין יאָר 1947 אין ציקאָ־פּאַרלאַג, ניו יאָרק. גלייכצייטיק גרייט ער אויך זיין גרויסע זאַמלונג „לידער פון געטאָס און לאַגערן" וואָס וועט שפּעטער אַרויסגעגעבן ווערן דורך דעם קולטור־קאָנגרעס אונטער דער רעדאַקציע פון ה. לייוויק און דער ערשטער עקזעמפּלאַר פון ד'ערשינענעם בוך וועט אים אונטערגעטראָגן ווערן ווי אַן איבערראַשנדיקע מתנה ווי נאָר ער וועט באַטרעטן די אַמעריקאַנער ערד, קומענדיק אויף דעם ערשטן צוזאַ־מענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס. אין פּאַריז שרייבט קאַטשערגינסקי אויך אָן זיין בוך „צווישן האַמער און סערפּ" אין וועלכן ער דערציילט וועגן זיינע דערפאַרונגען אין דער פּאָליטיק פון די סאָוויעטישע מושלים בנוגע דער יידישער שפּראַך און יידישער קולטור און ווערט צוליב דעם פאַרהאַסט ביי די יעווסעקישע שרייבער, וועלכע לאָזן נישט דורך קיין שום געלעגנהייט אים צו באַשמוצן און צו באַקעמפן.

אין נאָרד אַמעריקע, בעת זיין ערשטן באַזוך צום צוזאַמענפאָר פון קולטור־קאָנגרעס טרעט ער אויף אין איבער 30 שטעט מיט רעפעראַטן וועגן ווילנער געטאָ און פּאַרטיזאַנער לעבן און ווערט שטאַרק פּאָפּולער אין דער גרויסער יידישער אַמעריקע.

צוריקקומענדיק קיין פּאַריז באַנייט ער ווידער זיין קולטור־טעטיקייט. איז אַ מיטגליד פון פּאַריזער ביוראָ פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, איז אַן אַקטיווער טוער אין „פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן", אין שרייבער־פּליטים־

קאָמיטעט און אין קלוב „טלאָמאַצקע 13“. אין יאָר 1950 מאַכט ער אַ רייזע קיין ישראל און ווערט דאָרט אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. ער טראַכט וועגן באַזעצן זיך אין ישראל, אָבער עס רופט אים דער אַרגענטינער אַפּטייל פון קולטור קאָנגרעס און ער ווערט געלאָקט דורך די גוטע גרוסן, וואָס טראָגן זיך אין דער וועלט וועגן דעם אַרגענטינער יידישן ישוב. סוף מאַי 1950 קומט ער אָן מיט דער שיף „סאַן בערנאַר“ קיין בוענאָס איירעס, צוזאַמען מיט זיין פרוי מערי און טאָכטער ליבעלע.

זיין אָנקום קיין אַרגענטינע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מעכטיקער מאַניפעסטאַציע פון ליבשאַפט און באַגייסטערונג פאַר דעם קעמפער און זינגער פון דער יידישער ווילנע און פאַר דעם אומדערמידלעכן בויער פון דער נייער יידישער קולטור. זיין אָנקום קיין אַרגענטינע ווערט אַ גרויס געשעעניש אין לעבן פון אַרגענטינער ישוב און טויזנטער מענטשן וועלן לאַנג, לאַנג געדענקען דעם גראַנדיעזן קבלת פּנים לכבוד אים און די איבערגעפּולטע זאַלן בעת זיינע ערשטע רעפעראַטן, וואָס זענען אויסגעהערט געוואָרן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

אין משך פון אַ קורצער צייט האָט ער דערוואָרבן די גרעסטע ליבשאַפט ביי דעם אַרגענטינער יידנטום. זיינע פריינט ציילן זיך אין די הונדערטער און אפשר טויזנטער. פאַרשטייט זיך, אַז אויך אין אַרגענטינע ציילן די יעווסעקעס זייער פאַרגיפטעטע פיילן אין אים, אָבער זייער העץ־קאַמפּאַניע איז נישט ביכולת צו פאַרמינערן די כוואַליע פון ליבשאַפט און פאַרערונג וואָס פלייצט אַרום אים.

ער אַרבעט אַ צייט אַלס עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון אַרגענטינער קולטור־קאָנגרעס און זיין ענערגיע באַווייזט גרויסע וואונדער ביים פונאַנדערבויען די דאָזיקע אינסטיטוציע. נאָך דעם ווי ער פאַרלאָזט די דאָזיקע אַרבעט צוליב פאַרשיידענע סיבות מאַכט ער אַ רייזע קיין קאַנאַדע און די פאַראייניקטע שטאַטן. פון וואַנען ער קומט צוריק אָן אָפּגעפרישטער מיט באַנייטן מוט צו ווייטערדיקער געזעלשאַפטלעכער און שעפערישער אַרבעט.

אין אַרגענטינע פאַרענדיקט ער זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן“. דאָס בוך דערשיינט אין יאָר 1952 און רופט אַרויס אַ באַגייסטערטע אָפּשאַצונג פון לייענער און קריטיקער. דאָס בוך ווערט אין זעלביקן יאָר פרעמירט דורך דער צבי קעסל־פּרעמיע אין מעקסיקע.

אין אַרגענטינע דערשיינט אויך אַ צווייטע אויפלאַגע פון זיין בוך „צווישן האַמער און סערפּ“ און אַ זאַמלונג פון זיינע לידער, אַרויסגעגעבן דורכן אַרג. קולטור קאָנגרעס.

צוריקקומענדיק פון זיין רייזע איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע גרייט קאַטשערגינסקי אַ גרויסע זאַמלונג פון פאָלקס־לידער. ער שטייט אין קאָנטאַקט וועגן דעם ענין מיט דעם מוזיקער מיכאל געלבאַרט און מיט דעם קינסטלער אַרטור קאָלניק. זיין פריצייטיקער טויט האָט דעם ענין צונישט געמאַכט.

אין דער זעלביקער צייט ווערט דורך אַ פּאָרטוגעזישן פאַרלאַג אָנגע־

נומען אַרויסצוגעבן זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן” אין דער פּאַר־טוגעזישער שפּראַך. דאָס בוך דערשיינט דעמאָלט ווען קאַטשערגינסקי איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

די לעצטע חדשים פון זיין לעבן האָט ער זיך פאַרנומען מיטן אָרגאַ־ניזירן דעם פאַרלאַג „קיום” ביי די פועלי־ציון־התאחדות”. די ערשטע דריי ביכער פון פאַרלאַג, וואָס ער האָט צוגעגרייט און רעדאַגירט זענען דערשי־נען עטלעכע טעג נאָך זיין קבורה.

אָנהייב אַפּריל איז ער אַרויסגעפאָרן קיין מענדאָסאָ אין שליחות פון קרן קימת לישראל כדי דורכצופירן דאָרט אַ „דריטן סדר”. ער איז פון בוע־נאָס איירעס אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן און האָט געהאַט אַ צוריק־בילעט אין טאַש. די מענדאָסער חברים ביי וועלכע ער האָט שטאַרק אויסגעגומען האָבן אים פאַרהאַלטן אויף נאָך אַ רעפעראַט, וואָס איז פאָרגעקומען צו מאָרגנס נאָכן „דריטן סדר”. היות ער האָט זיך געאײַלט אַהיימצופאָרן קיין בוענאָס איירעס האָט ער דעם באַן־בילעט פאַרטוישט אויף אַן אַוויאָן־קאַרטע. ער איז אַרויסגעפלויגן פון מענדאָסאָ דעם 23סטן אַפּריל און 10 אַ זייגער אין אָוונט האָט דער אַוויאָן זיך אָנגעקלאַפּט אין אַ שפּיץ פון אַ באַרג און האָט אָנגעהויבן ברענען.

ערשט אין צוויי טעג אַרום האָט געגרייכט קיין בוענאָס איירעס די וויס־טע בשורה פון זיין אומקום. דער טרויער אין בוענאָס איירעס און אין דער גאַנצער יידישער וועלט איז געווען אומבאַשרייבלעך. אַלע יידישע צייטונ־גען אין דער וועלט האָבן געבראַכט טעלעגראַמעס וועגן זיין טויט אויף די אָנגעזעענסטע ערטער און אַ גרויסע צאָל יידישע שרייבער האָט אים מספּיד געווען מיט זייערע אַרטיקלען און לידער. א׳ אייר ה׳תשי״ד איז ער געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויף דעם בית־עולם אין טאַבלאַדאָ נעבן דעם אוהל פון די קדושים. די לוויה איז געווען אַ מעכטיקע פאָלקס־מאַניפעסטאַציע פון אומגעהויערן טרויער צוליבן טראַגישן גורל פון דעם ביי אַלעמען באַליבטן און פאַרערטן שמערקע קאַטשערגינסקי.

ת. נ. צ. ב. ה.



**שמערקעס משפּחה:** — דער ערשטער לינקס: דער זיידע, דאָס קינד אויפֿן טישל — שמערקע. דער דריטער — זיין פאָטער, וואָלף, די פירטע — זיין מוטער, אַלטע. עס שטייען: אַ פעטער און אַ מומע.



דער 12־יעריקער שמערקע (דער ערשטער רעכטס) אין ווילנער תלמוד־תורה.



שמערקע (רעכטס) און זיין יונ־
גערער ברודער יאַנקל פאַר דער
מלחמה אין ווילנע.

ווילנע 1936. — „יונג־ווילנע"
מיט מ. בראָדערזאָן, ד. טשאַרני,
גערשטיין און מ. פּופּס.



דוד פינסקי (ישראל)

# ז״ל

עס נעמט מיר נישט די האנט אויסצושרייבן זיין נאָמען, אַריינצושרייבן קאַטשערגינסקין צווישן די טויטע... א י ד ־ אויף אים אַ הספד! איך, דער זאַטער אין יאָרן, אויף אים, אויף איינעם פון אונדזערע ייִנגסטע, לעבעדיקסטע, לעבנספּייאיקסטע, אויף איינעם, וואָס איז, דאַכט זיך, ערשט געקומען צום לעבן.

ער איז געווען דיכטער, אָבער ער האָט זיך ניט אויסגעלעבט אַלס דיכטער. דיכטונג איז ביי אים געווען אַזוי־זיך־עפּעס, אַ צוגאָב צו זיינע טאַלאנטן. ער האָט געהאט וואָס בילכערס צו טאָן: ער האָט געדאַרפט באַזאָרגן ייִדיש און די ייִדישע ליטעראַטור.

ער האָט געשפּרודלט מיט לעבן. ווו ער איז געווען, איז געווען לעבן, באַוועגונג, אונטערנעמונג, טאַט, איז געווען אָרגאַניזירונג. אַלס דיכטער איז ער געוואָוען מיטגליד פון דער גרופּע „יונג־ווילנע״, אָבער זיין באַדייטונג פאַר איר איז געווען קאַטשערגינסקי אַלס אָרגאַניזאַטאָר, דער בריה אויף צו קאָנען קריגן מיטלען אויף אַרויסצוגעבן אירע העפטן און ביכער.

איך האָב באַדויערט, וואָס ער האָט פאַרלאָזן ישראל, ווו ער האָט פאַרבראַכט אַ קורצע צייט. ייִדיש אין ישראל האָט אים נויטיק געדאַרפט האָבן. ווען ער וואָלט געבליבן אין ישראל, וואָלט דאָ געווען ק אַ מ ף פאַר ייִדיש. ער וואָלט געוועקט, אָרגאַניזירט, וואָלט ניט געלאָזט רוען. אפשר האָט ער איינגעזען, אַז זיין אַרבעט אין ישראל וועט זיין אַרויסגעוואָרפן, און איז דערפאַר אַוועק קיין אַרגענטינע. איך האָב מקנא געווען אַרגענטינע.

איך ווייס ניט, וואָס ער האָט דאָרטן אויפגעטאָן פאַר די פּאָר יאָר, וואָס ער האָט פאַרלעבט אין בוענאָס איירעס. אויב ער האָט נאָך ניט באַוויזן וואָס אויפצוטאָן, איז עס געוויס דערפאַר, וואָס די צייט איז נאָך געווען צו קורץ.

האָט ער געלאָזן עמעצן, וואָס קאָן פאַרנעמען זיין אָרט און שטופּן דעם וואָגן פון ייִדיש און דער ייִדישער ליטעראַטור? איך גלויב קוים. עס איז געווען נאָר איין קאַטשערגינסקי. וויי אונדז, וואָס מיר האָבן אים פאַרלאָרן!

לייזער אייכענראַנד (אַרגענטינע)

# צו דיין טויט - שמערקע

אינעם טונקעלן שווייגן ביסטו צוריק געגאַנגען,
וווּ עס אָטעמט מער קיין אָנהייב ניט און ניט קיין סוף,
וווּ עס האָבן אָפּגעאַשיקט שוין אַלע פאַרלאַנגען
און עס רויכערן נאָר די פליגל פון אייביקן שלאָף.

ברודער, אינעם בלויען ליכט פון דיינע גוטע אויגן
האָבן מיר צעהעלט אונדזער פאַרלאָשענעם קאַיאָר;
שטייט אַבלדיק איצט איבער דיין קבר טיף געבויגן,
און דערהייבט דיך, אַ שווער שוין געפּרוווטער שטאָלצער דור.

אויפן שטערן האָסטו די בלוטיק אונדזער ירושה געטראָגן,
דורך וועלדער ביי ווילנע, אינעם רעגן פון דער שלאַכט;
וווּ עס האָט פאַר אונדזער הייליק וואָרט סכנה געשלאָגן
געברענגט האָסטו דו עס איבער וואַסערן פון דער נאַכט.

וווּ עס פלעגט אַ טרויער די רגעם טונקל צעווייגן,
איינענסטיקן שפּינען שוואַרצע אין שווערן געמיט,
אָנגעצונדן האָסטו דו אַן אַלטן אבותדיקן ניגון
און געשפּרייט דיין האַרץ פאַרן חברים ווונדיקע טריט.

ברודער, אינעם בלויען ליכט פון דיינע גוטע אויגן
האָבן מיר צעהעלט אונדזער פאַרלאָשענעם קאַיאָר;
שטייט אַבלדיק איצט איבער דיין קבר טיף געבויגן,
און דערהייבט דיך, אַ שווער שוין געפּרוווטער שטאָלצער דור.

בוענאָס איירעס, דעם 17טן מאַי 1954

י. אקרוטני (ארגענטינע)

# הערט, שמערקע בעט!

עס טרעפט: אין איין גוף לעבט דער מענטש צווייאיק — צוויי באַזונ־דערע עלעמענטן געוועלטיקן אין אים, אַ מאָל קעגנזעצלעכע עלעמענטן, אָבער גאַנצע; און עס טרעפט, אַז דער מענטש איז פסיכיש צעצווייט, גע־שפּאָלטן. אַזאַ צעריסענער מענטש ווערט צעטראָגן פון אן אומבאַגרייפלעכן אומרו. אַזאַ איז אויך אַ צרה פאַר זיין סביבה.

אין ש. קאַטשערגינסקין האָבן געלעבט עטלעכע עלעמענטן, ניט קיין קעגנזעצלעכע. אַלע האָבן זיי פאַרגעשטעלט איין פּסיכאָלאָגישע גאַנצקייט. לפּחות אויסערלעך. ש מ ע ר ק ע א י ז ד ע ר נ אָ מ ע ן פ ו ן ד ע ם וו אָ ס מ י ר ה אָ ב ן ג ע ק אָ נ ט.

ש מ ע ר ק ע ן ה אָ ט מ ע ן ל י ב ג ע ה אַ ט,
ש מ ע ר ק ע ן ה אָ ב ן פ ײ נ ט ג ע ה א ט וו י נ צ י ק ע,
ש מ ע ר ק ע ה אָ ט ג ע ש ר י ב ן ס ק י צ ע ס,
ש מ ע ר ק ע ה אָ ט ג ע ש ר י ב ן ל י ד ע ר,
ש מ ע ר ק ע ה אָ ט ג ע ז ו נ ג ע ן,
ש מ ע ר ק ע ה אָ ט א ײ ך אַ ק ע ג נ ג ע ט ר אָ ג ן ז ײ ן ש מ ײ כ ל, —
און דאָך —

שמערקע איז ניט געווען דער זעלביקער, וואָס ש. קאַטשערגינסקי.

עס איז, אמת, אַ שטיקל פּלאָנטער אין דעם באַגריף. דער שליסל צו דעם דאַרף מען, נאַטירלעך, זוכן ביי אים גופא. ראשית אין זיין היים, דערנאָך אין זיין יוגנט, שפּעטער אין די נסיונותדיקע היטלער־יאָרן און לסוף אין זיין אַמעריקאַנער פּעריאָד. בכוונה זאָגן מיר ניט: א ר ג ע נ־ ט י נ ע ר פּ ע ר י אָ ד, ווייל פּאָטענציעל איז ש. קאַטשערגינסקי ניט געווען מסוגל איינצוצאמען שמערקען, ער זאָל בלייבן רק אין די גרענעצן פון אַרגענטינע, אינעם אָרט, וווהין ער איז געקומען זיך איבערפלאנצן.

אַ מ ע ר י ק ע — מיינט דאָ דאָס יאָגן זיך זיינס, ס׳וועלן זיך אַליין איבעריאָגן.

אַ ראַיה — —

**
*

איבערדערציילן זיין ביאָגראַפיע? איר וועט זי געפינען אין דעם סדר

פונעם אַנטשטיין פון זיינע לידלעך, וואָס ווערן אָפּט און גערן געזונגען, אין זיינע ביכער „פּאַרטיזאנער גייען", „די גרינע לעגענדע", אין זיינע אַנטאָ־לאָגישע פּאַרמעסטן, ווי אויך אין זיין דראנג צו זיין דאָרט, ווו ער איז נישטאָ.

צוערשט אנטפלעקט ער זיך אין דער נויט פון די ווילנער יידישע געסלעך. פרי עפנט די אויגן ביים קינד די געפּרוווטע אָרעמקייט, דערנאָך קומט די ראָמאנטיק פון לאָקנדיקער פּאַרטייאישער אומלעגאלקייט, שפּע־טער דער גלי פון „יונג־ווילנע" די אטמאָספערע פון נייעם ליכט, אַן אויפ־געגאנגענס אונטער דעם באַגנדיקן געזאנג אלחנן וואגלערס, לייזער וואָלפס, היים גראַדעס און אברהם סוצקעווערס. דעמאָלט האָט אויך ביי שמערקען זיך געעפנט דער שליוז פון זינגעוודיקער בענקשאַפט. אָבער ווי אַנ־דערש זיין געזאנג האָט זיך אויסגעברייט!

טאטעס, מאמעס, קינדערלעך,
בויען באַריקאדן;
אין די גאַסן גייען אום
אַרבעטער אָטריאדן.

פינצטערע יאָרן געווען פּוילישע, אין פאַרהוילנקייטן האָט אָט־דער ניגון געוואָרפן אַ פונק.

דער ווייטער אויף דעם דאָזיקן וועג איז שוין די פּאָזיציע פון אונטערן צייכן פון „יונג זיין קען יעדער, יעדער, יעדער ווער עס וויל באַר".

שפּעטער איז, על פּי דער כראָנאָלאָגיע, אויפגעקומען דערש. קאַטשערגינסקי — שמערקע, וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ וועג אין אונדזער יידיש וועלטל. דעם דאָזיקן האָט געשטויסן אַן אומדערקלערלעכע סטיכיע, אַ דאָרשט האָט אים געצערט.

שמערקען, צי ש. קאַטשערגינסקין?
אפשר ביידע, אפשר איינעם פון זיי.
ס'איז פּסיכאָלאָגישע פאַרנעפּלטקייט.

אין דער סטיכיע מיט אַ מאָל אַנצוהויפן אַזויפיל לעבן, ווי ער האָט געוואָלט לעבן, איז אפשר געווען עפּעס טראַגישס, וואָס סיי שמערקע, סיי ש. קאַטשערגינסקי האָבן ניט געקענט אַרויסברענגען. בלי גוזמא: אַ סך פון דעם רעטעניש איז געווען פאַרהוילן אין דעם שמייכל, וואָס ער האָט געגרייט דיר, מיר.

איז דאָך שמערקע נישט שטענדיק געווען דער צעשמייכלטער, דער צעזונגענער — ניט שטענדיק געהאט ס'מענטשלעכע גליק אַרויסצוטראָגן זיין ליבן שמייכל, זיין געזאַנג. און ער האָט עס געוואָלט. געזאַנג האָט געווינט אין זיין האַרץ, שמייכל איז געווען זיין מענטשלעכע מאַסקע. אָבער דאָס איז

ניט געווען דער פולער מענטש ש. קאַטשערגינסקי. ניט זעלטן האָט אויך טרויער שולט געווען איבער אים, דריקנדיקער טרויער.

און האָט ער זיך אונטערגעגעבן דעם אימפעט, וואָס האָט מיט אים באַ־וועגט, קען מען אין דעם זען דעם שמערקע, וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט ש. קאַטשערגינסקין, דעם אַנדערן אין זיך, דעם טראַכטנדיקן, דעם צווייפלענדיקן. אין זיך גופא האָט דער מענטש געוואָלט פאַרשרייען דעם טאָטשנדיקן אומעט.

אַ צעשטערט לעבן האָט אין אים געלעבט.

**
*

דער יידישער וועלט האָט דער שמייכלענדיקער ווילנער שמערקע אָפּ־געגעבן ש. קאַטשערגינסקין דעם דיכטער־פּאַרטיזאַן און דעם אַנטאָלאָגיסט פון געטאָ און פאַרטיזאַנער־לידער.

אַזאַ האָט ער זיך געשטרעקט צו ווייטע יידישע ישובים.

ווי דער האַרציקער שמערקע האָבן אים דערקענט אַלע, וואָס האָבן גע־האַט דאָס פאַרגעניגן צו זיין מיט אים.

אינעם שרייבער האָט זיך פון דעסטוועגן ניט פאַרלוירן דער ווילער מענטש און געטרייער פריינד. ש. קאַטשערגינסקי האָט דערגאַנצט שמערקען.

די האַרמאָנישקייט פון די פאַרשיידענע עלעמענטן געפינט מען צווישן די בלעטער פון זיינע ביכער. ש. קאַטשערגינסקי האָט אין זיי אַריינגעשריבן די לעבנס־געשיכטע פון דעם ליבן שמערקע.

אַ קנוף פון גייסטיקע און פסיכישע וואַנדלונגען איז אַ יעדעס מענטש־לעכע לעבן; שמערקעס קורצע לעבן איז געווען אַ שטורעם פון גייסטיקע און פסיכישע וואנדלונגען. טרויער און שמייכל מתוך טרויער האָבן אויסגע־קריסטאַליזירט ש. קאַטשערגינסקין, דעם מענטש און שרייבער, ווי מיר האָבן אים דערקענט אין זיין צעצווייטקייט. אַזאַ לעבט ער ווייטער. ווערליק זיין אַליין־כאַראַקטעריסטיק בלייבט ער דער, וועמענס צעשפּילטער שמייכל עס גליווערט אין אונדזער געדעכעניש. „טרויער פאַסט ניט אונדזער פּנים“, איז ניט קיין צופעליק אויבערקעפּל פון אַ קאַפּיטל אין זיין בוך „איך בין געווען אַ פאַרטיזאַן“ און די „גאולה אונטער חורבות“ איז אין ש. קאַטשערגינסקיס טראַנסקריפּציע אַן אַקאָרד פון זיין שטרעבן צו אַ וועלט פון יושר און שיינקייט.

**
*

ממש שפּיזיק שאַרף און קלאָר ווערט די וואָר, ווען עס באַפאַלט אונדז דאָס קאַלטע באַוווסטזיין, אַז עס איז אמתדיק דער אמת: שמערקע איז געפאַלן אין מיטן פון זיין חלום. ש. קאַטשערגינסקי איז מיד און ער בעט אין זיין מידקייט:

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ.
ס'האָבן זיי פֿאַרפּלאַנצט די שונאים:
גרינען זיי צום בלאָ.
ס'פֿירן וועגן צום פּאָנאַר צו,
ס'פֿירט קיין וועג צוריק,
איז דער טאַטע ווו פֿאַרשוווּנדן
און מיט אים דאָס גליק.
שטילער, קינד מיינס, וויין ניט, אוצר,
ס'העלפֿט ניט קיין געוויין.
אונדזער אומגליק וועלן שונאים
סיי ווי ניט פֿאַרשטיין.

— — — — — — — — — — — — — —

פֿרילינג אויפֿן לאַנד געקומען —
און אונדז האַרבסט געבראַכט.
איז דער טאָג היינט פֿול מיט בלומען —
אונדז זעט נאָר די נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — —

שטילער, שטילער, ס'קוועלן קוואַלן
אונדז אין האַרץ ארום.
ביז דער טויער וועט ניט פֿאַלן
זיין מיר מוזן שטום.

— — — — — — — — — — — — — —

הערט, שמערקע בעט!

ישראל אַשענדאָרף (אַרגענטינע)

# מיט אַ ליד דורך דער וועלט

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פליען אין אַן עראָפּלאַן — איז געווען צוזאַמען מיט קאַטשערגינסקין. דאָס איז געווען אין יאָר 1945, באַלד נאָך דעם צוריקקומען פון רוסלאַנד. דעמאָלט האָבן זיך געלאָזט אויף אַ טורנײ איבער פּוילן פינף יידישע שרייבער: אַליצקי, גראַדע, זאַק, קאַטשערגינסקי און איך. קאַטשערגינסקי איז געקומען קיין פּוילן פאַר מיר בלויז מיט אַ קורצער צייט, אָבער וווּהין מיר זענען געקומען האָב איך באַמערקט, האָט מען אים שוין גוט געקענט דורך זיינע לידער פון אומקום און פון אויפקום. לידער פון געטאָ און לידער וועגן חלוצים און מעפּילים.

די דאָזיקע פּאָפּולערקייט, איז אים אויך נאָכגעגאַנגען קיין פראַנקרייך און שפּעטער קיין אַרגענטינע. ווער האָט געקענט גלויבן, אַז אַ מענטש, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען אַזויפיל פּיין, געזען אַזויפיל אַכזריות — זאָל נאָך קענען עפענען דאָס מויל זיינס און זינגען, און ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אַז נאָך די יאָרן ווען דאָס וואָרט איז אַזוי פאַרשוועכט און געשענדעט געוואָרן, זאָלן מענטשן נאָך ווערן אַזוי מיטגעריסן מיטן ליד? דאָס ליד זאָל אויף זיי אַזוי שטאַרק ווירקן? דאָס האָט געקענט באַווייזן דווקא דאָס פּשוטע, פאָלקס־טימלעכע ליד, וואָס מוז קומען ביי יעדן אָנהייב און אויך ביי יעדן אָנהייבן פונדאַסניי.

מיר איז אויסגעקומען צוריק מיט עטלעכע חדשים צו זיין אין מענדאָסאַ און אין סאַן־כואַן. דאָס איז, אייגנטלעך, די געגנט וווּהין קאַטשערגינסקי האָט געמאַכט זיין לעצטע רייזע.. ער איז שוין דאָרט געווען פריער עטלעכע מאָל. ווי איך בין געקומען אַהין, — האָט מען מיר געפרעגט: איר האָט עפּעס גע־בראַכט אַ ניי ליד? ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט דאָ בעת זיינע באַזוכן אויסגעלערנט די יידן פאַרשידענע לידער, וואָס זיי זינגען כסדר ביחידות און אויף שמחות. איך האָב זיך דעמאָלט דערמאָנט אין אַ רבין, וואָס פלעגט יעדעס יאָר קומען אין מיין שטעטל און יעדעס מאָל מיט זיך געבראַכט אַ נייעם ניגון. מען האָט נישט אַזוי געוואַרט אויף זיין ברכה, ווי אויף זיין ליד. דאָס ליד איז געווען זיין ברכה.

ער איז געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר. אַזאַ מענטש איז נוצלעך אין יע־דער געזעלשאַפט נאָך מער ווי אומעטום, צווישן שרייבער, וואָס שם׳ן בדרך כלל, פאַר בטלנים. דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט גוטע שרייבער און אַ

גוטן מאַסן־לייענער. צווישן זיי ביידע האָט זיך אָבער געהוילט אַ תהום. ביי אַנדערע פעלקער וואַרפט אַ בריק איבער דעם תהום — די אינטעליגענץ: זי פאַרבינדט ביידע זייטן. ביי אונדז, איז דער דאָזיקער שיכט געווען מערסטנ־טייל אַן אַסימילירטער. געדינט די ליטעראַטורן פון אַן אַ שיעור פעלקער, אויסער די אייגענע. איז דעריבער אויסגעקומען ביי אונדז צו טאָן די דאָזיקע אַרבעט — יחידים. שמערקע איז געווען איינער פון זיי.

די מעלה פון קאַטשערגינסקין איז אָבער נישט בלויז באַשטאַנען אין קע־נען אָנפירן מיט וויכטיקע אַרבעטן, אין אַנטיילנעמען אין פאַרשידענע יום־טו־בים, נאָר קודם־כל — אין טאָן די וואָכעדיקע, גרויע אַרבעט פון יעדן טאָג. אין זיין נישט בלויז אָנפירער, נאָר אויך אויספירער. איך האָב זיך אַמאָל מיט אים צוזאַמען געפונען צווישן אַ גרופּע מענטשן. מיר האָבן גערעדט וועגן דעם און יענעם, ווי ער נעמט פּלוצים אַרויס אַ בלאָקל אויף די ביכער פון „קיום״, זאָגט קוים עטלעכע ווערטער — און עטלעכע מענטשן זענען שוין אַבאָנענטן פון פאַרלאַג. דאָס איז פאַרגעקומען אַזוי שנעל און אַזוי פּשוט, אַז איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער. דאָס איז געשען דווקא דערפאַר, ווייל ער האָט געגלויבט אין דעם וואָס ער טוט. געגלויבט, אַז ביכער זענען נישט ווייניקער וויכטיק פון ברויט. פון אַ מלבוש, פון צירונג. דער דאָזיקער גלויבן זיינער האָט געמוזט ווירקן אויך אויף אַנדערע.

ער איז געווען אַ גוטער חבר. ער האָט געקענט אויסהערן אַ צווייטן און דערביי נישט קלערן פון עפּעס אַנדערש. ווי ער איז געווען באַוועגלעך און דינאַמיש, האָט ער געוווסט, ווען צו שווייגן, און לאָזן יענעם זיך אויסשטור־רעמען, ביז ער וועט זיך באַרואיקן. ער האָט געקענט אויפמערקזאַם זיין אויף אַ חבר, פּונקט, ווי מען איז אויפמערקזאַם אויף אַ פרוי. ביי יעדער געלעגנ־הייט אין אים געדענקען. בעת ער איז געווען אין קאַליפאָרניע, האָב איך פון אים באַקומען אַ בריוו און אין בריוו שרייבט ער מיר, אַז בעת ער האָט איבער־געקוקט דעם טעלעפאָן־בוך, האָט ער דאָרט געטראָפן עטלעכע אַשענדאָרפס. מעגלעך, אַז דאָס זענען מיינע קרובים, שיקט ער מיר צו זייערע אַדרעסן. בעת איך האָב זיך געפונען אין ריאָ דע זשאַנעירא, ווער האָט מיך באַגריסט דער ערשטער ביים אַראָפגיין פון דער שיף? — קאַטשערגינסקי.

איך קען זיך נישט דערמאָנען, ווען ער האָט מיך גע„אירצט״. אָדער איך — אים. ער האָט דאָך געהאַט, ווי מיר אַלע, אַ פאַמיליע־נאָמען, און דאַכט זיך, געהייסן אויף די דאָקומענטן, שמריהו, אָבער גערופן האָט מען אים פּשוט און היימיש: שמערקע. ער האָט געקענט אַזויפיל אַדרעסן, ביז ער אַליין איז געוואָרן אַן אַדרעס. קומט אַ ייד פון דרום־אַפריקע, פון די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, פון אויסטראַליע — אַלע פרעגן זיך אויף אים. ער איז אַלע־מענס שמערקע.

עפּעס נעמט זיך מיר דאַכטן פאַר דער לעצטער צייט וואָס מער, אַז מיט דער שארית־הפּלימה פון אונדזערע שרייבער, געשעט ווי מיט די וואָס האָבן

זיך געראַטעוועט אין ביקיני און אין היראָשימאַ פון די אַטאָם־באָמבעס: די טויט־שטראַלן דרימלען אַ צייט אין זייערע אָרגאַניזמען, ביז זיי וועקן זיך אויף און סוף־כל־סוף באַקומען זיי זייער קרבן...

כמעט צו דער זעלבער צייט איז אַוועק איינער פון „יונג־ווילנע" — דורך אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע. און איינער פון יונג־גאַליציע, באמזע — דורך אַ האַרץ־אַטאַקע און ביידע כמעט אין דעם זעלבן עלטער. דער טויט האָט ביז איצט פאַרשניטן אַ סך שרייבער פון פריערדיקן דור, איצט האָט ער זיך שוין גענומען אפילו צום סאַמע לעצטן דור. ער האָט זיך שוין אַריינגע־כאַפּט צו די ייִנגסטע...

ער איז געווען פול מיט לעבן. ער האָט זיך אַזויפיל מאָל אַרויסגעראַטע־וועט פון טויטס הענט — נאָר דאָס איז פאַר אים נאָך געווען צו ווייניק, ער האָט זיך באַמיט אַרויסצוראַטעווען פון טויטס הענט אויך די טויטע, די אומ־געקומענע — דורך דעם זאַמלען זייערע לידער געשאַפענע אין די געטאָס און דורך זיין אייגן ליד.

די דאָזיקע לידער־זאַמלונגען זענען אויך דער „קדיש" נאָך אים. נישט אַ „קדיש" צום זאָגן און צום וויינען, נאָר צום זינגען. ווי ס׳פּאַסט פאַר שמער־קען, פאַר דעם, וואָס איז במשך פון זיין גאַנצן לעבן געגאַנגען מיט אַ ליד דורך דער וועלט.

יעקב באַטאָשאַנסקי (אַרגענטינע)

# ש. קאַטשערגינסקי — דער פּראַקטישער דיכטער פון „יונג־ווילנע"

## (אַ פּרוּוו פון אַ כאַראַקטעריסטיק)

די גרופּע „יונג־ווילנע" האָט מיט דער הילף און אונטער דעם גוטן שמייכל פון זלמן רייזען ה'יד אַריינמאַרשירט אין אונדזער ליטעראַטור דורך אַ גאַנצער זייט פון „ווילנער טאָג", אין יאָר 1929. אָנגעהויבן פּאָראַמירן זיך האָט די דאָזיקע גרופּע וואַרשיינלעך פריער. קיין אויסגעשפּראָכענעם ציל האָט זיך די כאַפּטע דיכטער, פּראָזע־שרייבער און מאָלער ניט געשטעלט, אויסער דעם אַריינפּאָר „יחדיו". די ערשטע גרופּע ליטעראַטן, וואָס האָט זיך גערופן ביי אונדז „יונגע" האָט זיך אָנגעהויבן פּאָרמירן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1908, האָט זיך געשטעלט אַ געוויסע אויפגאַבע, כאָטש יעדער איי־נער פון די קעפּ פון יענער גרופּע האָט דעם עיקר פון דער געשטעלטער אויפגאַבע געוויזן אַנדערש. פאַר י. אָפּאַטאָשו, למשל, איז דער עיקר גע־ווען איינעמען אַמעריקע פאַר דער יידישער ליטעראַטור, בעת פאַר ראובן אייזלאַנד איז דאָס געווען אַריינברענגען דעם יחיד אין אַ ליטעראַטור אַריין, וואָס האָט ביז דעמאָלט על־פּי־רוב געהאַט צו טאָן בלויז מיט דעם כלל. אָבער כאָטש „יונג־ווילנע" האָט קיין קאָנקרעטע אויפגאַבע ניט געשטעלט זיך, קען מען דאָך געפינען אָנצוהערענישן אויף צוויי אויפגאַבעס, וואָס זיי זע־נען ביי די מייסטע געווען אין דער כוונה און נעמלעך: 1) אַריינברענגען ווילנע אין דער יידישער ליטעראַטור; 2) זיך אומקערן צום כלל.

ווילנע איז אין דער השכלה־עפּאָכע געווען אויף דער מאַפּע פון דער העברעאישער פּאָעזיע. אָדם הכוהן און זיין זון מיכל זענען געווען היפּשלעך געָנוג צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ פאַר ווילנע אין דער העברעאישער שירה פון יענער צייט. אין דער יידישער שיינער ליטעראַטור (בעלעטריסטיק), האָט ווילנע זיך פאַרדינט אַ פּלאַץ אין דער ערב־מענדעלע תקופה, דורך א. מ. דיק און מיכל גאָרדאָן, וועלכע מ'קען מיט רעכט אָנרופן „דער עלטער־זיידע פון דער יידישער פּראָזע" און „דער זיידע פון דער יידישער פּאָעזיע". אין משך פון צענדליקער יאָרן איז דערנאָך ווילנע ניט געווען אויף דער מאַפּע פון דער יידישער בעלעטריסטיק. דער אין נעסוויזש געבוירענער

פאַליק האַלפּערן איז אַ היפּשע צייט געווען כמעט דער איינציקער יידישער בעלעטריסט אין ווילנע און בעצם איז ער געווען בלויז אַ האַלבער בעלעט־ריסט אין יידיש און אין העברעאיש און די צווייטע העלפט פון זיין טע־טיקייט איז אים אַוועקגעגאַנגען אויף פּובליציסטיק, פּעדאַגאָגיע, קריטיק א״אַ. אויף אַ מער־אויסגעשפּראָכענעם אופן האָט אָנגעהויבן אַרויפּבערענגען ווילנע אויף דער מאַפּע פון אונדזער ליטעראַטור, דער גרויסער און נאָך נישט גענוג־אָפּגעשאַצטער דיכטער אונדזערער משה קולבאַק. אָבער ער, וועלכער האָט געשטאַמט פון סמאַרגאָן, וואָס איז כמעט אַ פאָרשטעטל פון ווילנע, איז אין ירושלים דליטאַ געווען טעטיק ווי אַ דיכטער בלויז די פינף יאָר צווישן 1923 — 1928. דערנאָך איז ער אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד און ער איז דאָרט „שפּורלאָז פאַרשוואונדן״... „יונג־ווילנע״, אַן אויפגעוועקטע אויך פון קולבאַקס מונטערן ליד, האָט זיך פאַרמאָסטן צו איינגעמען אַן אויבנאָן־פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור פאַר ווילנע.

דער אומקער צום כלל איז ביי די „יונג־ווילנער״ געווען דער אויס־דרוק פון דער צייט און מסתמאַ אויך די השפּעה פון משה קולבאַק, וועל־כער האָט געוויזן די „בראַנדזענע יונגען״, וואָס זענען אויפגעוועקט געוואָרן בעת חצות פון די גלעקער, וואָס האָבן געקלונגען און ס׳איז זיי דעמאָלט

באַפאַלן אַ ווילן
צו שטילן
דעם צאָרן
פון יאָרן,
וואָס זענען פאַרלאָרן.

נישט אַלע „יונג־ווילנער״ האָבן אין זייער שאַפונג בלויז דעם כלל־מאָטיוו. אין דעם בוך „פון דריי וועלטן״, וואָס דער בוענאָס־איירעסער שריי־בער פאַריין „ה. ד. נאָמבערג״ האָט אַרויסגעגעבן לכבוד א. סוצקעווערס 40סטן געבוירנטאָג, וואָס איז אויסגעפאַלן דעמאָלט, ווען ער איז געווען צו־גאַסט אין אַרגענטינע, האָט ש. קאַטשערגינסקי פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל א״ב „מיין חבר א. סוצקעווער״, אין וועלכן ער דערציילט, אַז ס׳איז „זיך געגאַנגען אַ באַזונדערן וועג, ווען זיינע חברים, די דערוואַקסענע, האָבן מאַר־שירט אויף דעם ברייטן שליאַך״. ש. קאַטשערגינסקי דערציילט, אַז ער אַליין איז געווען „פאַרעסקט מיט הענגען רויטע פענער אין פינצטערע מעת־לעתן אויף טעלעגראַפן דראָטן... מיט רופן אין לידער טאַטעס און מאַמעס אויף באַריקאַדן״. די אַנדערע דיכטער פון דער גרופּע האָבן ניט געשריבן אַזעלכע טרובאַדורישע לידער ווי קאַטשערגינסקי האָט דעמאָלט געשריבן, אָבער ביי די מייסטע פון זיי האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון די גלעקער „נאָך חצות״.

„יונג־ווילנע״ איז נישט געווען קיין פאַריין און קיינער האָט נישט גע־

פרוווט צונויפשטעלן אַ פולע רשימה פון די אָנגעהעריקע צו דער גרופּע. זייער צאָל איז געווען לערך זיבעצן־אַכצן. ניט אַלע זענען געבליבן אין ווילנע ביז 1939, אייניקע האָבן אויסגעוואַנדערט פריער. די בעלעטריסטן סאָלאָווייטשיק און פּאַליקמאַן זענען אַוועק קיין ראַטנפאַרבאַנד, אברהם לעוו איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, י. שטערן (זיפּער) איז אַוועק קיין קאַנאַדע. וועגן דעם, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט די דריי מאָלער פון דער גרופּע, בן־ציון מיכטאָם, ראָזע סוצקעווער און שיינע עפראָן, דערציילט קיינער ניט, אָבער זיי זענען זיכער אומגעקומען. לייזער וואָלף איז אומגעקומען פון הונגער אין סאָוועטיש מיטלאַזיע.

אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט האָבן פיר „יונג־ווילנער" (א. לעוו איז אַ זייער באַגאַבטער דיכטער, וואָס גילט מער ווי אַן ארץ־ישראלדיקער, איידער אַ ווילנער און א. וואָגלער, דער עקזאָטישער פּייזאַזשיסט־פּאַבוליסט, גילט היינט ווי אַ פּויליש־סאָוועטישער דיכטער). די דאָזיקע פיר זענען: חיים גראַדע, א. סוצקעווער און — להבדיל בין החיים והמות — לייזער וואָלף און ש. קאַטשערגינסקי. די ערשטע דריי זענען דיכטער פון גרויסן פאַרנעם, יעדער אויף זיין שטייגער. חיים גראַדע איז דער טיף־גראָבנדיקער, א. סוצקעווער — דער הויך־פליענדיקער און לייזער וואָלף איז געווען דער ברייט־שוועבנדיקער.

און וואָס איז געווען דער פערטער, וועלכער איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער מיט אַזוי אכזריותדיק? וואָס איז געווען ש. קאַטשערגינסקי, וועמענס נאָמען איז געווען אַזוי באַקאַנט, ווי די נעמען פון די ערשטע דריי? אין זיין בראָשור וועגן „יונג־ווילנע" פאַררעכנט אליהו שולמאַן קאַטשערגינסקין צווישן די פּראָזע־שרייבער פון דער גרופּע. ער האָט געשריבן רעפּאָרטאַזשן און אויך ראָמאַנען. און אויב ער האָט אַמאָל געשריבן אַ ליד איז דאָס געווען וועגן „אַטריאַדן" מיט „סנאַריאַדן" פאַר באַריקאַדן. מיט דער צייט האָט ש. קאַטשערגינסקי געשריבן אָפטער און אָפטער לידער, אָבער בלויז צום זינגען. ער האָט ניט געשריבן דאָס דאָזיקע, וואָס מען פאַרשטייט אונטער דעם וואָרט „פּאָעזיע". אויך די דאָזיקע לידער זיינע, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט די שפּראַך פון דער פּראָקלאַמאַציע, זענען כסדר געווען וועגן דירעקטע ענינים און זיי האָבן געהאַט די כוונה באַלד מקוים צו ווערן. ער האָט צו אונדז געגרייכט מיט דעם טיטל „דיכטער־פּאַרטיזאַן", אָבער מער פּאַסיק וואָלט פאַר אים געווען דער נאָמען „טרובאַדור־פּאַרטיזאַן". בעצם איז קאַטשערגינסקי מער פון אַלץ געווען דער נערוו פון „יונג־ווילנע" און דער מענטש פון דער טאַט אין דער גרופּע. די אַנדערע שרייבער פון „יונג־ווילנע" האָבן געחלומט חלומות (שמשון כהן, איינער פון די עלטסטע דיכטער פון דער גרופּע), האָט געזאָגט אויף זיך אין אַ ליד, אַז ער „פּיטערט חלומות", שמערקע האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו פאַרוואַנדלען די חלומות אין רעאַליטעטן.

און איבערהויפּט איז קאַטשערגינסקי געוואָרן דער ריכטיקער רעאַלי־זירער פון „יונג־ווילנע" אין געטאָ און אין פּאַרטיזאַנקע. ער איז געווען אייגנ־אַרטיק גאַנץ אין זיין סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן איינשטעל. ער האָט אויף דעם נאַטירלעכסטן אופן פאַרבונדן זיין גלויבן אין אויסלייז־אידעאַל פאַר דער מענטשהייט בכלל און פאַר דעם יידישן פאָלק בפרט. משה קולבאַק האָט גע־זאָגט אויף זיך:

געזאַלבט פון אייביקן שמערץ
גיי איך טריב
אין דער פינצטערער ראָד
און מוז לעסטערן אַלץ, וואָס ס'איז ליב,
כאָטש איך בלוטיק געהיים.

קאַטשערגינסקי האָט נישט געפילט קיין נייטיקייט צו לעסטערן אַלץ, און אפילו קיין טייל פון דעם, וואָס ס'איז ליב, צוליב זיין אידעאַל. ער איז געווען אַ נאַטירלעכער ייד. און ער האָט אין געטאָ און אין פּאַרטיזאַנקע זיך מוסר־נפש געווען ווי אַ ייד פאַר ראַטעווען וויכטיקע יידישע דאָקומענטן און פאַר נקמה אין די רוצחים. און אָט ד אָ ס איז בעצם געווען דער ניט־געשריבענער פּראָגראַם פון „יונג־ווילנע". קאַטשערגינסקי איז געווען דער פּ ר אַ ק ט י ש ע ר ד י כ ט ע ר פון דער גרופּע, צו וועלכער ער האָט געהערט.

און פּונקט ווי ער איז געווען דער פּראַקטישער דיכטער פון דער גרופּע אין געטאָ און אין פּאַרטיזאַנקע, איז ער געוואָרן דער מוטיקער יונגווילנער־שער דיכטער־קעמפער, ווען ער האָט דערזען מיט די אייגענע אויגן און האָט דערפילט אויף דעם אייגענעם לייב און לעבן דאָס דאָזיקע, וואָס זיין לעבן־חלום איז געוואָרן אויף דער וואָר. ער האָט דערזען, אַז שטאָט דערלייזונג ברענגט זיין „חלום" אויפלייזונג און שטאָט אויפקום — אומקום. פאַר ניט יידן ברענגט ער „בלויז" אויפלייזונג און אומקום פון דער נשמה, פאַר יידן ברענגט ער אויפלייזונג און אומקום פון גוף און פון דער נשמה.

און מיט דער זעלביקער נאַטירלעכקייט און נאַאיוויטעט מיט וועלכער ער האָט, גלויבנדיק אין אידעאַל, געקעמפט פאַר אים, האָט ער, אַנטוישנדיק זיך אין אים, גענומען קעמפן קעגן אים. זיין שפּעטערדיקע שנאה איז געווען פּונקט אַזוי עכט און איבערצייגנדיק, ווי זיין פריערדיקע ליבע. ריכאַרד דעהמעל האָט אַ באַלאַדע וועגן דריי רינגלעך אויף איין פינגער. יעדעס מאָל ווען דאָס רינגל איז אַנגעטאָן געוואָרן, איז דאָס געפיל פון דעם בעל־הפינגער געווען, אַז עס איז אַ קיילעכדיקייט פון אייביקער ליבע. קאַטשערגינסקיס צווייטע ליבע, די ליבע צום אייגענעם פאָלק און צו אַן עכט־מענטשלעך־יידישן אי־דעאַל, איז בלי שום ספק געווען דאָס ריכטיקסטע רינגל פון זיין אייביקער ליבע.

„יונג־ווילנע״ איז אין אַ גרויסער מאָס אַ מיקסטור פון צוויי עלעמענטן. ווילנע איז דאָך אַלטקייט, מיינט דאָך „יונג־ווילנע״ פּאַקטיש י ו נ ג ־ אַ ל ט . און קאַטשערגינסקי איז טאַקע געווען ביידע. ער האָט געהאַט אַלט־ווילנערישע חכמה און ממש קינדישקייט. אין זיין ליבע און שנאה איז ער געווען עכט ווי אַ קינד. און דעם קאַמף קעגן דעם פאַרבלענדנדיקן סאָוויעטיזם האָט ער געפירט ווי אַן עכטער „יונג־ווילנער״. ער האָט אין נאָמען פון יידישער אַלטקייט אָנגערופן מיט יוגנטלעכער בריהשקייט די זאַכן ביי זייערע ריכטיקע נעמען. ער האָט מוטיקער ווי יעדער איינער אָנגעוויזן, אַז כאָטש עס איז נישטאָ קיין אָפיציעלער אַנטיסעמיטישער פּראָגראַם אין ראַטנפאַרבאַנד, ווערט דאָרט דורכגעפירט אַזאַ פּראָגראַם אין דער פּראַקטיק, ווייל עס ווערט אָפּגעווישט יעדער זכר פון יידיש לעבן. ער פלעג ממש קינדיש זיך אָנצינדן, ווען מען האָט אים געוועדט וועגן דעם, אַז ס׳איז פאָרט נישטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד און ער פלעג פרעגן: מיט וואָס איז ניט דערלאָזן ס׳זאָל זיין איין יידישע שול און קיין איין שטיקל יידישע אויסגאַבע ניט קיין אַנטיסעמיטיזם? פאַר אים, דעם „יונג־ווילנער״ האָט ניט געקענט זיין קיין אידעאַל פאַר אַלע אויסער יידן. און אויב ער איז אויסער פאַר יידן, איז ער זיכער ניט גוט אויך פאַר ניט־יידן.

אוודאי איז ש. קאַטשערגינסקי געווען ניט ווייניקער שרייבער, ווי פּראַקטישער דיכטער און קעמפער. אוודאי וועט מען זיינע לידער נאָך לאַנג, לאַנג זינגען. אוודאי וועט קיין שום יידישער היסטאָריקער ניט קענען אויסמיידן קאַטשערגינסקיס שילדערונגען פון דעם לעבן אין געטאָ און פון דער פּאַרטיזאַנקע און ער וועט אין זיי געפינען אַזאַ שטריך, וואָס ער וועט ניט געפינען ביי קיין שום אַנדערן עד־ראיה פון דעם דריטן און גרעסטן חורבן אונדזערן — דעם שטריך פון בטחון, מוט און ניט־פאַרלוירנקייט. אָבער איבער דעם אַלעמען וועט שמערקע פאַרבלייבן ווי דער פּראַקטישער דיכטער, דער איש־המעשה, אין וועלכן עס האָבן זיך קאָנצענטרירט ווי אין אַ ברענגלאָז די פונקען פון אַלע זיינע חברים פון „יונג־ווילנע״.

## נחמן בלומענטאַל (ישראל)

# איז שוין, הייסט עס, אויך שמערקע ניטאָ?

געקומען איז ער צו אונדז קיין לאָדזש, אין באַפרייטן פוילן, אין די פרילינג חדשים פון 1946טן יאָר און תיכף זיך געשטעלט אַרבעטן אין דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע. זיין אויפגאַבע: אויפנעמען עדותן, זאַמלען מאַטעריאַל, און דער עיקר צוגרייטן צום דרוק זיינע אייגענע אַרבעטן, וואָס ער האָט נאָך אָנגעהויבן שרייבן אין די פינצטערע יאָרן פון ווילנער געטאָ. אָבער חוץ דעם האָט נאָך קאַטשערגינסקי אויף זיך טויזנטער אַנדערע ענינים. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיין איניציאַטיוו, זיין ענערגיע, וואָס איז אין די מלחמה־יאָרן געווען געהאַמעוועט און געפּענטעט, האָבן איצט באַקומען זייער פורקן, זייער דערלייזונג.

אָבער דער עיקר, וואָס האָט אים דעמאָלט כאַראַקטעריזירט און וואָס האָט אויף זיך געצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, איז געווען זיין גוטמוטיקייט, זיין — כ׳וואָלט עס אָנגערופן — לעבנס־פרייד. די שווערע יאָרן, וואָס ער האָט איבערגעלעבט סיי אין געטאָ, סיי דערנאָך צווישן די פּאַרטיזאַנער, האָבן אים פסיכיש ניט צעבראָכן. פאַרקערט, אויף צו להכעיס דעם שונא פאַרפאַסט ער שוין אין י ע נ ע ר צ יי ט מונטערע, אויפפאָדערנדיקע און... פריילעכע לידער. ער איז נישט צוגעשלאָגן, הגם דאָס אַלגעמיינע אומגליק האָט אויך אים פערזענלעך שווער געטראָפן. און אנשטאט אַ פאַרמרהשחורהטן, אַן אומעטיקן, אַ צוגעשלאָגענעם, וואָס וואָלט דאָך געווען אַזוי פאַרשטענדלעך און קלאָר, האָבן מיר געפונען אין אים אַ לעבנסלוסטיקן און אַ פריילעך־צעזונגענדיקן חבר. איך דערמאָן זיך, ווי ער האָט געלערנט בציבור די מיטאַרבעטער פון היסטאָרישן אינסטיטוט — אין יענע צייטן — זיין ליד:

> יונג איז יעדער־יעדער, ווער עס וויל נאָר
> יאָרן האָבן קיין באַטייט...

און זיך געבייזערט אויף די יעניקע, וואָס האָבן ניט אַרויסגעוויזן דעם געהעריקן אינטערעס בשעת מעשה.

יאָ, קאַטשערגינסקי איז ניט געווען קיין מענטש פון סיסטעמאַטישער, אָביעקטיוו־רואיקער, וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. זיין טעמפּעראַמענט האָט אים געטראָגן. אַ שטיק קוועקזילבער איז דאָס געווען.



**אויפן „ייוואָ״־צוזאַמענפאָר אין ווילנע, אויגוסט 1935.**

פון לינקס צו רעכטס שטייען: כ. חביד, ישראל ראבאן, י. שטערן, שיינע עפראָן, איציק מאנגער, אליהו שולמאַן, לייזער וואָלף. אין דער צווייטער ריי זיצן: משה לעווין, נחום באמזע, א. וואגלער, רייזל זשיכלינסקי, ראָזע סוצקעווער, ב. געלמאַן, צבי שאַרגעל. אין פראָנט: שרה כאיעט און ש. קאַטשערגינסקי.



„יונג־ווילנע"

אויבן שטייען: (רעכטס צו לינקס) בענציע מיכטאם, א. וואגלער, שיינע עפראָן, מ. לעווין, חיים גראדע.
**עם** זיצן: שמשון קאהאן, א. סוצקעווער, ש. קאַטשערגינסקי, ראָזע סוצקעווער, לייזער וואָלף.



שמערקע קאַטשערגינסקי און אברהם סוצקעווער אין ווילנער געטאָ



ש. קאַטשערגינסקי, רחל פּופּקאַ און אברהם סוצקעווער אין ווילנער געטאָ.

און צווישן די הונדערטער עסקים, וואָס ער פירט, סיי פערזענלעכע, סיי געזעלשאַפטלעכע, טראָגט ער זיך אַרום מיטן געדאַנק און פאַרלאַנג, אַז מ׳דאַרף שאַפן אַ מקום־מקלט פאַרן פאַריתומטן יידישן שרייבער, פאַרן פאַראיינזאַמטן יידישן כלל־טוער. ער, קאַטשערגינסקי, דער קוים מיטן לעבן געבליבענער פון נאַצי־גיהנום, נעמט זיך אונטער דאָס צו טאָן. דורך זיין צופעליקער און וווּנדערלעכער באַקאַנטשאַפט מיט אַן אויסלענדישן דיפּלאָמאַט העלפט ער יידישע שרייבער צו באַקומען וויזעס און די אַרויספאָר־מעגלעכקייטן פון פוילן. און באַלד לאָזט ער זיך אַליין אין וועג. קודם פאַריז, דערנאָך אַרגענטינע — דערנאָך קומט ער אויף אַ קורצן באַזוך קיין ישראל. אומעטום זוכט ער דעם אָרט, ווו דער יידישער שרייבער — דער שריד־הפליטה זאָל זיך קאָנען באַזעצן און ווייטער אָנגיין מיט זיין אַרבעט.

קאַטשערגינסקי האָט אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט געפונען גענוג צייט אויף אָנצושרייבן און פאַרעפנטלעכן עטלעכע ווערק וועגן ווילנער געטאָ, וועגן פאַרטיזאַנער־לעבן. דאָס איז געווען אַ טייל פון דעם, וואָס ער האָט אַליין אַדורכגעמאַכט, אַ טייל פון דעם, וואָס ער האָט געוואָלט פאַראייביקן, ס׳זאָל ניט פאַרלוירן גיין פאַר דער געשיכטע, פאַר די צוקונפטיקע דורות. זאָל די וועלט דערוויסן זיך דעם אמת און זאָל זי דערפון לערנען דעם געהעריקן מוסר־השכל. דעם ציל האָט ער געדינט מיט זיין גאַנצן כוח פון זיין פערזענלעכקייט; מיט זיין כוח הדבור און מיט זיין פען.

היינט איז קאַטשערגינסקי שוין מער ניטאָ צווישן אונדז. אומגעקומען מיט אַ מאָדנעם, ניט נאַטירלעכן טויט, וואָס האָט אים, דעם יונגן, ענערגישן קאָמפּסלוסטיקן שרייבער און געזעלשאַפטלעכן טוער — ווי הינטערליסטיק און אומפאַרהאָפט אַרויסגעריסן פון אונדזערע רייען, אין סאַמע ברען פון זיין קאָכעדיקן לעבן.

ניטאָ מער קאַטשערגינסקי!

און מיט אים איז אַוועק ניט נאָר אַ יחיד, אַ שריד־הפליטה, איינער פון די ווינציקע לעבנגעבליבענע שרייבער פון י ע נ ע ר ת ק ו פ ה, — וואָס דער רוב וואָס איז ד אָ ר ט ניט געווען, וויל וועגן איר כלל ניט וויסן, און אַ גרויסער טייל פון די ווינציקע, לעבנגעבליבענע, וואָס זענען ד אָ ר ט יאָ געווען, ווילן אין איר פאַרגעסן, אויסמעקן זי פון געדעכעניש — נאָר אַ שטיק זכרון פון י ע נ ע ר צייט. ער איז געווען איינער פון די געציילטע, וואָס זענען מסוגל געווען צו שרייען און מאָנען ביי דער וועלט: זכור!

תל־אביב, מאַי 1954.

מרדכי בערנשטיין (אַרגענטינע)

# די קאַטשערגינסקי־סוצקעווער־קאָלעקציע אין ייוואָ

אונטער דעם דאָזיקן נאָמען געפינט זיך אין דעם יידישן וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט — ייוואָ אין ניו־יאָרק אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג. דאָרטן זענען אָפּגעקליבן, געסדרט און קאַטאַלאָגירט די אוצרות, אַרכיוואַליען און ליטעראַליען, וואָס שמערקע קאַטשערגינסקי און אברהם סוצקעווער האָבן אַרויסגעראַטעוועט פון אונטער די נאַצישע לאַפּעס.

עס איז שוין אַ סך געשריבן געוואָרן וועגן דער דאָזיקער פּדיון־שבוים־אַקציע פון יידישע קולטור־אוצרות. אין אַנדערע ערטער און אין דעם איצטיקן בוך געפינען זיך פּרטים ווי אַזוי די דאָזיקע דיכטער־פּאַרטיזאַנער האָבן, איינשטעלנדיק דאָס לעבן, געזאַמלט און פאַרגראָבן שטיקלעך און ברעקלעך פון דעם גייסטיקן רכוש, וואָס עס האָבן גערויבט און אַרויסגעפירט די נאַ־צישע בעסטיעס פון דעם טרויעריק־באַרימטן ראָזנבערג־אינסטיטוט. זיי האָבן געזאָרגט פאַר דאָקומענטן, פאַר מאַטעריאַלן, פאַר ביכער און ספרים, ניט זייענדיק זיכער, אַז זיי גופא וועלן איבערלעבן די דאָזיקע בייזע צייט.

מיר ווילן דאָ נאָר איבערגעבן, זייער בקיצור, וועגן דעם אוצר, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן. מיר זאָגן בקיצור, ווייל אויסרעכענען דעם גאַנצן מאַטעריאַל מיינט — אויסרעכענען ט ו י ז נ ט ע ר דאָקומענטן, ה ו נ ד ע ר ט ע ר כתב־ידן, קאָלעקציעס פון ביכער און יקר־המציאות־ספרים. דאָס מיינט, אַז מיר וואָלטן פאַרן קאַטאַלאָג פון די דאָזיקע מאַ־טעריאַלן געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעל בוך. מיר וועלן זיך נאָר באַנוגענען דאָס מאָל מיט ראשי־פּרקים, מיט אַן איבערזיכט פון די באַזונדערע גרופּן פון דער קאָלעקציע.

די קאָלעקציע איז איבערגעשיקט געוואָרן אין ניו־יאָרק צווישן 1947 — 1948. מען האָט געמוזט אָנווענדן זייער פיל איינפאַלן און קאָמבינירונגען, כדי די דאָקומענטן אַרויסנעמען פון דער סאָוועטישער ווילנע און נאָכדעם זיי אַריינברענגען גאַנץ, ניט באַשעדיקט, צום צענטראַלן אַרכיוו פון ייוואָ אין אַמעריקע. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן ה ו נ ד ע ר ט ע ר קילאָ.

פון 2 יסודותדיקע טיילן באַשטייט די קאָלעקציע:

א) דאָקומענטן וועגן ווילנער געטאָ. אין דער דאָזיקער זאַמלונג ווערן

אַריינגענומען בלויז אָריגינעלע דאָקומענטן פון יודענראַט און די פאַרשיי־דענע אינסטיטוציעס פון געטאָ.

ב) דאָקומענטן און ביכער פון פריערדיקן אַרכיוו פון יידישן וויסנ־שאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וואָס זענען „אַרויסגעגנבעט" געוואָרן פון וויוולסקע־גאַס בעת מען האָט סעלעקציאָנירט דעם מאַטעריאַל פאַרן ראָזנבערג־אינסטיטוט און זיי אויסבאַהאַלטן אין געטאָ.

די ערשטע אָפּטיילונג האָט ד ר יי ס י ק סוב־אָפּטיילונגען מיט הע־כער 700 קאַטאַלאָג־סיגנאַטורן וואָס מיינט אַ 30 טויזנטער איינסן.

די צווייטע אָפּטיילונג האָט צ ע ן סוב־אָפּטיילונגען מיט טויזנטער איינסן.

די 30 סוב־אָפּטיילונגען פון דער סעקציע א) זענען:

1) מאַפּעס פון ווילנע געטאָ (7 פאַרשיידענע); 2) טאָגביכער־כראָניקעס פון געטאָ (אין דעם ז. קאַלמאַנאָוויטשעס טאָגבוך, הערמאַן קרוקס טאָגבוך א"א); 3) מודעות, באַפעלן, באַקאַנטמאַכונגען, מעלדונגען, פאַראָרדענונגען (הן פון דעם יודענראַט, הן פון די דייטשע אַמטן); 4) אָפּצייכענונגען און דאָקומענטן (אַרעמבענדער, פאַרשיידענע שיינען, פּאַספּאָרטן וכדומה); 5) וווינונגס־אָפּטייל פון געטאָ; 6) געזונט־אָפּטיילן אין געטאָ; 7) סאָציאַלע פאַרזאָרגונג; 8) פאַרטיילונג און פאַרזאָרגונג־אָפּטייל; 9) געזעלשאַפטלע־כער הילפס־קאָמיטעט; פון די דאָזיקע סוב־אָפּטיילונגען זענען פאַראַן: ביודזשעטן, פּראָטאָקאָלן, ליסטעס, דיאַגראַמעס, סכעמעס, נאָרמעס, באַריכטן אאַז"וו). 10) אַרבעט אין און מחוצן געטאָ, שקלאַפן־אַרבעט, בריגאַדירן־ראַט; 11) סטאַטיסטישער אַמט. אַלגעמיינער אָפּטייל; 12) געטאָ־פּאָליציי; 13) געטאָ־-געריכט; 14) קולטור אין געטאָ, אַלגעמיינע מאַטעריאַלן פון קול־טור־אָפּטייל. 15) „געטאָ־ידיעות" (ביולעטין, וואָס איז דערשינען אין גע־טאָ); 16) ביבליאָטעק; 17) שולוועזן; 18) טעאַטער; 19) פאַראייניקונג פון ליטעראַטן און קינסטלער; 20) מוזיי; 21) פאַרשיידענע קולטור־אינסטי־טוציעס (מחוץ די פריער־דערמאָנטע); 22) פאַרשיידענע קולטור־אונטערנע־מונגען; 23) ספּאָרט, יוגנטקלוב; 24) פאַרשיידענע אָרגאַניזמען אין געטאָ; 25) פאַרשיידענע דאָקומענטן פון געטאָ; 26) געשיכטע פון געטאָ, פאַרשונ־גען, אַרבעטן געשריבענע אין געטאָ; 27) פאַרטיזאַנערס; 28) מאַטעריאַלן פון געטאָ און מחוצן געטאָ; 29) געטאָס מחוץ ווילנע; 30) פאָטאָגראַפיעס.

אָן די דאָזיקע, ממש קאָלאָסאַלע, זאַמלונגען וועט זיין אוממעגלעך צו שרייבן די געשיכטע ניט נאָר פון חורבן־ווילנע נאָר אויך פון חורבן ליטע בכלל. אין די דאָזיקע דאָקומענטן האָבן מיר פאַקטן און דאַטן חוץ פון ווילנע אויך פון ק אָ וו נ ע, אָ ש מ ע נ ע, ל ע ב ע ד א וו ע, ש א וו ע ל, ב ר א ס ל א וו, ב אַ ר אַ נ אָ וו י ט ש; מיר האָבן אויך באַריכטן פון פאַרטיזאַנער אָטריאַדן אין פאַרשיידענע פונקטן. זייער אַ גרויסע צאָל דאָ־קומענטן האָבן צושריפטן און אויפקלערונגען ג ע מ אַ כ ט ע פ ו ן

שמערקע קאַטשערגינסקי. אָן די דאָזיקע הערות וואָלטן די דאָקומענטן געווען ניט פאַרשטענדלעך.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט 700 קאַטאַ־לאָג־סיגנאַטורן. כדי אָבער צו האָבן אַ פאַרשטעלונג וועגן דעם גאַנצן פאַרנעם פון די דאָקומענטן פון דער אָפּטיילונג וועלן מיר נאָר אילוסטרירן 5 סיג־נאַטורן:

סיגנאַטור נומער 9 — הערמאַן קרוקס טאָגבוך. דער דאָ־זיקער איינס האָט 400 זייטן און נעמט אַרום די צייט פון סעפּטעמבער 1941 ביזן אָנהייב 1944.

סיגנאַטור נומער 623 — ז. קאַלמאַנאָוויטשעס נאָטיצן און אַרבעט וועגן פּראָבלעמען פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע — 241 זייטן.

סיגנאַטור נומער 636 — ל. ניידוס־עטיודן, געשריבן אין געטאָ פון נ. וויניג, 123 בלעטער.

סיגנאַטור נומער 661 — רשימה פון אומגעקומענע ווילנער פּאַרטיזאַנערס אין אָטריאַד „נקמה־נעמער".

סיגנאַטור נומער 638 — אַ העפט מיט ביבליאָגראַפי־שע נאָטיצן וועגן העברעאישע דרוקן.

ווי מיר זעען באַהאַלטן זיך אין יעדן איינס אָפּטמאָל הונדערטער און הונדערטער זייטן.

פון גאָר אַ באַזונדערן מין און ניט אָן ערך גרויסן ווערט זענען די גע־ראַטעוועטע מאַטעריאַלן פון דער אָפּטיילונג ב. אויך דאָ וועלן מיר נאָר אויסרעכענען די סוב־אָפּטיילונגען:

1) פאָטאָגראַפיעס: — שולן און רעליגיעזע חפצים (פון די אַלטע שולן אין אַרעלסק, בוסק, טאָמאַשאָוו־לובעלסק, סוכאָוואָליע, זאַבלודעווע, קאָלק און נאָך אַנדערע); בית־עולמס (סאַמבאָר, זשולקעוו, בענדין, אסטראָלענקע א"א), פּערזענלעכקייטן; טעאַטער־פאָטאָגראַפיעס; אינסטיטוציעס (ישיבות, פאָלקסשולן, אויסשטעלונגען).

2) — בריוו אין די הונדערטער פון יידישע שרייבערס, גאונים, אַר־טיסטן און באַרימטע פּערזענלעכקייטן. מיר וועלן נאָר אויסרעכענען 15 נע־מען: דוד איגנאַטאָוו צו י. דינעזאָנען; ש. אַנסקי צו י. ל. פּרצן; באָראָכאָוס מוטער צו איר זון; ד"ר נ. בירנבוים צו י. אדלער; הרב חיים־עוזר גראָ־דזענסקי צו ר' ישראל זיסל דווארעץ; פּראָפ. ש. דובנאָוו צו נ. שטיפן; מ. ווינטשעווסקי צו י. דינעזאָן; מ. מאַנטעפיאָרע צו שעיה גראַמער; י. ציני־בערג צו ספּעקטאָרן; בריוו פון שלום־עליכם, ר. עדעלשטאַט, אלכסנדר צע־דערבוים, מ. שטיינשניידער אאַז"וו.

3) מאַנוסקריפּטן פון מ. מ. אוסישקין, ש. אַנ־סקי, י. באַוושאָווער, ב.

באַראַכאָוו, הערצלס טאָגבוך, ד״ר ח. זשיטלאָווסקי, ש. עטינגער און נאָך פיל אַנדערע.

4) פנקסים: — פנקס פון ווילנער גאונס קלויז; פנקס פון שקורער קהילה; פנקס פון שניאראווא און אַנדערע;

5) דאָקומענטן צו דער געשיכטע פון פאַרשיידענע ישובים;

6) טעאַטער־דאָקומענטן;

7) פאָלקלאָר־זאַמלונגען;

8) פאַרשיידענע מאַטעריאַלן (בעיקר אַ קאָלעקציע פון שער־בלעטער); לסוף הונדערטער און הונדערטער ביכער און ספרים.

ווי געזאָגט, האָבן מיר נאָר ראשי־פּרקימדיק אָנגעגעבן וועגן דער דאָזיקער ווונדערבאַרער קאָלעקציע וואָס איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן מ־ט אויסערגעוויינלעכער גבורה און ליבע. די דאָזיקע זאַמלונג איז אַן אייביקער דענקמאָל פאַר דעם אומדערשראָקענעם בעת זיין לעבן און טראַגיש־אומגעקומענעם שמערקע קאַטשערגינסקי.

יעקב גלאַטשטיין (פֿאַרייניקטע שטאַטן)

# דער פּאַרטיזאַן

דער טויט פֿון דעם שרײַבער־פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי האָט אַרויסגערופֿן טיפֿן, און ניט בלויז נוסחדיקן טרויער, אומעטום ווו דאָס ייִדישע וואָרט ווערט געהערט און געאַכט. אים האָט אַוועקגענומען פֿון אונדז אַן אָריגינעלער שליח פֿון מלאך המות, אַ שליח וואָס האָט זיך אפֿשר מער געפּאַסט פֿאַר דעם קוועקזילבערדיקן יונגן ייִד. ער איז אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קראַך, פֿליענדיק פֿון אַ ייִדישער, געזעלשאַפֿטלעכער שמחה, פֿון אַ דריטן סדר. ער איז פֿאַרשווונדן, באַוועגנדיק זיך, אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון צענטער פֿון לעבן, צום 46סטן יאָר.

קיין אַנדער טויט האָט, דאַכט זיך קיין שליטה ניט געקענט האָבן איבער אים. אַפֿילו אין טויט איז ער אַוועק, צוזאַמען מיט נאָך מענטשן, אין אַ מסיבה, ווי ער האָט געלעבט — תּמיד מיט מענטשן.

און אָט דער אַוועקפֿלי פֿון שמערקע קאַטשערגינסקי, וואָס האָט פֿאַריתומט אַ סך נאָענטע פֿרײַנד אומעטום, ווײַל ער האָט גאָר קיינמאָל ניט דערלאָזט קיין גלאַט־פֿרײַנדשאַפֿט, אַ חוץ נשמהדיקער און שטאַרק־פּאַרקניפּטער, האָט איבערגעלאָזט גאָר אַ סך אבֿלים, וואָס יעדער איינער פֿון זיי וועט זיך שפּירן פֿאַראיינזאַמט, מיט דעם טויט פֿון אַ געטרייען חבֿר. און אַ חבֿר איז אים געוואָרן און פֿאַרבליבן יעדער איינער אויף וועמען ער האָט בלויז איין מאָל אַ קוק געטאָן מיט זײַנע פֿריילעכע, לעבעדיקע אויגן. דער שיקלדיקער בליק זײַנער האָט געוואַרעמט און געבליצט: ייִדישקייט איז טיפֿע חבֿרשאַפֿט, צוזאַמענגעקניפּטקייט — אַ פֿאָלק פֿון חבֿרים.

ער האָט געלעבט אַ חבֿרשאַפֿט־לעבן פֿון אמתער, אויפֿריכטיקער פֿרײַנדשאַפֿט. רײַפֿע חבֿרשאַפֿט מיינט געווייגלעך, אָפּגעקילטע, באַזונדערדיקע, אויפֿגעבויט אַן אייגן הויזגעזינט, אַן אייגן לעבן און אַוועק מיט זיך, לעבנדיק מיט דעם ביסל געדענקשאַפֿט פֿון אַמאָליקער חבֿרשאַפֿט. זײַן חבֿרשאַפֿט איז אייביק פֿאַרבליבן יונג. זי איז קיינמאָל נישט אַוועקגעוואָקסן פֿון אים און ער איז ניט אויסגעוואָקסן פֿון איר. ער האָט זי קיינמאָל נישט דערלאָזט צום זכרון. ער האָט די חבֿרים זײַנע נישט געוואָלט געדענקען דורך פֿאַרגעסן. ער האָט געלעבט ווי אַ ייִנגל־חבֿר און זיך אויף קיין איין רגע נישט געוואָלט אָפּרײַסן פֿון זײַנע חבֿרים. און ווי שפּעט פֿרײַנד זענען ניט אונטערגעקומען אין זײַן לעבן, זענען זיי אַלע פֿאַרבליבן בײַ אים אין צירקל פֿון שפּיל.

און דווקא ער האָט געקענט זיין אַ פּראַקטישער מענטש, אַ גרויסער אָרגאַניזאַטאָר, אַן אונטערנעמער, אַן אויפטוער, אָבער דאָס אַלץ האָט אים ניט געשטערט צו בלייבן דאָס פאַרחלומטע ייִנגל, וואָס האָט קיינמאָל ניט דערלאָזט אַז אַקטיוויטעט זאָל אים פאַרגליווערן. אַקטיוויטעט קען אָפּט פאַרגליווערן דעם יחיד, דעם מענטש, אויב מען לאָזט זיך נאָר, אויב מען מיינט אַז ס׳איז אויף אַלץ מכפּר. שמערקע האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, אַז אַקטיוויטעט דאַרף קוועלן פון אינערלעכער וואַרעמקייט, דאַרף אייביק געהאַלטן ווערן פריש, און אַז בציבורדיקע טועוודיקייט מיינט ליב האָבן די מיטמענטשן, וואָס מיט זיי טוט מען כלל־אַרבעט. אַז דער להבאדיקסטער אידעאַל מוז קודם־כל שוין און תיכף ומיד ברענגען דיווידענדן פון חברשאַפט, וואָס אָן איר איז יעדער מיטאַרבעט סטעריל.

אַזוי האָט געלעבט שמערקע קאַטשערגינסקי, אַזוי אַלט־פרענקיש האָט ער געלעבט, ווי אַרויסגענומען פון שלום עליכמס אַ קינדער־מעשה, אַ חדר־מעשה. אַפילו ווען ער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן איז ער געווען אַ ייִדיש ל״ג בעומר־ייִנגל, מיט אַ ייִדיש ביקסל. אַרום און אַרום האָט געבושעוועט די ערגסטע רישעות אין דער מענטשלעכער געשיכטע, אָבער זיין האַרץ האָט עס ניט חרוב געמאַכט. פון די טיפע וועלדער איז ער אַרויס מיט אַ ניט אייבערגעפירט ייִדיש־ייִנגלש האַרץ. די פּאַרטיזאַניש ביקס האָט אים, אַ דאַנק דעם ליבן גאָמען, געשאָנקען וווּנדערלעכע מאָמענטן, באַשיצנדיק דעם כבוד פון מין־מענטש. ער האָט זיך געוועלט און איינגעשטעלט דאָס ביסל האָזןלעבן, וואָס האָט געמוזט יעדער רגע זיין אַ העלד. אַזוי האָט געפּאָדערט דער מינדסטער שאָרך אין וואַלד. אָבער אַפילו דאָס האָט אים ניט פאַרהאַרטעוועט. דער ייִדישער גזלן איז אויף קיין יאָר נישט פאַרעלטערט געוואָרן. ער איז אַרויס ווי ער איז אַריין — אַ ווילנער ייִנגל, מיט אַלע זכרונות פון ייִנגלשאַפט, אַ האָר נישט באַרירט.

מיט שמערקע קאַטשערגינסקיס טויט איז דער טראָפּ געלייגט געוואָרן אויף דעם מענטש, אין שרייבער. אַפילו זיינע ביכער וואָס ער האָט אונדז איבערגעלאָזט זענען געווען מענטש־ביכער, ניט קיין יחידותדיקע. זיין באַשרייבונג פון פּאַרטיזאַנען־קאַמפּן, זיינע לידער פון די לאַגערן, דאָס זענען אַלץ געווען צוזאַמענדיקע ביכער. קאַטשערגינסקי האָט ליב געהאַט צו זינגען, אָנצופירן מיט אַ כאָר, אַזוי אַז דער גאַנצער כאָר זאָל ברענען פון התלהבות. אָט דאָס האָט ער פאַרמאָגט אין אַ גרויסער מאָס. דער ליטוואַק האָט געהאַט אין זיך אַ גוואַלטיקן חסידישן פלאַקער און גרויס התלהבות. אַלע זיינע ביכער זענען דערפאַר געווען פון טיפן מענטשלעכן געזאַנג, סיי פון דעם צוזאַמענזונג אין די וועלדער; פון דעם להכעיסדיקן אויפזינג אין די לאַגערן; פון דעם בציבורדיקן ערב־טויט, ווען ווילנע איז ביסלעכווייז חרוב געוואָרן.

שמערקע קאַטשערגינסקי איז אומעטום געווען מיט מענטשן און מיט זיי געלעבט, וואַרעם און אינטענסיוו געלעבט, אין גרעסטן שרעק, אין דער

מוראַדיקסטער אימה. דאָס זענען זיינע ביכער, זיי לאָזן זיך ניט אָפּטיילן פון דעם שרייבער, ווייל ער האָט זיי לכתחילה אַזוי אויפגעשריבן, אַז ס׳זאָל אין זיי לעבן דאָס לעבן, צוזאַמען מיטן שרעק פאַרן טויט. דערפאַר אַז ער איז אַוועק פון אונדז, האָט מען צום ערשטן מאָל דורך די אומאויפהערלעכע קלעפּ וואָס מיר האָבן לעצטנס געקראָגן, ליידנדיק שרעקלעכע אבידות אין די ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע בתי־מדרשים און שטיבלעך אונדזערע, אויפגעהערט צו רעדן נוסח־ליטעראַטור און גערעדט פון דעם לעבעדיקן און געטרייען חבר, וואָס איז אַוועק.

ער איז גלייך אויפגעקומען פון אַ טיפער צוזאַמענדיקייט, פון יונג־ווילנע. ער האָט עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דער אַקצענט איז ביי אים תמיד געווען אויף יונג, אויף ווילנע דער יידישער שטאָט, און אויף דער חברותאדיקייט וואָס האָט צוזאַמענגעשמידט און געשטאַלטיקט יונג־ווילנע. יונג־ווילנע איז ביי אים געוואָרן אַ פילאָזאָפיע פון יידיש לעבן. ער האָט פון די חרוב געוואָרענע יידן־גאַסן אָפּגעראַטעוועט דעם נוסח, און דורך אַלע זיינע וואַנ־לענישן, האָט ער ניט פאַרגעסן די גרויסע צוואה פון צוזאַמענדיק יידיש לעבן, פון אַ יידיש מויל, מיט טייערע, מחיהדיקע יידישע ווערטער. אָבער בעיקר האָט ער געלייגט דעם טראָפּ אויף יונג־ווילנע. ער האָט געוויזן אַ ביישפּיל, אַז וויפל דאָס לעבן זאָל ניט עלטערן, טאָר עס ניט פאַרעלטערן די קערנדיקע יונגשאַפט, וואָס יעדער ייד מוז פאַרמאָגן און אָפּהיטן אין זיך, כדי זיך צו ווערן אַנטקעגן פאַרשלעפּערונג און נאַציאָנאַלער לעטאַרגיע. ער איז פאַרבליבן אַ פאַרטיזאַן, וואָס האָט געקעמפט קעגן דער זיסלעכער פּאַסיוויטעט, וואָס וויל אונדז איינשלעפערן, עמאַסקולירן, מאַכן פאַר אויס שעפערישע יידן.

ס׳איז קיינעם קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו זוכן זיין ליטעראַרישן פּאַספּאָרט, אָפּוועגן זיין קינסטלערישן אָפּשפּאַר, אים צוטיילן אַ קאַרטל לויט צוגעשניטענע שרייבערישע פאַרדינסטן. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן האָט ער עניוותדיק געחתמעט. זיין אונטערשריפט האָט נישט געפילדערט, נאָר געזונגען און גלייך געוואָרן אַלעמענס. זיינע לידער זינגט מען שוין ווי פאָלקסגעזאַנגען און דאָס איז פאַר שמערקן די גרעסטע אנערקענונג. ער איז זיך צעגאַנגען אין יידישע הערצער און איז געוואָרן אַ פאָלקס־ליד.

אומעטום ווו ער איז געווען איז ער געוואָרן אַ באַוועגלעכער טייל פון יידישן לעבן, אין פאַריז ווי אין אַרגענטינע. אָבער דער צייכן פון זיין אַקטיוויטעט איז תמיד פאַרבליבן חברשאַפט. ישראל עפּרויקין האָט מיר אַמאָל דערקלערט, און מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט אין דעם זין געשריבן, אַז יידנטום איז נישט אַזוי אַ פאָלק ווי אַ משפחה. ביי שמערקן איז דאָס יידישע פאָלק געווען חברשאַפט. אָבער נישט אויף דעם דאָגמאַטיזירטן, הגם זייער סימפּאַטישן שטייגער פון די קווייקער־פריינט, נאָר אין דעם פשוטן טייטש פון וואָרט, פון דעם אַלטן כל ישראל חברים. די גאַנצע אַקטיוויטעט זיינע

האָט ער אַזוי אָנגעפּירט, אַריינגעצויגן יעדער איינעם, אין דער טיפער חבר־שאַפט פון יידישן פאָלק.

ביי דער טרויעריקער געלעגנהייט וויל איך זיך באַפרייען פון אַ מאָראַלישן חוב, וואָס איך האָב שמערקען קיינמאָל נישט אָפּגעצאָלט ביים לעבן. איך בין זיכער, אַז איך בין ניט געווען דער איינציקער אָנזעצער, וואָס איז געבליבן אַ בעל־חוב. ער האָט ליב געהאַט צו טאָן פאַר אַנדערע אַזוי אימפּעטיק און אַזוי ענערגיש, אַז ער האָט גאָר קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט צו קומען אויפמאָנען, און קיינער האָט אים ניט געקענט כאַפּן אין אַ מינוט, ווען מען האָט געקענט אַריינכאַפּן און אים אָפּצאָלן און אָפּדינען.

ווען ער איז געקומען צו אונדז צו גאַסט, צום ערשטן צונויפרוף פון קולטור־קאָנגרעס, האָב איך אים געזען בלויז געציילטע עטלעכע מאָל. ניו־יאָרק איז אַ ביטערע שטאָט. מיר, דאָ, האָבן ניט קיין קולטור־פריינטשאַפט. מיר זענען בלויז סוף־וואָך חברים, און די חברשאַפט ווערט קאַרג פאַרטיילט. אַ גאַנצע וואָך שלאָגט מען זיך אַרויס פון די כוחות און מען האָט ניט דעם כּוח זיך אָפּצושטעלן.

ווען איך בין מיט אַ פינף יאָר צוריק געפאָרן צום אינטערנאַציאָנאַלן פען־קאָנגרעס אין ווענעציע, האָב איך זיך צוויי מאָל, הין און קריק, צו עטלעכע טעג פאַרהאַלטן אין פאַריז, פון דער ערשטער מינוט וואָס איך בין אָנגעקומען אויפן לופט־פעלד, ביז צום מאָמענט ווען איך בין אָפּגעפאָרן, איז שמערקע געווען מיט מיר. ער האָט מיר, מיט ווונדערלעכער אויסגערעכנטקייט, אָראַנזשירט מיינע טעג און נעכט, זיי פּראָגראַמאַטיזירט, מיר איבערגעלאָזט פונקט אַזויפיל פּריוואַטקייט, וויפל אַ מענטש דאַרף האָבן אין אַ פרעמדער שטאָט, און מיר צוגעשטעלט ממש שעהנווייז, אַזויפיל לעבעדיקע, חברשע פאַראינטערעסירטקייט, וויפל אַ מענטש מעג האָבן אין דער פרעמד. דערביי האָט ער נאָך באַדאַרפט אויף מיר טראָגן אַ שטיקל פאַרדראָס פאַר מיינע קאַלטע וואָג־און מאָס ווערטער, וועגן זיינע געזאַמלטע „לידער פון די לאַגערן". איך האָב דעמאָלט זיך געשראָקן פאַר דעם אָנפאַל פון צופיל פאַלקסטימלעכקייט. כ׳האָב מורא געהאַט אַז מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט אַרויסראַטעווען פון דער קינסטלערישער פּרימיטיוויטעט, וואָס אונדזער תקופה האָט אויף אונדז אָנגעשיקט.

אָבער אין שמערקען איז ניט געווען צו באַמערקן קיין סימן פון פאַראיבל. ער האָט עס מיר קיינמאָל ניט פאַרגעוואָרפן, ניט מיין ניו־יאָרקישע פּרעמדקייט, ווען ער איז געווען ביי אונדז צו־גאַסט, און ניט מיין קריטיק. סיידן מען זאָל זאָגן, אַז זיין ווונדערלעכע וואַרעמקייט, וואָס ער האָט מיר געשאָנקען דורך די טעג און נעכט אין פאַריז, וואָס ער האָט בפירוש דיריגירט פאַר מיר ווי אַ געניטער כאָר־מייסטער — אַז אין אָט דער איבערגעבנקייט און גאַסטפריינטלעכקייט איז געלעגן דער פאָרוואָרף צו מיר, דאָס קוויטירן זיך מיט מיר פאַר מיין קילקייט.

ער איז געווען האַרט און אומקאָמפּראָמיסלעך, בלויז אין זיין קאַמף קעגן קאָמוניזם. ער האָט דערמיט אַביסל תשובה געטאָן פאַר אייגענער יוגנטלעכער פאַרבלאָנדזשעטקייט. שמערקע האָט קיינמאָל ניט געקענט זיין קיין זייטיקער. אים האָט דערפאַר פאַרדראָסן אויף דעם יוגנטלעכן ברען, וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, דורך עטלעכע יונגע יאָר. ער האָט עס געוואָלט צוריקכאַפּן, ער האָט עס זיך קיינמאָל ניט געקאָנט מוחל זיין. ווען ער האָט געזען ווי דער קאָמוניזם האָט פאַרטיליקט דאָס יידישע לעבן, צונישט געמאַכט די אַלע שיינע האָפענונגען, וואָס מען האָט פאַר די יידישע יונגעלייט געשפּרייט ווי נעצן, האָט ער אויסגעשריגן פון טיפסטן ווייטיק. ער האָט געהאַלטן אין איין וועקן און רופן, אַז מען טוט נאָך אַלץ ניט גענוג. אַפילו נאָכדעם, ווי מען האָט שוין דאָ ביי אונדז געהאַט געשריבן הונדערטער הייסע פּראָטעסט־ארטיקלען וועגן דער ליקווידאַציע פון די סאָוועטישע יידישע שרייבערס, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ לאַנגן אויפרוף און געפרעגט, פאַרוואָס ניו ־ יאָרקער יידישע שרייבערס שווייגן. ער האָט מסתמא געלייענט די אַלע ארטיקלען פון חברים, אָבער ער האָט אַלץ געוואָלט מער און נאָך מער, ווייל ער האָט געוואָלט אָנשרייען אויף זיך אַליין און זיך האַלטן אין איין מוסרן, הלמאי ער האָט זיך אַמאָל געלאָזט פאַרפירן פון די ערגסטע פאַרפירערס און באַגרעבערס פון יידישן לעבן.

אָבער אַ חוץ דער דאָזיקער פּאָליטישער מיסיע, וואָס ער האָט פאַר זיך באַשטימט, ווייל ס'איז געווען מער אַ תשובה וואָס ער האָט זיך אַליין אַרויסגעגעבן, אין זיין גרויסער מיסיע אין לעבן געווען — טיפע, ערלעכע און וואַרעמע חברשאַפט. ווען ער איז אַוועק פון אונדז, האָבן מיר ערשט דערשפּירט דעם שאַרפן שניט פון דער אַוועקגעפלויגענער, סימבאָלישער יוגנטלעכער חברשאַפט — אַוועקגעפלויגן ווי אַ גאָלדענע פאַווע, פון אַ באַנייט פאָלקס־ליד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינגען מיט יונג־ווילנע, אַרויס ריין פון אַלע מדורי גיהנום, פון אַלע נע־ונדס, און געקראַכט ערגעץ, אין די בערג נאָך מיט עטלעכע און צוואַנציק מענטשן, צווישן דער ווייך־שטאָט מענדאָזא און דער נייער היים זיינער, אין אַרגענטינע, ווו ס'איז אים באַשערט געווען צו לעבן בלויז עטלעכע יאָר.

**חיים גראַדע** (פאַרייניקטע שטאַטן)

# איך נפלו גבורים

ס'איז שוין אַריבער שבעה און שלושים זינט שמערקע קאַטשערגינסקי איז אַוועק פון אונדז און ער גייט מיר פון אומעטום אַנטקעגן. ער גייט ניט אַליין, ער פירט־מיט מיט זיך אַלע ווילנער גאַסן און די ווילנער יוגנט, וואָס האָט אים אַרומגערינגלט מיט צוואַנציק יאָר צוריק. ער גייט מיר אַנט־קעגן און אים באַגלייטן די חורבות פון דער ווילנער געטאָ מיט צען יאָר צוריק. אים באַגלייטן פאַרטיזאַנער פון די וועלדער, באַוואָפנטע מיט ביקסן. ער גייט צווישן הויכע ווענט פון ספרים און צווישן שטויסן ביכער, וואָס ער האָט מיט זיינע אייגענע הענט צונויפגעזאַמלט אין דער חרובער אויסגע־הרגעטער און אויסגערויבטער ווילנער געטאָ. איך זע אים אָנפירן מיט אַ קינדער־כאָר אין לאָדזש, און איך זע אים ריידן אין די חלוצישע קיבוצים אין אַלע שטעט פון פוילן. איך זע זיך גיין מיט אים אינאיינעם אַקסל־ביי־אַקסל אויף דער לוויה פון די קרבנות בעת דעם קעלצער פּאָגראָם. איך זע אים זינגען אין די פּליטים־לאַגערן אין דייטשלאַנד. איך זע אים טרייסטן די פּליטים אין אַן אָרעמער קיך אין פּאַריז. איך זע אים פּלאָטערן אין די באַלויכטענע זאַלן אויפן ציון־קאָנגרעס אין באַזעל. שמערקע גייט און אים באַגלייטן אַ ים פון פּנימער און אויגן; פּנימער און אויגן פון טויזנטער און טויזנטער יידן, וואָס האָבן אים געהערט מיט ליבשאַפט אין פּאַריז, אין ישראל, אין אַלע לענדער פון דרום־אַמעריקע און אין אַלע שטעט פון צפון־אַמעריקע.

ער האָט אָפּגעלעבט זיין יונג־פאַרשניטן לעבן מיט געזאַנג, אין חבר־שאַפט, בויענדיק, שאַפנדיק, קעמפנדיק. ער האָט גערעדט און געזונגען אויף דער שפּראַך פון אונדזער אָרעמער ווילנער גאַס. ער האָט געהאַט די ווער־טער, דעם ניגון און דעם בטחון פון פאָלק, און זיינע לידער זענען גלייך געוואָרן פאָלקס־לידער. ער האָט געשטאַמט פון די פאָלקס־מאַסן, געלעבט מיטן פאָלק — און זיך פאַרגעסן אין פאָלק. ער איז געבליבן יונג אין גע־טאָ, אין וואַלד, אין אַלע טויט־געפאַרן, אין אַלע אַנטוישונגען — און ווען ער, די פאַרקערפּערטע יונגשאַפט איז אַוועק פון אונדז, איז אויך אין אונדז אויסגעלאָשן געוואָרן די לעצטע פונקען פון אונדזער אייגענער יונגשאַפט. איצט זענען מיר, אַלע זיינע חברים, זקנים.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז אין ניו־יאָרק פאָרגעקומען אַ פייערונג

פון פען־קלוב לכבוד 50 יאָר יידישע ליטעראַטור. איך האָב דעמאָלט גע־רעדט וועגן „יונג־ווילנע", און וועגן שמערקען, דעם נערוו פון יונג־ווילנע. וויל איך איצט איבערזאָגן אַ פּאָר זאַצן פון דעם וואָס איך האָב דעמאָלט געזאָגט וועגן לעבעדיקן קאַטשערגינסקין.

„ווער האָט עס אין קאַטשערגינסקין, וואָס האָט זיך קינדווייז געוואַל־גערט אין תלמוד־תורהס, איינגעפּלאַנצט די ליבשאַפט צו דער יידישער קול־טור אַזוי שטאַרק, אַז ווען ער איז אַרויס פון וואַלד מיט אַ מאַשין־ביקס אין דער האַנט איז זיין ערשטער געדאַנק געווען צו לויפן צונויפקלייבן די ספרים און די ביכער, וואָס זענען געבליבן פון ביבליאָטעקן און קלויזן? נאָר אין דער פראַגע ליגט שוין דער ענטפער. טאַקע דערפאַר ווייל קאַטשערגינסקי איז געווען אַ קינד פון ווילנער אָרעמקייט, אַ יתום וואָס איז ממש איבערגע־בליבן אויפן ברוק, און ער וואָלט פאַרפאַלן געוואָרן אין פאַרוואָרלאָזטקייט און דלות, ווי אַנדערע קינדער פון זיין גלייכן, ווען ניט די יידישע קולטור שול, וואָס האָט אים אויפגעהויבן פון גאַס, אים אַרומגעוואַשן און אים גע־מאַכט פאַר אַ זעלבסשטענדיקן מענטשן — דערפאַר איז שמערקע געלאָפן ראַטעווען די יידישע קולטור, ווען זי איז געווען אין סכנה, ווי אַ לייבלע־כער זון זי געלאָפן ראַטעווען".

שמערקע טייערער, דו ביסט געווען אויף דער אַנדער זייט אָקעאַן ווען איך האָב וועגן דיר גערעדט אין אַ ניו־יאָרקער זאַל, דו האָסט דעמאָלט ניט געהערט מיינע ווערטער. אָבער היינט, ווען דו ביסט שוין אין ערגעץ ניטאָ, ניט אויף דער זייט ים, ניט אויף יענער זייט ים, ניט ביי דיינע חברים און אויך ניט ביי דיין פרוי און קינד — היינט ביסטו אומעטום דאָ. „שפתותיו דובבות בקבר", דיינע ליפּן שעפּטשען אין קבר ווען מען זינגט דיינע לידער. און איך מוז צו דיר ריידן, ריידן צו דיין גייסט.

שמערקע טייערער, ווי אַזוי האָסטו עס פאַרבלאָנדזשעט אַזוי ווייט, אַזש קיין אַרגענטינע אין די אַנדן־בערג? ווען דו האָסט פאַר דער מלחמה אַרומגעוואַנדערט מיט דיינע חברים אויף אויספלוגן אין ווילנער אומגעגנט און געזונגען לידער, האָסטו זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז דו, דער זינגער, וועסט אין דער זעלבער ווילנער אומגעגנט אַרומוואַנדערן אַ שטומער, פאַר־שטעלט פאַר אַ שטומען פויער, כדי זיך צו ראַטעווען פון היטלערס תליונים. ווען דו האָסט זיך אין ווילנער געטאָ און אין די רודניצקער וועלדער גע־ראַנגלט פאַר דיין לעבן, האָסטו זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז פון דייטש וועסטו ניצול ווערן, נאָר דער טויט וועט דיך דעריאָגן צווישן הימל און ערד ערגעץ־ווו אין די בערג פון אַרגענטינע, פליענדיק אַ יום־טובדיקער פון אַ דריטן סדר. אָבער ווו דו ביסט ניט געשטאָרבן, — ביסטו געשטאָרבן אין ווילנער געטאָ, און ווו דו ביסט ניט געפאַלן — ביסטו געפאַלן אויף פּאָ־נאַר, דאָרט ווו עס איז דער קבר פון אַלע ווילנער יידן. ווייל אין דיין האַרץ און זכרון האָסטו זיך קיינמאָל פון ווילנע ניט אָפּגעריסן. דיין לעצט בוך

„איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" האָסטו אויך אָנגערופן „די גרינע לעגענדע". איצט ביסטו אַליין שוין געוואָרן אַ העלדן־לעגענדע. דער טויט איז אַ שרעק־לעכער פּרוושטיין. אַמאָל נעמט ער אַוועק דעם מענטשן אינאיינעם מיט זיין נאָמען, אָפּטמאָל אַזאַ נאָמען וואָס האָט ביים לעבן שטאַרק געקלונגען. נאָר דיין נאָמען האָט דער טויט ניט געקענט אַוועקרויבן אינאיינעם מיט דיין גוף. דו האָסט געהאַט אין זיך אַזאַ ליכטיקייט, אַזאַ וואַרעמקייט, אַזוי פיל לעבן — וואָס לאָזט דיך ניט שטאַרבן. איך האָב ניט מיט וואָס צו טרייסטן דיין ווייב, מיין חברטע מערע, און דיין קינד, דיין ליבעלע, וואָס איז געווען די פרייד פון אַלע דיינע חברים. אונדזער אַלעמענס איינציקע טרייסט קען אפשר זיין בלויז אין דעם, וואָס דו ביסט ניט אומגעקומען מיט איבער צען יאָר צוריק אין ווילנער געטאָ, ווי אונדזער יונג־ווילנער חבר משה לעווין, און וואָס מען האָט דיך ניט פאַרשאַרט אַן עלנטן אין זאַמד אין רוסיש־אַזיאַטישן מדבר, ווי אונדזער חבר לייזער וואָלף. דו האָסט גע־לאָזט אַ יורש, און טויזנטער אַרגענטינער יידן — אינאיינעם מיט די פאַר־טרערטע אויגן פון דיינע פריינד אין דער גאַנצער וועלט — האָבן דיך באַ־גלייט צו דיין רומפולן קבר. דאָס איז אפשר אונדזער איינציקע טרייסט. מיר, דיינע חברים, באַקלאָגן דיך מיט די ווערטער וואָס דוד האָט באַקלאָגט זיין חבר יהונתן, וואָס איז געפאַלן אין די בערג פון גלבוע. ווי יהונתן האָט פון ליבשאַפט צו דודן אים אָפּגעטראָטן די מלוכה, אַזוי האָסטו אין דיין איבערגעגעבענער ליבשאַפט צו דיינע חברים ניט געוווסט פון קיין קנאה אין פרידלעכע צייטן; און אין טויט־געפאַר האָסטו אברהם סוצקעווערן אָפּ־געגעבן דיין רעוואָלווער, ווי ער אַליין האָט עס מיר דערציילט.

יהונתן על במותיך חלל! שמערקע ליגט אויף די בערג אַ דערשלאָגע־נער.

צר־לי עליך אחי יהונתן, נעמת לי מאוד... מיין האַרץ קלעמט אין מיר אויף דיר מיין ברודער שמערקע, דו ביסט מיר זייער טייער געווען.

איך נפלו גבורים ויאבדו כלי מלחמה!

משה גראָסמאַן (ישראל)

# שמערקע!

איז אויך דו, שמערקע, ביסט שוין געוואָרן צו זכרונות? דו, שמערקע, אין אַ שוואַרץ רעמל? און דאָס רעמל צעשפּרינגט נישט?

דעם 21סטן אַפּריל האָב איך באַקומען פון דיר, צו מיין יובל־שמחה, אַ באַגריסונג־בריוול. דו האָסט מיר געווונטשן אַ לאַנג לעבן. און מיטוואָך, דעם 28סטן אַפּריל, האָט דער צייטונג־טרעגער דורך די לאָדן־שפּאַלטן אַריינגעשטופּט פאַרטאָג דעם „דבר", און איך האָב דערזען אַ שוואַרץ רעמל מיטן נאָמען:

ש. קצ׳רגינסקי

בין איך ווי איבערגעשניטן געוואָרן אויף דער העלפט. אַ געשריי ווי אַ בליץ האָט אַ זעץ געטאָן אין מיין גוף. געריזלט און געריזלט, און זיך פאַרקווילט אין דער קעל. נישט געקאָנט אַרויס פון האַלדז —

שמערקע — טויט?!

מיינע אויגן זענען געוואָרן פאַרשרפּעט ביים לויפן מיט זיי איבער די ווייטערדיקע שורות —

קאַטאַסטראָפע מיטן אַוויאָן אין אַרגענטינע, 24 פּאַסאַזשירן און מאַנשאַפט אומגעקומען, צווישן זיי — דער באַקאַנטער שרייבער שמערקע קאַטשערגינסקי. —

אומגעקומען. שוין. שמערקע לעבט שוין נישט.

ווי גוט עס איז איר, מיין פרוי, זי קאָן יאָ וויינען און העשען.

ליידיקע מינוטן. אויסגעלאָשענע. פאַרפרוירענע. אַ פאַרקנוילטער יאָמער ליגט פאַראַליזירט אין דער קעל. שמערקע טויט?

באַלד געפאָרן קיין תל־אביב, אין דער רעדאַקציע „גאָלדענע קייט", זען נאָך איינעם פון זיינע נאָענטסטע, פון די סאַמע נאָענטסטע — סוצקעווערן. וועל איך אים קאָנען קוקן אין די אויגן אַריין? און ער מיר? אפשר איז שוין ערגעץ פאַראַן אַ הכחשה אַז ס׳איז געשען אַ טעות? ער לעבט, פּונקט ווי העמינגווייי?

סוצקעווער איז נישטאָ. ער מוז אוודאי זיין אין דער היים, באַרואיקן

זיין פרוי פרידע — זי איז דאָך מיט שמערקען אַזוי פאַרקרובישט, האַרץ־נאָענט.

מ׳וואַרט אויף אַן אַפּלייקענונג. שעהן. שוין טעג. נישטאָ קיין שום צו־גאָב־אויפקלערונג. די האַנט לייגט זיך נישט אַנצופרעגן טעלעגראַפיש ביי מערין. און אוודאי לייגט זי זיך נישט אויף שרייבן אַ נעקראָלאָג. ערשט היינט, די טעלעגראַמע פון די שרייבער־קאָלעגן אין בוענאָס־איירעס האָט די האָפענונג־ספקות איבערגעשניטן.

אַצינד דאַרף מען רייסן קריעה און אָנשרייבן עטלעכע ווערטער וועגן שמערקען.

מיין ליבער שמערקע,

נעם צו פון מיר מיין לעצט בריוול צו דיר, כאָטש דו ביסט שוין טויט און איך לעב. דו האָסט דאָך מיר געוווּנטשן אַ לאַנג לעבן.

איך בין תמיד חולהוואַטע און דו ביסט — ביסט געווען — תמיד אַ געזונטער, קערנדיקער, אַ פרישער. איז אַט — אַזוי גאָר דער חשבון? — ביסטו שוין נישט צווישן די לעבעדיקע.

איז לאָמיר שמועסן אַביסל זכרונות.

געדענקסט ווען מיר האָבן זיך באַקענט? אין וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַריין, מיט וואָסערע 22 יאָר צוריק. דערנאָך האָבן מיר זיך באַגעגנט, אין יאָר 1935, אין ווילנע, אויפן ייוואָ־קאָנגרעס. מיר זענען דעמאָלט אַוועק צו איינעם פון די קאָלעגן פון יונג־ווילנע, צו וואָגלערן, דאַכט זיך, ערגעץ אויף אַ דאַך־שטיבל. דו ביסט געווען דער אָנפירער פון „יונג־ווילנע״.

אַז דו ביסט געגאַנגען איבערן גאַס, האָבן זיך נישט נאָר באַגריסט מיט דיר ס׳רוב דורכגייער, נאָר עס זענען אויך, דאַכט זיך, מיטגעלאָפן די שטיי־נער, די איינצלנע ביימלעך פון די טראָטואַרן, דער ווינט — אַלץ איז מיט דיר מיטגעגאַנגען. און די דורכגייער האָבן געשמייכלט. ביסט געווען אַ באַ־צירל פון פרייד און אָפּטימיזם. האָסט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט אוממיטל־באַרקייט, מיט פשטות.

מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן אין 1939 — 1940, אין ביאַליסטאָק. מיר זענען שוין דעמאָלט געווען גוטע פריינד, פאַרברידערטע. דאָס איז דאָך ביי דיר גאַנץ לייכט — מיט דיין ליבשאַפט צו טאָן טובות, אויפריכטיקייט, צוגעלאָזנקייט.

דאָך האָט מען שוין דאַן ניט אַלץ דערדערט צווישן זיך. האָסט מיר אפילו געזאָגט, בסוד (דו האָסט דווקא פיינד געהאַט סודות), אַז האָסט בדעה זיך צוריק אַריבערצוקריגן צו דיין ווילנע, זיך שמוגלען צו די ליט־ווינער, דאָך האָסטו שוין נישט אַלץ דערדערט, די אימה האָט שוין געלויערט פון די גאַסן־ווינקלען, זי איז שוין געלעגן אויף די מלבושים, געפּענטעט די טריט.

איך האָב דיך דעמאָלט שפּעט ביינאַכט צוגעפירט אויף קופּיעצקע גאַס,

(זי האָט שוין געהאַט באַקומען אַן אַנדערן, סאָוועטישן נאָמען, וועלכן איך געדענק ניט איצט) און מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דריי־פינטלדיקע ניט־דערזאָגענישן, אונטערקרעכצנדיק. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך גאָר דיך דערזען אין אַ רויטאַרמייאישן מונדיר, מאַרשירן אין דער ריי, מיט נאָך פּריש־מאָבּיליזירטע רויטאַרמייער, איבער די גאַסן פון ביאַליסטאָק. מיר האָבן זיך דערנאָך ווידער געטראָפן און געשמועסט. מיר האָבן שוין ביידע געפילט אַז עפּעס האָט אין אונדז געפּלאַצט, אַז עפּעס איז צעבראָכן געוואָרן אַ טייערע זאַך — אַ גלויבן, אַן אידיי. אָבער מ׳האָט נאָך וועגן דעם בולט ניט גערעדט. דער מת איז נאָך געלעגן פּריש.

אונדזערע וועגן האָבן זיך גיך צעשיידט. איך — אויף פאַרשיקונג אין טורמע, דו האָסט זיך דערשלאָגן צוריק קיין ווילנע.

***

דעם ערשטן גרוס אויפסניי האָב איך פון דיר אָפּגענומען אין 1944—1945, בעת איך בין געזעסן אין לאַגער אין סאַמאַרקאַנד. מ׳האָט מיר גע־האַט אַריינגעשיקט צווישן עסן אַ מאָסקווער „איינִיקייט" (אויף אַריינבאַקו־מען אַ ציימונג — אַ סאָוועטישע פאַרשטייט זיך — האָט מען אויך באַ־דאַרפט אַ דערלויבעניש פון אינעווייניקסטן צענזאָר) און אין איר האָב איך געלייענט אַז שמערקע קאַטשערגינסקי איז באַשטימט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער מאַכט — אַלס דירעקטאָר פון ווילנער מוזיי.

איך האָב צו דיר געשריבן אַ בריוו און אָנגעפרעגט ביי דיר וועגן גורל פון מיין ברודער נחמן, וואָס איז געווען מלחמה־צייט אין ווילנע. כ׳האָב נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן אַז ער איז דערשאָסן געוואָרן אויף פּאָנאַר. דו האָסט באַלד געענטפערט, אָבער דער בריוו איז צו מיר קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

סוף 1945, באַלד נאָכן באַפרייט ווערן, האָב איך זיך דערשלאָגן ביז ווילנע. דאָרט באַקענט דיין מערי, דיך שוין ניט געטראָפן. ביסט שוין גע־ווען אין מאָסקווע. באַלד האָב איך דערהערט אַז האָסט דורך אַן אומוועג זיך דערשלאָגן קיין וואַרשע, ווו מיר האָבן אין אַ קורצער צייט אַרום זיך שוין געטראָפן.

***

אין די ערשטע חדשים פון 1946 אין לאָדזש, אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון ניי־געגרינדעטן יידישן ליטעראַטן־פאַריין.

דער סטיל, דער הולך, דער טאָן, אַלץ איז דעמאָלט געווען אין סאָוועט־טישן נוסח און כאַראַקטער, לפּחות האַלב־סאָוועטיש. אָבער אויף דער דאָזי־קער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער איך האָב אויפגעהויבן די

פראַגע ארץ־ישראל און גערעדט איבער איר. די דיסקוסיע האָט געדויערט בערך 12 שעה צייט; די רייד מיינע זענען שוין ניט געווען קיין מונדירטע, אוניפאָרמירטע, אָבער דאָך נאָך טיילווייז צענזורמעסיק. מיין טאָן האָט אונ־טערגעהאַלטן, דאַכט זיך, נאָר איין אהרן וואהל (ער איז שפּעטער אַרעס־טירט און ליקווידירט געוואָרן). אָבער פלוצים האָט עס אין דיינע אויגן, שמערקע, אַ בלינצל געטאָן דער שטאָל, אָט יענער שיקלדיקער שטאָלענער בלינצל וואָס זאָגט אָן שטורעם, געוואַגטקייט, דרייסטע, שאַרפע מעשים. דו האָסט מיט געפּרעסטער, ענערגישער רואיקייט דערקלערט:

— לאָמיר אויסוויקלען די זאַכן פון דער פאַרוויקלטער וואָטע: אין ראַטנפאַרבאַנד, צו וועלכן מיר אַלע האָבן אַזאַ וואַרעמע באַציאונג פאַר אירע פּאָזיטיווע מעשים און ווערטן — דאָרט ווערט די יידישע קולטור גע־שטופּט אין די אָרעמס פון פולשטענדיקער אַסימילאַציע! דייטלעכער: זי ווערט דאָרט סיסטעמאַטיש ליקווידירט! זי וועט שוין דאָרט, זעט אויס, קיינ־מאָל קיין קיום נישט האָבן! דאָס איז די פאַקטישע לאַגע, דאָס איז דער פאַקטישער, וואָרער אמת — ווי פּיינלעך ס׳זאָל אונדז נישט זיין! און מיר טאָרן דאָ, אויפן דאָזיקן וועג, נישט גיין!

מירסקי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַ זעץ געטאָן אין טיש מיט אַ קאָמיסאַרסקע געשריי:

— אַ געמיינקייט! מיר וועלן דאָ ניט דערלאָזן צו אַזעלכע רייד! דאָס איז, דאָס איז —

און ער האָט זיך פאַרהאַטשעט, שוין ניט געוואָלט אַרויסזאָגן וואָס דאָס איז אַזוינס לויט אים.

אַלעמען איז גוט געוואָרן אויפן האַרצן, אפילו די פּאָר געציילטע קאָמו־ניסטן, וועלכע האָבן באמת אַ באַציאונג צו יידישער קולטור, נאָר נישט גע־קאָנט עס אַרויסווייזן. אָבער עס האָט זיך צעשטורעמט. מירסקי האָט גע־פאָדערט צונעמען ביי קאַטשערגינסקין דאָס וואָרט (דעמאָלט געווען פונ־דעסטוועגן דער ליבעראַלער קורס פון דער אַלגעמיינער פאָלקסרעגירונג, מיט מיקאָלאַיטשיקן אין דער שפּיץ, און די „אובע" (ענקאַוועדע) האָט נאָך נישט דורכגעפירט קיין טאָטאַלע אַרעסטן). מירסקי האָט געפאָדערט אַז מיר זאָלן אָפּשטימען, אַז קאַטשערגינסקי טאָר ניט ווערן געוויילט אין דער פאַרוואַל־טונג. זיין פאָרשלאַג איז ניט געוואָרן אָפּגעשטימט.

דעם זעלביקן אָוונט נאָך האָב איך געזאָגט צו דיר:

— דיינע טריט דאָ וועלן זיין געפּענטעט. מען וועט דיר טרעטן אויף די פּיאַטעס און דיר באַצאָלן פאַר דיינע היינטיקע רייד. צי דיך ווייטער!

דיינע אויגן האָבן געענטפערט מיט אַ שטאָלענעם בלינצל. פאַרשטאַ־נען, אין אַ קורצער צייט אַרום ביסטו שוין געווען אין פּאַריז.

**
*

נאָך 9 חדשים זיין אין שוועדן, בין איך סעפּטעמבער 1947, אָנגעקו־מען קיין פּאַריז. איך שטוב פון מערי און שמערקע, אין אַ קליין בעטעלע, איז שוין געלעגן אַ האַלביאָריק מיידעלע — ליבעלע. אין פּאַריז איז דע־מאָלט געווען אַביסל חושכדיק. ניט נאָר דערפאַר ווייל די עלעקטרי איז דאַן געוואָרן איבערגעריסן אויף שעהן, און אַמאָל אויף טעג, קוילן און ברויט זענען געווען ראַציאָנירט און מ׳האָט אפילו באַדאַרפט שטיין אין ריי, נאָר דער עיקר אומעטיק און חושכדיק איז געווען דערפאַר, ווייל אומגעריכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס יידישע פּאַריז איז — קאָמוניזירט!

ווער פון אונדז, נאָך רוסלאַנד, האָט געגלויבט אַז ס׳זענען נאָך פאַראַן קאָמוניסטן אויף דער וועלט? מיר האָבן געמיינט אַז אַלע, פּונקט ווי מיר, ווייסן שוין דעם אמת.

די שרייבער האָבן זיך איינציקווייז אַריינגעצויגן אין אומהיימלעכן, טונקעלן און אומעטיקן קהלשן הויז — גי פּאַטען 9. פריער האָבן כמעט אַלע שרייבער נאָך טיילווייז קאָאָפּערירט מיט די קאָמוניסטן, געדרוקט אַלנפאַלס זייערע שאַפונגען אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע, אָבער גאָר אינגיכן איז גי פּאַטען 9 געוואָרן די פעסטונג פון קאַמף פאַרן אמת וועגן ראַטנפאַרבאַנד׳. דאָס איז דאָך דאַן געווען אונדזער הויפּט ציל אין לעבן: פאַר יעדן פּרייז אַנטפּלעקן, אויפדעקן אָט יענעם פאַרבאַרגענעם, פאַר־שלייערטן, באַצירטן און פאַרפּוצטן געשוויר. דו, ביסט געווען איינער צווישן די ערשטע אָנגרייפער. גאָרניט לייכט איז עס אונדז אָנגעקומען. אין יענער צייט פלעגט אָפט טרעפן אַז ס׳האָט פשוט אויסגעפעלט אין שטוב געלט אויף צו קויפן אַ ברויט, אַ מעדיקאַמענט. אָבער אין דער קאָמוניסטישער פּרעסע האָבן מיר פיגורירט ווי אַגענטן און שפּיאָנען פון וואָלסטריט, פון אַרבעטער־קאָמיטעט, לעאָ בלום און זייערסגלייכן... מ׳האָט באַבילבולט. גע־דענקסטו, שמערקע, אַ פאַרטראַג נאָכדעם ווי די קאָמוניסטן האָבן געהאַט איינגעאָרדנט אַן עפנטלעכן משפּט איבער די „יידישע קראַווטשענקאָס“ — האָט מען אויפצואָרגנס פאַרטאָג אויפגעריסן די טיר ביי מיר אין שטוב און אַריינגעוואָרפן אַ ציגל, צובאַגלייט מיט אַ געשריי. איך בין דעמאָלט געלעגן היץ־קראַנק צו־בעט. איך בין אַרויסגעלאָפן נאָכיאָגן דעם אָנפאַלער, אפילו געכאַפּט עפּעס אַ קיך־מכשיר אין האַנט. דער אָנפאַלער איז געווען אַ געלהאָריקער יונג, אַ קליינער קאָמוניסטישער פונקציאָנאַר. דו ביסט באַלד דערנאָך צו מיר אַריינגעקומען, מיך באַרואיקן, און האָסט געזאָגט צו מיר:

— איך וועל שוין אַכטונג געבן, ניט דערלאָזן דערצו, אגב קומט עס דיר, קומט עס מיר, קומט עס אונדז אַלעמען. יעדער מוז טייער באַצאָלן ביים קעמפן פאַר אַזאַ גרויסן אמת. אָבער די וועלט הייבט זיך שוין אָן

דערוויסן דעם אמת. דאָס דאַרף דיר זיין אַ טרייסט, אַ סאַטיספאַקציע! אָבער פּאַר אַזעלכע כוליגאַנישע אָנפאַלן וועל איך דיך דאָ שוין אָפּהיטן!

און דיינע אויגן האָבן געגעבן דעם באַקאַנטן שטאָלענעם בלינצל — און ס׳איז מיר לייכטער געוואָרן. ס׳איז מיר מיט דיר גוט געוואָרן. און האָסט אָנגעהויבן דעמאָלט, ביי מיין בעט, דערציילן עפּיזאָדן פון דיינע געטאָ־איבערלעבענישן און דיינע אויפטועונישן.

סעפּטעמבער 1948 זענען מיר געפלויגן מיט אַן אַוויאָן קיין ניו־יאָרק, צום וועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס. ניט לייכט איז עס אונדז אָנגעקומען. דו ביסט געווען צווישן די ערשטע און געציילטע וואָס האָבן דאָס דורכגעבראָכן, דורכגעפירט, אַז פון פּאַריז זאָלן פליען העכער אַ מנין שרייבער. דו האָסט אַלעמען געמונטערט אין אַוויאָן, ווען ער האָט זיך געוויגט אין אַ שטורעם, געווען אין סכנה, געפלויגן 12 שעה מערער ווי געוויינלעך (28 שעה).

דו, שמערקע, וואָס האָסט אַרויסגעגעבן אַזעלכע עטלעכע ווערטפולע, וויכטיקע און גוטע ביכער — דו ביסט דאָך געווען שרייבעריש אַזוי באַשיידן.

טאָמער האָב איך דיר אַמאָל געמאַכט אַ קאָמפּלימענט פאַר דיינס אַ געדרוקטער זאַך, אַ דערציילונג פון געטאָ, אָדער פּאַרטיזאַן־לעבן, האָסטו געענטפערט:

„וואָס פאַראַ שרייבער בין איך דאָס?״ —

האָסט דאָס אפילו געזאָגט אין פּאַריז צו יעקב גלאַטשטיינען, אין אָנוועזנהייט פון נאָך עטלעכע קאָלעגן. ער איז שוין גראָד ניט קיין לייכטער שבחים־מאַכער, פונדעסטוועגן האָט ער ערנסט און ווי פאַרלוירן דיר געענטפערט:

— חבר קאַטשערגינסקי, וואָס זענען דאָס פאַראַ רייד? איר זענט אַ פולבלוטיקער, פולווערטיקער שרייבער (אָדער בערך אַזוי).

אָנהייב 1950 זענען מיר געפאָרן אויף דער „נגבה״ פון מאַרסעל קיין ישראל. דו ביסט צוגעפאַלן צום לאַנד. ס׳איז יונג, אימפּעטיק, אין דיין סטיל. מ׳האָט דיך גוט אויפגענומען. האָסט געהאַלטן אַ רעפעראַט ביי די ווילנער. די קאָמוניסטן האָבן אַרויסגעלאָזט קעגן דיר פלוגבלעטלעך, געמאַכט אָבסטרוקציעס אויף דיין אָוונט — אָבער דיין אמת, דיין מענטשן־ליבשאַפט, דיין אוממיטלבאַרשאַפט, דיין פשטות, דיין געוואַגטשאַפט — האָט אַנטוואָפנט די איבערפאַלער.

ביסט צוריקגעפאָרן קיין פּאַריז, ביסט אַוועק קיין אַרגענטינע, ביסט געווען נאָכאַמאָל אין אַמעריקע — אָבער אומעטום ביסטו געווען נוצלעך, אומעטום האָט מען דיך אויפגענומען מיט ליבשאַפט, און אויך דו האָסט תמיד געדענקט אין יעדן פון דיינע פריינד, וואָס האָסט זיי געהאַט אַזויפיל. דיינע בריוולעך, דיינע אויפטועונישן, דיין חברישקייט, דיין גוטשאַפט, — דו, אַ קיילעכיקער יתום פון קינדוייז אָן, זיך געכאַוועט אין אַ יתומים־

היים, דיך, וואָס מ׳האָט צייטנווייז באַעוולט, פאַרוווּנדעט דיין גלויבשאַפט און צוטרוי צו מענטשן — דיך אויסגענוצט, ניט אָפּגעדאַנקט — אָבער דו, שמערקע, האָסט דיין גוט־גלויביקייט ניט געביטן. און גוט און ריכטיק האָס־טו געטאָן. זאָלן אַנדערע דיר שולדיק בלייבן — חובות פון דאַנקבאַרשאַפט, פון באַצאָלונג.

***

וויפיל מאָל האָבן מיר דאָ, דיינע נאָענטע קאָלעגן און פריינד, באַ־דויערט וואָס ביסט ניט אין ישראל. דער מצב פון יידיש־בוך, פון יידיש־שרייבער, און ממילא שוין פון יידיש גופא — וואָלט אוודאי אַנדערש אויס־געזען. דו, מיט דיין ענערגיע, איבערגעגעבנקייט, אַ יידיש־פאַרליבטער, וואָלסטו אַ סך אויפגעטאָן.

***

נו, מען רעדט אַלץ וועגן געזעלשאַפטלעכע ענינים, שרייבעריי, זכרו־נות־ברעקלעך — און דו, שמערקע מיינער, אונדזער שמערקע, איז ניטאָ מער! איז וועט דער טויט צוימען דיין ענערגיע? אויב דיין גוף — איז דיין נשמה פלאַטערט זיכער אַרום איצט אויף אַלע וועלט־קאָנטינענטן וווּ ס׳אָטעמט נאָר יידיש לעבן. און זי וועט זיכער וווינען אין אונדזערע הער־צער פון דיינע נאָענטסטע, וועלכע האָבן דיך ברידערלעך ליב. און ווי לאַנג ס׳וועט מיר נאָר זיין באַשערט צו זיין נאָך צווישן די לעבעדיקע, וועל איך תמיד, מיין ליבער שמערקע, זיין באַהאָפטן מיט דיין נשמה, דיך ליב האָבן, דיך געדענקען, ווייל דיך קאָן מען ניט ניט ליב האָבן, דיך קאָן מען ניט פאַרגעסן.

זיי געזעגנט, שמערקע, כ׳האָב שיעור ניט געוואָלט ענדיקן מיט „להת־ראות" — אָבער איך וועל דיך תמיד זען פאַר מיינע אויגן און דיך טראָגן אין מיין האַרץ.

און אייך, מערי און ליבעלע, וואָג איך גאָרניט צו טרייסטן, אָבער דאָך — זייט געטרייסט און געשטאַרקט!

13טער מאַי 1954, — ישראל.

י. ל. גרוזמאַן (אַרגענטינע)

# דער בן יקיר פון אונדזער ישוב

שמערקע קאַטשערגינסקיס טראַגישער סוף, האָט אונדז דערשיטערט, דערשלאָגן. ער איז געווען דער בן־יקיר אין אונדזער ישוב. ער האָט אַריינגע־בראַכט אין אים קאָליר, לעבן און דינאַמישקייט.

ער האָט געוועקט, געמונטערט און גערופן צו מעשים, ער איז געווען כולו קוועקזילבער. לעבעדיקער און ווירדיקער טאַט. זיין לעבנס־לוסט און לעבנס־פרייד האָט ער איינגעמויערט אין אַלע אונדזערע טואונגען און אַר־בעטן, און דער אָפּטימיזם פון זיין שאַפן האָט מחדש געווען אונדזער לעבן און עס באַפליגלט.

ער איז געפאַלן אין מיטן פלי, מיט צעשפּרייטע פליגל.

זיין מויל האָט קיינמאָל קיין לשון הרע נישט גערעדט און זיינע הענט האָבן רק גוטס געטאָן. ער איז געווען דער אב־הרחמים פאַר יעדן פליט, פאַר יעדן ליידנדיקן און נויטבאַדערפטיקן. ער איז געווען אַ האַרציקער און אי־בערגעגעבענער חבר און פריינד, און אַ געטרייער בויער פון אונדזער ישוב.

און ווען אַזאַ טייערער און האַרציקער חבר, פריינד און מיטבויער פון אונדזער לעבן ווערט פּלוצים אויף אַזאַ טראַגיש־משונהדיקן אופן אַוועקגע־ריסן פון אונדז —

איז דער בראָך גרויס און דער ווייטיק שאַרף און שניידנדיק ביז צום שטום ווערן...

זאָל־זשע אייביק רוען אויף אַלע אונדזערע טואונגען די פרייד פון זיין שאַפן, וואָס דאַרף פאַרגעזעצט ווערן דורך אונדז מיט טיפער ליבשאַפט און פעסטקייט, ווי ס'איז געווען די אייגנשאַפט זיינע, דער אינהאַלט פון דעם קורצן און דערהויבענעם לעבן, וואָס האָט געטראָגן דעם שטאָלצן און קלינגנ־דיקן נאָמען —

שמערקע קאַטשערגינסקי. תנצב״ה.

ליִיזער דאַמאַנקעוויטש (פֿראַנקרייך)

# געפֿאַלן אויף זיין פּאָסטן

מיטן שטראָם פֿון דער שארית-הפליטה, וואָס האָט געפֿלאָסן אין די יאָרן 45־1946 פֿון מזרח צו מערב, זענען אָנגעקומען נאָך פֿראַנקרייך אויך די שרידים פֿון יונג־ווילנע.

דריי זענען זיי געווען, אָנגעקומענע צוזאַמען אין אַ ווינטער טאָג פֿון יאָר 1946 נאָך פּאַריז: חיים גראַדע, אברהם סוצקעווער און שמערקע קאַטשערגינסקי. די נעמען און טיילווייז די לידער פֿון די ערשטע צוויי זענען מיר שוין געווען באַקאַנט פֿון אַ סך פֿריער, דער לעצטער איז פֿאַר מיר געווען אַן אומבאַקאַנטער נאָמען. דערווייל האָב איך אים געשאָנקען קרעדיט אין זכות פֿון זיינע חשובֿע צוויי חבֿרים, אָבער דער עיקר, אין זכות פֿון זיין אייגענער, סימפּאַטישער און אָנגענעמער אויסערלעכקייט.

די אויסערלעכקייט האָט נישט אָפּגענאַרט. דער דאָזיקער יונגער מענטש האָט הינטער דעם אייביקן שמייכעלע אויף די ליפּן און ווייכן אומגאַנג מיט מענטשן באַהאַלטן אַ רעזערוו פֿון ענערגיע, אַ דורשט צו טאַט, וואָס זענען דורך אַלע שבֿעה מדורי גיהנום פֿון געטאָ און אונטערגרונט נישט פֿאַרצערט געוואָרן, ווי אַלע דערפֿאַרונגען פֿון די חורבן־יאָרן וואָלטן נאָך געשטאַרקט זיין גלויבן אין די כּוחות פֿון זיין פֿאָלק, אין די כּוחות פֿון דער פֿאָלקס-קולטור פֿון וועלכער ער איז אַרויסגעוואַקסן און אין זיינע אייגענע כּוחות.

מיט דער ווילנער אָרעמקייט אַלס סבֿיבֿה פֿון די קינדער־יאָרן, מיט דער שטאָטישער תּלמוד־תּורה, אַלס מקור פֿון דערציאונג און בילדונג — שניידט ער זיך מיט אייגענער ענערגיע און מיט עקשנותדיקן ווילן אַליין אויס אַ וועג צו ליטעראַטור און פּאָעזיע. אין דער גרופּע פֿון יונג־ווילנע ווערט ער דער טרובאַדור פֿון דער אָרעמקייט. פֿאַר איר, פֿאַרוואַנדלט ער די קאַמפּס־לאָזונגען אין געזאַנג־לידער. אַ טייל פֿון זיי ווערן טאַקע דורך דער ווילנער אָרימקייט געזונגען ווי פֿאָלקס־לידער פֿון אַנאָנימע דיכטער.

פֿון די חשכותן פֿון די מאַלינעס און פֿון די פֿייערן פֿון געטאָ גייט ער אַרויס אַן איבערגעשמאָלצענער. ער ווייסט איצט אַז יידישע קולטור, יידישע פּאָעזיע מיינען מער ווי קאָניוקטור, וואָרצלען טיפֿער ווי סעזאָן־פּראַזעאָלאָגיע, אַפֿילו ווען די פֿראַזעאָלאָגיע פֿאַררופֿט זיך אויף רעוואָלוציע.

צו דער איבערשמעלצונג האָט אויך צוגעהאָלפֿן זיין אויפֿהאַלט אין

מאָסקווע אין לעצטן עטאַפּ פון דער וועלט־מלחמה, מיט וועלכער עס האָט זיך געענדיקט דער ערשטער עטאַפּ פון דער וואַנדער־עפּאָפּייע פון דיכטער־פּאַר־טיזאַן, און צוזאַמען מיט איר די אמונה אין די אויסלייז־מעגלעכקייטן פון דער סאָוועטישער רעוואָלוציע.

אָנגעקומען נאָך פּאַריז, רוט נישט שמערקע קאַטשערגינסקי. באַלד טרעט ער צו צו זאַמלען די צעשפּליטערטע כוחות פון די ביי־איינגעוואַנ־דערטע. ער אָרגאַניזירט די פּליטים־שרייבער, העלפט זיי ווערן אַ שעפערי־שער כוח פאַר זיך און פאַרן יידישן ישוב פון פּאַריז. נישטאָ קיין אַרבעט וואָס ער וועט זיך אָפּזאָגן צו טאָן פאַר דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אַז מען האָט געברויכט האָט ער געשריבן, אַז מען האָט געדאַרפט האָט ער גערעדט, און אַז מען האָט געדאַרפט האָט ער אפילו געזונגען, אַבי לעבן זאָל זיך שפּינען אַרום יידישן וואָרט.

אין דער תקופה פון פּאַריז פאַרעפנטלעכט ער פיר ביכער: „פּאַרטי־זאַנער גייען", אַ בוך זכרונות וועגן ווילנער געטאָ און אַ זאַמלונג לידער פון אומגעקומענע מחברים־דיכטער פון ווילנער געטאָ, געשאַפענע אין גע־טאָ גופא אויף דער טעמע פון אייגענעם אומקום. פון דער מאָסקווער דער־פאַרונג וואַקסט אַרויס אַ ביכל א"ב „צווישן האַמער און סערפּ", וואָס מאַכט קלאָר אַ סך אומקלאָרקייטן.

שמערקע — אַזוי פּשוט פּאַלקדיק, האָט ער ביי אַלע געהייסן — איז אָבער געווען קודם־כל אַ טוער. דאָס שרייבן אַליין איז ביי אים געווען גע־בונדן מיט טאָן, מיט פּראַקטישער עבודה. כאַראַקטעריסטיש איז טאַקע פאַר אים, אַז ער שרייבט „פאַר אַנדערע". אין זיין בוך „חורבן ווילנע" לאָזט ער דער עיקר פּלאַץ פאַר גבית עדות פון אַנדערע באַטייליקטע אין דער, אָדער יענער איבערלעבונג, דערמיט דערגרייכט ער צוויי צוועקן בכיוון זיך געשטעלטע: ער גיט דאָס וואָרט אַזוינע די וואָס קענען זיך עס שוין אַליין נישט נעמען און ער לאָזט באַשטעטיקן די פאַקטן פון פאַרשידענע זייטן. נעבן דער זאַמלונג פון גבית־עדותן פון ווילנער געטאָ איז פאַר אים אויך כאַ־ראַקטעריסטיש די זאַמלונג פון לידער פון באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע דיכ־טער, וואָס קענען אויך מער אַליין נישט קומען צום וואָרט.

ווען דער קינסטלעך־אויפגעשטעלטער יידישער קולטור־צענטער אין פּאַ־ריז, האָט זיך אָנגעהויבן איינקאָרטשען, זיך שרומפּן און צוריקציען צו זיין נאָרמאַלער פּראָפּאָרץ, איז שמערקע אַוועק נאָך אַרגענטינע פון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן די בשורה פון אַ געשטייגערטער אַקטיוויטעט אויפן גע־ביט פון יידישן קולטור־שאַפן, און פון אַ לעבן מער געבויט אויף די טראַ־דיציעס פון דער אַלטער היים. זיין ערשטע פּראַקטישע אַרבעט אין דער נייער היים איז געווען אַריבערצוברענגען אַהין אַ גרופּע קאָלעגן פון פּאַריז מיט זייערע משפּחות און דערמיט זיי געבן מעגלעכקייטן צו אַנטוויקלען זייער שעפערישע ענערגיע.

דער טויט וואָס האָט אים נישט געקענט בייקומען נישט אין געטאָ און נישט אין אונטערערד, נישט אַלס ווידערשטענדלער און נישט אַלס פּאַרטי־זאַנער האָט אים געפּאַקט צווישן הימל און ערד און דאָרט אים איבערגע־האַקט די פליגלען.

די צען יאָר מיט וועלכע שמערקע האָט איבערגעלעבט דעם חורבן זע־נען נישט געגאַנגען לאיבוד, ער האָט זיי אויסגעפילט מיט אַ גוטן אינהאַלט פאַר זיך און פאַרן יידישן ציבור.

זיין טויט אויפן וועג פון איינער פון זיינע מיסיעס האָט געהייליקט און באַשטעטיקט זיין לעבן.

מיר וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ד״ר מ. דוואָרזשעצקי (ישראל)

# דער קעמפער, דער זינגער, דער זאַמלער...

דער טויט פון ש. קאַטשערגינסקי איז געקומען אַזוי גרויזאַם, אַזוי אומדערוואַרטעט, און אַזוי „ניט לאָגיש", ניט האַרמאָניש, צום גאַנצן טעמפּאָ פון קאַטשערגינסקיס לעבן, צו דעם אימפּעט פון זיין לעבן.

פון אַלע שרייבער, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָכן חורבן פון איי־ראָפּע, נאָך געטאָס, לאַגערן און וועלדער — ווי אויך נאָך אַלע אַנדערע פאָרמען פון יידישן אומקום און נע־ונד אין איירָאָפּע בשעת דער לעצטער וועלט־מלחמה — האָט ער זיך ממש אויסגעצייכנט מיט זיין וויטאַליטעט, מיט זיין דינאַמישקייט, מיט זיינע פּלענער און אונטערנעמונגס־גייסט. ער איז געווען אַ ברויזנדיקער רעזערוואַר פון טעטיקייטן; און וואָס איז מוכן ומזומן אָנגעצונדן צו ווערן — צו אַלץ נייערע און נייערע טעטיקייטן, אי־ניציאַטיוון און אונטערנעמונגען.

כ׳האָב אים געקענט פון זיינע יינגסטע יאָרן. כ׳האָב געוווינט אין ווילנע אויף סובאַטש גאַס, טיר קעגן טיר פון אַ ליטאָגראַפיע „אייזנשטאַט". דאָרטן פלעג איך אים אָפט זען; דאָרטן האָט ער געלערנט זיך — אָדער געאַרבעט אַלס ליטאָגראַף; דאָרטן האָב איך געטראָפן זיין נאָמען אויף יוגנט־זשורנאַלן, וואָס ער איז געווען זייער איניציאַטאָר און נשמה חיה.

דאָרט, אויף די שטיינער פון יענער ליטאָגראַפיע, האָבן זיך צונויפ־געשטויסן צוויי יונג־ווילנעס; איינע פון זיי, וואָס איז געבליבן מיטן נאָמען „יונג־ווילנע" און וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ גאַנצן דור פון יונגע שרייבער און דיכטער אין יידיש — און דער גורל האָט זיי שפּעטער צעוואַגלט און צעשפּרייט איבער די וויטסטע שטחים פון וועלט־קוגל, פון סאָוועט־רוסלאַנד ביז אַמעריקע, און האָט זיי פאַרוואָגלט אין געטאָס און וועלדער; און אַ צווייטע — וואָס האָט פון זיך אַרויסגעגעבן אַ דור יונגע שרייבער אין העברעאיש, און וואָס זייער גורל און רצון האָט דעם רוב פון זיי שפּעטער צונויפגעזאַמלט אין ארץ ישראל און זיי פאַרשפּרייט דאָרט אין קיבוץ און מושב, אין שטאָט און דאָרף, ביי פאַרשיידנסטע פאַכן און אַרבעטן.

און שפּעטער האָב איך געהערט אַז שמערקע איז דער מחבר פון „טאַ־טעס מאַמעס קינדערלעך גייען אויף באַריקאַדן" — וואָס איז אַזוי געזונגען געוואָרן דורך דער יידישער אַרבעטער־יוגנט אין פּוילן.

און שפּעטער, ווען עס האָבן אין ווילנע געפּלאַטערט מלוכהדיק די רויטע פענער — האָב איך אים געזען אַזוי צעיומטובט, אַזוי צעפּריידיקט, אַזוי צעזונגען און צעפלאַקערט — אויף אויטאָס מיט יונגע אַרטיסטן און וואָרטקינסטלער — וואָס האָבן פון שטאָט צו שטאָט באַזונגען די שבחים פון דער מלכה רעוואָלוציע — ביז עס איז געקומען פאַר אַ סך פון זיי די שעה פון פלוצומדיקן שטום־ווערן — אָדער די שעה פון פאַרטרויערטער אַנטוישונג פון דער ווירקלעכקייט, וואָס איז געווען אַזוי ווייט פון חלום.

און שפּעטער האָב איך אים געטראָפן אין גע טאָ — פאַרהאָרעוועט, פאַרמאַטערט און צעבראָכן, אַזוי ווי אַלע — און אָן אַ אויסקוק צום לעבן, אַזוי ווי אַלע — און אָן אַ שטיקל ברויט, און אָן אַ קאַרטאָפל, אַזוי ווי אַלע — און געמוזט זיך אויסבאַהאַלטן, אַזוי ווי אַלע; און בלאָנדזשען אַ שטומער אויף ווילנער גאַסן, און אומגיין אַ פאַרשטעלטער — און דורכוואַרטן, אפשר וועט אַריבערגיין דער ווילדער מאוויימדיקער שטורעם. און שפּעטער האָב איך אים ווידער געזען אין געטאָ; עפּעס געקומען צו זיך; און אַרבעט ביי די בימער; און גייט אין שטאָט אויסערן געטאָ, און קומט צוריק; און שרייבט לידער; און פירט אָן יוגנט — אין יוגנט־קלוב; און ברויזט ווידער מיט לעבן און אימפּעט.

און שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן צו זינגען אין געטאָ אַ ליד: „שטילער, שטילער קברים וואַקסן דאָ". און קינד און קייט האָט עס געזונגען. ווער האָט עס פאַרפאַסט? — שמערקע קאַטשערגינסקי.

און שפּעטער האָט יוגנט געזונגען אין געטאָ אַ ליד: „יונג איז יעדער, יעדער ווער עס וויל נאָר!" — און ס'האָט געמוטיקט, און ס'האָט געגעבן אַזויפיל האָפענונגען. ווער האָט עס פאַרפאַסט? — שמערקע קאַטשערגינסקי.

אין יענע טעג האָב איך איינמאָל באַגעגנט שמערקען אין געטאָ. — איך גיי אַרויס אויסערן געטאָ יעדן טאָג, אפשר ברענגען פאַר דיר עפּעס? — ברענג מיר אַ תנ"ך!

און אין אַ פּאָר טעג אַרום, שמערקע איז דאָ מיטן תנ'ך, וואָס איז אַריינגעגנבעט געוואָרן פון אויסערן געטאָ. (און ווען שמערקע איז געווען מיט אייניקע יאָר צוריק אין ישראל, פרעגט ער מיך: — געדענקסט דעם תנ"ך, וואָס איך האָב פאַר דיר אַריינגעגנבעט? און כ'האָב זיך דאָן דערמאָנט די דאָזיקע פּאַסירונג, וואָס איז אַזוי ווי פאַרשוווּנדן געוואָרן פון זכרון אין המונים פון אַזוי גרויליקע זכרונות פון יענע מאוויימדיקע טעג).

און אָט זענען אַוועק אַ פּאָר יאָר, בלוטיקע יאָרן פון קאַצעטן אין עסטלאַנד און דייטשלאַנד; און דער גורל האָט מיך געבראַכט קיין פּאַריז; און ידיעות דערגייען: שמערקע איז געראַטעוועט! ער איז אין רוסלאַנד! אין ווילנע! אין פּוילן! ער קומט קיין פּאַריז!

און דאָ טרעט ער אויף אויף פּליטים־פאַרזאַמלונגען. און דערציילט. און זינגט. און מאַכט זינגען. און שרייבט. און פאַרשרייבט. און דאָקומענטירט.

און זאַמלט. און אָט דערשיינט אַ זאַמלונג פון אַלע ווילנער געַ־טאָ־לידער, אַרויסגעגעבן דורך שמערקען, מיטן נאָטן (די ווילנער געטאָ־לי־דער וועלן שוין ניט פאַרשווונדן ווערן פון פאָלקס זכרון!). און אָט דערשיינט אין אַמעריקע אַן אַלגעמיינע זאַמלונג פון אַלע געטאָ־לידער, ארויסגעגעבן דורך קאַטשערגינסקי (די אַלע לידער וועלן שוין ניט פאַרגעסן ווערן פון יידישן זכרון!). און אָט דערשיינט זיין בוך „חורבן ווילנע" מיט אַזויפיל פּרטים פון גרויסן חורבן פון ירושלים דליטא און פון די שטעטעלעך אַרום איר, און מיט אַזויפיל טרויער־דאַטן. און אָט דאָס בוך „פּאַרטיזאַנער גייען". און אָט, אָט דאָס בוך: „די גרינע לעגענדע" (איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן). וויפל הייליקן ציטער האָט ער אריינגעבראַכט אין די דאָזיקע זאַמלונגען.

די געטאָ־לידער. וויפל מאָל פלעגט דורכלויפן אַ געדאַנק: דאַרף מען טאַקע עס אַזוי אָפּהיטן אַלע געטאָ־לידער, אַפילו די שוואַכע, די אומבאַהאָלפענע, די ניט געטאָקטע, די רויע? ווייזט זיך אַרויס, אַז יאָ, אומבאַדינגט, יאָ. און ערשט איצט, אַז דו לייענסט ווידער די געטאָ־לידער, ערשט איצט זעסטו וויפל געפילן פון אונדזער יענער געטאָ־וועלט זענען איינגעזאַפּט אין די אַזוי אומבאַהאָלפענע ווערטער פון אַזויפיל אומבאַקאַנטע געטאָ־דיכטער, וואָס זייערע אינדיווידועלע דיכטונגען — זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן גיך און פלוצעם אין פאָלקסליד פון געטאָ.

די פּאַרטיזאַנער דערציילונגען, בכתב און בעל פה, אין די ביכער און אויף הונדערטער פאַרזאַמלונגען. אַמאָל פלעגט דורכ־לויפן אַ געדאַנק: וואָס עפּעס נאָר וועגן די פּאַרטיזאַנער? ס'איז דאָך געווען אַזאַ גרויס יידיש פאָלק פון אומגליקלעכע סתם יידן, סתם אומגעקומענע, שיינע, ליכטיקע אומגעקומענע יידן. דאַרף מען וועגן זיי ניט געדענקען? ניט דערמאָנען? אָבער קאַטשערגינסקי האָט געשפּירט אין זיך אַ רוף צו פאַר־אייביקן די יידישע העראָאיק פון די געטאָס. אַז מען ווייס דאָך וועגן איר גאָרניט, ממש גאָרניט! אַז אַלע מיינען דאָך — אַזוי בוכשטעבלעך: געפירט ווי שאָף צו דער שחיטה. דאַרף מען דורכבויערן די אויערן, דאַרף מען ממש טאָג־איין, טאָג־אויס עפענען די מוחות, זיי זאָלן כאָטש עפּעס הערן, כאָטש עפּעס וויסן — וועגן דער גרינער לעגענדע פון יידישן פּאַרטיזאַנער.

קאַטשערגינסקי, יידישער פאָלקסמענטש פון ווילנע! געטאָ־מאַן פון ירושלים דליטא צווישן דראָט און מויערן־ דיכטער פון יידישער ליכטיקער אָרימקייט! באַזינגער פון יידישן קעמפער אין וואַלד! דו, וואָס דו האָסט אַזוי איינגעשנירלט געטאָ־ליד נאָך געטאָ־ליד אין אונדזער פאָלקס־זכרון, דו וואָס דו האָסט אַזוי הייליק געזאַמלט פּרט נאָך פּרט פון אונדזער אומקום — ווי גרויזאַם איז געווען דיין טויט, ווי אומדערוואַרט! פון אַזויפיל רוצחישע הענט זיך אויסגעגליטשט — און פון טראַגישן בלינדן פאַרפאַל זיך ניט אויסגעגליטשט!

ווי שווער איז צו מסכים זיין, אַז שמערקע, דער קוועקזילבער פון גע־טאָ, דער ברויזנדער און רוישנדער — איז ניטאָ — — — —

ברוך האגער (ארגענטינע)

# שמערקע קאַטשערגינסקי ע״ה

כ׳האָב די שורות וואָס שטייען ווייטער אָנגעשריבן צום לעבן (צום געזעגענען ש. קאַטשערגינסקין אויף זיין נסיעה קיין צפון־אַמעריקע, סוף 1953).

אָבער אַז ס׳האָט דער טויט אים ניט אַרויסגעלאָזט פון די נעגל, גע־טראָגן אים אויף זיינע שרפהדיקע פליגל איבער פייער און פלאַם, אָפּצו־היטן אים פאַר אַ יחידישן אומקום — דורך פייער און פלאַם!

***

שמערקע קאַטשערגינסקי הייסט אויפן אמתן נאָמען שמריה. אַ נאָמען כמעט מיט די אייגענע אותיות וואָס „שמורה". און אויב מיר לייענען די „ר" ווי אַ „י", אַזוי ווי מיר האָבן זי אַרויסגערעדט אין אונדזערע היימען, איז עס דאָך דאָס אייגענע.

גורלדיקייט:

דער נאָמען פון אַ מענטשן, זאָגן אונדזערע חכמים, איז דער גורם פון זיין מהות און פון זיינע מעשים. און שמערקע קאַטשערגינסקיס נאָמען „שמריה" איז ווי אַ בלוט „שער־בלאַט", וואָס שפיגלט אים און דאָס שליחות אין זיין לעבן.

שמורה איז די טייטש אָפּגעהיט. און ש. קאַטשערגינסקי איז אַן אָפּ־היטער! ער היט זיין וואָרט — זיין צימצומדיק אַרויסגערעדט וואָרט; ער היט אָפּ געטריי זיינע התחיבותן אין זיינע כלל און יחידישע שליחותן.

און ווידער אַמאָל שפּיגלט זיין נאָמען די עובדה אין זיין לעבן: וואָרעם בשמורה באַקומט מען די מתנה, צו קענען מחדש זיין מיטן וואָרט וואָס מען לעבט איבער אין דמיון צו בפועל ממש.

ער האָט זי באַקומען, די דאָזיקע מתנה, און ער האָט מחדש געווען מיטן וואָרט, וואָס ער אַליין און טויזנטער מיט אים זענען איבערגעקומען מיט די רמ״ח אברים: ער דערציילט אַ קאַפּיטל פונעם באַחרית־הימים — דעם אומקום פונעם 1000 יעריקן מזרח־יידישקייט, מיט די מיליאָנען בעלי אמונה.

אויך האָט ער געהאַט די זכיה צו זיין פון די אויסדערווײלטע וואָס האָבן אויף זיך גענומען דעם הייליקן חוב, אָנצוגעמען זיך, מיט דער שווערד אין דער האַנט, פאַר דעם כבוד פון געפאַלן יידישקייט און צו ראַטעווען, וויפל מער, יידיש לעבן פון ביזידיקן טויט און פאַרדאַרב.

און ניט דאָס אַליין:

ש. קאַטשערגינסקי האָט אַ כוח אַריינצוברענגען מיושבדיקייט אין צייטן פון מענטשלעכער צעטומלעניש. מיושבדיקייט איז אויך אַן אופן פון אָפּהיטן.

א דאנק דעם כוח, זאָגט מען אויף אים, ס׳האָט, אין יאושדיקע מי־נוטן, אים געגליקט אָפּצוראַטעווען אַ סך חברים פונעם זיכערן טויט און אויפצוטאָן מעשים, איינשטעלערישע, וואָס קיינער, אַן אים, וואָלט ניט געווען געפּרוווט.

ער פאַרמאָגט די וואָג פון ישוב־הדעת, אַ רואיקייט אַזאַ, וואָס איז ביכולת אַריינצוברענגען אַ סדר אין אַ צייט פון צעטומלעניש.

**
*

ש. קאַטשערגינסקי איז פון די ערשטע טויבן וואָס זענען, נאָכן מבול, אַוועקגעפלויגן פון די נייע דעמאָקראַטישע נעסטן און געזוכט פרוכטיקע ערד, צו קענען אויפּסניי פאַרוואָרצלען המשך פון גוט יידישקייט.

לאַנג נאָך, צופאַר, ס׳האָט ווער איינגעשטעלט צו דערציילן — ס׳איז נאָך געווען היפּשלעך מיט סכנות — וואָס ס׳טוט זיך מיט יידן און יידיש־קייט, אין די מדינות, הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג, האָט ער אויפ־געהויבן הויך זיין קול און האָט דערציילט. ער האָט עס געטאָן מיט זיין גבורהשער, ניט בייצוקומענדיקער רואיקייט, מיט זיין ליטוואַקישער איינ־געשפּאַרטקייט:

„ס׳איז מיין חוב — מיין הייליקע שליחות״!

און ער האָט עס אויסגעפירט דאָס שליחות זיינס, געטריי, מיט זיין גאַנצער אמונה, געטראָגן עס, צעטרעטנדיק יעדע מניעה אויף זיין וועג, פון לאַנד צו לאַנד.

ער איז פון די ערשטע וואָס האָט דעם שפּאַלט אין דער כינעזישער מויער געמאַכט, ער האָט די פינצטערניש פונעם אייזערנעם פאָרהאַנג אַ דורכגעלויכטן:

מען האָט אָנגעהויבן זיך צו אים צוהערן און דערהערן.

אים, ליבע פריינט, זענען מיר, זיינע חברים פּליטים, שולדיק אַ גאַר באַזונדערן דאנק: ער מיט זיין מיושבדיקייט, מיט זיין ליטוואַקיש איינגע־שפּאַרטקייט, האָט ניט גערוט, ניט אויפגעהערט קלאַפּן אין אַלע טירן, ביז־לאַנג ער האָט נישט דערגרייכט — דערגרייכט צו זען אונדז דאָ, אין אַר־גענטינע״.

**
*

אַזוי איז ער געווען, דער שמערקע קאַטשערגינסקי ע״ה, דער געטרייער אָפּהיטער פון זיינע התחייבותן לגבי כלל און יחידישע שליחותן.

תנצב״ה

י. האָרן (אַרגענטינע)

# דריי מאָמענטן

## (פון שמערקעס ערשטע טעג אין בוענאָס איירעס)

דער באַשלוס פון קולטור־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס, אַראָפּצובריינגען שמערקע קאַטשערגינסקי מיט זיין פרוי און טעכטערל אין אַרגענטינע, האָט ביי פיל אויסגעזען צו געוואָגט.

דער קולטור־קאָנגרעס, וואָס האָט זיך נאָך דעמאָלט געפונען אין אַן איינצל־צימער האָט פאַרבעטן אַ שרייבער זיך צו באַזעצן און האָט געהאַט די אילוזיע, אַז ער וועט האָבן פון וואַנען צו לעבן אויך.

ביז שמערקע איז געקומען האָט געדויערט מער ווי אַ יאָר. אין דער דאָזיקער צייט איז די אַרבעט געוואַקסן און צוזאַמען מיט דעם דער פּלאַן, אַז יידישע שרייבער, וואָס זענען געווען אין פּאַריז זאָלן בוענאָס איירעס מאַכן פאַר זייער היים.

— זיי וועלן דאָך ניט האָבן, ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן?

— און ביי וואָס וועלן זיי פאַרדינען?

אַזוי האָבן געפרעגט די סאַמע נאָענטע. און סתם יידן האָבן דעם גאַנצן פּלאַן געהאַלטן פאַר אַן אַוואַנטורע...

שמערקע איז געווען די ערשטע „שוואַלב".

אין אַ קאַלטן פרימאָרגן האָט זיך אַ גרויסער עולם געלאָזט צום פּאָרט מקבל־פּנים זיין דעם שרייבער שמערקע קאַטשערגינסקי. איינצלנע האָבן אים געקענט פון ווילנע, אַ טייל פון ניו־יאָרק און יחידים פון פּאַריז. דער עולם וואָס איז געקומען אָפּוואַרטן קאַטשערגינסקין איז אָבער געוואַקסן. ביי דער שיף האָבן זיך צונויפגעזאַמלט הונדערטער מענטשן: שרייבער־ קולטור־טוער, וואָס האָבן געוואַרט מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

— ווער קומט עס צו פאָרן? — האָבן טייל באַאַמטע געפרעגט, זעענדיק אַזאַ גרויסן יידישן עולם.

— אַ יידישער שרייבער פון ווילנע, וואָס האָט געוווינט אַ פּאָר יאָר אין פּאַריז — האָבן איייניקע געענטפערט.

די שיפס־באַאַמטע האָבן עס אָבער ניט באַנומען, ווייל קיינער האָט זיך ניט אַריינגעלאָזט אין דערציילן די געשיכטע פון יידישן אומקום אין פּוילן, וואָס ווילנע איז פאַר אונדז געווען און אַז יידישע שרייבער האָבן געוואָלט

מאַכן זייער היים אין פּאַריז, ווייל דאָרט האָט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן אויפגיין אַ שטיקל יידיש לעבן און שפּעטער, האָט עס אָנגעהויבן ווערן שוואַכער, און די יידישע פּליטים, ווי די פּליטים־שרייבער און קינסטלער זענען זיך צעפאָרן כדי צו געפינען אַביסל רו.

— קאַטשערגינסקי! קאַטשערגינסקי! — האָבן פיל פון אָפּוואַרטנדיקן עולם געשריגן אויף דער שיף אַרויף.

ביים פּאַרענטש פון דעק איז געשטאַנען שמערקע, אַ נידעריקער מיט זיין ליבעלען אויף די הענט און געקוקט אויפן גרויסן עולם און דערקענט זיי'נע באַקענטע, זיין קרוב.

— אַזאַ קליינינקער.

— אַזאַ פּאַרדאַרטער, נעבעך.

— ער זאָל כאָטש אויסנעמען אין בוענאָס־איירעס.

אַזוי האָבן פיל געזאָגט, איינער צום אַנדערן.

ווי נאָר שמערקע איז אַראָפּ פון שיף און באַטראָטן אויף היגער ערד, איז אויפגעגאַנגען צו אים אַ טיפע ברידערלעכקייט, איז ער געוואָרן נאָענט, אייגן און באַליבט.

אין געציילטע טעג אַרום האָט אַ נייער ניגון, רירנדיקע סטראָפן פון לידער, פרעמדע און אייגענע, וואָס שמערקע האָט געבראַכט פון געטאָ, פון די וועלדער, פון ווילנע, זיך דערהערט אין יידישן בוענאָס־איירעס און די מחשבות וועגן צעבראָכנקייט און דערשלאָגנקייט זענען ווי פייגל אַוועקגע־פלויגן.

אין דער שטיל, צו אַ נאָענטן, האָט שמערקע געקאָנט זאָגן: „בראַטקע, ס'איז נישט גוט", אָבער מיט עולם האָט ער אויפגעלעבט, גערעדט, דער־ציילט איינגעזונגען און אַז מ'האָט זיך צעוואַרעמט האָט מען ווי חסידים זיך אַוועקגעלאָזט אַ ריקודל. שמערקע האָט געהאַט אין זיך ברי, געזאַנג און ענערגיע פון אַ סך ניט־דערלעבטע לעבנס.

***

שמערקעס ערשטע רעפעראַטן האָבן צוגעצויגן זייער אַ גרויסן עולם. פריינד און שונאים האָבן געוווסט וועגן קאַטשערגינסקי פון „יונג־ווילנע", האָבן געקאָנט זיינע אַ ריי לידער, געהאַט ביי זיך זיינע ביכער. איבער אַלעם האָבן אָבער געשמט זיינע לעבעדיקע גרוסן פון די ווילנער געטאָס, יידן אין די וועלדער און ווי יידן לעבן אין סאָוועט־רוסלאַנד. איי־דער שמערקע איז נאָך געקומען האָבן שונאים געטומלט, ווייל זיי האָבן גע־ווּסט, אַז זיינע גרוסן פון סאָוועט־רוסלאַנד וועלן דערגייען ווייט.

איך דערמאָן זיך זיין רעפעראַט אין „פּרינסיפּע". דער סאַלאָן איז אָנ־געפּראָפּט. אַ פּאָר טויזנט יידן האָבן זיך צוזאַמענגענומען כדי צו הערן אַ

לעבעדיקן גרוס וועגן „יידן אין די וועלדער". מיר איז צוגעטיילט געוואָרן צו דערפעפנען און אָנפירן מיטן אָוונט.

ווי נאָר כ'האָב געמאַכט דעם אַריינפיר און קאַטשערגינסקי האָט אָנגעהויבן ריידן האָב איך אַלס פאָרזיצער מער גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן. דער גאַנצער עולם האָט אויסגעהערט זיין רעפעראַט „יידן אין די וועלדער", ווי אַ גרוס פון אייגענע ברידער און שוועסטער.

מ'האָט שוין געהאַט זייער פיל געלייענט וועגן געטאָס, פּאַרטיזאַנער־קאַמפן און וועגן סאָוועט־רוסלאַנד, נאָר דאָ האָט מען צום ערשטן מאָל געהערט דאָס וואָרט פון איינעם, וואָס איז געווען אין סאַמע מיט.

שמערקע האָט אָנגערופן ווילנער גאַסן און געסלעך, נעמען פון יונגעלייט, וואָס האָבן געקעמפט אין די וועלדער און דערציילט ווי יידן האָבן נקמה גענומען אין די דייטשן; און אַז אין די וועלדער איז געווען לעבן און אין די געטאָס פאַרן אומקום האָבן יידן געזונגען, געשריבן, איז געווען טעאַטער, שולן, איז עולם געזעסן, געהערט און געוויינט.

געווען מאָמענטן ווען עס האָט זיך דערהערט אַ העשעריי אין סאַלאָן, ווען שמערקע האָט אָנגערופן נעמען פון יידישע שרייבער, לערער, אַרבעטער־טוער, וואָס זענען אומגעקומען. ווען ער האָט דערמאָנט זלמן רייזין, אַנאַ ראָזנטאַל, יאַנקל גערשטיין, י. טשערניכאָוו און דערציילט וועגן הירש גליק א"אַ, האָט זיך דער עולם אויפגעהויבן פון די ערטער און די ווערטער אויסגעהערט, ווי אַ תפילה.

נאָך דעם איז געקומען אַ שילדערונג פון סאָוועט־רוסלאַנד, ווו אַלץ וואָס איז געווען יידיש איז פאַרשטומט און אומגעבראַכט.

גערעדט האָט שמערקע אָן פייערווערק, אָן צעפלאַמטע ווערטער, נאָר געטיילט זיך מיט איינדרוקן פון דעם, וואָס ער האָט געזען אין מאָסקווע און אין אַנדערע שטעט, ווו ער האָט זיך באַגעגנט מיט יידן און קודם־כל מיט יידישע שרייבער, ווי זיי פילן זיך דערשלאָגן, אָפּגעריסן פון דער יידישער וועלט און ווי זייערע הערצער זענען פול מיט פיין. פון שמערקעס רייד איז קלאָר געוואָרן, אַז יידישע שרייבער האָבן שוין דעמאָלט געלעבט אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווי מאַראַנען...

אין דער יידישער וועלט האָט מען זיך נאָך ניט געהאַט באַפרייט פון דעם, אַז ווען ניט סאָוועט־רוסלאַנד וואָלטן יידן אומגעקומען און דאָ איז געקומען אַ יידישער שרייבער, וואָס איז געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד און שילדערט פאַר אונדז דעם חורבן פון יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און ווי יידן, וואָס האָבן געשטאַמט פון פוילן האָבן זיך געריסן צו אַנטלויפן פון סאָוועט־רוסלאַנד.

יענער רעפעראַט, וואָס שמערקע קאַטשערגינסקי האָט געהאַלטן אין „פרינסיפּע" איז ברייט צעטראָגן געוואָרן און מ'האָט וועגן שמערקעס גריסן גערעדט אַ סך טעג.



ש. קאַטשערגינסקי און אבא קאָוונער באַלד נאָך דער מלחמה, אין ווילנע, 1944.

**
*

ביים קבלת־פּנים־אַקט, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין טעאַטער „סאַלעיל" האָט שמערקע אין זיין שלוס־וואָרט צווישן אַנדערס אַרויסגעבראַכט, אַז אים ווייזט אויס דאָס עס גייט דאָ אויף אַ שטיק ווילנע.

בוענאָס־איירעס און ווילנע.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער זאַג האָט ביי פֿיל אַ גלעט געטאָן דאָס געמיט. אייניקע האָבן אָבער אָנגעוויזן, אַז ערשטנס, קומט עס, ווייל דער גאַסט איז נאָך „גרין". צווייטנס, אַזוי פֿאַרלאַנגט דער נוסח פֿון אָפּענטפֿערן אויף דעם פֿיין־צוגעגרייטן קבלת־פּנים.

שמערקע האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס, אַז ער פֿילט אין היגן לעבן און אין אונדזער סביבה עפּעס פֿון דעם, וואָס ער האָט געפֿילט אין זיין ווילנע. דעם פֿאַרגלייך ווילנע — בוענאָס איירעס האָבן דערנאָך אונטער־געהאַלטן אייניקע שרייבער און קולטור־טוער.

געוויס, איז נאָך בוענאָס איירעס אַלס יידישע שטאָט גענוג יונג, אַז זי זאָל שוין קאָנען פּרעטענדירן צו זיין אַ יידישער צענטער, מיט אַן אייגע־נעם נוסח און דערצו ווילנע. איז דאָך ערשט צום ערשטן מאָל אין 1914, געזאָגט געוואָרן (פֿון פּרץ הירשביין) „און דאָך איז בוענאָס איירעס אַ יידי־שער ישוב".

אויב שמערקע, וואָס איז דאָן געווען אַ נאָר־וואָס געקומענער, נאָך אַזוי־פֿיל עינויים, האָט דערפֿילט אין בוענאָס־איירעסער יידישקייט עפּעס פֿון ווילנע, זאָל עס פֿאַרשריבן ווערן אינעם בוך, וואָס איז אַן אָפּשאַצונג פֿון זיין לעבן און שאַפֿן.

אַן אַנדער פֿראַגע איז צי לאָזן זיך די זאַכן אויסמעסטן און פֿעסט־שטעלן. פֿאַרגלייכן וועגן יידישע קולטור־צענטערן ווערן אָבער ניט גע־בוירן סתם אַזוי.

שמערקע, וואָס איז געווען אַ טייל פֿון „יונג־ווילנע" און וואָס האָט באַזוכט צפֿון־אַמעריקע, געווען אין סאָוועט־רוסלאַנד, פֿאַרבראַכט אַ צייט אין מדינת־ישראל, באַזוכט פּוילן נאָך דער צווייטער מלחמה, געוווינט אין פּאַריז און זיך געקומען באַזעצן אין בוענאָס איירעס, האָט געהאַט אַ פֿאַר־וואָס אַרויסצוברענגען פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט, אַז אים ווייזט זיך אויס, אַז בוענאָס־איירעס פֿאַרמאָגט אַ שטיק פֿון יידישע ווילנע.

און אויב ס'איז נאָך ניט אַזוי, לאָמיר שטרעבן, אַז דאָס יידישע בוע־נאָס־איירעס זאָל זוכה זיין צו ווערן אַ טייל פֿון יידישן ווילנע און דאָס, וועט אויך זיין אַן אָנדענק אין דעם האַרציקן, לעבנסלוסטיקן שעפֿערישן שמערקע קאַטשערגינסקי וועמענס לעבן עס איז יונג און אַזוי טראַגיש אי־בערגעריסן געוואָרן.

מ. וואַלדמאַן (פראַנקרייך)

# טראַגיש אומגעקומענער חבר...

איך זיץ אין דער נאַכט אַליין און וואַרט.

— אויף וואָס וואַרט איך? — — —

אַלע אין שטוב שלאָפן. די קינדער, וואָס האָבן דיך אויך געקענט — שלאָפן רואיק, נאָר מיין פרוי וואָס פילט מיין אומרו, איר שלאָף איז ניט קיין רואיקער. איז זי דאָך פול מיט צער צוליב דיר.

שווער זענען מיר געטראָפן. אַלעמען, יעדן ייד וואָס איך האָב היינט באַגעגנט אין דער שטאָט, איז געווען מיט צער איבערגענומען צוליב דיין טויט.

טראַגיש אומגעקומענער חבר — ס׳איז אַזוי שווער דיך פאַרבינדן מיטן טויט.

אָט ערשט האָבן מיר דיך געהערט, געזען, געפרייט זיך צוזאַמען.

און — אָט ביסטו שוין ווייט און מיר הערן נאָר פון דיר.

און — — —

אָבער דאָס בילד מיטן אַעראָפּלאַן איז אַ שוידערלעכס... שווער עפּעס צו דערזען און שווער תופס צו זיין, וואָס דאָרט קומט פאָר. עפּעס האָט זיך דאָרט אויסגעמישט — ערד מיט הימל; באַרג מיט וואַלד און מיט תהום צוזאַמען; לעבן מיט טויט אין איין קנויל...

און שוין? — אַלץ איז טאַקע געענדיקט?

שמערקע! דאָס וואָרט באַקומט זיין אויסדרוק, זיין זין: אין אַקטיוויטעט; שאַפן, בויען, פאַרמעסטן זיך. דאָס אַלץ מיינט דאָך לעבן.

און דו, וואָס האָסט אַזוי ראַש געשפּאַנט איבער דער וועלט, ביסט אַזוי יונג און אַזוי פּלוצים פאַרשטומט געוואָרן. אויפגעלייזט געוואָרן מיט איין מאָל.

חזרן מיר איבער פאַר זיך אַליין:

שמערקע מיינט דאָך באַוועגונג, לעבן — און שמערקע איז טויט.

**
*

אַז עס האָט דיך געזען אַ פרעמדער, אַ זייטיקער — ביסטו פאַר אים אויסגעקומען אַ שטילשווייגער.

אויך איך האָב דיך געזען אַזוי אין דעם ערשטן שווערן מלחמה־ווינ־טער, אין איינעם אַן אויפדערנאַכט ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט אין ביאַ־ליסטאָק. איך — אַ פּליט פון וואַרשע, דו — אַ פּליט פון ווילנע. ביסט געווען דאַן אַזוי טרויעריק.

מען האָט דיך שוין גוט געקענט, ווי „דעם יונג־ווילנער", דעם אָרגאַני־זאַטאָר פון דער גרופּע. פאַר מיר ביסטו געשטאַנען אַ שטילער; אַ באַ־שיידענער? — כ'ווייס נישט צי מען קען עס זאָגן. אַ שעמעוודיקער האָס־טו יאָ אויסגעזען.

אַזוי האָבן דיך געזען פרעמדע, אָבער צווישן אייגענע האָט מען ערשט געוווסט ווי אין דיר ברויזט, ווי דו ביסט תמיד פול מיט פּלענער און מיט ענערגיע, די פּלענער צו רעאַליזירן.

— האָט דיין שטילער און זייטיקער גאַנג זיך גענומען אפשר פון דיין פריער יתומשאַפט?

די נאַכט וועט מיר נישט ענטפערן און דו אַליין אויך שוין נישט. אָבער די נאַכט העלפט מיר איצט צו טראַכטן. און דיין פּלוצימדיקער טויט האָט מיך געברענגט אַ סך צו טראַכטן אויך איבער דיין אָפּגעראַטעוועט לעבן.

— וועלכער כוח האָט געשטעקט אין דיין ווערן געראַטעוועט? איז דאָס געווען אַ נס? איז דאָס געווען אַ צופאַל? האָסטו געהאַט דעם כוח זיך דאָס אַליין צו נעמען, ווייל האָסט ליב געהאַט דאָס לעבן?

אָט האָב איך איבערגעלייענט די „צוואה פון יאָסל ראַקאָווער" — דיין נאָענטן קרוב אין יסורים פון געטאָ, דיין גורל־ברודער, וואָס אים האָט דאָס גיהנום־פייער פאַרצוקט און דו ביסט עס אַדורכגעשפּרונגען... איך בין אויפגעשווידערט געוואָרן פון יאָסל ראַקאָווערס רייד צו גאָט. איך בין אויפ־געטרייסלט געוואָרן פון דעם טיפן גלויבן, וואָס עס שלאָגט אַרויס פון יעדן וואָרט זיינעם.

— האָט דאָס עפּעס אויך אַ שייכות צו דיר?

— יאָ, עס האָט אַ שייכות.

כ'האָב זיך געגראָבן אין די מאַטערנדיקע פראַגן, וואָס שטייען פאַר מיר שוין לאַנג און נאָכאַמאָל זענען זיי איצט פאַר מיר אַוועקגעשטעלט גע־וואָרן.

— „ווי אַזוי ביסטו, געטאָ־ייד, אָפּגעראַטעוועט געוואָרן"?

אַזויפיל בייזע און קרומע ענטפערס האָבן מיר שוין געהערט און מיר האָט איצט יאָסל ראַקאָווערס ווידערקול, וואָס איז צו מיר דערגאַנגען, גע־ענטפערט:

— א מ ו נ ה !

ביי וועמען דאָס איז געווען, — אמונה אין גאָט ברוך הוא, ביי ווע־

מען אין יידיש פאָלק; ביי וועמען אין דער נקמה אָן שונא און ביי וועמען אין דער אמונה פון לעבן גופא.

— וועלכע אמונה האָט דיך גענערט? וועלכע אמונה האָט דיך גע־ראַטעוועט?

האָסט זיך אַזוי שווער געראַנגלט מיטן גורל פון דיינע יינגסטע יאָרן אָן.

— ווער און וואָס האָט דיך אַזוי עקשנותדיק געפירט — פון טאָט צו דערגרייכונג און פון דערגרייכונג צו נייער טאָט און נייער דערגריי־כונג?

האָסט אַזוי ליב געהאַט דיין יידיש פאָלק, יידיש וואָרט, יידיש ליד, יידישן ניגון.

און יידישן מענטש האָסטו אויך ליב געהאַט. יידישן פאָלקס־מענטש פון וועמען דו ביסט אַליין אַרויסגעוואַקסן און מיט וועמען דו האָסט פאַר־שטאַנען ווי אַזוי צו לעבן.

מען זאָגט: „דער מענטש וואַקסט אויס לויט זיינע טאַטן".

אויף דיר מעג מען עס זאָגן. דו ביסט אויסגעוואַקסן דורך דיינע טאַטן און מען האָט דיך געערט דערפאַר, ליב געקריגן. דאָס האָט דיך גע־שטאַרקט.

און אַז די טרויעריקע בשורה איז צעטראָגן געוואָרן איבער יידישע שטעט, ווו מען האָט דיך געקענט, האָבן דיינע פריינד געבויגן זייערע קעפּ אין צער.

אויך איך בין פול מיט צער נאָך דיר, טראַגיש־אומגעקומענער חבר.

## מאַקס ווײנרײך (פאַרײניקטע שטאַטן)

*****

„שמערקע איז אַ פאַרגינער" — אַזוי האָט אים אַמאָל כאַראַקטעריזירט אונדזער בײדנס אַ חבר. אין אײן וואָרט האָט איר דאָ דעם מענטשן אין גאַנצן. שרײבערס קענען זײן עגאָצענטריש אויך. אָבער שמערקע איז געװען ניט נאָר אַ שרײבער. ער איז געוועזן אַ העלפער, אַ טוער, אַ בויער אויך. ער איז געוועזן אַן אמתער גוטער פרײנד. דערפאַר האָט מען אים אַזוי רעספעקטירט. דערפאַר האָט מען אים אַזוי ליב געהאַט.

ווי שרעקלעך, וואָס אין סאַמע בלי האָט זײן לעבן זיך איבערגעריסן און מען מוז שוין זאָגן: „שמערקע איז געוועזן אַ פאַרגינער". מען ווײסט, און פאָרט נישט צו גלויבן!

אברהם זאַק (אַרגענטינע)

# פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע...

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען.
אין געטאָ ווילנע האָט געריפּט דיין מוט אין פּיין און צער.
פאַר קינדער פאַר געשאָכטענע נקמה האָסט גענומען,
פאַר מאַמעס פאַר געקוילעטע אין גריבער פון פּאָנאַר...

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען,
ווען שונא איז געלעגן שוין באַשפּיגענער אין שאַנד.
געקומען אַ צעזונגענער, ווען טייכן בלוט פאַרשווומען,
אין געטאָ־חורבות אויסגעריכערט שוין דער לעצטער בראַנד...

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע — מיט ווילנעס ליכט און גלויבן!
באַפליגלט האָסט פּאַראָבלטע מיט פרייד און מיט געזאַנג.
די האָסט אליין געשוועבט און אַנדערע מיט זיך דערהויבן,
אַריבער אַש צעשפּרייטן — אין גאולהיקן געקלאַנג...

פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע ביסטו צו אונדז געקומען,
געקומען אַ צעזונגענער צו אונדז, אין אונדזער מיט.
נאָר ווי! ביסט ווי אַ טרוים אין לעצטן אָדלער־פלי פאַרשוואונדן,
און ניט געענדיקט נאָך, און ניט דערזונגען נאָך דיין ליד — — —

בוענאָס איירעס, 2טן מאי, 1954

# פון וועלדער פּאַרטיזאַנישע.

מוזיק: לעאָן ווײַנער. ווערטער: אברהם זאַק.

*Lento.*

*mf.*

- בי שע — ני — זאַ — טי — פּאַר דער — וועל פון

אין מען — קו — גע אונדז צו — סטו

דיין רייפּט — גע האָט נע — וויל טאָ — גע

*cresc.*

פּאַר — צער און פיין אין מוט

*f*

— בּ נע — טע — שאָב — גע פּאַר דער — קינ

פּאַר מען — נו — גע האָסט מָה — קָ

*mp.*

אין טע — לע — קוי — גע פּאַר מעס — מאַ

פּאַר — נאַר — פּאָ פון בער — גרי

*p*

אין טע — לע — קוי — גע פאר מעס — מא

1.2.3.

— נאַר — פּאָ , פון בער — גדי

4.

— וויי אוי אוי, אוי אוי — ליד

*dim.* *rall.*

ד״ר יואל זינגער (ארגענטינע)

# ש. קאַטשערגינסקי

ער איז געווען פון די ערשטע וואָס זענען געקומען צו אונדז. פון די ערשטע שוואַלבן.

געקומען פון דער טיפעניש פון יידישן יידנלאַנד, פון ווילנע.

אויף אונדז, יידן, געבוירענע אין אַמעריקע, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ער קומט פון ערגעץ ווייט, זייער ווייט, פון אונדזער ווייטן עבר און ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ שטיקל פון יענעם ערב, פון יענעם ליבן און פאַרהוילענעם — פאַר אונדז — עבר.

ער האָט מיט זיך פאַרקערפּערט די יונגע, די נייע ווילנע. די ווילנע וואָס איז געווען איינגעוואָרצלט יידיש לעבן, יידישקייט און יידישע געשיכטע.

פאַר אונדז, יידן פון דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט איז איינגעוואָרצלטקייט אַ פרעמדער באַגריף. מיר קענען אים נאָך נישט. מיר באַגרייפן אים נאָך נישט.

דערפאַר האָבן מיר געזען אין קאַטשערגינסקין אַ שטיק איינגעוואָרצלט יידיש לעבן און יידישקייט.

ער האָט אונדז געמאַכט טראַכטן ווי אַזוי יידיש ווילנע האָט געמוזט אויסזען.

אפילו דער נאָמען זיינער, שמערקע, איז אונדז געווען פרעמד. אַזאַ נאָמען האָט נאָר געקאָנט געמאָלט זיין ביי אַ מענטשן וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַן אָרט וווּ יידיש לעבן איז געווען דאָס נאַטירלעכע לעבן, טראַכטן און שאַפן פון אַ גאַנץ יאָר. אַ יידיש לעבן וואָס איז אונדז פרעמד און נאָך וועלכן מיר בענקען היינט מיט דעם טרויעריקן געפיל ווי צו אַ זאַך וואָס מיר וועלן קיינמאָל נישט דערגרייכן.

ווייל דאָרטן איז געמאַכט געוואָרן טויזנט יאָר יידישע געשיכטע און ביי אונדז נאָר פופציק...

דערפאַר האָט קאַטשערגינסקי געטראָגן אויף זיך און אין זיך אַ באַזונדערן שטעמפּל, אַ באַזונדערן חותם...

אין דער קורצער צייט וואָס ער איז געווען ביי אונדז האָט ער אונדז אַ סך מאָל געמאַכט טראַכטן וועגן ווילנע, די ירושלים ד'ליטע, וואָס איז מסתמא געווען די יידישסטע פון אַלע יידישע שטעט אין די לעצטע יאָרהונדערטער. זי איז אפשר געווען די איינציקע וואָס האָט אין אונדזער דמיון אַנגעהאַלטן

דאָס אַמאַליקע, דאָס ווייטע, וואָס האָט אַמווינציקסטן זיך געענדערט, עוואָ־לוציאָנירט. פאַרבליבן די אַלטע אומגעענדערטע עיר ואם בישראל.

פון דאָרטן איז ער געקומען, שמערקע, שפּרודעלדיק, הגם אויסערלעך האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון רו, געמעסיקטקייט און זאַכלעכקייט.

ווען ער איז געקומען האָט ער אונדז געזאָגט, ביים קבלת פנים, אַז ער פאָרט אַרום אויף דער וועלט און זוכט זיין ירושלים ד׳ליטע, אַז ער איז גע־ווען אין ירושלים און האָט זי דאָרט נישט געפונען...

ער פאָרט אַרום און זוכט זי. ער געפינט זי נישט און וועט שוין קיין רו אויף דער וועלט נישט געפינען...

ער איז געווען אַ ווונדערלעכער חבר. ער איז שנעל געוואָרן ביי אונדז אַ היימישע פיגור אויף פאַרווייַלונגען, מסיבות.

ער האָט אונדז געלערנט יידישע טיפּע פאָלקסטימלעכקייט און יידישן שטייגער, מיט מיטלען וואָס אויסערלעך האָט זיי קיינער נישט געקענט חושד זיין ביי אים.

ער האָט אונדז געלערנט זינגען יידישע לידער און לידלעך וואָס זענען די קווינטעסענץ פון דעם שטייגער פון אַן איינגעוואָרצלט פאָלק, פון אַ נאָר־מאַל פאָלק. אַזוי האָט ער עס איינגעזאַפּט אין זיך, אין זיין טויזנט־יאָריקער יידישער ווילנע.

ווו שמערקע איז געווען האָט מען געזונגען. ער האָט גלייך געשאַפן שטי־מונג, ווייל ער איז געווען דאָס יידישע פאָלקסטימלעכע געזאַנג אַליין. און געקומען איז ער צו אונדז געלייטערט און דערהויבן דורך די שיבעה מדורי גהינום, פון געטאָ, וואַלד און פאַרטיזאַנער לעבן. געבאָדן און דורכגע־ווייקט אין פּיין און ליידן, איבערגעטראָגן און איבערגעלעבט מיט העלדיש־קייט און אויסדויער.

דורכגעגאַנגען אוממיטלבאַר — במשך פון יאָרן — די דאָזיקע באָד פון בלוט, פּיין און ליידן און געבליבן מיט אַ געזונטער נשמה און אַ געזונטן גייסט און אַ שטאַרקן ווילן ווייטער צו שאַפן יידיש פאָלקסטימלעך לעבן.

ווייל ער האָט געשפּרודלט מיט פאָלקסטימלעכקייט, מיט ענערגיע און מיטן דראַנג צו טאָן יידישע אַרבעט.

ער האָט באַרייכערט און באַזאַפּטיקט אונדזער לעבן אין דער קורצער צייט וואָס זיין גורל האָט אָנגעוויזן ער זאָל זיין מיט אונדז.

און זיין גורל, זיין גוטער שטערן, וואָס איז אים הונדערטער מאָל בייגע־שטאַנען, ווען ער האָט געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין האָט אים פאַר־לאָזט ביי איין געלעגנהייט.

ביי איין געלעגנהייט אין וועלכער ער האָט דורכגעפירט אַ שליחות מצווה.

די טראַגיק האָט אים באַגלייט די גרעסטע טייל פון זיין לעבן און ער איז טויזנט מאָל ניצול געוואָרן.

נאָר ביי זיין לעצטער רייזע, ביי זיין לעצטן פלי, באַגלייט פון די אָדלער איבער די אַנדן־בערג, האָט אים זיין גוטער שטערן איין רגע פאַרלאָזט און ער איז אַראָפּגעפאַלן צווישן די אוראַלטע אַנדן־בערג, האָט זיך מיט זיי באַ־העפט אויף אַ טויטלעכער אייביקייט.

זיין לעבן האָט זיך געענדיקט, זיין גרויס יידיש האַרץ האָט זיך אָפּגע־שטעלט און איז צעשמעטערט געוואָרן אין אַ פינצטערער זאַווערוכעדיקער נאַכט, צווישן בערג און טאָלן און אוראַלטע פינצטערע תהומען אין ערגעץ לאַנד פון די אַנדן.

ער איז אַראָפּגעפאַלן ווי אַן אָדלער ווען די פליגל האָבן אויף אַ רגע פאַראַטן.

זיין שטערן האָט זיך טראַגיש פאַרלאָשן און האָט פאַרלאָשן זיין שעפע־ריש שפּרודלדיק לעבן.

יעדעס מאָל וואָס מיר דערמאָנען זיך אין אים, דערפילן מיר אַ מאַכט־לאָזן פּראָטעסט קעגן גורל.

דער ווייטיק וועט זיין גרויס אַ סך, אַ סך יאָרן, יעדעס מאָל וואָס מיר וועלן זיך דערמאָנען אין אים.

און דערמאָנען וועלן מיר זיך ווייטער זייער אָפט. אָט קוקן צו אונדז אַראָפּ פון די פּאָליצעס פון אונדזער ביבליאָטעק זיינע ביכער.

זיין „גרינע לעגענדע", זיינע „פּאַרטיזאַנער גייען", זיינע זאַמלונגען פון געטאָ לידער...

אַך, וויפיל טרויער, וויפיל פּיין, וויפיל אַנגסט, פאַרבונדן מיט זיין גע־דעכעניש!...

מ. טורקאָוו (אַרגענטינע)

# מיט שמערקען אין קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער

דעצעמבער 1946, האָב איך באַקומען פון באַזעל, פון דעם 22סטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אַ פּאָסטקאַרטל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט פאָלגנדיקע שורות:

„עס שרייבט אייך אַ ווילנער, אַ יונגווילנעאַנער, וואָס איז געווען אין געטאָ, פּאַרטיזאַנקע און פון רוסלאַנד, דורך פוילן, געקומען קיין פּאַריז (מיט גראַדען און סוצקעווערן). איך לייג אייך פאָר אַ באַנד פאַרצייכענונגען וועגן פּאַרטיזאַנען־העלדן, העלדן פון פוילן א״נ „פּאַרטיזאַנער גייען״...

דאָס איז געווען מיין ערשטער קאָנטאַקט מיט שמערקע קאַטשערגינסקין. דער דאָזיקער קאָנטאַקט האָט שוין אָנגעהאַלטן ביזן לעצטן מאָמענט פאַר זיין טראַגישן אומקום. פריער דורך בריוו און שפּעטער שוין אויך פּערזענלעך בעת אונדזערע אָפטע באַגעגענישן אין ישראל, פּאַריז, אַרגענטינע און בראַזיל. „פּאַרטיזאַנער גייען״, וואָס מיר האָבן אין יאָר 1947 פאַרעפנטלעכט אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום״ איז טאַקע געווען שמערקעס ערשטע בוך־אויסגאַבע.

אונדזער ערשטער פּערזענלעכער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען אין תל־אביב, אין יאַנואַר 1950. איך געדענק נישט גענוי די אומשטענדן ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַגעגנט. איך געדענק אָבער יאָ, אַז מיר האָבן זיך געטראָפן ווי אַלטע גוטע פריינד און — ווי עס איז געווען שמערקעס שטייגער — גלייך געוואָרן „פּער דו״. און נישט געווען, דאַכט זיך, קיין טאָג בעת יענעם באַזוך אין ישראל, אַז מיר זאָלן זיך נישט האָבן געטראָפן, פאַרבראַכט צוזאַמען, געמאַכט געמיינזאַמע אויספלוגן איבערן לאַנד, זיך באַטייליקט אין אויפנאַמעס אד״גל.

וויל איך דאָ, אין דעם יזכור־בוך, וואָס ווערט געווידמעט דעם אָנדענק פון שמערקען דערמאָנען אַן עפּיזאָד פון אונדזערן אַ באַזוך אין דעם „קיבוץ לוחמי הגיטאות״, וואָס געפינט זיך אין גליל העליון, נעבן נהריה.

דער באַזוך איז געווען אַ קורצער אָבער זייער אַן איינדרוקספולער, טאַקע צוליב שמערקעס אָנוועזנהייט.

געפאָרן זענען מיר קודם־כל קיין חיפה באַזוכן דעם נעסטאָר פון דער יידישער ליטעראַטור, דוד פּינסקי. מיר זענען געפאָרן אין דרייען: געווען מיט אונדז אויך אברהם סוצקעווער. דער באַזוך איז אויסגעפאַלן שוין שפּעט־לעך בייננאַכט, דער אַלטיטשקער מייסטער פון אונדזער ליטעראַטור און זיין פרוי האָבן זיך שוין געגרייט צו זייער נאַכט־רו, אָבער זיי האָבן אונדז אויפ־גענומען מיט דער אַזוי כאַראַקטעריסטישער פאַר זיי גאַסטפריינטשאַפט און גאָר אַ פיינעם כיבוד.

צומאָרגנס האָבן מיר נאָכן מאַכן אייניקע באַזוכן אין חיפה זיך געזעגנט מיט סוצקעווערן, וואָס איז צוריקגעפאָרן קיין תל־אביב און מיט שמערקען האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין צום קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער. מיר זענען דאָס מאָל געפאָרן מיטן אויטאָ פון משרד־החוץ און עס איז צוזאַמען מיט אונדז געפאָרן דער דעמאָלסטיקער דירעקטאָר פון לאַטיין־דעפּאַרטאַ־מענטביים אויסערן־מיניסטעריום, דער איצטיקער ישראל־מיניסטער אין גריכנלאַנד, ד״ר אברהם דרום.

אונטערוועגס האָבן מיר זיך געמוזט אַ סך מאָל אָפּשטעלן אין עכו, קרית חיים, קרית מוצקין און אין דערפער, ווייל סיי שמערקע, סיי איך, האָבן גערדאַרפט אויפזוכן מענטשן און זיי איבערגעבן פעקלעך און גרוסן פון פריינט און באַקאַנטע, ווי דאָס פירט זיך, ווען יידן פאָרן באַזוכן ישראל.

אַזוי אַרום איז שוין געווען היפּשלעך פאַרנאַכט, ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען צום ציל פון אונדזער רייזע. אַ טייל פון די איינוווינער פון קי־בוץ זענען נאָך אָבער געווען ביי דער אַרבעט, אַנדערע האָבן זיך געהאַלטן אין אומקערן, מיט זייערע אַרבעטס־קליידער און מכשירים אויף די אָרעמס.

אונדזער אָנקומען האָט גלייך מאָביליזירט אַלע קיבוצניקעס. מען איז שנעל געלאָפן זיך אָפּפרישן נאָך דעם אַרבעטס־טאָג און איבערטאָן. עס איז געוואָרן אַ באַוועגונג. זינט עטלעכע טעג ווי מען האָט שוין פּאַקטיש גע־וואַרט אויף אונדזער באַזוך. אָבער מיר האָבן געזאָלט אָנזאָגן דעם טאָג פון דעם באַזוך און דאָ זענען מיר פּלוצלינג געקומען אַזוי אומגעריכט. די קי־בוץ־מיטגלידער זענען געווען אַביסל ברוגזלעך דערפאַר, אָבער מיר זענען דווקא געווען צופרידן פון דער אימפּראָוויזאַציע. עס איז געווען אפילו איינ־טערעסאַנטער אַזאַ אומגעריכטער איבערפאַל אויפן קיבוץ...

הגם אַלע פּנימער זענען פאַרן ד״ר דרום און פאַר מיר געווען ביי'ע, ווייל מיר האָבן זיך מיט די מענטשן פון קיבוץ צום ערשטן מאָל אין לעבן באַ־געגנט, זענען די נעמען אונדז געווען גוט באַקאַנט. דאָס זענען דאָך אַלץ נע־מען פון מענטשן מיט וועמען עס איז פאַרבונדן די וווּנדערלעכע געשיכטע פון דער יידישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין פּוילן, פון דעם העראָאישן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פון פּאַרטיזאַנער־קאַמפן. ערשט אַ קליי־ניקייט: צביה לובעטקין (איר מאַן, צווייטער קאָמענדאַנט פון וואַרשעווער

געטאָ־אויפשטאַנד יצחק צוקערמאַן — אַנטעק — האָט זיך געפינען אויף קו־ראַציע אין מיליטערישן שפּיטאָל און מיר האָבן אים באַזונדער באַזוכט), טוביה באזשיקאָווסקי, וואַנדאַ עלסטער, סטעפאַן גראַיעק און נאָך, און נאָך, וואָס זייערע נעמען פיגורירן אָפט אין די זכרונות־ביכער פון יענער עפּאָכע. מיט אייניקע בין איך אפילו געשטאַנען אין בריוולעכן קאָנטאַקט וועגן אַרויס־געבן זייערע זכרונות אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום". איז עס זיכער געווען אַ טיף עמאָציאָנירנדיקע באַגעגעניש. אפילו ד"ר אברהם דרום, וואָס איז דאָך אַ געבוירענער אין טשילע און האָט אפשר נישט געקענט אַזוי די נעמען פון אַלע אָנוועזנדיקע, האָט זיך געוויזן צו זיין שטאַרק עמאָציאָנירט.

אָבער שמערקע... פאַר אים זענען דאָך דאָס נישט געווען בלויז נעמען פון זכרונות און קאַמפס־געשיכטע. ער האָט יעדן איינעם גוט געקענט פון געמיינזאַמע קאַמפן, פון געמיינזאַמע וואַנדערונגען, פון אַ געמיינזאַמען לעבן. מיט וועמען אין געטאָ גופא, מיט וועמען אין די וועלדער, מיט וועמען אויף די שפּעטערדיקע וואַנדערונגען איבער די חורבות פון פּוילן, איבער די דייטשע לאַגערן... האָט מען זיך צעקושט, געפרייט פון דער באַגעגעניש אין ישראל, מען האָט זיך אָנגעהויבן קעגנזייטיק אויספרעגן, קעגנזייטיק איג־פאָרמירן, דערציילן אַזוי, אַז מיר, שמערקעס באַגלייטער זענען געוואָרן פּאַ־סיווע צושויער, צוהערער.

דער קיבוץ פון די געטאָ־קעמפער איז נאָך דאַן געווען גאָר יונג, נאָך אין דעם בראשית פון זיין בויען; עס האָט נאָך אַ סך איינריכטונגען געפעלט, אַ סך איינריכטונגען זענען נאָך געווען נישט פאַרענדיקט. מיר האָבן אָנגע־הויבן אַ שפּאַציר איבערן קיבוץ, איבער די בנינים, אין דעם קינדער־הויז, ווו עס האָבן זיך געפונען אויף די ערשטע קינדער, געבוירענע שוין אין ישראל אין דעם הויז וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען פון דעם דיכטער־קדוש יצחק קאַצענעלסאָן און וואָס איז היינט צו טאָג אַ וויכטיקער צענטער צו זאַמלען און פאָרשן די געשיכטע פון דער יידישער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג אין די געטאָס, די ביבליאָטעק אאַז"ו, אאַז"ו.

אַזוי זענען אַריבער שעהן, די נאַכט איז צוגעפאַלן און מיר האָבן זיך געדאַרפט לאָזן אין אונדזער וועג צוריק קיין תל־אביב, בכדי אַ פּאָר טעג שפּעטער ווידער צו באַזוכן דעם קיבוץ און זיינע באַוווינער. דאָס מאָל האָבן מיר עס שוין געמאַכט באַזונדער, שמערקע איז דאָרט פאַרבליבן עטלעכע טעג בכדי אין געמיינזאַמע דערציילונגען און זכרונות ווידער אויפלעבן די בילדער פון יענע טעג, חדשים און יאָרן, וואָס נאָר ווייניקע האָבן זוכה גע־ווען זיי איבערצולעבן.

ב. טערקעל (אַרגענטינע)

# דער „פֿליענדיקער ווילנער״

עפּעס מאָדנע . . .
וועגן שמערקע קאַטשערגינסקי שרייבן זכרונות און ׳שוין, אַזוי שנעל?
עפּעס גלויבט זיך ניט...

***

ווילנע 1928.
שוין אַזויפֿיל יאָרן פֿאַרגאַנגען זינט דאַן. יאָרן פֿון גרויל און פּיין, דורכגעשפּאַנטע דורך געטאָס און לאַגערן: פּאַסיאַלקעס, תּפיסות און נע־ונד יאָרן אויף די ברייטע שליאַכן פֿונעם ראַטנפֿאַרבאַנד און דאָך שטייט ווי לעבעדיק דאָס פּנים פֿון שמערקען אינעם סעקרעטאַריאַט־צימער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין אויף פּאהולינאַקע 18 אין ווילנע, בעת דער גרינ־דונגס־זיצונג פֿון דער צעשטורעמטער און צעזונגענער „יונג־ווילנע״.

און שמערקע, האָט שוין דאַן, נאָך גאָר אַ יונגטלעכער פֿאַרשפּונען מיט וועלט־דערלייזערישע פּראָבלעמען, געזוכט פּלענער ווי אַזוי אויסצובעסערן און פֿאַרשענערן די וועלט. שווער איז געווען שמערקעס געמיט און שטאַרק אָנגעזאַליעט אויף דער נשמה, האָט ער שוין דאַן פֿאַרצויגן אַ זמרל, גע־וואָלט מיט נגינה, דורך ליד דערמוטיקן זיך און טרייסטן אַ חבר.

ווער עס האָט דאַן, אין יענע טעג ניט געזען שמערקען: אַ צעשויבערטן, צעכראַסטעטן, אַ צעיאַכמערטן, פֿול מיט גלויבן און מוט. ער און די חברים זיינע פֿון „יונג ־ ווילנע״ זענען אָנערקענט געוואָרן: זלמן רייזען האָט אין „ווילנער טאָג״ געעפֿנט ברייט דעם טויער פֿאַר זיין, שמערקעס, און זיינע חברים אָנערקענונג אין דער ברייטער יידישער עפֿנטלעכקייט.

ווילנע, ירושלים ד׳ליטא, די שטאָט פֿון יידיש און יידישקייט, די שטאָט פֿון גייסטיקער צעשפּרודלטער רייכקייט און גאונות, האָט אָנערקענט אירע יונגסטע ש׳ביינגסטע, אירע צפּיעשטשעטע בני־יחידים. און איינער פֿון זיי, דער מוטיקסטער, דער פֿריילעכסטער, דער לעבעדיקסטער, דער צעזונגנסטער איז געווען — שמערקע.

***

שמערקע איז געווען דער אויסגעצערטלטער בן־זקונים פֿון ווילנע. ער

האָט פול געגאָסן פון איר האַרציקער פאָלקסטימלעכקייט ביז דעם שוידער־לעכן מלחמה־אויסברוך, ווען ער איז צוזאמען מיט זיינע געליבטע קינדער ווילנעס פאַרשלאָסן געוואָרן אין געטאָ־מויערן. פאַרהאַמערטע, פון דער וועלט־אָפּגעשניטענע, דערנידעריקטע און באַליידיקטע האָבן זיי ווייטער געשפונען דעם ליכטיקן קולטור־לעבן און שמערקע, טראָץ אַלע שיקאנעס און עינוים איז לעבן געבליבן, כדי צו דערציילן דער וועלט וועגן לעצטן גאַנג אין דער אייביקייט פון ווילנעס בויער און שעפער, פון אירע האַרצי־קע יידן און גרויסע קולטור - עקשנים.

און שמערקע האָט גוט פאַרגעדענקט אַלץ. ניט געקוקט אויף אַלע דורכ־געלעבטע גרוילן, זענען אים איינגעקריצט געוואָרן אין זכרון די הייליקע נעמען פון די אומגעקומענע און נאָך אין יאָר 1945, אָנהויב 1946, ווען ער האָט געגרייט צום דרוק זיין גרויס ווערק „חורבן ווילנע״, האָט ער געגנוי געוווסט ווער פון ווילנעס קולטור־טוער עס האָט איבערגעלעבט, ווער עס איז אַוועק אין פייער און ווער עס געפינט זיך אין ראַטנפאַרבאַנד. קיין איין נאָמען איז ניט פאַרגעסן געוואָרן.

שמערקע האָט געדענקט.

און שמערקע איז דער, וועלכער האָט געשטעלט אַן אייביקן מאָנו־מענט דער פאַרברענטער, דער פאַרפייניקטער, דער אין גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס אויסגעגאַנגענער און פאַראַשטער ווילנע.

שמערקע האָט געווירדיקט דעם הערלעכן, גייסטיקן, צניעותדיק־יידישלעכן אָנדענק פון דער אין דער גאַנצער וועלט געאַכטעטער און געהיי־ליקטער ירושלים־דליטא.

שמערקע האָט אויך אויסגעזונגען דעם לעצטן ווי און פיין, אויסגע־ציקלט די פאַרשטומטע מעלאָדיע פון דער צעזונגענער ווילנע אין געטאָ, לאַגער און אין דער פאַרטיזאנקע אין זיין גרויסן בוך „לידער פון געטאָס און לאַגערן״.

***

נאָך דער מלחמה, אַדורכגייענדיק אַלע שבעה מדורי גיהנום, דורכ־שפּרייזנדיק די וועלט אין דער לענג און אין דער ברייט, האָט דער באַ־זאַכטער, שטילער שמערקע פליגל באַקומען. ער האָט ניט געקאָנט פאָרן מיט דער באַן ניט מיט קיין שיף. צופיל צייט האָט ער ניט געהאַט. ער האָט גע־וואָלט אַריינכאַפּן מער און מער. ווער ווייסט, אפשר האָט ער פאָראויסגע־פילט, אַז עס איז אים געבליבן ווייניק, זייער ווייניק צייט.

נאָך רוסלאַנד — פּוילן, פראַנקרייך און לסוף זיך באַזעצט אין אַר־גענטינע, וווּ ער האָט דעם גרויסן יידישן ישוב געוווּנען און צוגעצויגן מיט זיין ליד, מיט זיין האַרציק יידיש־פאָלקסטימלעכן ניגון.

שמערקע האָט ניט געקאָנט זיצן אויף אַן אָרט. ניט געווען זיין מידה



ש. קאַטשערגינסקי און
וויקטאָריא גזשעמילעווסקי
וועלכע האָט אים אויסבאַ־
האַלטן אין דער געטאָ־צייט.



ש. קאַטשערגינ־
סקי און דער
דיכטער א. סוצקע־
ווער אויף די
חורבות פון ווילנ־
נער געטאָ, באַלד
נאָך דער מלחמה.



**צווישן יידישע שרייבער אין ווילנע נאָך דער מלחמה. יאָר 1945.**

עס זיצן, פֿון לינקס אויף רעכטס: י. יאסאדע, פּ. מאַרקיש, הירש אָשעראָוויטש, ש. קאַ־טשערגינסקי, עס שטייען: ביילים־לעגיס, י. לאַצמאַן, א. אייזען און ר. יעלין.



**מיט יידישע שרייבער אין ווילנע אין יאָר 1945**

פֿון לינקס אויף רעכטס: יעלין, אָשעראָוויטש, יאסאדע און ש. קאַטשערגינסקי.

און טבע. אומעטום זיצן יידן פאַראומערט, אומעטום פעלט נשמה־יתירה־דיקייט, יידן קאָנען ניט געפינען קיין גייסטיקן גלייכגעוויכט. איז זינגט ער, שמערקע, רופט ער צום געזאַנג און שטומע פאַרמאַכטע מיילער, די וואָס קאָנען ניט זינגען, צעעפענען זיך, און שוין טראָגט זיך אַ האַרציק־פאַרדבּקהטער ניגון אין חלל.

און שוין? איז דאָס געזאַנג שוין פאַרשטומט?

⁂

שמערקע.

פּרוווט נאָך אָנווייזן אויף נאָך אַזאַ געשטאַלט ווי שמערקע. ווו געפינט מען נאָך אַזאַ מין חבר, אָבער אַ חבר פון חברלאַנד ווי שמערקע?

שרייבער זענען, כידוע אַ שווער פאָלק. און האָט איינער דערפּאַלג, וואָלט ער געוואָלט זיין אַליין, אַליין געניסן פון רום און כבוד. שמערקע ניט, אים אַרט ניט, אַז אַלע האָבן כבוד. איז ער אַוועק דער ערשטער פון אונדזער גרופּע שרייבער פון פּאַריז קיין בוענאָס איירעס, דערשפּירט, אַז דאָ קאָנען זיך שרייבער איינאָרדענען, איז דאַוואי, געקערט אַ וועלט. געלאָפן אין אַלע אינסטאַנצן, אַגיטירט און איבערצייגט אַלע עסקנים פון בוענאָס איירעס, געמונטערט די שרייבער אין פּאַריז: חברים קומט, דאָ קאָן מען זיך איינאָרדענען און לעבן רואיק, ניט מורא האָבן פאַר קיין נייער מלחמה. שמערקע שטייט אויף קבלת־פּנים־אָוונטן פאַר ניי־געקומענע שרייבער מיט אַ צעשטראַלטן פּנים און פאַרציט אַ פרישן, אַ נייעם מוטיקן ניגון. ער האָט שוין אַרבעט, שמערקע. ער זאָרגט וועגן גורל פון זיינע געקומענע חברים, אינטערעסירט זיך מיט יעדן איינעם פון זיי און דער עיקר, אים גייט אין לעבן, מען זאָל זיין צופרידן.

איז אים ווויל געווען שמערקען.

⁂

מיט אַ סך פלענער איז שמערקע געווען באַלאָדן. ער האָט ניט גערוט. גיכער, שנעלער איז ער געלאָפן און געפלויגן מיט די אַוויאָנען. ניטאָ קיין צייט. „איך קאָן ניט וואַרטן״.. און רוישיק האָבן געזשומעט די מאָטאָרן פון די אַוויאָנען, ראַשיק צעשטורעמט און צעווינטיקט האָבן זיך אַעראָפּלאַנען־פליגלען, ביז...

איבערגעריסן געוואָרן דאָס בעסטע, שענסטע געזאַנג שמערקעס אין סאַמע בלי פון זיין לעבן.

אַנטשטומט איז געוואָרן דאָס לעצטע ליד שמערקעס.

ער האָט פאַר־יתומט אַ פרוי און אַ קינד, חברים און פריינט און פאַר־יתומט געוואָרן איז דאָס יידישע ליד, פאַראַבלט און פאַרטרויערט דער געזונטער יידיש־האַרציקער ניגון, אויף צו להכעיס אַלע אונדזערע שונאים,

וועלכע האָבן זיך אין דער פינצטערער, לאַנג־שוואַרצער נאַכט געוואָלט אונדז און אים, שמערקען, פאַרניכטן.

***

איז ער געפלויגן שמערקע — און פאַרפלויגן...

מער וועט שוין זיין ליד ניט אָפּהילכן. מער וועט שוין זיין ניגון ניט מיטרייסן אין געזאַנג בציבור, און מער וועלן מיר שוין ניט פילן די חברשע האַנט־דרוקן פון שמערקען.

ווי גרויזאַם עס איז דער גורל: דער גורל פון שמערקען, פון זיין ליד...

יצחק יאַנאַסאָוויטש (ארגענטינע)

# ש. קאַטשערגינסקי דער אַנטפּלעקער פון אונדזער גבורה־טראַניק

כמעט אַלע וועלכע ריידן און שרייבן, אין ווי און אין טרויער, וועגן ש. קאַטשערגינסקי, האָבן קודם־כל פאַר די אויגן קאַטשערגינסקין דעם מענטש, דעם חבר, דעם קעמפער און קולטור־בויער. אָסקאַר אואיילד האָט אַמאָל אין זיינע פּאַראַדאָקסן געזאָגט: דעם שרייבן האָב איך אָפּגעגעבן נאָר מיין טאַלאַנט, מיין זשעני האָב איך אָפּגעגעבן דעם לעבן. אויך קאַטשער־גינסקי האָט דעם שרייבן אָפּגעגעבן נאָר אַ טייל פון זיין פּערזענלעכקייט. די גרעסטע העלפט פון זיין חן און זיין ווירקונג אויף מענטשן האָט ער נישט געטרויט דעם פּאַפּיר, נאָר האָט זיי געטראָגן מיט זיך דורך אַלע טעג פון זיין יונג־פאַרשניטן לעבן. ער האָט זיך טאַקע באַקאַנט געמאַכט מיט זיינע לידער און דערציילונגען, אָבער דאָס שענסטע ליד, די שענסטע דער־ציילונג האָט ער אָנגעשריבן מיט זיין לעבן. ער אַליין איז געווען דאָס ליד פון זיינע לידער: דאָס ליד פון גוטסקייט, דאָס ליד פון ליבשאַפט צו מענ־טשן, דאָס ליד פון ליבשאַפט צו יידיש און יידישן פאָלק און דאָס ליד פון טראַגישן גורל פון אַ יידישן דיכטער אויף וועלכן דער טויט האָט געלויערט מיט טויזנטער אויגן און אים געפּאַקט צווישן הימל און ערד.

ער איז פאַרשניטן געוואָרן אין סאַמע בלי פון זיינע יאָרן. דאָך האָט ער מיט זיין לעבן באַוויזן צו דערגרייכט דאָס, וואָס אַנדערע דערגרייכן ניט אין טאָפּל אַזויפיל יאָרן. ער איז אויפריכטיק באַליבט געוואָרן אין דער גאַנצער יידישער וועלט און אויב מען זאָל ניט רעכענען די פון יענער זייט מחנה, וואָס האָבן אים געהאַט פאַר וואָס פיינט צו האָבן, קאָן מען אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען זאַט מיט ליבשאַפט, זאַט מיט פאַרערונג און זאַט מיט באַוווּנדערטקייט.

ש. קאַטשערגינסקי דער מענטש האָט געגרייכט צו דעם שענסטן, וואָס אַ מענטש קאָן נאָר גרייכן.

אכזריותדיק איז אָבער דער טויט געווען, בעיקר, פאַר קאַטשערגינסקין דעם שרייבער. אים האָט ער אונטערגעהאַקט די פליגל אין בעסטן פלי. אים האָט ער אָפּגעשניטן דעם וועג צו דער דערגרייכונג צו וועלכער ער האָט זיך געגרייט.

איך האָב געהאַט די טרויעריקע זכיה זיך צו גריבלען אין זיין עזבון און איך ווייס וויפל שרייבערישע פּלענער ער האָט זיך אָנגעצייכנט צו פאַרווירקלעכן, וויפל נייע זאַכן ער האָט זיך געגרייט צו שרייבן, נאָטיצן געמאַכט, פּלענער אָנגעוואָרפן. עס איז געקומען פאַר אים די צייט פון שרייבערישער רייפקייט, פון שעפערישער אויסגעשטאַנענקייט. עס איז געקומען פאַר אים די צייט זיך צו אַנטפּלעקן ווי אַ שרייבער — אַ פּערזענלעכקייט, אָבער דער טויט האָט אים דאָס ניט פאַרגינען. ער האָט זיך אַריינגעריסן און איבערגעריסן זיין שעפעריש לעבן מיט אַן אכזריות וואָס איז אונדז שטערבלעכע ניט צו פאַרשטיין.

ער האָט זיך אין זיינע נאָטיצן ווידעראַמאָל אומגעקערט צו איציק וויטנבערג. ער האָט אונדז געוואָלט ברענגען אַ נייע אַנטפּלעקונג פון דער דאָזיקער טראַגעדיע.

ער האָט געוואָלט... ער האָט געטראַכט און דער גורל האָט ניט באַשערט.

דערויף טאַקע וויינען מיר.

*****

ש. קאַטשערגינסקיס לידער ווערן געזונגען אין דער גאַנצער יידישער וועלט. זיין בוך „חורבן ווילנע" איז באַרימט געוואָרן, ניט נאָר צווישן ווילנער יידן. זיינע „פּאַרטיזאַנער גייען" זענען דערשינען אין צוויי אויפלאַגעס און אין זיי אַנטפּלעקט זיך קאַטשערגינסקי דער קעמפער און קאַטשערגינסקי דער שרייבער. אָבער דאָס סאַמע וויכטיקסטע און ווערטפולסטע וואָס קאַטשערגינסקי האָט אָנגעשריבן, דאָס שרייבערישסטע בוך וואָס ער האָט אַרויסגעברענגט אין זיין לעבן און דאָס בוך דורך וועלכן ער וועט אַריינגיין אין דער יידישער חורבן־ליטעראַטור איז דאָס מעמואַרן־בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן".

ווען קאַטשערגינסקי וואָלט געווען אָנגעשריבן ניט מער ווי דאָס איינע בוך וואָלט זיין נאָמען געבליבן ווי אַ שרייבער אין דער יידישער ליטעראַטור.

עס איז אַ מעמואַרן־בוך, איינס פון יענע ביכער וואָס זענען געשריבן געוואָרן לרוב אין דער תקופה פון נאָכן חורבן וועגן חורבן, אָבער עס איז געשריבן פון אַ שרייבער, ווייל עס איז פאַראַן דערין ניט בלויז פאַקטן, נאָר אויך גורל.

און טאַקע דעם דאָזיקן בוך, דאָס בעסטע און ווערטפולסטע וואָס קאַטשערגינסקי האָט אָנגעשריבן אין זיין יונג לעבן וויל איך ווידמען די ווייטערדיקע שורות.

*****

די געשיכטע פון יידישן באַוואָפנטן קאַמף קעגן נאַצי־דייטש פאַרנעמט

אַ גרויס אָרט אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור, ווייל אויף דער פּאַרפּיקסירונג פון דער דאָזיקער געשיכטע האָבן מיר באַזונדערס מקפּיד געווען.

אין צפון־אַמעריקע האָט מען וועגן יידישן באַוואָפנטן קאַמף געשריבן פיל פריער, איידער מען האָט געוווּסט וועגן חורבן. אין רוסלאַנד האָט מען וועגן חורבן גערעדט (דעמאָלט, ווען מען האָט נאָך געמעגט ריידן), נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל ער איז פאַרבונדן געווען מיט קאַמף קעגן דייטש.

די דאָזיקע קאַמפס־ליטעראַטור האָט אויסגעפירט אַ מין „באַשטע־לונג". זי איז נאָכגעקומען דעם ווילן פון יידישן לייענער.

דער געוואַלדיקער דראַנג צו קאָמפּענסירן דעם שיפלות־קאָמפּלעקס אין שייכות דערמיט, וואָס מיר זענען כלומרשט געגאַנגען „צו דער שחיטה ווי שאָף" האָט אַרויסגערופן די שפע אויף דער פּאַרטיזאַנער ליטעראַטור.

און ווי געוויינלעך, זענען צווישן די גוטע און ערלעכע ביכער פון יידישן קאַמף אויך דערשינען פיל שלעכטע און פאַלשע באָבע־מעשיות וועגן העלדישקייט. די יידישע פיין־גבורה איז געוואָרן לייען־שטאָף, איז געוואָרן לעקטור־טעמע פאַר כלערליי פּראָפּאַגאַנדיסטן, אָדער באַרימער.

די יידישע רעצענזענטיק האָט זיך אָן אויסנאַם תמיד פאַרכליניעט און נישט געפּרוווט אפילו מבדיל זיין בין קודש לחול, בין אמת לשקר און אין רעזולטאַט דערפון איז די געשיכטע פון יידישער גבורה, פון יידישן העראָ־איזם פאַרמיסטיקט געוואָרן מיט ליגנס, פאַרפעלשט געוואָרן דורך שקרים, וואָס צוליב זיי האָט מען אויפגעהערט דערקענען דאָס פּנים פון אונדזער עכטן יידישן טראַגיזם.

וואָרום דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר אונדזער יידישער הערא‌איק איז געווען און געבליבן די טראַגיק.

**
*

איינער פון די ערשטע, וואָס האָט צוריק אַנטפּלעקט דאָס פּנים פון אונדזער העלדישקייט, דאָס יידישע טראַגישע פּנים פון אונדזער הערא‌איזם איז געווען יחיאל גראַנאַטשטיין מיט זיין בוך „איך האָב געוואָלט לעבן".

ש. קאַטשערגינסקיס „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" איז געווען אַ וויי־טערדיקער טריט פאָרויס אויפן וועג פון באַפרייען אונדזער חורבן־געשיכטע פון די כלערליי אָנוווקסן פון שקר, באַרימעריי און פאַלשער פּראָפּאַגאַנדע.

עס איז דאָס בוך פון אונדזער טראַגיק, אפילו דעמאָלט, ווען מיר זע־נען געווען העלדן.

אין אונדזער גאַנצער געשיכטע האָבן מיר געליטן, נישט נאָר פון שונא, נאָר אויך פון פאַראַט פון די, וואָס האָבן געדאַרפט קעמפן צוזאַמען מיט אונדז. פון דעם אַמאָליקן ביתר, ביז דעם שפּעטערדיקן טאָלטשין און גאָר לעצטן פּאַרטיזאַנער־וואַלד אין ליטע, אָדער ווייסרוסלאַנד, האָבן אונדזערע

שונאימס שונאים ניט אויפגעהערט צו זיין אויך אונדזערע פיינט. אין אַט די באַדינגונגען פון צווייפאַכער שנאה האָבן מיר אַנטפּלעקט אונדזער העלדישקייט. דאָ ליגט אונדזער יידישע טראַגיק, דאָ ליגט אָבער אויך אונדזער יידישער כוח.

אין זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן", דערציילט קאַטשערגינסקי רירנדיק און שטימונגספול, בילדלעך און איבערצייגנדיק וועגן זיין צוריקקומען אין ווילנער געטאָ נאָך דעם, ווי ער האָט וואָכן אַרומגעוואַנדערט איבער דער פרייער וועלט צווישן גוים. לייענט אויפמערקזאַם דאָס דאָזיקע קאַפּיטל און פאַרטראַכט זיך, וויפיל טראַגיק דערין איז פאַראַן: אַ מענטש קערט זיך אום אין דער גרויליקסטער תפיסה, קערט זיך אום פון אַ פרייער וועלט צו הונגער און טויט און דאָך גיט דער דאָזיקער אומקער אים פרייד, דאָך שטעלן זיך אים (און אויך אונדז לייענענדיק) טרערן אין די אויגן, ווען ער דערזעט זיך צווישן אייגענע. אָט פאַר וואָסער נסיון דער יידישער גורל האָט אונדז אַוועקגעשטעלט! בעסער דער טויט צווישן אייגענע, איידער דאָס נעבעכדיקע געפּאַר־לעבן צווישן פרעמדע, וועלכע שנאַפּן ווי הינט דעם ריח פון אונדזער פרעמדקייט. דאָס איז דער סוף פון אונדזערע אילוזיעס וועגן פעלקער־פאַרברידערונג, דאָס איז דער סוף פון אַלע אונדזערע טרוימען וועגן דער נייער מענטשהייט, דעם קאַמף פאַרן בשותפותדיקן מאָרגן פון דער יושרדיקער וועלט. און קאַטשערגינסקי אַליין, דער אַמאָליקער מאַמין אין דער מאָרגנדיקער מענטשהייט, מוז אין נסיונדיקן גורל־מאָמענט, אָן ווערטער, נאָר מיט זיין האַנדלונג, באַשטעטיקן, אַז אונדז יידן קומט אויס צו שטאַרבן צווישן אייגענע, ווייל לעבן צווישן פרעמדע קענען מיר נישט און מען לאָזט אונדז נישט.

וויפל מאָל וועט מען דעם דאָזיקן טראַגישן אמת דאַרפן איבערחזרן? טויזנטער מאָל! טויזנטער און טויזנטער מאָל וועט מען ניט טאָרן אויפהערן צו דערציילן און צו דערמאָנען די יידן אין אַלע עקן וועלט, אַז כמעט אַלע פעלקער האָבן אונדז געמאָרדעט, באַרויבט און געשענדט. יחידים־פעלקער און יחידים צווישן די פעלקער האָבן אונדז געהאָלפן. אָבער די גרעסטע מערהייט האָט זיך צוגעקוקט גלייכגילטיק צו אונדזער טויט און מיט איר פּאַסיוויטעט געהאָלפן צו אונדזער אומקום. מיר קענען דעם דאָזיקן פאַקט נישט פאַרלייקענען צוליב דעם וואָס עמיצן ווילט זיך נישט רעווידירן זיין אַלטע פּאַרטיי־שטעלונג, אָדער צוליב דעם, וואָס עמיצער ווערט דורך דער אינערע געטראָגן אויף די כוואַליעס פון אַן אַמאָליקן אידעאָלאָגישן טעות.

***
***

דאָס לעבן, דער קאַמף און דער אומקום פון ווילנער געטאָ (אפילו דער טראַגישער טויט פון איציק וויטנבערג), איז פאַר אונדז נישט קיין נייעס.

די אַלע, אָדער כמעט אַלע, פּאַסירונגען און געשעענישן זענען אונדז שוין באַקאַנט געווען פון אַנדערע ביכער. ניי איז אָבער פאַר אונדז געווען דאָס ליכט, מיט וועלכן קאַטשערגינסקי האָט באַלויכטן די גרויליקע קייט פון סי־טואַציעס אין געטאָ־לעבן. ניי איז פאַר אונדז נישט דער פּרט, נאָר די שטי־מונג אין וועלכן דער אָדער יענער פּרט איז אויפגעגאַנגען און די רעאַקציע, וואָס ער האָט אַרויסגערופן אין יידישן געמיט. דאָס נייע אין זיין בוך איז נישט געווען דער פאַקט, נאָר דער יידישער גורל, וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך דעם פאַקט.

איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז דער מחבר אַליין האָט זיך נאָך נישט געהאַט אָפּגעגעבן קיין גענוג פולן דין־וחשבון פון דער גורלדיקער יידישקייט, וואָס ער האָט אַנטפּלעקט אין זיין בוך. די שרייבערישע אינטו־איציע גרייפט אָבער טיפער פון מענטשלעכן שכל. דער שרייבער איז דער שליח פון דער אינטואיטיווער אַנטפּלעקונג, ער קען נישט באַהאַלטן איר ליכט, אפילו ווען דאָס שטימט ניט מיט זיין לאָגישן, אָדער אידעאָלאָגישן וועלט־באַנעם. אַ שרייבער איז נישט דער, וואָס רעדט צום פאָלק, נאָר דער דורך וועלכן עס רעדט דאָס פאָלק, די דערקענטעניש פון פאָלק און דער גורל פון פאָלק.

און גאָר אָפט האָט דורך קאַטשערגינסקיס בוך אַרויסגערעדט דער גורל פון אונדזער פאָלק.

אויף דער „אַרישער" זייט, ביים שונא, האָט זיך קאַטשערגינסקי גע־מוזט פאַרשטעלן, געמוזט מאַסקירן דאָס יידישע פּנים, ער זאָל אויסזען גויאיש. און אָט איז ער אין וואַלד, צווישן די פאַרבינדעטע, צווישן די, וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין זיין קאַמף קעגן געמיינזאַמען שונא, צווישן די, וואָס פּלאַקאַטירן זיך תמיד און אומעטום מיט דער לאָזונג פון פעלקער־פריינדשאַפט. און שוין אין דעם ערשטן טאָג ביי זיינע „פריינד" מוז ער ווידער אַמאָל פאַרבאַהאַלטן זיין יידיש פּנים, ווידעראַמאָל פאַרמאַס־קירן זיין יידישן אויסזען, פאַרלייקענען זיין יידישקייט. איז נאָך פאַראַן עפּעס, וואָס רעדט אויסדריקלעכער וועגן יידישן גורל צווישן די פעלקער פון דער וועלט?

מען האָט געפּויקט אין אַלע קעסל־פּויקן וועגן די געציילטע מעדאַליר־טע יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן אין וואַלד געפונען די מעגלעכקייט צו שלאָגן דעם שונא צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער פון אַנדערע פעלקער. עס האָט זיך שיעור ניט באַקומען דער איינדרוק, אַז דער פּאַרטיזאַנער־וואַלד איז געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו יידן האָבן געהאַט שאַנסן דורכצולעבן די מלחמה און זיי זענען אַליין שולדיק, אויב זיי האָבן דעם שאַנס ניט אויס־גענוצט. אויף יעדן פאַל — גיט מען צו — האָט דאָס פאַלן אין וואַלד דאָך געהאַט אַ זין, ווייל עס האָט רעהאַביליטירט דעם יידישן כבוד. ווי אומזי־ניק און פאַלש די דאָזיקע רייד זענען, ווען מען לייענט די באַגלויבטע ווער־

טער וועגן וואַלד־לעבן פון קאַטשערגינסקי. אין וואַלד האָט אויף דעם יידישן לעבן געלאָקערט ניט נאָר דער דייטש, נאָר אויך די שונאים פון דייטש — די אייביקע אַנטיסעמיטישע חיה רעה מיט כלערליי נעמען און כלערליי „אידעאָלאָגיעס״. מען האָט אונדז פאַרגעוואָרפן, און מיר אַליין האָבן שטי־לערהייט פאַרגעוואָרפן די געטאָ־יידן, הלמאי זיי זענען ניט אַוועק אין וואַלד, צום קאַמף, אָבער ווי אַזוי האָט אויסגעזען די לאַגע פון די, וועלכע זענען יאָ אַוועק? אויך אין וואַלד זענען זיי געוועזן מענטשן פון אַ נידעריקערן גראַד, קיין געווער האָט מען זיי ניט געגעבן, מען האָט פון זיי געמאַכט חוטבי עצים ושואבי מים — באַדינער, עסן־גרייטער, קליידער־פאַריכטער פאַר די פאַרטיזאַנישע פאַטריציער, און איז געקומען אַ מאָמענט פון געפאַר, פון דייטשער בלאָקאַדע האָט מען די יידן איבערגעלאָזט אויף הפקר, אויף גאָטס באַראָט און אַליין האָט מען זיך אָפּגעטראָגן מיטן געווער. איז נאָך ווייניק דאָס, וואָס מען האָט די יידן נישט געהאָלפן, נישט געגעבן קיין געווער און נישט געלאָזט קעמפן, האָט מען זיי אויך אַקטיוו געמאָרדעט. פאַר דעם זעל־ביקן חטא, וואָס אַ גויאישער פאַרטיזאַנער האָט באַקומען די לייכטסטע שטראָף, האָט מען אַ ייד דערשאָסן. און אויך אָן אַ חטא האָט מען געשאָסן, געשאָסן מחמת דער אייביקער שנאה צום ייד, וואָס איז גרעסער און טיפער פון אַלערליי אויבנאויפיקע לאָזונגען.

דער דייטש האָט די יידן באַרויבט. אים האָט ניט געלאָזט רוען די לעגענדע וועגן יידישן גאָלד. (אגב, איז די לעגענדע שוין זייער אַלט. יאָ־סעפוס פלאַוויוס דערציילט, אַז אויך די רוימישע לעגיאָנערן האָבן בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים אויפגעשניטן ביי פיל יידן די בייכער, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז יידן האָבן דאָרט באַהאַלטן גאָלד). אויך אין וואַלד האָט די לעגענדע וועגן יידישן גאָלד גערייצט די פאַרטיזאַנישע קאָמיסאַרן. ווי אימהדיק עס ווערט נאָך קאַטשערגינסקיס דערציילונג וועגן דעם ערשטן טאָג זיינעם אין וואַלד, ווען מען באַרויבט יידן פון זייערע זייגערלעך, מאַנט־לען און שטיוול און מען פאַרלאַנגט נאָך פון זיי דאָס באַהאַלטענע גאָלד. ווער טוט דאָס? אונדזערע „פריינד״! אונדזערע „רעטער״! זיי טוען דאָס זעלביקע, וואָס דער דייטש, נאָר מיט מער היפּאָקריזיע, מיט מער צביעות — אָבער מיט דער זעלביקער שנאה צו יידן.

מען האָט נישט געוואָלט דעם יידישן קאַמף, ווייל מען האָט געוואָלט דעם יידישן טויט. אויב יידן האָבן דאָך געקעמפט און קעמפנדיק באַוויזן העלדישקייט, איז דאָס געשען דערפאַר, וואָס יידן האָבן אין זייער דורות־דיקער דערפאַרונג פאַרשטאַנען און געוווסט אויסצונוצן אַזעלכע סיטואַצ־יעס, אין וועלכע מען האָט בעל כרחו געמוזט זיי געבן אַ מעגלעכקייט צו עקזיסטירן. אויב מען דאַרף האָבן אַ ליטווישע פאַרטיזאַנער־באַוועגונג און קיין ליטווינער זענען ניטאָ, מוז מען אָנקומען צו יידן פון ליטע. אין דעם דאָזיקן סימבאָלישן עפּיזאָד איז אויך געגוג בולט כאַראַקטעריזירט די ראָל

פון אונדזערע אייגענע פֿאַרעטער, די זימאַנס, די בערקו פעלדמאַנס אאַז״וו, אאַז״וו.

***

אַ געפיל פון אימה און פחד איז מיך באַפאַלן בעת איך האָב געלייענט קאַטשערגינסקיס פאַרטיזאַנער־בוך, כאָטש אין דעם בוך ווערט דערציילט וועגן יידישער גבורה. מיין שרעק־געפיל האָט זיך נישט גענומען דערפון, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון נייע שונאים, נאָר דערפון, וואָס מיר אַליין און די גאַנצע יידישע וועלט מיט אונדז האָבן זיך איינגעוויגט אין דער אילוזיע, אַז אָט די שונאים זענען גאָר אונדזערע פריינד.

אָט דאָס ניט וויסן ווער עס זענען אונדזערע פיינד, אָט דאָס אָננעמען שונאים פאַר פריינד זאָגט עדות אויף אונדזער פאַרלוירענעם לעבנס־אינ־סטינקט און דאָס דאַרף אונדז אַמשטאַרקסטן שרעקן.

ש. קאַטשערגינסקי איז אפשר ניט אויסן געווען אַרויסצורופן די דאָזיקע שרעק. ער האָט בתמימות געוואָלט דערציילן ווי אַזוי מיר האָבן געשלאָגן דעם שונא. דאָס רירנדיקסטע אין זיין דערציילונג איז אָבער ווידעראַמאָל די געשיכטע, ווי אַזוי מיר זענען געשלאָגן געוואָרן דורך אונדזערע שונאים און „פריינט״. די דערקענטעניש פון אונדזער גורלדיקער לאַגע צווישן שונאים איז אונדזער גרעסטע העלדישקייט.

***

ווערט עמיצער פרעגן: נו, און נאָך דער דערקענטעניש ווי אַזוי זאָלן מיר לעבן? ווי אַזוי קענען מיר אָנהאַלטן אונדזער ווילן צו עקזיסטירן אין אַ וועלט פון שנאה?

דער ענטפער איז, אַז מיר האָבן דאָס פאָרט באַוויזן מיט אונדזער לאַנ־גער געשיכטע. אָבער ס׳איז פאַראַן נאָך אַן ענטפער. לייענט די באַשריי־בונגען פון די קאַמפן פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון דער יידישער מדינה און איר ווערט דערזען ווי וועזנטלעך אַנדערש דער דאָזיקער קאַמף איז פון די קאַמפן אין די גויאישע וועלדער. אויך אין קאַמף פאַר דער מדינה זענען געפאַלן מענטשלעכע לעבנס און עס איז אין זיי צוליב דעם פאַראַן טרויער, עס איז אָבער אין זיי ניטאָ דאָס געפיל פון באַדויער. אויך אין די ישראל־קאַמפן איז דער טויט גרויזאַם, ער איז אָבער ניט פאַרעטעריש. דאָס ערשטע מאָל האָבן מיר פאַר דער בלוטיקער מטבע געקויפט די גאַראַנטיע פאַר אונדזער עקזיסטענץ, בעת ביז איצט האָבן מיר מיט אונדזער בלוט נאָר געשטאַרקט די, וואָס צילן אונדז צו פאַרניכטן.

אָט אַזוי דאַרפן מיר פאַרשטיין די דערקענטעניש פון אונדזער יידי־שער גבורה.

***

און צום סוף:

ניט געקוקט אויף דעם פּרעטענציעזן נאָמען „איך בין געווען אַ פּאַר־טיזאַן", איז דאָס בוך געשריבן מיט אַ לויבנסווערטיקער באַשיידנקייט, וועלכע מיר שאַצן איצט אַזוי שטאַרק אָפּ ביי קאַטשערגינסקין. ער האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעשטעלט זיין העלדישקייט, הגם מען האָט זי געקאָנט אָפּט אָנטאַפּן בידים. דאָס בוך איז אַ געמיש פון דאָקומענטאַרער רעלאַציע און שרייבערישער אַטמאָספער־געשטאַלטיקונג. עס איז אַ בוך, וואָס פאַר־צייכנט פאַקטן און פירט אונדז אַריין אין דער שטימונג אַרום די פאַקטן. די אויטענטישקייט דערהייבט דאָס בוך צו דער מדרגה פון אַ דאָקומענט פון גרויסער היסטאָרישער וויכטיקייט און די געשטאַלטיקטע געמיט־אַט־מאָספער ברענגט דאָס בוך צו דער מדרגה פון אַ ווערק פון ליטעראַרישער ווערטיקייט.

מיט דעם בוך האָט ש. קאַטשערגינסקי קונה געווען זיין אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור אויף אַלע אייביקייטן.

דזשין יאָפּע (פֿאַרייניקטע שטאַטן)

# די לעצטע טעג פֿון שמערקע קאַטשערגינסקי

אָן אַ מאַנטל, מיט דעם פּאָרטפּעל אין האַנט, איז שמערקע אַריינגעשפּרונגען אין וואַגאָן. ווי אַלעמאָל, האָט שמערקע אויך די רייזע, זיין לעצטע רייזע, אונטערגענומען אין געאייל, מיט אימפּעט, אויף זיין שטיל־נערוועזן אופן. אַזוי ווי דאָ וואָלט ער איבערגעלאָזט עטוואָס נישט פֿאַרענדיקט, און דאָרטן דאַרף ער עטוואָס אָנהייבן.

— ס׳עט זיין קאַלט אין מענדאָסאַ ביי די אַנדן־בערג, שמערקע, און איר זייט אָן אַ מאַנטל.

— ס׳עט זיך שוין יאַוועון אַ מאַנטל, מיר וועלן זיך איינאָרדענען.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער פּלאַטפֿאָרם זיך זעגענען מיט עטלעכע פֿריינד, וואָס זענען געקומען אונדז באַגלייטן. און ווי אַלעמאָל, האָט ער אויך דאָס מאָל, צום לעצטן מאָל, „דערליידיקט״ אַ ריי ענינים אויפֿן אָרט, איבערגעגעבן גרוסן, געבעטן אָנקלינגען דעם און דעם, געגעבן עטלעכע אינסטרוקציעס לויטן לוח אין זיין נאָטיץ־ביכלעך; און אַלץ אין מינוטן, די לעצטע מינוטן זיינע אין בוענאָס־איירעס.

ס׳איז געווען דער צווייטער טאָג פּסח, פֿאַרנאַכט. די באַן האָט זיך האַסטיק געוואַקלט און געטרייסלט אויף די שמאָלע רעלסן. די קליינע לעמפּלעך האָבן געוואָרפֿן אַ טונקל ליכט. שמערקע האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, געלייענט און אונטערגעזונגען נומערן פֿון דער הגדה פֿון לאַנגע מאַנוסקריפּט־בויגנס מיט פֿרישן דרוק.

— ווילע חברים אין מענדאָסאַ. זיי זענען ווערט אַ וואַזשנעם סדר. יידן מיט יחוס־ווייַנגערטנער, אַ קליינינקייט.

קעגנאיבער אונדז איז געזעסן אַ טונקל־הויטיקע טשילענערין מיט אַ קינד אין שויס, אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר דריי. זי האָט דאָס קינד געקאָרמעט פֿון אַ פּאַפּירענעם זעקל, אַרומגעווישט דאָס בלייך, רונד פּנימל, אָפּגעשאָרט די גלאַט־שוואַרצע האָר פֿונעם שטערן, עס צוגעטוליעט צו זיך, ביז דאָס קינד האָט צוגעמאַכט די אייגעלעך.

די גאַנצע צייט האָט שמערקע ניט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון דער מוטער מיטן קינד, אַזוי ווי די סצענע וואָלט אים געווען אינטים און וואַרעם, פֿאַמיליאַר און שפּאַנענד ניי און פֿריש. ער האָט זיך איבערגעבויגן צו דער

טשילענערין און אין זיין שוואַכן שפּאַניש איר פאַרגעלייגט צו לייגן דאָס קינד אויף זיין אָרט.

— ערגעץ־ווו וועל איך זיך שוין איינאָרדענען.

און צו מיר האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט טונקעלער שטילקייט:

— אַזוי מוזן קינדער איינשלאָפן אין דער גאַנצער וועלט!

אויף עטלעכע שעה איז ער פאַרשוואונדן; ערגעץ געפונען אַן אָרט און געכאַפּט אַ דרעמל. צוויי פּאַסאַזשירן זענען אַראָפּ און מיר האָבן ווידער געקענט זיצן צוזאַמען. און שמערקע איז געוואָרן רעדעווּדיק, גאָרניט ווי זיין נאַטור. און שמערקע האָט גערעדט, און וועגן זיך אַפילו, גאָרניט ווי זיין נאַטור. און שמערקע האָט אַנטפּלעקט אַפילו פּלענער פאַר זיך, גאָר־ניט ווי זיין נאַטור; זיד־אַפריקע ציט אים; אַ סך ווילנער יידן דאָרטן; די ווילנע, וואָס האָט אים געגעבן זיין אומעטיקן אָטעם און זיין פרייקלעך ליד; און ישראל ציט אים ווידער. אַלטע חברים, נייע ווינקלען; און ענדלעך ציט אים — נאָרד־אַמעריקע, און די שטאָט דעטראָיט, ווו ער האָט זיך דער־וואָרבן חברים, האַרציקע חברים, מיט וועמען ער שרייבט זיך איבער.

— איך האָב צייט; דאָ נאָך פאַראַן אַ סך צו טאָן. אָפּשפּאָרן אַ פּאָר פּעזעס, ליבעלע (זיין טאָכטער) וועט אַביסל אונטערוואַקסן. אַ ניי בוך צו־גרייטן. מיר וועלן זען.

דינסטיק און מיטוואָך, ערב דעם דריטן סדר, איז שמערקע אַרומגע־לאָפן די גאַנצע צייט; עטלעכע מאָל געקומען אַהיים אין האָטעל אַריין בלייך און פאַרזונקען אין צער און פאַרדרוס. די „פּראָגרעסיווע" אין שטעטל האָבן זיך צעיושעט; שוין לאַנג ווי זיי פאַרפאָלגן אים אַלס פאַר־רעטער, און מ׳בונטעוועט זיך מיט אַ באָיקאָט אויף דעם גאַסט. וויל ער דווקא בלייבן נאָך אַ טאָג, און אויף מאָרגן, נאָכן סדר, האַלטן אַ רעפע־ראַט; זאָל זיין פאַר צען, פאַר צוואַנציק מענטשן. זאָלן זיי הערן די קלאַנ־גען פון די איבערלעבונגען וואָס האָבן צעריסן זיין האַרץ און פאַרברענט זיינע יוגנט־חלומות. זאָלן עס הערן די געצײילטע, וואָס וועלן קומען, און אפשר וועט עפּעס פון דעם אַראָפּקאַפּען אויף די אויערן פון די, וואָס זע־נען ספּעציעל פאַרבליבן אין שטוב.

— איך וועל אומבייטן מיין בילעט פון באַן אויפן אַוויאָן, וועל איך אָנקומען אין שטוב פרייטיק בייטאָג; נאָך אַריינכאַפּן אַביסל אַרבעט אין ביוראָ; זיך אַריבערכאַפּן אין שטוב. ליבעלע וואַרט; און זיך אַרויסכאַפּן אין גאַס, זען וואָס חברה מאַכט, און ווי ס׳גייט מיטן דריטן סדר.

דאָנערשטיק שפּעט ביינאַכט איז שמערקע געקומען אין האָטעל אַ צו־פרידענער. ניט קיין צען און ניט קיין צוואַנציק זענען געקומען צו דעם רעפעראַט; נאָר מער ווי הונדערט; דער באָיקאָט איז ניט שטאַרק געלונ־גען, און מענדאָסאַ האָט פייערלעך דערקלערט, אַז ס׳איז אַ גאָר גוטער סימן; אויף מאָרגן נאָך דעם דריטן סדר, דער גרעסטער אַקט פונעם יאָר,

— אַזאַ גרויסער עולם —ביים רעפעראַט! און שמערקע האָט צוגעבאָמ־קעט אומעטיקלעך־שטיל:

— זאָל זיין צום גוטן! זאָל אייך ווויל באַקומען!

איך האָב זיך מיט שמערקען געזעגנט טאַקע דאַנערשטיק שפּעט אין דער נאַכט, נאָך זיין רעפעראַט, און פּרובירט אים אָפּרעדן פון אויפשטיין באַגינען מיך צו באַגלייטן צו דער באַן קיין סאַנטיאַגאָ (טשילע). ער האָט מיר באַוויזן דעם בילעט פאַרן אַעראָפּלאַן און אַ זאָג געטאָן:

— ס׳קאָסט טאַקע מער ווי צוויי מאָל אַזויפיל, אָבער איכ׳ל זיין אין שטאָט אַ סך פריער; און צווייטנס — ווער האָט עס געדולד זיך צו שלעפּן צוריק מיט דער באַן, וואָס וואַרפט ווי אין קדחת. איכ׳ל אָנקומען אין צייט נאָך צו כאַפּן אַ סך חברה אין גאַס!

פרייטיק באַגינען איז שוין שמערקע געשטאַנען אונטן אין האָטעל, און צוזאַמען מיט אַ חבר מיך באַגלייט צו דער סטאַציע.

עס האָט גערעגנט און שמערקע האָט געטראָגן אַ רעגן־מאַנטל.

— אָט, איר זעט, זיך איינגעאָרדנט מיט אַ בגד. טאַקע אַביסל צו לאַנג און צו ברייט, נאָר קיין עין־הרע וועט מען מיר ניט געבן. אין עטלע־כע שעה וועל איך זיין אין בוענאָס־איירעס, אין שטוב, אין גאַס. גריסט די יידן אין די אַנדן־בערג. מירן זיך אַריבערכאַפּן צו זיי מיט דער צייט. גריסט די יידן; גריסט חברים; גריסט די נייע צייטונג.

מיין צוג האָט זיך אַ צי געטאָן פון דער פּלאַטפאָרם, און שמערקע האָט אַריינגעכאַפּט נאָך אַ „שאָלעם״, נאָך אַ זיי־געזונט, און נאָך אַמאָל:

— מיר וועלן זיך זען אין גיכן אין בוענאָס־איירעס!

ה. לייוויק (פאַרייניקטע שטאַטן)

# טייער האַלטן דעם אָנדענק פון ש. קאַטשערגינסקי

9טער מאַי, 1954.

ליבע קאָלעגן י. הרכבי, אַ. זאַק, מ. טורקאָוו און י. יאַנאַסאָוויטש.

איך האָב באַקומען אייער בריוו ווו איר בעט מיך צו באַטייליקן זיך אינעם זאַמלבוך וואָס איר גיט אַרויס לכבוד אונדזער אַלעמענס טייערן שמערקע קאַטשערגינסקי ז״ל.

איר פאַרשטייט מסתמא אליין אז קיין גרעסערע אַרבעט וועגן קאַטשערגינסקין בין איך ניט בכוח צו שיקן אייך. די צייט איז דאָך קורץ. שיק איך אייך נאָר עטלעכע ווערטער. און באמת, איך וואָלט אין אַ גרויסן אַרטיקל נישט געקאָנט איבערגעבן מער אויפטרייסלונג ווי ס'האָט מיך דורכגענומען אין דער רגע ווען איך האָב זיך דערוווסט וועגן דעם שרעקלעכן אומגליק, און ווי ס'נעמט מיך דורך אויך איצט ווען איך שרייב אָט די שורות.

די ידיעה, ווי אַזוי קאַטשערגינסקי איז אומגעקומען, האָט אונדז אַלעמען דאָ דערשיטערט. ס'איז ניט שייך צו ריידן וועגן אומגערעכטיקייט אין שייכות מיט זיין פאַרברענט ווערן אויפן עראָפּלאַן. ד י א ו מ ג ע ר כ ט ק יי ט, דאָס איז נאָך גרויליקער. ער, וואָס האָט מוטיק, פּאַרטיזאַניש געקעמפט קעגן דעם דייטש, קעגן דעם היטלערן, קעגן פאַרברענט ווערן אין דייטשער קרעמאַטאָריע, האָט דאָך ניט אויסגעמיטן צו פאַרברענט ווערן — פייער, פייער!

אַזוי ווונדערלעך מוטיק ווי ער איז געווען! אַזוי ווונדערלעך ערלעך ווי ער איז געווען! אַזוי ווונדערלעך שטאָלץ ווי ער איז געווען, סיי ווען ער איז פאַרטיזאַניש אַרויסגעטראָטן קעגן דעם נאַצי, סיי ווען ער איז אַרויסגעטראָטן, ווען ער האָט דערפילט, אַז ער דאַרף זאָגן זיין אמת, קעגן סטאַליניזם.

מיר האָבן אים אַלע ליב געהאט דאָ ביי אונדז אין ניו יאָרק, ווען ער איז געווען אַ באַטייליקטער אין די סאַמע ערשטע סעסיעס פון קולטור־קאָנגרעס. ער האָט שוין דעמאָלט אונדז אַלעמען אויפגעטרייסלט מיט זיין

רעפעראט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין די וועלדער ווי אַ פּאַרטיזאַן, און וועגן זיינע ביטערע אַנטוישונגען אין די לייט, וואָס ליגנערן מיט טאָטאַלי־טאַרער גאולה.

איך געדענק, ווי איך בין געשטאַנען מיט אים אין פאַרבינדונג, נאָך איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע צום ערשטן מאָל צום קולטור־קאָנגרעס, ווען ער האָט אונדז צוגעשיקט די גרויסע זעלטענע זאַמלונג „לידער פון די קאַצעטן און לאַגערן", כדי דער ציקאָ־פאַרלאַג זאָל עס אַרויסגעבן. ער האָט מיך געבעטן אַז איך זאָל אים העלפן אין דער צונויפ־שטעלונג, אין דער סאָרטירונג פונעם מאַטעריאַל. ער האָט מיך אויך גע־בעטן אַז איך זאָל אָנשרייבן אַן אַריינפיר צום בוך. איך האָב עס זייער גערן אָנגענומען און געטאָן. איך האָב אים געדאַנקט וואָס ער גיט מיר אַ געלע־גנהייט צו זיין כאָטש אַ קליינער שותף אין זיין גרויסער און הייליקער אַר־בעט וואָס ער טוט. מיט וואָס פאַר אַ ציטערניש ער האָט זיך באַצויגן צו יעדן ליד פון דער זאַמלונג, צו יעדן פערז. זיין אייגענער שיינער גייסט האָט געפלאַטערט איבער די געזאַנגען. ס'איז געווען אויך מיין אייגענער געדאַנק, אַז צו אַזאַ הייליקן מאַטעריאַל טאָרן מיר ניט צוגיין מיט אָנגע־נומענע ליטעראַרישע מאָסן. פונדעסטוועגן האָט ער זיך געבעטן אין די בריוו אַז מען זאָל דאָך זיין אַביסעלע שטרענג, כדי די לידער און געזאַנ־גען זאָלן נישט פאַרשעמט זיין קינסטלעריש. זיי זאָלן שטיין אויף דער הויך אויך פון קינסטלערישקייט, טאַקע אין כבוד וועגן פון די געזאַנגען אַליין. — ער האָט אין דעם זין אויפגעטאָן אַ וווּנדערלעכע אַרבעט. הייגט — זיינע אייגענע ווערק פול מיט גבורה, פול מיט יידישער געטריישאַפט, פול מיט באַזונדערן חן. דערצו זיין געזעלשאַפטלעכע ענערגיע, די קוואַלי־קייט פון זיין געמיט.

ס'איז גרויס די אבדה. איך שיק מיין טרייסט אייך אַלעמען און דער־הויפּט צו זיין משפחה, צו זיין פרוי און קינד. טוט אַלץ וואָס איר קאָנט פאַר זיי. טוט אַלץ וואָס איר קאָנט צו טייער האַלטן דעם אָנדענק פון שמערקע קאַטשערגינסקי.

אייער ה. לייוויק

ד״ר יום־טוב לעווינסקי (ישראל)

# נאָך דער מיטה פון מיין תלמיד

די גמרא זאָגט: ווער עס לערנט זיין חברס זון תורה איז גלייך ווי ער וואָלט אים געבוירן. און איך האָב געלערנט שמערקען תורה און גוטע מידות. האָט מיך די ידיעה פון זיין טראַגישן סוף, אין די בליענדיקע יאָרן, שטאַרק געטראָפן, און כאָטש העכער דרייסיק יאָר זענען שוין אַריבער זייט כ׳האָב זיך מיט אים צעשיידט, איז מיר אויפגעשוומען זיין געזיכט פאַר די אויגן, דאָס געזיכט פון דעם 13־14 יאָריקן שמערקע, מיין ליבן תלמיד, און ס׳האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ.

אין יאָר 1922, גלייך ווי כ׳האָב געענדיקט אין ווילנע די העברעאישע לערער־קורסן, בין איך אַנגאַזשירט געוואָרן אין דער ווילנער שטאָטישער תלמוד־תורה, אויף נאָווי גאָס, אַלס לערער און דערציער. די ווילנער שטאָ־טישע תלמוד תורה איז געווען אַ מאָדערנע פאָלקס־שול מיט יידיש אַלס אונטערריכטס־שפּראַך, אַחוץ די העברעאישע לימודים, תנ״ך, תלמוד און יידישע געשיכטע, וואָס איז געלערנט געוואָרן אין עברית. ביי דער שול איז געווען אַ גרויסער אינטערנאַט פאַר איבער דריי הונדערט יתומים, גאַנצע און האַלבע, מערסטנטייל, פאַרוואָרלאָזטע מלחמה־יתומים, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט, נאָכן ערשטן וועלט־קריג און די פויליש־ליטווישע סיכסוכים, ממש אויף דער גאַס. צווישן אָט די לעצטע איז געווען דער קליינער שמער־קע: נידעריקער ווקס, דיקער בייכל און גרויסע קאָפּ־סימנים פון דער „ענגלי־שער קרענק" וואָס האָט אים געפּלאָגט אין די פריע קינדעריאָרן, אַלס רע־זולטאַט פון דער שלעכטער מלחמה־נאַרונג. אַ פּאָר גוטמוטיקע, אַביסל אויסגעקרימטע אויגן, מיט אַ קלוגן שמייכעלע אויף די ליפּן. איך האָב אים דערקענט שוין אַלס אַ צוועלף יאָריקן ייִנגל, פון די עלטסטע בירגער אין דער תלמוד־תורה. די חברים האָבן אים ליב געהאַט, ווייל ער פלעגט טריי פאַרטרעטן זייערע אינטערעסן ביי דער פאַרוואַלטונג פון אַנשטאַלט וווּ ער איז געווען באַליבט און אָנגענומען. אויך די לערער האָבן אים מקרב גע־ווען און זיך גערעכנט מיט זיין דעה.

אַלס יונגער לערער האָב איך זיך פיל אָפּגעגעבן מיט די דאָזיקע יתו־מים און געווען פאַר זיי ווי אַ טאַטע. באַזונדערס האָט זיך שמערקע מיט מיר באַפריינדעט. העברעאיש האָט ער ווייניק אויפגענומען און קוים גע־שריבן אָן אויפזאַץ. יידיש האָט ער אָבער שיין געשריבן, פאַרעפנטלעכט אין

דער קינדער צייטונג לידלעך און דערציילונגען. איך האָב מיט אים באַזונ־דער געלייענט זשיטלאָווסקיס פילאָזאָפישע שריפטן, געגעבן ספּעציעלע לעק־ציעס אין סטיליסטיק און געהאַט מיט אים מערערע שמועסן — אין די זומער־פּעריען, ווען איך בין געבליבן אין אַנשטאַלט אַלס דערציער. ווען ער האָט געהאַלטן ביים ענדיקן די שול, האָב איך זיך משתדל געווען אַז ער זאָל נישט איבעררייסן די לימודים נאָר אַנקומען אין דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. כ׳האָב אָבער נישט געפּועלט, ווייל ס׳איז קיין געלט ניט געווען אין דער תלמוד־תורה־קאַסע, און קאַטשערגינסקי האָט זיך ניט אויסגעצ־ייכנט אין די רעאַלע לימודים. אויסער דעם האָט ער אַליין שוין געוואָלט אַרויסגיין וואָס פריער פון דער קהלישער אפּוטרופּסות און ווערן זעלבסט־שטענדיק. האָט ער אויסגעקליבן דעם דרוקער־פאַך — דעמאָלט אַ גאַר אײנ־טעליגענטער פאַך אין ווילנע. אין די אָוונטן, האָט ער געזאָגט, וועט ער זיך לערנען ווייטער און וועט זיך איינשרייבן אויף אָוונט־קורסן.

איך האָב געמוזט, צוליב פּאָליטישע רדיפות, פאַרלאָזן ווילנע און פּוילן, אין ענדע יאָר 1924. מיט טרערן אין די אויגן האָט מיך שמערקע באַגלייט צו דער באַן און זייט דעמאָלט האָב איך אים יאָרן מער ניט גע־זען. אַ קורצע צייט האָט ער מיר געשריבן, מיר צוגעשיקט קיין בעלגיע אפילו עטלעכע לידער און דערציילונגען. דערנאָך איז ער אַנטשוויגן גע־וואָרן. אַ יאָר צוואַנציק האָב איך פון אים מער ניט געהערט. ביז אין יאָר 1945, ווען כ׳האָב דערהאַלטן, אַלס רעדאַקטאָר פון „רשומות״, פאַרן צווייטן באַנד (נייע סעריע) אַ בינטל פּאַרטיזאַנער לידער געזאַמלט פון פּאַרטיזאַן חנן מגיד (אַ ביאַליסטאָקער בחור, דאַכט זיך, וואָס האָט געקעמפט אין ווילנער געטאָ) און צווישן זיי אַ וויג־ליד פון דיכטער ש מ ע ר ק ע ק אַ־ט ש ע ר ג י נ ס ק י, וואָס מ׳האָט געזונגען אין ווילנער געטאָ און צו וועלכן דער אַכט־יאָריקער קאָמפּאָניסט וואָלקאָוויסקי (אַ זון פון אַ דאָקטער) האָט צוגעפּאַסט נאָטן: „שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן, קברים וואַקסן דאָ״. איך האָב זיך דערוווסט אַז קאַטשערגינסקי איז אויסגעוואַקסן אַ פּע־איקער שריפטשטעלער און דיכטער, איז געווען פון די גרינדער פון ליטע־ראַטן קרייז „יונג־ווילנע״.

ווען ער איז געקומען אויף אַ באַזוך אין ישראל, אין יאָר 1950, האָבן מיר זיך האַרציק צעקושט, ער האָט מיר דערציילט אַביסל פון זיך און זיינע אַמאָליקע תלמוד־תורה־חברים און זיך פאַר מיר מתוודה געווען אַז ער האָט געזינדיקט מיט דעם וואָס ער איז געווען יאָרן לאַנג קעגן ארץ־ישראל און געגלויבט אַז „ממאָסקווע תצא תורה״. ער האָט זיך אַנטוישט. זייט דאַן האָט ער מיר צוגעשיקט אַלע זיינע שאַפונגען און אויף יעדן בוך מיר צו־געשריבן: „מיין טייערן לערער, מיין פריינד״. אין זיין לעצטן בריוו צו מיר האָט ער מיר געשריבן זיינע פּלענער אַלס דירעקטאָר פון „קיום פאַרלאַג״. ער האָט אָבער זיינע פּלענער ניט מער דערגרייכט. און איך האָב פאַרלאָרן מיין תלמיד, מיין פריינד.

פאַליק לערנער (אַרגענטינע)

# שמערקע קאַטשערגינסקי – דער חבר טוב

צווישן אנדערע זאַכן וואָס די יידישע מאָראַל רעקאָמענדירט דעם מענטשן צו דערגרייכן, אויב ער וויל דערגרייכן אַ געוויסע מדרגה פון שלימות און פּערזענלעך גליק, איז אַ גוטן חבר. „יהושע בן פרחיה אומר, עשה לך רב וקנה לך חבר“ (פּרקי אָבות, פּרק ראשון). רבי יהושע בן חנניה, איינער פון די פינף תלמידים פון רבי יוחנן בן זכאי, זאָגט אַז דאָס דעראָבערן זיך אַ גוטן חבר איז איינער פון די אופנים צו גיין אויפן גוטן וועג“. „רבי יהושע אומר, חבר טוב“ (דאָרט, פּרק שני).

אונדזערע חכמים, וואָס זענען בדרך כלל געווען גוטע מענטשן־קענער, האָבן גוט געוווּסט ווי שווער עס איז צו דעראָבערן אַ גוטן חבר. אין אונדזערע צייטן, ווען דאָס וואָרט חבר איז אַזוי באַנאַליזירט און פּאַרבי־ליקט געוואָרן, איז אוודאי נויטיק צו מאַכן דעם געהעריקן חילוק צווישן אַן אמתן און פאַלשן חבר. אין אַ צייט ווען אַ ווילד־פרעמדער מענטש קאָן צו־קומען צו אייך און אייך זאָגן „חבר“, באשר עס איז אין „גוטן טאָן“ פון געוויסע קרייזן וואָס מיסברויכן מיט דעם דאָזיקן פונדאמענטאלן פּרינציפּ פון מענטשלעכן צוזאמענלעבן, איז זייער וויכטיק און נויטיק „בודק צו זיין די ציצית“, אַזוי צו זאָגן, און זען וואָס איז עכט און וואָס איז פאַלש, אויבערפלעכלעך, און דערפאַר שעדלעך.

שמערקע קאַטשערגינסקי איז בלי ספק געווען אַ מענטש מיט אַ סך מעלות טובות, אָבער איינע פון זיינע גרעסטע מעלות איז געווען דאָס קאָ־נען זיין אַ גוטער חבר. איך ווייס ניט צי עס וועט זיך געפינען איין מענטש (אויסער זיינע געשווירענע שונאים צוליב פּאָליטישע מאָטיוון) וואָס וועט קאָנען אָפּלייקענען אָט דעם פונדאמענטאלן אמת וועגן שמערקען, וואָס האָט אין דער היגזיכט פון חברשאַפט דערגרייכט זייער אַ הויכע מדרגה. און זאָל מען מיר הייליק גלויבן, אַז איך זאָג דאָס ניט דערפאַר וואָס שמערקע געפינט זיך שוין אויפן עולם האמת און עס איז דער מנהג נאָכצוזאָגן שבחים אַ נפטר. איך האָב וועגן דעם אַ סך געטראַכט און עס אויך געזאָגט, ווען ער האָט געלעבט. איך האָב זיינע פּאָליטישע קעגנער (און שונאים) ניט איינמאָל געזאָגט אז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט קאָנען דערהייבן צו שמערקע קאַטשערגינסקיס מדרגה פון חברשאַפט און קאָלעגיאַליטעט, איינע פון זיינע שענסטע און איידלסטע אייגנשאַפטן, וואָס האָט אַרום

אים געשאפן אַ שטימונג פון ליבע און אכטונג. בטבע אַן ענטוזיאַסט, איז ער אויך אין זיין חברשאַפט צו מענטשן געווען ענטוזיאַסטיש, מיטן גאַנצן האַרצן, אויפריכטיק און דינסט־גרייט. די וואָס זענען מיט אים געקומען אין קאָנטאַקט, וועלן קיינמאָל ניט קאָנען פאַרגעסן אָט די דאָזיקע אייגנ־שאַפט פון אַ „ווילן יאט", וואָס שמערקע קאַטשערגינסקי האָט פאַרמאָגט.

און איצט, ווען מיר זאָגן אים נאָך דעם דאָזיקן שבח, איז כדאי אונ־טערצושטרייכן אַז די אייגנשאַפט פון גוטער חברשאַפט איז ביי שמערקען געווען ניט בלויז דער פועל יוצא פון זיין כאַראַקטער, נאָר פון דעם וואָס מען קאָן אָנרופן — אַ לעבנס־שול: שמערקע איז פון זיין סאַמע פריסטער קינדהייט אויסגעשמידט און אויסגעפורעמט געוואָרן אין אַ סביבה ווו די אויפריכטיקע חברשאַפט איז געווען דער עיקר־העיקרים. אַן אָפּשטאַמיקער פון דער ווילנער יידישער פאָלקסטימלעכקייט, איז זיין ערשטע גייסטיקע און עמאָציאָנעלע שול געווען „יונג־ווילנע", אַ קרייז אין וועלכן ער האָט אַריינגעגאָסן זיין קוואַליקן ענטוזיאַזם און אין דער סביבה פון נאָך אַזעלכע ווי ער זיך דעראָבערט די גוטע מידה פון אויפריכטיקער חברשאַפט. די דאָזיקע סביבה, דער דראַנג צו דינען יענעם און צו באַקומען אָפּגעצאָלט מיט פריינטשאַפט פאַר פריינטשאַפט, האָבן ביי אים אַנטוויקלט אַ חוש פאַר חברשאַפט פון זעלטענער אייגנאַרטיקייט. דאָס בלויזע באַגעגענען זיך מיט שמערקען און דאָס שמועסן מיט אים אַ ווײַלע, האָט אייך געגעבן דאָס געפיל פון האַרציקער חברשאַפט, פון קאָלעגיאַליטעט.

מיט דער דאָזיקער גוטער מידה פון אויפריכטיקער חברשאַפט איז ער שפּעטער דורכגעגאַנגען דעם שווערן און פּיינפולן וועג פון נאַצי־רדיפות, געטאָ און פּאַרטיזאַנקע. די דאָזיקע שווערע נסיונות האָבן ביי אים ניט נאָר ניט צוגענומען זיין איינגעבוירענע מידה פון חברשאַפט, נאָר זיי האָבן זי נאָך מער פאַרשטאַרקט, געלייטערט. שמערקע האָט אין די יאָרן פון געטאָ, קאַמף אין די וועלדער און וואַנדער זיך אָנגעזען סיי מיט מענטשלעכער רישעות, גרויזאַמקייט און בייזוויליקייט און סיי מיט מענטשלעכער גוטסקייט און פיינפילנדיקייט. ער האָט זייער לייכט געקאָנט אַריינפאַלן (ווי עס האָט לײַדער פּאַסירט מיט אַ סך אַנדערע) אין דעם תהום פון מענטשלעכער געפאַלנקייט. עס האָט זיך צו אים (ווי עס האָט פּאַסירט מיט אַנדערע) געקאָנט „צוקלעפּן" דווקא דאָס שלעכטע וואָס די יאָרן פון נאַצי־הערשאַפט האָט געבראַכט מיט זיך אין איר וואַקכאַנאַליע פון פאַרפאָלגונג און אויסראָטונג פון מיליאָנען מענטשן און יידן. ווייסן מיר דאָך פון הונדער־טער רעפערענצן פון יענע יאָרן, וויפל פון אונדזערע אייגענע ברידער עס זענען נכשל געוואָרן און געזען אייגענע רעטונג אין נאָכטאָן די מעטאָדן פון דעם העסלעכן שונא. לײַדער איז דער נסיון געווען אַ צו שווערער אַז מענטשן פון שוואַכן כאַראַקטער זאָלן אים אויסהאַלטן. בלויז געציילטע האָבן באַ־וויזן דורכצומאַכן דעם דאָזיקן שווערן עקזאַמען און אַרויסקומען פון אים

גאַנץ און אומבאַפלעקט. שמערקע איז געווען פון אַט די יחידי סגולה, וואָס האָבן זייער מענטשלעכקייט דורכגעטראָגן דורך טויזנטער פייערן און זי פון דאָרט אַרויסגעבראַכט אַ נאָך מער געלייטערטע און ריינע.

און וואָלטן מיר ניט געלעבט אין אַזאַ ביטערער צייט, ווען די פּאַר־טייאישע דאָגמע און דער פּאָליטישער אייפער געוועלטיקן איבער די מענטשלעכע געפילן און דערפירן זיי צו דער מדרגה פון פאַרקריפּלונג, בין איך זיכער אַז עס וואָלט זיך ניט געפונען קיין איין מענטש, און אוודאי ניט קיין איין ייד, וואָס זאָל וואגן צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט וועגן שמערקע קאַטשערגינסקי, דאָס פאָלקסטימלעכע קינד פון דער יידישער ווילנע, וואָס האָט אין מאָמענטן פון נסיון מפקיר געווען זיין אייגענע זיכערקייט און איינגעשטעלט זיין אייגן לעבן אויף צו ראַטעווען יידישע גייסטיקע ווערטן, וואָס זענען אַזוי טייער אונדזער פאָלק. עס וואָלט זיך ניט געפונען קיין ייד וואָס זאָל זאָגן איין שלעכט וואָרט וועגן אַט דעם העלד, וואָס האָט זיין אָרעם לייב און לעבן געשטעלט אין קאָן אויף צו קעמפן קעגן די רוצחים פון אונדזער פאָלק און נעמען נקמה פאַר דעם אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט.

ליידער לעבן מיר אין אַ שלעכטער צייט, ווען פּאַרטייאישער פאַנאַטיזם און פּאָליטישע ליידנשאַפט מאַכן אַ תל פון די איידלסטע מענטשלעכע איי־גנשאַפטן. עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פון צו באַליידיקן שמערקען, אויסטראַכטן אויף אים ניט־געשטויגענע ביל־בולים און באַשמוצן זיין גוטן נאָמען. און ווער עס קען די אנטעצעדענטן פון אַ סך פון זיינע באַשמוצער, ווייסט אַז זיי זענען אַפילו ניט ראוי געווען צו שטיין אין זיינע דלד אמות, ווייל אין דער צייט וואָס ער האָט געליטן און געקעמפט, זענען זיי, זיכערע, געזעסן אויף דער זייט ים און זיך געשפּילט אין פאַפּירענער העלדישקייט. אין דער צייט וואָס ער האָט מיט דער ריזיקע פון זיין אייגן לעבן געראַטעוועט יידישע גייסטיקע ווערטן, האָבן זיי דאָ געלעבט אַ גוטן טאָג און זיך כלומרשט צעריסן דעם ספּאָדיק פאַרן כבוד פונעם יידישן פאָלק. און פאַרוואָס האָבן זיי דאָס געטאָן? דערפאַר ווייל שמערקע האָט ניט געקאָנט אַראָפּשלינגען אַ גלייכגילטיקער דעם חורבן פון דעם יידישן לעבן און פון דער יידישער קולטור אין אַ געוויסן לאַנד מיט וועלכן זיי שפּילן אַ ליבע. אויך דאָ האָט שמערקע אַרויסגעוויזן זיין כאַראַקטער פון אויפריכטיקייט. טראָץ דעם וואָס ער האָט אין דער יוגנט און אין רייפן עלטער געהאַט די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס פאַר דעם דערמאָנטן לאַנד אין וועלכן ער האָט געזען די אויפריכטונג פונעם יידישן לעבן, האָט ער אָבער ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן זיין טיפע אַנטוישונג און זיין פאַרדראָס, ווען ער איז געקומען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער ווירקלעכקייט און דערזען וווהין מען פירט דאָס יידישע לעבן. זיינע פאַראויסזאָגונגען תיכף

נאָכן קריג בנוגע דעם יידישן לעבן און דער יידישער קולטור אין יענעם לאַנד, האָבן זיך לײַדער באַשטעטיקט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט.

צום גליק, האָט שמערקע קאַטשערגינסקי אָנגעטראָפן ביי אונדז מער פריינד ווי שונאים. די וואָס האָבן אים געזידלט און באַשמוצט זענען אַ ניש־טיקע מינדערהייט און ווער ווייסט צי אין די טיפעניש פון זייער געוויסן ווערן זיי ניט אויפגעפרעסן פון חרטה פאַר האָבן באַליידיקט און פאַרלוימדעט דעם וואָס האָט געוואָגט צו זאָגן אַן אויפריכטיק און מוטיק וואָרט וועגן אַן ענין וואָס פייניקט דאָס געמיט פון יעדן אויפריכטיקן יידן? קאַטשערגינסקי האָט שוין זיינע חשבונות מיט דער וועלט אונטערגעצויגן; זיין פינצטערער גורל האָט אַזוי געוואָלט און מען קאָן זיך גאָרניט העלפן. זיינע שונאים און פאַרלוימדער אָבער, וועט נאָך ניט איינמאָל אויסקומען נאָכצוטראַכטן צי זענען זיי ניט באַגאַנגען אַ נבלה מיטן באַשמוצן אַ מענטשן וואָס האָט זיין צלם אלוקים דורכגעטראָגן דורך טויזנט פייערן און איז מיט אים אַרויסגעקו־מען אַ ריינער, אַן אומבאַפלעקטער.

אויף צו פאַרענדיקן די דאָזיקע ווערטער צום אָנדענק פון חבר שמערקע קאַטשערגינסקי, וויל איך דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד, וועלכער ברענגט אויף אַ בולטן אופן אַרויס די איידעלע אייגנשאַפט פון שמערקעס גוטער חברשאַפט. עס האָט פּאַסירט אַט וואָס: פאַראַיאָרן, ווען ער האָט באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, קום איך אין אַ פאַרנאַכט אַריין צו דער אַרבעט אין „די פּרעסע" און טרעף אַ לופטפּאָסט־בריוו אויף מיין אַדרעס פון — דע־טראָיט, פאַראייניקטע שטאַטן. אַ בריוו צו מיר פון דעטראָיט? פון וועמען קאָן דאָס זיין?... מיט פאָרדן אָדער אַנדערע אויטאָמאָביל־מאַגנאַטן האָב, ווי באַ־ווּסט, ניט קיינע געשעפטן. איך האָב אויך ניט קיין קרובים און קיין לאַנדס־לייט אין דעם מעקאַ פון דער אויטאָמאָביל־אינדוסטריע.

איך עפן אויף דעם בריוו און נעם לייענען — עס איז פון שמערקע קאַ־טשערגינסקי. ער געפינט זיך אויף זיין טור גראַדע אין דעטראָיט און ער שרייבט מיר אַ בריוו. וואָס־זשע אַ שטייגער האָט אים געקאָנט באַוועגן צו שרייבן מיר אַ בריוו אין סאַמע ברען פון זיין רייזע, אויף וועלכער ער האָט צענדליקער אַנדערע פּראָבלעמען און זאָרגן? הערט און שטוינט! ער האָט מיר געשריבן אַ בריוו אויף צו דערמאָנען מיך אַז — דעם 5טן אַפּריל פון 1953 ווער איך אַלט פופציק יאָר. ער באַגריסט מיך און זאָגט דערביי אַרויס זיין מיינונג אַז עס וואָלט געווען אַ יושר אַז די יידישע געזעלשאַפט זאָל עס בע־מען אין אַכט. ער האַלט אַז עס איז אַן ערנסטע געשעעניש ווען אַ יידישער פען־מענטש וואָס שטייט צו דינסט דער געזעלשאַפט טאָג־טעגלעך ווערט אַ בעל־יובל.

עס איז איבעריק דאָ צו זאָגן אַז ווען איך געפין אין דעם קאָנווערט אַ טשעק אויף צען טויזנט דאָלער, וואָלט איך ניט געווען געהאַט אַזאַ נחת־רוח, ווי עס האָט מיר פאַרשאַפט אַט דער דאָזיקער בריוו פון דעם שטענדיק

הברישן און האַרציקן שמערקען. אַ געפּיל פון שטאָלץ און דאַנקבאַרקייט האָט מיך אַרומגענומען פון אָט דער מתנה וואָס דער גורל האָט מיר צוגעטיילט, אַז אַ מענטש וואָס געפינט זיך אין די מרחקים זאָל אין זינען האָבן אַז מיין וויניקייט ווערט אַלט פופציק יאָר. איך האָב אין דעם דערזען אַ מין שכר וואָס די השגחה האָט מיר צוגעשיקט פאַר מיין באַשיידענעם ביישטייער צום יידיש-געשריבענעם וואָרט.

איך מיין אַז פירושים זענען איבעריק. וואָס פאַראַ מאָטיוון האָט שמערקע געהאַט צו שרייבן מיר אַזש פון דעטראָיט אַז איך ווער אַלט פופציק יאָר און מיך באַגריסן? קיין באַזונדערע טובות האָט ער פון מיר ניט דערוואַרט. ער האָט דאָך געוווסט אַז מיין ראָלע אין דעם עפנטלעכן לעבן איז אַ באַשיידענע און אַז מיין פערזענלעכער פּאַטרימאָניום איז אויך ניט אַזעלכער וואָס זאָל איינעם אָנרעגן צו וועלן זיין מיט מיר אין גוטע באַציאונגען. עס האָט זיך דאָ ניט געהאַנדלט אין עפּעס אַנדערש ווי אין דעם געפיל פון אַ גוטן און אויפריכטיקן חבר, וואָס האָט פון דער ווייטנס אַפילו ניט געוואָלט פעלן צווישן די וואָס האָבן מיך באַגריסט. און עס איז כדאי אַז מען זאָל וויסן: ער איז געווען דער ערשטער עס צו טאָן.

מיטן טויט פון שמערקע קאַטשערגינסקי האָבן מיר פאַרלוירן דאָס וואָס אונדזערע חכמים האָבן רעקאָמענדירט צו דערוואַרבן זיך צווישן אַנדערע דערגרייכונגען, וואָס מאַכן דאָס לעבן פון דעם מענטשן רייכער און דערהויבענער: אַ גוטן חבר. שמערקע איז געווען דער סינאָנים פונעם חבר טוב און זערפאַר פילן מיר אַזוי אינטענסיוו די אבידה און מיר באַדויערן זי פונעם גאַנצן האַרצן. דאָס לעבן איז אַ געדיכטער דזשאָנגל פון מיטפאַרשטענדענישן און ביייזוויליקייטן וואָס פאַרביטערן בשוגג און במזיד דאָס מענטשלעכע געפיל. דאָס געפינען אַ גוטן און אויפריכטיקן חבר איז אָט שום ספק אַ קאָמפּענסאַציע אינצווישן אָט דער דאָזיקער ביטערקייט. וויינען מיר דערפאַר און מיר קלאָגן אויפן טויט פון איינעם וואָס איז געווען אַ גוטער אויפריכטיקער חבר — אויפן טויט פון שמערקע קאַטשערגינסקי.

*יהי זכרו ברוך!*

מענדל מאַן (ישראל)

# שמערקע קאַטשערגינסקי

עס איז שווער צו גלויבן, אַז שמערקע קאַטשערגינסקי איז שוין מער ניטאָ. אַט דער לעבעדיקער אימפּולסיווער, גוטהאַרציקער חבר, דאָס קינד פון ווילנער יידישער פאָלקסמאַסע — דער וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון יידישער האָרעפּאַשנער אָרעמקייט און אַרויסגעטראָגן פון דאָרט אַזאַ געליי־טערטקייט, אַזאַ וואַרעם האַרץ און איבערגעגעבנקייט צו יידיש לשון, צו יידישער קולטור.

אָט, דוכט זיך איז עס געווען נעכטן. לאָדזש 1946. אַ קינדערפּייערונג אין אַ גרויסן זאַל. די ערשטע יידישע קינדערפּייערונג אין חורבן פּוילן. הונ־דערטער געראַטעוועטע קינדער אויף דער בינע — און צווישן זיי שמער־קע. איך קוק זיך איין אין דעם קליינוווקסיקן יונגן מענטש, זע זיינע אומ־רואיקע הענט וואָס דיריגירן אַן אייגן אָנגעשריבן ליד און שפּיר זיין טרערנ־דיקע פרייד לויט דעם גלאַנץ פון קינדערישע אייגעלעך. ער שרייבט אַ קינ־דער־פּיעסע וואָס גייט מיט דערפאָלג.

און ווידער זע איך אים: אַ מסיבה פון געראַטעוועטע יידישע שרייבער. דוכט זיך איינע פון די ערשטע שרייבער־פאַרזאַמלונגען אין נאָך מלחמה־דיקן פּוילן. דער פּחד פון די גרויליקע טעג ליגט נאָך ביי אַלעמען אין די מי־דע אויגן, און שוין רוקט זיך אָן אַ וואָלקן, אַ נעפּל פון מזרח וואָס פאַרהילט אין אומבאַקאַנטקייט אונדזער מאָרגן, דעם מאָרגן פון יידיש, פון יידישן שאַפן. שמערקע צינדט זיך אָן: „וואָס שווייגט איר, יידישע שרייבער! מיר זענען ניט געבליבן לעבן כדי איצט, גייסטיק פאַרטיליקט צו ווערן! איך בין געווען דאָרט און געזען: ניטאָ דאָרט קיין יידישע שולן, קיין יידיש לעבן!" — אַלע שווייגן. דער פּחד פון נעכטן און פון היינט מישט זיך צונויף. אין זאַל שפּיזלט ווער מיט בייזע אויגן. דוכט זיך שמערקעס גורל איז געחתמעט. וואָס וועט זיין מיט שמערקען? מען וועט אים ניט פאַרשווייגן. דאָס איז דאָך קעגן מלכות! גוטע פריינד עצהנען: „פאָר אַוועק, קאַטשערגינסקי, נאָך היינט". „די גרענעצן זענען האַלב אָפן, טו עס גלייך". שמערקע איז אָבער געבליבן נאָך אַ צייט אין פּוילן. מיר האָבן זיך אין יענע טעג אָפט באַגעגנט אין דער איינציקער יידישער שול אין לאָדזש...

אַן אומרו האָט אים געטריבן. אים האָט זיך געדוכט אַז ער האָט פאַר־לוירן אַזויפיל יאָרן אין ווילנער געטאָ, אויף דער אַרישער זייט ווי אַ טויב־

שטומער, אין וואַלד ווי אַ פּאַרטיזאַנער. דער אומרו האָט אים שעפּעריש געמאַכט. ער האָט ניט געוווסט, אַז אַ דאַנק אים און זיינע חברים, יידישע שרייבער פון די געטאָס איז יידיש היילק געוואָרן לדורות.

שווערע קלעפּ באַקומט איצט אונדזער אויסגעפּייניקטע יידישע ליטע־ראַטור. עס גייען אַוועק יידישע שרייבער. אַזאַ טראַגישן שניט איז שווער בייצוקומען. איצט איז אַוועק אַזוי אומגעריכט און אַזוי טראַגיש שמערקע קאַטשערגינסקי, ניט נאָר אַ יידישער שרייבער איז אַוועק נאָר אַ יידישער קולטור־בויער פון אַ פאַרנעם.

ד״ר א. מוקדוני (פאַרייניקטע שטאַטן)

# ש. קאַטשערגינסקיס „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן״

דאָס איז דאָס ליבסטע בוך אין דער חורבן־ליטעראַטור.
דאָס איז דאָס טרייסט־בוך אין אונדזער טרויער־ליטעראַטור.
פון יעדער שורה שרייט אַרויס:
נחמו, נחמו עמי, זייט געטרייסט יידן, מיר האָבן געשלאָגן די דייטשן צוריק.
מיר האָבן געפירט מיט זיי אַ מלחמה.
און הונדערטער, טויזנטער דייטשע מערדער זענען געפאַלן פון יידישע קוילן און יידישע דינאַמיט־אויפרייסן.
דאָס דערציילט אונדז דער טייערער ש. קאַטשערגינסקי אין זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן״.
דער שרייבער, דער דיכטער האָט גענומען אַ ביקס אין האַנט, אַוועק אין וואַלד, אויפגעזוכט אַ חברה פּאַרטיזאַנער, קאָמוניסטישע פּאַרטיזאַנער פון סאָוועט־רוסלאַנד, און ער האָט מיט זיי צוזאַמען פון זייערע באַהעלטע־נישן אין די וועלדער געשלאָגן די דייטשן מכות־רצח.
ש. קאַטשערגינסקי האָט אַ גאַר באַזונדערן טאַלאַנט צו דערציילן די סאַמע גרויליקסטע געשעענישן פּשוט און עפּעס גוטמוטיק שמייכלענדיק.
דער טויט יאָגט זיך נאָך אים און ער דרייט זיך אַרויס פון זיינע קאַלטע הענט, ער שלמעוועט איבער דעם אַלטן, פלינקן און דורכגעטריבענעם מלאך־המות.
ער שפּילט דאָ נישט דעם העלד, ניין, ער האָט דאָס פיינט.
ער דערציילט אַלץ מיט דער גרעסטער פּשטות.
ער וויל גאָרנישט איר זאָלט אים האַלטן פאַר אַ העלד. יענער שפּילט אַ קאַץ־און־מויז־שפּיל מיטן אַלטן, דורכגעטריבענעם מלאך־המות, איז וואָס פאַר אַ העלד איז ער?
ער איז אַ ייד, אַ דיכטער און מען לויערט אויף זיין לעבן און אויף דעם לעבן פון אַלע יידן, ראַטעוועט זיך און אויך אַנדערע יידן.
אָט אַנטלויפט ער פון דער געטאָ.
אָבער ער זאָגט:

„געטאָ, דיך פֿאַרגעסן וועל איך קיינמאָל נישט!‟
און ער פֿאַרגעסט נישט, נישט נעכטן און נישט היינט.
דאָס זאָגט עדות זיין בוך, דאָס טייערסטע בוך אין אונדזער חורבן־ליטעראַטור.

דער טויט נעמט אָן הונדערטער געשטאַלטן:
אַט האָט ער זיך געראַטעוועט, ער גייט אַרום פֿריי.
מיטאַמאָל דערפֿילט ער אַ מענערישע האַנט אויף זיין פּלייצע —
— קאַטשערגינסקי?
ער דערקענט, אַז די האַנט געהערט צו אַ באַקאַנטן קאָמוניסטישן ליטווישן זשורנאַליסט.
דאָ האָט איר דעם מלאך־המות אין דער געשטאַלט פֿון אַ שרייבער.
— גאָלד האָסטו? — דונערט דער ליטווישער קאָמוניסט.
זאָגט ער צום קאָמוניסטיש־ליטווישן מלאך־המות:
— ווי קומט צו מיר גאָלד, און אויף וואָס באַדאַרפֿסט איר גאָלד?
— דאָס וועל איך דיר זאָגן אין געשטאַפּאָ.
— האָסטו גאָלד? — שרייט ער אויס נאָך אַמאָל.
דערקלערט אים קאַטשערגינסקי, אַז ער האָט קיין גאָלד נישט, ער קען דאָך אים, ער איז אַ שרייבער, נישט קיין גאָלד־שאַרער, ער וועט אים אָבער פֿירן אין דער געטאָ און ער וועט שוין זען, אַז ער זאָל באַקומען גאָלד.
פֿאַרשפּאַרט אים דער קאָמוניסטישער זשורנאַליסט אין זיין צימער — מאָרגן וועט ער גיין מיט אים אין געטאָ.
ברעכט ער אויף ביינאַכט די טיר און לאָזט זיך אין אַן אַנדער הויז.
...און דאָ געפֿינט ער אַ פֿול הויז מיט זיינע פֿריינט און באַקאַנטע, זיי באַהאַלטן זיך אויס דאָ.
און דאָ באַקומט ער אַ פֿאַלשן פּאַספּאָרט מיט אונטערשריפֿטן פֿון אַ טוץ הויכע פּאָליציי־לייט און גענעראַלן אפֿילו.
אָבער אַ טויב־שטומער איז ער, אַזוי איז אָנגעגעבן אין פּאַספּאָרט, דאָס איז אַ סגולה, אַז מען זאָל נישט דערקענען לויט זיין אויסשפּראַך, אַז ער איז נישט קיין אמתער פּאָליאַק.

***

גייט ער איבער וועגן און שטעגן ווי אַ טויב־שטומער אַריער, די נאַכט רוקט זיך אָן און דער טויב־שטומער נעבעך נעכטיקט ביי אַ פּויער אויפֿן אויוון.
הערט ער ווי די פּויערים שמועסן, אַז ביי דער גרעפֿין איז דער קוכער אַוועקגעפֿאַלן.
לאָזט ער זיך גאַנץ פֿרי צו דער גרעפֿין, אַן אַלטע, אַ 90 יעריקער סקע־

לעט איז זי. ער ווערט אַ קוכער, ער קאָכט פאַר דער גרעפין אירע מאכלים, קאַרטאָפל, קאַשע מיט הינערשע לעבערקעס.

און איין מאָל זאָגט זי צו אים, דעם טויב־שטומען:

— וואַצעק, וואַצעק, וואָס וועט זיין, אַז אויך דו וועסט מיר שטאַרבן?

ווערט דער טויב־שטומער קאַטשערגינסקי מלא־רציחה — אָט דער הויפןביינער קלייבט זיך אים איבערצולעבן... און ער שרייט איר אַריין אין אויער:

— איך וועל נאָך דיך איבערלעבן.

און ער לאָזט זיך ווייטער איבער די געפערלעכע וועגן און שטעגן.

ער ווערט פיל מאָל אַרעסטירט, ער איז אויסגעווען אין אַ טויט געטאָס, און ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע שחיטות אויף יידן איז ער אַנט־לאָפן צום לעצטן מאָל.

ביז ער דערשלאָגט זיך צו אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין אַ וואַלד.

און וועגן דעם שרייבט ער אין זיין בוך אויספירלעך.

און ער וואָרנט די לייענער —

פון דער פּאַרטיזאַנער־לעגענדע וועט ער דאָ און דאָרט אַראָפּרייסן איר גרינעם שלייער.

אויף אַ סך שאָטן וועט זיך דער לייענער אָנשטויסן.

אָבער אויך אויף פרייד, פרייד פון דער זיסער און גערעכטער נקמה.

דער יידישער פּאַרטיזאַן האָט נישט באַגעגנט אפילו אין וואַלד קיין אָפע־נע ברידערלעכע אָרעמס, דער יידישער פּאַרטיזאַן האָט דורכגעמאַכט אַ גיהנום אפילו אין וואַלד.

אָבער סוף כל סוף איז ער געוואָרן אַ גלייכער מיטגליד און ער האָט געשלאָגן די דייטשן, געשלאָגן מכות־רצח.

אָבער איידער ער באַשרייבט דאָס לעבן אין וואַלד באַקומען מיר פון אים ידיעות וועגן דעם שטאָטישן יידן פון ווילנע, די יידישע שטאָט, וועלכע איז פון די נאַציס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם שרעקלעכסטן וואַלד.

דאָ האָט איר אַ בילד ווי די דייטשע ציניש מערדער האָבן „געאַרבעט" אין ייוואָ.

דאָ האָבן זיך פאַרקליבן דייטשן פון ראָזענבערג־שטאַב, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט רויבן קולטור־אוצרות.

זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ שטאַב פון יידישע געלערנטע און שריפטשטע־לער, וואָס האָבן געטאָן פאַר זיי די שוואַרצע אַרבעט, ווי סאָרטירן די ביכער און די אַנטיקן און פאַקן זיי אין באַזונדערע קאַסטנס —

אָרדענונג, סיסטעם מוז זיין!

איר באַקומט דאָ אַ בילד וועגן אַן אַרבעט פון קולטור־מחבלים, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן ווי אַ היישעריק אויף דער יידישער קולטור.

זיי האָבן געאַרבעט עפּעס מיט אַ וואַנדאַליסטיש־סאַדיסטישער הנאה.

אוצרות פון בלייענע מאַטריצן, וואָס האָט זיך פאַר הונדערטער יאָרן אָנגעזאַמלט אין ליטע, זענען איינגעפּאַקט געוואָרן און אַוועקגעשיקט געוואָרן גלייך אין דייטשלאַנד.

בליי, אַ קלייניקייט, דער נויטיקסטער פאַר מלחמה מעטאַל!

יידישער גייסט, וואָס איז געלעגן אין בליי האָט געשאָסן, און אפשר אויך אויף יידן...

ער, ש. קאַטשערגינסקי, אַרבעט אויך אין ייוואָ, און ער ראַטעוועט, ראַטעוועט וואָס נאָר עס איז מעגלעך.

אָבער די מעגלעכקייטן זענען קליינע.

אגב, איז אים באַשערט געווען צו זיין כסדר אין דער רעטונגס־אַרבעט פון דער יידישער קולטור.

שפּעטער, נאָכן פאַלן פון היטלער, האָט ער פּרובירט ראַטעווען ייוואָ־אוצרות פון די רויטע.

אָבער אויך דאָ אָן דערפאָלג, מיט אַ סך ווייניקער דערפאָלג, ווייל די אוצרות, וואָס די דייטשן האָבן צוגערויבט, האָט ייוואָ סוף כל סוף באַקומען צוריק מיט דער הילף פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג.

אָבער די רויטע וואַנדאַלן האָבן די טייערע אוצרות איבערגעקאָכט אין ניי פּאַפּיר צו דרוקן זייער פּראָפּאַגאַנדע...

**
*

און אָט איז ער אין וואַלד.

דער וואַלד איז פול מיט יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך.

אָבער דאָס זענען נאָך נישט די פּאַרטיזאַנער, די אמתע, דאָס הייסט די סאָוועטישע; זיי איילן זיך נישט אויפצונעמען די געסט, די נייע פּאַרטיזאַנער.

דער וואַלד איז געדיכט מיט חשד; אין שרעק, זאָגט מען, זענען די אויגן גרויס. אין דעם פּאַרטיזאַנישן וואַלד איז דער חשד נאָך גרעסער.

יעדער נייער, אָדער נייע, זענען שפּיאָנען, און חשד ווייסט נישט פון קיין לאָגיק, וואָרום חשד אין וואַלד איז געמישט מיט טויט־שרעק. איז גיי מאָן לאָגיק ביי אַזאַ געמיש.

דער חשד וויל נישט וויסן, אַז יידן, וואָס ווערן אויסגעמאָרדעט פון דייטש, וועלן נישט שפּיאָנירן פאַרן דייטש.

און ווען מען ווערט שוין אַ פּאַרטיזאַנער קומט די ביטערע אַנטוישונג — נישט אַלע פּאַרטיזאַנער זענען דאָ אין וואַלד אין נאָמען פון אַן אידעאַל, אין נאָמען פון דעם פאָטערלאַנד, וואָס דער שונא וויל רואינירן.

ביין, אין וואַלד, צווישן די פּאַרטיזאַנער, זענען דאָ מענטשלעכע וועלף, און ווי וועלף האָט זיי געצויגן אין וואַלד אַריין.

און די גרינע לעגענדע ווערט דאָ און דאָרט אויס לעגענדע.

קאַטשערגינסקי נעמט אַראָפּ דאָ און דאָרט דעם שלייער פון דער לע־גענדע.

אָבער עס זענען דאָ אַ סך בראַווע יידישע מענער און פרויען אין דער פּאַרטיזאַנקע, זיי זענען אין וואַלד מיט דער איינציקער הייליקער שליחות נקמה צו נעמען פון די דייטשע מערדער פון דעם יידישן פאָלק.

און דער בראַווסטער צווישן די בראַווסטע איז קאַטשערגינסקי.

ער דערציילט עס נישט, פאַרשטייט זיך, וועגן זיך, ער טיילט נישט אויס זיך אַליין, חלילה, אָבער פון דעם ווי ער דערציילט וועגן אַנדערע דער־זעט איר אים אַליין.

איר דערזעט פאַר זיך אַ וואונדערלעכן יידישן מענטשן, אַ דיכטער, אַ שרייבער און אַ מענטש פון מעשים ווען די לאַגע און די צייט פאָדערט עס.

און אַלץ טוט ער מיט אַ זעלטענער ריינקייט און שיינקייט.

אין דעם בוך פון צאָרן און נקמה לויפן דורך דינע, גליענדיקע שנירע־לעך פון מענטשלעכקייט.

אָט דערציילט ער קורץ ביז גאָר וועגן דעם דיכטער סוצקעווערס פרוי. ווי זי ציטערט פאַרן גורל פון איר אברהמלע, פון איר אַבראַשינקע.

זי איז אינגאַנצן עפּעס הייליקייט, אָבער אין דער זעלביקער צייט ענער־גיש, קלוג און טיכטיק.

אָט איז אַ קורץ מעשהלע וועגן דער דאָזיקער פריידעלע:

די געסטאַפּאָ האָט זי אַרעסטירט און האַלט זי אין תפיסה.

ווערט אין ווילנער געטאָ אַ טומל און מען זוכט און מען קריגט מיטלען ווי צו באַפרייען זי.

און אָט רופט מען זי אַרויס, אַ דייטש הייסט זי גיין, זי איז פריי.

— און וווּ איז מיין מאַן? — פרעגט פריידעלע, — אָן מיין מאַן גיי איך נישט!

הייבט אָן דער געשטאַפּאָניק אַרויסרופן סוצקעווער, אַלע אַרעסטירטע גייען אַרויס פון זייערע תפיסה־צימערלעך, צווישן זיי איז אָבער סוצקעווער נישטאָ.

לויפט צו פריידעלע צו איינעם, נעמט אים אונטערן האַנט און זאָגט:

— דאָס איז ער.

און אַזוי באַפרייט זי איינעם, אַ פרעמדן פון תפיסה.

און אין וואַלד גייט מיט קאַטשערגינסקין און אַנדערע אויך פריידעלע, איז זי די בעסטע גייערקע. אַלע האָבן געשוואָלענע, בלוטנדיקע פיס, אָבער פריידעלע גייט מיט געזונטע, זיכערע טריט.

אַ וואונדערלעכער געמיש פון גרויסער פרומקייט און בראַווקייט, פון גרויסער ליבע און גייסטיקע און פיזישע שטאַרקייט.

דאָ האָט איר דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, וואָס איז פאַרטיילט אין

קליינינקע דאָזעלעך צווישן טויזנטער און טויזנטער מענטשן, קאָנצענטרירט אין איין יידישער הײנטיקער פרוי.

און מיט וואָס פאַר אַ פשטות און מיט וואָס פאַר אַ קורצקייט קאַטשער־גינסקי דערציילט עס.

***

ער באַגעגנט אין וואַלד אַ סך יונגע יידן, און די פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך ביי די טייערע יידן —

מען דאַרף שאַפן אַ יידישן אָטריאַד!

אָבער מען גיסט אָפּ מיט קאַלט וואַסער:

— רו זיך דערוויייל אויס, ווערסטו וועגן דעם אויך זיך דערוויסן ווי מיר.

אָבער ער פאַלט נישט אַריין אין עצבות —

— לאָמיר, זאָגט ער, זיך נאָר אויסזעצן, זיך דורכשמועסן און אַביסל דורכזינגען.

און אָט לאָזט זיך אַראָפּ דער קאמבריג (קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע), חבר מאַרקאָוו.

און עס שטעלט זיך אַרויס, אַז פרויען וואָס רייסן זיך אין קאַמף, דאַרף ער גאָר נישט האָבן, ער האָט פאַר זיי נישט קיין געווער.

סוצקעווער און קאַטשערגינסקי ווערן באַשטימט אין אַן אַרבעט־גרופּע.

און קאַטשערגינסקי שרייבט מיט ווייטיק:

„דער חלום וואָס איז נאָר־וואָס געשטאַנען פאַר די אויגן פאַרווירק־לעכט צו ווערן, האָט זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן...

„ אַ שטאַרקער אומרו האָט זיך פונאַנדערגעוויגט אין אונדזערע הער־צער".

און ביים רעגיסטרירן זיך הייסט מען יעדן צו ביישטייערן זיך אויף דעם פאַרטיידיקונגס־פאָנד פון דער סאָוועטישער מלוכה מיט ווערטזאַכן, וואָס ער האָט מיט זיך.

האָבן אַלע אָפּגעגעבן זייערע זייגערלעך.

— און דאָס גאָלד אויך אַהער, באַפעלט מען...

— וואָס פאַר אַ גאָלד?...

— דאָס גאָלד וואָס דו האָסט געבראַכט פון געטאָ, — רעדט שוין דער נאַטשאַלניק מיט רציחה, און הייבט אָן צו טרייסלען די קעשענעס און אַרומ־טאַפּן דעם וואָס איז געקומען נקמה נעמען פון די דייטשן.

אַלע זוכן גאָלד ביי יידן, די דייטשן און אויך די רוסן...

דעם זעלביקן טאָג האָט מען געמאַכט אַ געיעג אויף די יידישע פּאַרטי־זאַנער און מיט געווער אין די הענט זיי געצוווּנגען צו אויסטאָן די שטיוול און די מאַנטלען זייערע.

און אויף מאָרגן, דערציילט קאַטשערגינסקי, האָט מען געזען די נאַ־טשאַלסטוואָ אַנגעטאָן אין די אָנגערויבטע שטיוול און מאַנטלען און אין די צוגענומענע ביי זיי בייאינקע זייגערס.

אויך זייערע ווייבער און געליבטע האָבן זיך אויך אויסגעפּוצט מיט די גערויבטע זאַכן...

די גרינע לעגענדע, די לעגענדע וועגן וואַלד, איז געבליבן אַן אַ שלייער. און אָן אַ שלייער זעט זי אויס העסלעך...

***

מיר האָבן זיך דערפילט, שרייבט קאַטשערגינסקי „אין ווילדן וואַלד אַליין", ווי עס הייסט אין אַ יידיש פאָלקס־ליד.

אָבער אין וואַלד דעקלאַמירט מען יידישע פּאָעזיע. פריידעלע סוצקעווער קען די גאַנצע יידישע פּאָעזיע אויף אויסנווייניק.

פריידעלע!

אָבער סוף־כל־סוף האָבן זיי אַ מעגלעכקייט צו קעמפן מיט די דייטשן.

און מען שלאָגט די דייטשן, מען שלאָגט זיי מכות־רצח.

און קאַטשערגינסקי שרייבט:

מען דאַרף נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל איבערזאָגן:

עס זענען געווען אָטריאַדן מיט ערלעכע אָנפירער, מיט מענטשלעכע קאָמאַנדירן אויך.

ער האָט געהערט וווּנדערלעכע מעשיות וועגן אַזעלכע אָטריאַדן, אָבער — זאָגט ער עדות — אין די מערסטע אָטריאַדן איז די באַציאונג צו יידן און צו אַנדערע מינדערהייט־פעלקער געווען אַ שוידערלעכע.

פאַר אַ חטא האָט מען אַ נישט־יידן באַשטראָפט מיט עטלעכע טעג אַרעסט, אָבער פאַר דעם זעלבן חטא האָט מען אַ יידן דערשאָסן.

אָבער יידן האָבן זיך העלדיש געשלאָגן מיט די דייטשישע מערדער. זיי האָבן גענומען נקמה, נישט די נקמה וועלכע די דייטשן האָבן פאַרדינט, אָבער לויט די אָרעמע יידישע כוחות אַ גאָר גרויסע נקמה.

עס איז אַ גרויס בוך, עס איז געשריבן פון אַן אמתן יידישן העלד.

און דער אמת שטייט העכער פון אַלץ ביי קאַטשערגינסקין.

דערציילט ער אויך אַ סך ביטערע אמתן צווישן די ליכטיקע און נחמור־אמתן.

**א. סוצקעווער** (ישראל)

# די גרינע לעגענדע

די פֿאַנטאַזיע פֿון טויט שטייגט איבער אַלע פֿאַנטאַזיעס: אַז איך וועל באַווייזן שמערקען — ווער האָט עס געקאָנט גלייבן! אין געטאָ האָבן מיר ביידע געשלאָסן אַ בונד: איינער מיטן אַנדערן וועט זיך נישט צעשיידן. דער בונד איז באַזירט געווען אויף אַ פּופּצן־יעריקער פֿריינדשאַפֿט, און דאָס געטאָ האָט אים פֿאַרזיגלט מיט בלוט. אַצינד — ווער האָט געבראָכן די שבועה? ווער איז דער שולדיקער? ווי רופֿט מען דעם טויט צו אַ משפּט?

שבת זאָל זיין,

ווען שמערקע האָט זיך באַוויזן אין ווילנער געטאָ, אויף די זיבן־עקדה־דיקע געסלעך — ס׳איז געווען פֿרילינג 1942, ביז דעמאָלט האָט ער זיך דורכגעגליטשט דורך הונדערט גיהנומס — האָב איך אים פּאַרטרויט דאָס אָרט, ווו איך האָב פֿאַרגראָבן מיין צוואה.

— דו אַליין וועסט דיין צוואה צוריק אויסגראָבן — האָט ער מיך געטרייסט מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל.

אַזוי איז געשען. און איצט, ווען איך בין מספּיד מיין חבר, לעב איך איבער אויפֿסניי דעם מאָמענט, ווען איך האָב אויף סטראַשון־גאַס נומער 1 פֿאַרגראָבן מיין צוואה, ווי כ׳וואָלט זיך אַליין פֿאַרבאָרגן אונטער די וויל־נער חורבות.

די גרינע לעגענדע — אַזאַ איז דער אונטערקעפּל פֿון זיין לעצט בוך. און אַ גרינע לעגענדע איז ער געווען זיין גאַנץ לעבן, און פֿאַר מיר, זיין נאָענטסטן חבר, וועט ער אַזאַ פֿאַרבלייבן אויך איצט, ווען די גרינע לעגענדע האָט פֿאַרבלוטיקט אין אכזריותדיקן הימל.

אָ, ווי ער האָט געבענקט אין הימל נאָך דער וועלפּישער ערד! זאָל זיין אַן ערד מיט גזלנים — אַבי אַן ערד. נאָר אין הימל איז דאָך אפֿילו ניטאָ קיין וואַלד, ניטאָ קיין זומפּן ווו מען קאָן לויערן אויפֿן שונא.

יאָ, ער איז געווען אַ גרינע לעגענדע. ווו ער האָט געשטעלט אַ שפּאַן, איז געוואָרן גרין.

צו זעקס יאָר אַ קיילעכדיקער יתום. נאָר די וועלט איז זיינע. ער נעכ־טיקט אויף אַ בוידעם און קושט זיך מיט די שטערן.





אין ווילנע באַלד נאָך דער מלחמה.



ש. קאַטשערגינסקי צווישן די אָפּגעראַטעוועטע „ייוואָ"־אוצרות אין ווילנע.



ש. קאַטשערגינסקי און אליהו שולמאַן

און אַ נייעם קאָסטיום „אַ קאָסטיום פאַר אַ יתום" טוט ער אָן דאָס ערשטע מאָל צו בר־מצווה.

נישט בלויז אַ נייעם בגד, ער וואָלט שוין דעמאָלט זיין אייגן הויט אַראָפּגעצויגן פאַר אַ חבר.

און אַז מען דאַרף די אַלטע ווילנע באַפּלאַטערן מיט אַ רויטער פאָן — איז נאַטירלעך, שמערקע אויך דאָ.

לוקישקער טורמע. קלעפּ. נאָר שמערקע האַלט אויס. און אין טורמע איז שוין פאַראַן אַ טעאַטערל.

ס'איז די צייט פון „בוניע און בערע אויפן שליאַך", פון די בראַנדזע־נע קולבאַקישע יונגען, און שמערקעס לידער, זיין „בייגאַכט איז געפאַלן אַ שניי" און זיין „טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך" זינגט מען איבער גאַנץ פּוילן.

יונג־ווילנע. איינער איז מיטן אַנדערן אויף „איר". צוואַנציק־יעריקע הימל־שפּאַלטער מיט מאַרמאָרענע פּנימער. קומט שמערקע, די גרינגע לע־גענדע, מיט זיין פרייד, מיט זיין הומאָר, מיט זיין חברשאַפט, — און אויס „איר", אויס מאַרמאָרענע פּנימער...

ער שרייבט אַ ראָמאַן „יוגנט אָן פרייד", און מיט גרינער פרייד באַ־לעבט ער די יוגנט.

אויך אין געטאָ איז ער אַ גרינגע לעגענדע. אַ לעבעדיק צעבליטער פרי־לינג צווישן די טויטע געסלעך.

די קינדער פון „יוגנטקלוב" ווערן אויס יתומים. ער, דער אמתער יתום, ווערט זייער טאַטע. זיינע לידער, זיין ליבשאַפט צו די געטאָ־קינדער היילן די ווונדן.

און אין וואַלד, אין וואַלד — ווי אַלע פייגל וואָלטן דורך אים געזונ־גען. אַ פאָלקסהעלד אין איידלסטן זינען פון וואָרט.

בלויז איין מאָל האָב איך געהערט ווי שמערקע וויינט. דאָס איז גע־ווען דעמאָלט, ווען אין וואַלד איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז ניטאָ מער אין אונדזער ווילנע קיין לעבעדיקער ייד.

וואָס איז געווען זיין כוח? וואָס איז דער סוד פון זיין פּערזענלעכקייט? פאַרוואָס באַוויינען טויזנטער זיין טויט?

נישט נאָר אַן אינטימער, אַ האַרציקער שרייבער איז ער געווען. זיין לעצט ווערק „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" און זיין גרויסע זאַמלונג „לידער פון די געטאָס און לאַגערן" וועלן זיכער פאַרבלייבן אינעם אוצר פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרמאָגט נאָך עפּעס, וואָס מיט דעם איז ער זיכער איינציק: פריינדשאַפט און איבערגעגעבנקייט.

די באַליבטע ווילנערין רחל קרינסקי, וואָס לעבט איצט אין ניו־יאָרק, שרייבט מיר אין אַ בריוו: „שמערקעס פריינדשאַפט איז נישט קיין שטריך

פון אַ כאַראַקטער, ס׳איז אַ טאַלאַנט מיט וועלכן מען ווערט געבוירן". און אַזאַ טאַלאַנט — וויל איך צוגעבן — איז אַ סך זעלטענער ווי אַ טאַלאַנט צו שרייבן ביכער.

שמערקע, די גרינע לעגענדע, וועט נאָך ווערן באַזונגען.
דערווייל האָבן מיר נישט קיין ווערטער.

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ.

ל. סיגאל (פּאַרייניקטע שטאַטן)

# מיר טרויערן אויף זײַן טראַגישן טויט

דער טויט פון אונדזער טייערן חבר און דיכטער ש. קאַטשערגינסקי האָט אַרויסגערופן טרויער אין דער גאַנצער יידישער וועלט.

קאַטשערגינסקיס טויט איז געקומען אַזוי פּלוצלונג און אויף אַזאַ טראַגישן אופן אַז עס איז שווער צו גלויבן, אַז מען טרויערט שוין נאָך זיין טויט, אַז מען שאַצט שוין אָפּ זיינע פאַרדינסטן פאַרן יידישן לעבן, פאַר דער ליטעראַטור און פאַר אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט די קאַמפן, וואָס זענען פון אים געפירט געוואָרן קעגן דעם פינצטערן היטלעריזם.

אָבער, דאָס וואָס עס איז שווער צו גלויבן, איז לײַדער, אַ טראַגישע ווירקלעכקייט און קעגן דער ווירקלעכקייט איז ניטאָ קיין כוח און קיין מיטל זיך אנטקעגנצושטעלן.

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אַ געלעגנהייט צו זיין נאָענט מיט שמערקע קאַטשערגינסקי. די נאָענטקייט האָט זיך אָנגעהויבן אין פאַריז אין 1946, ווען מיר האָבן זיך דעם ערשטן מאָל באַגעגנט.

עס איז געווען טרויעריק אין דער סביבה, די טיפע ווונדן פון דער מלחמה, דער צער און ווייטיק וועגן די זעקס מיליאָן קדושים, וואָס זענען אומגעקומען פון די היטלער־מערדער איז נאָך געווען פריש.

קאַטשערגינסקי האָט דעם טרויער געטראָגן אויף יעדן טריט און שריט, אין שווערע מאָמענטן האָט ער, אָבער, אַריינגעבראַכט פרייד און דערהויבונג מיט זיין רירעווודיקייט, מיט זיין טאַלאַנטפולן געזאַנג און מיט זיין וואַרעמער באַציאונג צו מענטשן.

שמערקע איז שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע צו דער גרינדונגס קאָנפערענץ פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס. ער האָט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ ביים קאָנגרעס, מען האָט אין אים געזען דעם קעמפער, דעם דיכטער און דעם האַרציקן מענטשן.

שמערקע איז אַ געוויסע צייט געווען פאַרבונדן מיטן ציוניסטישן אַרבעטער קאָמיטעט פאַר הילף און אויפבוי, דער קאָמיטעט וואָס האָט אָנגעפירט וויכטיקע טעטיקייטן צו קענען ברענגען הילף און טרייסט צו די לעבנגעבליבענע אויף יענער זייט ים, צו שאַפן פאַר זיי אינסטיטוציעס פאַר קולטור און דערציאונג, שטאַרקן דעם גייסט פון די וואָס האָבן געזוכט צו בויען אַ פריי יידיש און מענטשלעך לעבן.

שמערקעס באַזוכן אין שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע האָבן אין דער ביוראָ פון קאָמיטעט געבראַכט באַגייסטערטע באַריכטן פון טוער אויף די ערטער. שמערקע האָט געוווּנען הונדערטער פריינט און חברים וואָס זע־נען אויף אַ האַרציקן אופן צו אים צוגעבונדן געוואָרן, דאָס זעלבע אויך ער צו זיי.

אין אָקטאָבער, 1953 האָט דער שרייבער פון די שורות באַזוכט אַר־גענטינע.

עס איז שווער צו פאַרגעסן די האַרציקייט און וואַרעמקייט וואָס איך האָב דאָרט געפונען, די אמתע יידישע פאָלקסטימלעכקייט, דעם ברויזנדיקן יידיש־לעבן מיט וועלכן דאָר אַרגענטינער יידנטום איז אזוי רייך, די אי־בערלעבונגען דאָרט וועלן לאַנג בלייבן אין זכרון.

קאַטשערגינסקיס האַרציקע חברשאַפט גלייך פון דער ערשטער מינוט ווען איך בין אָנגעקומען אין בוענאָס איירעס אויפן לופט פעלד, זיין צוגע־בונדנקייט צו מיר, זיין זאָרגן פאַר מיין צופרידנקייט איז שווער, זייער שווער צו פאַרגעסן.

אין פאַרלויף פון מיין פאַרברענגען אין יענעם לאַנד האָבן מיר זיך באַגעגנט עטלעכע מאָל יעדן טאָג. אַלץ איז ביי אים געווען זאָרגפעליק אויספּלאַנירט מיט האַרציקע חברשאַפט און געטרייער איבערגעבנקייט.

די פאַרטיי פועלי ציון וואָס האָט מיך איינגעלאַדן צו קומען אין אַרגענטינע האָט איבערגעגעבן קאַטשערגינסקין די אויפזיכט איבער אַלע איינאָרדענונגען פון די פאַרזאמלונגען, באַנקעטן, שמחות, באַגעגענישן מיט יחידים, גרופּן א. א. וו.

עס איז געווען וואַרעם מיט אים צו זיין. זיין אויפריכטיקע זאָרג, אַז אַלץ זאָל אַרויסקומען גוט סיי פאַרן גאַסט, אויך פאַר דער באַוועגונג האָט שטענדיק מיט זיך געטראָגן האַרציקייט און חברשאַפט.

ווער קאָן זיך פאָרשטעלן אַז דער זינגענדיקער שמערקע איז שוין מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע? אָט ערשט נעכטן אייערנעכטן האָט ער אַריינגעבראַכט אַזוי פיל יום־טובדיקייט אין יעדער שמחה, אַזוי פיל דער־הייבונג ביי חברים־צוזאַמענקונפטן און איצט איז ער מער ניטאָ.

ווער קאָן גלויבן, אַז שמערקע וועט שוין מער ניט זינגען, וועט שוין מער ניט שרייבן זיינע וווּנדערלעכע לידער, אַז ער וועט מער ניט דערציילן וועגן די קאַמפן מיט די נאַצישע מערדער, אַז ער וועט מער ניט באַצויבערן זיינע צוהערער מיט לעגענדארע דערציילונגען וועגן זיין לעבן אין די וועל־דער, וועגן זיינע וואַנדערונגען פון פלאַץ צו פלאַץ אונטערן שאָטן פון טויט? ווער קאָן עס גלויבן?

ניין! ריידן, שרייבן, זינגען וועט שמערקע מער ניט קענען.

דאָס איז די טיפע טראַגיק פון שיקזאַל וואָס האָט אונדז מיט זיין טויט געטראָפן.

עס וועלן אים אָבער זיכער געדענקען טויזנטער חברים און פריינט, פיל יידישע לייענער, עס וועלן אים געדענקען אַלע די אין וועמענס הערצער ער האָט זיך טיף איינגעקריצט מיט ליבע און צוגעבונדנקייט, עס וועט אים לאַנג אויך געדענקען דער שרייבער פון די שורות.

מיר שיקן אַ טרייסט צו זיין פרוי און צו זיין טעכטערל אין דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפן.

אַ טרייסט צו די חברים אין אַרגענטינע, וואָס זענען מיט אים געווען אַזוי נאָענט.

מיר זענען אַלע אין טיפן טרויער, מיר וועלן לאַנג פילן דעם אומגליק און דעם גרויסן פאַרלוסט פון דעם ליבן, טייערן שמערקע. ערע זיין אָנדענק.

**י. י. סיגאַל**

# שמערל קאַטשערגינסקי*

עס איז באמת אַ גוטע זאך וואָס דער דיכטער־פּאַרטיזאַן, שמערל קאַ־טשערגינסקי, קאָן ער־היום ניט איינרוען אויף איין אָרט און באַווייזט זיך פון צייט צו צייט אין די צעשפּרייטע ישובים פון דער יידישער וועלט, אויף אַלע קאָנטינענטן כמעט, און דערמאָנט, און לאָזט ניט פאַרגעסן, אַז ערשט נעכטן־אייערנעכטן איז געשען דער גרעסטער יידישער חורבן אין אונדזער געשיכטע און עס זענען געבליבן מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אנט־קעגן דעם דאָזיקן חורבן, האָבן געלאָשן זיינע פייערן, ווי ווייט זיי האָבן געהאט כחות, האָבן זיך ניט אונטערגעגעבן די שוואַרצע משחיתים און זיי אַרויסגעשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאנד. עס איז גוט וואָס קאַטשערגינ־סקי פאָרט ארום איבער אונדזערע שטעט און זאָגט עדות אויפן גרויסן קאַמף וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן אַ שונא וואָס איז מיליאָנען מאָל שטאַרקער געווען, ניט נאָר אין זיין מענטשן־קראַפט נאָר אין דער אָרגאַני־זירטער רשעות אויף אַן אופן וואָס קאָן פאַרטיליקן גאַנצע פעלקער, עס זאָל פון זיי קיין שריד ופליט ניט בלייבן. רשעות לאָזט זיך אָרגאַניזירן, לאָזט פון זיך אויסקאָוועז אַ לאַנגע האַק און אַ לאנגן מעסער און זיך פאַרמעסטן חרוב־מאַכן וועלטן. אין אַזעלכע ווילד־געוואָרענע צייטן איז דער גרעסטער נס וואָס דאָס געוויסן, דער מענטשלעכער פונק אין מענטשן געפינט נאָך פאַר זיך אַ באַהעלטעניש און פרווט זיך פאַרמעסטן קעגן דעם שד וואָס האָט גוזר געווען טאָטאלע פאַרטיליקונג פון אַ גאַנץ פאָלק.

שמערל קאַטשערגינסקי איז די טעג געזעסן פאַר מיר, אַ שטול לעבן אַ שטול אין רעדאקציע, און אין דעם קורצן געשפּרעך וואָס מיר האָבן גע־פירט, האָט זיך לחלוטין ניט געקאָנט אַרויסווייזן אין וועלכן עס איז פרט אַז דאָ זיצט אַ מענטש וואָס האָט דורכגעמאַכט אַזוינס וואָס האָט אים אין זיינע טיפסטע טיפעניש פאַרוואנדלט אין גאָר עפּעס אַנדערש ווי ער איז געווען פריער, פאַר די אימהדיקע דערפאַרונגען.

---

*) דעם דאָזיקן אַרטיקל האָט פאַרעפנטלעכט דער פּריצייטיק און פלוצים־פאַרשטאַר־בענער דיכטער י. י. סיגאַל אין „קענעדער אָדלער”, דעם 20סטן אַפּריל 1953, לכבוד ש. קאַ־טשערגינסקים באַזוך אין קאַנאַדע. (רעד.)

דאָס נאָרמאַלע לעבן, ווי נאָר עס טוט דיר אָן אַ גאַנץ, ניט צעפליקט מלבוש און פירט דיר אַריין אין דער עדה פון טאָג־טעגלעכע מענטשן, וואַרפט אויך אויף דיין פּנים אַרויף איר נאָרמאַלע מאַסקע און זאָגט דיר אָן, דו זאָלסט זי פון זיך ניט אויסטאָן, ווען דו וועסט אַרומגיין אין די גאַסן, איבער די געמאַרקן פון דער וועלט. איך האָב געקוקט אויף קאַטשערגינסקין און — יאָ דערקענט דעם „אַמאָליקן״ פּאַרטיזאַן. איך האָב אים דערקאָנט אין זיין געשמידטער, קאָנטראָלירטער רואיקייט, אין זיין טיפער איינגע־האַלטנקייט ביים אַרויסריידן אַ וואָרט; אין זיין שטאַרקן און דאָך מילדן בליק פון די אויגן און דער עיקר: זיין ניט אַרויפוואַרפן זיך אויף דיר צו דערציילן וואָס ער ווייסט און וואָס ער האָט איבערגעלעבט און וואָס ער זעט איצט און וואָס ער טראַכט איצט מיטן פריערדיקן באַגאַזש איבער־לעבונגען — און איבערטראַכטונגען — הינטער זיך.

צו דערקענען דאָס סך הכלדיקע וואָס האָט זיך אָפּגעזעצט אויף דער נשמה פון קאַטשערגינסקין איז ניט גענוג צו פירן אַ געכאַפּטן געשפּרעך, אַ צופעליק־אָפיציעלן, נאָר: זיך איינלעבן מיט אים און ווערן אינטים, ברו־דעריש און אַוועקגיין פונעם אָפיציעלן „קלימאַט״ וואָס רינגלט דיך אַרום. אַ שמועס „פון מענטש צו מענטש״ און די לעגענדע, די „גרינע״ אָדער וואָס פאַר אַ קאָליר דו זאָלסט אים ניט אָנטאָן, וועט זיך דיר אַנטפּלעקן אין דער גאַנצערווירקלעכקייט פון איר אמת און אין דער גאָרער היימ־לעכקייט פון איר אומהיימלעכן ליכט. דאָס דאָזיקע „קאַפּיטל״ לעבן קאָן מען אויך אַרויספּילן און אַרויסשפּירן פון צווישן און איבער די שורות פון זיינע באַשרייבונגען און שילדערונגען אין זיינע ביכער, דער עיקר אין זיין צווייבענדיק ווערק „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן״. איך האָב גרויסע טיילן פון די דאָזיקע ביכער געלייענט, ווען זיי האָבן זיך געדרוקט אין דער פּרע־סע און איך „בלעטער״ און לייען איצט די ביכער מיטן פּאַמעליכיקסטן טעמפּאָ וואָס עס איז נאָר מעגלעך. דאָס איז ניט קיין לייען מאַטעריאַל אין געוויינלעכן זין, ווי שפּאַנענדיק די פּאַסירונגען זאָלן ניט רייצן אייער נייגיר. דאָס זענען שטיקער קאָנדענסירטער אומרו וואָס זענען איינגעצוימט און איינגעשפּאַנט געוואָרן אין דישעל פון ווערטער, וואָס וואָלטן זיך יע־דער ווילע געוואָלט פון זיי אַרויסרייסן און ווי פלאַמען זיך צעטראָגן אי־בער די לופטיקע וועלט־מרחקים.

אָבער קאַטשערגינסקי ווייסט ווי אומצוגיין מיט ווערטער און זיי לאָזן אויף זיך טראָגן אַזעלכע שווערע, אומגעוויינלעכע משאות פּיין און ווייטיק, שוידער און חלום, עלנט און ניצחון, צו וועלכע זיי, די ווערטער זענען ניט געוווינט געווען, ער איז אין תוך אַ כראָניקער אָבער דאָס דיכטע־רישע אין אים לייגט צו אַ היילענדיקע און טרייסטנדיקע האַנט צו די פּאַ־סירונגען וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט ווונדיקייט און צער. איבער אַלע בלעטער פון דער „גרינער לעגענדע״ שוועבט אַ געפיל פון שטאָלץ וואָס די

עטלעכע געראַטעוועטע מענטשן אין די וועלדער, האָבן אין זיך אַנטפּלעקט די הייליקע שיינקייט פון גבורה. מיט דעם דאָזיקן שטאָלץ לעבן זיי, מיט אים אָטעמען זיי אַריין האָפענונג פון איין דורכגעלעבטן טאָג אין צווייטן. מיט אים ווילן זיי קאָנען אַלץ אַריבערטראָגן. זיי האָבן געזען די געפאַלנ־קייט פון דעם מין מענטשן און האָבן זיך ניט איבערגעשראָקן פאַרן אָפּגרונט וואָס האָט זיך אויסגעעפנט פאַר זיי. זיי זענען געגאַנגען פאַרסודעט ביים באַנד פון דעם דאָזיקן אָפּגרונט און אָפּגעהיט די שטענדיקע טריט פון זייער שונא.

די גבורה וואָס נעמט דורך אַלע פּרקים פון קאַטשערגינסקיס ביכער איז ניט נאָר אין פאַרמעסט קעגן די דייטשע מחבלים און בלוטיקע אויסוואורפן נאָר — קעגן אפשר אַ פּיל שטאַרקערן כח וואָס איז פון די פאַרטיזאַנער אַרונטערגעטריבן געוואָרן אויפן סאַמע דעק אויפן אָפּגרונט פון זייער נשמה. דער שונא איז — דער יאוש, וואָס וויפל כח איינער זאָל נישט ווענלן באַ־וויזן קעגן דער שוואַרצער, היהשער בלינדקייט, וואָס איז באַפאַלן געוואָרן דעם מענטשן אין יענע וויסטע און פינצטערע יאָרן, האָט די פאַרצווייפלונג דאָך אַ שטיקל שליטה אויף אַלץ און אויף אַלעמען. ווען מען פאַרטיקט זיך אַביסל אָפּ מיט דער פאַרצווייפלונג, האַלט מען ביי זיך אויס דעם ערשטן גרויסן עקזאַמען זיך אַנצוגורטן מיט הערלעכער גבורה קעגן דעם „שוואַרצן מענטשן" וואָס האָט באַקומען שליטה איבער דער וועלט. וואָס מיר באַוואונדערן אַמשטאַרקסטן אין קאַטשערגינסקין און אין דער גאַנצער גרופּע גיבורים־פאַרטיזאַנער, איז דאָס האַלטן זיך אויף אָט דער הייליקער הויך, ווען אַלץ אַרום איז געווען איין שטיק בלינדע ירידה און נפילה. פון איין זייט האָט אַן אָרגאַניזירטער מאָנסטעריעזער כח זיך פאַרמאָסטן חרוב מאַכן אַלץ און אַלעמען — צעשטערן אַ וועלט מיט וועלטן און פון דער אַנ־דערער זייט האָבן זיך קעגן די דאָזיקע שדים פאַרמאָסטן גלויביקע אַנט־לאָפענע... צו ראַטעווען די נשמה פון דער וועלט: צו ראַטעווען דעם גייסט וואָס האָט באַקומען די פאַטאַלסטע קלעפּ פון די ערגסטע און מיאוסטע רשעים.

דעם דאָזיקן „באַריכט" גיט אונדז איבער שמערל קאַטשערגינסקי אין זיינע ביכער. ער באַמיט זיך צו ריידן מיט אַ פּשטותדיקער רואיקייט וואָס דאַרף אונדז געבן אָנצוהערן, אַז — די וועלט איז נאָך אַ וועלט און דער מענטש האָט זיך ניט פאַרלאָרן אינגאַנצן.

עס איז ביי מיר קיין צווייפל ניט אַז היפּשע טיילן פון קאַטשערגינ־סקיס ביכער וועלן — און זאָלן — אַריינגענומען ווערן אין כרעסטאָמאַטיעס פאַר דערוואַקסענע קינדער, פון וועמען מען דאַרף ניט און מען טאָר ניט באַהאַלטן דעם קאַמף בעת אונדזער גרעסטן פאַלקס־אומגליק. לערער מוזן געפינען אַן אופן, אַ וועג, אַ שפּראַך ווי אַזוי „מפרש" זיין אָט די קאַפּיט־לען העראָאיש, קדושה און אמונה וואָס זענען מיטגעגאַנגען מיט די וואָס

האָבן ניט געוואָלט אויפגעבן די וועלט און זי אַוועקגעבן דעם גזלן. זיי האָבן איבערגעקלוגט די גזלנים־הענקער פון דעם פאָלק פון „דיכטער און דענ־קער" און זיי פאַרטריבן פונעם ישוב פון דער וועלט... זיי, די דייטשן, האָבן די וועלט ניט איבערגענומען און דער מענטש איז אויף איר געבליבן לעבן, אָן קייטן אויף דער נשמה.

די מענטשן פון דער „גרינער לעגענדע" האָבן געבראַכט אַ בלעטל גרין. אַ בלעטל שלום מיט זיך צו דער וועלט און צו אונדזער פאָלק נאָכן בלוטיקסטן וועלט־מבול. אין די בלעטער פון קאַטשערגינסקיס „איך בין געווען אַ פאַרטיזאַן", וואָס זענען דורכגעדרונגען מיט דער אמונה פון גבורה, הערן מיר אַרויס די דאָזיקע בשורה און מיר זענען אים טיף דאַנקבאַר דערפאַר.

י. י. סיגאַל

# ליוליו, טרויער...

שמערל קאַטשערגינסקין

ליוליו, טרויער, מאַך־צו די אויגן,
מאַך זיך פון קיין זאַך ניט וויסן.
ס'וועט די ווילדסטע שעה אַוועקגיין
אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן.

מאָרגן, אפשר איבערמאָרגן,
אפשר שפּעטער אַ פּאָר יאָרן,
קומט משיח דער דערלייזער
אויף זיין אייזעלע צופאָרן.

כאָטש דער דור פון אונדזער שבט
איז שוין מיד געוואָרן האָפן,
איז שוין מיד געוואָרן גלויבן,
נאָכן בייז וואָס האָט געטראָפן,

וועלן מיר נאָך, טרויער ליבער,
וואַרטן מיט די לעצטע כוחות.
האָסט געזען דעם בלאָען סאַמעט
פאַר אַ יומטובדיק פּרוכת,

וואָס די מומע דבורה־לאה
האָט געגומען היינט פאַרוועבן
מיט אַ גאָלד־זוים — מיינט עס דען ניט
קדוש — הייליק איז דאָס לעבן?

וויפל ס'זאָל עס ניט די רשעות
אַליך פאַרשווערכן — בלייבט עס זויבער,

העפּט זי אוים אויף בלאָען סאַמעט
ווייסע ציגעלעך און טויבן.

און ביי ביידע זייטן אונטן,
הערשן צוויי מיט הערנער־צווייגן
און אַריבער זיי — אַ הימל
מיט אַ פֿאַרביק רעגנבויגן.

ליוליו, טרויער, מאַך־צו די אויגן,
און דאָס בייזע וועט אַנטרונען.
דו אויך, ביזט מיין טרייסט, מיין שוועסטער,
אויפֿן וויסטן וועג געפֿונען.

כ'קוק אַריין דיר אין די אויגן,
גייט אַביסל אָפּ דער עלנט.
כ'זע דאָרט טריט פֿון ליבע קינדער, —
גרעזלעך ביי די טויטע שוועלן

כ'הער איבער געזימסן פֿלאַטערן
שוועלבעלעך — ס'איז נאָר אַ חלום?
ווי די שיינקייט, ווי די גוטסקייט,
ווי די רו און ווי דער שלום?

ליוליו, טרויער, מאַך־צו די אויגן,
מאַך זיך פֿון קיין זאַך ניט וויסן.
ס'וועט די וויסטע שעה אַוועקגיין
אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן.

יעקב פּאַט (פּאַריייניקטע שטאַטן)

# ווי איך האָב געזען שמערקע

איך דערמאָן זיך ווי איך בין געווען נאָכן חורבן, אין 1946, אין וואַר־שע און זיך דאָרט באַגעגנט מיט שמערקע קאַטשערגינסקי, וואָס איז דעמאָלט ערשט אַראָפּגעקומען על־פּי־נס פון רוסלאַנד, פון ווילנע און געהאַלטן אינ־מיטן זאַמלען די געטאָ־לידער.

ער אַליין — קליין, דאַר, אויסגעמאָגערט, מיט אומרואיקע גליענדיקע אויגן — איז פאַר מיר געווען איינער פון די וווּנדער פון יענער צייט. איך האָב דעמאָלט מיינע אויגן און אויערן ניט געגלויבט: גאָט צו דאַנקען, שמער־קע געבליבן לעבן, שמערקע פון ווילנער געטאָ, שמערקע פון די פּאַרטיזאַנער וועלדער — איך האָב געבענטשט גומל. בלייבן לעבן אַליין, איז דעמאָלט געווען אַ גרויסער ענין. אָבער צוזאַמען מיט דעם איז געווען גרויס מיין חי־דוש: שוין האָט ער הארץ, קאָפּ און כוח ניט נאָר צו זאַמלען די געטאָ־לידער, נאָר זיי צו שלייפן; ניט נאָר צו זאַמלען די נגונים, נאָר אויך זיי אויסרייניקן, בעסער מאַכן.

ער האָט מיר איבערגעגעבן די זאַמלונג פון די לידער צו דרוקן אין ניו־יאָרק. זאָלן יידן הערן און וויסן און געדענקען. איך האָב פאַר מיר געהאַט אַ פּאָר זייטלעך פּאַפּיר, וואָס ער האָט געשריבן נאָך זייענדיק אין ווילנע, אויפן וועג פון ווילנע קיין פּוילן. אייגנטלעך איז ער אַנטלאָפן פון ווילנע, פון סאָ־וועטישן ווילנע, געלאָפן צו יידן, צו דער יידישער וועלט. ער האָט דאָרט גע־שריבן: „דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן אין דער יידישער געטאָ מיט אַלע באַגלייט־דערשיינונגען — תפיסה, טויט, געסטאַפּאָ, יידישע מאַכטהאָבער, האָבן גע־פינען אַן אָפּשפּיגלונג אין דעם בלוטיקן פאָלקלאָר. עס וועט העלפן דעם קו־מענדיקן געשיכטע־שרייבער און פאָרשער, ווי אויך די לעזער צו דערגרונטע־ווען זיך צו דער נשמה פון אונדזער פאָלק". גייט עס אין דער נשמה פון אונ־דזער פאָלק, גייט עס אין צונויפזאַמלען דעם בלוטיקן פאָלקלאָר. — האָט דער דאַרער, פיבערהאַפטער, דינאַמישער שמערקע קאַטשערגינסקי געפינען כוח פאַר דעם.

מען האָט מיר דעמאָלט דערציילט אין וואַרשע, לאָדזש, טשענסטאָכאָוו, קראָקע, ביאַליסטאָק, אַז מען האָט שמערקע קאַטשערגינסקיס געטאָ־לידער גע־זונגען ניט נאָר אין ווילנער געטאָ, אויף די דאָרטיקע געטאָ־קאָנצערטן, נאָר

אויך אין אַנדערע שטעט. זיי זענען דערגאַנגען אפילו אין אָשוויענטשים אין טרעמבלינקע.

לידער? — מער פּשוטע רייד, פּשוטע ווערטער. ערשט מיט די נגונים מיט די שטימעס און געפילן פון די געטאָ־זינגער, זענען זיי דערהויבן געוואָרן צו פּאָעזיע:

„אַן עלנטער ווינט,
אַ וויינענדיק קינד
אין אַ פאַרנאַכטיקער שעה
פאַרבלאָנדזשעט האָט דאָ״.

דאָס ליד וועגן עלנטן קינד איז פאַרענדיקט מיט אַזעלכע ווערטער:

„אי לי ליולי לי,
עס וויגט איין מיך דער ווינט,
אי לי ליולי לי,
זיי רואיק מיין קינד
וויגט ווינטל מיך איין״.

דער אָנגעפּולטער רעוויו־טעאַטער אין ווילנער געטאָ האָט געוויינט גלייך ביי די ערשטע ווערטער: „אַן עלנטער ווינט, אַ וויינענדיק קינד״. דאָס האָבן דעמאָלט מאַמעס, טאַטעס, ברידער און שוועסטער געהערט דעם געוויין פון זייערע קינדער.

אין אַ מסיבה פון לעבנגעבליבענע געטאָ־יידן אין לאָדזש, דערמאָן איך זיך, האָט שמערקע קאַטשערגינסקי אָנגעהויבן זינגען אַ ליד און גלייך האָבן צוזאַמען אַלע מיט אים געזונגען. דאָס ליד, זעט אויס, איז שוין דעמאָלט פּאָפּולער געווען:

„שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן.
קברים וואַקסן דאָ.
ס׳האָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים,
גרינען זיי צו בלאָ״.

ער האָט מיר אויך דעמאָלט איבערגעגעבן אַ בוך „ווילנע״. עס איז פּאַקטיש געווען דאָס ערשטע וויכטיקע בוך וועגן ווילנער געטאָ. איך האָב דאָס בוך איבערגעגעבן צו די ווילנער לאַנדסלייט דאָ אין ניו־יאָרק און אין אַ קורצער צייט איז עס דערשינען צום טרויער און שטאָלץ פון אַלע לעבנגעבליבענע ווילנער.

ער האָט שוין דעמאָלט אויך געהאַלטן אינמיטן שרייבן זיינע פּאַרטיזאַנער, וואָס שפּעטער זענען זיי דערשינען אין אַ בוך פון 400 זייטן: „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן״.

ער האָט דערציילט אין זיין בוך, ווי ער דריקט זיך אויס: „ווי אַזוי די קעמפער אין געטאָ און די פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער האָבן צוזאַמען מיט דעם מיליאָן יידישע סאָלדאַטן און אָפיצערן אין די אליאירטע אַרמייען אָפּ־געזוכט די פאַרלאָרענע שווערד..." מיין גאַנצן ליבשאַפטס־פאַרמעגן האָב איך אין דער באַשרייבונג אָפּגעגעבן די אַלע, וואָס האָבן זיך אין יענער צייט באַטייליקט אין דעם גיגאַנטישן קאַמף קעגן היטלערן". זיין בוך איז געווען געווידמעט מיט ליבשאַפט זיין טאָכטער ליבעלע.

אַלוועלטלעכער יידישער קולטור־קאָנגרעס, פּאַרשטייער פון 20 לענ־דער. שמערקע קאַטשערגינסקי איז געקומען צופליען פון פּאַריז, טאַקע צו דער דערעפענונג פון קאָנגרעס. עס דערשיינט זיין בוך „געטאָ לידער" מיט דער איינלייטונג פון ה. לייוויק.

שמערקע איז געווען אַ מענטש פול מיט ענערגיע. עס האָט אין אים געברענט דער צער פאַר די יידן הינטער דעם אייזערנעם פאָרהאַנג. ער האָט ניט געקענט רוען צוליבן אומקום פון די יידישע שרייבער אין סאָוועט־רוס־לאַנד. איך געדענק אַ שרייבער־פאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק אין יענער צייט: שטייט דער איינגעדאַרטער, שטילער, איינגעבויגענער שמערקע קאַטשער־גינסקי און פלאַמט — עס איז געווען אַ געטאָ־פלאַם, אַן אומרואיק האַרץ האָט אָנגעשטעקט מיט אומרואיקייט די צוהערער.

ער איז דערנאָך אַוועק איבערן גרויסן לאַנד פון די פאַראייניקטע שטאַטן און — פון אומעטום גוטע גרוסן. ער רודערט אויף דעטראָיט, לאָס אַנדזשעלעס, מאַיאַמי, פילאַדעלפיע,ער רעדט אין קאַנאַדע, ער וויקלט פונאַנ־דער זיינע כוחות. ער גייט קיין אַרגענטינע. עס קומען גוטע גרוסן, ער פליט קיין בראַזיל, קיין אורוגוויי און אין מיטן דרינען ווערט איבערגעריסן, אַזוי אומגליקלעך, אַזוי טראַגיש, זיין לעבן.

דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה, זיך געראַטעוועט פון רוס־לאַנד, געגאַנגען קיין פראַנקרייך, צו די פאַראייניקטע שטאַטן, אין אַרגענ־טינע און ניט געקענט אַנטלויפן פון גורל זיינעם.

וויל איך פאַרענדיקן מיינע פּאָר שורות וועגן מיין גוטן פריינד שמער־קע קאַטשערגינסקי, וועגן פּאָעט־פּאַרטיזאַן מיט זיינע אַ פּאָר שורות פון זיין „פּאַרטיזאַנער מאַרש", וואָס ער האָט געשריבן ביים אַרויסגיין פון ווילנע אין וואַלד אַריין מיט דער ווילנער פּאַרטיזאַנער גרופּע אין אויגוסט 1943:

„עס זענען פעסט די גלידער
די מוסקלס פון שטאָל און פון בליי,
מיר גייען בלויז אויף היינט פון געטאָ אַרויס,
כדי מאָרגן אייך צו ברענגען די פריי"...

יוסף פּאָפּאָווסקי (אַרגענטינע)

# אַ מענטש איז געפאַלן אויפן פּאָסטן

צווישן די פריילעכע פּסח־טעג און דעם גרויסן יידישן יום־טוב פון יום העצמאות, איז ווי אַ דונער אין מיטן העלן טאָג אַראָפּגעפאַלן אויפן יידישן בוענאָס־איירעס די מאַוימדיקע ידיעה פון דער מוראדיקער טראַגעדיע וואָס האָט פּאַסירט מיטן באַליבטן, אין דער גאַנצער יידישער וועלט און ספּעציעל אין בוענאָס־איירעס פאָלקס־דיכטער, פּאַרטיזאַן און ליבן מענטשן שמערקע קאַטשערגינסקי.

אַן אָפּשטאַמיקער פון די פּשוטע פאָלקס־שיכטן אין דער אַמאָליקער עיר ואם בישראל — די טייערע און פאַרשניטענע יידישע ווילנע, — איינער פון די געציילטע יחידים וואָס זענען מיט אַן אַ שיעור נסים אַרויס פון אַלע גיהנומס, כדי לעבן צו בלייבן און צו דערציילן פאַר דער וועלט, פאַר קינדער און קינדס־קינדער וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער דאָזיקער יידישער שטאָט וואָס היטלער הרשע ימח שמו וזכרו האָט פאַרלענדט, איז אים ניט באַשערט געווען צו דערפילן די דאָזיקע גרויסע אויפגאַבע ביזן סוף. זיין שטורעמדיק און פול מיט ענערגיע לעבן איז אויף אַ פּלוצימדיק־טראַגישן און מוראדיקן אופן איבערגעשניטן געוואָרן אין סאַמע מיט, ווען ער איז פול געווען מיט פּלענער, שאַפונגס־ענערגיע און גרויסע אויפגאַבן וועלכע ער האָט געהאַלטן אין סאַמע אָנהויב פון זייער דערפילונג.

דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט געהאַט די גרויסע זכיה די לעצטע עטלעכע חדשים צו אַרבעטן ביי דער זייט פון שמערקען. ביי אַן אַרבעט וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן ניי־געגרינדעטן פאַרלאַג „קיום". אַ פאַרלאַג וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו פאַרבינדן דאָס וואָרט פון אונדזער טייער־אויסגעקעמפטער מדינת ישראל מיט די תפוצות, אין אונדזער מאַמע לשון.

שמערקע וועלכער האָט אַדורכגעמאַכט אַזויפיל גיהנומס איז געווען, ווי מען זאָגט מיטן מויל פון פאָלק „אַ מענטש אָן אַ גאַל", אַ זאַך וואָס איז זעלטן צו באַגעגענען היינט צו טאָג ביי יידן „עמאָ פּזוזא" און ספּעציעל ביי די שארית הפליטה, וועלכע האָבן אַזויפיל דורכגעמאַכט, און קענען אָפּטמאָל ניט באַהערשן זייערע אויסגעמאַטערטע נערוון. גראָדע שמערקע, איינער פון די אַממייסטן געפּרוווטע איז געווען די רואיקייט אַליין. ממש אַ נחת־רוח געווען נעבן אים צו אַרבעטן. אַ מענטש אַ נוח לבריות, וואָס האָט ניט

געהאַט קיין שונאים, אויסער פאַרשטייט זיך, די פורשים מן הכלל, די יעוו־סעקעס, וועלכע באַהאַלטן ניט איצט זייער אָפענע שמחה, וואָס האָט זיי געטראָפן און באַווייזן דערמיט ווי איבריקס שטענדיק, אויף וואָס זיי זענען פעאיק, ווען זיי וואָלטן חס־ושלום געהאַט כוח און מאַכט. — אויסער ביי זיי, די שונאי ישראל — האָט זיין טויט אַרויסגערופן אַ גרויסן און אויפ־ריכטיקן טרויער אין אַלע שיכטן און גרופירונגען פון דער יידישער באַ־פעלקערונג, ביים בלויזן דערמאָנען שמערקעס נאָמען האָבן סיי מענער סיי פרויען ניט געקענט איינהאַלטן זייערע טרערן.

געוועזן אַ ליבער מענטש און פריצייטיק געפאַלן אויפן פאָסטן פאַר דער יידישער נאַציאָנאַלער אידיי און זאָלן זיין ליבע פרוי מערע און זייער טייער טעכטערל ליבעלע וויסן, אַז די סימפאַטיע פון דער גאַנצער יידישער וועלט אָן אויסנאַם אין אַלע תפוצות איז מיט זיי, אין זייער גרויסן טרויער.

און זאָל דאָס זיין פאַר זיי אַ טרייסט אַז דער טייערער האַרציקער שמערקע, האָט ניט אומזיסט געלעבט.

אייביקער כבוד זיין טייערן אָנדענק.



מיט יידישע שרייבער אין לאָדזשער ליטעראַטן־פאַריין אין יאָר 1946.



לאָדזש 1946. — ש. קאַטשערגינסקי, שרה אַליצקי, ל. אַליצקי
און פרוי מערי קאַטשערגינבקי.



מיט יידישע שרייבער אין נידער־
שלעזיע, אין יאר 1946.



לאדזש 1946. ח. גראדע, ש. קאַ־
טשערגינסקי און א. סוצקעווער.

רחל פּופּקאָ־מעלצין (פּאַרייניקטע שטאַטן)

# מיט שמערקע אין ווילנער געטאָ

— 1 —

עס איז אַ זומער־טאָג אין 1943. איך אַרבעט מיט קאַטשערגינסקין און אַנדערע אין דעם אַזוי גערופענעם „ראָזנבערג־שטאַב", וואָס די דייטשן האָבן איינגעאָרדנט אין בנין פון „ייוואָ".

די דייטשן זענען אַוועקגעפאָרן אויף מיטיק און ווי שטענדיק אין זייער אָפּוועזנהייט קומען אונדז באַזוכן קריסטלעכע פריינט. זיי זענען אונדזער איינציקער קאָנטאַקט מיט דער אויסער־געטאָ־וועלט. צו מיר קומט פון דאָרף די קריסטין, וואָס באַהאַלט אויס מיין קליין טעכטערל זייט דעם טאָג ווען מיר זענען איינגעשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ. די געוועזענע אויפזעערין פון „ייוואָ"־בנין — אַן אויסוואורף — באַשליסט דאָס מאָל אָנצולערנען די פּאָליאַקן, וואָס העלפן אונדז. זי פאַרשליסט דעם טויער, דעם שליסל, זאָגט זי, וועט זי אָפּגעבן די דייטשן, ווען זיי וועלן צוריקקומען. זיי וועלן שוין וויסן, וואָס צו טאָן מיט אונדז און מיט די קריסטן. אונדזערע באַזוכער ווערן שטאַרק צעטראָגן. אָבער נאָך טיפער זינקט איין מיין האַרץ. איך לויף צו קאַטשערגינסקין, ווייל פאַר אים איז ניטאָ קיין סיטואַציע אָן אַן אויסוועג. שמערקע ווייס, אַז מיין קריסטין איז שוין איינמאָל אַרעסטירט געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און איז מיט דער קליינער אַנטלאָפן פון וויל־נע אין אַ דאָרף. ניט טראַכטנדיק קיין סעקונדע גייט שמערקע צו צו דער אויפזעערין, גיט זי אַ נעם ביים האַנט און זאָגט, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט:

— „איידער די דייטשן וועלן באַווייזן צו קומען וועל איך דיר צע־שלאָגן אַז קיין דאָקטער וועט דיר ניט העלפן. גיב גלייך דעם שליסל!"

ווער עס האָט געקאָנט קאַטשערגינסקין ווייס, אַז ער האָט ווייט ניט אויסגעזען ווי קיין גיבור. ער איז אָבער געוועזן „שטאַרק ווי אייזן" ווי מיר פלעגן צווישן זיך זאָגן.

די מכשפה האָט עס זיכער דערפילט אין דעם דרוק פון זיין האַנט.

באַקומען דעם שליסל, עפנט שמערקע דעם טויער און לאָזט אַרויס אונדזערע צעשראָקענע באַזוכער און שמערקע מיט אַ באַשיידענעם שמייכל,

פאַרויטלט אַזוי ווי פאַרשעמט, וואָס ער איז דער אויסלייזער, פאַרשווינדט ערגעץ אין אַ ווינקל.

— ב —

מיר אַרבעטן אין בנין פון דעם ווילנער אוניווערזיטעט, מען האָט אַהין געבראַכט די באַרימטע „סטראַשון ביבליאָטעק". מיר דאַרפן דעם מאַטעריאַל אויסאָרטירן.

אין איינעם פון די טעג געפינט שמערקע אַן אוצר, איך מיין אַ זעלטענעם ספר. „איך נעם עס היינט אין געטאָ אַריין", זאָגט ער און ווייזט מיר דעם ספר, וואָס איז כמעט אַזוי גרויס, ווי ער אַליין. איך פאַרשטיי, אַז שמערקע שפּאַסט, ער האָט ליב צו שפּאַסן. ווייל ווו און ווי אַזוי קען ער אַרום זיך באַהאַלטן אַזאַ בוך אַז די וואַך ביים געטאָ־טויער זאָל עס ניט באַמערקן?

נאָך דער אַרבעט פירט אונדז דער בריגאַדיר מיטן קירצסטן וועג דורך די פוסטע און וויסטע גאַסן פון דעם אַלטן, היסטאָרישן ווילנער געטאָ. מיר טרעפן אויפן וועג קיין איין לעבעדיקן נפש. ווייזט אויס די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט מורא פאַר די שאָטנס פון די יידן, וועלכע מען האָט מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק פון דאַנען אַרויסגעפירט קיין פּאָנאַר און אומגעבראַכט. איך גיי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. די ברוקירטע גאַסן זענען מער צוגעפּאַסט פאַר פערדישע פּאָדקאָוועס, ווי פאַר מיינע שיך און איך היט זיך ניט אויסצודרייען קיין פוס.

מיט אַ ריי פאַר מיר שפּאַנען שמערקעס הויכע שטיוול און איך דערקאָן זיין אַנצוג פון אַן איינפּאַכן זאַק. איך דערמאָן זיך אין זיין שפּאַס און הויב אויף די אויגן: אונטערן אָרעם האַלט שמערקע טאַקע דעם ריזיקן ספר, וואָס גרייכט אויך ביז די קני. פאַר איבעראַשונג אָדער שרעק באַמערק איך אַפילו ניט ווי גראַטעסק עס זעט אויס זיין קליינע געשטאַלט.

— „שמערקע, וואָס האָסטו?"

ער האַקט מיר איבער אין מיטן זאַץ:

— „רחל, הער אויף צו קאָמאַנדעווען".

ווער עס האָט געקענט שמערקען ווייס, אַז דאָס איז געווען זיין ווערטל צו פאַרענדיקן אַן אומגעוווּנטשענע דיסקוסיע.

ווען מיר זענען שוין אין געטאָ, פרעג איך שמערקען: „וואָס וואָלט געווען ווען גראַד היינט וואָלט ביים טויער געשטאַנען די געשטאַפּאָ?"

ער שווייגט אַ רגע און ענטפערט ווי זיין שטייגער מיט אַ שמייכל: „איך וואָלט געזאָגט, אַז איך נעם דאָס בוך אין דער געטאָ־איינבינדעריי. דער שעף וועט זיך זיכער מיטן ספר פאַראינטערעסירן און אין אַזאַ צושטאַנד קען מען עס דאָך דעם שעף ניט ברענגען".

און אפשר וואָלט מען אים טאַקע געגלויבט, — גיב איך אַ טראַכט. ווי אַזוי קען עס אַ געשטאפּאָ־מאַן, וואָס די גאַנצע וועלט איז זיינע, גאָר איינפאַלן — אז אָט דער ־ אָ אזוי קאָמיש אויסזעענדיקער ייד האָט מוט, אין אַ מיטן העלן טאָג, אים אָפּצונארן און נאָך פון אים חוזק מאכן?

שמערקעס שטיוול קלינגען אונטער איבער דער שמאָלער לאַווע פון רודניצקער גאַס. מיטן גאַנצן כח פון זיינע געזונטע לונגען הייבט ער אומ־דערוואַרט אָן:

„יונג איז יעדער, יעדער"...

אַ ליד, וואָס ער אַליין האָט נישט לאַנג פאַרפאַסט. איך לאָז זיך פאַ־נאַנדער און זאָג: „זאָל לעבן דער שמערקיזם". אַזוי האָט א. סוצקעווער אַמאָל אין אַ שפּאַס אַ נאָמען געגעבן שמערקעס ווונדערבאַרע איינפאַלן, זיין אייגנאַרטיקער אופן צו רעאַגירן, דאָס אַלץ וואָס עס איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש — בלויז פאַר שמערקען.

י. פּאַלאַטיצקי (אַרגענטינע)

# און אַ לידל זינג איך מיר...

אַ פּולער זאַל מיט מענטשן, וואָס פרייד האָט צעשטראַלט זייערע פּנימער. די פינגער באַוועגן גאָפּלען, אָדער מעסערס צום טאַקט פון אַ ליד, וואָס איך הער צום ערשטן מאָל און וואָס ציט ווי אַ מאַגנעט נאָכצוזינגען און איבערצוזינגען. אויבן־אָן שטייט אַ מענטשל מיט אַ ביסל שיקלדיקן בליק, מיט לעבעדיקע באַוועגונגען, שרייט אַלעמען אַריבער פירזאָגנדיק די ווערטער פון ליד, וואָס אַלע זינגען באַלד נאָך, זיין שטימע איז אַ זיכערע און אַ וואַרעמע, וואָס רופט און פאַרבעט מיטצוזינגען.

שפּרייז איך מיר מיט פעסטע טריט, פעסטע טריט,
צו דעם שטעטל, צום יאריד, צום יאריד.
מיטן טייסטער קלינג איך מיר, קלינג איך מיר
און אַ לידל זינג איך מיר, זינג איך מיר.

אזוי האָב איך באַקענט, שמערקען, אַ זינגעוודיקן, וואָס גיט נאָר ער אליין זינגט נאָר מאַכט זינגען אַלעמען. שוין לאנג האָט מען אין יידישן בוענאָס איירעס אזוי ניט געזונגען. אפשר אַמאָל, יאָ, ווען די היינטיקע פאַבריקאַנטן און סוחרים זענען נאָך געווען פּועלים ביי יענעם, אָדער האָבן זיך אַרומגעשלאָנדערט מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס און צעפּעדלט אין די הייזער פון די פאָרשטעט אָדער ווייטע געגנטן פון דער הויפּטשטאָט. אפשר אַמאָל, אויף יענע יום־טובים אָדער קעמערלעך, ווו די גרינע זענען זיך צו־זאַמענגעקומען אויפצונעמען אַ לאַנדסמאַן פון פּוילן, פון ליטע, צי פון רו־מעניע. אָבער עס איז שוין לאנג אין דעם, זייער לאנג, היינט זינגט נאָר די יוגנט, ווען זי טרעפט זיך צוזאמען און נאָר ישראל־לידער. אויך אויף באַנקעטן זינגט מען, אָבער וואָס? „גוואַלד יידן, כ׳דאַרף אורכענטע קריגן אַ דעפּאַרטאַמענטע״.

דוכט זיך אַ קלייניקייט און ס׳איז גאָרניט קיין קלייניקייט. שמערקע האָט געהויבן דעם געשמאַק פון די הונדערטער יידן, וואָס קומען זיך צו־נויף ביי געדעקטע טישן, ווו עס הערשט, כידוע די גרעסטע געשמאַקלאָזי־קייט. איך האָב געזען אַ זאַל געפּאַקט מיט מענטשן, באַקאַנטע מענטשן, וואָס אָדער זיי האָבן קיינמאָל קיין מויל ניט געעפנט, אָדער האָבן זיך גע־קוויקט מיט אַזעלכע אויסטערלישע גראַם־שטראַם־לידלעך ווי:

יידעלעך, פונקט ווי פידעלעך
פאַרן אָפיציעל (!)
פליען פונקט ווי פייגעלעך
קיין איסרויעל . . .

די דאָזיקע יידן האָבן גענומען זינגען „שבת זאָל זיין, שבת, יידן, שבת אויף דער גאַנצער וועלט". מען האָט געזען בפירוש, אַז די לידער ריידן אמתדיק צו זייער האַרץ, צו זייער געמיט. וואָס זענען זיי נעבעך שולדיק, וואָס דאָס יידישע טעאַטער און די יידישע ראַדיאָ־זינגער האָבן פאַרדאָרבן זייער געשמאַק, וואָס מען האָט געדאַרפט צוגעוויינען צו עכטן פאָלקלאָר און צו עפּעס — זאָגנדיקע ווערטער.

***

אַזוי האָב איך אים באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל, אַ זינגעוודיקן און אַ זינגמאַכעוודיקן. זענען מיר געוואָרן די בעסטע פריינד. איך ווייס, אַז מיט אַלעמען איז ער געווען דער בעסטער פריינד, אָבער צווישן זיי זענען מסתמא געווען מדריגות פון פריינדשאַפט, אָבער עס האָט נישט געשפּילט קיין ראָליע, ווייל שמערקע איז בוכשטעבלעך געוואָרן דער קנין (אויב מען קען עס זאָגן וועגן אַ פּערזאָן) פון אַלעמען.

שמערקע איז ניט שטענדיק געווען זינגעוודיק, ווייט ניט אַלע מאָל. דאָס לעצטע מאָל, אַ טאָג פאַר זיין אָפּפאָר קיין מענדאָסא האָבן מיר געהאַט אַ שמועס וועגן דעם פאַרלאַג „קיום". מיר האָבן באַטראַכט איבערצוזעצן דזשאָרזש האָרוועלס „דער רעוואָלט אויפן פאַרעט". ער האָט געוואָלט איך זאָל זיך נעמען איבערזעצן איגנאַסיאָ סילאָנעס לעצטן ראָמאַן „אַ האַנט מיט יאַגאָדעס", אַזוי האָט זיך אים געדאַכט הייסט דאָס, דאָס לעצטע ווערק פון סילאָנע. מען דאַרף געבן דעם יידישן לייענער (אַן אַנדערער וואָלט געזאָגט דעם לעצטן יידישן לייענער, אָבער ניט דער אָפּטימיסטישער שמערקע, ער האָט נישט גענוצט אַזעלכע ווערטער) די נייע ליטעראַרישע שאַפונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור, ווי מען האָט עס געטאָן אין פוילן. דערפאַר האָט אַ יידישער יוגנטלעכער אין פוילן געקענט די בייסטע ווערק פון אוניווערסאַלן ליטעראַרישן מאַרק, זיי האָבן אַלץ געהאַט איבערגעזעצט אויף יידיש. זענען דען די יידן אין אַרגענטינע חלילה גרעסערע ווייסערס ווי די יידן אין פוילן? וועט זיי ניט שאַטן צו באַקענען זיך מיט אַזאַ סאַטיריש ווערק ווי אָרוועלס (ער האָט עס ניט געהאַט געלייענט, איך האָב אים איבערגעגעבן דעם אינהאַלט), אָדער סילאָנעס, אָדער שטיינבעק און טאַקע פון דער העברעאישער מאָדערנער ישראל־ליטעראַטור. אַ פאַרלאַג דאַרף זיין אַ דערציאונג ־ אינסטיטוט, וואָס זאָל צווינגען יידן צו לייענען. כדי צוגעוויינען זיי צו דעם קען מען ניט געבן נאָר פאַרטיי — אָדער סאַ־

ציאלע טעמעס, נאָר מען מוז געבן בעלעטריסטיק פון שרייבערס מיט אַ נאָמען, וועלן זיי שוין דאָרט געפינען אויך סאָציאלע און אויך הומאַנע טעמעס.

דאָס איז געווען מיין לעצטער שמועס מיט שמערקען. אָבער אויך דער שמועס האָט זיך געענדיקט מיט אַ ליד. אמת, ער איז ניט געווען אויפגע־לייגט סתם צו זינגען, אָבער איך האָב אים כסדר געמאַטערט, ער זאָל מיר איבערזינגען מאַנגערס באַלאַדע וועגן די זיבן מייזלעך. ער איז ניט געווען צופרידן און אַ ביסל נערוועז, זיין געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט פלע־נער פאַר „קיום״, מיט דער נאָענטסטער רייזע און פלוצלונג, ווי ער וואָלט זיך פון עפּעס באַפרייט, האָט ער אַ זאָג געטאָן: נעם שרייב.

קיינער ווייסט ניט וואָס איך זאָג,
קיינער ווייסט ניט וואָס איך וויל.
זיבן מייזלעך און מויז
שלאָפן אויפן דיל.

מיר האָבן זיך געזעגנט. ווער זאָל וויסן אז אויף אייביק. באַגעגנט אים מיט אַ ליד און געזעגנט אים מיט אַ ליד דעם טייערן, דעם זשוואַווען, דעם ניט פאַרגעסלעכן קולטור־בויער און קולטור־פאַרליבטן שמערקע, וואָס האָט אַזויפיל נסיעות פאַרענדיקט נאָר דעם וועג אויף צוריק פון מענדאָסאַ קיין בוענאָס־איירעס ניט דערגרייכט.

און פאַר צרות שפּרינג איך מיר, שפּרינג איך מיר
און אַ לידל זינג איך מיר, זינג איך מיר...

חיים לייב פוקס (פאַרייניקטע שטאַטן)

# דער בעל אמונה

ווען איך זאָל וועלן קורץ כאַראַקטעריזירן ש. קאַטשערגינסקין, וואָלט איך גענוג געהאַט איין איינציק יידיש וואָרט: אמונה.

איך וויל צוריקציען די צייט און אויפלעבן קליינע מאָמענטן פון אונדזערע באַגעגענישן אין פאַרלויף פון אַכצן יאָר, כדי צו ווייזן אַז פון זיין בראשית־אָן, איז שמערקע געווען דער בעל־אמונה און אַזוי איז ער געבליבן ביז זיינע לעצטע טעג.

געווען איז עס אין יענע יאָרן, ווען די יונגע חברה יידישע דיכטער אין פוילן האָבן זיך געגרייט איבערצונעמען דעם טראָן פון דער יידישער ליטעראַטור. כמעט אין יעדן ווינקל פון יידישן פוילן האָבן יונגע טאַלאַנטן אַרויסגעגעבן אַלמאַנאַכן, העפטן פאַר ליד און פּראָזע. אין יענע טעג, באַלד נאָך דער גרינדונג פון „יונג ווילנע" איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין ירושלים דליטע, אין ווילנע עיר הקודש. איך בין געפאָרן צוזאַמען מיטן קדוש ישראל ראַבאָן, דעם אייגנאַרטיקן טאַלאַנט פון דעם לאָדזשער דיכטערישן בלי. מיר זענען געקומען אויפדערנאַכט אָבער שוין מיטן באַגין האָבן מיר אין אונדזער האָטעל־צימערל געהאַט אַ גאַסט. דאָס איז געווען שמערקע. וואָס כאַטש ער אַליין האָט זיך ערשט געהאַט באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט מיט זיינע קאָרעספּאָנדענצן אין דער „פרייהייט" און אין ענין ליטעראַטור איז ער נאָך געווען אַ נסתר, האָט ער אָבער אין זיך געטראָגן די אמתע ליבשאַפט פון דיכטער צו דיכטער, וואָס איז דאָ אין מסתרים פון איין שאַפנדיקן מענטש צום צווייטן.

מיר האָבן שמערקען אויפגענומען ווי אַן אייגענעם און ער האָט זיך שוין פון אונדז ניט אָפּגעשיידט די גאַנצע צייט פון אונדזער זיין אין שטאָט.

איך דערמאָן זיך די ווירקונג וואָס האָט אויף אים געמאַכט דאָס, וואָס איך האָב אונטערן איינדרוק פון דעם, וואָס ער האָט מיר געוויזן, אָנגעשריבן פיר לידער וועגן ווילנע, וועלכע איך האָב די זעלבע וואָך אָפּגעדרוקט אין זלמן רייזינס ז"ל „טאָג". ווי שמערקע האָט זיך מיט זיי געפרייט. מיט אייגענע לידער פרייט מען זיך ניט מער. אויך ישראל ראַבאָן האָט דעמאָלט אָנגעשריבן עטלעכע לידער און שמערקע איז צופרידן געווען וואָס ער איז געווען דער, וואָס האָט אונדז אָנגערעגט און זיך געגרויסט דערמיט. אָבער

אין יעדן וואָרט איז געווען די תמימות פון אַ שעפער, פון זיין דער בעל־שמחה אַליין.

אין איינעם פון יענע אָוונטן איז פאָרגעקומען דאָס געזעגענען פון אליהו שולמאַן, וואָס איז גראָד אָפּגעפאָרן אויף אַ צייט קיין רוסלאַנד.

עס גייט אויף פאַר מיר דאָס בילד פון דער שטוב ערגעץ אין יידישן היימישן צענטער, די פּנימער פון דער חברותא — יונגע פּאָעטן, מאָלער, צווישן זיי אַלע — ש מ ע ר ק ע. איך זע אים אַ צעשטראַלטן, פול מיט בטחון אין דעם נס פון דער פרייער מענטשהייט, אין וועלכן ער האָט אַזוי ווי אַ פרומער ייד געגלויבט באמונה שלימה. איך זע איצט די אַלע, וואָס די צייט האָט אַזוי אכזריותדיק אַרויסגעריסן פון אונדז. מיר זענען געווען אין געפּאַר אַרעסטירט צו ווערן (דער גרעסטער טייל, מיט שמערקען בראש, האָבן צו מזרח געדינט מיט אַלעם און מיט אַלע געפאַרן...) און איך לעב נאָך אַמאָל איבער די מינוט ווען מיר האָבן, אין דער טונקלקייט פון דער שטוב, אויפגעהויבן אונדזערע כוסות מיט אַ לחיים פאַר דער יונגער יידישער דיכטונג און פאַר דער יידישער ליטעראַטור אין לאַנד, וווהין שולמאַן האָט געדאַרפט מאָרגן אָפּפאָרן... שמערקע, האָט דעם אָוונט געשוויגן. איך האָב אָבער אין זיינע אויגן געזען די פרייד וואָס האָט מער גערעדט ווי ווערטער.

זענען אַוועק 6 יאָר און איך האָב ווידער באַגעגנט שמערקען. געווען איז עס אין ביאַליסטאָק. אָבער ער איז שוין ניט געווען דער זעלבער מאַמין... די רויע סאָוועטישע ווירקלעכקייט, האָט צעטרימערט זיין אמונה. ער האָט אויך ווי דאַן ביים געזעגענען געשוויגן ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס געשעמט... נאָר ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך געגרייט אָפּצופאָרן קיין ווילנע, ווי ער וואָלט געוואָלט צוריק גיין צו דער ווילנער יידישקייט. ער האָט מיך אַרויפגערופן צו זיך אין שטוב און מיר געהייסן נעמען אַלע זאַכן, וואָס ער האָט נישט געקענט מיטנעמען מיט זיך. איך האָב אים געפרעגט: נו? ער האָט געשוויגן... אין אָנהויב 1941 האָב איך אים ווידער געטראָפן אין ווילנע. אויך מיט גראַדען און סוצקעווערן. ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געזען דעם גזר, וואָס איז שפּעטער מיט 7 יאָר נגזר געוואָרן אויף דעם יידישן לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד, אָבער פּאַרטרויט האָט ער מיר שוין ספּיקות. די סיבה איז געווען דאָס פאַרמאַכן די קאָוונער יידישע צייטונג, וועלכע מען האָט „פאַראייניקט" מיט דער ווילנער. שמערקע, דער ענטוזיאַסט, האָט דעריין געזען די פאַרשמעלערונג פון זיין וויזיע און אין דער שטיל געוויינט.

יאָרן זענען אַוועק און מיר האָבן מיט דער גרעסטער פרייד געהערט די גוטע בשורה, אַז סוצקעווער און שמערקע לעבן. מיר האָבן אין דעם געזען די האַנט פון דער השגחה. מיר האָבן זיך אויך געפרייט וואָס עס זענען געבוירן געוואָרן אַזעלכע, וועלכע זאָלן קענען אָפּראַטעווען די אוצרות

פון „ייווא", ווייל מיר האָבן גוט געוווּסט, אַז קודם וועלן זיי, די טרייע, עס טאָן, און אַזוי איז דאָך טאַקע געווען...

אין 1946 האָב איך ווידער געזען שמערקען. מיין פרייד איז געווען אין לשער, אָבער ניט לאַנג איז געווען אונדזער צוזאַמענזיין. מיר איז געשען דאָס אומגליק מיט מיין עלטסטן זון, וועלכן פוילישע כוליגאַנעס האָבן אויסגעשלאָגן אַן אויג און צוליב דעם האָב איך ניט געקענט אַוועקפאָרן פון פוילן. ער איז אַוועק און איך האָב אים געזען ערשט ווען ער איז צוריקגעקומען פון ניו־יאָרק קיין פּאַריז. דאָרט האָבן מיר געוווינט בשכנות אויף 9 גי־פּאַטען, ווו שמערקע איז געווען טעטיק ביז ער איז געפאָרן קיין אַרגענטינע. אָבער שמערקע האָט אויך אין אַרגענטינע ניט אין זינען געהאַט בלויז זיך, זיין פאַרדינסט איז, וואָס אַ גרויסע גרופּע יידישע שרייבער, האָבן זיך געקענט באַזעצן אין אַרגענטינע.

די צייט פון אונדזער זיין צוזאַמען אין פּאַריז, האָט ווידער באַשטעטיקט מיינע ערשטע איינדרוקן וועגן אים. איך האָב די לעצטע יאָרן, פּונקט, ווי איך האָב אים געזען ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש, געפילט, אַז ער האָט די אמונה פון זיין לעבן צו דינען טריי אונדזער פאָלק דורך דער יידישער קולטור, הייליק געטראָגן אין זיינע בלוטן און אַזוי טריי, האָט ער זיין יונג לעבן געהייליקט אין שעה פון זיין אומקום.

שמערקעס טויט, וואָס איז ווי אַ המשך פון זיין לעבן — נאָך אַ סדר — אַ זכר פון יידישער גאולה — וועט פון יעדן יידישן מענטש באַטרויערט ווערן, ווי דער טויט פון אַן אייגענעם און נאָענטן, ווייל שמערקע האָט געטריי געדינט דעם יידישן מענטש ביים לעבן און אפילו ביי זיין טראַגישן טויט...

יהי זכרו ברוך לעולם ולעלמי עלמיא, אָמן!

א. צפנת (ישראל)

# דאָס פּינטעלע: שמערקע

שווער צו שרייבן אַ נאָכוואָרט צום ניט־פאַרענדיקטן לעבנס־ווערק פון שמערקע קאַטשערגינסקי.

אַ זעלטענער עקזעמפּליאַר געווען, אַן אומגעוויינלעכע דערשיינונג.

ווי אַ מעטעאָר, געטריבן פון עפּעס אַ העכערער קראַפט, האָט די דער־שיינונג שמערקע אַ שיין־געטאָן אין אונדזער נאָך־מלחמהדיקן, אָרעם־פאַר־חושכטן וועלטל. אַ טראָג־געטאָן זיך מיט וווּנדערלעכן אימפּעט צווישן הימל און ערד, אַ פינקל — און אויס, ניטאָ מער.

שווער, אומגעהויער שווער, ממש אוממעגלעך פאַרצושטעלן זיך, אַז דער אומדערשעפּלעכער קוואַל פון לעבעדיקער איניציאַטיוו, דער קוואַל פון ברויזנדיקער רירעוודיקייט און דינאַמישן שאַפן, פון כסדרדיקן בויען און אומדערמידלעכן אויפטאָן — אַז דער דאָזיקער אָפּטימיזם־געבענטשטער קוואַל, אונטער אַ שטילער, אויסערלעך־רואיקער מאַסקע, איז מיטאַמאָל, אין מיטן העלן פרילינג, מיר־ניט דיר־ניט אַזוי ברוטאַל פאַרשניטן געוואָרן.

יאָ, אַ וווּנדער־דערשיינונג איז שמערקע געווען. אַ כישוף־שטעקעלע אַזאַ געהאַט, וואָס האָט ווי אַ מאַגנעט צו זיך געצויגן יונג און אַלט.

אין וואָס איז אייגנטלעך באַשטאַנען שמערקעס צוציאונגס־קראַפט? איז דאָס געווען דער דיכטער וואָס אין אים? דער שריפטשטעלער? דער קול־טור־טוער? דער פּאַרטיזאַן? — ניין, אין דאָזיקן פּרט איז קאַטשערגינסקי, עליו השלום, ניט געווען קיין בן־יחיד. ניט אין דער יידישער ליטעראַטור איז ער דאָס געווען, ניט אין דער יידישער קולטור־וועלט און אויך ניט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. גענוג טאַלענטירטע פּען־מענטשן, גענוג ווערטפולע פּערזענלעכקייטן האָבן מיר אויף דער יידישער גאַס און דאָך געניסן זיי ניט פון אַזאַ גרויסער פּאָפּולאַריטעט, ווי דער אומגעקומענער.

מיט וואָס־זשע האָט ער פּאָרט אַזוי געפאַנגען מענטשלעכע הערצער? פאַרוואָס איז ער אַזוי באַרימט און באַליבט געווען ביי די יידישע מאַסן אין פּוילן, פראַנקרייך, ישראל, צפון־ און דרום־אַמעריקע? פאַרוואָס פלעגן זיך אַזוי אומעטום ברעכן די זאַלן אויף קאַטשערגינסקיס אָוונטן? פאַרוואָס באַוויינט אים אַזוי אויפריכטיק די גאַנצע יידישע וועלט — פון פּאַריז ביז תל־אביב און פון ניו־יאָרק ביז בוענאָס־איירעס?

ניט אַנדערש, אַז ער האָט געהאַט אַזאַ מין וווּנדערלעכן עליקסיר, שמערקע פֿאַרמאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס אַנדערע האָבן עס ניט.

מעגלעך אַז ער האָט עס געהאַט צו פֿאַרדאַנקען זיין יונגן, געזונטן לעבנלוסט, וואָס האָט אין אים אַזוי זינגעוודיק געשפּילט; מעגלעך — זיין עכט־ווילנער, אומגעקינסטלטע פֿאָלקסטימלעכקייט; זיין זעלטענער, אומ־מיטלבאַרע גוטסקייט, זיין רירנדיקע חברישקייט און קאָלעגיאַלע איבער־געגעבנקייט, זיין גרויסע ליבשאַפֿט צום מין מענטש, און מעגלעך — אַלע זיינע מעלות צוזאַמענגענומען. דאָס — און נאָך עפּעס אומדעפֿינירבאַרעס וואָס לאָזט זיך באַצייכענען בלויז מיט איין פֿאַראַפֿראַזירטן ווערטל:

— דאָס פּינטעלע שמערקע.

ניט אומזיסט פֿלעגט ער זיך אין אַ פּאַריזער יידישער צייטונג אונ־טערשרייבן „אַ פּינטל“.

געוועזן אַ חן־פּינטל אויף אונדזער ערדישן הימל און ניטאָ מער, פֿאַר־שוווּנדן.

קעהאָס קליגער (אַרגענטינע)

# דער משולח פֿון פֿייער

ביסט צו אונדז געקומען
מיט פֿונקען שרויט אין די אויגן,
מיטן פֿאַרזאָטענעם פּיין פֿון שווייגן;
מיט אַ שטערן אַ הויכן —
ווי אַ מאָנומענט פֿון גרויל און גבורה
פֿון די ברענינקע געטאָס,
פֿון די פּאַרטיזאַנישע וואַלדיקע הײלן,
פֿון פֿאַרהײליקטן מאַרך און ביין, —

ביסט צו אונדז געקומען —
ווי אַ משולח פֿון פֿייער.

אָבער —
אין אַ לבנה'קער סדר־נאַכט
האָסטו זיך איינגעהילט אין אַ פֿלאַמיקן קיטל,
און מיט שטערנדיקע ניגונים
ביסטו פּלוצים,
אַזוי גיך און אַזוי הויך אַוועק פֿון אונדז,
כּדי זיך מצרף־זיין מיטן פֿאַרגליטן געשריי
און מיטן זשאַריקן אַש
פֿון דיינע פֿייערדיקע ברידער —
פֿון דיינע פֿאַרשייטערטע יידן פֿון פּאָנאַר.

צען מאָל האָט אין דיין בליק
גלוטיק אַ שניט געטאָן
די שריפֿהדיקע שיין פֿון געטאָ.
צען מאָל האָט אין דיין האַרץ
בריאיק אַ זאָט געטאָן
דאָס קאָכיקע בלוט פֿון דיינע געשאָכטענע שוועסטער.

צען מאָל האָסטו פֿאַרנומען
דעם פֿאַרגאַזטן געוואָרגל פֿון דיין אומה —

און צום עלפֿטן מאָל —

צום עלפֿטן מאָל, אין דער בלויער פּסח־נאַכט
פֿון ווײַן און פֿון בלוט,
פֿון ליד און פֿון קאַמף,
פֿון קדושה און פֿון גבורה
האָסטו זיך אַ ריס געטאָן, ווי אַן אָדלער,
אויפֿן געצונדענעם פּעגאַז פֿון דיין גורל
און ביסט צו זיי אַוועק אויף אייביק,
אויף אייביק.

אָ! פֿײַערדיקער משולח,
ווי קען איך אַרײַנקוקן אין צעבלענדטן ליכט
פֿון דיין ערדישן אַוועקפֿלי?
ווי קען איך זיך דערנענטערן צום עיגול
פֿון דיין הויכן זכיהדיקן טויט?

ברי לי, אפֿילו נישט דער צדיק
פֿון ירושלים דליטא —
דיין ווילנער גאון.

אַזויפֿיל יידיש דיין האַרץ,
אַזויפֿיל גרויס דיין נשמה,
אַזויפֿיל קדוש דיין געביין.

איך וויין ניט אויף דיר, שמערקע!
מיין וואָכעדיקע טרער איז ווייניק קרישטאָל
פֿאַר דער פֿאַרהימלטער קדושה
פֿון דיין לעצטן אָטעם, —
ניין, איך וויין נישט אויף דיר,
דו, פֿײַערדיקער משולח פֿון וועלדער און געטאָס.

(נאָר זאָג מיר,
דו האָסט דאָך מיך ליב געהאַט, —
זאָג מיר, פֿאַרוואָס,

פאַרוואָס האָסטו נישט מיטגענומען
פון מיין אומגעהייערער פאַריינזאַמטקייט
אַ גרוס צו מיין פאַרקווילטער מאַמען?

מיין זוניק זעגל
בייגט זיך צום אָוונטיקן מערב
און צום אָבלדיקן שיפער
פאַרגופן זיך שאָטנס פון לעצטן עלנט, —
אָ, זאָג מיר, פייערדיקער שמערקע,
פאַרוואָס האָסטו נישט מיטגענומען
אַ גרוס צו מיין פאַרגיהנומטער מאַמען?—)

און שפּעטער —
ביים פריש־צעגראָבענעם צער פון מיין האַרץ,
ווען די אויפגעשניטענע ליימיקע גרודעס
האָבן טויב אַ טאַנציקן פויק געטאָן אויף דיין געביין, —
האָט דער זאַלציקער טוי פון טרויער
נאָך אַלץ נישט אַ גלי געטאָן מיינע וויעס.

ווייל —
נישט דאָס איז דיין קבר,
דו, פייערדיקער משולח!

דיין קבר איז דער אצילותדיקער זכר,
וואָס וואָגלט אין אונדזער מיליאָניקן אַש און פייער
און ליאַרעמט פאַרצאַפּלט
אונטער אַלע זיבן הימלען,
איבער אַלע פעלדער און וועלדער
און איבער אַלע ימען פון דער וועלט.

און דערפאַר בין איך דיך מקנא.

אָ, שמייכל נישט, פייערדיקער שמערקע,
הער, ווי איך שווער דיר —

— איך בין דיך מקנא — — — — —

סוף מאַי, 1954.

משה קנאַפּהיים (אַרגענטינע)

# די טרויעריקע געשיכטע פון אַ פריידיק ליד

דאָס ליכט קאָן פאַרפירן.
דאָס ליכט וואָס קאָן פאַרפירן.
איציק מאַנגער

אין אָנהייב דרייסיקער יאָרן האָט זיך איבער די יידישע שטעטלעך פון פוילן אַ קייקל געטאָן, ווי אַ גאָלדן רענדל, אַ ייִנגלעריש שטיפעריש לידל אינאיינעם מיט אויך אַזאַ פריילעכער מעלאָדיע, גלייך ווי ס׳וואָלט געווען אַ געזאַנג וועגן אַ גרויס מענטשלעך גליק.

די פשוטע הייטערע ווערטער, וואָס האָבן אויבנאויפיק אויסגעזען צו זיין אומשולדיק נאַאיוו, האָבן פאַרמאָגט אין זיך אַ מאַגישע קראַפט צו צעוויגן אַן אומרו אינעם מענטש, אים רופן און אַרויספירן אין גאַס, צו די „פּאָדפּונקטן" מאַסוווקעס, שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס.

אין זייער תמימותדיקייט האָבן זיי אוממיטלבאַר פאַרהיימישט די יידישע אָרעמשאַפט מיט דער וויזיע פון אויסלייזונג, וואָס וועט אַ סוף מאַכן צו זייער פּיין און דאַליע.

די דאָזיקע קינדיש־פריידיקע שורות האָבן געטראָגן אין זיך פאַרבאָרגן די דינאַמישקייט און קראַפט פון אויפרייס־שטאָף; פון צעשטורעמטע כוואַליעס, וואָס זענען בכוח אומצוואַלגערן צוימען און מיטרייסן אין לויף אַלץ וואָס זיי טרעפן אין וועג.

דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד, וואָס אַ ווילנער בחורל אַ קונדס האָט שטיפעריש־צולהכעיסדיק אַ קוילער געטאָן איבער די ווילנער געסלעך, איז אַוועקגעלאָפן ווייט, ווייט, האָט אַרומגעקרייזט גאַנץ פוילן, און אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון גרויס און קליין, דאָס ליד האָט גיך אָנגעשפּאַרט אין דער הויפּטשטאָט, פאַרקראָכן אין די געדיכטע וואַרשעווער גאַסן און הינטערגעסלעך און אָט איז עס שוין געווען אויף אַלעמענס ליפּן. פון אַלע אָרעם־שטיבלעך און אַרבעטער־לאָקאַלן, סוטערינעס און בוידעם־פּאַציאַטעס, פון אומעטום האָט זיך געטראָגן דאָס מונטערע געזאַנג, וואָס יונגע, דינע שטימעלעך האָבן אויסגעציקלט:

טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך
בויען באַריקאַדן,

בויען באַריקאַדן.
אין די גאַסן גייען אום
אַרבעטער־אַטריאַדן,
אין די גאַסן גייען אום
אַרבעטער־אַטריאַדן.

זייער ווייניק מענטשן און נישט אַלע זינגער האָבן געוווּסט, אַז דאָס פרייל[עכע] ליד האָט אויסגעטראַכט אַ שווייגנדיק, טרויעריק־פאַרטראַכט בחורל פון די ענגע ווילנער געסלעך; אַ בחורל, וואָס איז געווען באַקאַנט אין די קרייזן פון ליטעראַטן און אַרבעטער. מ׳האָט אים גערופן שמערקע, שמערקע קאַטשערגינסקי.

דאָס איז געווען שוין לאַנג, זייער לאַנג, מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק און אפשר נאָך לענגער.

דער יונגיטשקער שמערקע, ווי מ׳זעט עס פונעם ליד, האָט זיך פאָרגעשטעלט די רעוואָלוציע ווי אַ קינדער־שפּילעכל. ער האָט די וועלט־איבערקערעניש געזען מיט קונדסיש־קינדערישע אויגן. ער האָט בעת־מעשה נישט געטראַכט, אַז ווען ס׳וועט שלאָגן די שעה און די „טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך" וועלן דאַרפן אַרויס אין די גאַסן „בויען באַריקאַדן", וועט גאָרנישט זיין אַזוי היימלעך, אַזוי פריילעך. ס׳וועלן דעמאָלסט פאַלן קרבנות פון אָט די טאַטעס, מאַמעס, און בלוט וועט זיך גיסן ווי וואַסער.

אין דעם בלוט פון די טאַטעס און מאַמעס, זעט אויס, האָט דער יונגער פּאָעט אינגאַנצן פאַרגעסן. קאָן זיין, אַז אים איז אפשר געגאַנגען בלויז אין דעם, אַז אינעם אומעטיקן, מאָנאָטאָנעם און גרויען ווילנע זאָל זיך רודערן: זאָל קומען וואָס עס וויל, נאָר זאָל ווערן היימלעך, זאָל זיך עפּעס טוען אין דעם ווילנע, זאָל מען לויפן, העכגען פענער, ברעכגען טישן פון די שטובן און טירן פון די הייזער, מ׳זאָל אַרויסרייסן שטיינער־פליטן פון גאַס, איבערקערן לאַסט־מאַשינען און וועגענער, און מ׳זאָל קנאַלעווען פון די ביקסן, אַז ס׳זאָל גיין אַ רויך.

אין זיין יינגלערישער פאַנטאַזיע האָט דאָס בחורל זיך פאָרגעשטעלט, אַז ס׳איז גענוג אַ בלויזער שפּרונג, אַז נישט בלויז די יוגנט, נאָר אויך די טאַטעס און מאַמעס זאָלן אַרויס אין גאַס, אין קאַמף, אויף די באַריקאַדן.

אין רעאַלן לעבן אָבער איז עס צוגעגאַנגען אַביסעלע שווערער. דאָ איז יעדער טראָט געווען געפּענטעט ווי מיט דראָט, געהיט און פאַרפאָלגט פון אַן אומגעזען אויג, — פול מיט דראָאונג און געפאַר. דאָך האָט עס דעם יונגן שמערקען נישט אָפּגעשראָקן און נישט אָפּגעהאַלטן. ער איז געווען דרייסט, פלינק און פּראַקטיש. אָרגאַניזאַטאָריש פעאיק און פול מיט פלענער האָט ער געהאָלפן שאַפן די שרייבער־גרופּע „יונג־ווילנע", וואָס האָט גיך געקריגן אַ שם אין דער יידישער ליטעראַרישער וועלט; אָרגאַניזירט לי־

טעראַרישע אָוונטן און פּרימאַרגנס. צוזאַמען מיט די „יונג־ווילנאַנער״ אַרויסגעגעבן ליטעראַרישע זאַמלהעפטן.

דאָס אַלץ איז נישט געווען קיין ציל פֿאַר זיך. דער הויפּטציל איז גע־ווען אַ סך דערהויבענער און הייליקער. דאָס איז בלויז געווען נישט מער, ווי פּיבערהאַפטע צוגרייטונגען און פֿאַרבאַרייטונגען צום גרויסן אויפֿברויז און שטורעם פֿון די טאַטעס און מאַמעס, וואָס וועט דאַרפֿן אַ טראָג־טאָן ווילנע ווי אויף רעדער, אויף די רעדער פֿון דער געשיכטע. אָט־אָט און ס׳וועט קומען דער לאַנג־דערוואַרטער סיגנאַל און מיט אים — דאָס פֿריילעכע ליד, וואָס וועט פֿלאַטערן ווי אַ פֿאָן, אַ זיגערישע פֿאָן איבער אַלעמענס קעפּ.

ס׳האָט געדויערט לאַנג אָט די צוגרייטונג, יאָרן גאַנצע. אַ סך פֿון די ענטוזיאַסטן זענען געוואָרן מיד און אומגעדולדיק, אַנדערע זענען פֿאַר־כאַפּט געוואָרן אין די תּפֿיסות. און צו די באַריקאַדן איז נאָך אַלץ געווען אַזוי ווייט, אַזוי ווייט.

און מיטאַמאָל האָבן די ווייזערס פֿון דער געשיכטע גענומען לויפֿן משוג־געגערהייט, גענומען שפּרינגען און יאָגן געשווינד, געשווינד... אָט איצט — איז מען געווען זיכער — וועט אויסשלאָגן די ריכטיקע שעה, און ס׳פֿאָלק וועט, אַלע ווי איינער, אַרויס אין גאַס, אויף די באַריקאַדן. נאָר אַנשטאָט דער באַוואָפֿנטער אויפֿשטאַנד קעגן שונא איז אומגעריכט געקומען אַ... שלום־אָפּמאַך פֿון דער „פֿרייהייט־ליבנדיקער מענטשהייט״ מיטן „שונא נו־מער 1״.

דאָס גרייטן זיך צו די באַריקאַדן — האָט זיך אַרויסגעוויזן — איז געווען איבעריק, אָן אַרויסגעוואָרפֿענע אַרבעט און אויך די קרבנות, וואָס די געהיימע אונטערערדישע אַרבעט האָט פֿאַרשלונגען איז געווען „נאַ פּליע־וואַט״. די באַריקאַדן זענען נישט געווען נייטיק.

די פּונקטן און ליניעס אויף דער מאַפּע האָבן זיך גענומען טוישן שווינדלדיק גיך, ווי כוואַליעס בעת אַ שטורעם. אָט איז ווילנע פֿון אויבן און אָט איז זי פֿון אונטן. אָט איז זי רויט און אָט — בלאָס, ווייס ווי קרייד, טויט־בלייך. אָט קומען די סאָוויעטן און אָט יאָוועט זיך די ליטווי־נער. עס געדויערט נישט לאַנג און שוין באַלעבאַטעווען די דייטשן די גע־וועזענע פֿאַרבינדעטע. און מיט די דייטשן קומט געטאָ, ליקווידאַציע, פּאָ־נאַר, וועלדער, פּאַרטיזאַנקע, און בלוטיקע קאַמפֿן...

די צייט יאָגט. די דייטשן לויפֿן, מפּלות אויף מפּלות, און ווילנע ווערט באַפֿרייט. די רויטע אַרמיי קומט קיין ווילנע און מיט איר — די גרויסע אַנטוישונג פֿאַר אַלע אילוזיעס און אילוזאָרן. די באַריקאַדן זענען זיך צעפֿאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל. דער חלום פֿון די יינגלשע יאָרן איז זיך צערונען ווי אַ זייפֿנבלאָז.

די רוסן האָבן די ישועה מיט זיך נישט געבראַכט פֿאַר די ווילנער יידן, פֿאַר די לעבנגעבליבענע יידישע ווילנער. ס׳איז שוין רעכט נישט גע־

ווען פאַר וועמען זי צו ברענגען. שוין נישטאָ די טאַטעס, נישטאָ די מאַ־מעס. וואָס מיר באַריקאַדן, ווען מיר באַריקאַדן. ס׳איז אַן עסק פאַר קינ־דער און נישט פאַר קיין דערוואקסענע. טאָ ווו זענען די קינדער? זאָל כאָטש דאָס קליינוואַרג זינגען דאָס ליד וועגן די טאַטעס און מאַמעס וואָס בויען באַריקאַדן. אפילו דאָס ליד לאָזט מען נישט זינגען. דאָס הייפל קינדערלעך־יתומים, וואָס דער אומדערשיטערטער פאַנטאַזיאָר און קעמפער — בעל־חלומות און בעל־בטחון — שמערקע קאַטשערגינסקי האָט צונויפגעקליבן און געשאַפן פאַר זיי אַ קינדערהיים — זיי לאָזט מען נישט זינגען דאָס ליד פון קאַמף, פון דער רעוואָלוציע.

— היינט בויט מען נישט קיין באַריקאַדן, פאַבריקן דאַרף מען היינט בויען, זאַוואָדן דאַרף מען און נישט קיין באַריקאַדן.

אַזוי האָט זיך געבייזערט דער פּאָליטרוק אין מיליטערישער קליידונג פון אַ רויט־אַרמייאישן לייטענאַנט. און אַלע קינדער זענען מיטאַמאָל אַנט־שוויגן געוואָרן. און מער נישט געלאָזט הערן פון זיך קיין פּיפּס פונעם ליד וועגן די טאַטעס און מאַמעס, וועגן די באַריקאַדן... פוסטע חלומות.

און שמערקע האָט געכאַפּט זיין ליד, דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד, וואָס איז שוין דאָ געווען, ווי ער אַליין, נישט נייטיק און איבעריק, און מיט שטומע פאַרמשפּעטע טריט אַוועק פון דער קינדערהיים, פון דער היימשטאָט, פון היימלאַנד; אַוועק אין דער פרעמד — ווייטער צו פּראָוון נע־ונדיזם, אַוועק צוריק אין וואַנדער.

און אויס מיט די קינדערשע פאַנטאַזיעס, אויס מיטן חלום פון די באַריקאַדן. אַ טעות, אַ ביטערער, פאַרדריסלעכער און פאַטאַלער טעות. אַ מענטש האָט מער ווי אַ האַלב לעבן זיינס געלעבט אין אַ טעות.

טאָ ווו איז דער אמת? דער אמת איז ווייטער אמת. דער אמת איז דאָ, געווען און געבליבן הייליקער אמת. געווען און געבליבן דער זעלבער, דער אַלטער אמת. — מיט אים און ביי אים.

אויפן אָרט פונעם אַנטוישטן יום־טובדיקן באַריקאַדן־ליד איז געקומען אויפסניי דאָס אַלט־נייַ גלויביקע געזאַנג, דאָס שבת־געזאַנג, די שבתדיקע זמירות:

שבת, שבת, שבת,
זאָל זיין, יידן, שבת.
שבת זאָל זיין,
שבת אויף דער גאַנצער וועלט.

און שבת מיינט — יידיש ליד, יידישע ליטעראַטור, יידישע קולטור — דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש שטעקט דער שורש פון אמת. דער אמת גופא. און מיטן דאָזיקן אמת האָט זיך שמערקע קאַטשערגינסקי שוין מער נישט צעשיידט ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

מלך ראוויטש (קאַנאַדע)

# שמערקע קאַטשערגינסקי

## (אַן אינטימער פּאָרטרעט)

געבוירן אין ווילנע 1908, פּאַרטיזאַנער אין די יאָרן פון דריטן חורבן; שפּעטער: ראַטן־פּאַרבאַנד, פּוילן, פראַנקרייך — רייזעס: ישׂראל, אַמעריקע, קאַנאַדע, אין 1952 באַזעצט זיך אין אַרגענטינע — פּריטיק, דעם 23טן אַפּריל 1954 אומגעקומען אין אַן עראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע ביי מענדאָזא.

אויב געזעלשאַפט אַלס גאַנצע איז אַ מין זייגער, וואָס הענגט אויף דער וואַנט פון דער וועלט־געשיכטע, איז שמריהו קאַטשערגינסקי — אָדער, ווי אַלע האָבן אים גערופן „שמערקע" — ניט געווען קיין ציפערבלאַט, קיין ווייזער, קיין רעדל — און נאָר דער אומרו... און ער האָט עס געוווּסט, און אַלע האָבן עס געוווּסט. יאָ, טאַקע אַן אומרו. און מיט אַלע אייגנשאַפטן — ניט פון דעם, וואָס מען פאַרשטייט אונטער דעם וואָרט „אומרו" בכלל, נאָר וואָס מען פאַרשטייט אונטער דעם וואָרט אומרו פון אַ זייגער. מחמת אַן אומרו פון אַ זייגער האָט חוץ זיין אייביקער באַוועגעוודיקייט נאָך צוויי אַט־ריבוטן און זיי זענען: אָרגאַניזירטקייט און טאַקט, ריטם. דאָס איז געווען שמערקע קאַטשערגינסקי אומעטום ווו ער האָט זיך נאָר באַוויזן. און צום ליבסטן איז אים געווען צו באַווייזן זיך צווישן שרייבער. יידישע ליטעראַטור איז געווען זיין גורל.

ער איז אויפגעקומען מיט דער גרופּע „יונג - ווילנע" אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן. אַזוי ווי ער איז געווען די „נשמה" פון דער גרופּע — דאָס וואָרט קענט איר געפינען אומעטום, ווו מען שרייבט וועגן יונג־ווילנע — איז ער נאַטירלעך געווען איר אָרגאַניזאַטאָר. און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ חוש פאַר זאַמלען, פאַר אויפהיטן, פאַר געשיכטע — זענען געבליבן אומצאָליקע פאָטאָגראַפיעס אין וועלכע שמערקעס פּנים איז דאָ אין אַלערליי גרופּעס־קאָמבינאַציעס. אָבער נאָך דער מלחמה און די פּאַרטיזאַנער־יאָרן זענען מיר שמערקען בעיקר אין דער געזעלשאַפט פון חיים גראַדע און אברהם סוצקעווער. יאָרן־לאַנג זענען זיי עס געווען „די דריי". שמערקע האָט געוווּסט, אַז זיי זענען טאַקע די דריי חברים, אָבער זיי זענען ניט די דריי גלייכע דיכטער. ביי שמערקען איז דיכטונג געווען אַ בייזאַך. די דיכטער זענען די צוויי געווען — גראַדע, סוצקעווער. אָבער שמערקע האָט ניט

געליטן פון קיין אינפעריאָריטעט־קאָמפּלעקס. ער האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך — חוץ אַ לעבנס־געשיכטע, וואָס וועט ממש אַריין אין זיין פאָלקס־געשיכטע ווי אַ פראַגמענט און אַ סימבאָל פון אַ גרויסער און טראַגישער צייט — דריי סטאַנדאַרט־ווערק: חורבן ווילנע, אַן אַנטאָלאָגיע: לידער פון די געטאָס און לאַגערן (הקדמה: לייוויק), און — איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן. חוץ דעם אַ גאַנצע ריי קלענערע ביכער און בראָשורן.

אַ קליין־געוואַקסענער — נאַפּאָלעאָנישער וווּקס — רופט מען עס און אין זיין פאַל איז עס צוגעפּאַסט, צוגעפּאַסט צו דעם אומרו שמערקע קאַ־טשערגינסקי. אַן איבערמאָסיק הויכער שטערן, אַ שטערן פון אַ פילאָזאָף, אָבער אונטער שמערקעס שטערן איז ניט געווען קיין אָנגעלערנטע פילאָזאָ־פיע, נייערט לעבנס־דערפאַרונג און לעבנס־חכמה. די אויגן גרינלעך־גרויע און אַביסל שיקלדיקע. אויגן, וואָס האָבן זייער אַ סך ליבע, אָבער קענען זיין שטרענג און קאָמאַנדירן, ווען מען דאַרף. אַ שטענדיק צעפּליגלטע נאָז און אַ פול־ליפּיק מויל, וואָס איז פול מיט לעבנס־פרייד, אָבער ניט מיט רייד. שמערקע, וואָס איז געווען מלא וגדוש מיט אַ וועלט מיט מעשיות — איז געווען אַ קאַרגער דערציילער, און דערציילן פלעגט ער אָפּגעהאַקט — מער מיט האַלב־ווערטער און מיט זשעסטן.

שמערקע האָט געוואַלטיק ליב געהאַט האַרציקייט — אַרויסצווייזן און צו נעמען. מיט אָט דעם געבן־נעמען האָט ער געאָטעמט, געלעבט. זיין מאַ־ניער, אַזוי ווייט, אַז אָפטמאָל האָט זיך עס געדאַכט, אַז דאָס איז פּאָזע. אָבער עס איז ניט געווען קיין פּאָזע. ער האָט כסדר עפּעס און עמעצן, הונדערט עמיצנס, אין זינען געהאַט. אָט זיצט ער און ער רעדט מיט דיר, רעדט מיטן גאַנצן האַרץ, נאָר אָט שטייט אַ טעלעפאָן אויפן טיש, און אַלע ווײַלע גיט ער וועמען אַ קלונג. און ער רעדט — אין גרעסטן טומל אַפילו אַרום — זייער שטיל, שעפּטשעט. אָבער שעפּטשעט אַזוי דייטלעך, אַז יע־נער הערט גוט. ווייזט אויס, אַז דאָס איז אַ מין איבערבלייב פון די פּאַרטי־זאַנער־יאָרן. און בשעת ער רעדט מיט דיר אַ האַלבע שעה — קען ער אַזוי אָפּשעפּטשען מיט נאָך אַ צען מענטשן אויפן טעלעפאָן בינו־לבינה. און דו ווערסט גאָרניט בייז פאַר דעם. ווייל שמערקע קען זיך גלייכצייטיק און גאַנץ אָוועקגעבן צו צען אירע. אַזוי איז ער. אומפּאַרגלייכלעך אין דעם זי־נען. אַנדערע פלעגן אויף אים זאָגן, אַז ער איז אַן עגאָאיסט. אמת. אָבער ער איז געווען דער הערלעכסטער עקזעמפּלאַר פון אַן עגאָאיסט. ער האָט אַזוי וווּנדערלעך געקענט מאַנעווירן, אַז טוענדיק זיך אַ טובה — זאָלן צען, אָבער טאַקע צען! — אַנדערע דערפון געניסן. און ניט צופעליק. ער האָט בפירוש אין זינען געהאַט.

אָבער אונדזער מיניאַטור־פּאָרטרעט וואָלט ניט געווען גאַנץ אָן דער מעשה וועגן שמערקעס איינזינגען לידער בציבור. ער האָט זיך אַ קליין ביסל מיט דער קונסט געשעמט. אפשר פּאַסט עס ניט. און אַז דער שרייבער פון די

שורות האָט אים אַמאָל מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט געזאָגט, אַז אָט דאָס זינגען־בציבור רופט זיך איבער מיט יענע בלעטלעך אין שמואל ב׳ קאַפּיטל ו׳, ווו דוד המלך טאַנצט און מאַכט זיך מכלומרשט נאַריש צוליב פרייד מיט דער תורה — האָט אים שמערקע אַרומגעכאַפּט און געקושט. עפּעס אַזוי ווי ער האָט אויף דעם וואָרט, אויף דער באַרעכטיקונג פון זיין זיך „נאַריש מאכן״, מיט זינגען לידער בציבור מיט אן עולם, געוואַרט. און ער איז געווען אַ מייסטער ממש אויף אָט דעם געביט. אין אָט די מאָמענטן האָט זיך זיין בלוט פאַרוואַנדלט אין אַ מין רויטן קוועקזילבער... אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער ניט פאַרלוירן דעם ריטם און דעם טאַקט. ער פלעגט זינגען און אי אין דער זעלבער צייט שעפּטשענדיק אונטערזאָגן דעם עולם מיט איין שעפּטש גאַנצע שורות, גאַנצע סטראָפן אויף אַמאָל. ער פלעגט אַזוי כישופן ווי אַן איינזינגער, אַז אַלט און יונג האָט גענומען מיט־זינגען, מיט אַ קול, אָן אַ קול איז באַלד געוואָרן ממש אַ כאָר פון יעדער מסיבה, ווו שמערקע איז געווען אַ שעה אַ גאַסט. און אין קאָפּ ביי אים איז געווען אַ גאַנצע ביבליאָטעק מיט לידער זינג־ביכער. וואָס פאַר אַ ליד ווער עס האָט זיך דערמאָנט און געשטאמלט דערפון אַ שורה — האָט עס שמערקע געקענט אויף אויסנווייניק.

דער דיכטער נ. י. גאָטליב פון מאָנטרעאל האָט אָפּט דערציילט, אַז שמערקע האָט אים געזאָגט: אין אומרו בין איך געבוירן געוואָרן, אין אומרו לעב איך און אין אומרו וועל איך שטאַרבן. ער האָט געזאָגט אמת און איז — ליידער און ווייי איז אונדז — געווען זיין נביא אמת.

שמואל ראָזשאַנסקי

# ווי אַזוי איז שמערקע קאַטשערגינסקי געקומען קיין אַרגענטינע?

ער איז נישט געווען דער איינציקער פון די שרייבער־פּליטים אין פּאַ־ריז, וועלכער האָט געחלומט פון פאָרן זיך באַזעצן אין אַרגענטינע. עס האָבן נישט געפעלט קיין בעלנים. נאָר ער, אַז ער האָט געטראַכט פון זיך, האָט אויך געטראַכט פון אַנדערע.

גלייך אין דעם ערשטן בריוו, וואָס ער האָט צו מיר געשריבן פון ניו־יאָרק, וועגן זיין קומען קיין אַרגענטינע (דער בריוו האָט די דאַטע פון 4טן נאָוועמבער 1948), האָט ער דערמאָנט:

— „אפשר וועלן קענען קומען צו אייך עטלעכע שרייבערס פון פּאַריז. איי, וואָלט איר אויפגעטאָן אַ גוואַלדיקע זאַך! און ווער וועט עס טאָן, אויב נישט איר?“

די לעצטע ווערטער האָט ער געשריבן צוליב צוויי מאָטיוון. ער האָט געוווּסט, אַז איך האָב גלייך נאָכן אויסבראָך פון דער מלחמה געמאַכט באַ־מיאונגען, אַז ציימונגען און קולטור־אינסטיטוציעס אין בוענאָס־איירעס זאָלן צושטעלן צו דער דירעקציע פון אימיגראַציע בקשות, מען זאָל לאָזן אייניקע פּליטים אַריינקומען אין אַרגענטינע. אַזוי אַרום האָבן מיר געהאָפט אַרויסצוראַטעווען פון אייראָפּעאישן גיהנום גלייך אין די ערשטע חדשים פון קריג אייניקע ייוואָ־ און צישאָ־טוערס. אי פאַר זיי וואָלט עס געווען אַ רעטונג, אי דער אַרגענטינער ישוב וואָלט דורך דעם צובאַקומען אַביסל בלוט, ביי דעם גרויסן דוחק אין שעפערישער אינטעליגענץ. צום באַדויערן איז דאָס נישט געלונגען גלייך ביים אָנהייב. צום באַדויערן האָבן נישט גע־פעלט אַזעלכע, וואָס האָבן אונדז אָפּגעשראָקן פאַר דעם געדאַנק, פאַרזיכערנ־דיק אַז אויב עס וועט שוין יאָ געלינגען אַריבערצוברענגען אייניקע שריי־בערס, וועלן זיי דאָ נישט געפינען פאַר זיך די נייטיקע סביבה, די מעג־לעכקייט צו מאַכן אַ לעבן און ממילא וועלן זיי דאָ נישט קענען אויפשטעלן פאַר זיך אַ היים. נישט געקוקט אויף די ערשטע אַנטוישונגען און נישט גע־קוקט אויף די אַלע וואָרענונגען, ניט צו „פאַרפירן אומגליקלעכע מענטשן, וועלכע בענקען נאָך אַ היים“, האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק, אַז

מיר זענען פֿאָרט מחויב צו שאַפֿן אַ היים פֿאַר הײמלאָזע שעפֿערישע מענטשן, ווײַל דאָס דאַרף זײַן פֿאַר בײדע צדדים אַ פּעולה. דעם דאָזיקן געדאַנק האָב איך זיך באַמיט צו פֿאַרטיפֿן און צו פֿאַרשפּרייטן, אין וואָרט און אין שריפֿט, דער עיקר ווי נאָר די מלחמה האָט זיך פֿאַרענדיקט און עס זענען דערגאַנגען די ערשטע ידיעות וועגן פּליטים וואָס זוכן אַ מקום מנוחה. און שמערקע קאַטשערגינסקי האָט געלייענט, וואָס איך האָב וועגן דעם ענין געשריבן. דערפֿאַר האָט ער ספּעציעל פֿון מיר דערוואָרט, וואָס אים האָט אין יענער צײַט ספּעציעל אינטערעסירט. בפֿרט ווען מיר איז באַשערט געווען, ווי דער פֿאָרזיצער פֿון דער אַרגענטינער דעלעגאַציע צום צוזאַמענפֿאָר פֿון קולטור־קאָנגרעס אין 1948, אין ניו־יאָרק, צו האָבן מיט אים דעם ערשטן שמועס וועגן זײַן קומען קיין אַרגענטינע. ער האָט זיך געפֿילט ווי אַ זוכה־בגורל.

ווי געזאָגט, האָבן נישט געפֿעלט קיין בעלנים צו פֿאָרן קיין אַרגענטינע. כמעט אַלע „פּאַריזער" האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס. אייניקע האָבן ממש זיך געבעטן. עס איז אויסגעקומען צו הערן טרויעריקע געשיכטעס פֿון נע־ונדע. אין בוענאָס־אײַרעס האָבן זיי געזען אַן אָפּשײַן פֿון דער אַלט־היימישער ייִדישקייט. ניו־יאָרק האָט זיי געשראָקן. צוליב פֿאַרשיידענע טעמים האָבן אייניקע, געפֿינענדיק זיך ווי דעלעגאַטן אין ניו־יאָרק, גאָר נישט אָנגעהויבן צו טראַכטן פֿון פּועלן, זיי זאָלן קענען זיך באַזעצן אין די שטאַטן, נאָר גאָר געחלומט פֿון אַרגענטינע. ווער עס האָט צוערשט געוואָלט קומען אויף אַ לעקציעס־טור און דערווײַל זיך אַרומקוקן. ווער עס האָט זיך אויסגעפֿרעגט. און ווער עס האָט דערקלערט זײַן גרייטקייט צו פֿאָרן אָן קיין שום תנאי. זיי האָבן פֿאָרגעפֿילט, אַז זיי וועלן געפֿינען אין אַרגענטינע אַ היים, מעגן אפֿילו די גרויסן וועגן די מעגלעכקייטן נישט זײַן קיין ראָזעווע...

די הײמלאָזיקייט פֿון די פּליטים האָט אונדז, געקומענע פֿון זיכערע הײמען, געריסן ביים האַרצן. געוויינטלעך האָבן די פֿאַראינטערעסירטע גערעדט נישט מיט אַלעמען פֿאַראַמאָל. זיי האָבן גערעדט אייינציקווייז, באַזונדער. מיד פֿון די יאָרן וואָגל, חורבן און שווידערלעכע אַנטוישונגען, האָבן די שרײַבער־פּליטים געהאָפֿט צו געפֿינען אין אַרגענטינע אַן אָפּרו נאָך די יאָרן פֿון אומאויפֿהערלעכן שטורעם און בלוטיקער סכנה, וואָס האָט געלויערט אויף אייראָפּע אויך נאָך דער מלחמה. די אַרגענטינער דעלעגאַטן האָבן גיך זיך אָפּגעגעבן רעכענונג, אַז עס וואָלט געווען אַ זינד צו זאָגן פֿאַר די מענטשן צומאָל איין וואָרט, וואָס זאָל זיי ברענגען אַ נײַע אַנטוישונג. מיר האָבן דערפֿאַר אָפּגערעדט צווישן זיך צו זײַן זייער פֿאָרזיכטיק. אויסהערן, אָבער קיינעם נישט צוזאָגן, אפֿילו מיט קיין איין וואָרט נישט שאַפֿן קיין אילוזיע. קודם, האָבן מיר באַשלאָסן, אויספּרוּוון מיט איינעם. וועט דער פּרוּוו עולה יפֿה זײַן, וועלן מיר מעגן ברייטער זיך פֿאַרמעסטן. מיט דעם געדאַנק זענען

מיר אַרויסגעפאָרן פון בוענאָס־איירעס. מיר האָבן ביי זיך געטראַכט: צוערשט וועלן מיר זען דורכן קולטור־קאָנגרעס גופא פאַרזיכערן דעם ערשטן אַ פּאַזיציע, לפּחות אויף דער ערשטער צייט. מיט דעם וועלן מיר ווייזן, אַז עס זענען נישט באַרעכטיקט די שרעק־רייד פון יענע, אַז אויב עס וועלן נישט קומען קיין לערערס (וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט אויסגעפעלט אין אַרגענטינע), וועלן זיי נישט האָבן ביי וואָס באַשעפטיקט צו ווערן. די צייט איז ווירקלעך געווען אַ שווערע. די עקאָנאָמישע פּראָספּעריטעט פון די מלחמה־יאָרן האָט גענומען צעקריכן ווי שפּינוועבס. די אַנאָרמאַלקייטן פון קריג זענען אָבער אין אַרגענטינע געשטיגן אויך נאָכן קריג. דאָס דרוקוועזן האָט פון דעם צום שטאַרקסטן געליטן. איבערן גרויסן דוחק אין פּאַפּיר, ראַציאָנירט פון דער רעגירונג, איז אין די יידישע צייטונגען ענג געוואָרן אפילו פאַר אַלטע מיטאַרבעטערס. פון אַריינעמען נייע מיטאַרבעטערס, בפרט נאָך אין דער רעדאַקציע גופא, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. פאַרזאַמלונגען אויף יידיש האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף גרויסע לעגאַלע שוועריקייטן. איז געווען נישט מער ווי רעכט מורא צו האָבן פאַר די וואָרענונגען:

— וואָס וועלן זיי טאָן, די שרייבערס, אַז זיי וועלן קומען?

מיר האָבן דערפאַר, ביים אָנקומען אין ניו־יאָרק, קודם געזוכט אַזאַ איינעם וואָס וואָלט געקאָנט האָבן אַרבעט אינעם קולטור־קאָנגרעס גופא. און דאָ איז געפאַלן אַלעמענס אויג, גלייך פונעם ערשטן אויגנבליק, אויף קאַטשערגינסקין.

אין דער אייראָפּעאישער דעלעגאַציע האָט קאַטשערגינסקי נישט פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט, כאָטש ער איז געווען דער איינציקער שרייבער וועמענס בוך — „לידער פון די געטאָס און לאַגערן" — דער קולטור־קאָנגרעס האָט אַרויסגעגעבן ערב דעם צוזאַמענפאָר. כמעט אומעטום האָט דער ערשטער געהאַט דאָס וואָרט חיים גראַדע. ווי צו אַ יונגן שרייבער האָט מען די גרעסטע נייגעריקייט אַרויסגעוויזן צו מרדכי שטריגלער. אַז מען האָט גערעדט וועגן פאַרשן חורבן פוילן, האָט מען קודם זיך געווענדט צו מיכאל באָרוויטש און יוסף וואולף. אָבער צווישן זיי אַלעמען איז געווען דער אימרו — און דאָס האָבן מיר גלייך באַמערקט — שמערקע קאַטשערגינסקי. ער האָט סיגנאַליזירט די סביבה, די צייט, די בענקשאַפט, די געזעלשאַפט, די באַוועגונג. ער איז געווען דער רירעוודיקסטער. און אָט־אָ־די רירעוודיקייט, שמערקעס, פון וועלכער עס האָט אַרויסגעצאַפּלט יוגנט און פריילעכער אַקאָרד, האָט אונדז אַלעמען פאַרכאַפּט.

— אַזאַ יוגנטלעכקייט — איז אין אונדז אַלעמען באַלד דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — קען זיין אַ ברכה פאַר דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע! ער איז די לעבעדיקסטע דערמאָנונג פון דער אַלטער היים, וווּ די יוגנט איז געווען אַן עכט־יידישע. האָט מען געזונגען לידער אויף יידיש נישט בלויז פון

בענקשאַפט, נאָר אויך פון ציגײַנערישער ליבע, פון יונג־בחורשן און יונג־מיידלשן ברען...

אַז שמערקע האָט דערהערט, מיר ווילן זיך באַמיען צו קריגן פאַר אים אַ דערלויבעניש צו קומען זיך באַזעצן אין אַרגענטינע, האָט ער אויפגע־שיינט. וויבאַלד ער האָט בוענאָס־איירעס אין חשבון — האָט ער אונדז פייער־לעך דערקלערט — איז ער מוותר אויף אַלע אַנדערע אויסקוקן און מעגלעכ־קייטן. ער האָט בלויז געוואָלט דורכמאַכן דעם לעקציע־טור איבער די שטאָטן, וואָס ער האָט אָפּגעמאַכט, און באַזוכן ישראל. ער איז אָבער גרייט געווען פאַרטיק צו ווערן אַזוי שנעל ווי מיר וועלן אים נאָר געבן צו וויסן, אַז מיר קריגן די דערלויבעניש, וואָס איז געווען, כידוע, אומגעהייער שווער צו קריגן, באַזונדער פאַר יידן, און ספּעציעל פאַר פּליטים, וועלכע האָבן בדרך כלל נישט געהאַט די אַלע דאָקומענטן, וואָס די אַרגענטינער דירעקציע פאַר אימיגראַציע האָט געפאָדערט.

נאָר שמערקע איז שמערקע. טראַכטנדיק וועגן זיך, טראַכט ער וועגן יענעם. כאָטש ער ווייסט אַז אפילו פאַר אים אַליין איז זייער שווער צו קריגן אַריינפאָר־פּאַפּירן און איין בקשה נאָך דער אַנדערער באַגעגנט זיך מיט נײַע שוועריקייטן — ווי מען האָט עס שוין דעמאָלט געוווּסט — פונ־דעסטוועגן שרייבט ער (דעם 16טן נאָוועמבער 1948) פון ניו־יאָרק צו מיר:

— „איך בין שטאַרק צופרידן פון ענטפער וועגן מײַן קומען צו אײַך. איך גלייב, אַז ס'וועט זיך אײַך אײַנגעבן וואָס אויפצוטאָן. אפשר וואָלט נאָך מעגלעך געווען, עס זאָלן קומען נאָך עטלעכע שרײַבערס צו אײַך פון פּאַריז? איי, וואָלט דאָס געווען אַ גוטע זאַך"...

דאָ הייבט זיך אָן די גרויסע קאָרעספּאָנדענץ און נאָך גרעסערע צאָל אינטערווענצן, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט געמאַכט אין דער ריכטונג פון אַראָפּברענגען שרייבערס און קינסטלערס געראַטעוועטע פון חורבן איי־ראָפּע. דער ערשטער שריט איז געווען דער שווערסטער. ביי די ערשטע באַמיאונגען, אַראָפּצוברענגען שמערקען, האָט דער קולטור־קאָנגרעס אָנגע־זאַמלט אַ רייכע דערפאַרונג. אַנדערטהאַלבן יאָר האָט געדויערט דורכצופירן דעם ערשטן פּלאַן. פון אָנהייב האָט דאָס אויסגעזען ווי אַן אַרבעט אויף עטלעכע חדשים. אין דעם בריוו, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס אין בוענאָס־איירעס האָט מיטגעטיילט שמערקען, דעם 16טן דעצעמבער 1948, אַז „מיר האָבן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אײַך אַראָפּצוברענגען קיין אַרגענ־טינע, אַז איר זאָלט קענען צוזאַמען מיט אייער פרוי און קינד זיך באַזעצן דאָ", איז געווען אַן אויסרעכענונג, אַז ער זאָל „אַראָפּקומען אין דער צווייטער העלפט פון מערץ 1949". די כוונה איז געווען, אַז קאַטשערגינסקי זאָל באַקומען דאָס רעכט צו קומען ווי אַ שרייבער. דער קולטור־קאָנגרעס איז אויסן געווען, אַז אין דער אַרגענטינער דירעקציע פאַר אימיגראַציע זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אַ לעגאַלער פּרעצעדענט, אַז די רעגירונג זאָל האָבן אַ

ספּעציעל איינזען פאַר אַזאַ יידן, וואָס איז וויכטיק פאַר דעם קולטור־לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אַחוץ דעם הומאַניסטישן פּרינציפּ צו העלפן היימלאָזע שאַפן זיך אַ היים, אַז זיי זאָלן זיין ניצלעכע בירגער פאַרן לאַנד. אויף די ווענדונגען פון יידישן אימיגראַנטן־שוץ — וואָס איז ברייט־האַרציק געשטאַנען צו דינסט דעם קולטור־קאָנגרעס — אויף אַלע ערשטע שתדלנותן אין דער דירעקציע פאַר אימיגראַציע איז אָבער געקומען איין אָפּזאָג נאָכן אַנדערן. עס האָבן נישט געהאָלפן די צוזאָגן פון אייניקע קלע־נערע באַאַמטע — די דעפיניטיווע רעזאָלוציעס זענען געווען נעגאַטיווע. קאַ־טשערגינסקי, ווי אַנדערע פּליטים, געווינטשט אַז מ'זאָל צוזאָגן, אָבער קיין וואָרט נישט האַלטן, איז נישט נתפעל געוואָרן, ווען ער האָט געזען, אַז מערץ 1949 איז אַריבער און ער האָט נישט געקראָגן די בשורה וועגן דער וויזע. „טאָמער מיינט איר — האָבן מיר אים געשריבן דעם 29סטן אַפּריל 1949 — אַז מיר האָבן אונדזער וואָרט פאַרגעסן, האָט איר אַ טעות. אויב איר האָט געהאַט עגמת־נפש, וואָס איר האָט נישט באַקומען די געגאַרטע מעל־דונג, האָבן מיר דערפון זיכער נישט ווייניקער עגמת־נפש... לאָקאַלע באַ־דינגונגען ברענגען אונדז כסדר סיורפּריזן און צווינגען אונדז צו וואַרטן פון איין טאָג אויפן אַנדערן, פון איין וואָך אויף דער אַנדערער". דאָס איז גע־ווען אַ צייט, ווען „דער מיניסטעריום האָט אָפּגעשטעלט אַלע, בוכשטעבלעך אַלע, אַפּליקאַציעס פאַר איינוואַנדערונג".

דעמאָלט האָבן מיר רעקאָמענדירט שמערקען — ער דאַרטן און מיר דאָ — מאַכן באַמיאונגען, ער זאָל קומען צוזאַמען מיט דער פרוי און קינד אויף טוריסטן־וויזעס, קומען מיטן אַוויאָן, און קריגן פאַר דעם הילף פון האַיאַס און דזשאַינט. אויף די אַלע ווענדונגען איז אָבער אפילו קיין רעכ־טער ענטפער נישט געקומען: איינער האָט גענומען אָפּשיקן צום אַנדערן, „צו די העכערע אינסטאַנצן", און אַזוי זענען אַוועק חדשים אויף גאָרנישט.

דאָ איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז די עפנטלעכקייט האָט פון די אַלע באַ־מיאונגען גאָר נישט געוווּסט. דער קולטור־קאָנגרעס האָט זיך געהיט פון פּראָפּאַגאַנדע, טאָמער חלילה וחס וועט נישט געראָטן... „פאַר דער עפנט־לעכקייט — האָבן מיר געשריבן צו קאַטשערגינסקין דעם 17טן מערץ 1949, אפילו ווען מ'האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז מיר באַקומען די וויזע — נאָך נישט געלאָזט פאַלן קיין איין וואָרט, אַז מיר האַלטן אייך ביים אַראָפּברענ־גען".

נאַטירלעך, אַז שמערקע איז פון די אַלע פאַרציענישן מבולבל געוואָרן. „איך וויל וויסן, ווו איך האַלט אין דער וועלט?" — האָט ער געשריבן. זיין צעטומלונג איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען ער האָט באַקומען פון באַקאַנטע און גוטע ברידער גרוסן און בריוולעך, אַז ער זאָל זיך נישט איינריידן, ער וועט קריגן די דערלויבעניש. „אָבער איך בין איבערראַשט" — שרייבט ער אין זיינעם אַ בריוו פון 10טן סעפּטעמבער 1949 — „איך מיין, אַז דאָס

איז זיכער אַ מיספאַרשטענדעניש". און זיין אויספיר איז געווען: „איר זאָלט וויסן זיין, ליבער ראָזשאַנסקי, איך וואַרט גאָר געדולדיק אויף אייערע מעשים לגבי מיר. איך האָב נישט אײן פּראָפּאָזיציע פון אויסלאַנד און וואַרף אַלץ אָפּ, ווייל איך האַלט, אַז איך האָב זיך פאַרבונדן מיט אייך". און ער, דער אָפּטימיסט, פאַלט אַריין אין יאוש. „איך האָב שוין פאַרלוירן דאָס גלויבן — שרייבט ער פון פּאַריז דעם 12טן אָקטאָבער 1949 — אַז עס וועט מיר געלינגען צו אייך צו קומען".

לאָמיר צוגעבן, אַז די גלייביקסטע צווישן אונדז האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי עס וועט געלינגען. איך, וואָס האָב די האָפענונג אַלץ נישט פאַרלוירן, נישט געקוקט אויף אַלע דורכפאַלן פון די פאַרשיידנסטע אינטערווענצן, האָב זיך אַנטשלאָסן אויסצופּרווון גאָר אַן אַנדער מיטל: אויב נישט קומען ווי אַ שרייבער, איז ער מיין קוזין, טאָ זאָל ער קומען ווי מיין שוועסטערקינד. און דאָ איז מיר געלונגען צו קריגן די דערלויבעניש שנעלער ווי מיר האָבן זיך פאַרגעשטעלט. דעם 11טן יאַנואַר 1950 איז שוין מעגלעך געווען מודיע צו זיין קאַטשערגינסקין, ווי, וואָס און ווען. מיט וואָס פאַר אַ געפיל שמערקע האָט די ידיעה באַדאַרפט אויפנעמען, קענען מיר זיך פאָרשטעלן פון דעם, וואָס מיר האָבן אים געשריבן דעם 17טן יאַנואַר 1950: „פּונקט איז אויף דער נעכטיקער זיצונג פון אונדזער עקזעקוטיוו געווען (איי) סוראָוויטש און דער ליבער חבר האָט מיט דער גאַנצער תמימות דערציילט ווי דערשלאָגן איר האָט געשריבן אין אייערן אַ בריוו צו אַ פריינד אין בוענאָס־איירעס, וואָס איז אָנגעקומען טאָקע די טעג... ווען ה' סוראָוויטש האָט געהערט דעם לעצטן בריוו, וואָס מיר האָבן צו אייך געשריבן דעם 11טן ד"ח, איז ער געווען גערירט ביז גאָר".

קאַטשערגינסקי פאָרט אויף אַ באַזוך אין מדינת ישראל. צוריקקומענדיק קיין פּאַריז, צונויפשרייבנדיק זיך אויך אונטערוועגנס וועגן זיין ביכל „געטאָ־ און ישראל־לידער", וואָס דער אַרגענטינער אָפּטייל פון קולטור־קאָנגרעס האָט באַשטימט אַרויסצוגעבן צו זיין אָנקומען, שרייבט שמערקע, אַז ער וואָלט געקענט קומען פריער, אויב די יידישע מיגראַציע־געזעלשאַפטן וואָלטן אים אַנטקעגנגעקומען מיט אַוויאָן־פּאַסאַזשן. האָבן מיר וועגן דעם זיך צונויפגעשריבן, סיי אין בוענאָס־איירעס און סיי מיט די „אייבערשטע אינסטאַנצן" אין ניו־יאָרק, אָבער עס איז פון דעם גאָר נישט אַרויסגעקומען. דער אומדערמידלעכער שמערקע שרייבט דעמאָלט אין זיינעם אַ בריוו: „וואָס עס זאָל נישט זיין, גרייט איך זיך צו דער ווייטער־אומבאַקאַנטער נסיעה, ווו איך גלויב צו געפינען אַביסל רו אין דער גרויסער און אומרואיקער וועלט, ר ו — כאָטש איך ווייס, אַז מען וועט זיך ד אַ ר פ ן גוט אונטערגאַרטלען דערצו".

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט שמערקע קאַטשערגינסקי זיך געגרייט צו דער נסיעה קיין אַרגענטינע.

אָבער ווי נאָר ער איז אויף דער שיף אַרויף, פאַרנדיק צו לאַ־פּלאַטאַ, האָבן זיך אין זיין קאָפּ גענומען וועבן פּלענער פון נייע נסיעות. אין בוענאָס־איירעס טאַקע האָבן די היים, אָבער אַרומפאָרן איבער דער וועלט. צווישן די ערשטער בריוו, וועלכע ער האָט באַקומען אין בוענאָס־איירעס, זענען דע־ריבער געווען ענטפערס פון ניו־יאָרק אויף זיינע אָנפרעגן וועגן אַ נייעם באַ־זוך אין די שטאַטן...

אין שמערקע קאַטשערגינסקי איז געווען אַזאַ אומרו, וואָס האָט נישט געלאָזט דער רו געוועלטיקן איבער זיך.

זען נייע מענטשן און נייע לענדער, ווידער נייע מענטשן, ווידער נייע סביבות, איז ווייזט אויס נאָך די יאָרן פון בלוטיקן געראַנגל און וואַנדער געוואָרן זיין גרעסטע ליידנשאַפט, וועלכע האָט אים נישט געלאָזן איינזיצן ביים שרייבטיש.

די דאָזיקע ליידנשאַפט האָט אים געטריבן נאָכאַנאַנד צו באַנען, צו שיפן, צו אַוויאָנען, אין מורא פאַר איינזאַמקייט, אין מורא צו בלייבן אַליין מיט זיך.

ווי מאָדנע עס זאָל קלינגען, איז אויסער יעדן צווייפל אמת, אַז שמער־קע קאַטשערגינסקי, וועלכער איז געווען ביי זיין גאַנצער געלאַסנקייט און לאַנגזאַם־געמאָסטענעם טראָט אַ געשמאַקער שפּאַסער, אַ טענצער און זינ־גער מיט יוגנט־ברען, איז אין תוך געווען אַן אָפּגעשראָקענער פאַר זיין איינזאַמקייט. אַז ער איז געווען אַליין, האָט ער לפּחות געשריבן בריוו צו פריינד איבער דער גאַנצער וועלט און אַזוי אַרום פאַרטריבן פון זיך די איינ־זאַמקייט, וואָס ער האָט פון ערגעץ געירשנט...

שמערקע קאַטשערגינסקי, קומענדיק אין אַרגענטינע, איז מיט זיין דערפאָלג געווען דער ערשטער באַווייז, אַז עס זענען נישט גערעכט געווען יענע, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז כאָטש עס איז גוט קענטיק דער דוחק אין גייסטיקע כוחות אין דעם לאַנד פון לאַ־פּלאַטאַ, דאָך איז נישטאָ קיין אָרט פאַר נייע שעפערישע מענטשן, נישט קיין פּעדאַגאָגן, געקומענע פון אַנדערע מקומות. אויף קאַטשערגינסקין קוקנדיק האָבן שרייבערס און קינסטלערס פּלי־טים געקראָגן נאָך מערער חשק צו קומען קיין אַרגענטינע און אַרגענטינער יידן האָבן גענומען מער גלייבן אין דער מעגלעכקייט זיי איינצואָרדענען, אַז זיי זאָלן וועלן אויפבויען זייערע היימען און פאַרבלייבן. קאַטשערגינסקי, גע־קומען דער ערשטער, האָט אויסגעטראָטן אַ וועג. עס זענען דערצו געקומען אין אַרגענטינע בעסערע צייטן פאַר יידן, גרעסערע מעגלעכקייטן, אַז עס זאָלן קענען קומען די אַנדערע שרייבערס און קינסטלערס. אמת, עס האָט גע־דויערט פרישע צוויי יאָר ביז די אַנדערע האָבן געקאָנט קומען, ווער פון דייטשלאַנד, ווער פון איטאַליע, ווער פון פּאַריז. ביי די אַנדערע האָט אָבער דער קולטור־קאָנגרעס באַוויזן אָפּצוהיטן דעם פּרינציפּ: אַז זיי זאָלן קריגן די דערלויבעניש צו קומען ווי שרייבערס און קינסטלערס. דער קורס פון

פריינדשאַפט צו יידן אין אַרגענטינע, אַ דאַנק דער ספּעציעלער אינטער־
ווענץ פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, האָט דאָס געבראַכט, אַז אפילו די,
וועלכע האָבן יאָ געהאַט אין אַרגענטינע משפחה, האָבן באַקומען די דער־
לויבעניש צו קומען ווי שעפערישע מענטשן, ניצלעכע פאַר דער יידישער
קולטור. שמערקע קאַטשערגינסקי האָט אין דעם אַ גרויסן חלק, וואָס אויף
דער איניציאַטיווע און לאַנגע באַמיאונגען פון קולטור־קאָנגרעס האָבן די
איינפלוסרייכע קערפּערשאַפטן באַקומען פון פּרעזידענט די אויסעראָרדנט־
לעכע דערלויבעניש פאַר די 33 משפחות.

די פּליטים האָבן באַזונדערע מאָטיוון צו געדענקען שמערקע קאַ־
טשערגינסקין.

ער איז נישט געווען דער איינציקער, וועלכער האָט געחלומט פון פאָרן
זיך באַזעצן אין אַרגענטינע. נאָר ער, אַז ער האָט געטראַכט פון זיך, האָט אויך
געטראַכט פון אַנדערע.

אליהו שולמאַן (פּאַרייניקטע שטאַטן)

# ש. קאַטשערגינסקי

ווען איך בין אין אויגוסט, 1935, אָנגעקומען קיין ווילנע אַלס אַספּי־ראַנט אין יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, האָב איך אין אינסטיטוט געטראָפן אַ צאָל זייער אינטערעסאַנטע יונגע לייט. צווישן די אַספּיראַנטן זענען געווען דער דיכטער און קריטיקער מיכל נאַטיש, דער סאָציאָלאָג מנחם לינדער און דער זייער פעאיקער און שאַרפזיניקער זשורנאַליסט שאול רייזען, דער זון פון אומפאַרגעסלעכן זלמן רייזען. די אַספּיראַנטן פון ייוואָ זענען געוואָרן מיינע פריינד, אָבער מיין נאָענטסטער פריינד און חבר אין ווילנע איז געווען ש. קאַטשערגינסקי. פאַר אַ לאַנגער צייט האָב איך אפילו ניט געוווּסט זיין פאַמיליען־נאָמען — ווייל אין גאַנץ ווילנע איז ער גע־ווען באַקאַנט אַלס חבר שמערקע. דער פשוטער, האַרציקער שמערקע האָט געבראַזט מיט יונגשאַפט, מיט ענטוזיאַזם, חברשאַפט און איבערגעגעבנקייט, סיי צו די נאָענטע, סיי צו ווייטע. שמערקע האָט געבראַזט מיט אַקטיווי־טעטן. ער איז געווען די נשמה און דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער באַרימטער ליטעראַרישער גרופּע „יונג ווילנע". „יונג ווילנע" האָט פאַרמאָגט אין אירע רייען נישט נאָר אַזעלכע וויכטיקע דיכטער ווי חיים גראַדע און אברהם סוצקעווער, נאָר זי איז געווען אַ ליטעראַרישע גרופּע, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ פילאָזאָפיע אין יידישן לעבן. „יונג ווילנע" האָט אויסגע־דריקט די בעסטע אידעאַלן פון דעם יונגן יידישן דור — פון דעם דור, וואָס איז אויפגעקומען אין פוילן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. „יונג ווילנע" האָט סינטעטיזירט די בעסטע עלעמענטן פון אַלט ווילנע, פון ירושלים דליטע און פון — ניי־ווילנע. און קאַטשערגינסקי איז געווען די פערזאָניפי־קאַציע פון דעם דאָזיקן סינטעז. ער האָט אויך אויף אַן אידעאַלן אופן גע־לייזט די פּראָבלעם פון וואָרט און טאַט: ער איז געווען אי אַ שרייבער אי אַ טוער. דאָס שרייבן און דאָס טוען האָט ביי אים שטאַרק האַרמאָניזירט.

שמערקע האָט געשטאַמט פון די אָרעמסטע יידישע שיכטן. זיין זיידע איז געווען פון די ביטערסטע אָרעמעלייט אין זיין שטעטל. צו זעקס יאָר איז שמערקע געבליבן אַ יתום — און ער האָט זיך יאָרן געוואַלגערט אין פאַרשיידענע יתומים־הייזער. ער האָט זיך געלערנט אין אַ חדר, אין אַ תלמוד־תורה און שפּעטער אין אַ יידישער פאָלקס־שול. דאָס איז געווען די וועלט־לעכע יידישע שול, וועלכע האָט אויפגעהויבן שמערקען פון זיין אָרום, פון

דער דערשלאָגנקייט און פון זיין אָרעמקייט. שמערקע איז געווען דער בעס־טער עדות וואָס די וועלטלעכע יידישע שול און וואָס די יידישע ליטעראַ־טור האָט אויפגעטאָן פאַר די יידישע מאַסן: זי האָט אָן אָרעמען, דערשלאָ־גענעם און פאַרוואָרלאָזטן ייִנגל דערהויבן און אַרויסגעבראַכט פון אים זיינע אַלע פּאָטענצן. נישט נאָר דער פּאָעט, נאָר דער מענטש קאַטשערגינסקי איז געווען דער בעסטער ענטפער צו די אַלע וואָס חוזקן איצט פון יועלטלעכ־קייט, פון דער מאָדערנער יידישער קולטור, פון דעם מאָדערנעם יידישן שאַפן.

שמערקע איז געווען אַן אַרבעטער, אַ ליטאָגראַף. אָבער זיין גאַנצע פרייע צייט האָט ער אָפּגעגעבן פאַר ליטעראַרישע און קולטורעלע אַרבעטן. אין די דרייסיקער יאָרן האָט ער געשריבן מערסטנס בילדער פון אַרבעטער־לעבן — און וועגן דער יוגנט. ער איז שטענדיק געווען אַרומגערינגלט מיט יוגנט. ער האָט געהאָלפן אַרויסגעבן די העפטן פון „יונג ווילנע" און די ערשטע ביכער פון די „יונג ווילנער" מאָלער. בכלל איז ער קיינמאָל נישט געווען פּאַסיוו.

שמערקע איז איין צייט אויך געווען פאַרבלענדעט פון דעם קאָמוניזם. ער האָט געמיינט, אַז דער קאָמוניזם וועט טאַקע באַפרייען די וועלט. פאַר דעם איז ער אונטער דער פּוילישער מאַכט געזעסן אין דער באַרימטער לוקישקער טורמע — און נאָך דער באַפרייאונג איז ער אַ לענגערע צייט געשטאַנען אונטערן אויפזיכט פון דער פּאָליציי. ערשט שפּעטער, אין רוס־לאַנד, האָט ער דערזען וואָס עס מיינט קאָמוניזם אין דערווירקלעכקייט — אין די לעצטע יאָרן האָט ער אָפּגעגעבן זייער אַ סך צייט און ענערגיע צו באַקעמפן דעם קאָמוניזם. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ ביכל וועגן דער פאַר־ניכטונג פון דער יידישער קולטור אין רוסלאַנד. סיי ביי אונדז אין אַמע־ריקע, סיי אין אַרגענטינע, סיי אין אייראָפּע און אין ישראל — אומעטום וווּ ער איז געווען האָט ער געפילט, אַז עס איז זיין פליכט צו דערציילן דעם אמת וועגן דעם ברוטאַלן רוסישן קאָמוניזם. ער האָט אומעטום גע־רעדט, געהאַלטן לעקציעס וועגן רוסלאַנד. מיט דעם האָט ער געוואָלט אויס־קויפן זיינע „זינד" וואָס ער איז עטלעכע יאָר געווען פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין פּוילן.

זיין גרויסקייט האָט קאַטשערגינסקי אַרויסגעוויזן אין די גרויזאַמע יאָרן אין דער ווילנער געטאָ און אין די וועלדער אַלס פּאַרטיזאַן. שמערקע האָט געהאָלפן יעדן איינעם מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. אין דער וויל־נער געטאָ האָט ער געהאָלפן אויפהאַלטן דעם מוט פון די יידן דורך אַראַנ־זשירן ליטעראַרישע אָוונטן, טעאַטער פאָרשטעלונגען און געזאַנג פעסטי־וואַלן. און דאָ האָט שמערקע אויך באַצאָלט זיין חוב דער יידישער ליטע־ראַטור. ער האָט דעמאָלט באַהאַלטן זייער אַ סך קולטור־אוצרות און מיט דעם האָט ער זיי אָפּגעראַטעוועט פון די נאַצישע רוצחים.

אויך אין די וועלדער איז שמערקע געווען דער זעלביקער איבערגע־געבענער חבר און פריינד. ווי עס זאָגן עדות זיינע חברים פּאַרטיזאַנער, פלעגט שמערקע אָפּט באַזוכן די איינוווינער פון די „זעמליאַנקעס״ — די עלטערע און שוואַכע יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און ברענגען זיי נישט נאָר אַ טרייסט־וואָרט, נאָר אויך אַ שטיקל ברויט און עטלעכע קאַרטאָפל. אין די וועלדער האָט ער אַרויסגעוויזן זיין טיפן הומאַניזם. נאָך דער באַפרייאונג האָט זיך קאַטשערגינסקי אומגעקערט קיין ווילנע און ער האָט פּרובירט העלפן אויפשטעלן אַ שטיקל יידיש לעבן. אָבער עס איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז די קאָמוניסטן ווילן נישט האָבן קיין יידי־שע ווילנע. זיי האָבן נישט דערלויבט צו עפענען קיין יידישע שול פאַר דאָס ביסל לעבן־פאַרבליבענע יידישע קינדער, זיי האָבן נישט אַרויסגעגעבן קיין דערלויבעניש פאַר אַ יידישער צייטונג. שמערקע האָט גלייך פון אָנפאַנג ניט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז מען טאָר אין ווילנע ניט אַרויסגעבן קיין יידישע צייטונג אונטערן רעזשים פון די „באַפרייער״. ער האָט דע־מאָלט ריזיקירט מיט זיין פרייהייט און מיט זיין לעבן און איז געלאָפן קיין מאָסקווע וועגן אַ דערלויבעניש פאַר אַ יידישער שול און פאַר אַ יידי־שער צייטונג.

ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז די „באַפרייער״ וועלן בשום אופן נישט דערלאָזן קיין סימן פון אַ יידישן לעבן אין ווילנע — האָט שמערקע פאַרלאָזט ווילנע און זיך באַזעצט צייטווייליק אין לאָדזש. אויך אין דעם סאָוועטישן פוילן האָט ער דערפילט דעם באָלשעוויזם — און איז פון דאָרטן באַצייטנס אַוועק.

קאַטשערגינסקי איז געוואָרן זייער טעטיק אין פּאַריז. ער האָט געהאָלפן קאָנסאָלידירן דעם נייעם יידישן ישוב וואָס איז דאָרטן אנשטאַנען גלייך נאָך דער מלחמה. אין פּאַריז האָט ער געהאָלפן צוגרייטן דעם באַדן פאַרן אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס. דאָרטן האָט ער אויך אָנגעפירט אַ קאַמף מיט די יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן צו באַהערשן דעם פּאַריזער יידישן ישוב.

מיט אַ דריי יאָר צוריק האָט זיך קאַטשערגינסקי באַזעצט אין אַר־גענטינע. זיין וואַנדערונג איז געקומען צו אַ סוף, אָבער ער האָט ניט גע־רוט ביז וואַנען דער אַרגענטינער יידישער ישוב האָט ניט אַראָפּגעבראַכט אַלע פּליטים־שרייבער פון פּאַריז קיין אַרגענטינע. ערשט דאָרטן אין בוענאָס איירעס האָט קאַטשערגינסקי צענומען זיינע הענט — און דאָ איז געקומען זיין אַזוי טראַגישער סוף.

ליטעראַריש איז קאַטשערגינסקי געווען זייער פּראָדוקטיוו די לעצטע יאָרן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן דעם חורבן פון ווילנע, ער האָט אַרויסגעגעבן אַ מאָנומענטאַלע זאַמלונג פון געטאָ־לידער; אַ ביכל וועגן דער ליקווידאַציע פון יידיש אין רוסלאַנד; אַ זאַמלונג דערציילונגען „פּאַרטיזאַ־



שמערקע צווישן פּליטים אין די
לאַגערן פון דייטשלאַנד אין
יאר 1948.



יישן ווילנער לאַנדס־
לייט אין לאָדזש אין
יאר 1946.



פּאַריז 1947. — אויפֿן וואָקזאַל ביים באַגלייטן ז. סעגאַלאָוויטשן. ש. קאַטשערגינסקי, י. רוביג־שטיין, ז. סעגאַלאָוויטש, נ. באַמזע.



פּאַריז, 1949. — געזעגענונגס־מסיבה פֿאַר י. גלאַטשטיינען.



אויפֿנאַם־מסיבה פֿאַר י. גלאַטשטיין און י. מאַנגער אויף גי־פֿאַטען 9. פּאַריז, 1949

נער גייען״ און אַ גרויס ווערק: „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן״. ער האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן אַ צאָל ווערק — ווען דער גרויסער אומגליק האָט געטראָפן.

קאַטשערגינסקיס טויט האָט אַרויסגערופן גרויס טרויער אין אַלע יידישע ישובים. ביי אונדז אין אַמעריקע, אין אַרגענטינע, אין מערב אייראָפּע, אין דרום־אַפריקע, אין ישראל — אומעטום ווו די ידיעה איז אָנגעקומען — האָט זי אַרויסגערופן גרויס טרויער און צער. אַלע באַוויינען דעם טויט פון דעם פּאָעט און פּשוטן האַרציקן, חברישן שמערקע קאַטשערגינסקי.

מאַשע שטוקער פּאַיוק (אַרגענטינע)

# געשטאַלטן און נעמען...

געשטאַלטן און נעמען איך האַלט אין דערמאָנען,
חברים און פריינד מיינע, ווו זענען זיי?
עס איז דאָך ביי אונדז ניט געווען קיין מלחמה
און אַזויפיל אבידות איך זע אין מיין ריי.

פון קיין שום מאַשין ניט געזען כ'האָב קיין פייער,
צומאָל ניט געהערט כ'האָב אפילו איין שאָס —
עס פעלט פון די הענט מיר, צעפאַלט מיין כלי־זין,
צוזואָס זאָל איך ווייטער? נאָך וואָס? צוליב וואָס?

ווער איז ער דער שונא, ווי איז ער באַוואָפנט,
אַז ס'איז קעגן אים גאָר קיין שוץ ניט פאַראַן?
דאָס שלאַכטפעלד פאַר אים אומעטום תמיד אָפן
און זיין פייער־ליניע קען זיין יעדער שפּאַן.

ווי רייסט ער אַריין זיך אין פרידלעכע הייזער?
באַפאַלט אומגעוואָרנט, אַזוי אומגעריכט.
און רירט ער אַ טיר־אָן, בלייבט שטיין באַלד אַ ווייזער
און ס'ווערט אינעם הויז אויסגעלאָשן דאָס ליכט — — — —

מרדכי שטריגלער (פאַרייניקטע שטאַטן)

# שמריהו קאַטשערגינסקי

נישטאָ קיין סך ווי ער, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיטן טויט און לעבן, מיט מוט און שטאַרקייט. עס האָט אונדז אַלעמען זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט שוין איינגעשטילט דעם גורל־שטורעם אַרום זיך, און ער, דער גורל, האָט שוין אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, אַלס הסכמה צו זיין לעבן. ער האָט נישט איינמאָל געקעמפט מיט אויסערלעכע סכנות און איז זיי בייגעקומען, ביז ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין זיין אייגענעם ברען — און איז אומגעקומען.

די קורצע און פילפאַרביקע לעבנס־געשיכטע פון שמערקע קאַטשערגינסקי וועט אפשר בלייבן ווי אַ סימבאָל פאַר יענע הונדערטער און טויזנטער פון זיין דור — די קינדער פון פּיין פון די פּוילישע געטאָס, וועלכע האָבן געדורשט נאָך ליכט און פרייהייט, וואָס נישט קיין סך פון זיי האָבן דערצו זוכה געווען. אַן אָרעם ייִנגל, אַ זון פון אָרעמע עלטערן און אַ יתום פון זיין יוגנט אָן, האָט ער ממש געהונגערט פון זיין פריסטער קינדהייט, פון דער ווילנער תלמוד־תורה, ווו ער האָט באַקומען זיין ערשטן וויסן, איז ער אַריינגעשטויסן געוואָרן אין שווערן לעבנס־שטראָם פון טאָג און נאַכט־אַרבעט. און אַ סך אַזעלכע זענען געווען ווי ער, מיט איינגעשלעפערטן טאַלאַנט און פאַרבאָרגענע חלומות, וואָס זענען איינגעשפּאַנט געוואָרן אין קאַטאָרזשנער אַרבעט. אָבער ס׳זענען געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן אַ פינקל געטאָן. אָט דער פונק האָט אַרויסגעלאַנצט פון אַן אָרעמער גרופּע יונגעלייט, וואָס האָבן געשטרעבט צו שיינקייט, און זיי דערנענטערט צו ליטעראַטור.

אין די גאַסן פון דער קריה נאמנה, ירושלים ד׳ליטא, האָבן קורסירט קלאַנגען וועגן אַ שפּראַצנדיקן שאַפונגס־כוח מיטן נאָמען יונג־ווילנע". עס זענען געווען צווישן זיי, צווישן דער גרופּע, אַ ישיבה־בחור, אַ פּאַרוואָגלטער פון סיביר, אַ האַרעפּאַשניק. די שמאַלע, אָרעמע ווילנער געסלעך זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ ניי געזאַנג, וואָס האָט אויפגעשפּאָלטן און אַרויס פון צווישן די שוואַרצע ווענט פון הונגעריקע משפּחות. נעמען ווי גראַדע, סוצקעווער, שמערקע, לייזער וואָלף, וואָגלער, מיראַנסקי, לעווין, כהן און נאָך זענען אויפגעשוווּמען און אַרויסגעגלאַנצט אויף די צייטונגס־שפּאַלטן אין דער יידישער ליטעראַטור. יעדער איינער פון זיי האָט געבראַכט זיין

געזאַנג — און נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו שאַפן אַ שעפערישן כאָר, איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה און צעשפּרייט דער גרופּע אין די מרחקים.

שוין אין די ערשטע טעג, האָט זיך קאַטשערגינסקי אויסגעצייכנט מיט זיין פליייסיקייט, אָרגאַניזיר־טאַלאַנט און איבערגעגעבנקייט צו חברים. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַרטיקלען אין דער פּרעסע און איז דערגאַנגען מיט זייַ־נע דערציילונגען וועגן היינטיקן לעבן. אָבער ער האָט זיך באַשרענקט מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט, שוין דאַן האָט מען מאַסנווייז געזונגען זיינע פאָלקס־לידער, וואָס האָבן געפּאַנגען די הערצער די אָרעמע קוואַרטאַלן. זייער ווייניק האָבן געוווסט, אַז די פאָלקס־לידער ווי: „טאַטעס, מאַמעס, קינדער־לעך, בויען באַריקאַדן"... זענען די שאַפונגען פון שמערקען. די דאָזיקע לי־דער האָבן געטראָגן אין זיך דעם חלום פון ווידערשטאַנד און בונט קעגן דער הערשנדיקער אָרדענונג און גוט איז געווען, אַז זייער מחבר זאָל בלייבן אַנאָנים. ווי אַן אַרבעטנדיקער און האַלב־הונגעריקער יונגערמאַן, האָט אים גערייצט, שמערקען, די לעגענדע וועגן דעם „לאַנד פון פרייהייט פון יענעם זייט גרענעץ" און אין די דאָזיקע לידער האָט שמערקע אויסגעזונגען זיינע שטרעבונגען. און ווען ס'איז געקומען דער טאָג, און די שטאָט ווילנע איז פאַרנומען געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, איז שמערקע געווען שיכור פון גליק. ער האָט געהאָפט צו געפינען ביי „זיי" אַן אויסלייזונג פאַר זיין בענקשאַפט. אָבער נאָך איידער ער האָט זיך גוט באַקענט מיט דער נייער אָרדענונג האָבן די דייטשן אָקופּירט ווילנע. אין געטאָ ווילנע איז שמערקע געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג און עסקנים פון דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, און אַ דאַנק זיין שווערער אַר־בעט ביי די דייטשן האָט ער געקענט און אויך אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פאַרשאַפן געווער פאַר זיינע חברים. אין יענער תקופה האָט ער אויך געשאַפן זיינע אויפּציטערנדיקע לידער. דער הימן פון געטאָ (נישט פאַר־בייטן מיטן באַקאַנטן פּאַרטיזאַנער ליד „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג..." וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן דורך זיין חבר הירשקע גליק), וואָס מען זינגט עס היינט אין אַלע תפוצות ישראל, איז געווען זיין שאַפונג פון יענע טעג. אויך זיין אויפטרייסלענדיק ליד „שטילער, שטילער, קברים וואַקסן דאָ..." איז געשריבן געוואָרן אונטערן נאַצישן בייטש. ער האָט זיך אַרויסגעהויבן צווישן די געטאָ־דיכטער, וואָס האָבן אויסגעוואַקסן צווישן די לערער פון פּחד און טויט.

מיט טויזנטער נסים, האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון אַלע מאָרד־לויע־רונגען. ער האָט דערלערנט פון דער נאָענט אַלע טריקן ביי די מערדער, די נאַציס און זייערע פּוילישע און ליטווישע אַרויסהעלפער. אונטער זייער נאָז ממש, האָט ער געהאָלפן צו אָרגאַניזירן אַ גרופּע רעטער פון ווערט־זאַכן — אָט יענע ווערטפולע זאַכן וואָס זענען דורך אים און סוצקעווערן

דורך פוילן געבראַכט געוואָרן קיין ניו־יאָרק און ישראל. ער איז געווען איי־נער פון די רעטער פון אַ גרויסן טייל פון דער באַרימטער ביבליאָטעק פון יידיש־וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, ייוואָ. און אַז ס'איז געקומען די „לעצטע שעה" האָט ער זיך אַריינגעריסן אין וואַלד מיט אַ „ביקס אין האַנט". הונדערטער נסים זענען געשען מיט אים ווען ער איז געווען אַ זעל־נער אין די פּאַרטיזאַנער, אין די געדיכטע וועלדער פון רוסלאַנד. ער האָט דערנאָך זוכה געווען זיך אַרומצודרייען אין די גאַסן פון מאָסקווע, זיך פּאַר־צושטעלן פאַר די גרויסע לייט פון דער סאָוועטן רעגירונג — און ביטער אַנטוישט צו ווערן. דער פאָלקס־זון פון דער יידישער ווילנע האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי אַזוי עס ווערט דאָרט פאַרגעזעצט די ליקווידאַציע פון יידישן פאָלק — אפילו אויך „בנשיקה".

ער איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, פון פוילן און פון גאַנצן רויטן רע־זשים, אָבער נישט נאַקעט איז ער אַוועק. פאַרצייכענונגען, דאָקומענטן און וויכטיקע כתב־ידן, וואָס ער האָט געראַטעוועט פון בער און טיגער, האָבן געוואַנדערט און מיטגעלאָפן מיט אים. און זינט דאַן האָט ער פאַרגעזעצט מיט דער ליטעראַרישער רעטונג. אַזוי האָט ער צונויפגעזאַמלט אַלע געטאָ־לידער און זיי פאַרעפנטלעכט. — דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין פאַרלאַג פון קולטור־קאָנגרעס און דעם צווייטן באַנד האָט ער געגרייט צום דרוק; ער האָט אַרויסגעלאָזט זיין גרויס ווערק וועגן חורבן ווילנע, און דאָרט נישט בלויז דערציילט וואָס ער האָט אַליין דורכגעלעבט און געזען, נאָר ער האָט אויך צונויפגעזאַמלט טויזנטער נעמען פון געהרגעטע אין ווילנע און צענדליקער שטעטלעך פון איר אומגעגנט; ער האָט פאַרעפנטלעכט זיינע ביכער: „פּאַרטיזאַנער גייען!..." און „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן", וואָס האָט געבראַכט צום אויסדרוק די אומבאַקאַנטע וואַלד־העלדן. ער איז אויך געווען איינער פון די ערשטע וואָס האָט אַלאַרמירט דער גרויסער וועלט וועגן גורל פון די יידן אין ראַטנפאַרבאַנד, און זיין בוך „צווישן האַמער און סערפּ", דאָרט האָט ער אויפגעשטורעמט די הערצער מיט זיין אָפענער און אויפריכטיקער שילדערונג, וואָס דערציילט וועגן די פאַרצווייפלטע האָ־פענונגען פון אַ גאַנצן דור.

ער איז אַרויסגעוואַקסן פון צער און אונטערגאַנג, און זיי האָבן גע־עפנט פאַר אים אַ געוואַלדיקע ענערגיע און אַ געוואַלדיקע לעבנס־פרייד. ער האָט געשריבן, דערציילט, עדות געזאָגט, געהאַלטן רעפעראַטן, געפלויגן פון מדינה צו מדינה. מיט זיין תמימות און קלוגער פאָלקסטימלעכקייט האָט ער געפאַנגען הערצער. פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט האָבן מיר אים געזען ווי אַ פאָלקס־סימבאָל, דעם עדות און דעם קרבן. זיין איבערגעגעבנ־קייט פאַר חברים איז דערגאַנגען צו פערזענלעכע קרבנות, ער האָט אַ סך כוחות אַוועקגעלייגט אויף איינצואָרדענען דאָס קומען פון די שרייבער־

פּליטים קיין אַרגענטינע. עס האָט נישט גענומען קיין סוף צו זיינע איבּ־עֶרוועגנצן.

יענער לעבעדיקער און לעבנסלוסטיקער בחור, וואָס האָט זיך אַרויס־געריסן פון אַלע געפאַרן, האָט ערשט איצט אָנגעהויבן זיך גרייטן צו אַ ניי־לעבן. נאָך מיט אייניקע חדשים צוריק האָט ער געגרינדעט אַ פאַרלאַג און איז געווען פול מיט ליטעראַרישע פּלענער. איז געקומען דער טויט און אים אַרויסגעריסן דווקא פון דאָרט, וווּ מיר האָבן זיך ווייניקער געריכט. און דאָס איז אַ סימבאָל פון זיין שווערן וועג: דער מלאך־המוות האָט אים נאָר דער־שנאַפּט אין די הימלען אין פולן פלי, און אַזוי איז געחתמעט געוואָרן זיין גורל.

# אַ ליכט גייט אויס...

פּאַפּיראָסן פּאַרקויפֿן איז געווען דאָס לעצטע, וואָס זוני האָט געפּרוווט טאָן. ער איז אַדורכגעשוווּמען פֿון איין געסל אין אַנדערן, פֿון איין גרופּע מענטשן צו אַ צווייטער, אַריין אין דער מיט און שטיל געשעפּטשעט:

— גוטע פּאַפּיראָסן האָב איך, גוטע פּאַפּיראָסן...

ס'איז אים אָבער געגאַנגען אַלץ מיט דער פּוטער אַראָפּ. ווו ער איז געקומען האָט אים קיינער ניט באַדאַרפֿט.

— ווו ביסטו פֿריער געווען? נאָר וואָס געקויפֿט. —

— אויף באָרג וועסטו געבן, וועל איך נעמען אַ צענדלינג.

— שוועבעלעך האָסטו? ניין? טאָ וואָס פֿאַראַ סוחר ביסטו? —

זוני האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין ווי גיך אַנדערע ייִנגלעך פּאַרקויפֿן דאָס זייערע פּאַפּיראָסן. פֿלעגט ער נאָכשפּירן זייערע ערטער, וווּהין זיי גייען, די מענטשן, וועלכע קויפֿן ביי זיי. פֿלעגט ער צושפּרינגען צו אַזאַ טייער ערטל, אָבער אויב ניט קיין שטורך, האָט ער דערפֿילט אַ פּאָר בייזע אויגן:

— הע, גאַפֿון, רוקסט זיך אָפּ? —

— גאַפֿון דו, ווילסט כאַפּן אַ בראָזג?

וויפֿל פּאַפּיראָסן ער פֿלעגט ניט נעמען אויף קאַמיס, אַלץ איז געווען צופּיל, און אָפּברענגען זיי צוריק איז געווען פֿאַר אים אַן אמתער גיהנום. ער האָט זיך פּשוט געשעמט פֿאַר אַנדערע פּאַרקויפֿער, וועלכע פֿלעגן דאָ קומען מיט ליידיקן און נעמען אַלץ נאָך און נאָך. דערצו נאָך האָט מען ניט אַלעמאָל די סחורה ביי אים צוריקגענומען, ווייל פֿון עפּענען און פֿאַרמאַכן דאָס שאַכטל, טרייסלען עס אַהער־אַהין, פֿלעגן די פּאַפּיראָסן ווערן דינער — דער טאַבאַק פֿון די גילזן פֿלעגט זיך אויסשיטן און...

וואָס אַן אמת דאַרף מען זאָגן, אַפֿילו אויף דעם טייערן זוני, — ער האָט זיך צום מסחר טאַקע ניט געטויגט. האָט פֿאַרזען קונים, אָדער ווי זיינע פּאַך־קאָלעגן האָבן געזאָגט: ער פֿאַרגאַפֿט (דערפֿאַר האָט מען אים טאַקע אַ צונאָמען געגעבן „גאַפֿון").

פֿאַרוואָס פֿלעגט זיך זוני פֿאַרגאַפֿן?

אַ פֿאַרשמאַכטער שלעפּט ער אָן כּוח די פֿיסלעך און בלייבט שטיין אין טויער־וויטרינע. שטייט ער אַזוי און טראַכט, ווי דערציט מען שוין ביז צוועלף

אַזייגער, ווען ס׳עפּנט זיך די קיך. דערמאָנט ער זיך מיטאמאַל דער מומעס לידל און זינגט נאָך:

„ווער וועט דיך מיין קינד פּוצן און גלעטן,
ווער וועט דיר מיין קינד דאָס וויגעלע אויסבעטן?
ניטאָ קיין מאַאַמע, ניטאָ קיין מאַאַמע...“

ער וויגט זיך איבערן שאכטל פּאַפּיראָסן, אַזוי ווי די מאַמע זיינע פלעגט זיך איבער אים וויגן און זינגט ווייטער:

„אוי, ווער וועט דיך מיין קינד פּוצן און...“

מיטאמאַל האָט זיך אריינגעריסן אין שמאָלן געסל אַ טרומייטער־פייף און נאָך אים אַ ריזיקער לאַסט־אויטאָ אַ פולער מיט קאַרטאָפל. זוני האָט אַ פאַרשטעק געטאָן דאָס שאכטל אין בוזים אַריין און איז נאָכגעלאָפן דעם אויטאָ, און אַ גליק: ס׳האָט זיך אָפּגעריסן אַ ברעט פון הינטערשטן באָרט פון דער מאַשין און ס׳האָט אָנגעהויבן רעגענען מיט קאַרטאָפל אויפן ברוק.

ס׳איז געוואָרן אַ באַפאַל. די גאַנצע גאַס האָט זיך אויף דער ערד געוואָרפן כאַפּן די קאַרטאָפל. דאָס מאָל האָט זיך שוין זוני ניט פאַרגאַפט. די פּאַפּיראָסן האָט ער גיך אין די הויזן־קעשענע פאַרוקט, אַראָפּגעכאַפּט בליציק דאָס אויבער־העמדל פון זיך, פאַרבונדן מיט די אַרבל די האַלז־עפענונג און געשאַרט אַהין קאַרטאָפל. אַלע גלידער האָבן זיך צעאַרבעט. פיסלעך, הענט, עלנבויגנס. ער האָט זיך צעלייגט אויפן ברוק אויפן בויך און זיך געשאַרט נאָך די צעפלויגענע קאַרטאָפל.

פון עולם האָט ווער אַ געשריי געטאָן:

— עפל!

זוני האָט ניט געהערט. צו שטאַרק געווען אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט. דערפאַר האָט אים דער פּאָליציאַנט שיער ניט געכאַפּט. זוני האָט זיך אָבער באַוויזן אַרויסצודרייען פון אים, כאַפּנדיק בלויז אַ שטויס אין הינטן. נאָך עטלעכע קאַרטאָפל און ס׳וואָלט דאָך שוין געווען פול, מיט אַ קייפ:

— פּאָליציאַנט, פּאָליציאַנט — האָט ער זיך געבעטן פון ווייט — גיט נאָך אַ זעץ און לאָזט נעמען נאָך עטלעכע בולביטשקעס...

דער פּאָליציאַנט האָט באַהאַלטן אַ שמייכל און מיט געמאַכטער ערנסט־קייט זיך צושריגן:

— נאַ־נאַ, כ׳ל דיר באַלד געבן אַ „בולביטשקעס“!

וואָס פאַראַ יום־טוב ס׳איז דעמאָלט געווען ביי זונין!

פון די קאַרטאָפל האָט די מומע געמאַכט כלערליי געריכטן. מער פון אַלץ — פּוסטע פּיש. זוני האָט געבעטן דער מומען זי זאָל גיסן וואָס מער וואַסער און נאָך ציבעלע. אַזאַ באַטעמטן מאכל האָט זוני שוין לאַנג, לאַנג אין מויל ניט געהאַט: אַן אמתער בוליאָן.

מער אַזעלכע גליקן האָבן זיך ניט געמאַכט. זוני האָט שוין ניט באַקומען קיין פּאַפּיראָסן צו פאַרקויפן. ס׳איז אָבער ניט געווען קיין חילוק פאַר

אים. פאַרקערט — אויב מענטשן, שכנים, האָבן פריער געקענט מיינען, אַז ער האָט עפּעס פון זיין האנדלען, האָט שוין איצטער קיינער גאָרניט געמיינט. אַלע האָבן געוווּסט. אַז דאָס יינגל צאַנקט נעבעך פון טאָג צו טאָג, ג יי ט אוי ס ווי אַ ליכט.

די שכנות האָבן זיך אָנגעהויבן בייזערן אויף דער מומען, פאַרוואָס זי זעט ניט אַריינצושטופן זונין אין קינדער־היים:

— אַזויפיל קינדער דאָרט, קיין עין־הרע ניט. זאָל מען שוין פאַר אים קיין ברעקל צושפּאַר ניט געפינען?

— וואָסי, ער איז קיין יתום ניט. וואָס?

— מאַכט ניט אויס, גרעסערע גבירים פון אים האָט מען דאָרטן אויך צו־גענומען... און אַז סאָניטשקעס יינגל איז דאָרטן דאָ, מעג דאָס יינגל — אַ וויַיז טוענדיק אויף זונין — אוודאי און אוודאי דאָרטן זיין.

די מומע האָט בעת־מעשה געשאָקלט מיטן קאָפּ און זיי אָנגעקוקט ווי משוגעים:

— אַז ווייבער באַלבענען גלאַט אין דער וועלט אַריין איז דאָך נישט שיין...

— וואָס מיינט איר — האָט זי געציילט אירע ווערטער — איך וויל דאָס טאַקע אים ניט אַוועקלאָזן פון מיר, דעם בראָך, אַזוי טייער איז ער מיר? אדרבא, נעמט אי ר אים צו פון מיר. און ווער ס'וועט אייך חלילה אַ קרום וואָרט זאָגן, זאָל ביי יענעם דאָס מויל צעקרימט ווערן... אָבער שפּאַרט אים, שפּאַרט אים, נו, שטופּט אים, אַז אומעטום ענטפערט מען אייך: ניטאָ קיין אָרט... שוין צו פיל... ניטאָ קיין אָרט...

— אַז אויפן גוטן אָרט זאָל מען זיי שוין לייגן, טאַטינקע זיסער — האָבן אויסגעקרעכצט עטלעכע ווייבער צוזאַמען.

— פונדעסטוועגן וואָלט מען זיך געדאַרפט פּרוּוון דערביוּוען צו גענסן אַליין — לאָזט ניט נאָך אַ יידענע.

— דערביוּוען — קרימט נאָך די מומע — דערביוּוען, נו, אפשר קענט איר זיין אַ בריה און זיך ד ע ר ב י ו ו ע ן צו אים?

דער הויף האָט ניט געקענט צוזען דעם צער פון יתום. ווייבער האָבן זיך נאָכאַנאַנד געשושקעט: אפשר גאָר אים אונטערוואַרפן ערגעץ. ווער ווייסט איצט פון אַ טאַלק? ווער דערקענט וועמען?

אונטערוואַרפן אים ערגעץ ביי אַ קאָמיסאַריאַט און זאָל ער זאָגן, אַז ער ווייסט ניט וועמענס ער איז.

— שאַ, — גיט זיך אַ פּאַטש נאָך איינע — כ'האָב אַ פּלאַן... אפשר זאָל ער גאָר גיין אין גאַס, אַנידערפאַלן און זיך מאַכן פאַר געחלשט?

— און ווען מען וועט דיך פרעגן — האָבן די ווייבער געטיקעט זונין מיט די פינגער אין פּנים אַריין — וועמענס דו ביסט, זאָלסטו אָקאָרשט ניט זאָגן...

— איך ווייס ניט — זאָלסטו זאָגן, דעם טאַטן האָבן די כאַפּונעס צו־גענומען, די מאַמע אויף פּאַנאַר און איך... איך... — שנייצט זי די נאָז און זוכט אַ תּירוץ.

— און איך שלאָף אויף די טרעפּ — העלפט אַרויס אַן אַנדערע.

זוני האָט געשוויגן. ס'האָט זיך גאַרניט גערעדט. וואָס האָט ער געקענט ענטפערן? ער איז יעדן טאָג געגאַנגען אין גאַס און האָט ניט געהאַט קיין האַרץ אַנידערצופאַלן... ניט געקענט חלשן...

אַז די שכנות האָבן אים דערזען אַריינשלייכנדיק זיך אין הויף, פלעגן זיי אים אָפּשווענקען מיט אַ וואָרטשענדיקן:

— נו??!

און ער שטיל:

— מען האָט היינט ניט געקענט...

ער האָט אָפּגעלייגט זיין חלשן פון איין טאָג אויפן צווייטן. די מומע גייט שוין אַרויס פון געדולד און ווערט שטרענגער, זשאַלעוועט שוין אַפילו אַמאָל קיין קללה אויך ניט. די ווייבער קאָסט געזונט, צוזעענדיק ווי דאָס ייִנגל מאַטערט זיך.

און ער? — דרייט זיך אַרום גאַנצע טעג אין די געסלעך, שלינגט שפּייעכץ, הויבט אויף בגנבה אַ סקאַרינקע, אַ שטיקל אָפּגעגריזשעטן, צו־פוילטן עפּל, עסט עס ערגעץ אויף אין אַ זייט און אַז עס ווערט פינצטערלעך, גנבעט ער זיך אומבאַמערקט אין טונקעלן שטיבל אַריין, גיט זיך אַ לייג אַוועק אויף אַ פּאָר שמאַטעס אין אַ ווינקל־פּאָדלאָגע און שטיל, שטיל איינגענורעט, מען זאָל פון אים קיין פּאַרע ניט הערן, שלעפערט אים די מידקייט איין.

זוני חלומט ווידער: די מאַמע רעדט צו אים. קושט אים אויס אַלע גלידערלעך: „זונעלע, מיינער, מיר זאָל זיין פּאַר דיינע ביינדעלעך, זע, ווי דו זעסט אויס! אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. וויי, וויי, וואָס האָט מען דאָס געמאַכט פון דיר, אוצרל מיינער". זונין איז אַזוי גוט איצט. די מאַמע האָט דאָך אים שטענדיק געהאַלזט און געקושט, נאָר קיינמאָל איז זי ניט געווען אַזוי גוט, ווי איצט. אָט טוט זי אים אויס אַ נאַקעטינקן, צוואָגט און וואַשט אים. איצטער שרייט ער שוין ניט, ווי אַמאָל, איצטער איז אים ניט ביטער אין די אויגן פון די מולינעס. די מאַמע ווישט אים אַרום און צערטלט: „וויי, וויי, וואָס זיי האָבן דאָס געמאַכט פון דיר; וויי, וויי... אָבער איצטער, אוצרל מיינער, קוטענאָסיקל האַרציקער, וועסטו שוין ניט אַרומגיין אַזוי... און עסן ווילסטו דאָך געוויס, אוי, ווי צו מיינע שונאים, פאַרגעסן, אַז דאָס קינד איז געוויס הונגעריק". — זוני עסט און עסט, מיט ביידע הענט, מיט די אויגן, ווייסט זיך נישט פריער צו וואָס צו כאַפּן...

***

און דער מאָמענט איז געקומען.

פאַר דעם ביסל באַר־יויך, וואָס די מומע פלעגט אַמאָל צושאַרן זונין, האָט זי זיך נישט איינמאָל פאַרשפּאָרט מיט אים אַ גאַנג: אַן עמער וואַסער אַרויס־און אַריינטראָגן, שיקן אים אַרויסרייסן אַ פּאָר ברעטלעך, וואַרעמס אָפּצוקאָכן. און דאָס מאָל האָט זי אים געשיקט אין קיך די פּאָרציע זופּ נעמען.

דער ליימענער טאָפּ וועגט מער פון זונין, און קוים טאַקע, וואָס ער גיט זיך אַן עצה מיט אים; אַ נס נאָך, וואָס אַ שטריקל איז דורכגעצויגן דורךביידע אויערלעך און זונין איז באַקוועמער צו טראָגן. אָבער די זופּ באַקומט מען נאָך ניט באַלד, ס׳וועט נאָך דויערן גענוג לאַנג, ביז מען וועט עפּענען די קיך און אין דער ריי, ווי ער האָט אָפּגעציילט, איז ער שוין דער זעכצנ־טער. די פיסלעך ווילן בשום אופן ניט איינשטיין. ער וואָלט זייער גערן זיך צוגעזעצט ערגעץ, די ריי פאַרלאָזן איז אָבער אַ סכנה — וואָס וועט ער טאָן, אַז מען וועט אים דערנאָך ניט וועלן אריינלאָזן צוריק אויף זיין אָרט?

און אַז מען וואַרט, דערוואַרט מען זיך.

די קעכין האָט זיך פונאַנדערגעשריגן:

— ווידער קומסטו מיר מיט דעם צעבער אַהער?

— האָט נאָר קיין דאגה נישט — ענטפערט זוני אָפּ — כ׳האָב שוין גרעסערע טעפּ געטראָגן.

— נו, נו, געדענק, וועסט נאָך אַמאָל גוט חרטה האָבן — האָט אים די קעכין צוריקגעגעבן דעם טאָפּ זופּ.

און דאָס מאָל איז זונין ניט געגאַנגען. ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן וועמענס אַ פוס, זיך אויסגעגליטשט און אַנידערגעפאַלן אויפן טאָפּ, וואָס איז זיך צעפלויגן אויף שערבלעך מיט דער זודיקער, טונקעלער פליסיקייט.

„אוי, מיינע פיס האָט ער דאָך אָפּגעבריט״.

— סאַראַ שטיק ניעריאַכע. דערלאַנגט אים דאָרטן, אַז דער אומגליק זאָל אים כאַפּן!

זוני איז געלעגן ביי אַן אָפּהאַנג פון אַ טרעפּ און ביטער געוויינט. די זופּ האָט אים אָפּגעבריט דאָס גאַנצע פּנים און דורך דעם דורכגענעצטן אָנ־טועכץ — דאָס לייב. וואָס וועט ער איצטער טאָן? וואָס וועט ער זאָגן דער מומען?

ער איז שוין אַ היים ניט געגאַנגען. גיין צו איר וועט ער שוין  ז י כ ע ר ניט. דער טאָג, ווי דער טאָג, אָבער ווו שלאָפט מען די נאַכט איבער? ווי אַ העזל איז ער פאָרזיכטיק געשפּרונגען פון איין טויער צו אַ צווייטן, אומקוקנ־דיק זיך אָפּריער, צי גייט ניט אָקערשט אַמאָל די מומע, אָדער ווער פון די שכנות. ערשט, ווען ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין שפּיטאָל־געסל, האָט ער זיך דערפילט זיכערער. קיין כוחות האָט ער שוין ניט געהאַט צו שלעפּן ווייט די פיסלעך. אין מויל דעם טאָג אַפילו קיין טראָפּן וואַסער ניט געהאַט — איז

אים אַ זיסער טעמיקער מאכל איבער די גלידער צעשוואומען און געמאַכט דאָס קערפּערל לייכט, ניט פּילעוודיק.

געסלעך און מויערן האָבן זיך מיט אַמאָל גאָר גענומען שפּילן מיט אים אין באַהעלטעניש. ער גייט, לויפט אונטער, שטעלט זיך אָפּ, קערט זיך אָפּ, קערט זיך אום, פּרוווט לויפן ווייטער... מען זאָל אים נאָר ניט כאַפּן... מען זאָל אים ניט דעריאָגן... ער קריכט אַריין אין אַ שטיק טונקעלער כמאַרע — דאָרט וועט ער זיך באַהאַלטן, און פאַרוואָס טאַקע ניט איבערנעכטיקן? ברעכט זיך זוני אַריין אין דער כמאַרע און זעט, אָ דאָ איז נאָר אַ דורכגעבראָכענער דורכגאַנג אין אַ צווייטן הויף. גייט ער ווייטער... ש וו י מ ט ווייטער... אין די אייגעלעך האָט זיך אַלץ צוזאַמענגעגאָסן, איין שטיק טונקעלע גראָ־קייט... ער גייט און גייט... ס׳קעפּל זינקט אַראָפּ — הייבט ער עס צוריק אויף... העכער נ אָ ך העכער... צום הימל... ער איז דאָך אַזוי נאָענט... אַ שטערן... און אָט נאָך... אַזויפיל שטערן דערנענטערן זיך צו אים... ער דאַרף גאָר ניט גיין צום הימל און צו ערד, ניט קיין הימל, ניט קיין שטערן. אַלץ האָט זיך איניינעם צוזאַמענגעמישט, צונויפגעגאָסן, געוואָרן איין שטיק סאַ־מעטענע טונקלקייט... אַלץ דרייט זיך איניינעם. די פיסלעך, ס׳קעפּל, ס׳גאַנצע אינגעווייד... עס ווערט עפּעס לייכטער, ס׳ווערט עפּעס שווערער, ש־וו־ע־ר־ע־ר...

---

...און זוני האָט ניט געפילט, ווי גרינג ער האָט אָנגעהויבן זינקען אין דער ווייכער, סאַמעטענער טונקלקייט צווישן הימל, ערד און מילימיליאָסן בריליאַנטענע שטערן...

ווילנער געטאָ, מאַי 1943.

# צווישן שונאים

דער אָפיציר וולאַדיסלאוו מאַרינעק איז אין סעפּטעמבער 1939 פאַר־כאַפּט געוואָרן פון דער סאָוועטישער אַרמיי און איז פאַרשיקט געוואָרן ערגעץ טיף אין רוסלאַנד. איצט שפּאַצירט דער געוועזענער אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי ווידער איבער זיין ווילנע.

כאָטש מאַרינעק האָט געהאַט הינטער דער שטאָט אַ גרויסן מאַיאָנ־טעק און אַ גאַר פיין פּאַלאַצל, האָט ער זיך דאָרט זעלטן באַוויזן. די נאַכט־לאָקאַלן אין די גרויסע שטעט, קאָרטן, פערד־געיעגן און אָפיצירישע פליאָט־קעס און אינטריגעס האָבן אים אין גאַנצן באַהערשט.

אַ מענטש, כדי צו אָטעמען, דאַרף האָבן לופט? מאַרינעק וואָלט, דוכט זיך, אָן דעם א ו י ך געקענט לעבן, אָבער ניט איין טאָג אַפילו אָן אַ קערטל, אָן אַ קאַבאַרעט.

זעגען עטלעכע יאָר אַוועק, ווי מען האָט פון אים די פרייהייט צוגע־נומען. און אָט שפּאַצירט ווידער הער מאַרינעק איבער די פּרינציפּאַלסטע גאַסן פון שטאָט.

אין ווילנע האָט ער געדינט. אין די פּעריפעריעס פון שטאָט איז אייג־געשטאַנען דער ערשטער פּאַלק, דאָס שיינדל פון דער פּוילישער אַרמיי, ווו ער איז געווען איינער פון די בריגאַדע־אָפיצירן.

איצט איז ער נאַטירלעך ציוויל.

לייכט און עלעגאַנט געקליידעט. אַ העלער פילצענער קאַפּעלוש, דער גרוילעך־געקראַטעוועטער אַנצוג פריש געפּרעסט ווי מיט שטאָלענע קנייטשן. אויף דער לינקער האַנט פאַרוואָרפן דער האַרבסט־פּאַלטאַ און אין דער רעכ־טער פינקלט אַ רויט אויג פון אַ דיקן ציגאַר.

אַזוי פלעגט ער אויך אַמאָל אין די גוטע צייטן, גיין אַנגעטאָן ווען עס פלעגט אים דערעסן דער אָפיצירישער מונדיר.

כמעט אַלע דורכגייער פון די פּרינציפּאַלע גאַסן זעען אויס אַזוי ווי ער. אויסגעפּוצט זענען די דייטשע מיליטער־לייט, די ציווילע באַאַמטע וועלכע קומען דאָ אָן אַלע טעג פון די באָמבאַרדירטע דייטשע שטעט, די פּריצים וואָס קענען אויך ניט איינזיצן אין זייערע העקן. קיינעם קען ניט איינפאַלן, אַז דער עלעגאַנטער הער (מאַרינעק), וואָס שפּאַצירט אַזוי דרייסט איבערן גאַס, אַ שמייכלדיקער, אַ צופרידענער זאָל גאָר זיין...

אויף טשעקאַוועס גייט ער אַריין צום „גרינעם שטראל". אַלץ ווי גע־

ווען. דער באַלעבאָס ביים בופעט שטייט ווי שטענדיק ביי דער קאַסע מיט דעם ברייטלעך־זאַרגלאָזן שמייכל, וואָס ער טראָגט אויך איצט אונטערטעניק צו זיינע קליענטן. אויך דער קעלנער, וואָס באַדינט יענעם ווינקל, איז דער זעלבער. דער פּיקאָלאָ נאָר איז אונטערגעוואַקסן.

ניטאָ די אַמאָליקע געסט. מאַרינעקן שפּיזן אַריין אין די אויגן די זייגער־ווייזערס און ער דערמאָנט זיך, אַז אין דער צייט פלעגט שטענדיק אַריינשיינען דער גרייז־גראָער אַדוואָקאַט זאַגורסקי... שפּעטער־צו פלעגן זיך אָנהויבן ווייזן נאָך און נאָך באַקאַנטע... איצט זיצן אַנדערע געסט. זיי לייענען אויך אַנדערע צייטונגען. אין אַ ווינקל שמאַטעוועט דער פּוילישער „גאָניעץ צאַדזיענני“, ווי ער וואָלט זיך בעטן ביי מאַרינעקן: „נעם מיך“. ער וואַנדערט איבער די צייטונגס־שפּאַלטן און שטעלט זיך לענגער אָפּ אויף דער לעצטער זייט, ווו עס אַנאָנסירן זיך פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנאַלן. אַ היפּש ביסל באַקאַנטע נעמען טרעפט ער דאָ פון די נאָך פאַר־מלחמהדיקע היגע צייטונגען. דער זעלבער טאַפּיצירער און זייגערמייסטער לייגט פאַר גיכע און ביליקע אַרבעט. דוכט זיך, אַז אַפילו דער זעלבער צימער אויף דער זאַוואַלנער גאַס, וואָס פלעגט זיך כסדר אַנאָנסירן צום פאַרדינגען, איז נאָך אַלץ ניט פאַרדונגען. מיטאַמאָל ווערט מאַרינעקן עפּעס וואַרעם אויף דער נשמה: „ד״ר בעלאַווסקי, אינערלעכע קראַנקייטן, נעמט אויף טעגלעך פון 10—11 און פון 6—7, אַרמיי־גאַס 23“. ער נעמט אַריין דאָס פּנים אין די ביינערדיקע פינגער און פאַרטראַכט זיך אין איינגעראַמטן טעקסט. ער זויגט לאַנגזאַם דעם ביטערלעכן געטראַנק און טראַכטנדיק באַמערקט ער אַפילו ניט ווי . . .

— קען מען זיך צוזעצן לעבן אייך? — האָט אים מיטאַמאָל אַריינגעשמייכלט אַ יונג פרויען־פּנים.

— ביטע זייער — האָט זיך מאַרינעק מיליטעריש אויפגעשטעלט, — ביטע זייער, ביטע. — ער האָט איר לייכט אַ קוש געטאָן אין האַנט — און אָט איז דער קעלנער אויך דאָ:

— אַ פּאָר סאַנדוויטשן און טיי, אָבער ניט קיין זיסע — רופט זי זיך אָפּ צום קעלנער.

דער קעלנער שמייכלט ליבלעך:

— ליידער . . .

— קריגסצייט — פאַרענטפערט מאַרינעק — ניט צום מאַכן. און אפשר אַ גרינס־סאַלאַט?

— ליידער . . . — ענטפערט ווידער דער קעלנער און שמייכלט ביטער.

— וועט איר אונדז מוחל זיין — טוט זיך די פרוי אַ הייב אויף — דער בעסטער רעסטאָראַן איז, אויב אַזוי, זיכער אין שטוב.

דער קעלנער קוקט זיי נאָך מיט באַדויערונג.

מאַרינעק האַלט די דאַמע ווי עס פּאַסט פאַר אַ דזשענטלמען, לייכט




מ. בארוויטש, ש. קאַטשערגינסקי, שראגער, י. וואָלף, ה. ניימאַן, פּראָפ. קיוועלעוויטש און י. פּאַט.
פּאַריז 1949.



אין פּאַריז אין יאָר 1949. — פון לינקס אויף רעכטס: מ. גראָסמאַן, ש. קאַטשערגינסקי, ש. שאַיאַק,
5. לענעמאַן, מ. בארוויטש, א. זאַק, ש. שמולעוויטש. עס זיצט שלום עליכמס ברודער.



שווייץ
זשענעווע
1949.
ל. ראכמאַן,
ח. גראַדע,
טופּמאַן, ש.
קאַטשער־
גינסקי



**זשענעווע — שווייץ** 1946. אויפן
ציוניסטישן קאָנגרעס. ח. גראַ־
דע, ש. קאַטשערגינסקי, מ. נו־
דעלמאַן, י. עלבערג.



**זשענעווע — שווייץ**, 1946. ש.
קאַטשערגינסקי, נ. מייזיל,
זרבבל, פרוי מייזיל, פרוי
זרבבל, י. פינקעלשטיין און
ח. גראַדע

געאַרעמט, טרעט פאַרזיכטיק און ציכטיק איבער די צעמענטענע קוואדראטן.

צו וועמען זי פירט אים, נאָך וואָס, — ווייס ער. ווו אָבער?... געדולד. און אָט שטייט ער אויף אַ דריטן שטאָק קעגן אַ פאַרדריפּעט אָפּגעריבן מעשן שילדל: „שניידער־סאַלאָן העלענא גאדלעווסקא".

ער איז אַן אומגעדולדיקער געזעסן אין וואַרטצימער און געבלעטערט אַלטע פאַריזער מאָדע־זשורנאַלן און גוט באַטראַכט וואָס ער האָט דאָ איצט אויפצוטאָן, אַז ער דאַרף זיין גוט פאַרזיכטיק ניט אַרויסצורופן קעגן זיך קיין חשד. און „דר. בעלאַווסקי — אים מוז איך אויפזוכן. ער מוז ווערן אַן אונדזעריקער. ער קען אונדז שטאַרק צונוץ קומען".

לסוף האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר און מאַרינעק האָט דערפילט אין זיין האַנט דיקלעך־שמאַלציקע פינגער.

— מוראשקא איז מיין נאָמען. — ער האָט זיך ברייט צעזעצט אין אַ פאטעל קעגן מאַרינעקן, אים פאַרשנדיק אַרומגעטאַפּט מיט די גרויע וועלפי־שע אויגן — נו, די צייט לויפט, הער מאַיאָר, איך הער אייך.

מאַרינעק האָט דערציילט, אַז ער קומט איצט פון יענער זייט פראָנט, פון דער פוילישער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע, וואָס האָט אים געשיקט מיט דירעקטיוון צו דער געהיימער פויליש־מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אין ווילנער קרייז. די דירעקטיוון זענען: 1. די ווילנער אָרגאַניזאַציע מוז זיך תיכף שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער פון די אַרומיקע וועלדער און פון שטאָט; 2. די אָרגאַניזאַציע מוז תיכף אָנהויבן אַן אַקציע זיך שטאַרקער צו באַוואָפענען, זיך איינשאַפן געווער־סקלאַדעס, אַריינדרינגען אין אַלע דייטשע אינסטיטוציעס און אמטן; 3. אָנהויבן די־ווערסיע־און סאַבאָטאַזש־אַקטן, וואָס דאַרפן זיך אויסדריקן אין צעשטערן די טראַנספּאָרט און קאָמוניקאַציע־וועגן, אויפרייסן דעם שונאס געווער־אַרסענאַלן, פאַבריקן און ביכלל אַריינברענגען אַ כאַאָס אין דער דייטשערווירטשאַפט און ניט דערלאָזן — דאָס וויכטיקסטע: דאָס פאַרניכטן די ציווילע באַפעלקערונג. העלפן זיי.

מוראשקא האָט נערוועז געצויגן די גלאַט ראַזירטע מאָרדע און ניט אַראָפּגענומענדיק דעם בליק פון מאַרינעקן, געלאָסן אויסגעפּרעגט, ווי אַזוי מאַרינעק איז דאָס אַריבער די פראָנטליניע, אין וועלכן פּאָלק ער האָט גע־דינט פריער אין פּוילישן מיליטער, ווי זעט אויס דער צושטאַנד פון דער פּוילישער אַרמיי אין „באָלשעוויע", וועער זענען געווען זיינע חברים, פּויליש־שע אָפיצירן פון פאַר דער מלחמה?

מאַרינעק האָט, אויסהאַלטנדיק מוראשקעס בליק, אים אויך איצט, ווי פריער, אַריינגעקוקט אין די אויגן און אויף יעדער פראַגע קלאָר און דייטלעך געענטפערט, ניט איבערלאָזנדיק קיינע ספיקות.

מוראשקא איז אַזש צעוואָרעמט געוואָרן און רציחהדיק אויסגעזידט:

— תיכף צוטרעטן צו דער דיווערסיע־אַרבעט? צו וואָס פאַר אַ טייוול...

כדי צו העלפן די באָלשעוויקעס?... אונדזער אָרגאַניזאַציע איז אינגאַנצן אין דעם ניט פאַראינטערעסירט... זאָלן זיי דאָרט אָפּגיין נאָך אַ ביסל אין בלוט. ס'מאַכט ניט אויס. פאַרקערט, אונדזער אויפגאַבע איז איצט, זיי נאָך מער אָפּצושוואַכן, אַפילו אויב עס זאָל אונדז אויסקומען צו העלפן דעם דייטש... יאָ, הער מאַיאָר!

— די פּוילישע אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע, וואָס באַקומט דירעקטיוון פון אונדזער רעגירונג פון לאָנדאָן, שאַצט אָבער אָפּ די זאַך גאָר אַנדערש, און איר' זייט מחויב זיי זיך אונטערצוואַרפן.

— יאָ, הער מאַיאָר, געוויס וועלן מיר זיך אונטערוואַרפן אונדזער צענטראַלע, דאָס האָבן מיר געטאָן ביז אַהער און מיר האָפן אויך אויף ווײַטער אויסצופירן אַלע דירעקטיוון, וואָס מיר וועלן באַקומען. דערווײַל אָבער . . .

— קען איך גיין, מײַן הער? האָקט אים איבער מאַרינעק — און אפשר אויך צוריקפאָרן?

— אָ, ביין הער מאַיאָר דאָס זאָג איך נישט. נאַטירלעך, זייט איר אונדזער בעסטער גאַסט. די דירעקטיוון, וואָס איר האָט דאָ איצט איבערגעגעבן, טראָג איך גלײַך אַרויף דאָנערשטיק אין אונדזער אויספירקאָמיטעט. אַנטשולדיקט זייער, וואָס פריער קען דאָס ניט געשען. צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות איז ניט מיגלעך פריער אַלעמען צונויפרופן. — ער האָט זיך פאַרטראַכט. אויסגעסטאַרטשעט די אויגן דורכן פענצטער אין הימל אַרײַן: „קען דאָס געמאָלט זיין, אַז לאָנדאָן זאָל שוין אַזוי גיך בייטן די דירעקטיוון? וואָס, זיי זענען דאָרט פון זינען אַראָפּ וואָס זיי בייטן אַלע טאָג זייערע פּלענער?... אָפּוואַרטן...“

— יאָ, הער מאַיאָר, אַזוי ווי מיר האָבן גערעדט. אין אַ פיר־פינף טעג אַרום וועלן מיר אײַך אָנזאָגן ווו זיך ווידער צו טרעפן און אַרומריידן ווי אַזוי צוצופאַסן די אָרגאַניזאַציע צו די באַדינגונגען, ווי עס זענען פאַר די נייע דירעקטיוון.

מאַרינעק איז פאַרזיכטיק, לאַנגזאַם פון הויז אַרויס, זיך העפלעך געזעגענענדיק. אויף דער גאַס האָט ער פרייער אָפּגעאָטעמט:

— אָט האָט ער זיך דאָס אָנגעטשעפּעט אָן מיר — האָט ער צו זיך געטענהט — שוין איינמאָל אַ פויגל!

ער איז צוריק דורך דער באַרגיקער גאַס אַראָפּ אויף דער פאָדגורנער געסל, איבערגעשניטן די פּרינציפּאַלע מיצקעוויטש־אַלייע און זיך געפונען אין דעם שמאָלן געסל, פון וואַנען עס האָבן זיך אַרויסגעהויבן די הויכע פאַרגעלבטע ווענט פון דער תפיסה. ער האָט זיך אומעטיק אַרומגעקוקט, גאָר פאַרגעסנדיק ווו ער געפינט זיך. עס האָט אַ שווינדל געטאָן: פאַרגאַנגענע יאָרן אין די ווענט פון ערשטן פּאַוויליאָן, אין דער 263טער קאַמער. ער האָט

זיך אָבער מיטאמאָל אַ כאַפּ געטאָן ווי מען קוקט אויף אים און מיט אַ שמייכל זיך געלאָזט ווייטער אין וועג.

ד״ר בעלאוווסקי. דער נאָמען איז אים כסדר נאָכגעגאַנגען. געמאַכט אומגעדולדיק. ביז צום דאָקטער איז נאָך אַ שפּאַר ביסל וועג. גוט אַזוי. צו זיין אויפנעם־צייט איז נאָך אַ גוטע האַלבע שעה. איז ער ווידער אַרויף אויף דער הויפּט־גאַס. אַלץ נייע פּנימער. אַ סך מיליטער־לייט. פון שפּיץ פון דער געוועזענער קאָמונאַל־באַנק רוגזעט צום הימל דער האַקנקרייץ. עס פּוסטע־וועט דער שטאָטישער טעאַטער. דער אַריינטריט אין די קינאָס נאָר פאַר מיליטער. פאַרוואָלקנט איז דער שלאָסבארג און די בערג פון די דריי קרייצן. פאַריתומטע שטייען די בענק אין בערנאַדינער גאָרטן. עלנט. עס שפּילן און טאנצן אויף זיי איינציקע פאַרזשאווערטע בלעטלעך: דער האַרבסט דערנענטערט זיך . . .

די דינסט, וואָס האָט אים געעפנט די טיר, האָט זיך פאַרוואונדערט, אַ קוק טוענדיק אויפן עלעגאַנטן הער:

— איר דאַרפט צום דאָקטער? — האָט זי געוואָלט אַרויס פון ספק.

— ניט קענטיק אויף מיר, האַ? — האָט מארינעק זיך צעשמייכלט.

— זייט מוחל, — האָט זי זיך ווי פאַרכאַפּט — ביטע, ביטע זייער — און האָט צוגענומען פון אים דעם מאַנטל.

דער דאָקטער, דערזעענדיק דעם לעצטן פּאַציענט, ווישנדיק די פּענסנע, האָט אַן אויסגעמאַטערטער אָפּגעאָטעמט טיף:

— נו, גאָט צו דאנקען, דער לעצטער. ביטע מיין הער זעצט זיך.

מאַרינעק האָט גלייך דערקענט זיין באַקאַנטן דאָקטער, כאָטש ער איז שטארק פאַרעלטערט געוואָרן. בעלאוווסקי, שטייענדיק מיטן פּלייצע צו זיין פּאַציענט, וואַשנדיק די הענט, האָט ווי מעכאַניש געפרעגט:

— אויף וואָס אייגנטלעך קלאָגט איר זיך?

דער פּאַציענט האָט געשמייכלט:

— אָט הער דאָקטער, די צייטן זענען זייער קלאָגעדיקע...

— נו, אויף דעם איז דאָך עפּעס אַ מלחמהלע אויף דער וועלט. אָבער וואָס קאָנען מ י ר טאָן צו דעם, מיר, די קליינע מענטשעלעך... יאָ, איז וואָס פאַרט איז אייך?

— באמת, הער דאָקטער, איך אַליין פיל זיך זייער גוט, געזונט, נאָר די צייטן, הער דאָקטער... די ו ע ט ע ר ן מאַכן קאַליע די שטימונג.

אויף אַזאַ מאָדנעם פּאַציענט האָט זיך דער דאָקטער בעלאָוווסקי גאָר ניט געריכט. ער איז צוגעגאַנגען צו אים, באַטראַכט זיינע ברייטלעכע פּלייצעס. אָנטוענדיק די פּענסנע האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט קעגן אים. ער האָט אַריינגעקוקט דעם פּאַציענט אין די אויגן אַריין און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף זיין שטול.

— צי האָב איך ניט קיין טעות?

ער האָט זיך פאַרטראַכט...

— איר האָט ניט קיין טעות, הער וולאַדיסלאַוו בעלאַווסקי — האָט מאַרינעק אַרויסגעהאָלפן דעם פאַרוווּנדערטן דאָקטער, וואָס האָט אים גלייך איבערגעריסן:

— ביסטו טאַקע... — ער גלויבט נאָך אָבער אַלץ ניט וועמען ער זעט — ביסטו טאַקע...

— יאָ, טאַקע איך, און טאַקע אברהם...

— אַבראַם! — האָט בעלאַווסקי זיך אַ הויב געטאָן פון שטול און, אַרומקלאַמערנדיק מאַרינעקן, אויסגעשריען: — ווי קומסטו דאָ? און זע ווי עלעגאַנט! איך אַזאַ צייט און דו האָסט גאָרניט קיין מורא?...

זיי האָבן זיך צעקושט ווי טאַטע און זון, וואָס זענען שוין לאַנג, לאַנג געווען צעשיידט. זיי האָבן זיך געפרייט און ווי פאַרגעסן, אַז עס זענען שוין פאַרפלויגן פיינע עטלעכע יאָר ווי דאָקטער בעלאַווסקי האָט געזעגנט אין אוניווערזיטעט זיין ליבלינג, דעם שילער אַבראַם טאַבאַריסקי.

.2

ער האָט באַדאַרפט פאַרגעסן, אַז מען רופט אים אברהם. ער האָט ניט געטאָרט פאַרגעסן, אַז דאָ אין שטאָט רופט ער זיך לויטן נאָמען פון אַ פוילישן אָפיציר וולאַדיסלאַוו מאַרינעק, וואָס געפינט זיך גאָר איצט אין פאַרשיקונג ערגעץ אין רוסלאַנד. אמת, אברהם האָט געקענט מאַרינעקן פון זיינע שול־יאָרן, ווען זיי האָבן צוזאַמען געלערנט. ער האָט אויך, איידער ער האָט זיך געלאָזט גיין פון יענער זייט פראָנט אויף דעם, אויסגעשטודירט די אופנים פון אַריסטאָקראַטישע מאַנירן און אָפיצירישע עטיקעט. עס איז אים אָבער דאָך שווער געווען אין דער נייער הויט זיך אַריינצולעבן. וואָלט ער כאָטש געדאַרפט זיינע קאַמפּס־אויפגאַבעס דורכפירן אין אַן אַנדער שטאָט. ווילנע איז אים אָבער געווען צו אייגן ער זאָל זיך אין יעדן קער זיי־נעם נישט דערמאָנען אַ שטיק אייגן לעבן, פאַרגאַנגענע יאָרן. ער האָט זיך גוט באַדאַרפט היטן נישט אָנצוטרעפן קיין באַקאַנטע, כאָטש צווישן פאָ־לאַקן האָט ער זיי פריער ווייניק געהאַט. ערגער איז געווען ווען ער פלעגט באַגעגענען אַ פאַרטיע יידן. דאַן פלעגט ער, זיי באַמערקנדיק פון ווייטן, אַריינגיין אין אַ טויער אָדער זיך פאַרקוקן אין אַ פענצטער. קיינער זאָל אים נישט זען, נישט באַמערקן. דאָס זענען געווען די שווערסטע צייטן פון זיין לעבן. ווען די יידן פלעגן פאַרביימאַרשירן פלעגט ער דערשפירן, ווי מען וואָלט איבער אים געגאַנגען און געזעצט אים אין האַרצן מיט די שווערע, אויסגעמאַטערטע פיס.

ער האָט אויך נישט געטאָרט פאַרגעסן זיין דריטן נאָמען — וואָלאָדיע. וואָלאָדיע באַרקין, דער וואָס דאַרף זיך גאָר געפינען אין די וועלדער און

אַנטוויקלען אַ פאַרטיזאַנישע באַוועגונג. אַ באַוועגונג צווישן דער באַפעלקערונג פון סאַבאָטאַזש, קאַמף, דיווערסיע און שונאס רייען.

די נעכט פלעגט ער נישט קענען איינשלאָפן. עס האָבן אַלץ ווי געטאַנצט פאַר די אויגן די פילמדיקע פאַסירונגען פון פאַרגאַנגענע טעג. עס האָבן נישט צורו געלאָזן פאַנטאַסטישע צוקונפטס־חלומות. דער טאַפּטשאַן האָט געקרעכצט פון זיינע אומרואיקע באַוועגונגען.

אָט קוקט שוין אויף אים אַן אויג פון שאַרן פאַרטאָג. וויקלט ער זיך נאָך מער אַרום מיטן צודעק, זינקט איין דאָס פנים אין זיידענעם פוך, ער וואָלט וועלן איצט פאַרגעסן פון אַלץ. איינשלאָפן, אויפשטיין אַ דערפרישטער, אויסגערוטער. מען דאַרף דאָך זיין גוט אויסגערוט און ביים פולן קלאָרן שכל, נישט אַריינצופאַלן חלילה מיט נישט קיין פון פאָרויס אויסגערעכנטן וואָרט, באַוועגונג, גאַנג.

נישט לייכט איז צו שפילן אין לעבן די ראָלע פון אַ געוועזענעם פוילישן אָפיציר. מען דאַרף זיין גאָר שטאַרק געהיט, פאָרזיכטיק. קען דען נישט זיין, אַז דער מוראשקאַ זאָל האָבן וואָס אין אים באַמערקט און ער זאָל שוין פון אים ווערן נאָכגעשפירט? זיכער וועט דאָך מוראשקאָ זיך פאַרבינדן איצט מיט לאָנדאָן. אַז דער קונץ וועט זיך נישט איינגעבן איז קלאָר, מען דאַרף אָבער פון דאַנען עוקר זיין, שוין אין אַ פאָר טעג אַרום, ביז וואַנען דער ענטפער פון לאָנדאָן וועט צו זיי אָנקומען.

ער דרימלט און עס שוועבן פאַרביי זיסע חלומות: אָט האָט ער שוין דעם ערשטן צענדליק פאַרטיזאַנער. פון ווילנער געטאָ וועט ער זיכער באַקומען נאָך אַ פאָר צענדליק אויב נישט מער. באַן־קאָנוואָיען פליען אין דער לופטן, אין טאָל אַרונטער. דער שונא ציטערט, קען זיך מיט וואָלאָדיעס מחנה קיין עצה נישט געבן. הונדערטער פאַרטיזאַנער! אַזאַ פרייד. אַלע מיט ביקסן און מאַשין־געווער באַוואָפנט. זיינע פאַרטיזאַנער ברענען און רייסן אויף בריקן, פאַרניכטן פאַבריקן, מלוכהשע גיטער, דייטשישע גאַרניזאָנען, און ער באַפרייט יידן פון געטאָס און לאַגערן, פון טויט. ער ראַפּאָרטירט אין צענטער, אין מאָסקווע: מיין מחנה האָט שוין אויפגעריסן 20 נאַצישע באַן־קאָנוואָיען, פאַרניכטעט 4 גאַרניזאָנען... און ער גיט זיך אַ כאַפּ אויף, אַ וויש אויס די אויגן, עס זיצט לעבן אים דער דאָקטער.

— גוט געשלאָפן, אַבראַם, זייער גוט, אָבער קורץ.

— אַבי געשלאָפן, כאָטש מיר דוכט זיך אויס, אַז אויך אין שלאָף בין איך געווען וואַך, פאַרנומען... אַך, ליבער פריינד, ווען עס וואָלט מיר געגאַנגען אַזוי ווייטער אין לעבן ווי נאָר־וואָס אין חלום...

דער דאָקטער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט:

— שוין געוויס אין בערלין געווען. מאָלאָדיעץ! אָבער מיין נישט, אַז אויך איך האָב פאַרגעסן ווו איך בין. יאָ, אויך איך האָב עפעס אונטער דער צייט באַוויזן וואָס אויפצוטאָן.

באַמ. פון רעד. — די דערציילונג איז אין כתב־יד נישט פאַרענדיקט.

# שלום־עליכם צווישן פאַרמשפּטע צום טויט

קיינמאָל וועלן שוין יידן מער ניט לאכן. קיינמאָל וועלן שוין יידן ניט זינגען, ניט שפּילן טעאַטער... קיינמאָל, קיינמאָל... אַזעלכע געדאַנקען האָבן זיך מיט לאָגישער באַשטימטקייט אַנטוויקלט אין אונדז אין די גרויליקסטע טעג ווען צענדליקער טויזנטער יידן אין ווילנע זענען געפירט געוואָרן צו דער שחיטה. עס איז געבליבן אין זכרון דער הילפסרוף פון באַרימטן שלום־עליכם־רעציטאַטאָר לייב שריפּטזעצער, פאַר די טויערן פון ווילנער געטאָ:

— יידן, יידן, העלפט מיר, איך בין לייב שריפּטזעצער!

די שרעק האָט אָבער געיאָגט יעדן יידן צום טויער ווו דער טויט גע־פּאָנצערט מיט קאַלט און הייס געוועזער האָט אויסגעטיילט ווער עס גייט ש ו י ן צו דער שחיטה, און ווער עס בלייבט דערווייל לעבן.

ווי מיט מעסערס אין האַרצן האָבן געשניטן די הילפסרופן פון שריפּט־זעצערן. ס'האָט אַ בליץ געטאָן צוזאַמען מיטן נאָמען פון אַקטיאָר אויך דער נאָמען פון שלום־עליכם. אָבער... איצט ש ל ו ם־ע ל י כ ם ?!... אין צייטן פון שחיטה און אומקום? צווישן פאַרמשפּטע צום טויט? — און ניט איצט, אַפילו שפּעטערצו, ווען ס'זאָל שוין בלייבן עמיצער לעבן — וועט זיך וועלכער ניט איז ייד דערלויבן אַ לאַך צו טאָן?

— קיינמאָל וועלן שוין יידן ניט לאכן...

איז אַ חודש קוים אַוועק נאָך די בלוטיקע טעג און מיטאַמאָל — אַן אויסטערלישער פּלאַקאַט אויף די געטאָ־מויערן:

ד ע ם 18 ט ן י א נ ו א ר 1942, ק ו מ ט פ אָ ר א י ן ג ע ט אָ ־ ט ע אַ ט ע ר ד ע ר ע ר ש ט ע ר ק אָ נ צ ע ר ט.

— אויף אַ בית־עולם, — אַ קאָנצערט? — האָט ניט איין פאַרביי־גייער ביטער געשמייכלט.

אויף מאָרגן זענען טאָקע לעבן די קאָנצערט־אַפישן געווען אויסגע־קלעפּט לאָזונגען: „אויף אַ בית־עולם מ אַ כ ט מען ניט קיין קאָנצערטן".

אָבער דאָס געטאָ־טעאַטער אין אָוונט, איז געווען פול.

שוין דער אָנהייב פון פּראָגראַם האָט באַוויזן, אַז צו אַ „קאָנצערט", האָט עס ניט ק יי ן שום שייכות.

דאָס איז גיכער געווען איין גרויסער אויסגעשריי פון פאַרמשפּטע פאַרפּאָלגטע, וועלכע האָבן דאָ בציבור תפילה געטאָן צום אָנדענק פון די אָקאָרשט פון לעבן אַוועקגעריסענע.

„ס׳ווילט זיך מיר ווייגען געשמאקער פון האַרצן" —, ווי נאָר דער עולם האָט דערהערט ביאַליקס ווערטער פון אַקטיאָר שבתי בליאכער, איז דורכגעגאנגען אַ ציטער אין זאַל. פון אַ ווינקל האָט ווער אַ כליפּע געטאָן און באַלד האָט זיך דער גאַנצער עולם אין זאַל צעקלאָגט.

עס האָבן מיטאַמאָל אויפגעטויכט פאַר די אויגן די צענדליקער טויזנטער דערמאָרדעטע.

תּפילה...

און די תּפילות זענען געווען פראַגמענטן פון פּרצס „גאָלדענע קייט", גאָלדפאַדנס בר־כּוכבא און... מיטאַמאָל מעלדעט דער קאָנפעראַנסיע:

„און איצט וועט דער אַקטיאָר ראָטבלום (פון קאָוונע) אויספירן אַ מאָנאָלאָג פון שלום־עליכם".

דער עולם איז געבליבן געפּלעפט. איצט נאָך ביאַליקס „עס גלוסט זיך מיר וויינען", ווען טרערן קוילערן זיך נאָך איבער די פּנימער — שלום־עליכם? ראָטבלום לאָזט אָבער ניט טראַכטן, ער איז שוין אין פולן טראַנס. און דער עולם — זע... די עצמות היבשות. ניט צו דערקענען. אויגן ווערן גרעסער, ליכטיקער — פייערלעך הייבן זיך אָן אין זייערע צינדן, אָט באַווייזט זיך ביי איינעם פון אונטערן טרויער אַ שמץ פון לויטערקייט, ביי אַ פינפטן אַ בליאַסק פון אַ שמייכל, ביי אַ צענטן, הונדערטסטן און אַ, וווּנדער, — די ביינער הייבן אָן שמייכלען און אָט לאַכט דער עולם — לאַכט געשמאַקער פון האַרצן...

דער אַקטיאָר לייענט „אַ פּעקל צרות" און דער עולם דערמאָנט זיך אָן די אייגענע... אמת, איצטיקע צרות זענען גאָרניט צו פאַרגלייכן, אָבער דער עולם נעמט עס אויף מיט רמזים. אָט לאַכט דער עולם פון פולן האַרצן ווי אַזוי דער „סלעדאָוואַטעל" פרעגט דעם ייד דעם נשרף:

„פּאַרוואָס ביסטו גראָד נישטאָ אין דער היים בשעת דו ברענסט?"

און דער ייד ענטפערט אים קאַלט:

— „נו, און אז איך זאָל זיין אין דער היים בשעת מעשה, וואָלט דיר שוין געווען גרינגער?"

ווי לאַכט מען ניט פון אָט די תּמימותדיקע ווערטער...

שלום עליכם איז פון דאַן אָן געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דעם גרויסן ביטחון־געוועב, וואָס עס האָט אָנגעהייבן אין דער זעלבער צייט, צו שפּינען צווישן די לעבנסגעבליבענע יידן, די פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע.

שלום עליכמס ווערק ווערן אַ מיטל פון קאַמף אויף קעגן די פאַרשייידענע יידישע דיגניטאַרן.

אויף אַ שלום־עליכם־אַקאַדעמיע אין געטאָ־טעאַטער, קומט שיר ניט צו אַ סקאַנדאַל ווען די קינדער פון „יוגנט־קלוב" מאַרשירן ארויף אויף דער בינע און זינגען אויס זיין לידל:

אונדזערע גבאים
מיט די לאנגע, לאַנגע בערד,
ווילדע, ווילדע מענטשן־ברואים
ס׳טראָגט זיי ניט די ערד.

אויסגיין, אויסגיין קען מען ממש
צוצוזען אָט דאָס:
ניסן, ניסן אונדזער שמש
פירט אונדז פאַר דער נאָז!...

די חברה זענען אַריין אין האַזאַרט און האָבן ביים זינגען די לעצטע צוויי שורות אָנגעוויזן אויף דער ערשטער ריי צוהערער, ווו עס זענען געזעסן די אויבערשטע פון שטייסל. די לעצטע האָבן זיך בלויז באַגנוגנט מיטן אַרויסגיין תיכף פון זאל און האָבן שוין אויף ווייטער אַכטונג געגעבן אויף שלום־עליכמען.

און אַז מען זוכט געפינט מען.

זיי האָבן צוניט־געמאַכט די צווייחדשימדיקע האַרעוואַניע פון דער דראַמ־סעקציע ביים יוגנט־קלוב און פאַרווערט שפּילן דעם „הינערשטרייק", וואָס האָט געקענט אַריינברענגען „ניט קיין געזונטע שטימונגען" צווישן דער יוגנט.

טאַקע די יוגנט האָט באַזונדערס ליב געהאַט שלום־עליכמען.

ס׳דערמאָנט זיך דער יונגיטשקער פּליט פון לובלין ליפּקאָ מיט זיינע פּרעכטיקע שאַפונגען „מנחם מענדל אין געטאָ" און „טביה דער מילכיקער אין געטאָ".

ליפּקאָ האָט דאָ פּאַראייגנט ווי דער גרויסער שלום־עליכם, די פאָלקס־שפּראַך, דעם פאָלקסווערטל אין זיין שאַפונג.

טביה פון געטאָ זאָגט ביי ליפּקאָן „יידן, ווי גוט אייך איז, וואָס איר ווייסט ניט ווי שלעכט ס׳איז אייך".

מנחם־מענדל באַגריסט זיך יעדן פרימאָרגן מיט די יידן פון זיין אַר־בעטס־גרופּע: „אַ גוטער מאָרגן אייך מתים!" און שיינע־שיינדל שרייבט פון געטאָ אין לאַגער צו מנחם־מענדלען און ווינטשט אים עס זאָל אים אָנקומען די ברכה פון איר מאַמען „צו דערלעבן קומען צו קבר ישראל", וואָס איז דאַן געווען דער גרעסטער ווונטש פון די אומגליקלעכע יידן.

די לעצטע שלום־עליכם - אַקאַדעמיע אין געטאָ איז דורכגעגאַנגען אונטערן מאָטאָ פון איציק פעפערס ווערטער „טרויער פּאַסט ניט אונדזער פּנים".

אין זאַל זענען דאַן געזעסן הונדערטער פּאַרטיזאַנער, וועמען עס איז פאַרגעשטאַנען דער גרויסער וועג, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט א. נ. „יידי־שע פּאַרטיזאַנער פון ווילנע אין די וועלדער פון ווייסרוסלאַנד און ליטע".

הערט ווי אַלטע וועלטן קראכן,
ווי עס קומט אויף זיי די נאַכט,
לאָמיר לאַכן, לאָמיר לאכן, —
דער געלעכטער העלפט אין שלאַכט!

דער שלום־עליכם־געלעכטער האָט זיך דאַן צונויפגעמישט מיט די מוטיקע פערזן פון איציק פעפערן און פאַרפאַנצערט מיט מוט און קעמפע־רישן בטחון טויזנטער יידן.

קיינמאָל וועלן יידן ניט לאכן... קיינמאָל?...

אָבער „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו"... אָט ד ע ר פאַרטיזאנער־פּאַראָל, וואָס איז דאָך אייגנטלעך אַ פאראפראזע פון טביהס אומגעבראָכענער האָ־פענונג און בטחון, האָט ניט דערלאָזן צו צעברעכן אינגאנצן דעם ווילן צו קאַמף און נקמה.

דוכט זיך, אַז קיינמאָל אין זייער געשיכטע, האָבן יידן ניט גענדאַרפט אַזוי נייטיק שלום־עליכמס ווערק, ווי אין ד ע ר צייט, ווען זיי זענען געלעגן אונטערן האַקנקרעציקן שטיוול.

# אין ווילנער געטאָ

פּלאַקאַטן האָבן זיך באַוויזן אויף די געטאָ־מויערן: דער פאַראיין פון יידישע ליטעראַטן און אַרטיסטן, אָרדנט איין דעם 2טן מאַי אין קאַפע־הויז אויף דער שאוולער געסל, אַן אָוונט א. נ. „פרילינג אין דער יידישער ליטעראַטור".

וועגן פרילינג האָט מען אין געטאָ בלויז געקענט ריידן. אָבער דאָסמאָל האָבן מיר וועגן פרילינג ניט גערעדט...

עטלעכע הונדערט מאַן זענען געזעסן צונויפגעפּרעסט אין קאַפע. שטיל איז געווען. טונקל. בלויז אין עק זאל האָט אַ ראָזלעכע ליכט באַלויכטן אויף דער פּאָדערוואַנט אַ גרויסן לייוונט אויף וועלכן די קינסטלערין רחל סוצקעווער האָט אויסגעמאָלט אַ שיינעם, בונטן בוקעט בעז, וואָס האָט געגעבן צו פילן, וואָס האָט דערמאָנט: אַז נעכטן, היינט פייערט, אָדער דאַרף פייערן די וועלט, דעם ערשטן מאַי.

טרויעריקע טעג האָבן מיר דאַן דורכגעלעבט אין ווילנער געטאָ. 4.000 יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך זענען אונטערן אויסרייד, אַז מען פירט זיי אַריבער אין קאָוונער געטאָ, דערפירט געוואָרן ביז פּאָנאַר און זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. דער געהיימער ראַדיאָ־ביולעטין פון אונדזער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, גיט צו וויסן, אַז די יידן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אויפגעהויבן אַ ווידערשטאַנד קעגן די היטלעריסטן. אין אָנבליק פון דער ענטגילטיקער ליקווידאַציע, קומט פאָר אַ פיבערהאַפטער באַזאָרגן זיך מיט געווער ביי די יידן און עטלעכע (סווירסקי, עפּעל, טיקטין, בעלאַק) ווערן דורך געשטאַפּאָ מיט דעם געווער געכאַפּט, פאַרפייניקט צום טויט און דאָס געטאָ זיצט ווי אויף גליאיקע קוילן...

דער פרילינג אויף דער וועלט געהערט ניט צו אונדז. און אויך ניט וועגן „פרילינג אין דער יידישער ליטעראַטור" זענען מיר געקומען איצט הערן.

„ווען מיר פייערן דאָ אין לאָקאַל, אַלע געמיינזאַם דעם ערשטן מאַי, שטייט אין קאַמף איצט דאָס וואַרשעווער געטאָ" — רופט אויס הערמאַן קרוק, — „כבוד די קעמפער!" — מיר האָבן זיך אַלע ספּאָנטאַן אויפגעשטעלט.

און נאָכדעם ווי קיילע קריזעווסקי ווייטיקט אויס דעם צער און טרויער

נאָך די אומגעקומענע און האָפענונג פון די לעבנפאַרבליבענע אין ליד „שטילער, שטילער" ווירקן אַ. סוצקעווערס ווערטער:

טאָ זאָל ניט פאַרשעמט זיין דער ווילנער געפּלעמל,
וואָס צאַנקט נאָך קוים־קוים אונטער אַשיקן דרעמל...

ווי אַ רוף אַראָפּצונעמען זיך אַ ביישפּיל איצט פון די יידן אין וואַרשע וייל...

ניט וואַרטן באַרוט!
מיט בלוט אויף בלוט, —
אַ נעם טאָן דאָס אייזן!

עס רעדט נאָך יאשונסקי, עס ווייטיקט שיינבאַום, עס רופט דער לערער קאַבאַטשניק...

שמאָלע פּאַסן פינצטערער הימל האָט אונדז צוגעדעקט ווען מיר האָבן זיך צו די הייזער געשלייכט. פינצטערער הימל... אָבער ליכטיקע שטערן האָבן צו אונדז געפינקלט, ווי געוואָלט ווייזן, אַז אויך אין דער געדיכטער חושכניש קען מען ליכט דערזען, דערזען דעם וועג צו דעם גרויסן פרילינג.

# איציק וויטנבערגס טויט

## ביים קאָמאַנדיר פון פּאַרטיזאַנער-שטאַב אין געטאָ

די „פאַראייניקטע פּאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע" (פפ"אָ), האָט שוין לאַנג אָפּגעשאַצט די ערנסטקייט פון דער לאַגע, און באַשלאָסן דורכפירן אַ ווער־בירונגס־אַקציע פון נייע קעמפער און פון געווער.

די לעצטע צייט איז די פפ"אָ שטאַרק געוואַקסן. די צאָל קעמפער זענען טאַקע געוואָרן מער, אָבער געווער איז ניטאָ גענוג פאַר אַלעמען. אין די געהיימע געווער־אַרסענאַלן אין געטאָ, זענען פאַראַן בלויז צוויי פּולעמיאָטן, עטלעכע ביקסן. אמת, גראַנאַטן, רעוואָלווערן קוילן זענען דאָ, אָבער אַלץ נאָך ווייניק. ס'וועט אַפילו ניט גענוג זיין יעדן קעמפער צו פאַרטיילן צו איין געוווערשטיק. און אין פּלאַן פון פפ"אָ גייט דאָך אַריין, אַז אין דעצי־דירטן מאָמענט, ווען דער ווידערשטאַנד וועט זיך אָנהייבן, זאָל אויך צום קאַמף צוגעצויגן ווערן סתם־יידן, וועלכע זאָלן באַקומען געווער פון די פפ"אָ־אַרסענאַלן. אַלזאָ עס פעלן פּולעמיאָטן, אויטאָמאַטן, ביקסן, גראַנאַטן, דינאַמיט. דער געבאָט פון דער מינוט: פאַרשטאַרקן די באַוואָפענונג. עס ווערט פאַרפּילפאַכט די היימישע געווער־פּראָדוקציע פון דער גראַנאַטן־אויס־אַרבעטונג (אין די נעכט זענען געניטע קעמפער־מעכאַניקער, פאַרנומען אין ספּעציעלע מעלינעס ביים אויסאַרבעטן געטאָ־גראַנאַטן), דער פפ"אָ־שטאַב גיט אַרויס באַפעלן די קעמפער, וועלכע אַרבעטן ביי די דייטשן אין שטאָט, זיך אָנצושטרענגען, נישט זשאַלעווענדיק דעם אייגענעם לעבן און באַקומען געווער. אָבער דאָס גנבענען ביי די דייטשן ווערט אַלץ שווערער. דער 18 יאָריקער זלמן טיקטין, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט ביים גנבענען געווער אין אמוניציע־לאַגער, ווו ער האָט געאַרבעט, איז ניט לאַנג צוריק געכאַפּט געוואָרן. די יידן וועלכע האָבן דאָס צוגעזען דערציילן: ס'איז אָנגעקומען אויף דער ראַמפּע אַן אָנגעלאָדענער צוג מיט גראַנאַטן פאַרן פראָנט. טיקטין האָט אַראָפּגעריסן די פּלאָמבע פון אַ וואַגאָן און איז אומבאַמערקט פון די וועכטער אַריין אינעווייניק. ווען ער איז אַ באַלאָדענער מיט גראַנאַטן אין די קעשענעס און אונטער די קליידער אַרויס פון וואַגאָן, האָבן אים באַ־מערקט די וועכטער. זיי האָבן אַ געשריי געטאָן: „שטיין בלייבן!" טיקטין האָט גלייך באַנומען, אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער און האָט אָנגעהויבן לויפן. „אפשר וועט געלינגען זיך אַרויסצודרייען פון זייערע הענט". די פאָסטנס

האָבן אָנגעהויבן שיסן אין אים. דאָס ייִנגל איז געלאָפן אין זיגזאַגן, כדי אויסצומיידן די קוילן. ער איז שוין געווען נאָענט פון וועלדל, אָבער ביים סאמע וואַלדראַנד האָט אים דעריאָגט אַ קויל. ער איז געפאַלן. מען האָט אים געבראַכט אין תפיסה־שפּיטאָל, כדי אים פריער אויסצוהיילן און דער־נאָך פייניקן. מען האָט אים דאָרט געפּאַרשט כסדר, ער אָבער האָט קורץ געענטפערט: איך האָב גענומען געווער, כדי נקמה צו נעמען פון אייך, מער־דער פון מיינע עלטערן. זיי האָבן ניט באַוויזן אים אויסצוהיילן. טיקטין איז פון די וואונדן געשטאָרבן.

ס'איז דעריבער אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אַלע דייטשישע אַר־בעטס־פונקטן, וווּ עס זענען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער, מען זאָל די יידן ניט באַשעפטיקן אַרום געווער. די אַמוניציע אומעטום מוז געהיט ווערן, ווייל „מיט דיין געווער קען דער ייד דיך נאָך דערשיסן!"

שווערער ווערט דאָס לעבן, דער קאַמף פאַרן לעבן, דער קאַמף פאַרן טויט. די שוועריקייטן מוזן אָבער באַזיגט ווערן. דער פפ"אָ־שטאַב האַלט כסדר אָפּ זיצונגען און רופט צו זיך באַזונדערע קעמפער, וועלכע דאַרפן אויספירן וויכטיקע באַפעלן.

צווישן די קעמפער בין אויך א י ך פאַראַן.

מיין גרופּן־קאָמאַנדיר, דער לערער יוסף מינץ, האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך דאַרף זיך מעלדן צו דעם פפ"אָ־קאָמאַנדיר — ח' לעאָ.

איך פלעג אָפט לייענען און הערן די טאָג־באַפעלן, וואָס עס פלעגט אַרויסגעבן דער קאָמאַנדאַנט פון פפ"אָ ח' לעאָ. מיר האָבן אָבער קיינער ניט געוווּסט ווער דאָס איז. מיר האָבן אַפילו ניט געוואַגט צו פרעגן איי־נער ביים אַנדערן ווער דאָס איז לעאָ, כאָטש יעדן פון אונדז איז געווען טשיקאַווע צו וויסן.

די אויסערגעוויינלעכע קאָנספּיראַציע האָט ניט דערלאָזן, אַז אַפילו אַ מאַן זיין פרוי, קינדער זייערע עלטערן, ברידער־שוועסטער, זאָלן דערציילן וועגן זייער אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. אַ פּרעמדער, ניט קיין אָרגאַניזירטער, האָט ניט געקענט וויסן פון דער עקסיס־טענץ פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע אין געטאָ. ווען איך האָב געטראַכט אָפט וועגן אונדזער קאָמאַנדיר לעאָ, בין איך געווען זיכער, אַז ער איז אַ געשיקטער פון מאָסקווע, אַז לעאָ זיצט ניט אין געטאָ, נאָר קומט אַהער פון צייט צו צייט פון שטאָט, וווּ ער וווינט אויף געפעלשטע פּאַפּירן. כ'בין געווען זיכער, אַז לעאָ איז אַ געניטער מיליטערמאַן, אַ סטראַטעג, צי אַן אַלטער פּאָדפּאָלניק, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון יענער זייט פראָנטליניע, וואָס ווייסט ווען און ווי אַזוי אָנצוהייבן, צו דער געהעריקער צייט, דעם אויפשטאַנד. לעאָ, האָב איך געטראַכט, וועט ניט אָנהייבן, אָבער אויך ניט פאַרזאַמען דעם מאָ־מענט ווען דעם סיגנאַל צו געבן. איך האָב געחלומט צו טרעפן זיך מיט לעאָנען, כ'האָב דאָך אים געהאַט אַזויפיל זאַכן צו פאַרטרויען, אַזויפיל פלע־

נער מיינע... און אָט האָב איך זיך דערוואָרט צו דער מינוט, ווען איך וועל זיין פּנים אל פּנים מיטן קאָמענדאַנט, מיט לעאָנען.

10 אַזייגער ביינאַכט, האָט מיר יוסף גלאַזמאַן *) געהייסן וואַרטן ביים טויער פון מיין וווינונג. כ׳בין צו דער מינוט געקומען און אין דער זעלבער מינוט איז אויך יוסף צו. ער איז געגאַנגען פאָראויס, — איך נאָך אים. אויף דער סטראַשון־גאַס האָט מיך יוסף איבערגעגעבן צו אַן אומבאַקאַנטער מיידל, וועלכע האָט שטום, בלויז מיט אַן אויגנבליק, מיר באַפוילן גיין נאָך איר. מיר זענען אַריבערגעגאַנגען עטלעכע טויערן און זיך אָפּגעשטעלט ביים נומער זעקס.

— וואַרטן! — האָט זי שטיל אַ פליסטער געטאָן און איז אַריין אין טויער.

כ׳האָב אַפילו ניט באַוויזן אַ געדאַנק צו פאַרענדיקן, ווי דאָס מיידל האָט זיך באַוויזן פאַר מיר און שטיל אומבאַמערקט אַ ווונק געטאָן, איך זאָל גיין נאָך איר. כ׳בין אַריין אין הויף און תיכף זיך פאַרקערעוועט אויף לינקס, אין... באָד אַריין. „ווו פירט זי מיר?“ קען איך ניט פאַרשטיין. אָבער אָט בלייבט זי שטיין אין שמאָלן קאָרידאָרל, קעגן צימערל, ווו ס׳הענגט די אויפשריפט: „פאַרוואַלטער פון דער געטאָ־באָד נומער צוויי“.

— קענסט אַריינגיין, — זאָגט זי, — דער קאָמאַנדיר וואַרט שוין.

דאָס מיידל פאַרשווינדט און איך מיט האַרצציטערניש קלאַפּ אָן אין טיר און איידער איך דערהער נאָך דעם ענטפער, גיב איך זי אַ פּראַל אויף און בלייב אין מיטן אַריינגאַנג אַ צעטומלטער.

קעגן מיר, זיצט ביים ביוראָ־טיש, אַן איינאיינציקער מענטש — איציק וויטנבערג!

„איז דאָס ע ר , — קען איך ניט אַרויס פון דער צעטומלטקייט, — איציק — ל ע אָ ? ס׳קען דאָך ניט זיין? לעאָ, אונדזער אַלעמענס האָפע־נונג, אונדזער קאָמאַנדיר, אונדזער פאָן... וויטנבערג — דער קאָמאַנדיר פון פפ״אָ?“ — איך בין מבולבל.

— נננו... — רייסט זיך דורך די געדאַנקען מיינע איציקס רואיקער טאָן.

איך קום צו זיך. כ׳טו אַ שפּאַן דריי טריט פאָראויס, שטעל זיך אויף אַכטונג און ראַפּאָרטיר:

— חבר קאָמאַנדיר, דער קעמפער קאַטשערגינסקי איז געקומען אויס־פירן אייערע באַפעלן!

איציק האָט ליבלעך, קוים־קוים, אַ שמייכל געטאָן, אַפּנים פאַרשטאַנען מיין פאַרווונדערונג.

— נו, זעץ זיך.

כ׳האָב אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך: „אָט דאָס זאָל זיין לעאָ? אי־ציק דער שטעפּער־אַרבעטער, מיין לאַנג־יאָריקער חבר, קאָמענדאַנט פון דער

פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ? כ׳בין געזעסן קעגן אים מיט אַראָפּ־געלאָזטע אויגן, ווי ניט געוואָלט ער זאָל אַרויספילן מיין פאַרווונדערונג און כ׳האָב געוואָרט  ע ר  זאָל אָנהייבן. „אפשר, האָב איך מיר ווייטער געטראַכט, האָב איך פאַרט אַ טעות? אפשר איז דאָס טאַקע ניט ער, ניט לעאָ...“

אַלזאָ — האָט ענדלעך וויטנבערג איבערגעריסן מיין טראַכטן, — און ווי זיין שטייגער איז געווען לאַנגזאַם אונטערשטרייכנדיק יעדעס וואָרט, אָנגעהויבן רעדן:

— מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אויף דיין אַרבעטס אָרט, אין ראָזענבערג־שטאַב, קומט צו דיר דיינער אַ פריינט, אַ ליטווינער.

— ריכטיק חבר קאָמאַנדיר! — באַשטעטיק איך. — דאָס איז מיין פריינט יאַנקאָווסקי, דער דירעקטאָר פון ליטאָגראַפיע־קאָמבינאַט „פלאַקאַט“. ווו איך האָב פאַר די סאָוועטן געאַרבעט.

— איז ער אַ מענטש אויף וועמען מען קען זיך פאַרלאָזן?

— כ׳ווייס ניט חבר קאָמאַנדיר, וועגן וואָס עס רעדט זיך. פריינטשאַפט ווייזט ער מיר אַרויס אַ סך. העלפט מיר, מיינע חברים. כ׳האָב זיך אַפילו אויסגעבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט ביי אים... פאַרדעכטיקט מען אים אין וואָס?

— ניין, ניין, — האַקט איבער איציק, — אַדרבא, אויך  מ י ר  האָבן געהערט, אַז ער איז אַ מענטש אויף וועמען מען קען זיך פאַרלאָזן, און דעריבער טאַקע האָב איך  ד י ך  גערופן, כדי דו זאָלסט דורכפירן אַ וויכטיקע אויפגאַבע פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע.

— כ׳בין שטענדיק גרייט אויסצופירן אייערע באַפעלן, חבר קאָמאַנדיר! — גיב איך זיך אַ שטעל אויף.

— זעץ זיך, זעץ זיך, — שטעלט זיך וויטנבערג אויף. — הער! — ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ מינוט און צוגייענדיק צו מיר, אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן, — ווייסט דאָך פון די טאָג־באַפעלן און פון דער שטימונג, וואָס עס הערשט אין גאַס, אַז די געטאָ שטייט ערב ליקווידאַציע. וואָס צו פאַרלירן איז שוין ניטאָ וואָס. מיר מוזן גרייט זיין יעדן טאָג אָנצוהייבן דעם ווידערשטאַנד, אונדזער לעצטער קאַמף... מיר האָבן אָבער ווייניק געווער, כדי דעם קאַמף אָנצוהייבן, כדי דעם ווידערשטאַנד לענגער צו קענען אָנהאַלטן. אין וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך די קעמפער געשלאָגן קעגן די דייטשן איבער אַ חודש. מיר מוזן זען אַז אויך אונדזער קאַמף זאָל ניט גלייך אויסגעלאָשן ווערן. דערצו איז אונדז נייטיק געווער. וועלן מיר קענען לענגער אויסהאַלטן, וועלן אפשר אַ טייל פון אונדז, זיך קענען דורכרייסן אין די וועלדער. אָבער אויך דאָרט דאַרף מען געווער. אָן געווער וועט מען אונדז אין ערגעץ ניט צונעמען. אָן געווער זענען מיר מאַכטלאָז... — איציק האָט זיך געכאַפּט, אַז ער „כאַפּט“ אַריבער די מאָס רייד, און טאַקע צו וואָס

דאַרף מען די רייד, ווער פאַרשטייט עס ניט, — אַלזאָ ד ו דאַרפסט דורך יאַנקאָווסקין באַקומען געווער, אַפילו ווען דאָס זאָל דיר דאָס לעבן קאָסטן.

— צום באַפעל, חבר קאָמאַנדיר! — האָב איך זיך ווידער געשטעלט אויף אַכטונג.

די פראָסטע, קלאָרע און פשוטע ווערטער האָבן מיר אָנגעצונדן דאָס געמיט.

איציק האָט זיך נאָנט צו מיר אַוועקגעשטעלט, אַרויפגעלייגט די הענט אויף מיינע פלייצעס:

— ווייסטאָך שמערקע, „וו׳ סלוזשבי ניעמאַ דרוזשבי!” („אין דינסט איז ניטאָ קיין פריינטשאַפט”), אַ טאָג פריער, אַ טאָג שפעטער, אומקומען וועט מען סיי־ווי דאַרפן, טאָ לאָמיר כאָטש פאַרן טויט זיין שטיקלעך מענטשן!

וויטנבערג איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אין מיינע אויגן. כ׳האָב דערזען אין אים יענעם קאָמאַנדיר, וועגן וועלכן איך האָב די גאַנצע צייט געטרוימט, דעם קאָמאַנדיר וואָס שרייבט און גיט אַרויס באַפעלן דער פאַראייניקטער פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, — דעם חבר לעאָ.

## דער קאָמאַנדיר ווערט געכאַפט פון דער געשטאַפאָ

דער הויכוווקסיקער ראָזענבערג, איז געווען איינער פון די בעסטע קאָנפעראַנסיאָרן פון דער דייטשישער רעוויו־בינע. ער איז אויך געווען אַ מייסטער פון וואָרטשפיל און קאַלאַמבור־שאַפונג. די נאַציס האָבן אים פון דער בינע פאַרטריבן אַזש צו זיין טאַטן, דעם אַלטן אינזשינער אין ווילנע. ווי פרעמד די יידישע קולטור איז אים ניט געווען, איז זי גיך אים אייגן געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויך אין געטאָ־טעאַטער און דערנאָך דאָ געשאַפן אַן אייגענעם רעוויו־טעאַטערל, אין דער צענטראַלער געטאָ־קאַפע אויף דער רודניצקער גאַס נומער 13. דאָס טעאַטערל האָט ער טרעפלעך אַ נאָמען געגעבן „די יאָגעניש אין פאַס” (אַ וואָרטשפיל פון „דיאָגענעס אין פאַס”).

כסדר פלעגט ער קומען צו מיר, און ניט צורו לאָזן — שרייב אים טעקסטן פאַר זיינע רעוויו־פראָגראַמען.

— אין אַזאַ צייט ווילט איר שאַפן אַ נייעם טעאַטער? — האָב איך אים געמוסרט.

— ג ר אָ ד אין אַזאַ צייט דאַרף מען אַזאַ טעאַטער האָבן! — איז ער באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע, — מען טאָר די יידן ניט לאָזן אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג. מוטיקן זיי דאַרף מען! — און קוקנדיק אויף זיין הויכער, שטאָלצער פיגור, אויף זיינע שטראַליקע אויגן, וועלכע זענען מיט בטחון אָנגעפילט געווען, האָב איך אָנגעשריבן צו די ערשטע צוויי פראָגראַמען אַ העלפט נומערן.

די צווייטע פּרעמיערע א. נ. „מינוטן דריי...“ איז אַנאָנסירט געוואָרן אויף דעם 16טן יולי.

אין דעם אָוונט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין קאַפע־לאָקאַל די סאַמע טמעטענע פון געטאָ. עס זענען געקומען מיטגלידער פון דער געטאָ־פאַר־וואַלטונג, גענס *) אַליין, פּאָליציי־קאָמיסאַרן, באַאַמטע און סתם טעאַטער־באַזוכער. ווי געוויינלעך פלעגט דער עולם אין טעאַטער, ווען גענס אָדער דעסלער **) פלעגן זיין, ניט נאָר קוקן אויף דער בינע, נאָר אויך קוקן ווי עס רעאַגירט אויף דעם ע ר אַליין, — גענס אָדער דעסלער. זיצנדיק נאָענט פון גענסן דעם אָוונט אויף דער פּרעמיערע, האָב איך באַמערקט, אַז דער גאַנצער ענין גייט אים קנאַפּ וואָס אָן. כ׳האָב דערזען ווי ער איז זייער אויפגערעגט, רעאַגירט כמעט ניט אויף די פריינטלעכע ווינקען אויף זיין אַד־רעס פון קאָנפעראַנסיע. פון צייט צו צייט גייט ער אַפילו אַרויס אין מיטן דער פאָרשטעלונג אין גאַס, קומט ווידער אַריין. עפּעס גאַרניט, ווי געוויינ־לעך. דער עולם וואָס הייבט אָן קוקן אויף אים מער ווי אויף דער סצענע, ווערט אויך דענערווירט, מען קען ניט באַנעמען, וואָס איז דאָ דער מער היינט מיט גענסן. גענס כאַפּט זיך געוויס אַז דער עולם פאָלגט אים נאָך, ער באַמיט זיך רואיקער צו פאַרהאַלטן און זעצט זיך ווידער אַוועק ביי זיין טישל.

מינוטן דריי, —
נאָר פריילעך זיי!
האַלט אין איין שטרעבן:
מיר מוזן דערלעבן!...

מיט די פינאַל־ווערטער אויף די ליפּן לאָזן מיר זיך צוזינגנדיק אין דער פינצטערניש באַרואיקטע צוריק אין שטוב.

עס דויערט אָבער קיין שעה ניט אַפילו, ווי איך קום אין שטוב, איך שלאָף בלויז איין, ווי פּלוצלונג רייסט זיך אַריין אַ געדיכטער קלאַפּן אין פענצטער. איך פאַררייס דעם קאָפּ צום שויב און דערהער אַ פרויען־שטים:

— ליזע רופּט!

איך רייס אויף דאָס פענצטער און דערזע רוזשקען.

— ליזע רופּט! — חזרט זי נערוועז איבער — טו זיך אָן!

— ליפּט, זאָגסט? — קען איך נאָך אַלץ ניט באַנעמען וואָס זי זאָגט.

— יאָ, יאָ... גיכער אויפן פונקט.

„ליזע רופּט!“ איז געווען דער אָפּגערעדטער מאָביליזאַציע־פּאַראָל, פאַר אַלע פּפ״אָ־קעמפער. דערהערנדיק דעם פּאַראָל האָט יעדער קעמפער אין משך

---

*) פאַרזיצער פון יידנראַט אין ווילנער געטאָ.

**) פּאָליציי־שעף אין ווילנער געטאָ.

פון מינוטן באַדאַרפט זיין אין פולער גרייטקייט אויף זיין מאָביליזאַציע־פונקט, וואָס עס איז אים צוגעטיילט געוואָרן פון פריער. „ליזע רופט" האָט באַדאַרפט דערמאָנען יעדער קעמפער, דעם נאָמען פון דער העלדישער קעמפערן ליזע מאגון, וועלכע איז אומגעקומען מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, ווען זי איז פון געטאָ אַרויס און ווי אַן אַריערן אַ פאַרשטעלטע, איז זי, דער לײדיקנדיק אויפגאַבעס, וואָס זי האָט באַדאַרפט אויספירן פאַר דעם פפ"אָ־שטאַב, דורך געשטאַפּאָ געכאַפּט געוואָרן. איר רוף נאָך נקמה וואָס זי האָט באַוויזן אַרויסצושיקן דורך אַ פּוילישן אַרעסטאַנט אויף אַ צוזויפגעדרייט פּאַפּיראָסן־קערטל, איז געוואָרן דער אַלאַרם־באַפעל פאַר אירע חברים־קעמפער:

— ליזע רופט!

אויך ביי אונדז אין שטוב האָט זיך דער עולם אויפגעכאַפּט און דערשפּירט, אַז ס'איז עפּעס ניט אין אָרדענונג.

— וואָס טוט זיך דאָ, אַבראַשינקע? — איז צוגעפאַלן צו סוצקעווערן זיין פרוי.

— וואָס האָט איר זיך אָנגעטאָן אין מיטן דערינען? — לאָזט ניט נאָך מריט.

אויך פיינשטיין טוט זיך אָן. אויף אים קוקנדיק אויך פרוי ביבער מיט דער טאָכטערל, און אַבראַמאָוויטש איז שוין גרייט... עס קוקן אַריין צו אונדז אין פענצטער שכנים, וועלכע האָבן דערהערט דעם גערודער פון אונטערן וואַנט.

— וואָס טוט זיך דאָ? וואָס איז געשען?

וואָס ענטפערן, אַז מיר אַליין ווייסן ניט וואָס דאָ האָט מיטאַמאָל פּאַסירט. אפשר וועלן מיר עס באַלד וויסן. דערוויייל אָבער דאַרפן מיר אויספילן דעם באַפעל. איך לאָז זיך גיין צו דעם מאָביליזאַציע־פונקט אויפן פּלאַץ פון שכנותדיקן הויף.

די נאַכט האָט מיט בליצן
דאָס געטאָ צעריסן,
— געפאַר! — שרייט אַ טויער, אַ וואַנט...

אין מיטן דער נאַכט האָט זיך דאָס געטאָ אויפגעכאַפּט. פון אונדזער באַלקאָן זע איך, ווי עס שלייכן סילועטן פון מענטשן מיט פּעקלעך, מיט בעטגעוואַנט מיט שלאָפיקע קינדער אויף די הענט — זיי איילן זיך גיך גיך אין מעלינעס. אויפן הויף דערזע איך שוין באַקאַנטע פּנימער פון געטאָ־קעמפער. ס'קומט אָן מיין גרופּן־קאָמאַנדיר.

— גיכער אויפן פונקט! — איילט ער.

אויפן מאָביליזאַציע־פונקט איז שוין לעבעדיק. דער הויף ווערט אין

מינוטן פול. עס קומען אָן אַלץ מער און מער יונגען און מיידלעך. אויך על־טערע פעלן ניט. עס זענען אויך פאַראַן חברה פון יוגנט־קלוב.

— וואָס איז געשען? — פרעגט אײנער דעם צווייטן.

— וואָס טוט זיך דאָ?

איך קלייב די תשובות די קלאַנגען און עס באַקומט זיך:

אַ זייגער 12 ביינאַכט זענען געקומען צוויי ליטווישע געשטאַפּאָווצעס און אַרעסטירט וויטנבערגן. די קעמפער־פּאָסטנס, וועלכע האַלטן טאָג און נאַכט געהיימע וואַך ביי די געטאָ־טויערן, האָבן עס באַמערקט און אַלאַרמירט תיכף די קעמפער פון זייער ראַיאָן. ביים טויער זענען די פּאָליציאַנטן באַפאַלן געוואָרן דורך עטלעכע קעמפער וועלכע האָבן באַפרייט זייער קאָמאַנדיר. די פּאָליציאַנטן־געשטאַפּאָווצעס זענען פאַרבלוטיקטע קוים אַרויסגעלאָפן פון טויער מיט געוואַלדן:

— יידן זענען אונדז באַפאַלן!

ס׳איז קלאָר אַז פאַרן געטאָ איז געקומען די גורלדיקע שעה. ס׳איז קלאָר אַז געשטאַפּאָ וועט ניט שווייגן. אַז פאַר דער מעשה־וויטנבערג וועט געשטאַפּאָ פאָדערן אַ טייערן פּרייז און דעם פּרייז וועלן מיר די געטאָ־קעמפער, ניט דערלאָזן צו צאָלן. דער רעזולטאַט — ווידערשטאַנד. קאַמף.

אין מיטן דער נאַכט האָט דער שטאַב געעפנט די געווער־אַרסענאַלן. אין מיטן דער נאַכט האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין געטאָ, בפני כל עם ועדה, יידן מיט געווער. טאַטעס און מאַמעס האָבן דערזען זייערע זין און טעכטער מיט ביקסן און מיט פולעמיאָטן אויף די פּלייצעס, מיט רעוואָלווערן און מיט גראַנאַטן אין די הענט.

— מיר קומען אום! דאָס געטאָ ברענט! — האָבן אין פאַרצווייפלונג יידן געווייטיקט, ווי פאַרן טויט, זיך געזעגנדיק איינע מיט די אַנדערע.

אָבער ווי אַזוי האָט די געשטאַפּאָ זיך דערוווּסט וועגן דער עקסיסטענץ פון אַזאַ וויטנבערג אין געטאָ? ביי וואָס פאַראַ אומשטענדן איז ער אַרעסטירט געוואָרן? ס׳האָט דאָך אים זיכער ווער אַרויסגעגעבן, — ווער איז דער פּראָוואָקאַטאָר? איך קלייב די תשובות, די קלאַנגען וואָס גייען ארום צווישן די קעמפער און עס באַקומט זיך:

וויטנבערג איז געווען פאַרבונדן מיט דעם ניי־סוויענציאַנער פּוילישן אינזשינער קאָזלאָווסקי, וואָס איז געווען פון די אָנפירער פון דער אונטערערדישער באַוועגונג אין שטאָט, וואָס אַ טייל פון דעם איז געווען די קאָמפּאָרגאַניזאַציע אין געטאָ. עטלעכע מאָל איז אַפילו קאָזלאָווסקי, אַנטוענדיק לאַטעס אויף זיך, אויך אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ מיט דער הילף פון פפ״אָ־קעמפער, ווו ער, קאָזלאָווסקי, האָט זיך געטראָפן מיט וויטנבערגן אין באָד אויף דער סטראַשון־גאַס. צוליב אַ פּראָוואָקאַציע אין שטאָט איז קאָזלאָווסקי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ און ניט קענענדיק אויסהאַלטן די גוואַלדיקע ענויים, האָט קאָזלאָווסקי אַרויסגעגעבן אויך

צווישן אַנדערע, אַז ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דעם קאָמאַנדיר פון די געטאָ־פּאַרטיזאַנער, איציק וויטנבערג. די געשטאַפּאָ האָט דאָן פאַררופן צו זיך גענסן און דעסלערן און געפאָדערט פון זיי, אַז זיי מוזן אַרויסגעבן דער געשטאַפּאָ אַ לעבעדיקן וויטנבערגן, אין קעגנפאַל דראָט דאָס אומקום פון דער געטאָ־באַפעלקערונג. גענס און דעסלער האָבן די פאָדערונג פון דער געשטאַפּאָ באַשלאָסן נאָכצוגעבן און צוליב דעם איינגעלאַדן אויף אַ באַראַטונג וועגן דער לאַגע אין געטאָ דעם פפ״אָ־שטאַב, מיט וועמען די יידן־פאַרשטייער פלעגן זיך פון צייט צו צייט באַגעגענען. נעכטן בייטאָג איז די טרעפונג פאָרגעקומען און ווי דעסלער האָט צוגעגרייט פון פריער, אַזוי איז אויך געשען: עס זענען פּלוצלונג אַריין די צוויי ליטווישע געשטאַפּאָוועס און אויסגעשריען: „קאָס וויטענבערגאַס״? (ליטוויש: ווער איז וויטנבערג). קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. עס האָט אויך ניט געהאָלפן דאָס רעווידירן ביי אַלעמען די דאָקומענטן ווייל וויטנבערג האָט געהאַט אַ דאָקומענט אויף אַן אַנדער נאָמען. די פּאָליציאַנטן האָבן ניט געוווסט וואָס צו טאָן (זיי האָט מען געוויס געזאָגט, אַז זיי וועלן וויטנבערגן גלייך טרעפן ביים יידן־עלטסטן אין קאַבינעט). פון דער פאַרלעגנהייט האָט זיי אָבער אַרויסגעהאָלפן גענס, וועלכער האָט אָנווייזנדיק אויף וויטנבערגן אויסגערופן: „דאָס איז ער!״ די פּאָליציאַנטן האָבן איציקן געשמידט די הענט און אים אין דער חושכניש געפירט צום געטאָ־אַרויסגאַנג. דאָרטן איז ער געראַטעוועט געוואָרן פון די חברים.

אין מיטן דער פינצטערער געטאָ־נאַכט האָבן מיר זיך אַלע דערוזען. אַלע קעמפער מיט זייערע גרופּעס, אָפּטיילונגען, באַטאַליאָנען און די קאָמאַנדירן. די געהיימע קאָנספּיראַטיווע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וואָס איבער 90 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג האָט פון איר קיין גרינגע אַנונג ניט געהאַט, איז דעקאָנספּירירט געוואָרן.

די קעמפער זענען גיך צעשיקט געוואָרן מיט זייערע קאָמאַנדירן אויף די סטראַטעגישע פּונקטן, פון וואַנען זיי האָבן באַדאַרפט וואַרטן אויף באַפעלן פון שטאַב אָנצוהייבן דעם קאַמף, דעם לעצטן אָנגריף קעגן שונא, אויב זיי וועלן וואַגן זיך אַריינצורייסן אין געטאָ.

מיר האָבן געהאַקט לעכער אין די ווענט, כדי דורך דאָרט די פּולעמיאָטן־לופעס אויסצושטעלן קעגן שונא. ס׳זענען אויך גיך אויסגעבויט געוואָרן באַקוועמערע פּאָזיציעס, כדי דעם פיינט בעסער צו זען, בעסער אים צו טרעפן.

מיט מיין גרופּע ווער איך אָפּגעקאָמאַנדירט אויף דער אַשמענער געסל, ווו עס זיצט דער פפ״אָ־שטאַב. אונדזער אויפגאַבע איז דערווייל קיין זייטיקע אין הויף ניט אַריינצולאָזן און אָנזאָגן וועגן יעדע באַוועגונג וואָס אין געטאָ קומט פאָר, וואָס די ספּעציעלע אויסשפּירער וועלן אונדז דערטראָגן.

און אין געטאָ טוט זיך חושך. אַ שטורעם. דער עולם ווייס נאָך אַלץ ניט וואָס ס׳איז געשען. מען באַנעמט נאָך ניט גוט די סיטואַציע, כאָטש

מען ווייס, אַז עס האַלט זייער שמאָל. די וועלכע זענען נאָך ניט באַהאַלטן אין מעלינעס, לויפן איינער צום צווייטן זיך דערוויסן וואָס נייעס.

עס הייבט אָן ווערן טאָג.

בלייכע, אויסגעמאַטערטע פּנימער דערזעען איינע ביי די אַנדערע טויט אין די אויגן.

## לעבן! לעבן! מיר ווילן לעבן!

אויך געגס און דעסלער זענען ניט געשלאָפן.

כדי דער ווידערשטאַנד פון די פּאַרטיזאַנער זאָל זיך ניט איינגעבן און די באַפעלקערונג זאָל ניט אַריינגעצויגן ווערן אין קאַמף קעגן די דייטשן, האָבן גענס און דעסלער פאַרטאָג פונאַנדערגעשיקט שליחים אין אַלע הויפן, וועלכע האָבן גערופן די יידן זיך צו פאַרזאַמלען אויפן גרויסן הויף פון יידנ־ראַט (רודניצקער גאַס נומ. 6). עס האָט אויפגעטליעט אַ פונק פון האָפענונג ביי די אומגליקלעכע. אויך פון מעלינעס האָט מען זיך געלאָזן צו דער פאַר־זאַמלונג הערן וואָס גענס וועט זאָגן.

6 אַזייגער פאַרטאָג איז שוין דער גרויסער פּלאַץ געווען איבערפולט מיט טויזנטער יידן, וועלכע האָבן מיט שפּאַנונג געוואַרט אויף דער רעדע פון גענסן.

און אָט האָט ער זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן. ס'איז שטיל געוואָרן ווי אין אַן אויער. מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם האָט דער עולם געווענדט זיינע בליקן צו גענסן, אפשר, אפשר וועט ע ר דער משיח זיין, דער דערלייזער. אפשר וועט ער העלפן...

— ברידער יידן! — האָט ענדלעך גענס מיט אַ ציטערדיקער שטים אָנגעהויבן, — היינטיקע נאַכט האָט פּאַסירט אַ פאַרפאַל, וואָס קען ברענגען צום אונטערגאַנג פון אונדז אַלעמען. צו דער ליקווידאַציע פון געטאָ. — די פאַרזאַמלטע האָבן זיך נאָך מער אויפגעטוליעט איינע צו די אַנדערע און אין ציטער געשלונגען יעדע זילב, וואָס גענס האָט אַרויסגערעדט. — די דייטשע מאַכט האָט זיך דערוווסט — האָט גענס ווייטער פאַרגעזעצט — אַז אין געטאָ זענען פאַראַן יידן וואָס האָבן געוועהר, אַז אין געטאָ זענען פאַ־ראַן פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט די פאַרטיזאַנער פון די אַרומיקע וועלדער. ווען נעכטן אין אָוונט זענען געקומען פאַרשטייער פון דער דייטשישער מאַכט אין געטאָ און אַרעסטירט דעם קאָמאַנדיר פון די פאַרטיזאַנער אין געטאָ, וויטנבערגן, וועמען ס'האָבן אַרויסגעגעבן זיינע אייגענע חברים אויף דער פריי, זענען די מאַכט־פאַרשטייער באַפאַלן און צעבלוטיקט געוואָרן דורך וויטנבערגס חברים און צוגענומען זייער חבר מיט זיך. — גענס האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווייל, אַרומגענומען מיט זיין בליק די פאַרזאַמלטע, צו זען וואָס פאַראַ איינדרוק זיינע רייד מאַכן און ווייטער

מיט זיין אָפּגעהאַקטער שפּראַך פאַרגעזעצט, — פון דער געשטאַפּאָ האָט מען מיר מיט אַ שעה צוריק געמאָלדן טעלעפאָניש, אַז אויב ביז 10 דעם זייגער, ד. ה. אין עפּעס מער ווי דריי שעה אַרום, וועט וויטנבערג אַ לע־בעדיקער ניט צוגעשטעלט ווערן דער געשטאַפּאָ, וועט די דייטשישע מאַכט אויספירן די האַרבסטע שטראָף אויף דעם גאַנצן געטאָ־קאָלעקטיוו... ווילט איר אַלע אומקומען פאַר איין וויטנבערגן, — דאָן זייט גרייט! עס שלאָגט די לעצטע שעה! ווילט איר אָבער לעבן בלייבן און דערלעבן בעסערע צייטן, דאַן דאַרפט איר העלפן דער יידישער פּאָליציי אויסצוגעפינען ווו וויטנ־בערג באַהאַלט זיך אויס. געדענקט יידן, אייער גורל ליגט איצט בלויז אין אייערע הענט. איך האָב געענדיקט.

אַ געוויין האָט זיך מיטאַמאָל פאַנאַנדערגעטראָגן פון עולם, ווי אַ שטורעם וואָלט זיך פונאַדערגעכוואַליעט. אויגן האָבן געזוכט ערגעץ אַן אָנשפּאַר, אַן ענטפער אויף דער גורל־פראַגע.

קיינער פון די פּאַרטיזאַנער איז דאָ אויפן הויף ניט געווען. קיינער איז ניט אַרויס מיט אַן אויפקלערונג צו דער מאַסע: „יידן, וויטנבערג איז בלויז ביי דער געשטאַפּאָ אַן אויסרייד, כדי די געטאָ צו ליקווידירן. אפילו ווען ער וועט דער געשטאַפּאָ אַרויסגעגעבן ווערן, וועלן זיי אייך אויך ניט שוינען. פריער־שפּעטער אומקומען וועלן מיר סיי ווי מוזן, דע־ריבער, לאָמיר שטעלן אַ ווידערשטאַנד די מערדער פון אונדזערע משפחות, לאָמיר העלפן די פּאַרטיזאַנער וועלכע שטייען שוין גרייטע צום קאַמף. קומט מיט! קומט מיט! קען זיין אַז אין קאַמף וועלן מיר זיך אַרויסרייסן פון געטאָ און זיך דאַן פאַרבינדן מיט די פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען פאַ־ראַן אין די אַרומיקע וועלדער. ווער עס האָט ניט קיין געווער זאָל מיטנע־מען אַן אייזן, שטיינער פון ברוק, מיט זודיקע וואַסער באַגעגנט אייערע מערדער. בעסער פאַלן אין קאַמף, איידער זיך לאָזן נעמען אַן אַ ווידער־שטאַנד אויף פּאָנאַר".

קיינער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט הערן מיט אַזעלכע פּשוטע ווער־טער, כאָטש ווער ווייס, צי אַלע פון עולם וואָלטן עס ווי געהעריק אויפ־גענומען. בשעת מעשה האָבן שוין געאַרבעט די ספּעציעל־אונטערגעשיקטע מענטשן פון געגנסן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן בונטעווען דעם עולם:

— אַלע זאָלן אומקומען צוליב איינעם — ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?

— ווער עס וויל שטאַרבן זאָל שטאַרבן, מיר ווילן לעבן.

— לעבן, לעבן! מיר ווילן לעבן!...

חלומות וואָס לאָזן די נעכט ניט רוען, האָבן אויפגעטויכט מיטאַמאָל פאַר טויזנטער אויגן! דייטשן טרעטן כסדר אָפּ. די רויטע אַרמיי גייט כסדר פאָראויס... היטלער בעט שלום...

...און ווידער טראָגן די פאַנטאַזיעס: מיר קענען נאָך דערלעבן צו

בלייבן די איינציקע עדות פאַר דער געשיכטע, עדות פאַר דער וועלט ווי אַזוי עס איז אומגעבראַכט געוואָרן אַזאַ גרויסע יידישע קהילה, אַזאַ עיר ואם בישראל... און אָט וואַרטן ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים, אין ארץ־ישראל — איינציקע פריינט. ווײ־ווײ, זיי וועלן דאָך אַפילו ניט וויסן ווו אונדזער געביין איז אַהינגעקומען.

— לעבן, לעבן! מיר ווילן לעבן!!!

די צייט איז קורץ, שטייט ניט אויף אַן אָרט. דער זייגער רוקט זיך...

— ווי גאָט איז אייך ליב, לאָמיר עפּעס טאָן!

ווי פון אַ היגערפלעט טוט זיך די מאסע אַ כאַפּ אויף, דערפילט אַז די ווערטער וואָס זענען נאָר וואָס געוואָרפן געוואָרן האָט אַ שייכות צו זיי. מיט צעעפנטע אויגן און מיילער לאָזן זיך גרופּעס איבער די געסלעך רעוועגדיק:

— לעבן! לעבן!! מיר ווילן לעבן!!!

די זיבן געסלעך ווערן אָנגעפילט מיט געיאָמער. דער עולם צעגייט זיך איבער די הויפן, אויף די ביידעמער, אין די קעלערן זוכן וויטנבערגן.

צו דער אַרבעט ווערט שוין קיינער אין שטאָט ניט אַרויסגעלאָזן. דאָס געטאָ זאָגט מען איז אַרומגערינגלט פון מיליטער און געשטאַפּאָ און...

די זייגער־ווייזערס רוקן זיך. רוקן זיך. האַלטן ניט איין אויף אַ סע־קונדע.

מיר שטייען באַוואָפנטע. פאַרשטשעמעט די ציין. דאָס האַרץ ווייטיקט צוזעענדיק, וואָס עס טוט זיך אויפן גאַס, ווי גרופּעס יידן ווילדעוועז כסדר: ווו איז וויטנבערג? ווו איז וויטנבערג?!

און מיר האָבן געמיינט, אַז ווען די שעה וועט קומען, ס׳וועט קומען צו דער לעצטער שלאַכט, וועלן אויך אַלע יידן איינזעענדיק, אַז קיין אַנדער אויסוועג איז שוין פאַר זיי ניטאָ, מיטגעצויגן ווערן מיט אונדז אין קאַמף. מיר האָבן געמיינט, אַז די יידן וועלכע האָבן שוין פאַרלאָרן אַלע נאָענטסטע, אַלע אילוזיעס, אַז דער דייטש וועט זיי לאָזן לעבן, וועלן זיך אין לעצטן מאָמענט אליין וואַרפן אין קאמף. דאָס האָט דאָך געוויזן די לעצטע צייט, ווען דער עולם האָט זיך פיבערדיק גענומען איינשאפן געווער. נאָר וואָס זעען מיר איצט? די יידן קוקן גאָר אויף א ו נ ד ז ווי אויף ז יי ע ר ע מ ע ר ד ע ר . זיי זענען גרייט אונדז יעדע רגע צו צערייסן, אַפילו אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ אונדז איבערגעבן. ניט נאָר איין וויטנבערגן. אונדז אַלעמען, אַלעמען וועלכע שטעלן זיך אַקעגן די פאַדערונגען פון דער געשטאַפּאָ.

אויף דער אָשמענער געסל, ביים דורכגאנגס־הויף, וואָס פירט צו דער דייטשער גאַס, שטייט א המון יידן מיט שטעקנס און מיט שטיינער אין די הענט.

אָ־ווײ, אָ־ווײ... קעגן די אויפגעהעצטע יידן שטייען יידישע פּאַרטיזאַ־נער מיט געווער אין די הענט... אָ־ווײ, אָ־ווײ...

דער המון שטופּט זיך צום טויער צו די קעמפער. די פּאַרטיזאַנער

האַלטן דאָס געווער גרייט צו שיסן, „ווער עס זאָל ניט וועלן די פּאָסטנס דורכרייסן“.

ווער קעגן וועמען? יידן קעגן יידן? ברידער און שוועסטער קעגן ברידער און שוועסטער? אָ־ווי! אָ־ווי!...

דער זייגער ווערט 8, דער זייגער שלאָגט ניין! — נאָך 1 שעה!

ווי זעען אויס מענטשן אַ שעה פאַרן טויט?

די טונקל־בלויע אויגן הענגען באַלד אַרויס פון פאַרמעט־פּנים ביים אַקטיאָר שאַדאָווסקי. ערשט די טעג האָב איך אים נאָך געזען אַ פריילעכן אויף דער בינע.

— אַזוי איז דאָס, קאַטשערגינסקי... נעכטן ביינאַכט האָב איך זיך נאָך פאַרגעשטעלט, אַז קיין איין מעת־לעת זאָל ניט אויסקומען צו לעבן.

כייקל לונסקי לויפט גיך פאַרביי מיט אַ ספר אין האַנט, שטעלט זיך אָפּ פאַר מיר און ווי געוויינלעך גיך־גיך ציטערט ער אויס:

— ניט גוט קאַטשערגינסקי, ניט גוט האַ?... איי־איי־איי... ניטאָ קיין נייעס? איי־איי־איי... מען דאַרף האָפן... אפשר וועט דער רבונו של־עולם העלפן...

גענס און דעסלער האָבן אָרגאַניזירט די אונטערוועלט — די ש ט א ר ק ע , ווי מען פלעגט זיי אַנדערש רופן. „אָרקע דעם הונדער־טערס“ זין מענדקע און שימקע זענען די אַטאַמאַנען. האָבן זיי צונויפגעקליבן אַרום זיך אַ גאַנצע כאָפּטע יונגען, וועלכע פאַרשפּרייטן צווישן די יידן די סאַמע גרויליקסטע ידיעות: אָט־אָט און די געשטאַפּאָ איז שוין דאָ... גע־שטאַפּאָ וועט גאָר אין געטאָ ניט אַריין, צו וואָס דאַרפן זיי לייגן אומזיסט די קעפּ — עראָפּלאַנען וועלן באָווארפן די געטאָ מיט באָמבעס און אַ סוף...

דער עולם קוקט נערוועז צום טויער און אויפן הימל — עס דוכט זיך, אַז מען הערט שוין ווי פּראָפּעלערס הודזשען — פון אַלע זייטן איז די געטאָ אַרומגערינגלט מיט מאַשין־געווער און אַפילו האַרמאַטן זענען שוין צע־שטעלט אויף די ראָגן קעגן געטאָ. 10 אַזייגער הויבט זיך אָן די קאַנאָנאַדע.

און אָט איז די לעצטע ידיעה, וואָס האָט זיך בליץ־שנעל איבערן געטאָ פאַרשפּרייט: מען האָט שוין געהאט געכאַפּט וויטנבערגן, אָבער ער האָט טעראָריזירט מיט זיין נאַגאַן די יידן און איז ווייטער אַנטלאָפן.

— לאָמיר אים זוכן! לאָמיר אים אויפזוכן! — האָבן זיך ווידער דער־הערט קולות.

— צוליב איינעם זאָלן אומקומען צוואַנציק טויזנט, ווו איז דאָס גע־הערט געוואָרן?

— און דאָס זענען דאָס אונדזערע פריינט, אונדזערע פאַרטיידיקער?

דער עולם ביים דורכגאַנג־הויף בראש מיט דעם פּאָליציאַנט כלאָוונאָ־וויטש, האָט זיך אַ לאָז געגעבן צו די פּאַרטיזאַנער.

— גייט אַוועק, מיר שיסן! — וואָרנען די קעמפער.

— שיסט! שיסט! — האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ האָגל שטיינער אויף די פּאָסטנס.

ס'איז געפאַלן דער ערשטער שאָס. כלאָוונאָוויטש ווערט פאַרוואונדעט אין קינבאַק. דער המון ציט זיך צוריק.

דער גרויסער ווייזער פאַרדעקט דעם קליינעם. צען מינוט צו צען. אַ־ווי ווי!

דער טויט האָט אָנגעהויבן פאָכען איבערן געטאָ מיט זיינע פליגל.

## דער קאָמענדאַנט גייט אַליין אַרויס פון דער געטאָ

אין אַ בוידעם־שטיבל פון דעם דורכגאנגס־הויף האָבן געוווינט צוזאַמען עטלעכע יונגע פּרויען. דאָרט האָט מען געקענט אָפט טרעפן באַקאַנטע חברה, וועלכע פלעגן זיך דאָ אַרויפכאַפּן נאָך אַ גלעזל וואַרעמס, אַ בגד צו פאַר־ריכטן, העמד אויסוואַשן. עלנטע וועלכע זענען געבליבן אַליין, האָבן זיך דאָ געטוליעט איינע צו די אַנדערע, צוזאַמען פלעגט די צייט גיכער פאַרשווינדן.

עלנט איז אויך געווען איציק, כאָטש אין געטאָ האָט ער אויך געהאַט אַ פרוי און צוויי דערוואַקסענע זין. די פרוי וואָס איז געווען און האָט אויס־געזען עלטער פון אים אויף אַ יאָר צוואַנציק, מיט וועלכער ער האָט אויך פאַר דער מלחמה קיין שלום־בית ניט געהאַט, האָט אים אָפט פאַרביטערט די טעג און נעכט אויך אין געטאָ. זי איז געווען אַ יידענע אָן שום באַזונ־דערע אַספּיראַציעס, ס'איז איר דערווידער געווען וואָס איר מאַן מישט זיך אין פּאָליטיק און צוליב דעם פלעגט אָפט קומען צו מחלוקתן אין שטוב. איציקן איז דעריבער גוט געווען, ווען ער פלעגט זיך פאַרטאָג אַרויסשלייכן פון שטוב צו דער אַרבעט אין באָד. אין שטוב פלעגט ער זיך זעלטן ווייזן בייטאָג. ניט זעלטן האָט געטראָפן, אַז ער איז אויך די נאַכט אַהיים ניט געקומען. ער פלעגט נעכטיקן אין שטאָב אָדער ערגעץ ביי אַ חבר. אין די פרייע מינוטן פלעגט מען אויך איציקן טרעפן אין בוידעם־שטיבל ביי די מיידלעך. ס'איז אים גוט און אָנגענעם געווען די פריינטשאַפט מיט דער שוואַרץ־חנעוודיקער עדזיע פרידמאַן, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן, אַנ־ווערנדיק איר מאַן, אַזש פון לאָדזש אַהער.

דאָס ערשטע מאָל בין איך געקומען אין שטיבל אויף דער איינלאַדונג פון שרהלע פּילעצקי, צו באַגעגענען דאָ דעם ניי־יאָר. ס'האָבן זיך דאָ צוזאַ־מענגעטראָפן אויסער שרהלען אירע חברטעס פריידל קאַגאַן, עדזיע, סאָלאָ־מאָן גאַרבעל, סוצקעווער, מאַצקין, עליע ווייגער און שפּעטער צו איז אויך אַריין איציק. האָבן מיר געמאַכט אַ לחיים און געווונטשן איינע די אַנדערע אַ גיכע באַפרייאונג פון געטאָ. מיין חבר וויטנבערג, וואָס איז געווען פאַר מיר איציק, דער אַמאָליקער שטעפּער־אַרבעטער, און דער איצטיקער פאַר־וואַלטער פון באָד (אַז ע ר איז דאָס לעאָ, איז מיר דערמאָלט אַפילו אויפן

געדאַנק ניט איינגעפאַלן) און זיך דערנאָך געזעסן מיט עדזיען אויף דער סאָפּע און שטיל געשמייכלט, גערעדט. ס'האָט זיך געפילט, אַז דאָ ערשט רוט ער זיך אויס נאָך דער אַרבעט און פאַרן גיין אין שטוב.

דעם 17טן יולי פאַרטאָג, נאָכדעם ווי עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג, אַז מען האָט געזען וויטנבערגן מיט אַ רעוואָלווער לויפנדיק פון נאָכיאָגער, האָב איך זיך דערוווּסט:

יידן וועלכע זענען אַרויף אויף אַ בוידעם זיך צו באַהאַלטן (אויף ראָג סטראַשון גאַס 15) האָבן באַמערקט אין אַ ווינקל אַן עלטערע פרוי. ווען זיי זענען צו איר צו, אַ קוק טאָן ווער זי איז, האָט די פרוי זיך אַ האַסטיקן קער געטאָן צו זיי, און צו זייער איבערראַשונג, האָט די פרוי אַרויסגעצויגן פון אונטער איר פאַטשיילע, אין וואָס זי איז געווען פאַרוויקלט, אַ רעוואָלווער. די יידן, טויט־בלאַסע האָבן געוואָלט אַראָפּלויפן פון די בוידעם־טרעפּ. די פרוי האָט אָבער מיט אַ מענער־שטים אַ געשריי געטאָן:

— בלייבן דאָ! — און איז אַליין פאַרשוווּנדן.

ס'איז קיין ספק ניט געווען, אַז דאָס איז געווען דער געזוכטער וויטנבערג.

ווו איז ער פאַרשוווּנדן?

אַ גאַנצע נאַכט איז דאָ איציק אָפּגעלעגן אויפן בוידעם. ער האָט צו־געהערט דעם גערודער און האָט דורך די דאַך־שפּאַרונעס צוגעזען דעם כאַאָס אין מיטן דער נאַכט. ס'איז אים קלאָר געוואָרן, אַז איצט איז געקו־מען דער דעצידירנדיקסטער מאָמענט פאַר אים, פאַר זיינע חברים, פאַר די קעמפער, פאַרן געטאָ... אויף די שטאַב־זיצונגען איז געווען לעצטנס נאָך אַמאָל אונטערגעשטראָכן דער באַשלוס, אָנצוהייבן דעם ווידערשטאַנד אין געטאָ, ווען ס'וועט אָנגעהויבן איר ליקווידאַציע, אָדער ווען מען וועט זיך פאַרנעמען צו פאַרניכטן די פּאַרטיזאַנער ־ אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פאַר־שטענדלעך בלויז אַ התחלה צו פאַרניכטן דערנאָך די איבעריקע יידן. ס'איז קלאָר געווען פאַר אים, אַז מיט דער פאָדערונג אים איבערצוגעבן אין גע־שטאַפּאָ, וועלן זיך די דייטשן ניט באַנוגענען. זיי וועלן זיכער פאָדערן דער־נאָך די איבעריקע שטאַב־מיטגלידער, שפּעטער די קעמפער און דערנאָך וועט קומען דער סוף.

אַ זייגער האַלב צען אינדערפרי האָבן די יידן געפונען וויטנבערגן אויפן בוידעם. ווען ער איז די טרעפּ אַראָפּגעשפּרונגען, איז ער גיך די גאַס אַריבערגעלאָפן און אין געציילטע סעקונדעס איז ער אַריין אין דורכהויף און שטיל זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן בוידעם צו דער פאַרטרויערטער עדזיע.

משמעות, אַז צו גענסן איז גלייך דערגאַנגען די ידיעה, אַז מען האָט באַרוואַס געזען וויטנבערגן. גענס, האָט דעריבער געלאָזן וויסן די יידן, אַז וויטנבערג איז ניט אַנטלאָפן, ווי די פּאַרטיזאַנער דערציילן, אַז מען האָט באַר וואָס אים געזען, און אַז ער האָט אויסגעפּועלט ביי דער געשטאַפּאָ נאָך

צוויי שעה, כדי אויסצוזוכן וויטנבערגן, און נאָך אַ זאַך האָט געגנס אָנגע־הויבן איינבויערן: אויב וויטנבערג וועט זיך איבערגעבן דער געשטאַפּאָ, וועט ער אים פון זיי אויסקויפן מיט דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס דער יידנראַט האָט אין זיין געהיימער קאַסע.

דער שטורעם איז דעריבער נאָך מער געוואַקסן צווישן די יידן קעגן די פּאַרטיזאַנער. נאָך צוויי שעה. וויטנבערג דאַרף באַשליסן וועגן גורל פון געטאָ, כאָטש דער גורל איז שוין פון לאַנג אַ געחתמעטער.

וואָס טוט זיך אין פּאַרטיזאַנער - שטאַב?

די שטאַבס־מיטגלידער יוסף גלאַזמאַן, אברהם כוואָיניק 1) אבע קאָוו־נער2), ניסן רעזניק3) און סאָניע מאַדייסקער4) האָבן שוין דאָס צווייטע מעת־לעת מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט. די נעכטיקע נאַכט איז מען נאָך מיט איציקן געזעסן און באַטראַכט אַלע מיטלען פון קאַמף, ווען ס'זאָל אויס־קומען אָנצוווענדן. די נאַכט איז מען שוין געזעסן אָן דעם קאָמענדאַנט לעאָ און מען מוז באַשליסן: וואָס טוט מען? אַרויסטרעטן אין קאַמף אָדער...

קיינער האָט ניט צוגעלאָזן צוערשט צו זיך דעם געדאַנק: אָדער אַרויס־געבן דעם קאָמענדאַנט דער געשטאַפּאָ, אָן ניין! אָבער מיט יעדער פאַרגאַנ־גענער מינוט, האָט, ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל ניט זיין, אָנגעהויבן אין געדאַנק קומען א ו י ך דער אויסוועג.

ס'איז געווען פאַראויסצוזען די מעגלעכקייט, אַז די געשטאַפּאָ וועט מיט דער הילף פון געגנסן און דעסלערן, פאַרוואַנדלען דעם וויטנבערג־ענין אין אַ בירגער־קריג. צוערשט זאָלן זיך שלאָגן יידן און דערנאָך, ווען זיי וועלן שוין זיין אויסגעשעפּט, ווען טויטע וועלן זיך אויף די גאַסן וואַלגערן, דאַן וועט קומען די געשטאַפּאָ און אָן קיין שום ווידערשטאַנד וועלן ז יי פאַרענדיקן. די געפאַר פון אַזאַ מעגלעכקייט איז געווען די גרעסטע און איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. דער באַוואָפנטער פּאָליציאַנט קאָליש איז מיט אַ גרופּע יידן אָנגעפאַלן אַ צווייטן מאָל אויף די קעמפער און ס'איז ווידער געקומען צו אַ שיסעריי. אַ פּאָר קעמפער וועלכע האָבן זיך אָפּגע־האַלטן צו שיסן אויף די אָנפאַלער, זענען דורך די באַפאַלער אַנטוואָפנט און אַרעסטירט געוואָרן. ס'איז אויך פאַרשפּרייט געוואָרן אַ צווייטע מעג־לעכקייט, וואָס איז געקומען פון יידנראַט: אויב וויטנבערג וועט ניט אַרויס־

1) בונדיסט, שטאַב־מיטגליד פון פפ"אַ, אומגעקומען נאָכן שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן ביים פאַרלאָזן די געטאָ, אין גאַנג צום וואַלד.

2) שומר הצעירניק, שטאַב־מיטגליד און נאָך וויטנבערגס טויט — קאָמענדאַנט פון פפ"אַ. שפּעטער — קאָמאַנדיר פון דער יידישער פּאַרטיזאַנער־מחנה „נקמה". איצט אין ארץ־ישראל. יידישער פּאָעט.

3) אַלגעמיינער ציוניסט. שטאַב־מיטגליד פון פפ"אַ. שפּעטער פּאַרטיזאַן אין די ווייסרוסישע וועלדער. איצט אין ארץ־ישראל.

4) קאָמוניסטקע, שטאַב־מיטגליד פון פפ"אַ. אומגעקומען אין געשטאַפּאָ.

געגעבן ווערן וועלן אַלע יידן פאַרלאָזן דאָס געטאָ אויף עטלעכע טעג און דאַן וועט זיך שוין די געשטאַפּאָ אַליין אָן עצה געבן קעגן די בונטאָווטשטשי־קעס. גענס שיקט שלוחים צום שטאַב אויף אונטערהאַנדלונגען. דער שטאַב וואַרפט אָפּ צוערשט יעדע באַרירונג מיט די פאַררעטער. שפּעטער צו ווערט דאָך באַשלאָסן אָנצובינדן מיט זיי אַ קאָנטאַקט. גענס דערקלערט פּייער־לעך, אַז ווען ניט די אומפּאַרזיכטיקייט פון די פּאַרטיזאַנער גופא, וואָלט צו קיין זאַך ניט געקומען, און אויב וויטנבערג אַליין האָט מיטגעשלעפּט אין געטאָ פרעמדע מענטשן, ניט קיין יידן, האָט ער געדאַרפט וויסן, ווער זיי זענען און נעמען אויף זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. וויטנבערג האָט אויך דאַן באַדאַרפט וויסן, אַז ניט נאָר מיט זיין קאָפּ ריזיקירט ער, נאָר אויך מיט די קעפּ פון 20 טויזנט יידן, יידן וואָס ווילן לעבן און וועלן נאָך זיכער (־!) די שווערע צייט אַריבערלעבן. ווייטער, דערקלערט דער יידנעלטסטער, האָב איך שוין געפּרוווט פאַרפירן אונטערהאַנדלונגען מיט דער געשטאַפּאָ, אַרויסצוגעבן אַנשטאָט וויטנבערגן צען אַנדערע יידן — כ׳האָב שוין אַזעלכע צען פאַרברעכער, וועלכע זענען בלויז אַ שאַנד פאַר דער געטאָ, וואָס זיי זענען צווישן אונדז, — אָבער די געשטאַפּאָ וויל פון קיין זאַך ניט וויסן „וויטנבערגן אַ לעבעדיקן — אָדער מיר קומען צו אייך!״ איז זייער ענטפער. ס׳האָבן זיך שוין געמאָלדן צו מיר, צוויי יידן, וועלכע האָבן זיך אַליין פאָרגעלייגט אַנשטאָט וויטנבערגן, אויך דאָס איז ניט מעגלעך דורכצופירן, ווייל קאָזלאָווסקי, וואָס ווערט געהאַלטן אין געשטאַ־פּאָ און קען וויטנבערגן, וועט זאָגן וואָס מען פאָדערט פון אים און ניט וואָס מיר ווילן און ווער קען דאָס זיכער זיין, אַז מיר האָבן ניט צווישן יידן קיין שפּיאָנען, וואָס, ווייניק זענען זיי? — גענס האָט כסדר גערעדט און באַוויזן דעם נאָנסענס פון אַ ווידערשטאַנד אין געטאָ אין איצטיקן מאָמענט, — אויב שוין י אָ אַ ווידערשטאַנד!, — האָט ער גערעדט ווי אַ געני־טער מיליטער־מאַן, וואָס ער איז טאַקע געווען, — דאַרף מען אָפּוואַרטן דעם געהעריקן מאָמענט. אויך איך בין פאַר אַ ווידערשטאַנד, אָבער ניט פון אַ פאַרשפּילטן! — האָט ער פייערלעך מיט אַמאָל אויסגערופן, — אין רע־זולטאַט פון אַ גוט־געפּלאַנטן ווידערשטאַנד, וואָס זאָל קומען פאַר די דייטשן אומדערוואַרטעט, דאַרפן מיר איבער די דייטשישע פּגרים זיך דורכרייסן אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער און צוזאַמען מיט זיי קעמפן ווייטער. נקמה נעמען!

דער פּאַרטיזאַנער שטאַב האָלט אָפּ כסדר באַראַטונגען, אויבן אין בוידעם־שטיבל, מיט וויטנבערגן צוזאַמען. עס ווערט גענוי אָפּגעשאַצט די גאַנצע סיטואַציע, די מעגלעכקייטן פון קאַמף. איציק נעמט כמעט קיין אָנטייל ניט דאָס מאָל אין די דעבאַטן. הערט זיך בלויז צו. ער פילט אָבער אַז די שטימונג אויך ביי זיינע חברים בייט זיך, אויך זיי זענען ניט אַנט־שלאָסן דעם קאַמף אָנצוהויבן. זיי וואָלטן זיכער דאָס געזאָגט ווען ער וואָלט

דאָ ניט געווען, זיי שטערן זיך, אָבער ס׳איז אַלץ צו פּילן. וויטנבערג שטעלט זיך אויף, נעמט אַריין די ליפּן פאַרביסן אין מויל און קוקנדיק דורכן פענצטערל צום הימלבלוי ציט ער לאַנגזאַם אויס:

— הערט אויס חברים. איך גיב איבער דעם ענין צו דער פּאַרטיי מיינער. וואָס די פּאַרטיי וועט באַשליסן, דאָס וועל איך טאָן.

דער שטאַב רייסט איבער די באַראַטונגען. סאָניע רופט צוזאַמען דעם געטאָ־ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי. צו דיסקוטירן אַ סך איז שוין ניטאָ וואָס. די לאַגע איז אַ קלאָרע. כדי אויסצומיידן אַ ברודער־קריג, באַשליסט דער ראַיאָן־קאָמיטעט, נאָכן אָפּשאַצן די געשאַפענע לאַגע, אַז וויטנבערג דאַרף זיך איבערגעבן דער געשטאַפּאָ.

איציק איז נשתומם: איז עס מעגלעך? ער פאָדערט פון סאָניען, אַז דער באַשלוס זאָל גוטגעהייסן ווערן דורך דעם שטאָט־קאָמיטעט. סאָניע אָבער מעלדעט אַז קיין פאַרבינדונג מיט דער שטאָט איז איצט ניט מעגלעך, ווייל די געטאָ איז אַרומגעשטעלט מיט מיליטער און אַז אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן, האָט דער ראַיאָן־קאָמיטעט די זעלבע באַשטימונג־רעכט, ווי דער שטאָט־קאָמיטעט.

און... דער זייגער גייט... דער זייגער גייט!

דער שטאַב ווערט ווידער גערופן צו גענסן.

גענס פאַרזיכערט ווידער, אַז אויב וויטנבערג וועט זיך איבערגעבן פרייוויליק דער געשטאַפּאָ און ער וועט זיך גוט האַלטן און קיינעם ניט אַרויסגעבן, וועט דער יודנראַט אָננעמען אַלע מיטלען וויטנבערגן אויסצוקויפן. אַלץ וואָס דער יידנראַט האָט, וועט אָפּגעגעבן ווערן.

— איך בין איבערצייגט, אַז וויטנבערג וועט נאָך צוריקקומען מאָרגן־איבערמאָרגן אין געטאָ.

מען פילט, אַז גענסעס פאַרזיכערונג איז אַ געמאַכטע. מען זעט, אַז גענס פרוווט אויסנוצן אַלע מיטלען צו דערגרייכן זיינס.

און ווידער פאַרזאַמלט זיך דער שטאַב ביי זייער קאָמאַנדיר. די לעצטע באַראַטונג צוזאַמען. וויטנבערג רעדט און, ווי שטענדיק, איז ער אויך אין דעם פאַל ניט אויפגערעגט. שטיל, לאַנגזאַם, ווי פּערל די ווערטער. ער ווייזט אויף, ווי ניט דורכגעטראַכט ס׳איז אָנגענומען דער באַשלוס וועגן אים פון זיין פּאַרטיי.

נאָך גאָרניט לאַנג, — זאָגט איציק, — ווען לויט גענסעס באַפעל האָט די יידישע פּאָליציי געבונדן אונדזער שטאַבס־מיטגליד גלאַזמאַן, כדי אים אין אַן אַרבעטס־לאַגער אַוועקצושיקן, האָב איך, ניט קוקנדיק אויף אַלע קאָנסעקווענצן, אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, צו באַפאַלן די וואַך און אונדזער חבר באַפרייען. און אַזוי איז געשען. דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. כ׳פאַרשטיי זייער גוט אַז איצט איז די סיטואַציע אַן אַנדערע, אָבער אַנדערש וועט שוין ניט ווערן אַפילו, ווען איך זאָל גיין צו דער געשטאַפּאָ.

אַלע פאַרשטייען עס, אָבער אַלע טראַכטן — אפשר וועט איצט דורך וויטנבערגס קרבן געלינגען די יידן, ביי דעם נאָענטסטן צוזאמענשטויס מיט די דייטשן, אַריבערציען זיי, די יידן, אויף דער זייט פון די קעמפער. ס׳האָט זיך ניט איינער אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז אויך געווער איז נאָך ווייניק פאַראַן. די מעלה וואָס מ׳איז די גאַנצע צייט געווען אַזוי גוט פאַר־קאָנספּירירט האָט אויך געהאַט דעם גרויסן חסרון אין דעם, וואָס מען האָט געפירט אַ ווייניק פּאָליטישע אויפקלערונגס־אַרבעט צווישן די יידן, — אַ צושטאַנד וואָס עס האָבן אויסגענוצט איצט אויך גענס און דעסלער.

אָנהויבן דעם קאַמף? ס׳קען דאָך זיין, אַז ס׳זאָל אַפילו ניט זיין קעגן וועמען... דערפירן צו אַ בירגער־קריג? — און דורך די פענצטערלעך פון בוידעם־שטיבל דערטראָגן זיך געשרייען צו זיי:

— לעבן! לעבן!! מיר ווילן לעבן!!!

„לעבן״... אין איציקן שניידט זיך אַריין דער רוף, וואָס ער הערט איצט אין טיפן האַרצן. „לעבן״... ער וויל דאָך אויך לעבן אַזוי ווי איר דאָרט, אונטן... פערציק יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָפּגעפּיזצטערט אין דער אָרע־מער שטוב, ביים שטעפּער־וואַרשטאַט. אָט דאַרף ווילנע באַפרייט ווערן. דער כבוד, וואָס זיינע חברים האָבן אים צוגעטיילט צו זיין דער קאָמענדאַנט פון יידישע געטאָ־קעמפער, וואָלט ער דאָך מיט כבוד אויסגעפירט. און אפשר וואָלט ער מיט זיינע קעמפער באַוויזן דאָס געטאָ דורכצולעבן און וואָלט ווייטער זיי געפירט אין קאַמף, אין לעצטן קאַמף קעגן היטלעריזם... „לעבן״... וועגן לעבן, ווייס שוין איציק, איז פאַר אים איצט ניטאָ וואָס צו טראַכטן. ער באַקוקט דעם נאַגאַן אין זיין האַנט. אין צילינדער ליגן אַלע קוילן. וועט ער זיי אַליין שוין ניט דאַרפן נוצן? אין קאָפּ פליט דורך אַ געדאַנק: אפשר איין קויל פאַר זיך... זעלבסטמאָרד און אַ סוף... ער וועט געראַטעוועט ווערן... געראַטעוועט ווערן דורכן טויט... ער דערזעט מיט אַ מאָל די מאָרד־מכשירים, וואָס זענען אין געשטאַפּאָ שוין צוגעגרייט פאַר אים. אָט זעט ער זיך מיט צעשניטענע פינגער, מיט שפּיזן אין לייב, מיט שטריק אַרום האַלדז. בלינד ווערט ער. ער קען זיך אָבער נאָך אַלץ ניט ראַ־טעווען פון לעבן... שטאַרבן, דער טויט איז איצט זיין אויסלייז! אָ, ווען ער קען זיך איצט אַריינלאָזן אַ קויל אין שלייף! און ווידער דערזעט ער זיך אין די הענט פון זיינע פייניקער... „זאָג, זאָג אויס ווער זענען דיינע חברים, דיינע פאַרבינדעטע אין שטאָט... ווער זענען די קעמפער אין געטאָ, ווו ליגט דאָס געווער, ביי וועמען האָט איר דאָס געווער באַקומען. ביי וועמען? ווער? ווו? ווען? זאָגסט? זאָגסט?! ניין?!״...

אַ קויל אין קאָפּ און ער וואָלט געווען אַ געראַטעוועטער. אָבער „וויטנ־בערגן אַ לעבעדיקן״ הערט ער, ווי דער באַפעל פון געשטאַפּאָ קלינגט איז די אויערן.

אַנטקעגן אים זיצט עדזיע. זי קוקט אויף אים מיט גרויסע קיילעכדיקע,

צעגלאנצטע אויגן. שווייגט. ער טוט אַ קוק אויף איר, פאַרבייסט די ליפּן, שלינגט אַראָפּ אַ טרערנגאָס אין האַלדז אַריין און שטעלט זיך אויף:

— כ׳גיי חברים. כ׳גיי! — ער האָט אויסגעצויגן די האנט מיטן רעוואָלווער, איז צו צו קאָוונערן און אויסגעפּליסטערט:

— נעם אַבאַ. נעם ד ו מיין רעוואָלווער! — איציק איז געבליבן אַ מינוט אַ פאַרשטאַרטער, דערנאָך ווי מיט רציחה אויסגעצישעט — קיין איין פּאָליציאַנט זאָל ניט וואגן זיך צו ווייזן, ווען איך וועל די גאַס דורכגיין. — און אַ באַרואיקטער — ביז צום טויער זאָלט איר מיר באַגלייטן. צוזאמען כאָטש גיין אַ שטיקל וועג... כאָטש ביז צום טויער... — ער איז צו צו עדזיען — און דו, וועסט גיין מיט מיר אַביסל?

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט.

— געדענקט חברים, — איז געווען איציקס לעצטע ווערטער צו די שטאב־מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך געשטעלט פאַר אים אויף אכטונג — זעט אַז איצט, אויב מען וועט אייך נאָך לאָזן אַ ביסל לעבן, ווען ס׳וועט קומען צו דעם אנטגילטיקן מאָמענט און איר וועט דאַרפן ווייזן אייער כוח, זאָל ניט געשען דאָס וואָס... — ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ סעקונדע, ווי געוואָלט פאַרענדיקן דעם זאַץ, אָבער ניט ענדיקנדיק, האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו דער טיר און, ווי אין אַ תפילה, אויסגעמורמלט:

— א י ך ג יי — — —

ויטנבערגס „איך גיי״־תפילה האָט ווי אַ בליץ דורכגעשניטן דאָס געטאָ. די געוואלדן האָבן זיך פּלוצלונג איינגעשטילט. יידן האָבן אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון די מעלינעס. מען האָט צוריק די שטוב־טירן און די לאָדנס צעעפנט.

ווען איציק איז פון די טרעפּ אַראָפּ און אויפן גאַס אַרויס, האָט אַ לויכט געטאָן אַ ליכטיקע די זון און אים מיט אירע שטראַלן פאַרוויקלט. ער האָט אויסגעזען בלאַס, מיד. אָבער שטאָלץ האָט ער דעם קאָפּ, ווי אַן אָדלער אין דער הויך פאַרוואָרפן און איז לאנגזאם, מיט די קלוגע אויגן, געווענדטע צום המון, וואָס האָט די געסלעך פאַרפולט, געגאַנגען... געגאַנ...גען...

דער המון איז געשטאַנען אָנגעפּראַפּט ביי די זייטן גאָס. פון פענצטער זענען אַראָפּגעהאנגען קעפּ אויף קעפּ. איציקס רואיקער גאנג האָט צענומען דעם המון, וואָס האָט זיך יאָמערלעך פונאנדערגעוויינט. איציק איז געגאַנגען רואיק, רואיק. ער האָט אַ קוק געטאָן צום עולם רעכטס, צום עולם לינקס, ווידער דעם קאָפּ אין דער הויך פאַרוואָרפן, צו די יידן אין די פענצטער — ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט אַלעמען...

פּלוצלונג האָט זיך מיין בליק אויפגעטראָפן מיט זיינעם... כ׳האָב זיך אַ געשטעל געטאָן אויף אַכטונג!...

אין מיטן זוניקן טאָג איז מיר מיטאמאָל פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

דער עולם אַרום מיר, האָט מיך איינגעהאלטן ניט אומצופאלן.

# ניט קיין חלום

דער פויער כאַרלאַן האָט געמיינט, אַז די געשטאַפּאָ וועט אים באַשיצן און אָפּגילטן, אויב ער וועט איר דינען און אַרויסגעבן די ערטער, ווו עס גע־פינען זיך פּאַרטיזאַנער.

איין מאָל איז געקומען צו אים אַ פאַרוואונדעטער פּאַרטיזאַן און געבעטן אַביסל וואַסער אָפּצושווענקען זיינע וווּנדן וואָס די דייטשן האָבן אים ערשט געמאַכט.

— „וואַסער ווילסטו, ביטע זייער", — האָט דער פויער מיט אַ געמאַכ־טער גוטסקייט געזאָגט, — „וואַרט צו נאָר אַ פּאָר מינוטעלעך. איך נעם נאָר דעם עמער און טראָג אַריין פרישינקע וואַסער פון ברונעם". — און אַנשטאָט ברענגען וואַסער דעם פאַרוואונדעטן, האָט דער פויער געבראַכט צום פּאַרטיזאַן — פּאָליציי.

ווען די ווילנער געשטאַפּאָ האָט זיך דערוווּסט, אַז נעבן שטעטל סוויענ־ציאַן איז געכאַפּט געוואָרן אַ פאַרוואונדעטער באַרימטער „באַנדיט" (אַזוי האָבן די נאַציס גערופן די פּאַרטיזאַנער), האָבן זיי טעלעגראַפיש אַרויסגע־שיקט אַ באַפעל, מען זאָל דעם פּאַרטיזאַן צוערשט אויסהיילן, דערנאָך ברענגען אונטער אַ שטאַרקער וואַך קיין ווילנע און דאָרטן וועט מען זיך שוין זען מיט אים.

איז געלעגן דער קעמפער אין שפּיטאָל אונטער אַ וואַך פון אַ פּאָלי־ציאַנט און די דאָקטוירים און די קראַנקען־שוועסטער האָבן דורכאויס נאָכ־געקוקט, — אַזאַ איז געווען דער באַפעל — דער פּאַרטיזאַן זאָל געזונט ווערן.

דער פּאַרטיזאַן האָט אָבער בעסער געוואָלט אויסגיין אויף דעם שפּי־טאָל־בעטל איידער אַ געזונטער אַריינצופאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ.

אַלע האָבן אים באַדויערט. סיי די קראַנקע פון זיין פּאַלאַטע, סיי די געזונטע, וועלכע פלעגן קומען מבקר־חולה זיין זייערע קרובים אין שפּיטאָל.

גייט אַוועק אַ וואָך, אַ צווייטע, — דעם פּאַרטיזאַן ווערט בעסער, דער געשטאַפּאָ־שעף פון שטעטל איז צופרידן, — זיין קליענט ווערט שוין גע־זונט און באַלד וועט ער אים קענען קיין ווילנע אָפּשיקן.

דער פּאַרטיזאַן זוכט פאַרשידענע מיטלען זיך צו ראַטעווען — אָבער אומעטום זעט ער גראַטעס און לופעס פון ביקסן קעגן אים.

ער קען די נעכט ניט איינשלאָפן. ער שטעלט זיך פאָר וואָס פאַר אַ



י. רובינשטיין, ש. קאַטשערגינסקי, נ. באַמזע, י. עלבערג און י. אַשנדאָרף אין אַ פּאַריזער קאַפע, 1948.



אויפן געזעגענונגס־אָוונט פאַר זיין אַוועקפאָרן פון פּאַריז קיין אַרגענטינע אין יאָר 1950.



ש. קאַטשערגינסקי, לאָדזש



לאָדזש 1946. מ. גראָסמאַן און ש. קאַטשערגינסקי.



פּאַריז 1950. אַ באַגעגעניש מיט מ. טורקאָוו ביי זיין ד... פאַרן פּאַריז.



ש. קאַטשערגינסקי אין 1947 אויף אַ פּראָו הינטער פּאַריז.

פייניקונגען עס וועט אים אויסקומען אַריבערצוטראָגן אין געשטאַפּאָ ביז וואַנען עס וועט קומען דער טויט. ער האָט מורא פאַרן טויט? ניין, צו דעם איז דאָך אַ קעמפער קעגן די דייטשע מערדער צוגעגרייט. אָבער שטאַרבן אין געשטאַפּאָ הייסט דאָך צוערשט: נאָדלען אין די פינגער, הענגען אויף די פיס, זיצן אויפן עלעקטרישן דריי־באַנק, גומענע שטעקנס איבערן לייב...

אויף דינסטיק איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצושיקן דעם פּאַרטיזאַן קיין ווילנע, כאָטש די וווּנדן האָבן זיך נאָך ניט אין גאַנצן פאַרהיילט.

דער פּאַרטיזאַן האָט זיך געזעגנט מיט די קראַנקע, מיט די דאָקטוירים און מיט דער פרייער, שיינער וועלט.

די לעצטע נאַכט אין שפּיטאָל. די לעצטע נאַכט אויף אַ בעטל, די לעצ...

און מיט אַמאָל, אַזוי ווי דער פּאַרטיזאַן ליגט זיך אַזוי און טראַכט, און קלערט וועגן זיין ווייטערדיקן גורל, — מיט אַמאָל דערהערט ער ווי מען ברעכט די טירן פון שפּיטאָל... מען לויפט אויף די טרעפּ... אָט הערן זיך שווערע, איילנדיקע טריט אין קאָרידאָר און מען שרייט הינטער דער טיר פון זיין פּאַלאַטע: „הענט אין דער הויך!" „ווו איז דער פּאַרטיזאַן?"

— „וואָס טוט זיך דאָ?" — זעצט זיך אַן אומרואיק־פאַרווונדערטער דער פּאַרטיזאַן אַוועק אויפן בעטל — „ווער דערמאָנט מיך דאָ? ווער זוכט עס מיך?".

און אָט טוט זיך אַ ריס־אויף די טיר. עס גיט אים אַ שיין אין די אויגן אַ לעמפּל. עס לויפט ווער, אַן אומבאַקאַנטער, צו צו אים מיט אַ געשריי:

— „מישקאַ! דו?"

— „איצקע!" — איז אויסער זיך דער פּאַרטיזאַן, דערקענענדיק די שטים פון זיין חבר, — „עס קען דאָך ניט זיין!" — און פאַלט אַרויף אויף אים זיך קושן. — „זאָג, איצקע", — קען נאָך אַלץ מישקע ניט קומען צו זיך, — „זאָג, איז עס ניט קיין חלום?"

— „ניט קיין חלום, ניט קיין חלום, טייערער", — באַרואיקט אים זיין גואל און וואַרפט אַרויף אויף זיין נאָך קראַנקן חבר אַ כאַלאַט, — „גיך, מיר זענען געקומען דיך ראַטעווען!"

אָנגעלענט אויף די פּלייצעס פון זיינע חברים איז מישקע געגאַנגען די לעצטע נאַכט דורכן שפּיטאָל־קאָרידאָר, אָבער שוין ניט די לעצטע נאַכט, ווי ער איז פריער געווען זיכער, פון זיין לעבן...

און וואָס איז געוואָרן מיט דעם פויער, וואָס האָט מישקען געמסרט דער געשטאַפּאָ, ווילט איר וויסן?

כע... דער פויער האָט געמיינט, אַז דעם פּאַרטיזאַן וועט די געשטאַפּאָ זיכער דערשיסן און קיינער וועט ניט וויסן וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. אָבער ער האָט אַ ביטערן טעות געהאַט.

נאָך דעם ווי די חברים האָבן דעם פּאַרטיזאַן אַרויסגעראַטעוועט, זענען זיי דאַן אַוועק צום פויער אים „אָפּדאַנקען" פאַר זיין מסירה. זיי האָבן אָבער בלויז געפונען דעם פויערס ווײַנענדיקע ווייב מיט די קינדער.

ער אַליין איז משוגע געוואָרן. לויפט אַרום אַ ווילד־פאַרוואַקסענער אי־בער פעלדער און וועלדער, איבער וועגן און שטעגן און וואָיעט און ברומט ווי אַ ווילדע חיה:

„געוואַלד, איך האָב מיין וועלט פאַרשפּילט!"

„געוואַלד, איך האָב מיין וועלט פאַרשפּילט!"

# ייִדישע אויגן

...איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם פּאָרטרעט פון קלויסטער־ייִנגל אין דער ווייסער ריזע און נשתומם געוואָרן:

— ווי קומט עס צו דיר?

ער איז אַלץ געשטאַנען מיטן בילד קעגן מיר און געשוויגן. איך האָב שוין פאַרלאָרן דאָס געדולד:

— גענוג שוין, וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן?

ענדלעך האָט ער אַרויסגעזייט צווישן די ליפּן עטלעכע ווערטער:

— קוק זיך איין אין די אויגן...

כ׳האָב ווידער אָנגעהויבן קוקן אויפן פּאָרטרעט און מיט אַמאָל אויס־געשריִען:

— גאָט מײַנער, ייִדישע אויגן!

— ייִדישע אויגן... ריכטיק — איז ער אַלץ געשטאַנען מיט דער פּאָטאָ אין האַנט קעגן מיר. איך האָב אַרײַנגעשפּיזט מײַנע אויגן אין בילד און דער־זען אַן אָפּשפּיגלונג פון מײַן טרויער, פון מײַן אומעט... פון ייִ ד י ש ע אויגן.

ער האָט צוגענומען דעם פּאָרטרעט און מיר געוויזן דאָס צווייטע בילד: קינדערלעך אין אַ קלויסטער מיט אַ גלח אין תפילה־צײַט.

כ׳האָב זיך אַרײַנגעריסן אין זייערע בליקן, געזוכט, געשנישטערט און ווי־דער דערזען די זעלבע פּאָר אויגן, וואָס איך האָב נאָר־וואָס געזען אויפן פּאָר־טרעט. דאָס זעלבע ייִנגל, וואָס שיידט זיך ניט אונטער פון דער גאַנצער גרופּע מיט די „בגדי כהונה״, האַלט אין האַנט די כלי פון ווייִרויך, שטייט אין דער ערשטער ריי, דוכט זיך אפילו מיט אַ דינעם שמייכעלע, אָבער אין זײַנע אויגן דערזע איך ייִדישן טרויער. צער פון אַ דערוואַקסענעם אין די אויגן פון אַ קינד. ניט פרעגנדיק, פאַרשטיי איך די סיבה פאַרוואָס דאָס קינד געפינט זיך אין קלויסטער, אַזעלכע פאַלן זענען זייער פיל באַקאַנט פון דער אָקופּאַציע־צײַט.

— וואָס איז אָבער מיט דעם ייִנגל איצט? ווו, אין וועלכן קלויסטער געפינט ער זיך?

— וואָלט ער זיך אין קלויסטער געפונען, וואָלט איך דאָך אויך די פאָ־טאָס ניט געהאַט — ענטפערט מײַן פרײַנד. און נאָך אַ קורצן שטילשווײַגן פרעגט ער ווייטער: — ווילסטו אים זען?

— אַ פראַגע דו שטעלסט, צי איך וויל אים זען... אַדרבא, זאָג ווו? ווען?

— איז גוט, אויב אַזוי, וואָס איך האָב דיר געטראָפן. ווייל אין אַ פּאָר טעג אַרום דאַרף ער שוין אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל...

אויף מאָרגן בין איך מיט מיין פריינט שוין געווען הינטער פּאַריז, אין אַ יידישן קינדער־היים, ווו מיר האָבן געטראָפן שלמהלע גזשיוואטשן.

שלמהלע גזשיוואטש האָט געהאַט דעם נאָמען פון מאַרעק קאַטשינסקי. ער איז אַנגעגאַנגען ביי זיינע קריסטלעכע חברים אין דער קאַטוילישער שול ווי אַ יינגעלע פון פרומע קאַטוילישע עלטערן, וועלכע זענען אומגעקומען אין גרויסן וואַרשעווער אויפשטאַנד.

מאַרעק איז גיך אַריין אין זיין נייער ראָל. גיך האָט ער זיך אויסגעלערנט צלמען און זינגען די קלויסטער־תפילה „אַווע מאַרי".

אַלץ איז געגאַנגען כשורה. קיינער האָט אויף אים קיין שום פאַרדאַכט ניט געהאַט. פון דער געמיינזאַמער באָד פלעגט ער זיך מיט פאַרשיידענע תירוצים אַרויסדרייען. ס'איז אים באַזונדערס געווען אנגענעם אין דער נייער היים, אין הויף פון יוזעף לוקאשעוויטש (דעמבינקי, הינטער קראָקע, פּאלנע גאַס 3).

נאָך דער שול פלעגט מאַרעק לויפן אין דער וואַרעמער און ציכטיקער שטוב. ס'איז אים געווען גוט דאָרטן. אָבער די נאָנטע פאַרגאַנגענהייט איז אים פון זכרון ניט אַרויס. דאָס האָט אים געשטערט זיך צו לערנען. ער פלעגט ניט איינרוען און גאָר אָפט פלעגט מען אים זען אַ וויינענדיקן. לוקאַשעוויטש האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס איז מיטן יינגל. מאַרעק האָט ניט געקענט אויסהאַלטן און האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז אַ ייד.

— איך קען שוין מער ניט אויסבאַהאַלטן... — האָט ער ביטער אויסגעיאָמערט. און ווי גרויס איז געווען דעם יינגלס איבערראַשונג, ווען אַנשטאָט דעם, ווי ער האָט זיך געריכט, אַז לוקאַשעוויטש וועט אים אַרויסטרייבן, אַזוי ווי עס איז געשען אין אַ סך אַזעלכע ענלעכע פאַלן, איז גאָר לוקאַשעוויטש געוואָרן צו אים נאָך בעסער. האָט אים אַרומגערינגלט מיט אַזאַ פאָטערלעכער ליבע, וואָס מאַכט פאַרגעסן אָפט דאָס געוועזענע.

אָפט פלעגט מאַרעק די נעכט ניט קענען איינשלאָפן. ער פלעגט אויפשוידערן ווען ער פלעגט אַ קוק טאָן אויף דער טונקל־באַלויכטענער וואַנט איבער אים, ווו עס הענגט דער געקרייצטער יעזוס. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ניט יעזוס הענגט עס דאָרט איבער זיין קאָפּ, — זיין טאַטן האָט ער דערזען, דעם טאַטן, וואָס איז אומגעקומען פאַר זיינע אויגן אין דער וואַרשעווער געטאָ. און אָט דערזעט ער זיך צוריק אין געטאָ, ווו ער, דער 12 יאָריקער איינציקער שפּייזער פון טאַטע־מאַמע, פון 4 שוועסטערלעך, פון אַ ברודערל, שטעלט איין טאָג־טעגלעך זיין יונג לעבן, גייט אַרויס אויף דער אַרישער זייט, האַנדלט, וואַנדלט, בעטלט. זיין קאָפּ בלאָנדע האָר, זיין ניט־יידישער אויסזען העלפט אָפּט צו. גוטע מענטשן וואַרפן צו אָפט אַ סקאָריב־

קע, אַ פּאָר קאַרטאָפל. אָבער אין די מערסטע פאַלן דערקענט מען אים צוליב זיין אָפּגעריסענע הילוך, וואַרפט מען אים פון די טרעפּ אַראָפּ, די הויז־וועכ־טער גיסן אים מיט שמוציקן וואַסער אָפּ, אַלע שלאָגן אים. אויך די יידישע פּאָליציי, וועלכע כאַפּט אים אַריינשלייכנדיק זיך פאַרנאַכט צוריק מיט ליי־דיקן אין געטאָ.

כאַפּט ער זיך אויף מאַרעקל בייגאַכט מיט געשרייען. גיך דערפילט ער די וואַרעמע צערטלעכקייטן און טאַטישע האַרציקייטן פון לוקאשעוויטשן. עס טוליעט אים איין דער שטילער שעפּטש־געמורמל. לוקאטשעוויטש שלעפערט אים איין... שלעפערט אים איין...

לוקאשעוויטש פירט אַוועק שלמהלען אין קלויסטער. דער גלח באַשמירט אים מיט אַן אייל אויפן שטערן, גיט אים מטעם זיין זאַלץ אויפן צונג און... שלמהלע טוט אַ קוש דעם צלם און ווערט אויס שלמהלע גזשיוואַטש. מאַרעק קאַטשינסקי רופט מען אים.

— איך האָב זיך דערנאָך געלערנט — דערציילט איצט שלמהלע — פאַר אַ מיניסטראַנט (שמש) ביים גלח. ס׳האָט ניט געדויערט לאַנג און דער גלח איז פון מיר געווען זייער צופרידן.

— דו ביסט דער בעסטער מיניסטראַנט! — פלעגט ער כסדר זאָגן.

כ׳האָב אים געהאָלפן דערלאַנגען ווין ביי דער תפילה, כ׳האָב געקלונ־גען, אַלע לאַטיינישע תפילות אַפילו האָב איך שוין אויף אויסנווייניק גע־קענט. כ׳בין אָפט אויך געגאַנגען צו די קאָמונעס און פלעג גיין מיטן גלח ווידוי זאָגן צו גוססע... וואָס איז צו פאַרלייקענען — זאָגט ווייטער שלמהלע — דאָ, אין קלויסטער פון הייליקן סטאַניסלאַוו קאסטקא, איז מיר גוט געווען.

— נו, און די עלטערן, די שוועסטער?

— אָ, ווען ניט די עלטערן — ציט לאַנגזאַם אויס שלמהלע — וואָלט מיין לעבן געוויס גאַנץ אַנדערש אויסגעזען... אין שול, וואָס איז ביים קלויס־טער געווען, ווו איך האָב זיך געלערנט, האָבן אַלע קינדער מיך ליב באַקומען. אויך די לערער זענען גיך געוואָרן מיינע פריינד. זיי פלעגן בלויז ניט קענען פאַרשטיין, פאַרוואָס איך פאַרטיידיק אַזוי יידן, ווען מען רעדט שלעכטס וועגן זיי. אין אַזעלכע טעג פלעג איך אַרומגיין אַן אומעטיקער. די נעכט פלעג איך שוין ניט קענען איינשלאָפן. כ׳האָב דאָן זיך דערזען צוריק מיט דער מאַ־מען און מיטן ברודערל, ווי מיר באַהאַלטן זיך אויס אין גריבער אויף פעלדער הינטער וואַרשע, אָט ווערן מיר איבערגעגעבן (ווייל מיר האָבן ניט קיין אויס־קויף־געלט) דורך פּוילישע יינגלעך אין די הענט פון זשאַנדאַרמען... קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן דער מאַמעס געשריי, ווען זי האָט מיך אַדורכגע־שטופּט דורך דער זשאַנדאַרם־קייט:

— ראַטעווע זיך כאָטש דו, קדיש מיינער!...

שלמהלע ווערט שטיל. ס׳באַווייזן זיך טרערן־בריליאַנטן אויף זיין ראָזן פּנים. אויך איך שווייג. ס׳האַרץ אָבער, שפּיר איך, ווערט באַלד צעריסן.

שלמהלע דערציילט ווייטער ווי ער איז אַנטרונען געוואָרן פון זשאַנדאַרמען, זיך דערשלעפּט אויף זשאַליבאָזש און אָנגעקלאַפּט אין אַ פרעמדער טיר. אַ נס! גיך איז די פרעמדע שטוב געוואָרן אַן אייגענע. דער באַלעבאָס פון שטוב, דער פּוילישער פּראָפעסאָר פון אַרכעאָלאָגיע, לודוויק סאַוויצקי (וווינט איצט אין וואַרשע, אויף דער דריטער מײַ־גאַס, אין מלוכהשן אַרכעאָלאָגיע־מוזיי), היט אויס דאָס אומגליקלעכע יידישע יינגל פון אַלע בייזן, טיילט זיך מיט זיין אָרעם עסן. אָרעם, ווייל די דייטשן לאָזן דעם פּראָפעסאָר ניט פּראַקטי־צירן. ציט דער פּראָפעסאָר זיין חיונה פון האַנטוועבערײַ, וואָס ער האָט זיך אויף גיך אויסגעלערנט.

ס׳קומט דער גרויסער וואַרשעווער אויפשטאַנד. דער פּראָפעסאָר ווערט אין אַ לאַגער פאַרשיקט. די קינדער ווערן אָפּגעשיקט אין דערפער אַרום קראָקע, ווו אויך שלמהלע ווערט פאַרוואָגלט.

— איך האָב ניט געפילט קיין גרויסן איבערבייט, ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט — זאָגט שלמהלע — איך האָב זיך כסדר געפונען אין דער זעלבער וואַרעמער שטוב ביי מיין טייערסטן פריינט לוקאשעוויטש, צווישן די קינדער, ווו איך בין געוואָרן מער אָנגעזען. כ׳האָב מיטן גאַנצן האַרצן גע־זאָגט די תפילות, כ׳האָב טייער געהאַלטן דעם קאַטעכיזם, דעם צלם־קראַנץ און דאָס הייליקע בילד פון דער קאָמונע...

— ווי אַזוי אָבער ביסטו פאַרט געוואָרן אויס קאַטשינסקי?

— כ׳ווייס ניט ווי אַזוי מען האָט זיך דערוווּסט פון מיר... איינמאָל איז געקומען צו מיר אַ פּוילישער מיליטערמאַן, האָט מיך אַרויסגערופן אויף דער גאַס און צו מיין גרויס פאַרוווּנדערונג אָנגעהויבן רעדן צו מיר אין יידיש... כ׳ווייס ניט פון וואָס, אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב נאָך אַזוי פיל יאָרן דערהערט צום ערשטן מאָל אַ יידיש וואָרט, צי איך בין דערשטוינט געוואָרן, וואָס אַ מיליטערמאַן רעדט אויף יידיש און ס׳איז מיר אויסגעקומען, אַז ס׳איז אַ חלום. — איך האָב זיך ביטער פונאַנדערגעוויינט... מיט אַ מאָל האָב איך דערהערט דער מאַמעס לעצטן געשריי: „ראַטעווע זיך כאָטש דו, קדיש מיי־נער!׳...

אויס מיט מאַרעק קאַטשינסקי! ווידער שלמהלע גזשיוואַטש.

דאָס יינגל האָט אָבער ניט איבערגעריסן די גרויסע פריינדשאַפט מיט זיינע רעטער. ער שרייבט זיך כסדר מיט זיין מלאך המושיע לוקאשעוויטש, מיט דעם פּראָפעסאָר סאַוויצקי, מיט די קינדערלעך, מיט די לערער...

— אַזעלכע מענטשן — זאָגט שלמהלע — ווי לוקאשעוויטש און דער פּראָפעסאָר איז שווער צו געפינען... ווען איך וועל נאָר אָנהייבן צו פאַרדי־נען, וועל איך פאַר דאָס ערשטע געלט קויפן מתנות פאַר זיי. כאָטש אָפּ־דאַנקען ווי עס באַדאַרף צו זיין, וועל איך זיי שוין מיסתמא קיינמאָל ניט קענען.

— ביסטו צופרידן, וואָס דו ביסט געוואָרן צוריק שלמהלע, וואָס דו פאָרסט קיין ארץ־ישראל?

ווידער האָבן זיך באַוויזן פון די אויגן בריליאַנטן אויפן פנים ביי אים. ער האָט זיך אָבער גיך באַהערשט:

— אַוודאי בין איך צופרידן, אַוודאי... — און ער האָט מיט ברייט צעעפנטע אויגן מיך אָנגעקוקט. איך האָב דערזען ווידער פאַר זיך די יידישע אויגן, וועלכע לאָזן זיך פון קיין זאַך ניט אויסבאַהאַלטן; יידישע אויגן פון אַ קינד, וואָס טראָגט אין זיך דעם גרויסן צער און טרויער פון דערוואַקסענע. ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף מיר... אין זיינע שוואַרצאַפּלען האָט זיך צעבלינצלט אַ פּייערל.

# ער איז געווען אַ מיידל

און די לאגע אין שטאָט ווערט אַלץ ערגער און ערגער. דער טאַטע ליגט שוין דעם דריטן חודש אין קעלער באַהאלטן און זעט די ליכטיקע שיין ניט אָן. די מאַמע — אַ פאַרצאַגטע שטייט טאָג און נאַכט ביי די פענצטער אַפּ, טאַמער לויפן די אוקראַינער אָן. אָן אָטעם, אַ צעשראָקענע קומט זי צולויפן אין שטוב מיט פאַרשוואָלענע אויגן.

— ניט צום גלויבן, ניט צום גלויבן, — ברעכט זי די הענט און טרערן נעמען ווי פון אַ קוואַל פליסן, ווען זי דערזעט דאָס צעשראָקענע פּנימל פון איר איינציקן דודלען.

פאַר איר וואָלט איר שוין גאָרניט געאַרט. אויך פאַרן מאַן, איר איינציקן פריינט אין לעבן, האָט זי זיך שוין אַזוי שטאַרק ניט געזאָרגט.

— דודל! — און ווי נאָר זי דערזעט דאָס קינד, גייט איר דאָס חיות אויס פון האַרצן. ערשט ניט לאַנג נאָך איז די שטוב פול געווען מיט זון און פרייד. ערשט ניט לאַנג נאָך האָבן די עלטערן, פריינט און אָן אַ שיר קינדערלעך זיך געפּרייט דאָ אין שטוב צוליב דודלס צען יאָריקן געבורטסטאָג. ליגן איצט די אָנגעבראַכטע מתנות צעוואָרפענע, פאַריתומטע. אַזוי ווי פאַריתומט עס פילט זיך דודל. פאַריתומט כאָטש לעבן אים שטייט די מאַמעלע און דער טאַטע איז, צום גליק, אויך דאָ...

— דודל! — און ווי נאָר דער טאַטע דערזעט אים, גייט דאָס חיות פּון האַרצן אויס. פאַר אים וואָלט שוין גאָרניט געאַרט. אָבער ווי היט מען אויס דאָס אויג פון קאָפּ? דאָס אויג — איז דער בן יחיד דודל.

איינמאָל פאַלט אַריין די מאַמע פון גאַס ווי אַ גליקלעכע:

— ס'קען זיין דודל — צערטלט זי זיינע לאַנג געשאָרענע הערעלעך — אַז מען וועט מאַכן אַ געטאָ פאַר אונדז. אפשר — פאַרבייסט זי די ליפּן און ווידער גיסן זיך שוין טרערן — אפשר וועט בעסער זיין. דאָרט וועלן אפשר די אוקראַינער שוין ניט טאָרן אַריינגיין. דער טאַטע וועט זיך שוין ניט דאַרפן באַהאלטן.

און דאָס „גליק" איז גאָר גיך געקומען. די לעמבערגער יידן ווערן אַריינגעטריבן אין געטאָ. די משפּחה טענענבוים — טאַטע־מאַמע און זון — מיינען, אַז אין געטאָ וועלן זיי אויסגעהיט ווערן כאָטש פון רויבער, פון אָנפאַלער, פון כאַפּער. נאָך גיכער קומט די אַנטוישונג. טאָג און נאַכט ווערן אַרויסגעשלעפּט טויזנטער יידן פון געטאָ.

— דודל, דודל, וואָס טוט מען מיט דודלען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען אים, דעם איינציקן, דאָס אויג אין קאָפּ? — וועגן זיך טראַכטן שוין נישט די עלטערן. זיי זענען שוין גרייט אויף דאָס ערגסטע. אָבער... און צוויי פּאָר אייגן רינגען מיט טרויער זעענדיק ווי דער בן־יחידס גורל, קען ניט זיין קיין אַנדערער ווי זייערער.

— מען מוז אָבער דאָס ייִנגל ראַטעווען!

קומט דער טאַטע איינמאָל פון דער אַרבעט און אַנשטאָט אויסגעלאָשענע אויגן דערזעען מאַמע און זון פייערלעך ברענט דאָרט.

— וואָס איז טאַטע? — פאַלן ביידע אויף אים אַרויף.

— איך בין געווען ביים פּראָפעסאָר קורטשינסקי. ער האָט מיך צו־ערשט קאַלט אויפגענומען. איך האָב זיך אַזש פונאַנדערגעוויינט.

דאַן האָט ער אַ זאָג געטאָן: „מענער איז שווער אויסצובאַהאַלטן, מען קען זיי דערקענען. האָט ער אַרויסגעפּלאַצט: „טאָ ראַטעוועט כאָטש מיין פרוי און טעכטערל“!

— וואָס פאַראַ טעכטערל? — האָט אַן איבעראַשטע אויסגערופן פאַני צום מאַן.

— מיר איז דאַן איינגעפאַלן פּלוצלינג — זעצט פאָר דער טאַטע — צו פאַרקליידן דודלען פאַר אַ מיידעלע. ס׳מאַכט ניט אויס, קורטשינסקי ווייסט דאָך ניט צי מיר האָבן אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל אַזוי, אַזוי זונעלע מיינס — נעמט ער דודלען אויף די קני, — ווילסט ווערן אַ מיידעלע?...

אין אַ העלן פאַרטאָג האָבן זיך אַרויסגעשלייכט פון געטאָ אַ מוטער מיט אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער מיט איר טעכטערל. אין וועג האָבן זיי זיך לאַטעס פון זיך אַראָפּגענומען און זיך פאַרקערעוועט אין אַ זייטיק געסל.

קורטשינסקי דערזעענדיק זיי איז אַריינגעפאַלן אין התפילות:

— אמתע פּוילישקעס! גאַרניט ענלעך אויף ייִדישקעס.

דודל האָט זיך ניט גאָר גוט געפילט, וואָס ער דאַרף לייקענען ווער ער איז, ער האָט זיך אָבער דערמאָנט דעם צוזאָג וואָס ער האָט געגעבן דעם טאַטן וואָס איז פאַרבליבן אין געטאָ און האָט זיך שעמעוודיק אונ־טערגעגעבן די רייד פון פּראָפעסאָר.

קורטשינסקי האָט אין עטלעכע טעג אַרום זיי געבראַכט פּאַפּירן.

— פון איצט אָן — האָט ער זיך אָפּגערופן צו פאַנין — הייסט איר מ אַ ר י אַ וו י ע ט ש אָ ר ק אָ וו ס ק אַ און דו טאָכטערשי וועסט הייסן ט ע ר ע ס י אַ . וועסטו ניט פאַרגעסן?

— איך וועל ניט פאַרגעסן — האָט דודל מיט אַ ציטערדיק קעלכל שטיל אַרויסגעזאָגט.

— און איצט, אַז איר האָט שוין דאָקומענטן — האָט ווייטער דער פּראָפעסאָר געזאָגט — וועל איך אייך אַוועקשיקן, אַ צען קילאָמעטער פון

דאַנען, אין שטעטל זימנא וואָדא צו מיינע באַקאַנטע. פאַר זיי אָבער זאָלט איר חלילה ניט זאָגן, אַז איר זענט יידן.

. . . אויס דודל. דאָס קינד דאַרף פאַרגעסן אַז ער האָט געהייסן מיט אַזאַ נאָמען. דאָס קינד דאַרף פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִנגל, ווען ער מוז שפּילן די ראָל פון אַ מיידעלע.

ווען זיי זענען געפאָרן אין דער מאַשין צו זימנא וואָדא, איז זיי פון געדאַנק ניט אַרויס דער טאַטע, וואָס האָט זיך מקריב געווען פאַר זיי און איז געבליבן אין געטאָ. דעם טאַטן אַרויסצוראַטעווען, איז איצט געווען פאַר זיי דער איינציקער ציל.

די צוויי נייע פנימער רופן אַרויס אַ פאַרדאַכט ביי עטלעכע שטעטלשע איינוווינער.

— זי, די אַ ל ט ע — זאָגט איינער צום אַנדערן — זעט נאָך אויס ווי אַן אונדזעריקע, אָבער דאָס טעכטערל איז אַ פרעמדס זיכער, ניט אירס.

אין אַ פראָסטיקער יאַנואַר־נאַכט אַנטלויפן מאַמע און קינד פון שטעטל.

זיי קומען צוריק אין שטאָט און שלייכן זיך אין געטאָ צוריק אַריין. אין שרעק דערנענטערן זיי זיך צום הויז ווו דער טאַטע געפינט זיך. זיי טרעטן די שוועל אַריבער און פאַלן אַריין צווישן אומבאַקאַנטע מענטשן.

— מיין מאַן ווו איז? — רייסט זיך אַרויס פון דער מאַמען אַ האַרץ־רייסנדיק געשריי! וואַרטנדיק וואָס דער ענטפער פון די שכנים וועט באַטייטן.

— דער טאַטע!... — רייסט זיך אַרויס פון דודלען וואָס פאַלט אַרויף אַ ווייבעגדיקער אויף דער מאַמען.

קיינער ענטפערט ניט. ס'איז קלאָר — דער טאַטע איז שוין מער ניטאָ.

מער אין געטאָ איז שוין ניטאָ וואָס צו טאָן, קוים איז דער טאַטע נישטאָ.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי זיך ווידער דורכגעריסן אין שטאָט אַרויס, און ווידער אַוועק צו קורטשינסקין.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך אויף זיי געבייזערט, פאַרוואָס זענען זיי פונעם שטעטל נעלם געוואָרן.

נו, איז וואָס אַז מען זאָגט אַז איר זענט יידן? זאָל מען זאָגן. אייערע פּאַפּירן זענען גוטע און קיינער קען אייך גאָרניט טאָן.

זיי ווייסן אַז קורטשינסקי קען ניט פאַרשטיין זייער לאַגע. „צו לייכט נעמט ער אויף די לאַגע אונדזערע" האָט די מאַמע אַ טראַכט געטאָן.

דער פּראָפעסאָר האָט באַמערקט מיטאַמאָל אַז די מאַמע איז גראָ געוואָרן פאַר דער קורצער צייט וואָס ער האָט זי ניט געזען. אויך דאָס קינד איז ניט צו דערקענען, אָפּגעצערט, נאָך טרויעריקער.

— וואָס איז געשען? — פרעגט ער — צי איז ניט וואָס געשען מיט העד טענענבוים? —

מער זענען זיי שוין פון זימנא וואָדא ניט אַרויסגעפאָרן. זאָל מען ריידן, זאָל מען שרייען, זאָל מען מסרן. אַנדערשוואו צו גיין איז סיי ווי ניטאָ. זייער אומדערשראָקנקייט דערשרעקט די שכנים. טערעסיאַ ווערט גאָר גיך דאָס ליבלינג ניט נאָר פון אירע חברטעס וואָס זי באַקומט דאָ, נאָר אויך פון זייערע עלטערן. ווי ס׳קומט נאָר דער פרימאָרגן זענען שוין ביי מאַריאַן פול קינדער. זיי נעמען מיט טערעסיאַן אין שטעטל אַריין. זיי שפּילן זיך גאַנצע טעג און צו מיטיק קומט דאָס קינד אַהיים אַן אומעטיקע. זי האָט שוין קיין כוח ניט צו די קינדער וואָס ווילן זיי פון איר? קיין אַנ־דער זאַך ליגט זיי שוין ניט אין קאָפּ ווי נאָר שפּילן זיך... דעריבער טרעפט אָפּט, אַז מאַריאַ זאָגט די קינדער, אַז טערעסאַ פילט זיך ניט גוט, אַז זי קען זיך היינט ניט שפּילן.

אין אַזעלכע טעג, ווען מאַריע מיט דער טאָכטער געפינען זיך אין שטוב, איז די מאַמע רואיקער. זי איז צופרידן וואָס עס וואַקסן לענגער די האָר ביים קינד. וואָס מען קען עס שוין אין צעפּעלעך צונויפפלעכטן, וואָס די צעפּעלעך דערלאָזן שוין קיינעם ניט צווייפלען קודם כל, אין דער מיי־דלשקייט פון איר זונעלע, פון איר קדיש.

פאַרשטייט זיך אַז דאָס לעבן פליסט ניט. אָפּט קומט פּאָליציי קאָנ־טראָלירן די דאָקומענטן. מאַריאַ איז שוין זיכער אַז מען האָט זיך דערוווּסט, אַז מען נעמט זיי שוין ביידן צו פון דאַנען. איר קאַלטבלוטיקייט, איר פּאַרטאָן זיך אין דער שטריקעריי־אַרבעט בשעת מעשה העלפט איר אַרויס. די פּאָליציי אַנטשולדיקט זיך, גייט אַוועק.

וואָס ווייניקער זיין אין גאַס, וואָס מער אין שטוב. ניט נאָר צוליב דער געפאַר וואָס עס דראָעט זיי. נעכטן איז מאַריע געקומען אַ צעקלעמטע פון גאַס. עס גייט ניט אַרויס פון זכרון דאָס בילד, ווי אַזוי אַ דייטשער מאָטאָ־ציקליסט האָט געטריבן אַ יידיש ייִנגל. אויך טערוניאַ איז היינט געקומען אַ צעבראָכענע: „זי״ האָט געזען ווי מען האָט היינט די יידן פון שטעטל ערגעץ ווו אַוועקגעפירט.

גאָר שווער איז געווען אין די יום־טוב טעג. דאַן האָט מען זיך געמוזט ווייזן אין קלויסטער, פאַרן גלח זיך מתוודה זיין, צו שכנים צו געסט גיין און שפּעטער צו זיך איינלאַדן.

זענען שוין צוויי יאָר אַוועק. דודל האָט זיך אין זיין טערעסאַ־ראָל גוט איינגעלעבט. ער פלעגט זיך שטעלן אָפּט פאַרן שפּיגל און זיך דערשרעקן פאַר זיך אַליין.

— מאַמע! — פלעגט ער שטיל אַרויסשעפּטשען — ווי וועל איך דאָס אויסזען ווען איך וועל פון זיך דאָס קליידל קענען אַראָפּוואַרפן און די צעפּ אָפּשערן? וועל איך שוין אויסזען שטענדיק ווי אַ מיידל? — ער פלעגט זיך פאַרן שלאָף פונאַנדערקעמען די לאַנגע האָר, זיי ווידער אין צעפּ צונויפ־

פלעכטן און אַלץ געטראַכט ווי וועט ער דאָס אויסזען ווען ער וועט צוריק אַ יינגל ווערן.

האַרט פאַר דעם ווי די דייטשן זענען פון שטעטל אַנטלאָפן, האָט טערעסיא געקענט אַריינפאַלן. די סאָוועטן האָבן דאַן באָמבאַדירט לעמ־בערג. די באַפעלקערונג איז פון שטאָט געלאָפן אין די אַרומיקע שטעטלעך זיך אויסבאַהאַלטן. שטייענדיק אַזוי פאַר דער שטוב איז פלוצלונג אָנגעגאַנ־גען קעגן טערעסיאן עפּעס אַ יינגל. טערעסיאן האָט אַ זעץ געטאָן אין האַרץ: „יורעק דוכט זיך?!" דאָס יינגל גייט צו נענטער צו איר. טערעסיאַ דערקענענדיק אים, טוט זיך אַ קערעווע, וועלנדיק אַריינלויפן אין שטוב. דעם יינגלס קול אָבער דעריאָגט איר:

— ווו גייט מען דאָ צו יורקעוויטשן, מיידל?

טערעסיאַ האָט זיך האַסטיק אַ דריי געטאָן און אַ פיל טוענדיק מיט דער האַנט אויסגעשריען:

— גלייך אויף לינקס! — און איז אָן אָטעם אַריין אין שטוב פאַרקלאַ־פּנדיק הינטער זיך די טיר.

**
*

אויף דער פאַרוואָרפענער פּיקפּוס־גאַס פון דער גרויסשטאָט פּאַריז, האָב איך אין אַ ראָטשילד הויז געטראָפן דער מאַמען מיטן יינגל. אויפן טיש האָט די מוטער אויסגעצויגן דאָס היסטאָרישע קליידעלע פון איר יינגל, ווען ער האָט געמוזט אַ מיידל זיין. אין די הענט האָט די מוטער געצערטלט די צוויי אָפּגעשאָרענע צעפּ, וואָס זי האַלט עס איצט ווי אַ זכר פון יענער טרויעריקער צייט. ווי אַ אָנדענק איז אויך געבליבן די איינציקע פאָטאָ־גראַפיע ווי דודל האָט אויסגעזען דאַן אין שטעטל. די מוטער איז פאַר דער צייט נאָך גראָער געוואָרן. דער יונג איז זייער פונאַנדערגעוואַקסן ווי אַ זאַפטיקער צווייג פון אַ אָפּגעשניטענעם בוים, וואָס ציענדיק יניקה פון דער ערד גיט אַרויס בליענדיקע פרוכטן דער גאַנצער וועלט.

# דער וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

## (ווי אזוי הירש גליק האָט געשאפן דאָס אומשטערבלעכע ליד „זאָג ניט קיינמאָל אז דו גייסט דעם לעצטן וועג")

בלויז די בוידעם־שטיבלעך האָט די זון באַוויליקט אַ צערטל צו טאָן. אויף די אונטערשטע שטאָקן און אין די געסלעך פלעגט די זון זעלטן אַ קוק טאָן. די בלאַסע פאַסן איבערן געטאָ האָבן צעגליט בענקשאַפט נאָך אַ ביסל גרינס, זון, לופט און וואַסער.

שטייענדיק אַזוי אַרומגענומען מיט דער גרויסער בענקשאַפט, ניט ווייט פון געטאָ־טויער, האָט זיך מיטאמאָל אַריינגעשלייכט אַ פאַרבלוטיק־טער יונגער בחור פון גאַס און איז גיך פאַרשוואונדן אין אַ טויער. מיר האָבן אַראָפּגעריסן פון אים די קליידער, אַרומגעוואַשן דאָס בלוט. פאַרבונדן דעם פאַרוואונדעטן אַקסל.

— איך קום פון פּאָנאַר. — האָט ער אויסגעצישעט, פאַרשטייענדיק, אַז מיר ווילן אים איצט ניט באַאומרואיקן מיט קיין פראַגעס.

מיר זענען געבליבן פאַרשטיינערט.

— אַלעמען, אַלעמען האָט מען אויסגעשאָסן — קייקלען זיך די טרערן איבער דעם אָפּגעוואַשענעם פּנים.

—וועמען? די פיר טויזנט יידן וואָס זענען געפאָרן אויף קאָוונע?

— יאָ!

געשען איז דאָס אין אַ פאַרטאָג פון 5טן אַפּריל 1943.

אַנדערטהאַלבן יאָר איז די לאַגע אין געטאָ געווען „סטאַביליזירט". יידן האָבן געמיינט, אַז די אַקציע אויף הונדערט זקנים, אויף יחידים אָדער אויף קלענערע גרופּקעס, האָט ניט צו טאָן מיט דער ווייטערדיקער עקזיסטענץ פון געטאָ. עס זענען אַפילו געווען גלויביקע, וועלכע האָבן געמיינט, אַז די ווילנער געטאָ איז ביי די דייטשן אַן „אתה בחרתנו"־געטאָ. די פיר טויזנט צעשאָכטענע יידן אין דעם פאַרטאָג, האָבן שוין אויך די גלויביקע מיטאמאָל באַוויזן דעם טויט אין די אויגן, דעם טויט וואָס קיינעם שוינט ער ניט.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אין געטאָ אַ פיבערהאַפטע זוכעניש נאָך געווער. ניט נאָר די פאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט צו באַקומען וואָס מער געווער, נאָר אויך סתם יידן האָבן אָנגעהויבן אַקערן אומעטום, כדי צו באַקומען וואָס אין האַנט, ווען מען וועט באַדאַרפן.

די שטימונג אין געטאָ ווערט אַלץ אָנגעגליטער.

„האַלא, האַלאָ! די פאַרבליבענע יידן אין וואַרשעווער געטאָ, האָבן אָנגעהויבן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די מערדער פון יידישן פאָלק. די געטאָ שטייט אין פלאַמען!" — דער געהיימער ראַדיאָ ביולעטין פון דער פאַרטיזאַנער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, האָט בלויז עטלעכע שורות וועגן דעם דערציילט. מיר האָבן ניט געוווּסט קיין פּרטים פון אויפשטאַנד. בלויז עט־לעכע ווערטער, עטלעכע פונקען — אָבער מיר האָבן שוין דערזען די פלאַ־מען פון וואַרשעווער געטאָ, די יידן וועלכע קעמפן מיט געווער אין האַנט אויף פאַר אונדזער כבוד.

רולאָזע טעג און שלאָפלאָזע נעכט. באַוואָפנענדיק זיך מיטן געווער, וואָס מיר האָבן מיט דער גרעסטער געפאַר זיך איינגעשאַפט, האָט אונדז די ידיעה וועגן אויפשטאַנד מאָראַליש דערהויבן. שטאָלץ געמאַכט.

זענען אַוועק טעג און מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום ידיעה וואָס עס טוט זיך דאָרט. מיר האָבן זיך אָבער אין די געדאַנקען פאָרגעשטעלט ווי אַזוי עס קעמפן אונדזערע חברים. ס'איז אונדז געווען וויטיקדיק צו וויסן אַז דער קאַמף איז ניט קיין גלייכער, ס'איז אונדז אָבער גלייכצייטיק לייכטער געווען די שווערע צייט דורכצולעבן. ווי פליגל וואָלטן מיר באַקו־מען. שטאָלצע האָבן מיר געקוקט אויף די דייטשן, אין אונדזערע פייניקער. זיי האָבן שוין געוווּסט וואָס דער שטאָלצער בליק באַטייט. זיי האָבן פאַר־שטאַנען און זיכער האָט ניט איינער פון זיי געטראַכט „ווער ווייס, צי אויך איך וועל ניט דאַרפן קעמפן קעגן די ווילנער יידן און געהרגעט ווערן פון זיי".

אויף דער שאַוולער געסל האָבן מיר אין דער נאַכט פון 1טן מאַי איינ־געאָרדנט אַן אָוונט א. נ. „פרילינג אין דער יידישער ליטעראַטור". „פרי־לינג" — אַן אומשולדיקער נאָמען, אָבער די געקומענע הונדערטער באַזוכער האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען געקומען פייערן דעם ערשטן מאַי.

איין רעדנער, אַ צווייטער, איין ליד, אַ צווייטע. אַלץ איז דורכגעדרונ־גען מיטן גייסט פון דער קעמפנדיקער וואַרשע.

— „ווען מיר פייערן דאָ אין לאָקאַל, אַלע געמיינזאַם דעם ערשטן מאַי, שטייט אין קאַמף איצט דאָס וואַרשעווער געטאָ, — רופט אויס דער פאָרזי־צער פון אָוונט הערמאַן קרוק — כבוד די קעמפער! כבוד די געפאַלענע"! — מיר האָבן זיך אַלע מיט אַמאָל אויפגעשטעלט.

אין ענגן זאַל האָט אָנגעהויבן פלאַטערן דער גייסט פון די וואַרשע־ווער אויפשטענדלער. מיר האָבן געוווּסט, אַז מאָרגן, איבערמאָרגן, וועט אויך וועגן אונדז דער ראַדיאָ איבערגעבן דער וועלט, אַז די יידן אין דער געטאָ פון ירושלים ד'ליטא, האָבן אָנגעהויבן דעם ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן.

ס׳איז געוואָרן טויט־שטיל אין זאַל. ציטערדיק האָבן געקלונגען די טרויער־טענער פון די געטאָ־אַקטיאָרן.

ניט באַמערקנדיק איז צו מיר צו פון דער זייט הירשקע גליק.

— נו, וואָס הערט מען הירשל ביי דיר?

— כ׳האָב אָנגעשריבן אַ ניי ליד, ווילסט הערן?

— אַ ליד גאָר אינמיטן דערינען? נו, לייען.

— אָבער ניט איצט, מאָרגן וועל איך צו דיר ארויפקומען, מאָרגן. דאָס ליד זינגט זיך.

אויף מאָרגן איז הירשקע אין פרימאָרגן שוין געוועזן ביי מיר.

— אָבער הערט גוט צו — בעט ער זיך ביי מיר — איך וועל דאָס גלייך זינגען, אָבער פּלאַמיק, מיט האַרץ. די אויגן האָבן זיך צעגלאנצט אין פייערלעך:

. . . קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה...

פון וואַנען אָט־דער זיכערער גלויבן? הירשל לאָזט ניט טראַכטן. עס ווערט פאַרלאָרן דער ציטער פון שטים. זיכער, האַמערט ער די ווערטער אויס, קלאַפּט צו מיט אַ פוס, ווי ער וואָלט איצט אין מאַרש געגאַנגען:

דאָס האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט...

— בראַוואָ הירשקע, בראַוואָ! האָב איך אים געדריקט די האַנט.

איך האָב דערפילט אין יונגס ווערטער דעם רושם וואָס דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ האָט געמאַכט אויף אים, אז ער אָטעמט מיט דער לופט פון גראַנאַטן און נאַגאַנען.

זענען אַוועק די חדשים מאַי, יוני, יולי און אויגוסט. פאַר אונדז, פאַר־טיזאַנער האָט זיך נאָך אָבער געצויגן דער אַפּריל, די טעג און וואָכן פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

# אין אַ יאָר אַרום

„מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געוווינט ווערן" — דאָס דאָזיקע יידיש גלייכווערטל האָבן כ ס ד ר איבערגערעדט די יידן, וועלכע זענען געווען אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע.

— ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, — פלעגט זאָגן איין פרוי צו אַ צווייטער ביי אונדז אין ווילנער געטאָ, — אַז עס וועט זיין ביי מיר אין שטוב אַ גרויסע מציאה מצות געבאַקענע פון קאָרענע מעל...

— און די רבנים זאָלן נאָך אַרויסגעבן אויף דעם אַ היתר — רייסט איבער אין מיטן די רייד די אַנדערע פרוי.

— וואָלט כאָטש קאָרענע, מצה געווען, — ווייטיקט אויס אַ דריטע שכנה — צען מצות האָב איך באַקומען אויף אַ גאַנצן פסח. וועמען זאָל איך דאָס פריער געבן? די רבנים אין געטאָ האָבן אויך מתיר געמאַכט רעטש־קענע מעל און אַרבעס. אָבער אויך די אַרטיקלען זענען געווען אין געטאָ־גהינום — גן־עדן־פּראָדוקטן. פלעגט מען עסן שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, אַנ־דערע אָפּפאַל און דערביי פלעגט מען צוגעבן: „מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געוווינט ווערן"... אַנדערע יידן האָבן נאָך דערזאָגט: „מען דאַרף נאָר ניט זינדיקן, עס קען נאָך זיין ערגער".

— וואָס הייסט עס קאָן נאָך זיין ערגער" — האָבן אייניקע דערווי־דערט — וואָס קען זיין נאָך ערגער?

...און אין אַ יאָר אַרום.

איך ווער פאַרוואָרפן אין געטאָ פון שטעטעלע קאָבילניק. ווּיסנדיק, אַז עס קומט פסח, האָבן מיר אויך געוווסט, אַז גראַד די יום־טוב־טעג, ווען יידן פּרווון זיך פאַרגעסן פון טרויעריקן נעכטן, באַפאַלן די נאַציס די גע־טאָס. האָבן מיר זיך פאַרקליבן, נאָך אַ פּלוצלונגדיקן אַלאַרם, אין אַ גרוב־באַהעלטעניש. ס'האָט געשראָקן די אימהדיקע שטילקייט. ביסלעכווייז זע־נען מיר אָבער געוואָרן צוגעוווינט. דאָס „ל ע ב ן" אין באַהעלטעניש איז געוואָרן „נאָרמאַל". מען האָט זיך צוגעוווינט... און אָט מורמלט ווער אויס:

— קינדער... קינדער!... ס'איז דער ערשטער סדר איצט.

— טאַקע?! — האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן.

הייבן זיך אָן צו וועבן זכרונות־פּעדים פון לעגענדאַרע סדרים מיט צוואַנציק יאָר צוריק, מיט צען יאָר צוריק, מיט פינף...



אויף דער שיף „קדמה" אויפן וועג קיין ישראל אין יאָר 1950.



ש. קאַטשערגינסקי און אברהם זאַק אויף דער שיף
„קדמה" אין יאָר 1950.



**אין ישראל. אין רעדאַקציע „דבר“, 1950.**

עס זיצן: מ. טורקאָוו, י. מאַסט־בוים און א. זאַק.
עס שטייען: ש. קאַטשערגינסקי, ש. בערלינסקי, מ. גראָסמאַן, י. מ. ניימאַן, א. וו. יאסני.



**אויף אַן אויפנאַמע ביי זלמן שזר אין תל־אביב**

עס שטייען פון רעכטס: יואל מאַסטבוים, משה גראָסמאַן, מאַרק טורקאָוו, זלמן שזר, ש. קאַטשערגינסקי.
עס זיצן: רחל שזר, אברהם זאַק, ראָזאַ טורקאָוו, זיגמונט טורקאָוו, שמעון קושניר און פרוי.

און פאַר אַ יאָרן... וואָס האָט אונדז געפעלט פאַר אַ יאָרן? — ווײַנט אַרויס פון דער פינצטערניש אַ מאַמעשע שטים.

מיר זענען געבליבן געפּלעפט. וואָס הייסט „וואָס האָט אונדז געפעלט פאַר אַ יאָרן?"... — האָבן מיר זיך יעדערער געטראַכט, — מיר זענען דאָך געווען אין געטאָ.

וואָס קען זיין פינצטערער פאַר פינצטער? מיר האָבן דערפילט ווי אַ געדיכטע כמאַרע באַדעקט אונדזערע אויגן. יאָ. אמת. פאַר אַ יאָרן, אַפילו ווען מיר זענען שוין געווען אין געטאָ, איז אונדז אויך בעסער געווען. די מאַמע האָט נאָך דאַן אירע קינדער געהאַט, מיין שכן פון רעכטס האָט נאָך דאַן געהאַט זיין שוועסטער, און דער פון לינקס איז אין דעם יאָר געוואָרן אַן אלמן. פאַר אַ יאָרן האָט מען נאָך צוזאַמען דעם סדר געפּראַוועט... אָבער הײַ־יאָר... איצטער...

— יידן, נאָר ניט זינדיקן — האָט זיך ווער אַריינגעריסן אין די דמיונות. עס קען נאָך ע ר ג ע ר ז יי ן... — און איידער מען האָט באַוויזן צו פאַרקלערן זיך איבער אָט די ווערטער, האָט דער בעל־דברן אַריינגערוקט יעדן צו צוויי קאַלטע אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל.

— הא לחמא עניאָ — האָט עמיצער צוגעגעבן און אָנגעהויבן עסן און מיר אַלע נאָך אים האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

— לאָמיר האָפן — האָט אַן אַנדער ייד באַמערקט — אַז איבער אַ יאָר וועט זיין בעסער.

און... אין אַ יאָר אַרום.

אין די ווילדע געדיכטענישן אין די ווייסרוסישע בלאָטעס, זומפּן און וועלדער. דער שניי צעגייט זיך אין טייכן פון דער פרילינגדיקער זון. ס'איז ממש ניט מעגלעך צו גיין אויף קיין קאַמפּס־אויפגאַבעס. די מערסטע פּאַרטיזאַנער ליגן ביי זיך אין די ערד־שטיבלעך און רייניקן, גרייטן דאָס געווער. אַרום די פּאַרטיזאַנישע פונקטן ליגן צעזייט אויך איינציקע שטיבלעך, וווּ עס וווינען די לעצט־געראַטעוועטע יידן פון די צענדליקער אַרומיקע אויסגעקוילעטע שטעטלעך.

האָב איך אין אַזאַ טאָג זיך אַוועקגעלאָזן באַזוכן מיינע באַקאַנטע יידן פון קאָבילניק. אַריינדרייענדיק זיך אין אַ זייטיקן וואַלד־וועגל צום שטיבל, האָב איך צו מיין גרויס וווּנדער דערזען אַן אויסגעפּוצטן, מיט זאַמד־באַשאָטענעם וועג. ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטיבל, האָט מיך באַהערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג.

— גוט יום־טוב! — האָבן זיך די יידן אַרומגעכאַפּט מיט מיר. און איידער איך באַוויז זיך אַרומצוקוקן איבער דער צוגעקליבענער ערד־שטיבל, דערזע איך — אַ וווּנדער איבער וווּנדער — מצות אויפן טיש! מצות — ליכטיקע און קלאָרע.

— לאָמיר האָפן — האָבן די יידן זיך געווונטשן — אַז איבער אַ יאָר, וועלן מיר שוין עסן מצות אין אַ פרידלעכער וועלט.

...די ברכה איז מקוים געוואָרן אַביסל שפּעטער. אין צוויי יאָר אַרום. ווען מיר האָבן געגעסן מצות, איז די מלחמה שוין געווען אַריבער. די אומ־פאַרגעסלעכע זכרונות פון פאַרגאַנגענע טעג און יאָרן זענען אָבער נאָך אַלץ פאַרבליבן מיט אונדז.

# טאַטעס מאַמעס קינדערלעך.

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי.










טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך בויען באַריקאַדן,
אויף די גאַסן גייען אַרום אַרבעטער־אָטריאַדן.

ס'איז דער טאַטע פרי פון שטוב אַוועק אויף דער פאַבריק,
ווערט ער שוין אין שטיבעלע ניט קומען היינט צוריק.

ס'ווייסן גוט די קינדערלעך, דער טאַטע ווערט ניט קומען,
ס'איז דער טאַטע היינט אין גאַס מיט זיין ביקס פאַרנומען.

ס'איז די מאַמע אויך אַוועק אין גאַס פאַרקויפן עפל,
שטייען אין קיך פאַריתומטע די טעלער מיטן טעפל.

— ס'ווערט ניט זיין קיין וועטשערע — זאָגט חנהלע די יאַטן, —
ווייל די מאַמע איז אַוועק צוהעלפן דעם טאַטן...

פלוצלינג — טראַך! אַ פולע איז אַריין אין קליינעם שטיבל,
פאַרבייגעפלויגן חנהלען געמאַכט אין וואַנט אַ גריבל.

— אויב אַזוי — זאָגט חנהלע — קינדער קומט מיט מיר!
מאָטיע נעם די גרויסע קאָרב, מאירקע — די טיר. —

די שופלאָדן פון קאמאָד, מיט אַן אַלטע פּאַס,
אַ באַריקאַדע שטעלן מיר אויף אין מיטן גאַס.

די באַריקאַדע אויפגעשטעלט, אין שטיבל ניטאָ קיינער,
לויפן פּאָליציי פאַרביי, די קינדער וואַרפן שטיינער.

וואָס מיר, ווען מיר וועטשערע, עס דונערן האַרמאַטן,
די קינדערלעך פון שטיבעלע העלפן מאַמע־טאַטן...

טאַטעס, מאַמעס, קינדערלעך בויען באַריקאַדן,
אויף די גאַסן גייען אַרום אַרבעטער־אָטריאַדן.

ווילנע, 1926.

# פֿרילינג

טעקסט: ש. קאטשערגינסקי

מוזיק: א. ברודנא

*Moderato*

איך השע-בלאָט אין טאָ-גע פֿון סל-גע צו סל-גע אין

קען ניט גע-פֿי-נען קײַן אָרט טאָ-ני איז מײַן בער-לי וױ

עס וואָרט כאָטש נאָגט אַ פֿאַן-מעץ בער-לי-א מען סראָגט

ער-בלוי דער מל-הי דער איצט הײם מײַן אויף לויכט

לער-בעט א וױ שטײ איך פֿון-דער איצט איך האָב גע-וואָס

לע-סע-בי א טל-לע און ער-טײ

ער-טרויז מײַן גו נעם ליג-פֿרי-לין

ש. קאטשערגינסקי

- צו - ען - טרײַ מײַן סטן - ליב מײַן בריינג און

גל - פלי נע - דײַ אויף לינג - פרי ריק -

מיט הארץ מײַן נעם אָ ע - בלוי

גליק מײַן צו עס בריינג און

גל - פלי נע - דײַ אויף לינג פרי

מיט הארץ מײַן נעם אָ ע - בלוי

גליק מײַן צו עס בריינג און

# פרילינג

(ווילנער געטאָ)

איך בלאָנדזשע אין געטאָ
פון געסל צו געסל
און קען ניט געפינען קיין אָרט;
ניטאָ איז מיין ליבער,
ווי טראָגט מען אַריבער? —
מענטשן, אָ זאָגט כאָטש אַ וואָרט.
עס לויכט אויף מיין היים איצט
דער הימל דער בלויער —
וואָס זשע האָב איך איצט דערפון?
איך שטיי ווי אַ בעטלער
ביי יעטוועדן טויער
און בעטל, — אַ ביסעלע זון.

צוזאַנג: פרילינג, נעם צו מיין טרויער,
און ברענג מיין ליבסטן,
מיין טרייען צוריק.
פרילינג, אויף דיינע פליגל בלויע,
אָ נעם מיין האַרץ מיט
און גיב עס אָפּ מיין גליק.

איך גיי צו דער אַרבעט
פאַרביי אונדזער שטיבל,
איך טרויער — דער טויער פאַרמאַכט.
דער טאָג אַ צעהעלטער,
די בלומען פאַרוועלקטע,
זיי וויאַנען, — פאַר זיי איז אויך נאַכט.
פאַרנאַכט אויף צוריקוועגס,
עס נאַיעט דער טרויער,
אָט דאָ האָסטו, ליבסטער, געוואַרט.
אָט דאָ אינעם שאָטן

נאָך קענטיק דיין טראָט איז,
פלעגסט קושן מיך ליבלעך און צאַרט.

פרילינג נעם צו מיין טרויער...

ס'איז היי־יאָר דער פרילינג
גאָר פרי אָנגעקומען,
צעבליט האָט זיך בענקשאַפט נאָך דיר.
איך זע דיך ווי איצטער
באַלאָדן מיט בלומען,
אַ פריידיקער גייסטו צו מיר.
די זון האָט פאַרגאָסן
דעם גאָרטן מיט שטראַלן,
צעשפּראָצט האָט די ערד זיך אין גרין.
מיין טרייער, מיין ליבסטער,
ווו ביסטו פאַרפאַלן? —
דו גייסט ניט אַרויס פון מיין זין.

פרילינג נעם צו מיין טרויער...

# מאריקא

(ווילנער געטאָ)

Moderato

an e-ln-ter vint a vei-nen-dik Kind
in a far-nach-ti-ker sho far-
blon-dzet hot do nor du ma-ri-ko nor
du bist altz ni-to nor du bist altz ni-to.

D.C. ad Lib

אַן עלנטער ווינט, —
אַ וויינענדיק קינד,
אין אַ פאַרנאַכטיקער שעה
פאַרבלאָנדזשעט האָט דאָ,
נאָר דו, מאריקא,
נאָר דו,
ביזט אַלץ ניטאָ.

ס'האָט ווינט מיר געבראַכט,
אין בלאָען פאַרנאַכט,
דעם שאָרף פון דיין קלייד,
אין ווינט איינגעוויט,
נאָר דו, מאריקא,
נאָר דו,
ביזט אַלץ ניטאָ.

ש. קאַטשערגינסקי

טאָ זיי מיר אַ פריינד,
דו ווינטעלע היינט,
און טוליע מיך צו,
כ'בין עלנט ווי דו,
נאָר דו, מאַריקאַ,
נאָר דו, —
ביזט אַלץ ניטאָ.

איי־ליו־לע־ליו,
ס'וויגט איין מיך דער ווינט,
איי־ליו־ליע־לו־ליו־לו,
זיי רואיק מיין קינד,
וויגט ווינטל מיך איין;
איך וועל דיין
מאַריקאַ, זיין!

(מאַריקאַ — געזונגען געוואָרן אין דעם רעווי־טעאַטער פון ווילנער געטאָ „די יאַגעניש אין פּאַס" דורך שקלאַווסקי)

# שפּילער, שפּילער.

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי　　מוזיק: א. וואָלקאָוויסקי

*Andantino*

גן - שווי מיר - לאָ לער - שפּי לער - שפּי

-פּאַר די בן - סאָהאַ דאָ קסן - וואַ רים - קבֿ

בלאַ צו זיי נען - גרי נאָים שוי ד פּלאַנצט -

צו נאַר - פּאַ צי גן - ווע רן - ספּי

טע - פּאַ דער איז ריִק צו וועג קיין ספּירט

גליק דאָס אים מיט און נדן - שווי - פּאַר ווו

*Piu mosso*

צאַ - אַ ניס ווין מײַנס קינד לער שפּי

# שטילער, שטילער...

(ווילנער געטאָ)

שטילער, שטילער, לאָמיר שווייגן,
קברים וואַקסן דאָ.
ס'האָבן זיי פאַרפלאַנצט די שונאים:
גרינען זיי צום בלאָ.
ס'פירן וועגן צו פאָנאַר צו,
ס'פירט קיין וועג צוריק,
איז דער טאַטע ווו פאַרשוווּנדן
און מיט אים דאָס גליק.
שטילער קינד מיינס, וויין ניט, אוצר,
ס'העלפט ניט קיין געוויין,
אונדזער אומגליק וועלן שונאים
סיי ווי ניט פאַרשטיין.
ס'האָבן ברעגעס אויך די ימען,
ס'האָבן תפיסות אויכעט צאמען,
נאָר צו אונדזער פּיין
קיין ביסל שיין,
קיין ביסל שיין.

פרילינג אויפן לאַנג געקומען, —
און אונדז האַרבסט געבראַכט.
איז דער טאָג היינט פול מיט בלומען, —
אונדז זעט נאָר די נאַכט.
גאָלדיקט שוין דער האַרבסט אויף שטאַמען, —
בלוט אין אונדז דער צער;
בלייבט פאַריתומט ווו אַ מאַמע;
ס'קינד גייט אויף פאָנאַר.
ווי די ווילִיע אַ געשמידטע —
ט'אויך געיאָכט אין פּיין, —
ציען קריעס אייז דורך ליטע
איצט אין ים אַריין.

ס'ווערט דער חושך ווי צערונען,
פון דער פינצטער לייכטן זונען —
רייטער, קום געשווינד, —
דיך רופט דיין קינד,
דיך רופט דיין קינד.

שטילער, שטילער, ס'קוועלן קוואַלן
אונדז אין האַרץ אַרום,
ביז דער טויער וועט ניט פאַלן
זיין מיר מוזן שטום.
פריי ניט, קינד, זיך, ס'איז דיין שמייכל
איצט פאַר אונדז פאַראַט.
זען דעם פרילינג זאָל דער שונא
ווי אין האַרבסט אַ בלאַט.
זאָל דער קוואַל זיך רואיק פליסן,
שטילער זיי, און האָף...
מיט דער פרייהייט קומט דער טאַטע,
שלאָף־זשע, קינד מיין, שלאָף.
ווי די וויליע אַ באַפרייטע,
ווי די ביימער גרין־באַנייטע
לייכט באַלד פרייהייטס־ליכט
אויף דיין געזיכט,
אויף דיין געזיכט.

# דאָס עלנטע קינד

טעקסט : ש. קאַטשערגינסקי

מוזיק קרימסקי

*Andantino*

אָ רו - צו ניט לאָזט און ס'יאָגט ווער מיך ס'יאָגט

עס ווי סטו - בי ווי לע - מע - מאַ מײַן מע - מאַ

עס קינד דײַן דיר ס'רופט לע - רה - שׂ דײַן דיר זוכט

עס ווינט דער אים פעלד אין יעט - וואָ און מערט - יאָ

עס קינד דײַן דיר ס'רופט לע - רה - שׂ דײַן דיר זוכט

ווינט דער אים פעלד אין יעט - וואָ און מערט - יאָ

# דאָס עלנטע קינד

שרהלע קרינסקין (ווילנער געטאָ)

„ס׳יאָגט מיך ווער, ס׳יאָגט,
און לאָזט ניט צורו,
אָ מאַמע, מיין מאַמעלע,
וווּ ביסטו, וווּ?
עס זוכט דיך דיין שרהלע,
ס׳רופט דיך דיין קינד״...
ס׳יאָמערט און ס׳וואָיעט
אין פעלד אום דער ווינט.

„דער טאַטע — ניטאָ.
ווער ווייס וווּ ער איז?
עס האָט אים געפאַנגען אַ גרויזאַמער ריז,
די נאַכט שוואַרץ געווען איז
ווען דאָס איז געשען,
נאָך שוואַרצער דאָס פנים
מיין מאַמעס געווען...״

אין וואָגל פון טאָג,
אין וואַנדער פון נאַכט,
אין אומרו פון שלאָף
ליגט דאָס קינד און עס דאַכט:
„אָ, קינד מיינס!״ — זי הערט שוין
פון טאַטן די טריט,
די מאַמע פאַרוויגט איר
און זינגט איר דאָס ליד:

אַז דו וועסט אַמאָל אַ מאַמעלע זיין,
זאָלסטו דיינע קינדער
דערציילן דעם פיין,
וואָס טאַטע און מאַמע
געהאַט האָט פון פיינד.
פאַרגעס ניט דעם נעכטן —
דערמאָן עס זיך היינט!״

# וואַרשע

ס'פאַרשווינדט ניט די נאַכט, און דער טאָג קומט ניט אָן,
אַ בלוטיקע קויל ווערט די ערד שוין,
אַ ייד פלאַטערט אויף ווי אַ שטורמישע פאָן,
אַ פאָן אינעם טאָל פון די מתים.

אין חורבות דאָס געטאָ, די יידן — אין שלאַכט,
דער ייד שפּרייזט דורך רויך און דורך פלאַמען,
— נקמה! נקמה! — ער שטורעמט די נאַכט, —
פאַר קינדער, פאַר טאַטעס, פאַר מאַמעס!

דער שניי שיט און שיט און די ערד ווערט ניט ווייס,
עס האַלט נאָך דאָס בלוט אין איין זידן,
עס רופט נאָך נקמה אויף שנייאיקן אייז —
דאָס בלוט פון די העלדישע יידן.

קיין טאָג וועט ניט זיין, — רופט דער ייד — און קיין נאַכט,
מיר וועלן די וועלט ניט פאַרגעבן!
די וועלכע זענען געפאַלן אין שלאַכט,
אייביק אין אונדז וועלן לעבן!

מיר וועלן געדענקען דעם ווי און דעם מוט,
עס פיבערט אין גלי די נשמה,
קרייך אוים זיך אין האַרצן דריי ווערטער פון בלוט:
נקמה! נקמה! נקמה!

(געשריבן צום יאָרטאָג פון ערשטן אויפשטאַנד אין ווארשעווער
געטאָ דעם 18טן יאַנואַר 1944, אין די נאַראַטשער וועלדער).

# יוגנט - הימן

טעקסט: ש. קאטשערגינסקי      מוזיק: באסיע רובין

*Moderato*

מיט פול איז ליד דזער - און

טער - מון דזער - און איז דרייסט ער - טרוי

בײַם וואכט נא - שו דער האָטש גאנג

- גע מיט גנט - יו רעמפט - שטוי ער - טוי

עס ווער דער - יע דער - יע דער - יע איז יונג זנאנג -

- באַ קײַן בן - האָ רן - יאָ נאָר וויל

זײַן אויך שען - קע נען - קע טע - אל דײַט -

ע - פרײַ ע - נײַ א פון דער - קין

Z    FINE

צײַט

# יוגנט־הימן

אונדזער ליד איז פול מיט טרויער, —
דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג,
כאָטש דער שונא וואַכט ביים טויער, —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:

צוזאַנג: יונג איז יעדער, יעדער, יעדער ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַדייט,
אַלטע קענען, קענען, קענען אויך זיין קינדער
פון אַ נייער פרייער צייט.

ווער עס וואָגלט אום אויף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט ס'שטעלט זיין פוס,
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פונעם געטאָ אַ גערוס.

יונג איז יעדער...

מיר געדענקען אַלע שונאים,
מיר געדענקען אַלע פריינד,
אייביק וועלן מיר דערמאָנען
אונדזער נעכטן מיטן היינט.

יונג איז יעדער...

קלייבן מיר צונויף די גלידער,
ווידער שטאָלן מיר די ריי.
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי!

יונג איז יעדער...

(דאָס ליד איז געווידמעט געוואָרן דעם קינדער־ און יוגנט־
קלוב אין ווילנער געטאָ. אויף אַלע פאַראַנשטאַלטונגען
פון קלוב פלעגט דער יוגנט־כאָר אויספירן דעם הימן).

# איציק וויטנבערג

טעקסט: ש. קאטשערגינסקי

*Moderato*

דער עט - טיי - פאר - געץ - ער ס׳ליגט

דער יה - ח א ווי פיינט

מיין אין וואכט ער זער מאו

עס פאָ - סטא - גע צעם - פלו נאר האנט

דורך דען - שמי - גע א פירט

- מען - קאָ דעם ניש - צטער - פינ

I — II

- דאנט נאָר . דאנט

# איציק וויטנבערג

(ווילנער געטאָ)

ס'ליגט ערגעץ פאַרטייעט
דער פיינד ווי אַ חיה,
דער מאַוזער ער וואַכט אין מיין האַנט,
נאָר פלוצים — געסטאַפּאָ,
עס פירט אַ געשמידטן
דורך פינצטערניש דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט האָט מיט בליצן
דאָס געטאָ צעריסן,
„געפאַר!" — שרייט אַ טויער, אַ וואַנט.
חברים געטרייע
פון קייטן באַפרייען,
פאַרשווינדן מיט דעם קאָמענדאַנט.

די נאַכט איז פאַרפלויגן,
דער טויט פאַר די אויגן,
דאָס געטאָ עס פיבערט אין בראַנד.
און אומרו דאָס געטאָ,
עס דראָט די געסטאַפּאָ:
„טויט, — אָדער דעם קאָמענדאַנט!"

געזאָגט האָט דאַן איציק —
און דורך אַ בליץ איז —
„איך וויל ניט איר זאָלט צוליב מיר
דאַרפן דאָס לעבן
דעם שונא אָפּגעבן"...
צום טויט גייט שטאָלץ דער קאָמאַנדיר!

ליגט ווידער פּאַרטייעט
דער פֿיינד ווי אַ חיה,
וואַכסט ווידער, מײַן מאַוזער, אין האַנט.
איצט ביסטו מיר טייער,
זײַ דו מײַן באַפֿרייער,
זײַ דו איצטער מײַן קאָמענדאַנט!

# פארטיזאנער-מארש

טעקסט : ש. קאטשערגינסקי

*mf*

דער סן - ווי מיר שווער איז וועג דער

- טי - פאר א שפיל קיין לײַבן ניט . קאמף

כן - פא שלאכט אין ליגט בן - לע זײַן זאן -

העי צײַל הײַמס-פרײַ סן - גרײַ

דאָ נען - זײַ מיר אָ - פע - עפ

טי - פאר שלאכט צום סטע-דרײַ און קע - טי - קן

נעם-אי פײַנט דעם גן - שלאָ ען - גי״ הײַנט נאָך ווער - זא

# פאַרטיזאַנער מאַרש

(ווילנער געטאָ)

דער וועג איז שווער, מיר ווייסן,
דער קאַמף נים לייכט, קיין שפּיל.
אַ פּאַרטיזאַן זיין לעבן לייגט אין שלאַכט,
פאַרן גרויסן פרייהייטס־ציל!

צוזאַנג: — העי, עס פע א!
— מיר זענען דאָ!
מוטיק און דרייסטע צום שלאַכט.
פּאַרטיזאַנער נאָך הײנט
גייען שלאָגן דעם פיינט,
אינעם קאַמף פאַר אַן אַרבעטער־מאַכט.

עס זענען פעסט די גלידער,
געמוסקלט אין שטאָל און אין בליי,
מיר גייען בלויז אויף הײנט פונעם געטאָ אַרויס —
כדי מאָרגן אייך צו ברענגען די פריי!

— העי, עס, פע, א!...

ביים בלוט פון שוועסטער, ברידער,
מיר שווערן צו קעמפן ביז דאַן —
מיט היטלערס יעדער גליד באַפּוצט וועט זיין,
די וואָפן פון פּאַרטיזאַן.

— העי, עס, פע, א!...

(פּאַרטיזאַנער מאַרש — געשריבן געוואָרן צום אַרויסגיין אין וואַלד פון דער ווילנער פּאַרטיזאַנער־גרופּע א"נ פון איציק וויטנבערג אין אויגוסט 1943. פ. פ. א. — די ראשי־תיבות פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין וו"ג).

# ייד, דו פּאַרטיזאַנער

טעקסט : ש.קאַפּשערצינסקי

*Moderato*

ווענט - סה - תפי טאָ - גע די פון

ע - פריי דער - וועל די אין

הענט די אויף פון - קי שטאָט - טאָג

עם - ני א ביקס א כהאלט

פריינט מיין בעס - גא - אויף די אויף

קסל - א און האלדז מיר קושט

הינט פון נישט לבון ביקס טן - מי

סן -, וואק - גע - נויפ - צו פעסט,

# ייד, דו פּאַרטיזאַנער

(ווילנער געטאָ)

פון די געטאָס תּפיסה־ווענט —
אין די וועלדער פרייע,
אַנשטאָט קייטן אויף די הענט
כ'האַלט אַ ביקס אַ נייעם.
אויף די אויפגאַבעס מיין פריינד
קושט מיר האַלדז און אַקסל,
מיטן ביקס כ'בין ניט פון היינט
פעסט צונויפגעוואַקסן.

ווייניק זענען מיר אין צאָל,
דרייסטע, ווי מיליאָנען,
רייסן מיר אויף באַרג און טאָל
בריקן, עשאַלאָנען.
דער פאַשיסט פאַרציטערט ווערט,
ווייסט ניט ווו פון וואַנען —
שטורמען ווי פון אונטער ערד —
יידן־פּאַרטיזאַנער.

ס'וואָרט „נקמה" האָט אַ זין
ווען מיט בלוט פאַרשרייבסט אים,
פאַר דעם הייליקן באַגין
פירן מיר די שטרייטן.
ניין, מיר וועלן קיינמאָל זיין
לעצטע מאָהיקאַנער,
ס'ברענגט דער נאַכט — די זונען־שיין,
דער ייד — דער פּאַרטיזאַנער.

(געשריבן אין דער פּאַרטיזאַנער מחנה א"נ פון וואָראָ־שילאָוו אין די ווייסרוסישע וועלדער אַרום נאַראַטש.

# אין האַרצן מיט וואַרשע

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי מוזיק: מ. געלבאַרט

*Moderato con anima.*

איך בין צו דיר וואַרשע פון ווייטן געקומען
און שטיי אַ פאַרטרויערטער, שטיי ווי אַ שטומער...
געפלויגן צו דיר דורך יבשה און ימען
און כ'האָב ניט געטראָפן מיין טאַטן, מיין מאַמען.
דערמאָן איך דאָ איצט מיינע קינדערשע יאָרן
און ס'גייט מיר ניט וואַרשע אַרויס פון זכרון.

צוזאַנג: אין האַרצן מיט וואַרשע אין וואַנדער אויף וועגן,
און טאָמער עס וועט אונדז ווער וואַגן צו פרעגן:
— וואָס טרויערט איר יידן? אַ וועלט אַזאַ שיינע...
דאַן וועלן די הערצער אין אונדז זיך צעוויינען:
— אַ יידישע וואַרשע געווען איז נאָר איינע.

מיין טן—טאַ מיין פן—טראָ—גע ניט כ'האָב

——דער מען——מאַ

נע-מיי איצט דאָ איך מאַן-

אוני' רן——יאָ שע—דער—קינ

—זי פון רויס—אַ שע—וואַר ניט מיר ס'גיט

אונ שע-וואר מיט צו—האר איך רון——בּ-

צו גן-וואַ ווער אונ וועטעס מער-טאָ און גן-ווע אויף דער-וואַג.

אָ דן——" איר טרט-טרוי וואָס גן——פרע

אין צער-הער די לן-ווע עס נע-שיי דאָ-אַ וועלט

אַ נען——ווי——צע דיך אונד

נאָר איז וועןגע שע-וואָר שע—די—"

א נע——איי

נאָר איז ווען—גע שע-וואָר שע—די—"

נע——איי

*D.C. ad lib.*

אויף וואַרשעווער גאַסן איך וואַנדער אַ מידער...
אָט דאָ איז געווען דאָס געטאָ פֿאַר יידן.
זוך איך די הייזער — נאָר אויך קיין רואינען
איך קען ניט געפֿינען, איך קען ניט געפֿינען.
דערמאָן איך זיך וואָס ס'איז געווען און געוואָרן
און כ'נעם מיט זיך וואַרשע פֿאַרקריצט אין זכרון.

צוזאנג: אין האַרצן מיט וואַרשע אאַז"וו.

איך זע דיינע חורבות אין רויך און אין פֿלאַמען,
כאָטש יאָרן דו ביסט שוין מיט שטויב פֿול פֿאַרשאָטן,
איך שווער זיך אין ערגעץ ניט פֿרווון פֿאַרשטאַמען,
אויב כ'וועל ניט פֿאַרהיטן די לעצטע געבאָטן:
געדענקען וואָס דו ביסט געווען און געוואָרן,
פֿאַרקריצן דיך וואַרשע ביי זיך אין זכרון.

צוזאנג: אין האַרצן מיט וואַרשע אאַז"וו.

פּאריז, אָקטאָבער 1947.



ווילנע 45



פּאַריז 1947.

הינטער פּאַריז 1948.



לאָדזש 1946.

# חלוצים-ליד

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי　　　מוזיק: דוד באָטוויניק

-פֿאָ טשיט-וויע:-אָש טאָס,-גע פֿון

פֿון דער-וועל און טן-פראַ פֿון נעק-דאַ-מיי און נאַר-

ביי נאָך ביקס די זיך האַלט עס קעלט, פֿון און היץ

עס נאָך, האַרץ דאָס רעמט-שטו עס סל-אַק פֿן-אוי אונד

ref.

-צע לן— ווע מיר לן-ווע מיר קוועלט.עס און זידט

דאָס לן— שטע. מיר לן-שטע מיר מען-צוי די כן— ברע-

-צע צים — לו-ח צים;לו — ח קאָן. אין בן-לע

נאָך ערשטקאַנ רעם בן — הוי און מען-רוי די רן-שפּאַ

אָן! נאָך ערשט אָן! ח— אָן! נאָך ערשט אָן!

פֿון געטאָס, אָשוויענטשים, פּאָנאַר און מאַידאַנעק,
פֿון פראָנטן און וועלדער, פֿון היץ און פֿון קעלט,
ס'האַלט זיך די ביקס נאָך ביי אונדז אויפֿן אַקסל,
עס שטורעמט דאָס האַרץ נאָך, עס זידט און עס קוועלט.

מיר ווע̈לן, מיר וועלן צעברעכן די רוימען,
מיר שטעלן, מיר שטעלן דאָס לעבן אין קאָן,
חלוצים, חלוצים צעשפּאַרן די רוימען
און הייבן דעם קאַמף ערשט נאָך אָן, ערשט נאָך אָן.

כאָטש אייביק צום לעבן מיר זענען געבוירן,
דאָך שטייען מיר אַלץ נאָך ביים תהומיקן ראַנד,
עס האָבן חלוצים צו קדושים געשווירן,
צו קעמפן פאַר פרייהייט פון פאָלק און זיין לאַנד!

עס האָבן יאָרטויזנטער מדברשע זאַמדן
זיך נעסטן געבויט דאָרט ביי אונדז אין דער היים, —
איצט קומען חלוצים און ווידער פאַרוואַנדלען
דעם מדברשן וויסט אין אַ יידישער היים.

שלום אייך יידן, אין לענדער, אין ווייטע;
שלום אייך יידן, אין נויט און אין פּיין;
עס רופט דער חלוץ אינעם לאַנד, דעם באַפרייטן —
טאָ לאָמיר צו אים עולה זיין, עולה זיין!

# פּאַרויס.

טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי.

*Moderato.*

-פּאַ   טן-טראַב פון צייט די ניט ס'איז רויס-פּאַ רויס-פּאַ

קלאָר איז אנדז פאַר וועג דער רויס—פּאַ רויס-

טער-וואַכ-גע-אויף דער—ווי אָ פאָלק דזער—אונ

דור. עם—ניי אַ אויס ער—פיי אין שמידט

טער-וואַכ-גע-אויף דער-ווי אָ פאָלק דזער-אונ

דור. עם—ניי א אויס ער—פיי אין שמידט

פּאָרויס, פּאָרויס, ס'איז נישט די צייט צו טראַכטן,
פּאָרויס, פּאָרויס! דער וועג פאַר אונדז איז קלאָר.
אונדזער פאָלק אַ ווידעראויפגעוואַכטער
שמידט אין פייער אויס אַ נייעם דור.

אַ דור, אַ דור! אַ דור אַזאַ אַ נייער,
אַ דור, אַ דור, מיט פלאַמען אינעם בליק!
אונדזער פאָלק געבוירן ווערט אין פייער —
גייען מיר פאָרויס, — צו אונדז אין לאַנד צוריק!

דאָס לאַנד, דאָס לאַנד, דאָס לאַנד איז אַ קליינע,
דאָס לאַנד, דאָס לאַנד מיר וועלן מאַכן גרויס!
וועט אין בויען שטערן אונדז דער שונא, —
וועלן מיר אין קאַמף, אין קאַמף צו אים אַרויס!

פאָרויס, פאָרויס! מיר קעמפנדיקע יידן!
פאָרויס, פאָרויס! דערנענטערן דעם זיג!
אויב דער שונא שטערן וועט דעם פרידן, —
זענען מיר די קעמפער אויך צוגעגרייט צום קריג!
פאָרויס! פאָרויס!

# בײַ דעם ראַנד פֿון נגבֿ

(פֿרײַ איבערגעזעצט פֿון העברעאיש)

מעסיק

לויט העברעיש: ש.ק. מוזיק: ר. קלאַטשקין

בײַ דעם ראַנד פֿון נגבֿ
וואַכט דער טויט אין פֿעלד.
בײַ דעם ראַנד פֿון נגבֿ
געפֿאַלן איז אַ העלד.

ליגט ער ווי אין דרימל,
ווי ער וואָלט געטראַכט:
צווישן ערד און הימל
ווער האָט מיך געבראַכט?

איבער אים געבויגן,
די אַלטע מאַמע שטייט;
טרערנדיקע אויגן,
יאָמערדיקע רייד:

— ביסט מיין זון געפאַלן
פאַר דער נגב־ערד,
וועל איך איצט מיין ווייטיק
שטילן אין דיין שווערד.

— אויב דו ביסט געפאַלן
פון דעם שונאס האַנט,
וועל איך — שווערט די מאַמע —
פאַרטיידיקן דאָס לאַנד!

ערגעץ ווייט אין נגב
איז אַזוי געווען.
ניין, ס׳איז ניט קיין חלום,
ס׳איז אַזוי געשען.

# דאָרט ביים ברעג פון וועלדל

**מוזיק: לעאָן ווײַנער**

*Moderato*

דאָרט ביים ברעג פון וועלדל,
שטייט אַן אַלטער בוים.
שעפּטשען זיינע בלעטער,
אַז מען הערט זיי קוים.

שעפּטשען און דערציילן
ווי עס שטאַרבט אַ העלד,
ווען עס פאַלן קוילן
איבער וואַלד און פעלד.

דאָרט לעבן בוים פון וועלדל
ליגט אַ פּאַרטיזאַן.
בלעטער אים פאַרשטעלן,
ס'איז אַ קראַנץ פּאַראַן.
ליגט ער, הערט נישט, זעט נישט,
דוכט זיך שלאָפט אַצינד,
וויגט דער ווינט אַ ווערבע
טוליעט ווי אַ קינד.

איבער אים געבויגן,
די אַלטע מוטער וויינט,
לייד אין אירע אויגן
און דאָס האַרץ פאַרשטיינט:
„איך האָב דיך געבוירן,
זיך מיט דיר געפרייט,
איצט איז אַלץ פאַרלוירן,
ס'קבר דיינס איז גרייט...

קוק אויף מיינע טרערן,
פיל ווי ס'האַרץ טוט וויי.
כ'וועל שוין קיינמאָל הערן,
דיך נישט זען, אָ ווײ,
האָסט געהאַט אַ טאַטן,
אויך געווען אַ העלד,
האָבן שטיל אים בלעטער
אויך פאַרוויגט אין פעלד.

# די גאולה.

טעקסט: ש. קאַסטערגינסקי.



״ס—ח—ל א מען-מאכט צן-האר פן-אוי ליעט-זאָ גע-אָנ
יס—מ קן-טרינ מיר-לאָ פנ-בראָנ סל-בי קין טאָ—ני איז



ליד אַ מיר גען—זינ ען—רו ניט לאָזט מעט-או דער אויב
״יד? אַ נאָך דאַרף וואָס ״ים-ח דאָך איז ״ים-ח ים—מ



לה-או-ג די מען-קו שוין זאָל לה—או-ג די מען-קו שוין-זאָל



אוי באַלד! שוין קומט ח-שי—מ לה או—ג די מען-קו שוין זאל



באלד! שוין קומט ח—שי

אָנגעזאָליעט אויפן האַרצן, — מאַכט מען לחיים,
אויב דער אומעט לאָזט ניט רוען — זינגען מיר אַ ליד.
איז ניטאָ קיין בראָנפן — לאָמיר טרינקען מים,
מים חיים איז דאָך חיים — וואָס דאַרף נאָך אַ ייד?

רעפריין: זאָל שוין קומען די גאולה,
זאָל שוין קומען די גאולה,

ש. קאַטשערגינסקי

זאָל שוין קומען די גאולה,
משיח קומט שוין באַלד!

ס'איז אַ דור פון כולו חיב, זייט ניט קיין נאַראָנים
און פון זינדיקן — משיח גיכער קומען וועט,
אַך, דו טאַטעלע אין הימל, ס'בעטן בני רחמנים:
זע משיח זאָל חלילה קומען ניט צו שפּעט...

רעפריין: זאָל שוין קומען די גאולה, אאַז"וו.

ס'טאַנצן ביימער אין די וועלדער, שטערן אויפן הימל
ר' ישראל דער מחותן דרייט זיך אין דער מיט,
ס'וועט זיך אויפוועקן משיח פון זיין טיפן דרימל
ווען ער וועט דערהערן אונדזער תפילהדיקע ליד:

רעפריין: זאָל שוין קומען די גאולה, אאַז"וו.

א לידעלע פאַר ליבעלען.

# וואָס? וואָס? וואָס?

מוזיק: לעאָן וויינער. טעקסט: ש. קאַטשערגינסקי.
















אַלע טאָג די מאַמינקע<br>
פלעגט אַלץ זאָגן צו מיר:<br>
ווען דער טאַטע קומען וועט,<br>
וועט ער דאָס ברענגען דיר.

וואָס? וואָס? איך קען נישט טרעפן וואָס? (בים)

וואָס־זשע קען ער ברענגען מיר
איך הויב נישט אָן פאַרשטיין.
די מאַמע אָבער ענטפערט מיר:
דו דאַרפסט אַליין דערגיין.

וואָס? וואָס? איך קען נישט טרעפן וואָס? (בים)

אויך שלמה המלך וואָלט אַליין
צו דעם זיך נישט דערטראַכט,
ווייל ליבעלען דער טאַטעלע
גאָר זיך אַליין געבראַכט.

וואָס? וואָס? איצט ווייסט איר אַלע וואָס. (בים).

איצטער פעלט מיר קיין זאַך נישט
אַ גליקלעכע בין איך.
ווייל ליבעלען דעם טאַטעלען
געבראַכט האָט ער מיט זיך.

וואָס, וואָס, איצט ווייסן אַלע וואָס,
איצט ווייסן אַלע וואָס.

# אברהם רייזען אין דער אייביקייט אַריין

ניט באַשערט געווען מיר אויסצופירן אַ וויכטיקע שליחות פון יידישן ליטעראַטן־פאַריין א״ב פון „ה. ד. נאָמבערג״. און די שליחות איז געווען, — קומענדיק אין ניו־יאָרק זאָל איך זיך פאַרבינדן מיט אברהם רייזענען און אים איינלאַדן אויף אַ פייערונג לכבוד אים אין אַרגענטינע.

צו רייזענען האָב איך שוין ניט געקענט קומען.

ער איז געלעגן קראַנק אַ פּאָר חדשים.

די שוועסטער זיינע, די דיכטערן שרה רייזען, האָט מיר צוגעזאָגט איבערצוגעבן רייזענען דעם גרוס פון דער אַרגענטינער יידישער שרייבער־משפחה און אַז דער אַרגענטינער יידישער ישוב וואַרט אויף זיין געזונט ווערן, וואַרט אים צו זען, צו הערן, אים צו באַגריסן.

פּאַראַכטאָגן פרייטיק איז אויסגעפאַלן דעם דיכטערס 76 יאָריקער געבוירנטאָג. כאָטש קיין זייטיקע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין מיט אים, דאָך איז געווען אַ פרייד פאַר דער משפחה צו לייענען די אָן אַ שיעור בריוו און טעלעגראַמעס — וועלכע האָבן אין נאָמען פון יחידים און אָרגאַניזאַציעס באַגריסט דעם קראַנקן דיכטער און אים געווונטשן אַ גיכע רפואה שלימה.

רייזען איז שוין אָבער דאַן געלעגן ווי אויפן טויטנבעט. די דאָקטוירים האָבן אַלע האָפענונגען אויפגעגעבן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען דער סוף.

אין שטוב האָט זיך דאַן געפונען דער דאָקטער, די קראַנקנשוועסטער, דעם דיכטערס פרוי שרה און זיין טאָכטער שיינדל.

„אַ לעבן אויף דיר!״ — האָט דער שטאַרבנדיקער באַוויזן נאָך אויסצורופן צו זיין שיינדלען און האָט אויף אייביק זיך צוגעמאַכט זיינע אויגן..

די פּטירה פון רייזענען, כאָטש נישט אין גאַנצן אומדערוואַרטעט, האָט זיך אַריינגעריסן אין די לעצטע פּסח־טעג — מיט פולן טרויער.

דער טרויער פון אַמעריקאַנער יידישן ישוב האָט נאָך ניט אויפגעהערט צוליב דעם טויט פון חיים גרינבערג ז״ל — און עס איז פּלוצלונג געקומען דער נייער טויט.

מען קען נישט זאָגן, אַז ערשט נאָך רייזענס לעבן זענען געקומען אַזויפיל שבחים פאַר אים.

דאָס פאָלק האָט אים גוואַלדיק ליב געהאַט. מען האָט נאָר באַדאַרפט

זיין צווישן טויזנטער פאַרשידענע יידן אויף אַ פאַרזאַמלונג, ווו עס איז אויך אַרויסגעטראָטן אברהם רייזען, און דערזען מיט וואָס פאַר אַ ענטוזיאַזם יונג און אַלט נעמען אים אויף — כדי צו באַנעמען וויפל ליבשאַפט דאָס פאָלק גיט איר דיכטער.

מען האָט ליב געהאַט רייזענען ניט נאָר פאַר זיינע לידער וועלכע זענען פון די באַקאַנטסטע און געזונגנסטע, ניט נאָר פאַר זיינע בריליאַנטענע דערציילונגען, מען האָט ניט ווייניקער ליב געהאַט רייזענען דעם מענטש.

אברהם רייזען שבעל פה, אברהם רייזען על פי זיינע טאָג־טעגלעכע מעשים איז נאָך ווייניק באַקאַנט זיינע לייענער.

זיין געשטאַלט ווערט אומפאַרגעסלעך, ווערט פאַראייביקט אין יעדערן וואָס דערוויסט זיך ניט נאָר וואָס פאַר אַ גרויסער שרייבער רייזען איז געווען, נאָר וואָס פאַראַ גרויסער, איבערגעגעבענער פריינד און חבר, ער איז געווען צו באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע מענטשן.

אַ געשעעניש וואָס לאָזט זיך כסדר דערמאָנען:

אין אָנהייב 1949 אין ניו־יאָרק. פון אַ פאַרזאַמלונג גייען מיר מיט רייזענען אַ ביסל שפּאַצירן אין דער נאַכטיקער ניו־יאָרק.

פלוצלונג לויפט אָן מיט אַ געוויין אַ פרוי. מיר זעען, אַז זי יאָגט זיך נאָך איינעם און שרייט:

— שלאָגן זיך וועסטו?... פּאָליציי! פּאָליציי!...

עס איז קלאָר, אַז דאָס איז אַ מאַן און ווייב פּאַסירונג.

רייזען ווערט אויפגעקאָכט און רופט אויס צו אונדז:

— וואָס שווייגן מיר? מען דאַרף אים, דעם כוליגאַן, אַרעסטירן.

און איידער וואָס, — קומט אָן אַ פּאָליסמאַן און פירט שוין דעם מאַן ווו מען דאַרף.

ווערט ווידער רייזען צעטראָגן און רופט אויס:

— וואָס שווייגן מיר? ס'איז דאָך אַ רחמנות אויף אים, לאָמיר גיין בעטן דעם פּאָליסמאַן, ער זאָל אים באַפרייען...

**
*

צו דער געביידע פון „פאָרווערטס", ווו רייזענס גוף איז געבראַכט גע־וואָרן האָבן פון נעכטן, שבת אין אָוונט, אָנגעהויבן שטראָמען מאַסן מענטשן. הונדערטער קינדערלעך, טויזנטער דערוואַקסענע. און כאָטש שטילקייט האָט באַגוועלטיקט אין פולן זאַל און אין דער גאַנצער געביידע — האָט מען גע־פילט ווי עס שרייט אַרויס דער ווייטיק פון יעדערן, פון אַלעמען, אַ רושם האָט געמאַכט דאָס אָנקומען פון גאָלדע מאירסאָן 12 ביינאַכט און איר שטיין אין ערך־וואַך ביים אָרון.

יעדער מינוט קומען אָן אין די רעדאַקציעס, צום פּען־קלוב און פּרץ־


ב. איירעס, 1951.


פּאַריז, אָנהייב 1948.


פּאַריז 1948.

הינטער פּאַריז 1948.



פאַריין אָן אַ שיער טעלעגראַמעס, טרויער־אויסדרוקן צום טויט פון דיכטער.
אַ וועלט מיט יידישע ישובים האָבן זיך דאָ פאַרייניקט.

אויף אַן אַנגעזעענעם אָרט איז אין דער נעכטיקער יידישער פרעסע גע־וועזן געדרוקט די טעלעגראַפישע טרויער־אויסדרוקן פון אַרגענטינער יידישן ישוב רעפּרעזענטירט דורך דער דאַיאַ, וועד הקהילות און קהילה פון בוענאָס איירעס און פון דער פּרץ־שול אין צענטער.

אין די היינטיקע צייטונגען איז איבערגעגעבן דער מיטגעפיל פון נאָמ־בערג ליטעראַטן־פאַריין פון בוענאָס־איירעס, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט: „מיטן טויט פון אונדזער גרויסן פאָלק־דיכטער אברהם רייזען איז אַוועק פון דער וועלט איינער פון די גרונטלייגער פון אונדזער ליטעראַטור און קולטור".

אברהם רייזען איז געווען דער באַליבטסטער שרייבער אויך אין יידישן ישוב אין אַרגענטינע, ווו עס זענען ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געפייערט געוואָרן וויכטיקע דאַטעס אין לעבן און שאַפן פון אונדזער גרויסן שרייבער.

די נייע פאַרוואַלטונג פון אונדזער פאַריין האָט נאָך מיט אַ האַלב יאָר צוריק אָנגענומען אַ באַשלוס איינצולאַדן אברהם רייזענען קיין אַרגענטינע אויף אַ גרויסער פייערונג לכבוד אים.

ליידער האָט דער אומברחמנותדיקער טויט דאָס אַלץ איבערגעריסן.

דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַריין א"נ „ה. ד. נאָמ־בערג" אין אַרגענטינע דריקט אויס זיין טיפסטן צער דער פאַרטרויערטער משפחה פון נפטר און דעם פאַראָרעמטן יידישן ליטעראַטור־קאָלעקטיוו.

אברהם רייזען וועט אַריין אין דער אייביקייט פון אונדזער ליטעראַ־טור, קולטור און פון אונדזער פאָלק".

צו דער לוויה וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויף היינט 12 אַזייגער, איז נאָך פאַר דער באַשטימטער צייט געקומען אַן עולם פון צען טויזנט יידן. דער גרויסער זאַל פון „פאָרווערטס" האָט אַפילו ניט געקענט אַריינגעמען קיין וויניקע פאָרשטייער פון די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס.

דער זאַל איז געווען געטונקט אין שוואַרץ און אין בלומען־קרענץ, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אין צענטער דער קראַנץ בלומען מיט דער געהעריקער אויפשריפט פון „ה. ד. נאָמבערג", ליטעראַטן פאַריין פון אַרגענטינע.

און שטייענדיק אין דער ערן־וואַך האָט אויפגעוואַכט אין מיין זכרון פאַרשידענע מאָמענטן אין צוזאַמענהאַנג מיט רייזענען.

אָט דערמאָנט זיך מיר גאָר ווי איך האָב אָנטיילגענומען אין אַ שילער־פאָרשטעלונג אין רייזענס אַן איינאַקטער „דער שדכן". אָט דערזע איך ריי־זענען ביי זיין אָנקום אין ווילנע פון וואַנען ער איז דערנאָך געפאָרן אין סאָוועטן־רוסלאַנד. טויזנטער קינדערלעך פאַרנעמען די גאַסן. טויזנטער יידן זענען מקבל־פנים זייער דיכטער.

און אַט דערהער איך זיין כסדרדיק מאָנענדיקע שאלה צו מיר מיט פיר יאָר צוריק:

— זאָגט מיר קאַטשערגינסקי, פאַרוואָס האָבן די סאָוועטן דערשאָסן זלמנען?

האָב איך אים געקענט ענטפערן פאַרוואָס די סאָוועטן האָבן אין 1939 אַרעסטירט זיין ברודער דעם באַרימטן שרייבער און יידיש־פאָרשער, זלמן רייזען און אים אין 1941 דערשאָסן?...

און אַט ליגט אברהם רייזען אין דער מיטה. דאָס פּנים איינגעדאַרט אָבער ליכטיק, שמייכלענדיק. אַזוי ווי שטענדיק. שמייכלט — ווען מיר, זיינע פריינד, טרויערן, וויינען.

דורך די פענצטער טראָגט זיך פון אונטער דעם צעזוניקטן הימל אַ שעפּטשעריי פון ריזיקן המון. ווי זיי וואָלטן תפלה געטאָן.

אין דעם רוישיקן ניו־יאָרק איז אין איינעם פון די לעבעדיקסטע ווינקלען, אויף דער איסט סייד, איצט טויט — שטיל.

דער המון אויף דער גאַס, אין זאַל און אינעווייניק אין די הייזער, דורך די צעעפנטע פענצטער, הערן די הספדים פון הלל ראָגאָוו, פון שמואל ניגער און פון דער שילערין שרהלע גודמאַן. און אַט צעטראָגן זיך מעלאָדיעס פון די באַליבטסטע פאָלקסלידער געשאַפענע פון רייזענען, „אַ, העמערל, העמערל", „הוליעט, הוליעט", „מאַי קא משמע לן", „און זאָל ווי וייט"...

דער עולם כאַפּט אונטער, זינגט, נאָענטע לידער. אייגענע. געהערן שוין שוין צום פאָלק. צו דער אייביקייט.

כבוד גיבן אָפּ דעם נפטר די דיכטער ה. לייוויק, איציק מאַנגער, נחום יוד, ל. פיינבערג, וועלכע לייענען רייזענס לידער, — און נאָך אַ קאַפּיטל תהילים געלייענט פון דיכטער נפתלי גראָס, —

טרעפט מען זיך שפּעטער אויפן בית עולם פון אַרבעטער־רינג.

ביים אָפענעם קבר האָבן גערעדט פאָרשטייערס פון די וויכטיקסטע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, דער בליק אָבער איז כסדר צוגעשמידט צו דער רייזען־משפחה, צו דער טאָכטער שיינדעלען. איר קדיש נאָך איר גרויסן טאַטן לאָזט טיפע וווּנדן אין די צעטרויערטע הערצער פון די באַגלייטער.

עס דערמאָנט זיך ביים גיין אויף צוריק פון בית עולם אַ סטראָפע פון רייזענס אַ ליד:

לעבן ווילט זיך, נאָר איך קען נישט,
כוחות דאַרף מען האָבן מער.
שטאַרבן און פאַרלאָזן אַלעס, —
אָ, דאָס איז מיר אַזוי שווער.

עס דוכט זיך אויס, אַז איך הער נאָך פון אים די ווערטער אויך איצט...

# ווילסטו דעם דיכטער פאַרשטיין...

## (גרונט־מאָטיוון אין דער דיכטונג פון חיים גראַדע)

— 1 —

די לעצטע צוויי־דריי יאָר פון פאַר דער מלחמה זענען געווען די סאַמע טראַגישסטע אין דער געשיכטע פון יידישן ישוב אין נייעם און אומאָפּהענ־גיקן פוילן. היטלער האָט אין זיין יידן־פּאָליטיק געזיגט ניט נאָר ביי זיך אין דייטשלאַנד, נאָר אויך ביי זיין פוילישן שכן. נ אָ כ מ ע ר, ס'איז געווען צו הערן, אַז פוילן יאָגט אַריבער איר רבין אין הלכת שנאת ישראל. צוגלייך מיטן קאַמף קעגן יידן, האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער מלוכהשער קאַמף קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. די תפיסות זענען איבערפולט געוואָרן מיט פּאָליטישע אַרעסטירטע, דער קאָנצלאַגער אין קאַרטוז־בערעזע איז געוואָרן דאָס שרעק־אָרט און שרעק־וואָרט פאַר דער באַפעלקערונג, די צענזור פאַר־שאַרפט, די רידז־סמיגלי־שוועדלעך האָבן שליאַכטיש געפּאָכט צווישן מי־ליטער, צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט און ביי אַ גרויסן טייל פון די באַאַמטע.

שטאַרק אָנזעעוודיק איז געוואָרן די אַנטי־נאַציאָנאַלע מינדערהייטס־פּאָליטיק פון דער רעגירונג. די פּאַציפיקאַציעס קעגן די פּויערים אין גאַ־ליציע און טיילווייז אין ווייסרוסלאַנד, דאָס שליסן יידישע, ליטווישע, ווייס־רוסישע, אוקראַאינישע שולן און אַנדערע זייערע אינסטיטוציעס, דאָס רע־פאָרמירן דעם וואַל־סיסטעם, וואָס האָט ניט געגעבן די נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן די רעכט רעפּרעזענטירט צו ווערן אין די פּאַרלאַמענטאַרישע, שטאָטישע און דאָרפישע מלוכה־קערפּערשאַפטן — איז געווען אַ בולטער אויסדרוק פון רעגירונגס דרוק צו פאַרניכטן די ניט־פּוילישע קולטור־עלע־מענטן אין פיל־נאַציאָנאַליטעטיקן פוילן.

די פון דורות פאַרוואָרצלטע יידן האָבן דערשפּירט, אַז זיי זיצן אין שטויביקן זאַמד, אַז דער גרונט איז קיין גרונט ניט, אַז זייערע טענות אַז זיי וווינען שוין אויף דער ערד אַזוי לאַנג ווי די פּאָליאַקן, איבערצייגט ניט און אינטערעסירט קיינעם ניט. דער דעמב האָט זיך אָנגעהויבן וויגן טראָץ זיין פונאַנדערגעוואָרצלטקייט, די צווייגן האָבן זיך אָנגעהויבן איינקאָר־טשען, ברעכן. ווייניקער זענען געוואָרן די גלייביקע אין סוף־כל־סופיקן

נצחון פון „געזונטן שכל" ביי די פוילישע מלוכה־פירער, מ ע ר  זענען געוואָרן די גלייביקע, אַז נאָר אומברחמנותדיקער קאַמף קען דערראַטעווען, אַז די דורותדיקע פּאַרוואָרצלטע זאַלן נישט אויסגעריסן ווערן. אין אַט דעם קעמפנדיקן געווירבל און מיטביידע פיס אַריין אויך דער יידישער שרייבער.

דעם קורצן „פּאָליטישן" אַריינפיר האָב איך געגעבן ניט צוליב סתם שרייבעריי, נאָר צילבאַוווסט. ס'איז נויטיק ביי דעם לייענער, צי ער געדענקט יאָ אָדער ניט, דעם אויבנדערמאָנטן צייט־אַפּשניט, נאָכאַמאָל אָפּצופרישן אין זכרון שוין צוליב דעם, וואָס די ווייטערדיק באַהאַנדלטע טעמע, — די גרונט־מאָטיוון פון חיים גראַדעס שאַפן, — זאָל האָבן זיך אויף וואָס אָנ־צושפּאַרן, ווען מיר לעבן ווידער אויף די סביבה און די יאָרן פון יענער צייט.

שוין גראַדעס אַריינמאַרש אין דער יידישער ליטעראַטור (מיט דער לידער־זאַמלונג „יאָ", פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, וואַרשע־ווילנע, 1936, און צווייטע אויפלאַגע 1937) האָט דערוויזן, אין קעגנזאַץ צו ענלעכע דע־ביוטן פון יונגע דיכטער, אַז מיר האָבן פאַר זיך ניט קיין געוויינלעכן פּאָעט. זיינע סטראָפעס האָבן ניט געבלאָנדזשעט, זיין דיכטערישע פּאָטענץ איז ניט געווען בלויז „צוזאָגנדיק", זיין געדאַנקענגאַנג האָט אויסגעזאָגט יעדע שורה. עס איז געווען צו זען, אַז דער יידישער ליטעראַטור איז צוגע־קומען אַ קרעפּטיקער דיכטער, וואָס וועט נאָך מיט זיין שטורמדיקער קראַפט באַווייזן דער יידישער ליטעראַטור טיפע, אָריגינעלע ווערק. גראַדע האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן. די פּאָעמע „מוסרניקעס" (אין זעלבן פאַרלאַג, 1938) האָט אויפגעדעקט פאַרן יידישן לייענער אַ ווייניק באַקאַנטן ווינקל פון יידישן לעבן, וואָס ביים דיכטער איז עס געקומען צום אויסדרוק אין אַ פּאָעטיש ווערק.

די לידער, וואָס גראַדע האָט פאַרעפנטלעכט נאָכן דערשיינען פון „יאָ", וואָס קומען אַריין אין בוך „פאַרוואָקסענע וועגן" (פאַרלאַג פון „פּאָלקס־פאַרבאַנד", פּאַריז 1947), באַווייזן ווי ענג פאַרבונדן דער דיכטער האָט זיך מיט די צייט־געשעעניש, וועלכע ער האָט פאַראייביקט אין זיין פּאָעזיע.

די ראַמען פון דער אַרבעט דערלויבן ניט פּרטימדיקער צו דערגרונטע־ווען די  ל ע ב נ ס ־ ג ע ש י כ ט ע  פון יעדן ליד באַזונדער. דער גרונ־טיקער אַנאַליז פון קריטיקער י. ראַפּאַפּאָרט וועגן גראַדעס איין ליד („דער נאַרעוו") פון בוך גיט צו מיינען, אַז אַזאַ אַרבעט וואָלט געווען גאָר אַ ניי־טיקע.*) איך וועל זיך אויך ניט אָפּשטעלן באַזונדערס אויף די פון דיכ־טער איינגעטיילטע פינף ציקלען פון בוך. קודם כל, ווי איך האָב געזאָגט,

---

*) י. ראַפּאַפּאָרטס אַרטיקל, צוזאַמען מיט גראַדעס ליד „נאַרעוו" איז געדרוקט גע־ווען אין דער „פ. א. ש.", פון 24סטן מאַי, 1946.

דערלויבט ניט דאָס אָרט אויף דעם, והשנית האָב איך זיך געמאַכט אַן אייגענע איינטיילונג: 1) צ ײ ט און 2) נ אַ ט ו ר - מאָטיוון.

גראַדעס באַזוך (1937) אין ביאַליסטאָק און אין דער אַרומיקער פּראָווינץ, ווו ס'איז אין יענער צייט געווען אויסגעגאָסן די תוכחה פון פּאָגראָם, באָיקאָט און פּאַראָרעמונג, האָט דעם דיכטער כסדר ניט געלאָזט צו רו. אַלס רעזולטאַט דערפון און פון דאָס פריערדיקע, קומען ניט נאָר „דער נאַרעוו״, „חורבן״, „גיטעלע שרייבט אַ בריוו״, און אַנדערע קלענערע לידער; עס קומט אויך די קאַפּיטאַלע פּאָעמע „געוויין פון דורות״ און די דראַמאַטישע טראַגעדיע (אין דריי אַקטן) „חורבן״ (אין מאַנוסקריפּט), ווו דער דיכטער האָט אין פּאָעטישער פראָזע געפּרוווט געבן אַ בילד פון דעמאָלטיקן מצב אין יידישן שטעטל. פאַר דעם דיכטער איז דעמאָלט פאַרלאָשן געוואָרן די זון. כאָטש זי „האָט מיט איר גינגאָלד מיך באַקרוינט״. (ז' 84). עס כאַראַקטעריזירט אים דאַן זייער גוט זיין אויסגעטראַכטער האָמונקולוס-מענטשעלע:

אַמאָל פלעגסטו, דו גוטמוטיקער בער,
אַרויסבאַקומען האָניק פון דיין פיין, —
איצט איז שווער מיט דיר... אַזוי־אַ שווער,
ווי מיט אַ מערדער אין איין צעל צו זיין.

(זייט 52)

מיר דערמאָנען זיך גלייך גראַדעס פּנים נאָך פון יאָרן צוריק „ווי אין די אויגן זיינע פלאַקערט מאָרד״ (זע „יאָ״). ס'האָט זיך גאָרניט געביטן פאַר דער צייט. אין שטוב

די מאַמע ליגט דעם ווילפטן מעת־לעת,
און וויל דער דאָקטאָר קומט ניט צו דער אָרימער צוגיין,
וואַרט דער זון אויף דעם משיחישן און לעצטן נס —
אין קראַנקן־הויז זאָל קומען גאָט אַליין.

(זייט 47)

דאָס הקדש־געסל, ווו דער דיכטער וועלקט זיינע יאָרן אָפּ, יאָמערט כסדר:

— איך שלעפּ די נאַכט אין שטיינערדיקן אָרון,
אין מתים־שטוב אפילו איז קיין אָרט ניטאָ מער, —

(זייט 74)

דער טעראָר קעניגט אין גאַנצן לאַנד, ווו
איך זע די ברידער מיינע, ווי זיי בלוטן

אין אַ צעגליטן מדבר אין גהינום־היץ,
זיי זינגען אונטער פייפעריי פון קנוטן,
געלעכטער גרויזאמען און ציין־געקריץ.
(זייט 83)

און פאַר די אויגן פון דער וועלט ראנגלט זיך שפּאַניע. גייט אונטער אין בלוט. עס פאַלט אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט.

און מיר — מיר ווערן ניט פון שאנד פארברענט,
און ס׳רייסן זיך ניט אָפּ אין אונדז די מאַרך־געהירן,
ווען מיר זעען — מיט געשמידטע הענט
יונגע שפּאַניער צו דער תליה פירן.
(זייט 86)

שטוב, גאַס, לאַנד, וועלט — אומעטום דאָס זעלבע. זיינע נאָענטסטע חברים, די פּאָעטן לייב גערמאַניסקי און מיכל נאַטיש ווערן קרבנות פון דער אי־מהדיקער צייט.

דעם ערשטן באַפאַלן דער טויט איז מיט שטורם —
דער פּוילישער אָדלער מיט ווילדן געשריי,
דעם דיכטער געפּייניקט האָט ער מיט יסורים
און שפּעטער פאַמעלעך דערלייזט אים פון זיי.
(זייט 90)

גראַדע לאָזט זיך אַוועק טרייסט זוכן,ביישפּילן געפינען אין נאָענטן־ווייטן עבר, וואָס איז אַ טייל פון זיין א י ד. אין דער ישיבה ביי ווילנע, אין שטעטעלע וואלקעניק (באַקאַנט דער עיקר אונטערן נאָמען אָלקעניק), וווּ ער האָט זיך אַמאָל געלערנט (זע „וואלקעניק.“ זייט 18), געפינט ער דעם

מאַן אין צעריסענע קליידער.
אַ רב, אַ משוגענער רב פון אוקראַינע,
וואָס איז פון דעם חלק אַנטלאָפן . . .
(זייט 22)

דעם רב אין „אוקראַינישן פּרוש“ קען גראַדע זייער גוט. עס לויכט אַרויס פון דער געוואלדיקער פּאָעמע די יידישע טראַדיציע (ערב שבת, שמחת־תורה אין בית־מדרש), יידישע טראַגיק (פּאָגראָם אין אַ אוקראַיניש שטעטל), ס׳ווערט אויפגעלעבט אַ גאַלעריי פון רעליגיעזע יידן און זייער שטייגער לעבן.

„מיר ווי דו צו זיבעציק, בין איך צו דרייסיק יאָר — רופט אויס גראַדע צו זיין טויטן טאַטן, — איך וויל צוריק אַ ייִנגל ווערן".
(זייט 66)

און אָט זעען מיר דעם 9־יעריקן חיימל אין „אוקראַינער פּרוש" אין דער אַרומרינגלונג פון אַ גאַנצער עדה ייִדן, — רבנים, תלמידי־חכמים, פּרושים, גבאים, חברים־ישיבה־בחורים, סתם־ייִדן. צי האָט דער דרייסיק־יאָריקער גראַדע געחלומט צו ווערן אַ ייִנגל, כדי זיך צוריקצוגעפינען אין דער ישיבה צווישן רעליגיעזע ייִדן? — קענענדיק גראַדעס וועלט־באַנעם דאַרף מען אין דעם מ ע ר ווי צווייפלען. דער דיכטער האָט זיך צו זיין ייִנגלשאַפט אומגעקערט, כדי אויפצולעבן פאַר זיך און פאַר אונדז אַ שטיק ייִדישן שטייגער, וואָס האָט אין איר וועבונג אויך פעדים וואָס ציען זיך צום היינט און צום שווידערלעכן מאָרגן, וועגן וואָס דער דיכטער האָט גע־אָנט (זע גראַדעס הקדמה צום בוך), די פעדים וואָס זענען אין ייִדישן בלוט געטונקט, — און ווער ווייסט ווען זיי וועלן זיך טונקען אין זון. גראַדע דערמאָנט זיך ווי דער אוקראַינער פּרוש זאָגט צו אים:

ועסט אויפשיינען אַ רב, אַ צדיק און אַ גאון,
ביז מען וועט דיך קוילענען... און טויטערהייט
וועלן הינט אין דיינע אינגעווייד זיך ראַיען.

(זייט 27)

און אַפילו אין פריילעכן ייִדישן שמחת־תורה יום־טוב, ווען „עס קלינגען פריילעך די באַקרוינטע ספר־תורות", און „ייִדן טאַנצן און עס טאַנצן מיט די קופערנע מנורות" און ווען „ייִדן זענען זיך אין ליכט און פרייד מטהר", און פאַרגעסן זיך, דוכט זיך, ווי אין פורים צווישן אָרור המן און ברוך מרדכי, באַגלייט זיי אַלץ דאָס קלאָגליד פון פּרוש:

„הבן יקיר לי אפרים" —
אונדזער בלוט איז הפקר ביליק.
טרינקט זשע נאָכאַמאָל לחיים
פאַר מיין שטאָט, וואָס איז פאַרטיליקט.
פאַר מיין ווייב, די טויב די שטילע.
פאַר מיין צאַרטער בית־יחידה,
פאַר מיין הייליקער קהילה.

(זייט 32)

ייִדן קענען ניט סתם טאַנצן, זיך פרייען, זיך פאַרגעסן — שטענדיק און אומעטום באַגלייט זיי דער לייבן־געבריל „אונדזער בלוט איז הפקר ביליק", וואָס דערמאָנט, וואָס פּרוווט וועקן, גראַדעס מאָדערניזירטער

„הבן יקיר לי אפרים" וואַקסט אַרויס ווי אַ ריזיקע טרויער־סימפאָניע אויף דער פאָן פון די „פריילעכע" הקפות־טענץ אין שטעטלשן בית־מדרש. גראַדע האָט עס געטאָן באַוווסטזיניק, עס זאָל זיך מער אָנזען אונדזער טרויער, זאָלן יידן זען וווּ זיי האַלטן אין דער וועלט און... זאָל זיי ווי טאָן.

אויב אין „אוקראַינער פרוש" שילדערט גראַדע און דורך דאָס געשילדערטע זאָל זיך דער לייענער אַליין דערקלערן צו עפּעס, אין אַליין שטייט דער דיכטער ווי אָן אַ זייט, איז שוין דאָס צווייטע גרעסטע ווערק אין דעם בוך „געוויין פון דורות" אַ מין סך־הכל פון זיינע שטימונגען, וואָס זענען געקומען צו אים נאָכן „דורכשטודירן" די יידישע געשיכטע פון די לעצטע דורות.

דער דיכטער טוט באַוויזן אַז שוין דער עלטער־זיידע זיינער האָט זיך ניט געשראָקן און אָפּגעריכט סדר אין קעלערן צוליב „דעם באָרוועסן מאָנאַך", וואָס האָט אים אויף דער ערד צוליב דעם געברענט אויפן שייטער־הויפן. אויך דער עלטער זיידנס זון, דער זיידע, האָט זיך ניט וואָס צו פאַרשעמען. דער זיידע איז אַ נאַפּאָלעאָנישער

סאָלדאט און פּאַטריאָט,
זינגט די מאַרסעליעזע אונטער אַ האַרמאַטן־ראָד.

(זייט 37)

און אויך דעם זיידנס זון, דעם דיכטערס טאַטע, וואָס

איז געווען אין שמיבער גבירישע אַ לערער,
האָט געהאַט אַ ווייב און קינדער, —
נאָר בלוט האָט ער געהאַט פון אַ פאַרשווערער,
פון אַן אונטערצינדער.

(זייט 38)

אָבער ער, דער זון, איז צו זיי אַלע, צו די דורות ניט דערוואַקסן. ער שלאָגט ניט צוריק ווען מען שלאָגט אים; פאַרקערט, ער איז

. . . דאָך ווי אַלע מאָל אַנטלאָפן.
ווי אַלעמאָל אַנטלאָפן.

גראַדע האָט געהאַט אַ סך סיבות צו זיין אַזוי בייסיק צו זיין צייט און צו דער סביבה, וועלכע האָט צו פּאַסיוו זיך פאַרהאַלטן צו די, וועלכע זענען אַרויס אין קריג קעגן יידישן פאָלק. אָבער דאָס גיט בשום אופן ניט קיין גרונט צו מיינען, אַז דער דיכטער האָט מער ווי די פּאַסיוויקייט פון לעצטן דור ניט געזען. ס'איז גענוג בלויז אַ בלעטער צו טאָן דאָס בוך, ס'איז גענוג בלויז דאָס אויג זאָל נאָר אַ בלאָנדזשע טאָן איבער די שורות, כדי צו דערזען גראַדען דעם גרויסן רעוואָלוציאָנער. גראַדע האָט אויך אין

**דעם** גאַנג זיין באַזונדער וועג, שוין אָפּגערעדט, אַז ביי אים איז ניטאָ די דאָמינירנדיקע פּראָזע, וואָס איז אָפט כאַראַקטעריסטיש פאַר זיינע צייט־חברים — רעוואָלוציאָנערע פּאָעטן. ביי אים וואַקסט דער פראַ־טעסט, דאָס רופן צו טאַט אָרגאַניש אַרויס פון זיין דיכטונג. דאָס ציקל „חברים“, ווו ס׳קומט דער דאָזיקער זשאַנער צום בולטסטן צום אויסדרוק איז פולווערדיק אָנגעלאָדן, רייסט און נעמט מיט און... כאָטש גראַדע זאָגט ניט דעם וועג פון אויסוועג, דאָך איז דער וועג קלאָר אָנגעצייכנט. עס פירט פון דער גרויסשטאָט אויך דורך די ווייסרוסישע וועגן,

ווו ס׳גאָלדיקט אַ צלם ניט ווייט פון די דאָרפישע שטיבער
(זייט 103)

און ווו

ס׳איז טונקל און קאַלט אין די כאַטקעס פון ליים
(זייט 103)

די ווערטיקייט פון גראַדעס אייביקע און נביאהשע לידער, אָנגעלאָדענע מיט יידישן ווייטיק, צער און פראָטעסט האָבן מיר ערשט דערפילט אין דער אָקופּאַציע־צייט.

אין דער צייט, ווען ניט נאָר ווערטער האָבן פאַרלאָרן זייער ווערט, נאָר אַלדאָס מענטשלעכע, האָט גראַדע, ווועלכער איז דאָך אַליין אין געטאָ ניט געווען, — אויך מיט זיינע שאַפונגען צעצונדן אין אונדז די פאַרזיאושטע געמיטער און אונדז געשטויסן פון פאַרצווייפלונג אין דער וועלט פון האָפענונג צו גלויבן.

— 2 —

אַזוי ווי איצטער וואָלט עס געווען:

אין דער געטאָ־פינצטערניש שאַרן מיר זיך אין שפּעטן אָוונט אַרום די קרומע ווענט צום קאָפּע־הויז אויף דעם שאַוולער־געסל.

איך בין געקומען שפּעטלעך. אין קאָפּע־לאָקאַל איז שוין דער עולם אומגעדולדיק. הערמאַן קרוק לויפט מיר אַנטקעגן:

— וואָס איז געשען? מען דאַרף דאָך שוין אָנהייבן.

— אַלזאָ, ווער הייבט אָן? — פרעג איך אויף גיך, גייענדיק צום פּאָדיום.

— אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט — ענטפערט קרוק — חיים גראַדע.

גראַדע איז אין געטאָ ניט געווען. מיר האָבן געהאַלטן, אַז ער איז אין וועג — עוואַקואירנדיק זיך פון ווילנע — אומגעקומען. אָבער ווען די ליי־טעראַטן ־ פאַראייניקונג אין געטאָ האָט מיר אָנפאַרטרויט צו האַלטן אַן

עפנטלעכן רעפעראַט וועגן יונג־ווילנע, האָב איך און דער פאָרזיצער פון אָוונט ה. קרוק באַשלאָסן, אַז עפענען דעם אָוונט זאָל מען מיט חיים גראַדעס „געוויין פון דורות".

שטיל איז געווען אין קאַפע־הויז. די עטלעכע הונדערט יידן זענען געזעסן ווי פאַרטייעטע און געוואַרט אויפן אָנהייב. דער עולם איז צוערשט געווען איבערראַשט, וואָס אָן אַ מעלדונג פון פאָרזיצער האָט זיך אויפן פאָדיום באַוויזן א ב א ק אָ װ נ ע ר (דער שפּעטערדיקער קאָמאַנדיר פון די ווילנער יידישע פאַרטיזאַנער) און שטיל אָנגעהויבן:

אויף מיין עלטער־זיידנס ווייסע קליידער
זע איך אויפפלאַמען דעם קרייץ פון מיטלאַלטער.

עלעקטריזירט זענען מיר אַלע געוואָרן. דאָס זענען מיר. מיר, דער טויטער ציבור, וואָס ווי אַ וויגנדיקער וואַלד צעוואָיעט ער זיך:

אַ נײַם דאָס איז פאַר זיך אַליין אונדז אויסצוגראָבן גריבער —
און אויפהענגען דעם טאַטן מיט דער מאַמע . . . —
עדות קענען זיין די ווענט, די שויבן,
די בלוט און מאַרך באַשפּריצטע קישנס,
אַז אונדזער האָב און גוטס איז לייכט צו רויבן,
און ס'לאָזט זיך אונדזער בלוט פאַרווישן . . .

די צוהערער זענען געווען זיכער, אַז דער דיכטער פון די דאָזיקע שורות געפינט זיך אין זאַל. אַ ז א ו נ ד ז מיינט ער דאָס, אונדז שטראָפט ער דאָס, אונדז רופט ער אַראָפּנעמען זיך אַ ביישפּיל פון זיין עלטער־זיידן „וואָס איז אומגעקומען צו מקדש זיין דעם שם", פון זיידן וואָס האָט אונטער מאָסקווע ווי אַ נאַפּאָלעאָנישער סאָלדאַט געזונגען די מאַרסעליעזע אונטער אַ האַרמאַטן־ראָד, פון טאַטן וואָס האָט זיך געלאָזט פון אייגן הויז אַריינלייגן אין חרם און דערפאַר „אַ פאַרשטויסענער געליטן ווי דער פילאָזאָף פון אַמסטערדאַם", — צו אַלעמען האָט דערגרייכט דער ווייטיקדיקער אויסגעשריי פון די פאַרגאַנגענע דורות צו אונדז:

ניט דאָס האָב איך געמיינט,
ניט דאָס האָב איך געמיינט.

מיט גראַדען האָבן מיר אָנגעהויבן און דער אַקטיאָר ש ב ת י ב ל אַ כ ע ר האָט דעם אָוונט מיט גראַדעס אַ ליד פון דער „יחזקאל"־פּאָעמע (זע „יאָ") פאַרענדיקט.

מתים, איך זאָג: איר זאָלט לעבעדיק ווערן!
און נעמט אַנשטאָט אויגן פאַר זיך מיינע טרערן.

אַ ציטער איז דורך אונדזערע ביינער. ווי מיר א ל יי ן וואָלטן איצט די מתים געווען און הערן איצט אויס די נביאישע באַפעלן:

און זאָלן די טרערן אין אייך ווערן פלאַמען
און שפּאַנט אין דעם טאָל אַרויס אַלע צוזאַמען.
ניט איינמאָל איך וועק אייך שוין, מתים, ניט איינמאָל:
אַליין אויך אַ מת, שריי איך: איצט אָדער קיינמאָל!

און אַזוי ווי אין ליד, דערפילן מ י ר, די צוהערער — די מאָר־גנדיק־טויטע, ווי

. . . פלוצלונג — די נאַכט ווערט צעריסן, עס טרעטן פאַרוואָל־קנטע, רוישיקע מחנות סקעלעטן.

און אַט דערוואַכט אין יחזקאלס רוף:

דערוועקטע, איר מוזט נאָך מער וווּנדער באַווייזן
ווי לעבעדיק ווערן: דעם צוים איבערשפּרייזן.

געשריבן „דאָס געוויין פון דורות" און „יחזקאל" האָט גראַדע אין יאָר 1936־37.

**
*

לויט דער סטאַטיסטיק פון דער געטאָ־ביבליאָטעק זענען די יידישע געשיכטע־ביכער געווען פון די געלייענטסטע. דובנאָוו, דוכט מיר, האָט מען אין קיין צייט אַזוי פיל ניט געלייענט ווי אין געטאָ. ווי אַ טייערע מציאה פלעגט ברענגען אַ ייד צו זיך אין אָרעמען ווינקל אַ באַנד דובנאָוו, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן איינקויפן אין דער געטאָ־בוכהאנדלונג ביי מאַזען. אַ ניט שעצבאַרער אוצר איז געווען דאָס האָבן אַ קאָמפּלעט פון דובנאָווס „געשיכטע פון יידישן פאָלק". יידן האָבן זיך פאַרטיפט אין דער פאַרגאַנגענהייט, געזוכט ענלעכע סיטואַציעס, געפרוווט מאַכן אויס־פירן און זיך טרייסטן.

צי איז דען געווען אַ צופאַל וואָס דאָס יידישע און העברעאישע טע־אַטער אין געטאָ און די קולטור־אימפּרעזעס האָבן שוין אין זייער אָנהייב און ווייטער אָנגעפאַנגען מיט פּרץ, שלום עליכם, ביאַליק, לייוויק, לעיעלעס, פּינסקי? ניין, ס'איז ניט געווען קיין צופאַל. די דערמאָנטע שרייבער זענען געקומען אין דעם פינצטערן געטאָ טרייסטן און שטראָפן, צאָרנען און אַפילו אַמאָל שמייכלען (שלום עליכם), וועקן און רופן.

גראַדע איז געווען צוזאַמען מיט זיי, מיט די שרייבער־נביאים. אויף די אַרבעטער־אודיטאָריעס אין געטאָ פלעגט דער פאָרזיצער, דער באַקאַנ־

טער געזעלשאַפטלעכער טוער דוד קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, כּסדר ציטירן גראַדעס לידער.

דער נאַרעוו איז אַרויס אויף אונדז פון זיינע הויכע ברעגן
אַ בייז דערצאָרנטער אין שטורם־טעג,
מיר זענען אין געוויטערן, ווי שאָף אין ווינט און רעגן,
פאַרטולעט ביי זיין ברוסט געלעגן, —
איצט מוזן מיר אַוועק.

מיר האָבן אין נאַרעוו גלייך דערזען אונדזער ליבן ווילי־ע־טייך, וואָס האָט אונדז „פאָטערלעך אין זיינע וואַסערן געבאָדן" און דערפאַר שטייענדיק „ביז די לענדן אין אויפגעברויזטן טייך" צאָרנען מיר צו אים:

פאַרוואָס ביסטו אויף אונדז אַזאַ דערצאָרנט־אויפגעברויזטער?
ס'איז אונדזער שול און דער בית־עולם אַלט
אַזויפיל ווי דער ישוב דאָ... אַן עדות איז דער קלויסטער
און דער אַרומיקער, געקרויזטער
געדיכטער סאָסנע־וואַלד.
אָ, פאַרשוועגק אונדז מער ניט, נאַרעוו!

און אָט הער איך צום ווילטן מאָל די פלאַמיקע מוסיע דייכעס (איצט אין דייטשלאַנד) אונטער איר זינג־אַקאָמפּאַנימענט פון דער האַרציקער מאַמע־מעלאָדיע „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען", ווי זי פּי־בערט אויס גראַדעס שלאָף־ליד:

איי־לע־לו, — דאָס ליד פון אָנהייב איז מיט ראָזשינקעס
און מאַנדלען,
בלוט און וואָגל — איז דאָס ליד פון סוף,
ס'ווייסט איין גאָט ווי לאַנג נאָך דיינע קינדער וועלן וואַנדלען,
און ווי בידנע שאָף
וועלן פעלקער זיי פאַרהאַנדלען —
שלאָף, מיין מאַמע, שלאָף.

גראַדעס געטאָ־ליד איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1937.

**
*

„ווילנע אין דער יידישער ליטעראַטור" האָט געהייסן דער רעפּעראַט וואָס מיר איז אויסגעקומען צו האַלטן אין געטאָ־טעאַטער און אין יוגנט־קלוב. אילוסטראַציעס צום רעפעראַט האָט געגעבן די האַרציקע חברה פון יוגנט־קלוב — קיילע קריזשעווסקי, שרהלע יאַנקעלעוו, שרהלע וואָלאָזשין,

הינדע אַבעל, נחמה ראַבינסאָן, איציקל רודאשעווסקי, צירעלע ליפּאָווסקי, לייבקע גלעזער, חנהלע ליפּניצקי, לוטקע שרייבער, חיהלע פּאָזנאַנסקי, חנהלע רוזענסקי, ראַשעלע האַלפּערין, שמעון ראָזענבערג און נאָך אַנדערע יוגנטלעכע וועלכע די צייט האָט שוין פון מיין זכרון אַוועקגעריבט. זיי האָבן געזונגען, רעציטירט און געלייענט וואָס יידישע שרייבער (שלום אש, א. רייזין, א. ליעסין, ש. ניגער, ל. וואָלפסאָן, א. סוצקעווער, ב. ביאַלאָס־טאָצקי, ז. שניאור) און דאָס פאָלק האָט ווילנע געווידמעט. אויך חיים גראַדע האָט געמוזט זיין. געלייענט האָט חנהלע ליפּניצקי (איצט אין אַ דייטשן לאַגער) גראַדעס „די גאַסן ביינאַכט״.

מיר געפינען זיך טאַקע אין די גאַסן, וואָס דער דיכטער האָט פאַר־אייביקט אין זיין ליד. די גאַסן יאַטקעווער, הקדש־געסל און אַנדערע. און חנהלע פלאַמט אין עולם אַריין:

די הקדש־גאַס פון פיבער האָט אַרויסגעיאָמערט:
— איך שלעף די נאַכט אין שטיינערדיקן אָרון,
אין מתים־שטוב אַפילו איז קיין אָרט ניטאָ מער —
און איך האָב אין דעם פלאָנטער זיך פאַרלאָרן;
אָ, ברידער, אין דער ענגשאַפט, אין דער שוואַרצער, לאָמיר
אַ ריס טאָן פון קלעם מיט קראַפט און צאָרן!

„ווי קאַטאַרזשניקעס אָפּגעגאָלט, געפלעקט פון שימל״, זענען אויך מיר, ווי אין ליד די הייזער פון די געסלעך, די צוהערער געזעסן און

מיט אימפּעטיקער קראַפט פון הונדערט טויזנט שפּאַנען
אַריינגעפלייצט אין אָנגעשפּאַנטן שווייגן.

(זייט 77)

געשריבן געוואָרן איז דאָס דאָזיקע ליד אין יאָר 1937.

— 3 —

די ראשי העיר והעדה זענען שוין אין דער ערשטער צייט אַוועקגעגאַנ־גען אויף פּאָנאַר, ווי דאָס פאָלק האָט געזאָגט. די איינציקע וועלכע זענען געבליבן — האָבן אונטער דעם כוואַלעדיקן בלוט־ים געפרווט די דערווייל פאַרבליבענע טרייסטן, זיי צונויפזאַמלען. זיי האָבן געזוכט אין עבר אַ טרייסט פאַר דעם הוה און פאַר דעם עתיד. אין די שולן מיט די קינדער, אויף רעפעראַטן און אין טעאַטער מיט דערוואַקסענע איז דאָס אַלץ געקו־מען צום אויסדרוק.

מען האָט ניט געקענט ריידן אָפן קעגן דייטש, אָבער קינד און קייט

האָבן זיך באַלד פאַרשטאַנען „ווען ער מיינט עס", ע ר — דער שרייבער, דער לעקטאָר, דער אַקטיאָר.

אין פרילינג 1943 האָט דער לעקטאָרן־ראַט פון יוגנט־קלוב באַשלאָסן איינצואָרדענען אַן אָוונט געווידמעט „קדוש־השם־מאָטיוון אין דער יידישער ליטעראַטור". א י ך בין באַשטימט געוואָרן ווי דער רעפערענט וועגן דער יידישער ליטעראַטור; דער קדוש, דער העברעאישער יונגער לערער זעליג קאַבאַטשניק — האָט רעפערירט די העברעאישע ליטעראַטור.

שוין די טעמע אַליין האָט מאָביליזירט, געטראָפן יוגנטלעכע און דערוואַקסענע אָנצופילן דעם זאַל ביז איבער די ברעגעס.

מיט קדוש־השם־מאָטיוון איז די יידישע ליטעראַטור ניט אָרעם. פאַר דער געטאָ־צייט האָבן ניט אַלע שילדערונגען (שלום אַש) געדאַרפט זיין אַ ביישפּיל פון קרבנות־גרייטקייט. מיין ציל איז געווען — ברענגען אַ ז ע ל כ ע מוסטערן פון דער יידישער ליטעראַטור, וואָס זאָלן די צוהערער באַגייסטערן צו ענלעכע טאַטן.

„איך הייב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער", — דער געדאַנק פון ה. לייוויק האָט געדאַרפט זיין דער ציל מיינער, וואָס האָט באַדאַרפט פאַרבלייבן ביים צוהערער.

די יידישע ליטעראַטור איז גענוג רייך אויך אין אַט־די מאָטיוון. אַרויסגעהאָלפן האָט מיר אויך אין דעם פאַל חיים גראַדע, וועמענס פראַגמענט „אין פייער פון פאַרטאָג" עס האָט אויפגעציטערט און באַגייסטערט מיין אוידיטאָריע:

איך ליג צום אָפּגרונט צוגעשמידט,
און האָרך אַן אונטערערדישן געזאַנג,
איך ציטער און איך גיי מיט
מיין פריערדיקן חלומדיקן גאַנג!
שווערע קייטן קלינגען,
שטרענגע אָנגערוקטע שטערנס, רייען הינטער ר״ען,
און זיי זינגען, זינגען, זינגען
צום טאַקט פון די געשמידטע פּיטריט אין די שנייען.
ניט קיין קלאָגליד אויפן מזל, אויפן ביטערן,
ניט קיין רחמים־ליד און קיין געוויין —
אַ ליד פון הערצער אויסגעפּרוווטע אין געוויטערן,
האַרט און אומדערבאַרמדיק צו זיך אַליין.
זיי גייען — און צום קלאַנג פון די צעוויגטע קייטן
כוואַליעט ברייט און רואיק זייער ליד,
ס'זעט איטלעכער זיין גלייבן אינם פּנים פונעם צווייטן —
זינג איך און גיי מיט.

ה ע ר ש  ג ו ט ג ע ש ט אַ ל ט , וואָס איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן מיט זיין פרוי און זון פון וואַרשע אין ווילנע, האָט כסדר אין דער אימהדיקער צייט געזוכט טרייסט אין די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. ניט זעלטן פלעגט גוטגעשטאַלט אויך אַרויסטרעטן אויף צוזאמענקומען פון ליטעראַטן און קינסטלער פאַר דער יוגנט.

איין אָוונט אַזאַ, געדענק איך, האָט גוטגעשטאַלט אָפּגעגעבן חיים גראַדען, ווי דעם פאָראויסזאָגער פון דער גרויסער פאָלקס־קאַטאַסטראָפע. גיטגעשטאַלטס קערנדיקע האַרץ־שפּראַך, די אויסצוגן פון גראַדעס לידער האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם אויף די פאַרזאמלטע.

אין ייוואָ געפינט זיך איצט צווישן אַנדערע מאַטעריאַלן פון ווילנער געטאָ דער אַריינפיר פון הערמאַן קרוקן צום אָוונט געווידמעט „יונג־ווילנע". איך דערמאָן זיך, אַז ניט צוזאמענגערעדטערהייט האָב איך אין מיין הויפּט־רעפעראַט און קרוק אין זיין אַריינפיר ציטירט צווישן אַנדערע גראַדעס פאָלגנדיקע סטראָפע:

אַ ברודער מיינער אין געפאַר, דערלאַנג דיין אָרעם,
און לאָמיר זיין אַן אָנשפּאַר איינער פאַר דעם אנדערן,
אין איינזאמקייט איז גוט זיך אויסוויינען אויף קברים,
צום ציל מוז מענטש מיט מענטש אין איינעם וואַנדערן.

ס'איז ניט געווען קיין צופאַל. דער פּאָעטישער רוף איז פאַרווירקלעכט געוואָרן אין דער „פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע" (פ. פ. א.) פון ווילנער געטאָ, ווו יידן אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע איבערצייגונגען האָבן זיך דערלאַנגט די אָרעמס.

***

עס האָט זיך מיר נאָך ניט איינגעגעבן צו דערוויסן, וואָס פאַר אַ יידישע ווערק עס זענען געלייענט געוואָרן אין אַנדערע געטאָס אָדער לאַגערן. איך ווייס אָבער, אַז אויך אין טויטן־לאַגער אָשוויענטשים איז געווען חיים גראַדע. דערציילט האָט עס מיר דער דאָרטיקער געפאַנגענער, דער עסייאיסט י ו ס ף  ו ו אָ ל ף , אין צייטן ווען די האַנט פון בייטשער האָט זיך געדאַרפט אָפּרוען, האָבן די געקאַטעוועטע אויסגענוצט די רו־צייט צו מאָביליזירן די כוחות אויסצוהאַלטן ווייטער. דער אַקטיאָר פון דער ווילנער טרופּע משה פּאָטאשינסקי (איצט אין אויסטראַליע), וואָס איז פאַרטריבן געוואָרן אין אָשוויענטשים, האָט פאַר די געפאַנגענע ביי יעדער געלעגנהייט רעציטירט פון אויסנווייניק גראַדעס „געוויין פון דורות". טייל פון די געפאַנגענע — דערציילט וואָלף — האָבן געמיינט, אַז דער גראַדע געפינט זיך

צוזאַמען מיט זיי אין לאַגער, אַז דאָס „געוויין פון דורות" האָט ער איצט אונטער דער נאַהאַיקע־פּאַך אָנגעשריבן.

— ס'איז דאָך פון אונדזער לעבן, — האָט ניט איינער געזאָגט.

. . . און ניט איינער, — גיט צו וואָלף, — איז געוואָרן שפּעטער אין לאַגער אַן אַקטיווער קעמפער פון דער אַנטיפאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע.

***

— מיר וועלן ניט איבערלעבן, אָבער זאָל כאָטש אַ זכר לדורות נאָך אונדז בלייבן.

האָבן יידן אין געטאָ אויסגעגאָסן זייערע צרות אויפן פּאַפּיר און אין בילד און געלאָזן נאָך זיך זייערע לעצטע ווערטער צו דער וועלט, — געקריצטע אין די תפיסה־ווענט.

אין ווילנער געטאָ איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ... פאַרלאַג. אַ פאַרלאַג אַזוי ווי אין נאָרמאַלע צייטן. די ליטעראַטן־פאַראייניקונג האָט געהאַט אַ רעדאַגיר־קאָמיסיע, וואָס פלעגט אָננעמען אָדער אָפּוואַרפן ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס שרייבער אין געטאָ האָבן געהאַט אָנגעשריבן. די אָנגענומענע אַרבעטן זענען צוגעשטעלט געוואָרן דורך דעם בילדונגס־לייטער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג דעם יידן־עלטסטן, וועלכער פלעגט פאַראָרדענען אויסצאָלן דער קאַסע 80 מאַרק האָנאָראַר פאַר אַ בויגן.

ביז איצט האָבן זיך אויסגעהיט און געפינען זיך אין ייוואָ (ניו־יאָרק) נפתלי וויינינגס אַן אַרבעט וועגן לייב ניידוס, ד״ר יעקב גאָרדאָנס ערשטער בויגן פון אַ וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. אין די פּריוואַטע הענט פון הערשטינגען דאַרף זיך געפינען דעם אַקטיאָר שבתי בלאַכערס אַ יזכור־אַרבעט נאָך צוואַנציק דערמאָרדעטע יידישע אַקטיאָרן אין די ערשטע טעג פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע אין ווילנע. אויך געפינען זיך אין ייוואָ געפונענע זייטלעך פון לייב טורבאָוויטשעס אַ גרעסער ווערק צו דער געשיכטע פון יידן אין ווילנע. עס דערמאָנט זיך מיר, אַז דער פאַרלאַג האָט אויך אָפּגעקויפט ווערק ביי זעליק קאַלמאַנאָוויטשן (וועגן י. ל. פּרץ און אַ קריטיק וועגן יידישער ליטעראַטור־פאָרשונג), ביי דער דיכטערין לאה רודניצקי, אַ זאַמלונג לידער אונטערן נאָמען „נעפּלען", לידער פון אַ. סוצקעווער, אַן אַרבעט וועגן די ווילנער בית־החיימס און אַלטע דרוקערייען פון חייקל לונסקי, אַן אַלבאָם געטאָ־צייכענונגען פון קינסטלער יעקב שער און אַ ריי איבערזעצונגען אין יידיש פון העברעאיש און רוסיש (פון לאה רודניצקי און מרים רייזען).

דער פּלאַן פון יידן־עלטסטע איז געווען, אַז נאָך דער מפּלה פון די היטלעריסטן זאָלן די ווערק דערשיינען אין אַ באַזונדער פאַרלאַג א. נ. „פאַרלאַג פון ווילנער געטאָ".

אויך מ יי נ ע אַ גרעסערע אַרבעט האָט דער פאַרלאַג אָפּגעקויפט. די אַרבעט, וואָס האָט געהאלטן ביי 12 דרוקבויגן, האָט געהייסן „ ח יי ם ג ר אַ ד ע".

דער לייענער וועט שוין לויט מיין ביז־אַהעריקע איבערגעבונג וועגן גראַדען אין געטאָ פאַרשטיין, אַז מיין אַרבעט איז ניט געווען קיין צופעליקע. באַקאַנט איז מיר גראַדע געוואָרן שוין, ווען ער האָט אין 1934 אָפּגעדרוקט זיין ערשט ליד אין ווילנער „באַגינען". נאָכן באַקענען זיך איז אונדזער פריינטשאַפט געוואָרן נאָך שטאַרקער. דעריבער האָב איך געהאַלטן פאַר מיין חוב, ווי ד ע ר וואָס איז דערווייל ניצול געוואָרן פון טויט, צו דער־ציילן דעם לעבנגעבליבענעם יידישן לייענער וועגן די אומגעקומענע חברים מיינע פון דער שרייבער־גרופּע „יונג־ווילנע". גראַדען האָבן מיר אין געטאָ, ווי געזאָגט, געהאַלטן פאַר אַן אומגעקומענעם, האָב איך מיט דער הילף פון זיין פרוי ליבע, וואָס האָט אין געטאָ אויסבאַהאלטן זיינע ביכער און כתב־ידן און פון די מאַטעריאַלן (בריוו, פאָטאָס, רעצענזיעס), וואָס גראַדע האָט ערב מלחמה איבערגעגעבן דעם ייוואָ און וואָס איך האָב דאָרטן, אַר־בעטנדיק ביי די דייטשן, אָפּגעפונען, זיך פאַרנומען אָנצושרייבן אַ גראַדע־מאָנאָגראַפיע.

איך האָב ווידער אַמאָל דערפילט, ווי גראַדע איז הייגטיק און מאָר־גנדיק אין זיין בעכטן. כ'האָב געפונען אין זיינע לידער און בריוו די טרויע־ריקע פאַרצווייפלונג פון זיין פאַראויספילן די גרויסע פאָלקס־קאַטאַסטראָ־פע און דאָס אָנגעלאָדענע קרעפטיקע וואָרט פאַר די, וועלכע וועלן אין כוואַ־ליקן אומגליק זוכן אַ רעטונג.

— 4 —

איך זינג

און ווי דאָס ווילדע ענטל שרייט מיין ווידערקול אין שטורעם...

דאָס זענען די לעצטע ווערטער פון דער פּאָעמע „די אָזערע", וואָס דער דיכטער האָט אָנגעשריבן אין 1939, האַרט פאַר דער מלחמה.

די כוואַליעס פון נאַצי־שטורעם האָבן זיך, טראַגנדיק איבער אייראָפּע, דאַן אויך אין די ברעגעס פון די פּוילישע גרענעצן געזעצט. ס'איז גע־האַנגען די כמארע אויך איבער פּוילן, אָבער כל זמן שהנשמה בקרבי — האָט מען דאָך געדאַרפט לעבן און דער עיקר: פּאָליטיק, גרענעצן אָפּהיטן — ווער האָט עס געפרעגט אַן עצה ביי יידן, מיר זענען צופרידן געווען, וואָס דייטשלאַנד האָט געגעבן צו פילן איר „פריינד" פּוילן, אַז זי האָט צו איז', צו פּוילן, פּרעטענזיעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן (ליידער צו שפּעט) אַ נייער קורס אין לאַנד, פון וואָס עס איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין אַ גאָר באַדייטנדיקער מאָס דער אַנטיסעמיטיזם.

און דער זומער פון 1939 איז געווען דאָן, געדענק איך, אַ ליכטיקער, אַ זויבערער. די גרופּע „יונג-ווילנע" קלייבט זיך אין די האַרבסט־טעג צו פייערן איר 10־יאָריקן יובל. מיר באַקומען צושטימונגען זיך צו באַטייליקן אין ערן־קאָמיטעט פון אַלטער קאַציזנע, נח פּרילוצקי, ה. לייוויק, י. אָפּאַטאָשו, מאַרק שאַגאַל און פון אַנדערע נכבדי היידישע קולטור־וועלט. דער ווילנער יידישער ליטעראַטן־פאַראיין אָרדנט איין אַ זומער־אויספלוג אין דער וונדערבאַרער געגנט ביי דעם שטעטעלע פּאָדבראָדזיע.

דאָ אין דער אַרומרינגלונג פון טייכן, אָזערעס, פעלדער און וועלדער פאַרשיכורן מיר זיך עטלעכע וואָכן. עס קומט צו אונדז דער גאַסט, אונדזער פריינד אַלטער קאַציזנע מיט זיין פרוי און טאָכטער — די שמחה ווערט נאָך גרעסער.

גראַדע האָט אויך געפּרוווט שרייבן פריער נאַטור־לידער. די נאַטור איז אָבער געווען ביי אים אַן אורבאַניסטישע, דעם „האַרבסט אין גאָרטן" האָט ער געזען אין זיין שטאָט, און פון דורכשפּאַצירן זיך מיט אַ מיידל „אַ טאָג אין וואַלד" אויף די ראַנדן פון דער שטאָט האָט דער דיכטער נאָך ניט געקענט אַרויסאַנטפלעקן פון זיך קיין פּאָעמעס פון דער נאַטור. און אַפילו דאָס דריטע נאַטור־ליד, וואָס גייט אַריין אין דער זאַמלונג: „יאָ, איך זינג פון שניי־באַדעקטן באַרג אַרונטער", וואָס דאָס מיינט ניט חלילה די שנייאיקע קאַרפּאַטן און זיכער ניט די שנייאיקע הימאַלאַיען צי אַלפּן, נאָר דעם נידעריטשקן ווילנער שלאָסבאַרג — איז אויך ניט מער ווי אַ מיטל ביים דיכטער אַרויסצוזינגען זיינע סאָציאַלע־נאַציאָנאַלע געפילן, כדי „צו לערנען וואָס דערפון" („יאָ", זייט 59).

שפּעטער - צו, אין די יאָרן 1937־1938, הייבט אָן ביסלעכווייז די נאַטור אַריינשטופּן זיך אין דיכטערס געדאַנק. גראַדע באַמערקט עס אָבער נישט. ער זינגט נאָך אַלץ ניט סתם וועגן דער נאַטור, ער זעט „אויף ווייס־רוסישע וועגן", „צווישן ווילנע און רעקוין" אָרעמע פּויערים אין זייער שטייגער־לעבן. אין וואַלד דערזעט דער דיכטער ניט די ביימער, נאָר זייער וועכטער (זע „דער וואַלד־וועכטער"). גראַדען איז שווער דאָס באַהעפטן זיך מיט דער נאַטור, כאָטש ער געפינט זיך פון איר אַן אַרומגערינגלטער, ווייל —

מיין שטאָטישער טרויער האָט מיך אויף דעם ישוב געבראַכט

און ווי קען דער ישוב מיט די פעלדער, וועלדער אַרום אים, אינטערעסירן ווען עס יאָגט אים דאָ אָן די גרויזאַמע ידיעה:

— צי ווייסטו אין דאָרף, אַז דו האָסט ניט קיין היים מער? —
דער פּריצישער מאַרק טרייבט מיט העק דיינע ברידער פון שטאָט
(זייט 109)

און אפשר איז ניט קיין צופאַל וואָס דעם ערשטן ר יי נ ע ם נאַטור־

מאָטיוו האָט דער דיכטער געווידמעט אַ „הארבסט״־מאָטיוו (זייט 111) און דורך די ווינטערדיקע „שפּורן אין שניי״ (זייט 113) קומט דער גרויסער ציקל זומער־לידער, וואָס זייער אוווערטורע הייבט זיך אָן מיט דער פּאָעמע „פאַר פרילינג״.

גראַדע האָט זיך באַפרייט אין די לעצטע פּאָר צענדליק זייטלעך פון בוך (וואָס איז אויך כראָנאָלאָגיש פון די לעצטע לידער־שאַפונגען פון פאַר דער מלחמה) פון אַלדאָס מענטשלעך־בייזע, פון אַלץ וואָס האָט אים דאָס גאַנצע לעבן ניט צורו געלאָזן, — און גיט זיך איבער אינגאַנצן ווי אַ ניי־געבוירענער און ניי־געוואָרענער דעם ערב־פרילינג, ווען

די שניי־בערגלעך רוקן זיך, זוכן זיך ווו צו באַהאַלטן,
די זון אָבער קערט מיט איר גילדערנעם בעזעם די שפּאַלטן.
עס בולבעט און שטיפט ערגעצוווּ אין פאַרבאָרגן אַ קוועלכל,
אַ וועווערקע רייבט אָן אַ שטאַם מיט הנאה איר פעלכל.
אַ טרילערל קרייזלט, עס זעגט דורך דער לופט אַ סיקאָרע.
דער פּיקהאָלץ קלאַפּט מונטער און ווערעמט אוים פלייסיק
די קאָרע.
און . . .

אַזוי ווייטער און ווייטער.

ניט איינער וועט זיך חדושן, פון וואַנען האָט זיך גענומען ביי דעם געוועזענעם ישיבה־בחור אַזאַ ליבע צו דער נאַטור מיטאַמאָל? ס׳איז זיך טאַקע צו חידושן. אויך דעם דיכטערס באַקאַנטע האָבן זיך געוווּנדערט. די נאַטור האָט גראַדן באַזיגט מיט איר שיינקייט, מיט איר ווילדער סטיכיע און ווו ווילד — „לאָזט מיך״. דער שטורעמדיקער גראַדע האָט אויך ד אַ באַוויזן זיין כוואַליקן טעמפּעראַמענט אַפילו ווען

ער שפּאַנט, ביז ער איז מיטאַמאָל זיך מישב:
וואָס האָט ער פאַרטאָג זיך צו איילן?
ווער איז ער? דער גרויסער קאָלירן־מכשף,
וואָס האָט ווי פאַרכשופט די מיילן?

(זייט 118)

אַפילו אין דער דאָרפישער עלנטער איינזאַמקייט איז דער אימפּולסי־ווער גראַדע פול מיט פרייד. מיט תענוג, צוקוקנדיק זיך צו דער שטורם־סטיכיע, רופט ער:

שפּיל אויף דיין שטורם־ליד, מיין ווילדער ווינט,
עס טוליען זיך צום פעלד די גאַרבן,
ווי ס׳טוליעט צו דער מאַמען זיך אַ קינד,

וואָס וויל ניט שטאַרבן.
צעוואָרף די סנאָפּעס און די סטויגעס היי
אין אַלע זייטן מיט אַ בייז געשריי.
בלאָז שטאַרקער אין די צווייגן,
אויב דיביימער קענען ניט ווי פייגל פליען,
אויב זיי קענען ניט צום הימל שטייגן,
זאָלן זיי איצט שרייען, ווי זיי האָבן קיינמאָל ניט געשריען, —
מיין האַרץ קען מער ניט שווייגן.
(זייט 124)

די גרעסטע פּאָעמע און פון די וואונדערבאַרסטע נאַטור־שילדערונגען אין דער יידישער ליטעראַטור איז דער צען־קאַפּיטלדיקער געזאַנג צו דער אָזערע.

„די אָזערע״־פּאָעמע איז איין וואַסערפאַליקער שטראָם פון פרייד אין ים פון אומעט, פּיין, שרעק און פּאַגראָם, מיט וואָס דאָס יידישע לעבן איז אַזוי רייך און אין וואָס די טעמאַטיק פון דער יידישער דיכטונג איז ניט אָרעם. אויב ציטירן די פּאָעמע וואָלט איך באַדאַרפט אינגאַנצן — טאָ זאָלן כאָטש עטלעכע שורות ריידן:

אַ פעלד, באַפּעלקערט מיט שטאָליק־פּיסיקע בוטשאַנען,
דער הימל דרייט זיך ווי אַ קיילעכדיקער שפּיגל
מיט אַלעמען אינײנעם און מיט איטלעכן באַזונדער;
דאָס האַרץ איז נאָך ניט אָנגעזעטיקט מיטן וואונדער,
און רייסט אונדז שוין אַוועק פון דאַנען.

אין דעם שיפל „האָפענונג״ גליטשט זיך דער דיכטער אויף דעם „גרוי־געהאַרטעוועטן שטאָל״ פון דער אָזערע און ער זעט ווי

אַ גליטש טוט זיך איבער מיין פּנים אַ וואָלד,
אַ בליץ טוט אַ כוואַליע — עס לויפט איבער מיר דורך אַ שאָטן;
די כוואַליע צעקרישלט אין זון און צעפאַלט —
דאָס האָט זיך אין תהום אַ שמאַראַגדענער פּאַלאַץ צעשאָטן.

גראָדעס פרייד אין אָט דער גרויסער איינזאַמקייט איז די נייע וועלט, וואָס האָט זיך פאַרן דיכטער צעעפנט. ס׳איז אים גוט מיט דער נאַטור־סטיכיע צוזאַמען זיין. ער בעט:

קום, אָ, שטורעם!
שלאָג אַריין דיין בליץ־געלעכטער אינעם כמורנעם שווייגן,
די וועלדער זאָלן ברומען ווי די חיות אין די שטייגן.

און ווי גוט איז מיט גראַדען אין דעם „האָפענונג"־שיפל זיך אַוועקצו־לאָזן אויף דער אָזערע איצט, אין 1947, אין גרויס שטאָטישן האַרמידער ווייט פון אַ וואַלד, ווייט פון אַ טייך, ווייט פון דער אָזערע.

אַז איך לייען אָט די ווונדערלעכע פּאָעמע, ווערט מיר אַזוי ליכטיק אויפן געמיט, אַזוי ריין־געשליפן דער געדאַנק, כ׳פיל זיך אַ באַהאָפטענער מיט דער נאַטור, פון וועלכער איך בין שוין זינט אַזויפיל יאָרן אָפּגעריסן.

די אָזערע! כ׳וויל אויסשרייען — און קען ניט... שטום.
אַ בלאָער שפּיגל, אַ געשליפענער, מיט גאָלד אַרום.
די זון הענגט ווי אַ גלאָק אין גלעזערנעם קופּאָל,
און אָפּגעשלאָסן איז די וועלט — אַ קיילעכדיקע שאָל.

אין אָט דער אָפּגעשלאָסענער וועלט איז זיכער אַ פאַרגעניגן אין אַזאַ שפּאַציר זיך אַוועקצולאָזן. דער דיכטער איז דאָ אַזוי מייסטעריש, אַזוי דיך, אַזוי זומערדיק באַחנט, ער מאָלט דעם שפּאַציר אויף דער אָזערע מיט אַזאַ רייכער גאַמע פאַרבן, אַזוי פאַרשיכורנדיק און לייכט — ווי אין חלום וואָלט ער דעם לייענער געטראָגן אויף פליגלען.

עס קען ניט זיין קיין כרעסטאָמאַטיע פאַר שול־קינדער אָן גראַדעס נאַטור־לידער. דאָס אויג און דאָס געמיט באַרואיקן קען דער דערוואַקסענער ביי אַ בלאַט פון חיים גראַדעס „אָזערע"־פּאָעמע.

איך זינג,
און ווי דאָס ווילדע ענטל שרייט מיין ווידערקול
אין שטורעם

ענדיקט גראַדע די פּאָעמע און דאָס בוך „פאַרוואַקסענע וועגן".

דער שטורעם איז שוין געהאַנגען איבערן קאָפּ און ווי קען באַשערט זיין אַ יידישן דיכטער אַביסל גליק און רו? ווי קען דאָס געמאָלט זיין, אַז אַ יידישער דיכטער זאָל צופיל באַזינגען דאָס שענסטע אויף דער וועלט — די נאַטור?... גראַדע האָט קוים באַוויזן דאָס גרינס פון אַ וואַלד־ראַנד צו באַטרעטן — ווי ער האָט שוין דערהערט דעם רוף פון פּאָגראָם־משוגענעם אוקראַינער פּרוש:

— ווי קומט אַ בן־תורה גאָר בלומען צו האַלטן?
פאַרקנייטשט ער די באָרד, שמייכלט קרום און באַהאַלטן,
און זאָגט מיט זיין שמייכל דעם קרומען:
— אמת, דאָס פּאַסט פאַר אַ גויישן חתן,
פאַר פריצטעם מיט טרייפענעם תענוג,
נאָר אין מ יי ן שטעטל האָט ב ל ו ט זיך געגאָסן
אויף בלומען, אויף גראָז און רומיאַנעק —

(זייט 23)

דאָס האַרט־וואָכיקע יידישע לעבן האָט צום ווייפּלטן מאָל באַוויזן, אַז געדעכט איז דער „משוגענער״ רב.

עס קומט גיך די מלחמה. יידיש בלוט גיסט זיך אין שטעט און אין שטעטלעך, אויף בלומען, אויף פעלדער, אין גאַסן, אומעטום!

גראַדע באַווייזט זיך צו ראַטעווען פון אומקום. אָבער אויך ז יי ן לעבן, ווי דאָס לעבן פון נאָך הונדערטער טויזנטער יידן־פּליטים, האָבן די קדושים ניט וואָס מקנא צו זיין. די גרויליקע טעג און יאָרן פון די פּליטים איבער די טויזנטער־קילאָמעטערדיקע שטחים פון גרויסן רוסלאַנד, איז געבליבענע אויף דער אָקופּירטער טעריטאָריע. אָבער דאָס לעבן פון די פּליטים און דאָס אומקום פון טויזנטער פון זיי... — ווען וועט אָט די טראַגישע געשיכטע פון יידישן לעבן זוכה זיין פאַראייביקט צו ווערן?

אַ ט יי ל האָט פאַראייביקט חיים גראַדע אין זיין נייעם בוך „פּליטים״. — אָבער וועגן דעם דאַרף מען שוין שרייבן באַזונדער.

פּאַריז, סעפּט.־אָקט. 1947.

# א. סוצקעווער

## I

## יחוס

„עס האָבן די אַלטע געשיכטלעכע ווונדן
אונדזערע זיידעס אין יחוס געבונדן".

יעדער שטאָט און שטעטל האָט זיך אירע באַרימטע פּערזענלעכקייטן; גאָר אָפט טרעפט, אַז אַן אָרט ווערט באַרימט בלויז צוליב דעם, ווייל דאָ איז געבוירן געוואָרן אַ שפּעטערדיקע באַרימטקייט.

אין וואַנדער צו דער גרעסטער פּוילישער אָזיערע נאַראָטש, שטעלט זיך אָפּ דער יידישער גייער, צווישן אַנדערע שטעטלעך, אויך אין אַ שטעטל, וואָס הייסט מיכאַלישאָק (60 קמ. פון ווילנע).

אַ שטעטל — אָן ספּעציפישקייטן. איין לאַנגע גאַס. מאַרק, קלויסטער, בית־מדרש.

אַז דער יידישער איינוווינער דערקענט אין אייך, אַז איר זענט אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט אין די שוואַרצע פינטעלעך, וועט ער גלייך מיט שטאָלץ אַ פרעג טאָן:

— נו, און פון מיכאַלישקער רב האָט איר געהערט?

זעט ער דאָך פון אייער שווייגן, אַז איר זענט פון די אַ נ ד ע ר ע, פון די מ אָ ד ע ר נ ע, הייסט עס, ווייס ער:

— נו, יע, ווי קומט איר, איצטיקע ג ר ו י ס ש ט אָ ט י ש ע צו וויסן פון מיכאַלישקער רב. — שטעכט ער אייך בייסיק. — איר גייט זוכן שיינע זאַכן, זע איך, קומט וועל איך אייך ווייזן אַ קאַפּיטשקע געשיכטע.

און ער פירט אייך אַוועק אויפן מיכאַלישקער בית־עולם.

— איר זעט, — רופט ער אויס מיט שטאָלץ — דאָ ליגט די רביצינטל, וואָס פלעגט אין די ווינטערדיקע מאַרק־טעג טיילן ווייבער אומזיסט געבעקס און טיי צו דערוואַרעמען די גלידער און געבן אָרעמע הלוואות, וואָס מען פלעגט איר קיינמאָל נישט אומקערן... דאָ ליגן זיינע בני משפחה.

— און ער?

— ער איז געקומען צו קבר־ישראל אין בערלין...

ווייניק האָבן געוווסט, אַז ר' שבתי פיינבערג איז דער מיכאַלישקער רב. פרעמדלעך האָט געקלונגען די פאַמיליע, אָבער אייגן און נאָענט פאַרן

רעליגיעזן יידן איז געווען דער נאָמען „דער מיכאַלישקער רב", וועמענס יחוס עס ציט זיך פון דור דורות רבנים און יידישע געלערנטע. דרייסיק יאָר האָט געשריבן דער מיכאַלישקער רב זיין קאָמענטאַר „מפיקי מגינים" צו דעם באַרימטן רעליגיעזן „מגן אברהם" (דערשינען אין ווענעציע 1603). דעם ספר', אַן אָפּגעדרוקטן, האָט שוין אָבער דער מחבר ניט דערלעבט אַרויס־צוגעבן. ער ווערט קראַנק, מען פירט אים אַוועק קיין בערלין קורירן. עס אינטערעסירן זיך מיט אים ספּעציאַליסטן. דער פּעטערבורגער פּראָפעסאָר כוואָלסאָן, מיט וועמען דער מיכאַלישקער רב איז געווען אין פריינדשאַפט־לעכע באַציאונגען, רוט ניט, פרעגט זיך נאָך אויף זיין פריינד; אָבער די קראַנקייט איז ערנסט, איז גובר דעם אָפּגעשוואַכטן קערפּער.

דער מיכאַלישקער רב האָט איבערגעלאָזן צוועלף קינדער, צווישן וועל־כע דער אייניקל זיינער, אונדזער דיכטער סוצקעווער, קען דערציילן טשי־קאַווע פּרטים וועגן עטלעכע פון זיי. דאָס זענען:

מאָטל — דער וואָס האָט אַרויסגעגעבן דעם טאַטנס ספר און אָנגע־שריבן דעם פאָרוואָרט — איז שפּעטער געווען אַ דירעקטאָר פון גרויסע פאַבריקן אין ראַטנפאַרבאַנד.

לייזער — איז צו 13 יאָר אַנטלאָפן פון טאַטנס שטוב אין די פאַראיי־ניקטע שטאַטן און פון אַ פּעדלער דערגאַנגען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צום ראַנג פון אַ פּולקאָווניק אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און שפּע־טער פונאַנדערגעבויט אַ שטאָט פון פאַרפום־פאַבריקן אין אַטלעבאָראָ (שטאַט מאַסוזשעטס). אַז לייזער איז געווען אַ באַקאַנטע פיגור אין אַטלע־באָראָ איז געוויס געווען צו זען פון דעם, וואָס די בריוו, וואָס מען פלעגט שרייבן צו אים פון „יוראָפּ" זענען געווען קורץ אַדרעסירט:

Joseph Finberg, Attlebori Moss U. S. A.

אַ דריטער זון — דניאל, וואָס קומט צו גאַסט צו יוספן דערציילט, אַז יוסף איז גאָר אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט און אָפּט רייסט ער איבער מיט עטלעכע שעה פריער די אַרבעט אויף זיינע פאַבריקן און האַלט פאַר זיינע אַרבעטער סאָציאַליסטישע דרשות.

עס האָט געהאַלטן מיט גרויס פּיעטעט אַ בריוו, וואָס לעוו טאָלסטאָי האָט געשיקט צום טאַטן, די טאָכטער סלאווע.

אַ סך וועט אויסקומען צו דערציילן פון אַ צווייטער טאָכטער פון מי־כאַלישקער רב, פון ריינען, וואָס האָט חתונה געהאַט מיטן סמאָרגאָנער סוחר — הערצל סוצקעווער.

הערצל מיט זיין ברודער שמואל האָבן איבערגענומען נאָך זייער טאַטנס טויט (אַברהמל איצעלעס), זיינע גרויסע לעדער־פאַבריקן, מיט וואָס סמאָר־גאָן האָט זיך געריסט. צום געשעפט האָט זיך הערשל אָבער ניט געטויגט. ער איז געווען אַ יודע ספר, געהאַט אַ געניאַלן קאָפּ אויף זיך, און כאָטש מיט דער ישיבה האָט ער איבערגעריסן, האָט ער דאָך אפילו זייענדיק אַ

פאַבריקאַנט, זיך פאַרנומען מער מיטן ספר, ווי מיט זיינע געשעפטן, וואָס זענען איבערגעגאַנגען צוליב דעם אַלץ מער אין די הענט פון שמואלן. אין סמארגאָן האָט זיך דער יונגער הערצל סוצקעווער באַקאַנט מיט רײנע פיינבערג, וועלכע איז געקומען צו גאַסט צו איר חתונה־געהאַטער שוועסטער, פון די מגידס, וואָס זענען אין סמארגאָן באַקאַנט געווען ווי די גרעסטע גבירים. חתונה געהאַט און געלעבט זיך רואיק און געטראַכט וועגן דער דערציאונג פון משהלען, עטעלען און פון ייִנגסטן אבראַשינקען — אונדזער שפּעטערדיקער דיכטער א. סוצקעווער.

## II

# ערגעץ ווייט...

„ווו פאַרענדיקט זיך די וועלט? — פאַרוואונדערט זוד איך צווישן שנייען אַ באַשייד".

1914. אַ שטאָט מיטן גאַנצן האָב און גוטס ליגט איינגעפּאַקט אין פּעק און טשעמאָדאַנעס. טויזנטער מענטשן רוען ניט קיין טעג, שלאָפן ניט די נעכט. מען וואַרט אין גרויל אויף דעם זיך דערנעענטערנדיקן פערדן־גאַלאָפּ פון קאָזאַקישע באַנדעס. מען ווייס, אַז די טעג זענען געציילטע — מען וועט זיך מוזן געזעגענען מיט דעם אַלטן געבוירן־ און וווין־אָרט.

דער באַפעל קומט אָן פּלוצלינג:

— תיכף פאַרלאָזן די שטאָט!

די איינוווינער אַנטלויפן פון זייער שטאָט, לאָזן איבער אַלץ אויף גאָטס־באַראָט, ניט באַוויייזנדיק אפילו מיטצונעמען דאָס נויטיקסטע, וואָס איז שוין פאַרפאַקט געווען. געשריי און יאָמער יאָגט איבער פעלדער און וועלדער. און ווען קוים מיטן לעבן איז מען שוין ווייט אין פעלד, ליגט שוין סמארגאָן — איינער פון די גרעסטע צענטערס פון לעדער־אינדוסטרי פון דער צאַרישער אימפּעריע — אַ צעפּאָגראָמירטע פון ווילדע קאָזאַקישע חיילות און אַ דערטרונקענע אין פלאַמען.

צווישן די פּליטים: די משפּחה סוצקעווער.

דעם אַנדערהאַלבן־יאָריקן אַבראַשינקע טראָגט דער טאַטע אויף זיך און זיי קומען אָן אין איבערפולטן פון פּליטים — מינסק. דאָ באַקענען זיי זיך מיטן באַקאַנטן אָמסקער סוחר און פאַבריקאַנט, גוטערמאַכער, וועלכער לאַדט זיי איין צו קומען צו אים, ווו ער וועט זיי שוין איינאָרדענען. די איינלאַדונג אָנצונעמען איז געווען ניט שווער, אָבער גאָר ניט גרינג איז געווען דער פאַר־טויזנט־קילאָמעטערדיקער וועג, וואָס האָט זיי געדאַרפט דערפירן ביז אָמסק.

גיך איז סוצקעווערס שטוב געוואָרן דער צענטער פאַר דער אָמסקער יידישער אינטעליגענץ. אויסער דעם רב פלעגט דאָ שטענדיק קומען דער

עסטרייכישער אָפיציר פייערשטיין (שפּעטערדיקער העברעאישער שרייבער — אביגדור המאירי), וואָס האָט זיך „געליבט“ אין אַבראַשינקען. ס׳איז דאָ געווען אַן אָפּטער איינגייער דער יידישער קאָמוניסט רעבע.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס פאַרוואָרפענע שטיבל, מיט דעם אויסער־שטאָטישן אַרום, וואָס גוטערמאַכער האָט אָפּגעגעבן די סוצקעווערס:

„זונפאַרגיי אויף אייזיק־בלויער געגנט,
זיסע דרעמל־פאַרבן אין געמיט.
ס׳לייכט אין טאָל אַ כוטערל אַנטקעגן,
דורכגעהויכט מיט נאָדלדיקן בליט.
ווונדערוועלדער וואַקסן אויף די שויבן,
צויבערשליטנס קלינגלען אין אַ קרייז.
לעצטע שטראַלן אָפּפליער ווי טויבן
שניידן דורך דעם הימל. אונטער אייז,
איינגעוויגט אין פאַספאָרנע קרישטאָלן
גאָרגלט דער אירטיש. און ווייט און ברייט
אונטער אויסגעשוויגענע קופּאָלן
ליגט אַ וועלט מיט שטערנדלעך באַשנייט“.
(סיביר)

1917. אין צענטראַל־רוסלאַנד פייערט נצחון די רעוואָלוציע, אין וויטן סיביר — די אַנאַרכיע.

קאָלטשאַקישע באַנדעס, פאַרטיזאַנישע קאַמפן. עפּידעמיעס, טויטע, פאַרפראָרענע און קראַנקע ליגן אין די גאַסן, פעלצער און פעלדער, ווי עס וואַנדערט דער קליינער סוצקעווער. אויך סוצקעווערן מיט זיין משפּחה מיידט ניט אויס די עפּידעמיע. בילדלעכער דערוויסן מיר זיך וועגן דעם אין זיין פּאָעמע:

„זיסער פראָסט מאָלט בלומען אויף מיין שאַרבן,
כישופט מיך מיט אייביקייט... אַ קראָ
פּיקט דעם שניי. און שניי איז פול מיט פאַרבן —
מיטאַמאָל: באַמערק! — ווער ליגט עס דאָ
אויפן מיטן פעלד אין שניי פאַרזונקען —
וואָלף, צי מענטש? — איך שאַר די שנייען אָפּ —
ערשט פון אונטער פרירנדיקע פונקען —
אַ סאָלדאַט, מיט ביקס אונטערן קאָפּ
און אַ פּייקע גלימצערט אין די ציינער!...
שריי איך אים אין אויער, שלעפּ זיין באָרד,
הויב אים אונטער מיט זיין ביקס פון אָרט,

רוף דעם ווינט צו הילף — נאָר ס'הערט ניט קיינער.
פּרווו איך אים אויף מיינע אַקסל נעמען —
ליגן ביידע שוין אין שניי. איך פּרווו
שמעלצן דאָס געפריר פון ליפּן, ברעמען,
מיט מיין קוש דערוואָרעמען זיין גוף! —
נאָר זיין הויט איז גראָלעך־בלויער אייזן,
זיינע הענט — אַן אויפגעדריקטע צוואַנג;
— — — — — — — — — — — — — — —
און בשעת איך טרייב צוריק מיין גאַנג
צו דעם כוטער, ברענגען מיינע שפּרייזן
אַ מתנה פון דעם קאַלטן פּליין:
טיפוס פאַר דעם טאַטן, פאַר דער מאַמען,
טיפוס פאַר דער שוועסטער, און צוזאַמען
ברענג איך שוין אַזוינס פאַר זיך אַליין".

(סיביר)

די בליענדיקע שניי־ווייסקייט, צו וואָס דער קליינער אַבראַשינקע האָט אַזוי געבענקט, האָט צו טייער געקאָסט...

הונגער אין צענטראַל־רוסלאַנד — דאָ איז פאַראַן פון כל־טוב. עס גייט דער אירטיש אין פאַגג — די פודיקע מאַקסינען. עס האָדעווען זיך די פעטע געגנדז. אָבער די משפּחה סוצקעווער הונגערט. ער אַליין מוז פאַרדינען פאַר דער טיפוס־קראַנקער משפּחה, זיין זייער שפּייזער. באַקומט ער ערגעץ אַרויס פאַרטריקנטע לעבלעך ברויט און מיטן האַק מוז ער דאָס צעשפּאַלטן, כדי צו קענען ווי עס איז נאָכדעם אויפגריזשענען.

אויך דער טיפוס גייט אַריבער. די משפּחה ווערט געזונט. און ווידער איז שוין אַבראַשקע אין שטוב נישטאָ.

ניט ווייט פון שטוב געפינען זיך לאַגערן פון קירגיזן. גיך באַפריינדעט ער זיך מיט זיי. קען זיך שוין אפילו מיט זיי צוזאַמענריידן. האָט הנאה זיך צוצוקוקן, ווי זיי עסן מיט זייערע הילצערנע גאָפּעלעך. טרינקט מיט זיי צוזאַמען דעם זויערלעכן קומיס (מילך פון קליאַטשעס) און איז טשיקאַווע, ווי אַזוי זיי ריכטן אָפּ זייערע תפילות אין זייערע קעמל־האָריקע קליידער. ס'ציט אים צו זיי און גיך ווערט ער חבר מיט דעם ברוין־הויטיקן קירגיזל טשאַנגורי, וועמען סוצקעווער ווידמעט שפּעטער לידער גאַנצע פון זיין אויטאָביאָגראַפישער פּאָעמע „סיביר", וואָס איך האָב שוין דאָ ציטירט.

**טשאַנגורי**

„ברוין איז ער — פון הייסן בראָנז די צורה,
און די אייגעלעך פון דעם אַזיאַט —

גראָזיק־גרין. מיין חבר'ל טשאַנגורי,
ווי מיר, כ'האָב אים ניט דערקענט כמעט:
פעלנהויט, גערימענטע סאַנדאַלן.
און אַ לולקעלע אין ברייטן מויל.
ווי דער טאָג נאָר עפנט זיינע קוואַלן —
זענען מיר שוין ביידע. און ניט פויל
טרינקען מיר קומיס פון פולן לאָגל,
טראָגן זיך אַרום ווו נאָר אַ העק.
ביז נאָך לאַנגער פלאַטערניש און וואָגל
לייגן מיר זיך שלאָפן אויף אַ וועג".

ס'פלעגט קומען צורייטן צום שטיבל טשאַנגורי אויף אַ צוויי־הויקער־דיקן קעמל. צווישן די הויקערס פלעגן די ביידע חברה־לייט אַ ברעט אַוועק־לייגן. היי אויף דעם, ס'זאָל זיין באַקוועמער צו זיצן — און הײדאַ אין סטעפ אַריין, אין פעלד און וואַלד.

אין קינדערגאָרטן האָט זיך אַבראַשקע געקראָגן אַ צווייטן חבר — הערצקע פלעקסער. זיי פלעגן זיך אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן מיטצופאָרן אין קינדערגאָרטן מיט דעם באַהעלפער און בעסער גיין צופוס. אַנגעטאָן אין די פּימעס (האַרטע וואַליקעס אָן קאַלאָשן) און אין פּעלצל (וואָס ליגט נאָך לזיכרון צוקאָפּנס אפילו איצט אין געטאָ ביי סוצקעווערן), פלעגן זיי גיין דורך ווייטערע פעלדער, גיין צום אירטיש און טשאַטעוועז, ווי קירגיזן, אין אויפגעהאַקטע פּראַלעוועס, טונקען אָפּ לויטן מנהג זייערע ביי־געבוירענע קינדער, זיך קוויקן מיט דער וווּנדער־פּרעכטיקער נאַטור אַרום און נאָכן האַלבן טאָג גיין מיט הערצקען פאַרדינען עפּעס פאַר זיך און פאַר די משפחות; מיט מעסערלעך און בריטוועטשקעס האַנדלען; גנבהנען ביי די כאַדיס (מאָנגאָלישער שבט) קאַוואָנעס און... ווידער ניט קענען זאַט ווערן מיט דער שיינער נאַטור.

„איך געדענק אפילו איצט, דערמאָנט סוצקעווער, דעם קאָליר פון די בלומען, וועלכע זענען געוואַקסן אַרום אונדזער פאַרקאַן"... און אַז ס'קומט שוין צו ריידן וועגן ווייטן סיביר, צעצינדט זיך אפילו איצט, אין געטאָ, ביי סוצקעווערן אַ פייערל:

„יעדער מענטש, און בפרט אַ שרייבער, זאָגט סוצקעווער, האָט זיך אין זיין לעבן און שאַפן זיין בענקשאַפט, זיין אילוזיע. מיין אילוזיע איז סיביר. ווייט דאָרטן איז געוועזן מיין קינדהייט. איך האַלט, באַטאָנט דער דיכטער, אַז דאָרט בין איך שוין אויך געוואָרן אַ שרייבער, כאָטש קיין לי־דער האָב איך נאָך ניט געשריבן דאַן, אָבער אין מיינע דעמאָלטיקע אי־בערלעבונגען בין איך געווען אַ פולשטענדיקער דיכטער... די גאַנצע שייב־

קייט פון דער נאַטור, פון דער וועלט, שטאַמט פון סיביר" — ענדיקט סוצ־קעווער, און ווי אַן אילוסטראַציע הויבט ער אָן:

„...וואַלד. און שפּאַגל־בליציקייט אויף צווייגן,
אָטעמט דאָ מיט וועלפּישן געהייל.
די צעהילכטע שיינקייט און דאָס שווייגן
הויכט אין מיר אַריין אַ הייסע פייל.
אָנהויב־וווּנדער מאַכט מיר דרייסטער, העכער,
ס'לערנט מיר דער וואַלד־געדאַנק פאַרשטיין.
כ'אָטעם איין די פליגל פון מיין עכאָ
און איך שריי צוריק... נאָר כ'זע שוין גיין
דורכן וואַלד מיין טאַטן אין שטיוואַלעס,
מיט דאָס האַלץ פאַרבונדן אויף אַ שטריק.
לויף איך צו. די צווייגנדיקע כוואַליעס
שיטן אָפּ אונדז ביידן מיט מוזיק." —

זייער אַ סך דעראינערונגען זענען אים פאַרבליבן פון זיין טרייען חבר — דעם טאַטן. אין דער פּאָעמע „סיביר", ווו ס'איז שוין פון אויבן צו זען, דערמאָנט ער אים גאָר אָפט (אויך אין אַ גרעסערער פּאָעמע אין „צוקונפט" א"ג „מיין טאַטע און איך"). דאָרט איז פאַראַן אויך אַ קאַפּיטל פון טאַטנס טויט:

דער קליינער אַבראַשקע האָט געהאַט אַ טויבן־שלאַק. איינמאָל האָט ער אַריינגעכאַפּט אַ פּרעכטיקע שיינע טויב און אַ צופרידענער געלאָפן אין שטוב ברענגען די בשורה, אַריבער דעם שוועל און געטראָפן דעם טאַטן — נע אין די פּראַכט־וואַגאָנעס:

1921. די פּרווון אַליין צו פאַרדינען גיבן זיך ניט איין. די באָלשע־וויקעס גיבן יעדן די מעגלעכקייט אומצוקערן זיך אַהיים. אָנגעלאָדן מיט טיפע איבערלעבונגען איז די צוויי חדשימדיקע נסיעה פון אָמסק קיין ווילנע אין די פּראַכט־וואַגאָנעס:

ווידער וווּנדערלעכע לאַנדשאַפט. די אוראַלער בערג מיט זייער גאָלד־און זילבער־קאָליר, די וואָלגע און... אָפּגעשניטענע פיס דורך די צוגן־רעדער ביי אַ פריינד... און הונגער... הונגער...

און אינטערעסאַנט, קיין זאַך איז אים ניט געבליבן אַזוי אין זכרון, קיין זאַך האָט אויף אים דיכטעריש־עמאָציאָנעל ניט געמאַכט אַזאַ איינ־דרוק, ניט אויפגערודערט (הונגער, בלוט...), ווי די נאַטור אין ווייטן סי־ביר, וואָס האָט שוין אין זיין ווייטערדיקן דיכטערישן שאַפן געהאַט די דע־צידירנדיקסטע ווירקונג אין זיין טעמאַטיק, פאָרם און קלאַנג.

ער האָט געפּרוווט צענדליקער מאָל שרייבן וועגן סיביר. צו דער פּאָעמע „סיביר", וואָס ער האַלט פון די בעסטע פון זיין שאַפונג, וועלכע ער האָט

דעם ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט אין 1936, האָט ער זיך גענומען אין 1940, נאָכאַמאָל עס איבערגעאַרבעט און... כ׳בין זיכער, אַז סיביר וועט אים נאָך אַלץ נישט לאָזן רוען.

איינע פון די הויפּט סיבהס, פאַרוואָס סוצקעווער איז נאָך דער צעפאַלונג פון פוילן ניט אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, כאָטש ער האָט געקראָגן איינלאַדונגען פון דאָרטן (פון קרייז פון די פריילאַנדיסטן, פון י. ל. פּרץ־שרייבער־פאַריין), איז טאַקע געווען זיין טרוים, — וואָס ער האָט געהאַלטן דאַן, ער זאָל פאַרווירקלעכט ווערן: נאָכאַמאָל צו זיין אויף סיביר. קומען דאָרט, ווו ער האָט זיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט. זאָל אים קיינער ניט ווייזן דעם וועג צו זייער כוטער, צום אירטיש, אין וואַלד, צו די קירגיזן־לאַגערן, ער מוז, ער וועט אַלץ אַליין טרעפן — אַזוי לעבעדיק, אַזוי נאָענט איז עס אַלץ פאַר אים.

„פאַר די צען טויזנט רובל האָנאָראַר, וואָס איך האָב געזאָלט קריגן פאַר מיין שוין אויסקאָרעגירטן (דורך פּר׳ ז. קאַלמאַנאָוויטש) בוך לידער, דערציילט מיט פאַרדרוס סוצקעווער, האָב איך אנשטאָט צו פאָרן אויף דרום — אין קרים, ווו דער שרייבער־פאַריין האָט מיך געזאָלט שיקן, — באַשלאָסן צו פאָרן אויף צפון, אין מיין אויסגעבענקטן סיביר. און איצט אפילו — גיט צו סוצקעווער — איז די פאָעמע בלויז איין פינקל, איין גלאַנץ פון גאַנצן סיבירער פּייזאַזש, וואָס איך טראָג אין זיך״...

אַ מאָדנער, אַ טשיקאַווער שרייבער... צו פאַרנעמען זיך מיט אַזעלכע ווייטע, ווייטע זאַכן...

III

## לעבן דער גרינער בריק

„...איך האָב היינט באַגעגנט די קינדערשע יאָרן
אַט דאָ אויף דער גרינער פאַרכישופטער בריק״.

אין סמאַרגאָן איז שוין ניט קיין אָרט פאַר זיי. די שטאָט ליגט אונטערן אַש. אין 1922 קומען די סוצקעווערס קיין ווילנע און באַזעצן זיך אין שטאָט־טייל, וואָס ליגט איבערן גרינעם בריק — אויף גרויס שניפּישאָק.

אַן אַנדער לעבן, אַ נ י י ע ר הויבט זיך אָן פאַר אַבראַשקען. די מאַמע פאַרשרייבט אים אין אַ תלמוד־תורה „בית יהודה״, אָבער ניט דאָ און ניט אין די שפּעטערדיקע חדרים קען ער זיך אויסלעבן. אַז סוצקעווער דערמאָנט זיך וועגן די אוניווערזיטעטן זיינע, זאָגט ער: „כ׳האָב אַבסאָלוט נישט קיין שום באַציאונג צו מיינע דעמאָלטיקע לערער, דערציער און שילער... גענוג צו זאָגן, אַז איך האָב אין 1927 אָנגעהויבן צו שרייבן לידער, האָב איך ניט געוווסט פון פּרצן, שוין אָפּגערעדט פון די ייִנגערע שרייבער,

ווי קולבאק, לייוויק, האַלפּערן. כאָטש ער קרענקט אָפטמאָל, דאָך האָט ער געגוג ענערגיע צו אָרגאַניזירן אין אַ שטוב פאָרשטעלונגען פאַר קינדער, שפּילן אַליין אין זיי, און די הכנסה פון די 5־10 גראָשיקע בילעטן אָפּ־געבן פאַר אָרעמע. ער מאַכט אויך ביי זיין חבר, דעם סטאָלער לייבקע רחלין, אַ ליי־ביבליאָטעק, ווו פאַר 5 גראָשן קומען צו גיין קינדער און דערוואַקסענע זיך קוויקן מיט פאַרשידענע מעשה־ביכלעך.

איין זאַך אינטערעסירט אים יאָ. דאָס איז שוין ביי אים פאַרוואָרצלט פון געבוירנשאַפט — די ליבע צו דער נאַטור. ער געדענקט דעם לערער ר אָ ז ע ן, ווייל ווי אַ נאַטור־לערער פלעגט ער דערציילן אין שול מעשה־לעך, ווי אַזוי מען פרירט איין פיש און מענטשן און ווי אַזוי מען מאַכט זיי דערנאָך לעבעדיק.

די אָנגענעמסטע לעקציעס זענען געווען פאַר אים די שפּאַצירן אויסער דער שטאָט. אויף די איבעריקע לעקציעס פלעגט ער שוין שרייבן פאַנטאַס־טישע לידער אין יידיש, כאָטש וועגן דער יידישער ליטעראַטור האָט ער נאָך קיין אַנונג ניט געהאַט.

אַזוי האָט ער געוואַנדערט פון „בית־יהודה" צו די מלמדים איציק־מעשל און קאַלענאַדופּע, וואָס פלעגן ווי אַ שטראָף פאַר די חדר־יינגלעך אויסשיטן זאַלץ אויף דער ערד און הייסן דעם זינדיקער זיך שטעלן אויף דעם מיט די נאַקעטע קני. איינמאָל האָט קאַלענאַדופּע געכאַפּט אַבראַשקען ביי אַ גרויס פאַרברעכן: געהאַנדלט מיט מאַרקעס. פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן קלעפּ ווי האָגל. דער קליינער האָט אָבער אויפן רבין געמאַכט אַ גוטע ׳פּאָמאַטערע״ און זיך צעשריען:

— „וואָס הרגעסטע זיך, גיסט מיר עסן?!"

דערפאַר האָט אים דער רבי געגעבן אַ „2" פאַרן שלעכטן אויפפירן זיך.

אַבראַשקען האָט אָבער דאָס האַרץ ניט געשטילט. איז ער אַריין, ווען קיינער איז ניט געווען, אין לערער־צימער, אַרויסגעגנבעט דעם קלאַסן־זשורנאַל און אַריינגעוואָרפן אים אין קלאָזעט.

דערפאַר אָבער לעבט ער דעם צווייטן האַלבן טאָג — נאָכן חדר. ער שפּילט אויף טאַביאַשעס ציגעלניע־פּלאַץ פאַר אַ כאַפּבעק אין דער קינדער־פוטבאָל־קאָמאַנדע 1טע „השומר" און מיט זיין מיטשפּילער, זיין חבר ליי־זער מעקלער (דער שפּעטערדיקער „יונג־ווילנער" לייזער וואָלף) פאַר־נעמען זיי זיך מיט אָפּטרייסלען פון אַ הויכן בוים ווילדע באַרעלעך (דזשיצ־קעס), לייגן דאָס אָפּ ביי טאַביאשן אויפן בוידעם, כדי צו „גנאָיענען" די דזשיצקעס", ס׳הייסט זיי זאָלן ווייכער ווערן. בייטאָג לעבט מען אַ טאָג. דאַן שלאָפן די פלאַטערלעך. „טשאַטעוועט מען אויף נעכט", זיי כאַפּן דאַן אָן די שלאָפנדיקע „נעכט", פּויענען זיי אָן מיט ברען־ספּירט, דאָס פלאַטערל ווערט דאַן פאַרסמט ביז טויט און אין קאָלעקציע ביי אַבראַשקען איז פול

מיט ציטראָנען, פּאַווישע אייגעלעך, קאָראַלן, אַעראָפּלאַנען (ליבעלעך), בלאָ־געשטרייפטע הינטנדלעך פון פערדלעך און נאָך פאַרשיידענע אינזעקטן.

אַ פרייד איז ביי די קינדער:

— „אוי, אַבראַשקע האָט ווייטער געכאַפּט אַ „נאַכט"!

דער ערשטער האַלבער טאָג איז אָבער אַלץ ניט אינטערעסאַנט. עס פאַרכאַפּט אויך ניט די העברעאישע גימנאַזיע „גימנסיה ראלית" און די פויליש־העברעאישע גימנאַזיע „גימנסיה הרצליה", ווו די אַפּטע קרענק לאָזט אים ניט צורו. אין שטוב איז אויך נישט ווי ס'באַדאַרף צו זיין. מען זוכט אַ פאַרבינדונג מיט יוספן פון אטלעבארא, וואָס קומט ערשט שפּעטער, דערווייל איז אָבער ניט אַמבעסטן.

עס שטאַרבט אין עלטער פון 14 יאָר די איינציקע שוועסטערל, וואָס נעמט צו ביי דער קליינער משפחה פרייד און האָפענונג. (עטעלע האָט שוין געשריבן פיינע לידער און זיך אויסגעצייכנט אין אַלץ, מיט וואָס זי איז גע־קומען אין באַריר).

סוצקעווער טראָגט זיך אַרום אין אַ וועלט פון חלומות און פאַנטאַזירט אויס אייגענע וועלטן.

ער הערט, אַז זיין לייזער־וואָלף איז אַ דיכטער און ער פרעגט פאַר־וווּנדערט:

— וואָס איז אַ דיכטער?

ער דערזעט ביי אַ שכנטע — אַ שילערין פון דער יידישער רעאַל־גימנאַזיע — מ. ל. האַלפּערנס „אין ניו־יאָרק". כאַפּט ער זיך צו צו דעם און בלייבט צעמישט פון אָט דעם מאָדנעם שרייבער, וואָס איז גאָר אַנ־דערש ווי אליקום צונזער, וואָס איז געווען ביז אַהער סוצקעווערס לייענ־שטאָף.

אין 1927 שרייבט ער אָן אַ חנוכה־ליד אין העברעאיש און אַביסל שפּעטער אַ ליד אין יידיש שוין וועגן שטייגער־פּראָצעס.

עס קומט אַ נייער פּעריאָד: לייענען. ער נעמט זיך מיט אַ שטיקל ברויט אינדערפרי און מיט דעם זיצט ער אָפּ „פון 10 אַז. פרי ביז 8 אָוונט" אין דער סטראַשון־ביבליאָטעק. ווערט אַ שטענדיקער לייענער פון דער קינ־דער־ביבליאָטעק ביים „צענטראַלן בילדונגס־קאָמיטעט" און שלינגט אָן אַן אויסנאַם גראַד פילאָזאָפישע און דיכטערישע ווערק (זשיטלאָווסקי העלפט אים דאָ דערביי גאָר אַ סך).

דאָס שרייבן הויבט אָן צו ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון זיין לעבן. ראַשיק גייט זיין קולטורעלע זעלבסט־אַנטוויקלונג. ער איז אַ שטרענגער קריטיקער צו זיך אַליין און פאַרברענט, צערייסט אָפטמאָל און פילט אָן דעם אויוון מיט זיינע פאַרשריבענע פּאַפּירן.

דאָ ניט לאַנג האָבן יידישע אַרבעטער געפונען אין אַ ליטווישן פּאָלי־



מאַנטרעאַל 1953.



ניו־יאָרק 1949. פאָטאָגראַפירט דורך
מלך ראַוויטש.

ניו יאָרק, 1948. צווישן אַ גרופּע פריינט, שרייבער און קינסטלער



ניו יאָרק 1949. — ש. קאַטשער־גינסקי צווישן אַ גרופּע פריינט. דאָס בילד האָט אַראָפּגענומען! מלך ראַוויטש.



צײַ־קאָמיסאַריאַט אַ העלפט פון סוצקעווערס לידער פון אַט דעם אָנפאַנגס־פּעריאָד. וואַנדערנדיק איבער די שורות, האָט מען דערזען, אַז סוצקעווער איז געווען צו שטרענג צו זיך:

„אַ וועלט מיט אויסגעחלומטע אינדזלען, ימען,
אַ וועלט אַן אַנדערע, ניט ווי די,
אויף וועלכע ער איז אַרומגעגאַנגען...“

IV

# זון און ליכט

„היי, היי, בראַווע בינען!“

ווי אַ רעזולטאַט פון שמועסן צווישן שילער פון ווילנער ייִדישן לערער־סעמינאַר און ווילנער בילדונגס־געזעלשאַפט („ווילביג“), גרינדעט זיך אין 1927 ביי די ייִדיש־וועלטלעכע שולן אין ווילנע אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע א“נ „בין“.

„די „בין“ — שרייבט איינער פון אירע הויפּט־גרינדער ד“ר מאַקס וויינרייך, — איז היינט ניט די איינציקע ייִדישע יוגנט־פאַראייניקונג, אָבער זי האָט אַ ספּעציפישן סימן: זי איז ניט קיין פּאַרטייאישע. זי שטייט אויפן באָדן פון אונדזער נייער ייִדישער קולטור און דאָס איז אַלץ... דורך פּראַקטיק אויסלערנען די קינדער צו זיין מענטשן פאַר זיך און פאַר יענעם, צו גאָט און צו לייט. דאָס איז דער ציל ביי די סקויטישע אָרגאַניזאַציעס ביי פאַרשיידענע פעלקער; דאָס איז אויך דער ציל פון דער „בין“, צוגעפּאַסט צו אונדזערע ספּעציעלע ייִדישע אומשטענדן“. („ווילנער טאָג“, 29סטן יוני 1928).

פאַר די קינדער, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן ניט אין העברעאישע אָדער תלמוד־תורה־שולן און זענען ניט געווען אַריינגעצויגן אין די סאָציאַליסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציעס, איז דער „בין“ געוואָרן גלייך אַ דערציאונגס־אינסטיטוציע. דאָ האָבן זיי זיך נאָך דער שול — און דער עיקר אין די פרייע זומער־ און ווינטער־פעריען — געקענט אויסלעבן. וויטע אויסערשטאָטישע אויספלוגן, זומער־ און ווינטער־לאַגערן, אַקטועלע לעבעדיקע שמועסן וועגן דער מאָדערנער ייִדישער קולטור, סקויטן־אוניפאָרם — דאָס אַלץ האָט אַן שטער גובר געווען די אַלטע פאַרטוכלעוועטע אָדער נודנע הייזער, וווּ די קינדער האָבן געלעבט.

„ערד געאַקערט און געזייט,
איז דאָס לעבן פול מיט פרייד —
לעבן זאָל דער אַקער און די בינען“.

די ווערטער פון דעם לידל האָבן פאַראינטריגירט די יונגע חברה, וועל־כע האָבן געבענקט נאָך גרינס און בלאָ אין פרייען פעלד און וואַלד. פאַר סוצקעווערן איז דער „בין" ווי אויסגעחלומט געווען.

אין 1930 ציט אים אַהין אַריין לייזער וואָלפס ברודער, חיים. סוצקע־ווער דערזעט מיטאַמאָל אַן אַנדער, ביז אַהער אומבאַקאַנטע סביבה. ס'הייבט זיך אָן פאַר אים אַ נייער קאַפּיטל אין זיין לעבן. וואָכן און חדשים אין וואַנ־דער און אויף לאַגערן, אויף ברייטע פעלדער, אונטער בלויע הימלען. סוצ־קעווער ווערט פול מיט לעבן. די בינען־לאַגערן אין בויווידז, לייבישאָק, רענ־קאַצישעק, ראַווע, זענען פול מיט איבערלעבונגען. פּאַסירונגען, וואָס בלייבן איינגעקריצט אין אים, אין זיין וויטערדיקן לעבן און שאַפן. זיינע נייע דער־ציער: דוד גורלאַנד און מאָטל גילינסקי "(באַטקע) גיסן אַריין אין אים ימען ליבע צו דער שיינער נאַטור־סביבה, צו דער נייער יידישער קולטור. דער לע־רער יאַנקל אַס (אומגעקומען אין דער דייטשיש־פּוילישער מלחמה אין 1939), דערשמעקט, אַז סוצקעווער שרייבט פיינע לידער און ער ווייזט עס מיט פאַר־ווו נדערונג ד"ר וויינרייכן.

מיט מיקען (אַדוואָקאַט יוסף טשערניכאָווס זון) גיט ער אַוועק לייענען זיינע לידער פאַר אהרן מאַרקן. מאַרק איז נשתומם און וויל ניט גלויבן, אַז דאָס שרייבט אַן אָנפאַנגער — אַזוי צייטיק זענען זיי געווען אין דער פאָרם און שפּראַך. (אויף דעם סוצקעווער־אָוונט אין 1937 האָט מאַרק, דערמאָנענ־דיק דעם פאַקט, זיך מודה געווען, אַז זיינע ספיקות זענען געווען אומבאַרעכ־טיקטע).

ער שרייבט דאָן זייער אַ סך. שרייבט סצענישע זאַכן פאַר די בינען (צווישן אַנדערע אַ פּאַראָדיע אויף משה־לייב האַלפּערנס „גינגעלי" און אַ ליד „דער פּאָעט", וואָס ער אַליין פירט עס אויף אין גרים).

פּאָפּולער ניט נאָר ביי די „בינען" ווערט זיין ליד, וואָס ער האָט אָנ־געשריבן אויף דעםווינטער־לאַגער אין רענקאַצישעק. דער טעקסט מיטן ניגון ווערט געזונגען פון יוגנטלעכע אין געיעג אויף נאַרטעס, שליטלעך און גלי־טשערס. סוצקעווער איז לעבעדיקער געוואָרן. ס'האָט אין אים אַ פינקל געטאָן דאָ אין דער שניי־וועלט אַן אָפּגלאַנץ פון וויטן סיביר, וואָס ס'איז אים נאָך אַזוי נאָענט און טייער געווען.

סוצקעווער שרייבט אָן אַ דראַמע (וועגן אַ צוגיפגעוואַקסענעם צווילינג) און הונדערט לידער.

ער ווייזט לייזער־וואָלפן (וואָס איז אויך געווען אַ „בין" און האָט שוין געהאַט אַן עטלעכע יאָריקן שרייבער־סטאַזש און דעריבער אַרויסגערופן צו זיך פיעטעט) אַ ליד „דער אַרטיסט", וואָס ענדיקט זיך:

„און אַט אַזוי וועל איך נאָך יונגערהייט
באַגעגענען מיין אַלטן חבר טויט".

און וואָלף איז אַנטציקט:

— „זייער אַ שיין ליד! ס׳וועט זיין פון דיר אַ לייט!“

— פאַרשטייט זיך — זאָגט איצט סוצקעווער — אַז קיין גרויסע טובה האָט מיר וואָלף מיט אַזעלכע לויבונגען ניט געטאָן.

אין פּראָגראַם־וואָרט פון ד״ר מ. ווײַנרײַך האָבן מיר געלייענט, אַז „די „בין“ שטייט אויפן באָדן פון דער נייער יידישער קולטור און דאָס איז אַלץ“. דער ציללאָזער ציל האָט אָבער שפּעטער די אומפּאַרטייאישע „בינען“ ניט געקענט באַפרידיקן.

„דער איינציקער וועג פאַרן יידישן אַרבעטער־קינד, פאַרן קינד פון דער יידישער אָרעמקייט איז אין דער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע“ — האָבן צו די „בינען“ גענומען כסדרדיק ריידן זייערע עלטערע חברים.

מיקע טשערניכאָוו איז פאַר זיין אָפּאָזיציע דורך ווײַנרײַכן גלייך אויסגעשלאָסן געוואָרן. אויך סוצקעווער האָט דערזען, אַז מען מוז אַ שטיקל פּנים קריגן. געגנוג צו הענגען אין דער לופטן. ווי אַ רינגער (די בינען האָבן זיך געטיילט אין גרופּן, וואָס האָבן זיך גערופן „רינגען“, בראש מיט אַן אָנפירער — אַ רינגער. עטלעכע רינגען צוזאַמען האָבן געהייסן: „קייט“ און דער אָנפירער „קייטער“ — ווי אַ רינגער האָט סוצקעווער אין זיין רינג אַרויסגעגעבן אַ צייטונג א״ב „פּען און רוקזאַק“, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער אָפּאָזיציע.

עס קומט די ערשטע „בין“ (ווי ד״ר ווײַנרײַך האָט זיך גערופן), האַלט אַ רעדע פאַר די „בינען“, חוזקט אָפּ פון די אָפּאָזיציאָנערן. יוגנט דאַרף זיך אין ערגעץ ניט מישן. אָבער די אָפּאָזיציע שטאַרקט זיך — באַזונדערס די קאָמוניסטישע שטרעבונגען. אין 1932 גרינדעט מיקע די סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע „שפּאַרבער“, וואָס עפנט אויך שפּעטער אָפּטיילונגען אין אַנדערע שטעט פון לאַנד (וואַרשע, טשענסטאָכאָוו א. אַנד.).

סוצקעווער גייט צו מיקען. מיקע האָט אויף אים די גרעסטע ווירקונג. ס׳פאַרבינדט זיי צוזאַמען אַן אַכט־יאָריקע פריינדשאַפט. סוצקעווער טאָגט שטענדיק ביי מיקען, וועלכער פירט אים אַריין אין דער מאָדערנער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, מאַכט אים באַקאַנט מיט דער רוסישער (האָט אַליין איבערזעצט זייער גוט פּושקינס עטלעכע זאַכן אין יידיש), אין דער פראַנצויזישער פּאָעזיע. מיקעס בריוו, וואָס סוצקעווער באַקומט פון פראַנקרייך, לייענען זיך ווי ליטעראַרישע עסייען. ביז איצט קען סוצקעווער ניט פאַרגעסן די גרויסע השפּעה, וואָס מיקע האָט געהאַט אויף אים.

כאָטש דער „שפּאַרבער“ שיקט סוצקעווערן ווי אַ דעלעגאַט אויף זייער צוזאַמענפאָר אין וואַרשע, ווערט סוצקעווערס אימפּעט אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט געלאָשן. זיין לייב און לעבן גיט ער אָפּ דער ליטעראַטור, וואָס איז שוין אויך ווייטער די לופט, אָן וועלכער סוצקעווער קען שוין ניט לעבן. שרייבט אָן אַ שיר; איז אָבער מודה, אַז קיין אויפשטייג אויף דעם

געביט לגבי זיין שאַפונג מיט אַ פּאָר יאָר צוריק — איז ניט צו מערקן. ער לייענט, שטודירט די וועלט־פּאָעזיע, דערוויסט זיך, באַקענט זיך מיט אַ סך זאַכן, אומקלאָרקייטן ווערן צערונען אין זיין דיכטערישן באַוווסטזיין, -- ער דערפילט וואָס דאָס איז אַזוינס קונסט, דערקענט — ווער ס'איז אַ קינסט־לער. אָט די קלאָרקייט ווערט פאַר אים אַליין דער ווייזער אין זיין ווייטערדי־קער שאַפונג.

V

# ע ר ב

אויף שניפּעשאָק האָבן זיך קאָנצענטרירט באַלד אַ העלפט פון די יונג־ווילניאַנער. דאָרט האָט געוווינט דער זון פון שניפּישקער רב — מאיר באַ־סין, אַ פיינער דיכטער (האָט זיך שפּעטער דערטרונקען אין דער ווילִיע), לייי־זער וואָלף, פּרץ מיראַנסקי און אויך סוצקעווער. (אויך די שפּעטערדיקע ייִנגע־רע פון „יונג־וואַלד", ווי: ה. גליק, משה גורין, א. דאמב זענען פון זעלבן שניפּעשאָק).

סוצקעווער איז אָבער נאָך דעמאָלט ניט אַריין אין „יונג־ווילנע". ניט לייכט איז אָנגעקומען סוצקעווערן אַריינגענומען צו ווערן אין אונדזער יונגער שרייבער־משפחה. ניט לייכט דערפאַר — ווייל ער איז אונדז געווען פרעמד. קלאָרער געזאָגט — זיין שאַפונג.

אונדזער אויג איז געווען צוגעוווינט צו אויסגעטראָטענע וועגן. אונדזער אָפּשאַצער פון ווערטן איז געווען דאָס האַרץ — און ניט דער מוח, ניט דער געדאַנק. מיר האָבן זיך אָבער איבערגענומען מיט אַ שאַפונג, ווען דאָס האַרץ האָט דערפילט, האָט אָנגעהויבן מיטצולעבן מיט דאָס געשילדערטע. אונדז איז פרעמדלעך געווען דאָס אינטעלעקטועלע, וואָס איז נאָך, דוכט מיר, עד־היום ניט קיין גאַנגבאַרער אַרטיקל אין דער פּאָעזיע און ביי די לייענער.

נאָך אַ זאַך. פאַר אונדז איז די נאַטור געווען בלויז אַ שמאָלע סטעזשקע צו אונדזער שאַפן. ביי סוצקעווערן איז דער נאַטור־עלעמענט געווען דער ברייי־טער שליאַך, אויף וואָס מיר האָבן געקוקט מיט חשד. ווייל וואָס האָט אונדז געקענט אינטערעסירן דאָס גרין פון דער ערד און דאָס בלאָ פון דעם הימל, אַז גראָ און חושך איז געווען אונדזער אַרום, אונדזער לעבן.

סוצקעווער איז שוין אָבער געווען אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער נאַטור. געבוירן געוואָרן אין אַ נאַטור־העמדל — וואָלט איך געזאָגט. שוין זיין אויסזען האָט שטענדיק דערמאָנט אָן פרילינגדיקס, אָן יונגס. ביז הייַנ־טיקן טאָג זעט ער אויס אַ סך ייִנגער, ווי ער איז לויט זיינע יאָרן, און דאַן מיט יאָרן צוריק, אין 1931, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט אים, האָט ער אויסגעזען אַ יאָר 14 — 15, און שוין דאָס אַליין האָט טיילווייז געחתמעט,

אַז פּאַר אַזאַ יינגל איז נאָך בכלל צו פרי צו ווערן אַ פּאָעט. ווער ווייס אים, ווו ער האָט עס געפּאַקט זיינע מאָדנע לידער. אָט זאָל ער ווערן מיט עטלעכע יאָר עלטער — וועט מען זען...

ער איז געוואָרן מיט עטלעכע יאָר עלטער און דער אויסזען האָט זיך ניט געביטן און אויך די לידער זיינע זענען אַלץ געווען די זעלבע — לידער פול מיט זומערן, פעלדער און כלערליי פאַרבן.

איך האָב מיט סוצקעווערן געוואַנדערט וואָכן־לאַנג אין זומערן אויף די פּרעכטיקע ליטווישע לאַנדשאַפטן, וואָס ליגן אַרום דעם שטעטעלע איגנאַ־לינע. אָזערעס, וועלדער, פליינען און היגלען און... סוצקעווער. ס'איז אַלץ געווען פון איין גוס.

אין וואַנדער בייטאָג, אין שייער ביינאַכט פלעגן מיר זיך שפּילן אין טרעפעניש. מיר פלעגן ציטירן לידער אויף אויסנווייניק און דאַרפן טרעפן דעם מחבר. סוצקעווער איז כמעט שטענדיק געווען דער זיגער. אָט ציטירט ער מיר אַ ליד.

איך פלעג זיך פאַרטראַכטן, ברעכן דעם קאָפּ: — קולבאַק... ניין. אייני־האָרן... ניין. ניידוס — אויך ניט.

דער מחבר איז גאָר געווען סוצקעווער.

עפּעס אַ מאָדנע זוניקייט האָט געגאָסן פון זיינע סטראָפעס, פול מיט ברילִיאַנטן, סאַפירן בראָשקעס אין אַ ים פון פאַרבן, קאָלירן...

פול מיט זוניקער פּאָעזיע זענען געווען די בריוו, וואָס זיין חברטע פון „ביין" נאָך, פריידעלע לעוויטאַן, פלעגט אים שיקן. שווער איז צו ווייזן די געפילן צו אַ מענטש אַזוי ווי מען פילט עס. „כ'וואָלט דיר געוויזן מיין האַרץ, אָבער דאָס האַרץ איז אוממעגלעך צו זען. אין פריידקעס בריוו האָב איך דער־זען איר יונג האַרץ, ווייל זי האָט עס געקענט דורך אירע בריוו באַווייזן. איך ליבע צו אים איז געפלאָסן ווי אַ קלאָר, דורכזיכטיק, זילבעריק טייכל און ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן זיך צו טוקן אין דעם — צו לייענען און זיי ביידן מקנא זיין.

זיין וועג האָט אָבער קיינער ניט דערזען, קיינער האָט אים ניט פאַרשטאַ־נען. נאָך איידער איך בין אָנגענומען געוואָרן ווי אַ מיטגליד פון „יונג־ווילנע" האָט שוין סוצקעווער געהאַט פאַרגעשטעלט זיינע לידער דער גרופּע — און מען האָט סוצקעווערן ניט דערזען. אַ פּאָר מאָל האָט מען גערעדט וועגן אים, ווען איך בין שוין געווען אין דער גרופּע. כ'האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַלע־מענס ווידערשטאַנד.

— מיר פאַרשטייען אים ניט, — איז געווען דער ענטפער אין בעסטן פאַל.

ס'האָבן ניט געהאָלפן קיין באַווייזן. אגב האָט זיך די חברה געהאַלטן פאַר שרייבער מיט אַ סטאַזש און ס'איז שווער געווען זיי צו איבערצייגן, — אין דער צייט, ווען אַליין אַ קנאַפּער מבין אויף ליטעראַטור און נאָך אַ קלענע־

רער שרייבער, בין איך אָפּט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון די עלטערע חברים מיינע.

דאָך האָב איך זיך זייער אינטערעסירט מיט סוצקעווערס שאַפונג.

ווי אַ פוילישער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פרייהייט“, האָב איך איינמאָל אַוועקגעשיקט סוצקעווערס אַ ליד א״נ „אויפשטאַנד“ אין דער צייטונג. דאָס ליד איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. און ניט נאָר פון דער קינסטלערישער זייט, נאָר אויך די טעמאַטיק איז געווען אַ נאָענטע פאַר מיר, אַ רעוואָלוציאָנערע.

כ׳האָב אָבער אומזיסט געוואַרט אויפן אָנקומען פון די פּעקלעך „פריי־הייטן“ — סוצקעווערן דאָרט ניט געפונען.

ער האָט אָבער געהאַט עקשנות און גלויבן אין זיך. ס׳האָט אים קיין זאַך ניט געקענט אַרויסרייסן דעם דראַנג צו פאַרשרייבן זיינע פּאָעטישע שפּי־רונגען אויפן פּאַפּיר. „יונג־ווילנע“ נעמט אים ניט אָן. דער „ווילנער טאָג“ כאַפּט זיך אויך ניט צו זיינע לידער. באַשליסט ער צו פאָרן קיין וואַרשע.

מיט זיינע נאָענטע מאַכן מיר אין אַן אָנהויב־ווינטערדיק־שבתדיקן טאָג אַ פּאָטאָגראַפישע אויפנאַמע. און אַזוי ווי אַ נביא אין אַן אייגענער שטאָט איז שווער צו זיין, — ווער אפשר וואַרשע דאָס ווערן.

קיין וואַרשע איז סוצקעווער געקומען ערב 1934.

# מיין חבר סוצקעווער

## צו זיין 40סטן געבוירנטאָג

אין ווילנע איז ער שוין געווען איבער אַ צענדליק יאָר, ער פלעגט אָבער חלומען כסדר וועגן די ערשטע זיבן יאָר פון זיין לעבן אין סיביר, ווו די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אים פאַרטראָגן פון ליטוויש־ווייסרוסישן יידישן סמאַרגאָן.

— ער שרייבט אויך לידער — האָט מען אים פאַר מיר איינמאָל פאָר־געשטעלט.

דאָס איז געווען מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק.

אַן אויסגעאיידלטער, אַ פאַרמעטענער, אַ וויגנדיק ערשט פאַרפלאַנצטביימל אין בלי.

מאָדנע לידער האָט ער כסדר געלייענט: פול מיט דימענטן און ברי־ליאַנטן, שמאַראַגאָדן און קרישטאָלן, מירמלשטיינער און רעגנבויגנס. ער האָט כסדר געזען פאַר זיך די סיבירער לאַנדשאַפט און איך, און מיר האָבן נאָר געזען שמאָלע פאַסן הימל איבער אונדז פון די צעקרימטע געסלעך פון ליטעדיקן ירושלים.

איך בין געווען פאַרעסקט מיט הענגען רויטע פענער אין פינצטערע מעת־לעתן אויף טעלעגראַף־דראָטן, מיט וואַרפן פּראָקלאַמאַציעס אַרום מילי־טערישע אָביעקטן, מיט רופן אין לידער צו טאַטעס, מאַמעס און קינדערלעך אויף באַריקאַדן.

פלעג איך דעריבער טענהן צו אים:

— אַבראַשקע, קען זיין, אַז דיינע לידער זענען נישט שלעכט, אָבער די איצטיקע צייט איז לויטער שטאָל און נישט פון קרישטאָל... ווער קען אַזעל־כע לידער פאַרשטיין, באַנעמען?

ער האָט אָבער אַנדערש נישט געקענט.

זיין „צרה“ איז נאָך אויך געווען, וואָס ער איז זיך געגאַנגען אין אַ באַזונדער זייטיקן וועג, ווען זיינע חברים און די דערוואַקסענע שרייבער האָבן מאַרשירט אויף דעם ברייטן שליאַך פון נאַרמאַלן דרך המלך פון דער יידישער ליטעראַטור אָדער זענען געווען אונטער דער שטאַרקער השפעה פון אַנדערע.

די גרופּע „יונג־ווילנע“ האָט שוין געהאַט צווישן זיך אַזעלכע באַקאַנטע

נעמען ווי די אייגנאַרטיקע פּאָעטן און פּראָזאַיקער אלחנן וואָגלער, לייזער וואָלף, שמשון קאַהאַן, משה לעווין (שפּעטער — גראַדע). עס זענען כסדר געקומען נייע קאַנדידאַטן אָנגענומען צו ווערן אין דער גרופּע, אָבער די ליי־דער פון סוצקעווערן זענען באַטראַכט געוואָרן פון דער מערהייט פון דער גרופּע ווי נישט ראוי געדרוקט צו ווערן. מען האָט דעם קאַנדידאַט געהייסן וואַרטן. אפשר, אפשר... מיט דער צייט...

אויך די עלטערע שרייבערס האָבן נישט געפילט קיין טעם אין ייִנגלס שרייבער־שפּילעריי.

און אַזוי ווי ס'איז שווער צו ווערן אַ נביא אין אַן אייגענער שטאָט, אַזוי איז משמעות אויך נישט לייכט צו ווערן אַ באַרימטער פּאָעט צווישן אייגענע.

די סמיכות האָט דער יונגינקער סוצקעווער באַקומען זייענדיק אין וואַרשע פון... ניו־יאָרק, פון דיכטער א. לעיעלעס וואָס האָט אים אין באַ־גייסטערטע בריוו דערמוטיקט און געדרוקט זיינע לידער אין „אינזיך".

מיר האָבן סוצקעווערן ענדלעך אַריינגענומען אין דער גרופּע, אָבער מען קען נישט זאָגן, אַז מיר זענען געוואָרן מיט אים אייגן, נאָענט.

ער איז געווען דורכויס אַן אינזיכיסט אין זיין שאַפונג און מיר זענען געווען שרייבער אויסזיכיסטן...

צוויי שטראָמען האָבן אַרויסגעקוואַלט פון יונגן פּאָעט. עקשנות און טאַ־לאַנט.

מיר דוכט, אַז חבריש זענען מיר, פון דער גרופּע, געווען ביידע צום נאָענטסטן.

נישט איין זומער האָבן מיר צוזאַמען פאַרבראַכט אין דער הערלעכער ווילנער פּראָווינץ, דעמאָלט האָב איך אים אָנגעהויבן מער צו פאַרשטיין. זיין פאַרליבטקייט אין זון און אין שטורעם, אין לויטערקייט פון טאָג און אין גאָסרעגן פון דער נאַכט האָט אויך פאַר מיר אַנטפּלעקט די שיינקייט.

שיינקייט האָט ער געזען נישט נאָר אין די אויף אָדער אונטערגייענדיקע טעג, שיינקייט האָט ער אויך געזען אין שטורעם און זאַווײַ, אין וואָלקנבראָך און אין די זומפּיקע גרינען.

דערפאַר איז ער אויך אין געטאָ געווען דער אָנזאָגער, דער טרייסטער, דער שטראָפער, פון די ביטחונדיקסטע, פון די קעמפנדיקסטע.

אין לעצטן גורל טרייב אין מיר אַ שטורעם,
אַרויסצורייסן יעדער פלעק און וואַקלדיקן קלאַנג.
און שמעלץ ווי גאָלד מיך איבער אין דיין פורעם,
די פסולת זאָל זיך אָפּטיילן און בלייבן זאָל געזאַנג.

איך האָב נישט געהאַט די דרייסטקייט די גאַנצע צייט אַרויסצוזאָגן

בקול רם, וואָס איך האָב געזאָגט נישט לאַנג אויף אַ לעקציע אין אַ קאַנאַ־דער שטאָט:

— ווען איך פּלעג הערן סוצקעווערן לייענען פון דער געטאָ־טעאַטער בינע, צי ערגעץ אין די ערד־שטיבלעך אין די וועלדער, — איז מיר אויס־געקומען: אַזוי־אָ האָבן זיכער צוגעהערט די שטראָף און די טרייסט־ווערטער פון די נביאים די יידישע עדהס אין די ביבלישע תקופות.

אַן אומגעווייינלעכער, פּייערלעכער ציטער האָט אַרומגעכאַפּט די צוהע־רערס, ווען זיי האָבן דערהערט פון פּאָעט זיינע אייביק־רופנדיקע, טרייסט־דיקע און מאָנענדיקע שורות:

נישט פאַרזאַם,
נישט פאַרזאַם,
רייניק דעם שטאָל,
פאַרייניק דעם שטאַם.
אַ וואַנט קעגן שרעק, און אַ וואַנט קעגן טרויער,
און ס'אייגענע לייב אין דער פעסטונג פאַרמויער!

און ווער קען פאַרגעסן זיין דערציילונג אין אַ ליד, ווי אַזוי שטורמיסטן הייסן אים גראָבן אַ גרוב און אין דער אַרבעט טרעפט אָן זיין רידל אויף אַ צעשניטענעם ווערעמל און מיטאַמאָל דערזעט דער דיכטער ווי צעשניטענע טיילן פון ווערעמל נעמען ל ע ב ן... פאַרענדיקט דער דיכטער צו דעם צוהערער:

אויב אַ ווערמל גיט זיך נישט אונטער דעם שניט
ביסטו ווינציקער דען פון אַ וואָרעם?

זיין וואָרט האָט פאַרפּאַנצערט נאָך שטאַרקער די מוטיקע, פאַרטריבן דעם ייאוש ביי צווייפלער, געבראַכט טרייסט צו אומגליקלעכע, ביטחון פאַר אַלעמען.

כ'וועל צוגרייטן אמתע טעג אנשטאָט קברים,
כ'וועל אויסבויען אייגענע שטעט מיט מיין אָרעם.
און דאָרטן וועט קומען די אייביקייט וווינען
און טעג וועלן לייכטן אין גילדענע קרוינען!

דאָס זענען נישט געווען קיין לידער. ניין. דאָס זענען געווען ווי ערשט־געפונענע נייע קאַפּיטלען פון אונדזער אַלטן תנך.

פּאָעזיע און — געטאָ.

סוצקעווער האָט אַריינגעטראָגן זוניקע ליכטיקייט אין אונדזער פינצ־טערן לעבן. זיינע לעקציעס וועגן יידישער ליטעראַטור זענען פאַר די לעבן־

געבליבענע קיינמאָל נישט צו פאַרגעסן. ער האָט אונדז אויסגעלערנט צו פאַר־שטיין „אומפאַרשטענדלעכע" פּאָעטן.

ביי די נאַציס מיט סוצקעווערן ביי דער אַרבעט אין ראָזענבערג־שטאַב, ווו מיר האָבן באַדאַרפט צעשטערן די אוצרות פון דער יידישער קולטור אונ־טער דער אָנפירונג פון די געלערנטע דייטשן:

ער איז געוואָרן דער רינגלבלום פון ווילנער געטאָ, אונטער זיין אָנפי־רונג האָבן מיר אנשטאָט אַ שטיקל ברויט און אַ שייטל האָלץ געשמוגלט פון אויסער־געטאָ אַריין אין געטאָ וויכטיקע כתב־ידן, ספרים־אוניקומס, בילדער, ספרי־תורהס און — געוועז וואָס עס האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו באַקומען. די הייליקע אַרבעט איז געווען אָן אַן ערך שווערער ווי אין וואַרשעווער גע־טאָ, ווו פון אויסער־געטאָ האָט מען אַזעלכע קולטור־אוצרות כמעט ווי נישט אַריינגעבראַכט.

און אַזוי ווי וווינענדיק אין איין צימער און אַרבעטנדיק צוזאַמען אין געטאָ האָבן מיר זיך אין דער קריטישסטער צייט — ערב אומקום — גע־געבן אַ תקיעת־כף צו גיין צוזאַמען ביזן סוף... זענען מיר געקומען אין וואַלד.

קען מען די חדשים אין וואַלד אַריינסדומען אין עטלעכע שורות?

אָבער — כאָטש עטוואָס:

אַן דערמאָנט זיך ווי דער פּאָעט האָט געציטערט, מען זאָל ביי אים נישט אויסגעפינען אונדזער איינציקן רעוואָלווער, דער בעסטער פריינד און־דזערער. אָ, וויפל סכנות מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין פון דעם. באַזונדערס ע ר. געוואַלדיקע ליבשאַפט האָט ער אַריינגעלייגט אין פונאַנדערגלידערן דעם רעוואָלווער־מעכאַניזם, אין פּוצן זיין אינגעווייד. איך האָב קיינמאָל נישט מודה געווען, איצט אָבער קען איך זאָגן: איך בין נישט איינמאָל געווען אין כעס אויף אים, פאַרוואָס ער לאָזט מיך נישט טראָגן אַביסל דעם רעוואָלווער. איינמאָל נאָר האָט געטראָפן, ווען ער האָט מיר געוואָלט איבערגעבן די כלי:

דאָס איז געווען, ווען אַ מעכטיקע אַרמיי פון דייטשן האָט אונדזער וואַלד אַרומגערינגלט כדי אונדז, פּאַרטיזאַנערס, אָפּצווווישן. איך, סוצקעווער און זיין פריידעלע זענען געבליבן שטעקן אין זומפּן נאָענט פון שונא. ס'איז געווען קלאָר, אַז דאָס זענען אונדזערע לעצטע מינוטן. סוצקעווער האָט מיט־אַמאָל אויסגעצויגן דעם רעוואָלווער צו מיר און אויסגעפּליסטערט:

— נעם, שמערקע!

איך האָב זיך פאַרוווּנדערט.

— נו, נעם — האָט ער נישט נאָכגעלאָזן — געדענק אָבער, זאָלסט נישט פאַרפּושערן. צוערשט שיסטו מיך, דערנאָך פריידקען.

— און ווער — מיך? — —

— נאָר נישט די דייטשן... — איז געקומען זיין ענטפער.

מיט סוצקעווערן אין דער סאָוועטישער ווילנע און מאָסקווע:

באַרימט. אָנערקענט. באַליבט.

אויך דאָרט אָבער טוט ער ווידער, וואָס עס איז נישט דערלויבט: ראַטע־וועט יידישע קולטור־אוצרות.

סכנה?

וואָס איז אָבער ווערט אַן איינציק לעבן אין צוריקבליק פון מיליאָנען, וואָס זיין נאָמען איז — פ אָ ל ק ?

מען גיט אים אָנצוהערענישן, אַז אויב ער זאָל בלייבן אין לאַנד, וועט ער באַקומען איינע פון די סטאַלין־פּרעמיעס. מען זאָגט צו נאָך אַנדערע גליקן...

וועט סוצקעווער אַליין, האָף איך, דערציילן וועגן זיין יענעם פּעריאָד, וואָס דאָס וואָלט געווען איינע פון די הערלעכסטע און דראַמאַטישסטע קאַ־פּיטלען פון אונדזער געשיכטע.

אין מיין שרייבטיש, אין בוענאָס איירעס, ליגן אַ פּאָר צענדליק בלעט־לעך נאָטיצן, געשריבענע אין ווילנער געטאָ, וואָס האָבן באַדאַרפט דינען ווי מאַטעריאַל צו אַ סוצקעווער מאָנאָגראַפיע. ווו נעמט מען אָבער איצט די רואיקייט זיך צו נעמען צו אַזאַ גרויסער אַרבעט?

דעמאָלט ווען איך האָב געמאַכט די נאָטיצן, איז ער נאָך קיין דרייסי־קער נישט געווען.

סוצקעווער, חבר מיינער, ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז ערשט איצט, נאָך אַזויפיל איבערלעבונגען און דערגרייכונגען ווערט דיר קוים 40 יאָר — בענטש איך אייך אַלע מעת־לעתן פון דיינע קומענדיקע יאָרן.

סאַן־פּאַולאָ, יוני 1953.

# ביי שלום אַשן אין מיאַמי ביטש

ווו וווינט שלום אַש?

ניט איינער האָט געפרעגט ביי מיר דעם אַדרעס, ניט ביי איינעם האָב איך געפרעגט דעם אַדרעס.

מען האָט מיר געגעבן דעם שריפטשטעלערס ווינאָרט אין ניו־יאָרק אויף 765 ריווערסייד דרייוו. ווען איך האָב שלום אַשן אַליין געפרעגט זיין אַדרעס, ווען איך האָב אים געטראָפן אין קאַפע, אין פּאַריז, אין יאָר 1949, האָט זיין אים באַגלייטנדיקע טאָכטער געענטפערט, אַז דער טאַטע וווינט אין לאָנדאָן מיט איר צוזאַמען. אין יענער צייט, האָט מען אָבער געזאָגט, אַז אַש וווינט אין זיין ווילע ערגעץ ביי דער פראַנצויזישער ריוויערא. ווען איך בין געווען אין קאַליפאָרניע האָט מען מיר, צווישן וווּנדערבאַרע בערג און טאָלן אָנגעוויזן: „זעסט, אין דעם פּאַלאַצל וווינט דער גרויסער טאָמאַס מאַן און דאָרט, אין צווייטן פּאַלאַץ — אונדזער גרויסער שלום אַש". איצט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַש איז אַוועק וווינען צו זיינע קינדער אין לאָנדאָן.

וועל איך איצט דערציילן וועגן אַ באַגעגעניש מיט שלום אַשן אין נאָך אַ ווינאָרט, אין מיאַמי ביטש ווו איך בין מיט עטלעכע חדשים צוריק געווען.

פלאָרידא איז איינע פון יענע 49 שטאַטן וואָס איז געבענטשט מיט איר וואַרעמען קלימאַט אַ גאַנץ יאָר און מיט איר גן־עדנדיקער סביבה.

מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען די באַפעלקערונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן איז געווען שטאַרק פאַרהאָרעוועט אין „מאכן אַמעריקע", האָט מען זיך נאָך ווייניק אומגעקוקט אויף דעם וואָס דאָס לאַנד פאַרמאָגט. ערשט ווען אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו ווערן דאָס וואָס זי איז, האָט די אויסגעהאָרעוועטע און אַרויפגעאַרבעטע באַפעלקערונג זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן און דערזען, אַז אויסער שווייצשאַפט, קוימענרויך און מאַשינענגערויש איז אויך פאַראַן אין די שטאַטן בלויער הימל, גרינע ערד, כוואַליקע ימען, היילנדיקע, געזונט־מאַכנדיקע לופט.

האָבן אָנגעהויבן ציען אין די גן־עדן־שטאַטן אויף וואַקאַציעס, צו די רייכע וועלכע האָבן אויך פריער געוווּסט ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט, אויך קליינע סוחרים, באַלמעלאָכעס, באַאַמטע און אַרבעטער.

און אַזוי ווי אַרגענטינער למשל קענען ניט באַנעמען פאַרוואָס די הויפּט־שטאָט פון זייער לאַנד איז געוואָרן די נאַסע, שלעכטלופטיקע בוענאָס איירעס,

אַזוי קענען אויך איינוווינער פון די פּאַראייניקטע שטאַטן ניט דערטראַכטן פּאַרוואָס האָט זיך די גרעסטע שטאָט פון דער וועלט ניט באַזעצט ערגעץ ביים קאַליפאָרניע אָדער פלאָרידער ים־ברעג, ווו די איינוווינער וואָלטן געקענט האָבן אי אַ געזונטערן, אין אַ הנאהדיקערן לעבן ווי זיי האָבן עס אונטער די פאַרכמורעטע הימלען אין ניו־יאָרק.

וואַקסן איצטער די גאַנציאָר־זומערדיקע שטאַטן אין צפון־אַמעריקע. פלאָרידער שטאַט אויך.

אויסגעוואַקסן צו אַ מיליאָנען־שטאָט איז אין דעם שטאַט דער אָפּרו־אָרט מיאַמי ביטש וואָס איז אַריין אין „שותפות" מיט דער ש:נותדיקער שטאָט מיאַמי.

צו דעם וואָס איך האָב שוין וועגן מיאַמי ביטש אַמאָל געשריבן וויל איך נאָך דערמאָנען, אַז אַ סך פון די דאָרטיקע יידישע איינוווינער, וועלכע ווינען דאָ אַ צענדליק אָדער עפּעס מער יאָרן, דערקענען ניט די שטאָט, אַזוי האָט זי זיך פון פונאַנדערבוי געענדערט.

זי האָט זיך אויך אַזויפיל געענדערט, אַז די גאָר גרויסע גבירים, די אַריסטאָקראַטן, נישט קענענדיק צוזען וואָס פון זייער ביטש (ים־ברעג) איז געוואָרן, האָבן גענומען זיך אַרויסציען פון דאָרטן... דער גילדענער ימברעג ים־ברעג איז צו עמכאָדיק געוואָרן...

שלום אַש איז נאָך דערווייל ניט קיין מיליאָנער. קיין סיבה אַוועקצו־פאָרן פון דאַנען, צוליב דעם צו גרויסן האַרמידער וואָס עס מאַכן די אָנפּאָ־רנדיקע, האָט ער נישט. זיין ווילע שטייט זיך אין אַ זייט פון טומל, אויף אַן אינדזעלע און ס'וואַסער וואָס קוקט אַריין דורך טיר און פענצטער, באַ־רואיקט, וויגט איין.

***

ס'איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער כבוד וואָס שלום אַש איז געקומען מיט זיין מאַשין מיך נעמען צו אים אין שטוב אַריין.

עס האָט אַ שיין געטאָן אויפן אַזוי אויך גענוג ליכטיקן הויף פון מיינע פריינט האָניגבוים, די הויכע, מאַיעסטעטישע געשטאַלט פון גרויסן שריפטשטעלער.

— ער לאָזט זיך ניט בויגן — האָט אַ פריינט אויסגעפּליסטערט — ניט פאַר מענטשן און ניט פאַר זיינע זיבעציק יאָר...

— דאָס קומט פון דער אַרבעט — האָט אַש אויסגערופן איידער נאָך איך האָב געוואָלט פרעגן, פאַרוואָס ער טראָגט אויף דער רעכטער האַנט, אַ ברייטן לעדערנעם רימען. — געוויס קומט עס פון צופיל שרייבן. האָט מיך דער דאָקטאָר געעצהט איינפעסטיקן די שרייבהאַנט.

זיכער פירט אַש זיין מאַשין. עס אינטערעסירן אים די לעצטע נייעסן אין אַרגענטינער יידישן ישוב. נישט אַלץ איז אים פרעמד. עס קומען אים אָן

פון אַרגענטינער צייטונגען און זשורנאַלן. מיט אַנדערע אַרגענטינער תושבים איז ער אַפילו געווען גוט צונויפגעלעבט.

— און וואָס מאַכט רעגאַלסקי, וואָס מאַכט? — רייסט ער פלוצלונג איבער — רעדט ער נאָך אַלץ אַזוי מיט האַרץ, מיט ענטוזיאַזם?... אָט האָט ער גערעדט אַמאָל. און איצט?

איך פרעג:

— פריינט אַש, לויט אייער אינטערעס וואָס איר ווייזט אַרויס צו אונדזער ישוב, וואָלט איך זיך דערלויבט אייך צו פרעגן, אפשר וואָלט איר געוואָלט באַזוכן כאָטש אויף אַ קורצער צייט אַרגענטינע?

איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר אַש האָט געגעבן אַן אויסמיידנדיקע תשובה. קודם כל, קלייבט ער זיך צו באַזעצן אין לאָנדאָן, ווייל ער וויל זיין נאָענט צו זיינע קינדער, השנית, איז ער שטאַרק פאַרנומען מיטן ענ־דיקן אַ ראָמאַן און מיטן אָנהייבן אַ נייעם ראָמאַן. און —

אפשר, טראַכט איר, וואָלט אַש אָנגענומען אַן איינלאַדונג, ווען עס וואָלט געקומען פון אַ בכבודיקער אינסטיטוציע?

אין שטוב האָבן מיר קיינעם ניט געטראָפן. פרוי אַש איז אַוועק אויף אַ פרויען־מסיבה. פאַר דער דינסט איז געווען איר אָפּרו־טאָג. האָט אַש אַליין סערווירט אַ קאַלטן מילכיקן לונטש. און נאָך דערפאַר ווייל איך האָב זיך איינגעשפאַרט, האָט ער מיר דערלויבט צו וואַשן דאָס געפעס וואָס ער האָט נאָך אונדזער צובייס, זיך געשטעלט וואַשן.

עס זעט זיך אָן, אַז גאַנץ זעלטן פילן אויף זיך די בענק, וואָס זענען אויסגעשטעלט ביים ברעג וואַסער, שלום אשן. ער פילט זיך היימישער צווישן די ווענט פון זיין אַרבעט־צימער. דאָ איז דעם מייסטערס קעניגרייך. ער איז אַרומגערינגלט מיט זעלטענע אַנטיקן — כתב־ידן, אַלטע ספרים, בשמים־ביקסלעך, ידן, חנוכה־לעמפּ, געשטיקטע קונסט־געוועבן און אי־בערזעצונגען פון זיינע הבורים.

— נעכטן — דערציילט אַש — האָבן מיך באַזוכט פאַרשטייערס פון אַמעריקאַנער צייטונגען. זיי האָבן געפרעגט מיין מיינונג וועגן די פּראַ־צעסן אין פּראָג און וואָס איך האָב צו זאָגן וועגן דעם אַנטי־יידישן קורס וואָס עס פירט די סאָוועטישע רעגירונג. איך האָב זיי געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס ווילקירלעכסטע וואָס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע קען זיך פאַרשטעלן. אָבער וואָס איז דאָרט פאַרט געשען קען איך ניט פאַרשטיין.

— איר זייט דאָך דאָרט געווען, פריינט אַש.

— אָבער ווי אַ גאַסט וואָס האָט זיך געקענט דערלויבן אַ פּאַטש צו טאָן אין טיש און אויסשרייען „געזנוג!" ווען ליטוואַקאָוו האָט מיר גענומען זאָגן מוסר... — אַש איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן און דערנאָך אַ באַרואיקטער פאָרגעזעצט — אָבער לויט דעם וואָס איר דערציילט אין „צווישן האַמער און סערפּ", וואָס משה גראָסמאַן דערציילט, וואָס עס האָבן מיר איבערגע־

געבן נאָך אַנדערע פּשוטע יידן, און צווישן זיי געוועזענע קאָמוניסטן, קומט דאָך דאָרטן פאָר אומבאַגרייפלעכע זאַכן.

— פריינט אַש — זאָג איך — און דאָס וואָס איר און איך ווייסן איז נאָך אַלץ ווי אַ ים־טראָפּן קעגן דאָס גרויליקע וואָס דאָרטן הערשט.

די פּאָר מינוטן וואָס מיר האָבן גערעדט האָבן זיך געצויגן לאַנג, לאַנג.

***

וואָס שרייבט איצט שלום אַש?

אין קאַטאַלאָג פון איינעם פון די גרויסע אַמעריקאַנער פאַרלעגער איז שוין אָנגעזאָגט, אַז דער פאַרלאַג גרייט אַרויסצוגעבן דאָס נייעסטע ווערק פון אַשן אונטערן נאָמען „די בויערס פון אַ צעשטערטער וועלט“.

— דאָס ווערק איז אָבער נאָך ניט אין גאַנצן פאַרטיק — קלערט אויף דער מייסטער. — אמת, איך האָב שוין פאַר זיך דאָס לעצטע קאַפּיטל אָן אָנגעשריבנס, אָבער טאַקע דאָס לעצטע איז דאָס שווערסטע.

אַש דערציילט דעם אינהאַלט פון זיין נייעם ראָמאַן:

פיר דורות יידן אין אַמעריקע. דער בראשית — אָרעם, ווי ביי אַ באַל־מעלאָכע, אַ שניידער, אין דער דחקות־שטיבל. עס בענקט זיך אַ ביסל צו דער אַלטער היים אין אייראָפּע, צו די „גוטע“ ציטן. די נייע ציט אָבער איז אכזריותדיק. צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט איז גאָר ניט קיין לייכטער ענין. ויהי היום, קומט צו דעם באַלמעלאָכע אַ קליענט אויספּרעסן אַן אָנצוג. ווען דער קליענט איז שוין אַוועק און דאָס יידישע שניידערל האַלט אין פּרעסן דעם אָנצוג, טרעפט זיך אַן אַן דאָס פּרעסאייזן אויף אַ ניט קיין גלאַטיקער זאַך וואָס שטאַרטשעט אַרויס פון אַ קעשענע. דאָס שניידערל קערט אויס די קעשענע און געפינט דאָרט אַ גאַנץ פיינע סומע געלט.

אָפּגעבן? ניט אָפּגעבן? אין שטוב פייפט דער דלות, קינדער האָבן גוטע קעפּלעך, איז ניטאָ פאַר זיי אויף קיין שכר לימוד. ניט אָפּגעבן דאָס געלט — פייניקט דער געוויסן; סטייטש, אַ גאַנץ לעבן געלעבט אין ערלעכקייט, אין... און אָט, אין די מחשבות, פאַלט אַריין אַ ציטערדיקער, דער קליענט: אפשר, אפשר, אפשר — פרעגט ער — האָט ער איבערגעלאָזן זיין געלט, וואָס איז אויך ניט זיינע?

— צום באַדויערן — ענטפערט דאָס שניידערל — איז קיין זאַך אין די קעשענעס ניט געלעגן...

דאָ הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אַ ברייטע שילדערונג פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן. דאָס שניידערל ווערט רייך און זוכט זיין אַמאָליקן קליענט, אַ פּאָלאַק, און קען אים ניט געפינען. די קינדער האָבן גרויסע פאַבריקן און זייער גאַנצע יידישקייט איז נאָר ווי אַ צוליב טאָן אַלטע טאַטע־מאַמע. די אייניקלעך, שטיינרייך, זענען אינגאַנצן דערווייטערט פון יידיש־

קייט און מיט חוזק הערן זיי זיך צו וואָס פּאַר אַ שטייגער־לעבן עס פירן זיידע־באבע...

אין גאַנג פון דער שילדערונג געפינט ענדלעך אויס דאָס שניידערל, דעם גלח קאָוואַלסקי, וואָס געפינט אויס דעם קבר פון פּאַלאַק, צוליב וועמעס געלט עס איז אויפגעקומען די גבירישע יידישע משפחה.

לאַנגע וויכוחים מיטן גלח. וואָס איז דער זין פון לעבן? דאָס שניידערל טיילט צדקה. שטעלט אַ פיינע מצבה אויפן קבר פון פּאַלאַק. לאָזט בויען אינסטיטוציעס. די משפחה איז גאָר ניט צופרידן פון צעטרענצלען ס׳געלט אויף נישט הכנסהדיקע געשעפטן... אין קאַמף פאַרשפּילט צוערשט דאָס אַמאָליקע שניידערל. אָבער

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די פּאַראייניקטע שטאַטן טרעטן אַריין אין מלחמה קעגן נאַצי. אין דער אַמעריקאנער אַרמיי אויפן אייראָפּעאישן קאָנטינענט געפינט זיך אויך איינער פון די אוראייניקלעך פון שניידערל. דער יונגער בחור איז דורך און דורך אַן אַמעריקאַנער. ווייסט ניט פון זיין אָפּשטאַם. ווייסט ניט די געשיכטע פון זיין פּאָלק. קען אַפילו ניט זיין עלטער־זיידע פון וועמען טאַטע־מאַמע האָבן אים כמעט ניט דערציילט.

די אַמעריקאַנער אַרמיי זיגט און אין איר מאַרש פאַראויס באַפרייט זי טויזנטער געפאַנגענע פון די נאַצישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

די געפאַנגענע מאַכן אויפן בחור דעם גרויליקסטן איינדרוק. צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן און אין זיין פאַנטאַזיע טרעפט ער אַזוינס.

ווער זענען זיי די געפאַנגענע, פאַרוואָס האָט מען זיי דאָ פאַרשיקט? ער באַקומט כמעט איין תשובה: יידן, יידן, יידן!

יידן??? יאָ, ביי אַ פּאַרטי אין שטוב האָט מען גערעדט, אז דער זיידע איז געגאַנגען איינמאָל אין יאָר אין אַ טעמפּל ווו עס האָט געפּרעדיקט אַ ראַבאַי. אויב אַזוי איז ער, דער אַמעריקאַנער סאָלדאַט, דאָך אויך אַ ייד!

פון די בריוו דערקענען ניט טאַטע־מאַמע זייער זון. עס קומט פאָר אַ רעוואָלוציע אין דער מיליאָנערסקער משפחה. מען דערמאָנט דעם אָוועקגעשטויסענעם אַלטן און פאַרלאָזענעם עלטער־זיידן.

מיט כבוד ווערט ער צוריקגעבראַכט צווישן זיינע אָפּגעפרעמדטע, וועלכע ווערן אייגענער. דער אלטיטשקער און דער יונגער וואָס קומט צוריק פון פראָנט, — נעמען אַריין אין „שותפות" די גאַנצע משפחה אין אָפּבויען כאָטש אַ טייל פון דער צעשטערטער וועלט, וואָס איז דורך די נאַצי־וואַנדאלן געוואָרן פאַרניכטעט.

און —

אין דאָס צעשטערטע, איז דאָך אויך פאַרניכטעט געוואָרן דאָס יידישע דאַרף מען דאָך דאָס אָפּבויען.




אויפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿון קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק 1948.





ד. טשארני און ש. קאַטשערגינסקי
אין ליבערטי־סאַנאַטאָריע.
.1953

ש. קאַטשערגינסקי אין לאָס אַנדזשע־
לעס, קאַליפאָרניע, .1949



ש. קאַטשערגינסקי אין מאָנטרעאַל,
קאַנאַדע, .1953

די פאַרצווייגטע, צעריסענע משפּחה ווערט אייגענער, גאַנצער. זיי ווערן אַריינגעטאָן אין אָפּבויען די צעשטערטע וועלט, די יידישע וועלט, זייער אייגענע וועלט — — — — —

דאָס לעצטע קאַפּיטל האָט אַש געלייענט. ער האָט געבעטן אַנטשולדי־קונג וואָס ער וועט לייענען אַ ליגנדיקער. עס ליגט זיך אָבער ניט. ניט איינ־מאָל שטעלט ער זיך, זיצט, לייגט זיך ווידער און אַלץ לייענענדיק.

ס'איז אַ טיפּישער אַשישער ראָמאַן פון זיין פאַר מלחמהדיקער ראָמאַ־נען־גאַלעריי. איך ווייס אַפילו ניט צי דאָס אַריינברענגען אַהער דעם גלח איז עפּעס נייעס. אָבער אַ אינטערעסאַנט קאַפּיטל יידיש לעבן אין די שטאַטן, נוסח שלום אַש, וועט עס זיכער זיין.

פון ביכער־שאַפע קוקן אַרויס העראָגליפן־אותיות פון די רוקנס. — ערשט אָנגעקומען פון יאַפּאַן — איז צופרידן דער מייסטער — דאָס איז „דער מאַן פון נצרת" אין יאַפּאַנישער איבערזעצונג.

עס קומט אויס, אַז אַש איז גאָר רייך פון זיינע ביכער. אָבער ער פאַר־זיכערט, אַז די משפּחה קאָסט אים געוואַלד געלט, אַז ער האָט ניט געגעבן אָפּט זיין פּרוי צו גיין אין מאַרק און די שכירות וואָס ער פלעגט אָפּנעמען פון „פאָרווערטס" פלעגט ער פאַרטאָן אין איינקויפן פאַרשיידענע מינים אַנ־טיקן צו זיין זאַמלונג.

מיר האָבן אויסגעמיטן צו ריידן וועגן זיינע לעצטע ווערק, וועלכע האָבן אַרויסגערופן שאַרפע חלוקי־דעות אין דער יידישער פּובליציסטיק.

פאַרנדיק צוריקוועגס האָב איך זיך דערמאָנט וואָס פּראָפ. חיים וויצ־מאַן ז"ל האָט אַמאָל געזאָגט וועגן ראַבאַי סטיפען וויז.

— ראַבאַי וויז — האָט געזאָגט וויצמאַן — איז ווי דאָס ליידיקע בלעטל צווישן אַלטן און נייעם טעסטאַמענט...

איך האָב געהערט, אַז מען האָט דאָס זעלבע געזאָגט אויך וועגן אַשן.

אויב, אַזוי, האָב איך מיך געטראַכט, האַלט נאָך מיט אַשן ביי אונדז יידן ניט שלעכט. אויב ראַבאַי וויז האָט נאָך ביי זיין לעבן (און אַחרי מותו איז דאָך אָפּגערעדט וויפל שבחים מען האָט נאָכגעזאָגט) אַזוי פיל כבוד געהאַט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, און מען האַלט אים איצט פאַר אַ גרויסן ייד, האָט דער מייסטער שלום אַש לכל הפּחות פאַרדינט אויך ניט ווייניקער.

ניט שלום אַשס „קריסטוס" ראָמאַנען האָבן באַווירקט מיליאָנען יידן אין צפון־אַמעריקע צו הערן דרשות אין די סינאַגאָגעס, וואָס עס האַלטן איינגעלאַדענע גייסטלעכע פון אַנדערע רעליגיעס, אַזוי ווי עס הערן דאָס זעלבע פון ראַבאַנים די מתפּללים פון פאַרשיידענע קירכעס.

איך האַלט, אַז דאָס לעבן האָט באַווירקט דעם מייסטער.

און אויב אין דער איצטיקער גליקלעכער תּקופה פאַר דעם אַמעריקאַ־

נער יידישן ישוב איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אויך די שמד־קראַנקייט, זענען די דערמאָנטע ווערק פון שלום אשן, ניט מסוגל צו ברענגען אַפילו קיין סימפּטאָמען פון אָט־דער חולאת צווישן יידן.

עס האָט מיר נאָר שטאַרק פאַרדראָסן וואָס דער גרויסער שריפטשטע־לער האָט אַזוי ווייניק אינטערעס אַרויסגעוויזן און ווייזט עס עד היום אַרויס, אין קומען צו הילף אין אַן עת צרה קאָלעגן־שרייבער און קינסטלער.

אָבער אויך דעם געביט האָט ער געגנוג קאָנקורענטן... אַ פּ י ל ו צווישן ד י וועלכע באַקעמפן אים אַזוי שטאַרק.

# מלך ראַוויטש און אַנדערע יידישע שרייבער

מלך ראַוויטשן פאַלט זיכער אויס דער כבוד צו האָבן אויף זיין חשבון די גרעסטע צאָל נעמען פון שרייבערס וועלכע ער האָט אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור.

איז דאָס אַ צופעליקייט?

ניין, ראַוויטש איז דער גרעסטער לייענער ביי יידן. נישט נאָר לייענט ער כמעט אַלץ וואָס עס דערשיינט אין יידיש און רופט זיך אָפּ אויף פאַרשיי־דענע פּראָבלעמען אין שייכות מיט זיין לייען־טעטיקייט, נאָר ער לייענט אַלע מאַנוסקריפּטן וואָס יינגערע און עלטערע אָנהייבערס־שרייבערס און אפילו שוין אנערקענטע שרייבערס שיקן אים צו.

— איך לייען זיך אויס די אויגן — האָב איך געהערט פון ראַוויטשן. און עס איז נישט קיין סתם לייענען. יעדער בוך און אפילו ציישונג איז ביי ראַוויטשן פאַרשריבן מיט אַן אַ שיעור באַמערקונגען.

דערפאַר האָט אויך ראַוויטש באַמערקט אין אַ סך אָנהייבערס צוזאָגנ־דיקע טאַלאַנטן און האָט זיי דערמוטיקט, געשריבן און קאָרעספּאָנדירט מיט זיי.

קיינער פון יידישע שרייבערס באַקומט נישט אַזויפיל בריוו פון אַלע עקן וועלט ווי ראַוויטש, ווייל —

עס קען ביי אים נישט טרעפן אַ פאַל, אַז ער זאָל אויף אַ בריוו נישט ענטפערן.

זעלטן ווער עס זאָל זיין אַזוי אַרבעטזאַם ביי יידישע שרייבערס ווי עס איז מלך ראַוויטש.

די ביז ערשט דערשינענע חי (18) ביכער, איז בשום אופן נישט קיין פו־לער רעזולטאַט פון זיינע פערציק יאָרן שעפערישער טעטיקייט. עס איז נאָר אַן אָ פּ ש פּ י ג ל ו נ ג פון דעם וואָס דער מחבר האָט פאַר דער צייט (דע־בוטירט אין 1912 מיט אַ ביכל יוגנט לידער „אויף דער שוועל") פאַרעפנט־לעכט און האָט נאָך אין מאַנוסקריפּט.

אָבער אפילו ווען פון ראַוויטשעס פעדער וואָלט אַלץ־אַלץ געווען אין בוכפאָרם, וואָלט עס נאָך אַלץ נישט געקענט דערווייזן די ביניקע התמדה פון זיינע טעג און נעכט.

ראַוויטש איז נישט נאָר יידיש־ליטעראַרישער מתמיד, נאָר איז אויך פון די געציילטע איבערגעגעבנסטע שוואַרצאַרבעטער אין אונדזער קולטור־

גאָרטן. ער איז אַקערער, זייער־פלאַנצער, ווילד־גראָז־רייסער, שניטער און —
מיט אים צוזאַמען זענען מיר אַלע די געניסער.

מען דערציילט גענוג טשעקאַווע מעשיות וועגן ראַוויטשן, דעם סעקרע־טאַר פון טלאָמאַצקע 13 אין וואַרשע.

אין דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע, האָב איך דערזען די וואָרעמקייט פון אָט־די דערציילונגען:

דער זויבערער טיש אין זיין ביוראָ דערציילט וועגן אָרדענונג און דיס־ציפּלין פון דער אינסטיטוציע.

אין שלעפן שווערוואָגיקע פּעק ביכער, פּאַרפּאַקן און אויספּאַקן, אַרויפ־לאָדן קאַסטנס, מעבלשטיק און איבעריקן אינווענטאַר אויף משא־מאַשינען איז ראַוויטש נישט נאָר דער אָנפירער און אויפפּאַסער נאָר אויך פון די אַרבעטער. און אַז מען דאַרף ריין מאַכן אַ צימער, איז אַ בעזעם אויך נישט קיין זעלטנקייט אין זיינע הענט. ער טוט עס מיט ליבשאַפט און מיט דער זעלבער התמדה ווי זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. מיט דער זעלבער אי־בערגעגעבנקייט, ווייל אַלץ צוזאַמען איז איינס.

אַ קוק אין ראַוויטשעס וווין־פּאַלאַץ:

נישט קיין גרויסער און נישט קיין גאָר ליכטיקער צימער.

„אַזוי האָב איך גלייך אַ טראַכט געטאָן, אויב נישט אַביסל בעסער, האָט זיכער אויך געוווינט ברוך שפּינאָזאַ ווען ראַוויטש פאַרערט".

— האָט איר ווו אַן אָרט ביינאַכט? — האָב איך אים פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן מיט אַ שורה פון קולבאַקס אַ ליד און גלייך דערפילט די צווייטע שורה, ווי „ער האָט זיך אומעטיק צעלאַכט".

פון אַ טונקל ווינקל האָט אַ שיין געטאָן דאָס שפּינאָזע בעטל, וואָס וואָלט זיך געדאַרפט געפינען אין אַ תפיסה־קאַמער. אין גאַנצן אָן ווייכן בעטגע־וואַנט, איין הארט קישעלע, אַ גרויער צודעק איז די דעקאָראַציע.

גרויס און „באַקוועם" זענען נאָר די פּאָליצעס ביז דער סטעליע אָנגע־פּראָפּטע מיט ביכער.

די קליידער, וועש, זאַמלונגען, מאַנוסקריפּטן און דרוקזאַכן ליגן זיך אין הויכע קופערטס. דערצו אַ פּאָר פּראָסטע בענקלעך און אַ גרויסער שרייבטיש

— און דאָס איז דעם דיכטערס שטוביקע וועלט.

קען זיך ראַוויטש אויף מער נישט דערלויבן?

איך האָב אים דאָס נישט געפרעגט, ווייל איך ווייס, אַז דער דיכטער־מענטש ראַוויטש האָט זיך זיין באַזונדערן גאַנג אין לעבן:

לויט דעם שרייבערס מיטאַרבעט אין פאַרשיידענע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן, לויט זיינע ביכער וואָלט ראַוויטש געקענט מאַכן אַ גוטן לעבן, עס איז אָבער ווייט פון דעם. זיין הויפּט־חיונה ציט ער נאָר פון זיין אַמט ווי דער אָנפירער פון פאָלקס־אוניווערזיטעט. די צופעליקע האָנאָראַרן וועלכע

פֿאַלן אים פֿון צייט צו צייט אַריין זענען נישט גאָר פֿון גרויסן צושטייער. דאָך...

ראַוויטש איז אַ מיטגליד און צאָלט זיין כסדרדיקן אָפּצאָל אין אַ סך אינ־סטיטוציעס אפילו אויסער קאַנאַדע. (צווישן זיי אויך אין בוענאָס איירעסער „נאָמבערג"־שרייבער פֿאַריין). דער דיכטער־מענטש האָט געהאָלפֿן און העלפֿט עד היום שרייבער־קאָלעגן און סתם־מענטשן.

עס דערמאָנט זיך, אַז אין פּוילן, אין יאָר 1946, האָט ראַוויטש צוגע־שיקט מתנות שרייבמאַשינען צו 10 שרייבערס, זייןביישטייערונג צו דעם שרייבער־פּליטים־פֿאָנד ביים י. ל. פּרץ־שרייבער פֿאַריין אין ניו־יאָרק, אין די נאָך־מלחמה יאָרן איז געווען פֿון די גרעסטע, אויב טאַקע נישט דער גרעס־טער ביישטייער, כאָטש אַ סך, אַ סך שרייבער, מער פֿאַרדינענדיקערע, האָבן בייגעשטייערט אַ סך וויניקער און אַנדערע לחלוטין גאָרנישט... (אָבער מוסר־גיקעס דערפֿאַר זענען זיי גאָר גרויסע). ראַוויטש שפּאָרט פֿון זיך כדי אויך אַנדערע זאָלן האָבן. ער שיקט זיינע בריוו זעלטן דורך לופֿטפּאָסט כדי די איינגעשפּאָרטע געלטער זאָלן נישט אַוועק מיטן לופֿט... ער איז אויך פֿון די וויניקע שרייבערס וואָס קויפֿט אָדער באַשטייערט זיך פֿאַר אַ יידיש בוך.

אין זיין חדר געפֿינט מען די יידישע וועלט.

יאָר־איין, יאָר־אויס קלייבט ראַוויטש פֿון וואָך צו וואָך אַלע ליטעראַ־רישע ביילאַגעס פֿון די יידישע טאָגצייטונגען. וויכטיקע אַרטיקלען באַקומען ביי אים זייער גענוי־באַשטימטן פּלאַץ. קאָפּיעס פֿון אַלע זיינע אַרטיקלען, לידער, בריוו, ליגן געהעריק אויסגעסדרטע, אַזוי ווי עס ליגן אין זעלבן אָר־דענונג הונדערטער בריוו און מאַנוסקריפּטן וואָס זענען צו אים אַדרעסירטע. ראַוויטש האָט אַן אויסערגעוויינלעכן אוצר פֿון פֿאָטאָגראַפֿיעס, דורך אים אַליין אַראָפּגענומען, פֿון יידישע שרייבער, קינסטלערס און קולטור־טוערס.

ראַוויטש שרייבט איצט צווישן אַנדערע אַ גרויס דראַמאַטיש ווערק וועגן **אליהו הנביא**. דאָס ווערק איז שוין אָנגעהויבן, פֿאַרענדיקן וויל עס דער שעפֿער אין דער רואיקייט פֿון אַ דאָרף אין מדינת ישראל, אין דער טונקלקייט פֿון זיין חדר האָט די וועלט אַ ליכטיקן פּנים. צו זיינע זעכציק יאָר איז ער פֿול מיט פּלענער און אידייען ווי קערנער אין אַ מילגרוים. ליידער האַלטן אים נישט נאָך אַ סך פֿון זיינע פֿען־קאָלעגן יינגערע פֿון אים.

זיי גלייבן נישט אין זיין טיפֿער אמונה פֿון יידיש־אייביקייט, כאָטש ראַוויטש איז אין תוך גענומען נישט קיין ענטוזיאַסט. זיינע גרונטיקע באַ־טראַכטונגען פֿירן אָבער תמיד צו פּאָזיטיווע אויספֿירן, אפילו ווען דער לייט־מאָטיוו איז דורכגעדרונגען מיט פּעסימיסטישע טענער.

ראַוויטש איז אַ גאַליציאַנער געבוירענער, אָבער לויט זיין כאַראַקטער איז ער ווי אַ קאַלטער ליטוואַק. נישט צעהיצט אין קאָכיקע צייטן, רואיק און באַטראַכט אין אומרואיק־דענערווירנדיקע געשעענישן. שוין צו רואיק. צו גע־לאַסן.

דאָס האָט אַרויסגערופן, און רופט נאָך אַרויס, צום דיכטער געגנוג תרעומות, און לויט מיין מיינונג, נישט זעלטן געגנוג באַרעכטיקטע. ראַוויטש איז דער פאַרליבטסטער אין דער יידישער ליטעראַטור, אין אירע שעפער.

ער גיט געגנוג אָנדייטונגען אין זיינע ווערק וועגן לעבן נאָכן טויט. איז ליטעראַטור און לעבן ביי אים איינס. זיין צוואה, וועלכע ער האָט ווי זיין שטייגער, געהעריק פאַרזיכערט עס אויסצופירן, זאָגט צווישן אַנדערע, אַז נאָכן פאַרברענען זיין קערפּער, זאָל מען דעם אַש צעשפּרייטן איבער די קברים פון יידישע שרייבערס וועלכע ליגן אויפן אַרבעטער־רינג בית עולם אין ניו־יאָרק. ער וויל אפילו אַ טויטער זיין צוזאַמען מיט יעדן איינעם פון זיי. אַזוי ווי ער איז גייסטיק און פיזיש מיט זיי ביים לעבן.

ווי אַ סך אַנדערע, האָט אויך ראַוויטש מיך אַריינגעפירט אין דער יידישער ליטעראַטור. האַלט איך פאַר אַ באַזונדערן כבוד צו דערמאָנען מיט ליבשאַפט און פאַרערונג דעם נאָמען פון ראַוויטשן.

ער האָט זיך פאַראייביקט דורך זיינע מעשים אין דער יידישער ליטעראַטור — די רינג אין קייט וואָס האַלט אויף די קיומדיקייט פון אונדזער פאָלק פון כלערליי סכנות.

כבוד פון פאָלק קומט אַ דיכטער. מלך ראַוויטש האָט זיך אָבער נאָך דערהויבן חוץ זיין קינסטלערישער פערזענלעכקייט אויך צו אַ מענטשלעך הויכער מדרגה.

דער דיכטער, אין אַ ליד, „והיה באחרית הימים“, רופט זיינע חברים־דיכטער אויסזעצן פון טרערן „ווי מיט ברילִיאַנטן אַ פּאָר נייע לוחות“:

און דאָס ערשטע וואָרט אין אָט די נייע לוחות — לעצטע לוחות,
אין בלוט, אין יידישן געוואַשן און געלייטערט,
וועט אויך אָנכי זיין, נאָר — נישט יהוה —
אָדם — וועט דאָרט זיין דאָס וואָרט, דאָס צווייטע".

***

— און ווו זענען די אַנדערע יידישע שרייבערס — הער איך ווי מען פרעגט מיך — וועגן וועלכע איר זאָגט צו אויך צו דערמאָנען אין טיטל פון אייער ראַוויטש־געזאַנג?

וועל איך אייך דערציילן פאַרוואָס איך האָב געגעבן אַזאַ טיטל:

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט זיך אין פּאַריזער באַרימטן קונסט זשורנאַל „אַר“ (קונסט) באַוויזן אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג פון באַקאַנטן קריטיקער זשאַן פּ. רעי אונטערן נאָמען „דער מאַריאָנעטן טעאַטער הכל בכל און אַנדערע פּאַריזער טעאַטערס“.

סטייטש, האָבן זיך מבינים געוווּנדערט, הכל בכל און פּאַריזער טעאַ־

טערס? איז דען נישטאָ קיין בעסערע טעאַטערס אין פּאַריז? איז שמחה שוואַרצס טעאַטערל אַזוי אויסגעוואקסן?

יאָ, האָט אין אַרטיקל געזאָגט דער קריטיקער, אין פּאַריז זענען דאָ אַ סך פֿיינע און גרויסע טעאַטערס, אָבער „הכל בכל" אין די באַדינגונגען אין וועלכע עס קומט אים אויס צו שאַפֿן און שפּילן, איז מער ווי דער דורכשניט פֿון אַנדערע טעאַטערס וועלכע האָבן די בעסטע מעגלעכקייטן און קענען זיך דאָך נישט אַרויסרייסן פֿון דורכשניטלעכקייט.

מלך ראַוויטש איז מער ווי דער דורכשניט, אפילו ווען עס זענען פֿאַראַן גרעסערע שרייבערס, מלך ראַוויטש איז אויך מער ווי דער דורכשניט צווישן די שרייבערס־מענטשן וועלכע זענען אויך געננוג ביי אונדז פֿאַראַן.

ווער דער לייענער איצט זיכער באַנעמען, פֿאַרוואָס עס איז אַ באַזונדערער יום־טוב ווען מען פֿייערט היינט 60 יאָר ראַוויטש ווען עס האָט צו אירע 22 יאָר געבוירן אַ האַרציקע יידישע מאַמע, הינדע בערגנער וואָס האָט אַליין אויך ליב געהאַט די וועלט פֿון פּאָעזיע.

# דער דיכטער פון „די אויסגעברענטע ליכט"

## צום אויסטיילן מ. שטריגלערן די האָפּער-לייב - פּרעמיע

אַ יחיד קען אַריבערטראָגן פיזישע און מאָראַלישע יסורים ביז מענטש־לעכע מעגלעכקייטן. עס טרעפט אָבער אויך, אז אנדערע יחידים שפּרייזן אַריבער די־אָ גרענעץ. זענען זיי פאַר שרייבערס אַ טעמע, פאַר פאָרשערס — אַ גוטער מאַטעריאַל, אַלע זוכן צו דערגרונטעוווען די טיפעניש פון פי־זישן און גייסטיקן געבוי פון די ניט־דורכשניטלעכע „פּאַציענטן".

דער פּועל יוצא: ליטעראַרישע ווערק, וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן.

דער פאָרשער וועגן יידן אונטער דער נאַצי־אָקופּאַציע, צי פון דער סאָוועטישער פאַרניכטונג, וועט נאַטירלעך מוזן אָנקומען צו אַלע פאָרמען פון מענטשלעכער שאַפונג, וואָס שפּיגלט אָפּ די־אָ תקופות.

ניט גאָר קיין לייכטע אַרבעט.

אַ „שמאַלץ־גרוב" פאַר דעם פאָרשער וועט זיין מ ר ד כ י ש ט ר י ג־ ל ע ר. בערג מיט ביכער און דאָקומענטן וועלן אָוועקגעשאַרט ווערן אַן אַ זייט. זיי אַלע וועט פאַרבייטן — איין שטריגלער.

ווייל —

שטריגלערס שאַפונג (דיכטונג, פּראָזע, זשורנאַליסטיק) איז כולל אין זיך די עפּאָכע פון אומקום און אויפקום, פון ר' ישראל און פון עם־ישראל.

***

מאָטעלעס אוניווערזיטעטן זענען געווען: חדרים, ישיבות, וואַנדערונ־גען איבער צענדליקער קלענערע און גרעסערע פּויליש־יידישע ישובים, ממשדיקער הונגער און — דאָרשט נאָך תורה.

זיך לערנען מיט „לייטן" צו גלייך זענען געווען ביי זיינע בני־בית־חלומות:

„אין שטוב די נויט איז שוין שטאַרק,
ביי די שוועסטערס גליט די פאַנטאַזיע:
מ'עט אַרבעטן וויפל כוח ס'איז נאָר דאָ
און שיקן מאָטלען אין גימנאַזיע"...

אַזוי שילדערט שטריגלער אין לידער־בוך „אין אַ פרעמדן דור" (פּאַ־ריז, 1947) אַ פראַגמענט פון זיינע קינדער־יאָרן.

אָרעמקייט פאַרהאַרטעוועט אים, פורעמט אויס זיין כאַראַקטער. אַ קינד נאָך ביי טאַטע־מאַמע, און מוז זיי פאַרלאָזן... („דער עלנט ווערט מיין צווייטע מאַמע" — שרייבט ער). ער האָט, קיין עין הרע ניט, זיבן שוועס־טערס, וועלכע ליבן אים גאָר שטאַרק, אָבער זיי מוזן ווערן פאַרביטן אויף די ליטווישע שטעטלעך, וועלכע ווערן

...זיינע שוועסטער און ברידער,
און אַ נאָענטער פריינד דאָס ביכל,
אין וועלכן ער פאַרשרייבט געדאַנקען, לידער...

עס קומט אים נישט אָן גרינג דאָס לייענען ביכלעך. ער איז אַ מוסרניק (פאַרעפנטלעכט אַפילו נאָך דער מלחמה אַ גרעסער ווערק אין העברעאיש, „פון לעבן פון די נאָווארעדקער"). ער ווערט אַפילו אַריינגע־לייגט אין חרם, ווען מען כאַפּט אים אין דער ישיבה לייענענדיק לייוויקן.

פון שטוב דערגייען צו אים אומעטיקע בריוו. מען וויל האָבן נחת פון בן־יחיד. דערפרייט ער זיי: צו 16 יאָר באַקומט מאָטעלע סמיכות אויף רבנות.

פון רבנות אָבער טראַכט ער נישט. עס האָט זיך אָנגעהויבן שרייבן. עס ציט אים ניט צו דער שטוב קיין זאַמאָשטש. אַמאָל, איז דאָרט געווען דער „נצח ישראל" (ישראל זאַמושטש), דער „משנת חכמים" (הערשל האַמ־בורגער), אַלעקסאַנדער צעדערבוים, שלמה עטינגער און — און יצחק לייבוש פּרץ!

אים ציט צו זייערע גייסטער, וועלכע האָבן זיך פאַרירשנט אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט, אין וואַרשע, וואָס איז פאַר אים:

„אַ שטאָט מיט קלוגע, דיכטער, דענקער,
און דער סאַמע עיקר — ביבליאָטעקן,
און איבער אַלעם, איבער אַלעם
דער נייער קלאַנג פון פרישן יידיש".

אין דער גרויסער שטאָט דערפילט דער קוים 18 יאָריקער מאָטל אַז ער איז:

„...מער שוין ניט קיין יינגל,
נאָר ציגל, גראַניט פאַר נייע דורות,
כאָטש אַ חלום, אַ פרישער גלגול —
פון אַן אַלטן ישיבה־אַפּיקורס."

מער שוין ניט קיין יינגל?... אַזוי פילט ע ר. אָבער, ווען ער קומט איינמאָל אריין אין אַ יידישער רעדאַקציע בעטן אַרבעט, גיט מען אים אַ פרעג:

— „וואָס דאַרפסטו דאָ, ייִנגעלע?“

דאָך — — —

ציגל און גראַניט וואָלטן זיך זיכער שוין לאַנג אונטערגעגעבן, ווען זיי זאָלן דאַרפן אויסשטיין פון דער נאַטור אַזעלכע פּיזישע שטורעמס ווי דער ייִנגל שטריגלער האָט געהאַט, ווען ער איז אַריינגעפאַלן באַלד אין די נאַצי־הענט, וועלכע האָבן אים געוואָרפן פון געטאָ צו געטאָ, פון לאַגער צו לאַגער, פון גאַז־קאַמער צו גאַז־קאַמער.

נאָר ווייל ער האָט אין זיך געפילט אַ גײַסטיקע גראַניטענע (קען מען אַזוי זאָגן) פעסטקייט, האָט ער געקענט בייקומען די מאָראַלישע נסיונות, וואָס האָבן געפאָדערט ניט ווייניקער כוחות, ווי אויסצושטיין די פיזישע יסורים קעגן וועלכע קיינער פון געפאַנגענע איז ניט געווען פאַר־זיכערט.

אַ טיילכל פון זיינע קאָנצלאַגער־יאָרן וועט דער לייענער געפינען אין דעם שרייבערס ציקל „אויסגעברענטע ליכט“, אין די ביכער „מיידאַנעק“, „אין די פאַבריקן פון טויט“, „ווערק צע“ און אין טיף־פּסיכאָלאָגיש קינסט־לערישן ווערק „ווער זענען זיי?“ (אין דעם זיבעטן באַנד פון די ניו־יאָרקער „זאמל־ביכער“).

אין די גיהנומס איז שטריגלער געוואָרן דער שרייבער פון ייִדישן, פון מענטשלעכן חורבן און שפלות, פון גבורה און דערהויבנקייט.

„צענדליקער בענדער פול מיט דערשטיקטן אויפברויז, פּיבער און גע־וויין“, דער געפייניקטער דיכטער האָט צווישן איין טויט און צווייטן גע־שריבן, האָבן די תלינים פאַרניכטעט אָדער האָבן געמוזט פאַרניכטעט צו באַהאַלטן ווערן. די באַפרייאונג טרעפט אים מיט ליידיקע הענט, אָבער אָן אָנגעפולטן מיט ברויזיקן ווילן דאָס פאַרניכטעטע איבערצוגעבוירן, איבער־צודערציילן, אַז דורות זאָלן וויסן און געדענקען, געדענקען, געדענקען! —

אין יאָר 1946 טרעף איך שטריגלערן אין פּאַריז.

דאָס פרייהייטס־ליבנדיקע פראַנקרייך איז דאַן אַ מקום־מקלט פאַר הונדערטער, טויזנטער ייִדן, וועלכע לויפן פון די לאַגערן און פון די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער זוכן אַביסל רו, כדי אָנצוקומען מיט פרישע כוחות, מיט ווייטערדיקע מאַטערנישן אין ארץ־ישראל (די ווייט־גרעסטע מער־הייט) און צו זייערע פאַמיליע־מיטגלידער אין די מעבר־לים־לענדער.

פּאַריז ווערט אַן אַקטיווער, שפרודלדיקער ייִדישער צענטער, די ייִדן־פּליטים ווערן די אָרגאַניזאַטאָרן פון פאַרחלשטן ייִדיש־נאַציאָנאַלן לעבן.

שטריגלער, ווי דער הויפּט־מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָר פון דער ציוניסטיש - סאָציאַליסטישער טעגלעכער צייטונג „אונדזער וואָרט“, לאָזט גלייך פילן דעם ציל־באַוווסטזיניקן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אייניקייט פון ישוב.

„און אין די נעכט — פּאַריזער אויפגעהייטערטע און צעלויכטן־אַנ־

געצונדענע נעכט! — האָט עס אים אַוועקגעשלעפּט אין אַ ווינקל, ווי איינעם וואָס האָט נאָך דאָ גאָרניט צו טאָן מיט אָט דעם פרעמדן, נאָרמאַליזירטן דור..."

איך פלעג קומען צו אים אין אָרעם־פינצטערלעכן האָטעל־צימער, אין אַ שמאָלן געסל, ביי דעם רעפּובליק־פּלאַץ. כסדר זענען געוואַקסן די דיק־בייכיקע פאַרכתיבהטע העפטן פון זיינע מאַנוסקריפּטן.

— רו זיך אויס, מאָטל; קום שפּאַצירן...

— ניין, ניין, איך מוז נאָך פאַרענדיקן...

ער פאַרענדיקט אָבער קיינמאָל ניט. איין ווערק ציט אַריין אין דעם צווייטן. עס ווערן אָנגעצונדן „די אויסגעברענטע ליכט". ער שרייבט פּאָע־מעס און קלענערע לידער. ער לעבט ווידער אויף זכרונות „פון אַן אונטער־געגאַנגענעם דור" און שרייבט אין העברעאיש „מסיפורי זקן מנעוריו". ער פאַרעפנטלעכט אין צייטונג מיטאַמאָל אַ ראָמאַן, „די ערשטע ליבע פון קאָפּל מאָטש", און גלייכצייטיק איז וואָך דאָס אויג און אויער צום פאַריזער לעבן. ער פאַרעפנטלעכט אַ גרעסערע שפּאַנענדיק־דראַמאַטישע דערציילונג אין המשכים „ביים לעבן אין אַ ווינקל".

נאָר דאָס איז ערשט אַן אָנהויב. אין די שופלאָדן, אויף די טישן, שטולן און אין די וואַליזעס געפינען זיך פודן כתב־ידן. — דיכטערישע רופן צו דער וועלט וועגן אַ וועלט אַ פאַרגאַנגענער, אַ פאַרשוווּנדענער, אַ וועלט וואָס דאַרף דערמאָנען דער קומענדיקער גערעכטיקייט...

שטריגלער איז שוין באַקאַנט אין דער גאָרער יידישער וועלט אַ דאַנק זיינע דערשינענע ביכער. ווייניקער קען מען דעם קעמפנדיקן שטריגלער, דעם מוטיקן פּובליציסט.

אַריינגעטאָן אין אַזויפיל טויטע וועלטן, האָט זיין אויער זיך אויך צו־געהערט צו די דערציילונגען פון זיינע צענדליקער חברים, צי פון סתם יידן, וועלכע זענען אויך ווי ער געקומען פון קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָבער ניט פון קיין נאַצישע...

שטריגלער איז קיינמאָל ניט געווען קיין קאָמוניסט. ווי אַ סך אַנדערע יונגע יידן אין פאַר מלחמהדיקן פּוילן, האָט ער אָבער אויך געהאַט סימפּאַ־טיעס צו דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, ווו, ווי מען האָט כסדר געשריבן, יידן זענען גלייכבאַרעכטיקטע און קענען זיך אויסלעבן אויף זייער מאַמע־לשון אין וואָרט און שריפט... אין נאַצישן קאָנצלאַגער בוכענוואַלד האָט ער אַפילו מיטגעאַרבעט אין אַ געהיימער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע צוזאַמען מיט קאָמו־ניסטן. און ווי די קאָמוניסטן, אַזוי האָט אויך ע ר געשווירן, אַז אויב עס זאָל זיי באַשערט זיין צו בלייבן לעבן, וועלן זיי דאָס געשאַנקען לעבן אָפּגעבן אויך פאַרן קאַמף קעגן קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

די מוראַדיקע געשיכטעס וועגן די סאָוועטישע קאָנצלאַגערן האָבן שטריגלערן אויפגעציטערט. ער האָט אין זיי געפונען זייער פיל ענלעכקייט

צו די נאַציִשע לאַגערן און ער האָט דערפילט פאַר זיין חוב ארויסצוגיין מיט גערעדטן און געדרוקטן וואָרט מיט פּלאַמיקע רייד, קעגן דער אכזריות אין די סאָוועטישע לאַגערן, ווו עס ווערן אומגעבראַכט הונדערטער, טויזנטער אומשולדיקע מענטשן. אַזאַ קאַמף האָט ער אויך אָנגעהויבן קעגן די פּאַרטייִדיקער פון דער אכזריות־סיסטעם, ספּעציעל אויף דער יידישער גאַס.

ווער עס איז געווען אין יענער צייט אין פראַנקרייך און ווייסט, אַז דעמאָלט האָבן געקיניגט אויף דער יידישער גאַס די יעווסעקן, און אויסצורײדן אַ וואָרט קעגן רוסישן טעראָר האָט געשמעקט ווידער מיט טעראָר, דער ווייס באַנעמען וויפל מי און גייסטיקע גבורה שטריגלער האָט באַדאַרפט האָבן כדי צו זיין פון די ערשטע, וועלכע זענען אַרויס אין קאַמף קעגן די יידישע משחיתים און אַגענטן.

אזא איז ער.

...זיין נאָמען איז — פ אָ ל ק . דערפאַר, וואָס ער טרעט אַרויס קעגן יעדער אומגערעכטיקייט, וואָס ווערט געטאָן דעם פאָלק. דערפאַר, וואָס ער איז דאָס ד ע ר , וועלכער גיט אַוועק זיינע יונגע יאָרן דער קומענדיקער וועלט, וואָס וועט דאַרפן וויסן און לערנען פון דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע, וואָס מענטשן, און בפרט דאָס יידישע פאָלק, האָט געהאַט.

ער איז אַ מיטגליד פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, נאָר זיין ליבשאַפט איז אַן אַלפאָלקישע. מיט באַוווּנדערונג און פאַרערונג שרייבט ער וועגן דעם קדוש ר' הלל צייטלין, פּונקט ווי וועגן ארטור זיגעלבוים.

האָבן מיר, אין אַרגענטינע, פשוט מיט ציטער געוואַרט, ווען די זשורי פון ליטעראַטור־פאָנד א"נ פון אברהם־לייב און פנחס האָפער ביים קולטור־קאָנגרעס, וועט אויסטיילן די פּרעמיע פאַרן בעסטן ספר פון יאָר 1950.

ביי אַלעמען אויף די ליפּן איז געלעגן דער נאָמען שטריגלער.

איך בין זיכער, אַז ווען די זשורי וואָלט באַשטאַנען ניט פון פינף שרייבערס, נאָר פון צען מאָל אַזויפיל, וואָלט אויך דער רעזולטאַט געווען אַזאַ איינשטימיקער.

די פּרעמיע וועט זיכער צוגעבן שטריגלערן מוט צו ווייטערדיקער שעפערישקייט. דאָס איז דאָך דער ווילן פון די פּרעמיע־פונדאַטאָרס און פון קולטור קאָנגרעס.

ווילט זיך פאַרענדיקן די געלעגנהייט־שורות צו שטריגלערן טאַקע מיט זיינער אַ סטראָפע:

„שרייבט אַ מענטש די ווערטער שטילע,\
מענטשן זאָגן: ס'איז אַ ליד!\
נאָר ווער עס וויל — דער הערט אַ תפילה:\
ווער ניט מיד! ווער ניט מיד!"

# יצחק יאנאסאָוויטש

## (צו זיין יום־טוב אין „עקסעלסיאָר״, אין בוענאָס איירעס.)

### דער ערשטער שניט

גרויס אויפמערקזאַמקייט ביי דעם יידישן לייענער און ביי דער קריטיק האָט אין יאָר 1930 אַרויסגערופן דער ערשטער, און דערנאָך די ווייטער־דיקע העפטן פון דעם זאַמלבוך „דער ערשטער שניט״.

„שוין לאנג איז אַזאַ פרילינג אין דער יידישער ליטעראַטור ניט געווען״ — האָט בשעתו געשריבן אַ באַרימטער קריטיקער וועגן דעם זאַמלבוך.

נאָר זעקס נעמען האָבן זיך אין ערשטן שניט רעפּרעזענטירט. ואלו הם: יצחק יאנאסאָוויטש, יעקב פרידמאַן, יצחק פּערלאָוו, נ. פּערסקי, ב. מרדכי און אברהם לעוו.

דער זאַמלבוך איז דערשינען אין וואַרשע, הגם קיינער פון די זעקס באַטייליקטע אין אים זענען נישט געווען קיין וואַרשעווער: פּערלאָוו — פון בריסק, יאנאסאָוויטש — פון לאָדזש, פרידמאַן — פון טשערנאָ־וויץ, פּערסקי האָט זיך פאַרנומען מיט לערעריי אין גראָדנע, לעוו האָט געקנעלט אין ווילנע און ב. מרדכי — ערגעץ אין אַ ליטווישן שטעטל.

עס איז אויסגעקומען ווי דער זאַמלבוך וואָלט געוואָלט אַרויסקומען דורך זיין ערשטן שניט מיט אַ רוף: יונגע שרייבער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך!

זענען אַריבער צענדליקער יאָרן, פינקטלעכער: צוואַנציק יאָר, און די זעקס שרייבער, געעלטערטע אויף צוואַנציק יאָר, האָבן זיך צונויפגעטראָפן אין תל־אביב.

אַלע שוין באַקאַנטע אין דער יידישער און אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

אַלע זעקס געראַטעוועטע פון גרויסן פייער און פון גרויסן חורבן.

נישט אַלע ליטעראַרישע גרופּעס ביי אונדז האָבן געהאַט דאָס דאָזיקע מזל. זאָל זיי דאָס מזל ווייטער לייכטן און שיינען ווי ביז איצט.

## מיט יאַנאַסאָוויטשן פון דער ווייטנס

אַן ערך אין דער צייט ווען עס איז אויפגעקומען דער „ערשטער שניט" פון דער דערמאָנטער גרופּע אין וואַרשע, איז אויפגעקומען די שרייבער און קינסטלער־גרופּע „יונג־ווילנע".

דער אינטערעס צו דעם ווייטערדיקן גאַנג פון די יונגע איז ביים יידישן לייענער, ניט נאָר אין פּוילן, געווען אַן אומגעהויערער. עס איז אָבער ניט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן רעגולערע זשורנאַלן, אָדער צו אָרגאַניזירן צוזאַמענפאָרן פון יונגע שרייבער.

האָט מען זיך געמוזט באַגנוגענען מיט דעם וואָס מען האָט פון זיך געהערט פון דער ווייטנס. עס האָט דערגרייכט צו אונדז אין 1933 יאַנאַסאָוויטשעס ערשטלינג „רויכיקע פאַרטאָגן" לידער מיט אַ סאָציאַלן אינהאַלט, אָבער מיט אַ לירישן טאָן. „שטילקייטן" איז געווען זיין צווייט לידער־בוך וואָס איז אין לאָדזש דערשינען אין יאָר 1938. די ביכער האָבן גלייך איינגעגלידערט יאַנאַסאָוויטשן צווישן די קרעפּטיקע יונגע דיכטער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור.

פון 1935 אָן באַווייזט זיך יאַנאַסאָוויטש אין אַן אַנדער זשאַנער — זשורנאַליסטיק און פּובליציסטיק. זיינע רעפּאָרטאַזשן און אַרטיקלען אין „לאָדזשער פאָלקסבלאַט" אַנטפּלעקן אַ נייעם כח אין דער יידישער טאָג פּרעסע, וואָס איז אגב אין יענער צייט געשטאַנען אויף אַ קענטיקער מדרגה.

יאַנאַסאָוויטש הייבט אויך אָן שרייבן פאַרן קליינקונסט־טעאַטער פון דזשיגאַן און שומאַכער און זיינע אַ ליד „צי דאַרף עס אַזוי זיין?" ווערט שפּעטער אַ פאָלקס־ליד אין ווילנער געטאָ, ווו עס איז באַאַרבעט און צוגעפּאַסט געוואָרן צו די געטאָ־באַדינגונגען?

מיר האָבן זיך דעמאָלט נאָך פּערזענלעך ניט געקענט. מיר זענען געווען צו אָרעם צו פאָרן איינער צום צווייטן, האָבן מיר זיך געמוזט באַגנוגענען בלויז מיט די גרוסן פון דער ווייטנס.

## מיט יאַנאַסאָוויטשן אין ביאַליסטאָק און אין מאָסקווע

די מלחמה האָט אומגעוואָרפן די מעכטיקסטע גרעניצן און האָט צונויפגעיאָגט מענטשן פון די ווייטסטע מקומות.

אין 1939 בין איך געקומען קיין ביאַליסטאָק און אין איינעם אַן אָוונט בין איך געוואָרן איינגעלאַדן אין ניי־געשאַפענעם שרייבער פאַריין אויף אַ צוזאַמענקום מיט אַ יידישער שרייבער־דעלעגאַציע פון מאָסקווע.

אויף דעם צוזאַמענקום האָב איך דערפילט, אַז די שרייבער־פּליטים וועלן דאַרפן לייענען פאַר די שרייבער־געסט זייערע ווערק און פון דעם וועט אָפּהענגיק זיין זייער מיטגלידס־רעכט אין שרייבער־פאַריין.

אין אַ חבֿרישער אַטמאָספער זענען געזעסן מאַרקיש, דאָברושין, האַלקין, קוויטקאָ און מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט וואָס עס לייענען שריי־בער־קאָלעגן פון די דורך דער סאָוועטישער אַרמיי פאַרנומענע געביטן.

דערמאָנט זיך איצט, אַז ווען יאַנאַסאָוויטש האָט געענדיקט לייענען דאָס ליד וועגן אַן אַלטער מויד האָט דער טעמפּעראַמענטפולער מאַרקיש אַרויסגעשאָסן מיט אַ צען־מינוטיקער אימפּראָוויזאַציע־אָפּהאַנדלונג וועגן דער קינסטלערישקייט פון יאַנאַסאָוויטשעס דיכטונג און האָט אים אין נאָמען פון דער דעלעגאַציע האַרציק באַגריסט און געווינטשן זיך גיך איינצוגלידערן אין דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג.

קיין סך חדשים זענען ניט אַוועק און די נאַצישע באַמבעס האָבן ווידער געיאָגט. עס הויבט זיך אָן אַ גרויליקער וואַנדערוועג איבער ווייטע רוסישע העקן. אַלמאַ אַטאַ, די הויפּטשטאָט פון קאַזאַכסטאַן, ווערט יאַנאַסאָוויטשעס אַזיל. הונגער, קראַנקייטן, מתים. יאַנאַסאָוויטש פאַרגעסט ניט זיין באַרוף, שרייבט. זאַמלט מאַטעריאַלן וועגן נאַצישע רציחות.

אין 1944 ווערט ער אַרויסגערופן אין מאָסקווע דורך דעם פאַרלאַג „עמעס" וואָס האָט שוין אין יאָר 1941 אַרויסגעגעבן זיינס אַ ביכל לידער.

אין 1945 טרעף איך זיך מיט יאַנאַסאָוויטשן אין דער סאָוועטישער הויפּטשטאָט.

האַרציקע באַגעגעניש. ווייניק רייד. מען פילט אָבער, אַז דאָס שווייגן רעדט זייער פיל.

דאָס דערקענט מען שפּעטער, אין 1946 ווען מיר טרעפן זיך אין פּוילן, וווּ ער פאַרנעמט דעם אַמט ווי דער רעדאַקציע־סעקרעטאַר פון דעם „נייעם לעבן" און נאָך שפּעטער — אין יאָר 1948 — אין פּאַריז.

## אַ נייער אָנהייב

דאָס פרייע און ליבע פּאַריז ברענגט אָן אַ שיער זאָרגן די ניי־געקו־מענע. ווען ס׳וואָלט אמת געווען, אַז זאָרגן און צרות דערדריקן דעם שאַ־פונגס־כוח וואָלטן זיכער פיל גרויסע ווערק געפעלט דער ליטעראַטור. קיין כלל איז דאָס זיכער ניט. אויך יאַנאַסאָוויטשעס לעבן און שאַפן אין פּאַריז באַווייזן דאָס פאַרקערטע.

אין פּאַריז אַנטפּלעקט זיך יאַנאַסאָוויטש ווי אַן אויסגעצייכנטער פּרע־לעגענט. אמת, דאָס קומט אים אָן גאָרניט לייכט, יעדע לעקציע דויערט ביי אים צוגרייטן פיל מעת־לעתן, אָבער דער צוהערער־עולם גייט אַוועק פון זיינע לעקציעס שטענדיק אַ גייסטיק־אָנגעזעטיקטער, אַ צעפרידענער.

זיינע קריטישע עסייען אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן הויבן אים אַרויס אויך אויף דעם געביט, ווי אַ מענטש וואָס שרייבט נאָר וועגן ענינים ווען ער האָט וועגן זיי וואָס צו זאָגן.

און ניט איבערייסנדיק מיט די לידער — שלייפט ער דאָס מייסטער־ווערק „אַ שטוב אין שטעטל פֿאַר וואָס ער באַקומט די פּרעמיע פֿון יידישן קולטור קאָנגרעס פֿון 1951.

***

די עטלעכע אָנגעוואָרפֿענע שטריכן צילן פֿאַרשטענדלעך ניט צו דער־ציילן אַלץ וועגן דעם דיכטער און עסייאיסט יצחק יאַנאַסאָוויטש. מיין מיין איז: ציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַרגענטינער יידישן לייענער — און אים באַגריסן האַרציק און זיך מיטפֿרייען מיט אים און מיט אונדז אַלעמען צו זיין — צו אונדזער יום־טוב, וואָס דער ליטעראַטן פֿאַריין ה. ד. נאָמבערג, צוזאַמען מיט זיינע לאָדזשער לאַנדסלייט האָבן דאָ היינט אָרגאַניזירט.

און אַזוי ווי עטלעכע ביאָ־ביבלאָגראַפֿישע שטריכן ווייסט איר שוין יאָ וועגן אים — וועט זיכער זיין פֿאַר אייך אינטערעסאַנט צו הערן אַ ביסל פּשט וועגן זיין שעפֿערישן וועג. און אויב פּשט — איז נאַטירלעך ביי אונדז דער מומחה אויף דעם דער בעל הפּשט יעקב באָטאָשאַנסקי.

# יידן אין די וועלדער

אויב איר האָט זיך אמאָל פאַרטראַכט וועגן דער העלדישסטער מלחמה אין אונדזער געשיכטע וואָס עס פירט דאָס יידישע פאָלק איצט, האָט זיך אייך זיכער געשטעלט די שאלה: פון וואַנען האָט זיך דאָס צו די אויסגעצ־פייניקטע, געבליבענע יידן, געוומען אַזאַ ניט פאַרגלייכלעכע גבורה, וואָס האָט ניט קיין צווייטן ענלעכן ביישפיל אין דער וועלט־געשיכטע? פון וואַנען?...

ס׳איז אָבער געגוג בלויז אַ מיש צו טאָן עטלעכע בלעטלעך פון דער גייסטער יידישער געשיכטע אויף צוריק, כדי דאָס גרויסע רעטעניש זאָל פאַר אונדז אנטפלעקט ווערן.

„אמתע געשיכטע ווערט געשריבן נאָר מיט בלוט" — האָבן ערגעץ ווו געשריבן די ברידער גאנקור. אויב אַזוי, קענען מ י ר איצט צוגעבן, איז די יידישע געשיכטע די אמתדיקסטע, די ריכטיקסטע. דאָס זענען ניט קיין סתם־ווערטער. יעדער א ו ת פון דער געשיכטע איז דאָך געשריבן ט אַ ק ע מיט בלוט און ניט מיט קיין בליישטיפט...

ווי די יידן זענען געשטאָרבן — ווייסט די גאַנצע וועלט. אָבער ווי יידן האָבן ג ע ק ע מ פ ט, — ווייסן אייגציקע... אַז יידן זענען צו דער שחיטה ג ע ג א נ ג ע ן — קינדער אין די וויגן ריידן דאָך שוין וועגן דעם, אָבער ווי די יידן האָבן זיך ק ע ג נ ג ע ש ט ע ל ט די מערדער — אָ, ווי נישטיק עס איז די צאָל מענטשן אויף דער וועלט וועלכע קענען וועגן דעם דער־ציילן... פיל ביכער זענען שוין דערשינען ביז דעם היינטיקן טאָג וועגן א ו מ ק ו ם פון יידן, עס איז נאָך אָבער ניט דערשינען ביז איצט אַ ז אַ ספר הגבורה, ווי עס האָט זיך פאַרדינט דער מיליאָן יידישע סאָלדאטן און אָפיצירן אין די אַליאירטע אַרמייען, די צענדליקער טויזנטער יידישע פאַר־טיזאַנערס און געטאָ־קעמפערס, די ניי־געבוירענע יידישע אַרמיי פון ישראל... נימאָ נאָך אַזאַ ספר־הגבורה. קען זיך שטעלן פאַר אַנדערע אַ באַרעכטיקטע שאלה: אפשר האָבן מיר זיך נישט מיט וואָס צו באַווייזן פאַר דער וועלט? אפשר זענען אונדזערע סאָלדאטן, פאַרטיזאַנער, געטאָ־קעמפער — פחדנים געווען און דעריבער איז גלייכער מען זאָל וועגן אונדזער העלדישקייט בכלל מאַכן אַ שווייג?

... און איידער מיר באַווייזן זיך צו פאַרטראכטן אויף צו געפינען אַ תשובה, גיט שוין ווער אַ ז ע ץ מיטאמאָל יענע באַקאַנטע פראַגעלע: „און פאַרוואָס זייט איר צו דער שחיטה געגאַנגען ניט שטעלנדיק קיין ווידערשטאַנד?"... דאָן... בלייב אויך א י ד , דער וואָס איז אויף דער פראַגע מ ח ו י ב צו ענטפערן, — אַ געפּלעפטער... טאַקע פאַרוואָס?... אָבער דערנאָך... דערנאָך. ווען איך קום צו זיך, פרעג איך ז י ך אַ ל יי ן און אויך אַ נ ד ע ר ע : „נו, און ווען די גאַציס האָבן געקוילעט פּאַלאַקן, טשעכן, רוסן און אַנדערע פעלקער, — האָבן ז יי געשטעלט אַ ווידער־שטאַנד??? ז יי — וועלכע האָבן זיך געפונען אין אַן אַן ערך בעסערער לאַגע ווי די פאַרטריבענע יידן אין די געטאָס.

אָבער זאָלן פאַקטן צו אייך ריידן!

נאָכדעם ווי אין אַ שטעטל ביי ווילנע, סוויענציאַן, האָבן די פאַרטיזאַנער דערשאָסן דעם דאָרטיקן נאַצישן קרייז־קאָמיסאַר, האָבן די דייטשן אויפגענומען עטלעכע הונדערט פּאָלאַקן פון שטעטל. סיי אַרבעטער, סיי די אינטעליגענץ פון שטעטל. זיי זענען אָוועקגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם. די דייטשן האָבן זיי געהייסן זיך אויסלייגן אויף די אויסגעגלייכטע קברים — די אומגליקלעכע האָבן דעם באַפעל אויסגעפירט. די מערדער האָבן געגעבן דאָן אַ באַפעל, אַז די פּאָלאַקן זאָלן אָוועקלייגן די הענט אויף אַהינטער — און אויך ד ע ר באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. און אַזוי זענען זיך די עטלעכע נאַציס געגאַנגען פון איין קרבן צום צווייטן אַריינשיסנדיק אין יעדנס פּאַטילניצע די טויטקויל.

האָבן אפשר געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די הונדערטער טויזנטער סאָוועטישע געפאַנגענע מיליטער־לייט? ווידער אַמאָל ניין!

נאָך נעכטן האָבן זיי שטאָלץ און מונטער געטראָגן דעם מאַשין־געווער אין די הענט, נאָך נעכטן האָבן זיי אין זייערע באָמבאַרדירערס אין דער לופטן געהערשט, אין די טאַנקען געדעדערט און היינט אין געפאַנגענשאַפט?...

אָט האָט איר אַ בילד אַרויסגענומען פון מיין בוך „חורבן ווילנע", וואָס עס האָט מיר דערציילט אַ ייד וואָס האָט אַליין צוגעזען דעם אָך־און ווייטאָג פון די סאָוועטישע געפאַנגענע.

„ווען מען פלעגט זיי, די סאָוועטישע געפאַנגענע ברענגען אויפן מאַרק פון שטעטל (עס רעדט זיך וועגן קורעניץ, אַ שטעטל אין ווייסרוסלאַנד) זענען שוין געווען אויסגעשטעלט צוויי רייען דייטשן ביים טויער פון מאַרק און מיט שטעקנס געשלאָגן יעדן געפאַנגענעם, וואָס האָט געמוזט דורכגיין דורך זיי די זופּ נעמען. זיי האָבן קיין געשיר ניט געהאַט אין וואָס צו נעמען, פלעגן זיי נעמען די זופּ אין זייערע היטלען, שטיוול, שיך און אַפילו דאַן האָט מען זיי געשלאָגן. אַ סך פלעגן זיך אָוועקלייגן מיט דער זופּ און אָוועקקריכן אויפן בויך, אָדער אויף די קני, כדי די שטעקנס זאָלן וואָס ווייניקער צוקומען צו זיי. פונדעסטוועגן פלעגן די געפאַנגענע זאָגן, אַז סיי אין

באַשפּייזונג, סיי אין באַציאונג צו זיי איז דער לאַגער אין קורעניץ דער בעסטער, וואָס זיי האָבן געהאַט ביז אַהער... די לעצטע פּאַרטיע פון 2.500 מאַן איז געקומען אין גאַנצן אַן אַרומגעריסענע. אַ סך זענען געווען אַרומגעוויקלט מיט פּאַרמעטן פון ספרי־תורות און מיט טליתים... אויפן מאַרק איז צווישן די שטיינער געוואַקסן גראָז וואָס די געפאַנגענע פלעגן דאָס גלייך אויפעסן. ווען די דייטשן האָבן עס באַמערקט, האָבן זיי געהייסן די יידן דאָס גראָז אויסרייסן"...

און א י ד א ל יי ן בין געווען דער עדות פון אַזאַ שוידערלעכער מאַסאַקרע:

אין אָנהייב 1942 ווער איך פאַרוואָגלט אין אַ געטאָ פון שטעטל גלובאָק. צוויי ק"מ פון שטעטל איז געווען אַ לאַגער פון 20 טויזנט סאָוועטישע געפאַנגענע, וואָס זענען געווען באַוואַכט פון 30 דייטש־געקליידטע (צווישן זיי אויך געוועזענע סאָוועטישע אוקראַינער) סאָלדאַטן. די געפאַנגענע האָבן שוידערלעך געהונגערט. דאָס עסן מענטשן־פלייש איז געווען אין לאַגער אַ נאָרמאַלע דערשיינונג.

אין אַן אַפּריל נאַכט האָבן מיר דערהערט אין געטאָ אַ מערדערלעכע שיסעריי פון מאַשינען־ביקסן, וואָס האָט זיך געצויגן ביז פאַרטאָג... ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן דערנאָך, אַז די דייטשן האָבן פון באַרג־שיפּועים געשאָסן כסדר אין לאַגער און אויסגעמאָרדעט 18 טויזנט געפאַנגענע.

מיינט איר, אַז די לעבנגעבליבענע זענען אַנטלאָפן?

— ניין. זיי זענען געבליבן. באַגראָבן זייערע טויטע חברים און דערנאָך האָט מען זיי ערגעץ ווו אַוועקגעפירט.

בכן: פאַרוואָס האָבן זיך ניט קעגנגעשטעלט קעגן זייערע מערדער די אויסגעשולטע רויטאַרמייער, אָפיצירן, פּאָליטרוקן, קאָמוניסטן? —

דערפאַר ווייל אין דער מענטשלעכער געשיכטע און בפרט אין דער געשיכטע פון מלחמות איז נאָך ניט געווען באַקאַנט אַזאַ באַרבאַרישער פּיר, ווי ס'האָבן אויסגעטראַכט די נאַציס, אויסצומאָרדן, דערביי מיט די ראַפינירטסטע מיטלען אַריינגנאַרן אין טויטנהויז, פעלקער גאַנצע, אַרמייען, קלענערע און גרעסערע גרופּעס און יחידים.

האָבן דען די סאָוועטישע געפאַנגענע געקענט וויסן, אַז מען וועט זיי גאָר אויסמאָרדן, אין דער צייט, ווען די דייטשע פּראָפּאַגאַנדע־מאַשין האָט זיי פאַרזיכערט פרייהייט און לעבן, לויט די אינטערנאַציאָנאַלע געזעצן פון מלחמות?

האָבן דען מיר, הונגעריקע, אין די געטאָס, דען זיך געקענט פאָרשטעלן, ווען דייטשן קומען צו אונדז אין געטאָ און מעלדן אונדז העפלעך, אַז אויב מיר וועלן זיך פאַרשרייבן אויף דער אַרבעט ביי די דייטשן, וועלן מיר קענען זיך אַליין באַשפּייזן און נאָך קענען שיקן שפּייז - פּעקלעך צו אונדזערע משפּחות אין געטאָ — און ווען טויזנטער פלעגן יעדע וואָך פאַרלאָזן די

געטאָ אַוועקצופאָרן אויף דער אַרבעט — האָט מען זיי גאָר פּאַרפירט 8
קילאָמעטער הינטערן שטאָט און זיי דאָרט אויסגעשאָסן?

אַפילו ווען עס האָבן זיך אין אַ פינצטערער נאַכט אין געטאָ אַריינגע־שלייערט, צוויי פאַרבלוטיקטע פרויען, וועלכע זענען פאַרוואונדעטע אַנטלאָפן פון טויטן־פעלד פּאָנאַר און האָבן דערציילט וואָס עס קומט פאָר הינטער ווילנע מיט די יידן — האָבן מיר עס ניט געקענט גלויבן.

די גאַנצע וועלט האָט דאָך צוערשט ניט געקענט גלויבן. אויך איר!...

און ווען מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז אַרבעט הייסט ביי די דייטשן — טויט, דאַן האָבן מיר זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן. ס׳איז שוין געווען, אמת, אַ ביסל שפּעטלעך. ווייל די דייטשן, האָבן פאַראויסזעענדיק די מעג־לעכקייט פון ווידערשטאַנד, צוערשט פאַרניכטעט דעם גרונט־עלעמענט וואָס איז פעאיק צו האַלטן געווער און זיך קעגנשטעלן — די יוגנט, די אינטעלי־גענץ, אַלע וועלכע האָבן אויסגעזען צו זיין געפערלעך פאַר זיי.

אין די געטאָס זענען געבליבן עלטערע מענער און פרויען און אויב אַפילו יינגערע — איז אויך צעבראָכענע מענטשן. בעסער געזאָגט אַנט־מענטשטע באַשעפענישן, וועלכע האָבן לויט ווי די נאַציס האָבן פאַרויסגעזען זיך איינע די אנדערע געדאַרפט אויסקוילען, אָדער אומקומען פון די עפּי־דעמיעס. און דאָך זענען אויך די גיך צו זיך געקומען. מיר האָבן פאַר־שטאַנען דעם מיין און מיר האָבן באַשלאָסן:

אויב שוין אומקומען — איז בעסער
העלדיש צו פאַרגיין...
אויסשטרעקן דעם האַלדז צום מעסער? — ניין
אַ קיינמאָל ניין!

מיר האָבן שולן און יוגנט־קלובן געבויט אין געטאָ פאַר די פאַרבליבענע, פאַריתומטע קינדער — איז דאָס שוין אַליין געווען אַ פאָרם פון ווידער־שטאַנד.

מיר האָבן געגרינדעט טעאַטערס און כאָרן, ביבליאָטעקן און לייען־זאַלן, וויסנשאַפטלעכע קרייזן, ליטעראַרישע קאָנקורסן, געשאַפן לידער און מעלאָ־דיעס צו זיי און געזונגען... און צו דעם האָבן מיר געשאַפן די פאַרייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען — צוגרייטן זיך צו באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס, אויב זיי וועלן קומען די געטאָ ליקווידירן. אַ ווידערשטאַנד, וואָס האָט אויך פאַרויסגעזען, אין קאַמף, זיך דורכצורייסן אין די וועלדער, זיך פאַראייניקן מיט די קליי־נע סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן וואָס האָבן זיך שוין דאַן אָנגעהויבן באַ־ווייזן אין די ווייסרוסישע און ליטווישע וועלדער און צוזאַמען — קעמפן. נקמה נעמען!

איז ווען מען פרעגט מיך די שאלה — פאַרוואָס האָט איר נישט גע־

שטעלט קיין ווידערשטאַנד די מערדער, אָדער פּאַרוואָס האָט איר זיך גע־לאָזן אַזוי לאַנג שעכטן ביז איר האָט זיך באַטראַכט צו נעמען פאַרן גע־ווער, — שטעל איך טאַקע אין פאַרבינדונג מיט אָט דער גרויליקער פראַגע גאָר אַן אַנדער שאלה, נעמלעך: ווי אַזוי האָבן יידן אין אַזאַ צייט געשטעלט אַ מאָראַלישן און פיזישן ווידערשטאַנד אַזאַ מעכטיקן שונא ווי ס'איז געווען דער נאַצי?...

צופיל צייט וואָלט איך באַדאַרפט פאַרנעמען, ווען איך זאָל כאָטש אין קורצע שטריכן אָנוואַרפן אַ ביסל פּרטים וועגן די העלדישע יידישע שלאַכט־לייט אין די אַליאירטע אַרמייען, אין די געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן און שפּעטער פון די מעפּילים און פון דער אונטערערדישער און איבער־ערדישער הגנה ואאז"וו... היינט אָבער וויל איך זיך באַזונדערס אָפּ־שטעלן, און דאָס איז דאָך מיין טעמע, אויף דער מערקווערדיקער געשיכטע, — ווי אַזוי יידן, צוזאַמען מיט ניט־יידן, האָבן געלעבט אין די וועל־דער און געקעמפט פון דאָרטן קעגן גרויסע, שטאַרקע פיינטלעכע אַר־מייען... יידן, פאַרטיזאַנער!...

יידן אין די וועלדער...

זיכער האָט יעדער איינער פון אייך, חשובע פריינד, זיך אָדער אַן אַנדערן ניט איינמאָל געפרעגט: ווי אַזוי האָבן דאָס די פאַרטיזאַנער און סתם־יידן אין די נאַצי־באַהערשטע לענדער געלעבט חדשים און אַפילו יאָרן אין די ווילדע וועלדער?

...ווען די פראַגע קומט אייך אויפן רעיון אַרויף, קומען דאַן צו נאָך אַנדערע פראַגעס. למשל, — אויב זומער האָט מען נאָך געקענט אי־בערשלאָפן אונטער אַ קוסט, לעבן אַ בוים, ווי האָבן זיך די וואַלד־מענטשן געגעבן אַן עצה האַרבסט, אין די רעגנס און בלאָטעס און דער עיקר ווינ־טער, אין שנייען, זאַווערוכעס און פרעסט? ווו האָבן זיי גענומען, אין די ווילדענישן, שפּייז פאַר זיך, ווו האָבן זיי גענומען געווער צו קעמפן, זיך צו פאַרטיידיקן?... און די נאַציס? זענען זיי דען ניט געגאַנגען אין די וועל־דער זוכן די פאַרטיזאַנער, די יידן? און מען איז דאָך מער ניט ווי מענטשן, ווי וואַשט מען אויס אַ שטיקל וועש, זיך אַליין. עס זענען דאָך אין די וועלדער געווען, האָט איר זיכער געהערט, אויך עלטערע יידן און אַפילו גאָר קליינע קינדער וועלכע האָבן זיך ניט געקענט באַנוצן מיט קיין געווער. — וואָס האָבן זיי געטאָן, ווי האָבן זיי געלעבט?... און נאָך אַ סך אַנדערע שאלות, קען זיך שטעלן אפשר די סאַמע וויכטיקסטע שאלה: ווי אַזוי איז דאָס בכלל מעגלעך געווען, אַז יחידים אָדער קלענערע, צי אַפילו גרעסערע גרופּעס פאַרטיזאַנער, זאָלן קעמפן קעגן אַ שונא אויף זיין באַהערשטער טעריטאָריע, אַ שונא וואָס גיט זיך אַן עצה אויף אַלע פראָנטן קעגן מיליאָ־ניקע שטאַרק באַוואָפנטע אַרמייען?...

גיט נאָר אייך, חשובע פריינד, האָבן זיך געקענט שטעלן אַזעלכע

שאלות. אויך מיר יידן אין געטאָ, האָבן, ווען מיר האָבן דערהערט אַז מענטשן לעבן אין די וועלדער, זיך געבראָכן דעם קאָפּ: ווי אַזוי לעבן זיי דאָרט?...

אַ שיף מיט פּאַסאַזשירן איז אין ים דערטרונקען געוואָרן, בלויז איינער, ראָבינזאָן קרוזאָ, האָט דער ים פאַרוואָרפן אויף אַ ווילדן ניט־באַוווינטן אינדזל. און צו אונדזער גרויסער פאַרוואונדערונג, דערוויסן מיר זיך פון דער שיינער מעשהלע, ווי אַזוי דער געראַטעוועטער האָט פון גאָרניט אַ לעבן אויפן אינדזל געשאַפן. איז דאָך דאָס אָבער אַ מעשהלע. אַ פאַנטאַזיע. מיר אָבער, טויזנטער יידן, האָבן כמעט דעם זעלבן וועג געהאַט דורכצומאַכן אויף דער וואָר, אין לעבן... און מיר האָבן דאָך נאָך צו אַלע צרות געהאַט דאָס אומגליק צו זיין כסדר אַרומגערינגלט פון אַזאַ ריזיקער דייטשער מיליטער־מאַכט און ניט מיט קיין קלענערער אַרומרינגלונג פון דער פיינטלעכער באַפעלקערונג פון די שטעט, שטעטלעך און דערפער.

איך גלויב, אַז איר וועט זיכער ניט זיין קעגן אויב איך וועל אייך אויף עטלעכע מינוט איצט, נעמען אין די ווייסרוסישע וועלדער אַריין, מיט דער הילף פון מיין טאָגבוך וואָס איך האָב דאָרט געפירט:

„דריטער יוני 1943.

מיר גרייטן זיך אין וועג. קיינער וויים ניט ווו, קיינער פרעגט ניט ווו?

— ציק, ציק, האָפּ, האָפּ — —

דער לעצטער טאַנץ אין פּאַרטיזאַנישן לאַגער, אויף דער ווייסרוסישער ערד, אין די וועלדער אַרום מיאדל, נאָענט פון דער גרויסער נאַראָטשער אָזערע.

עס קאַכט דער באַיאַן אין יאָסל הענט, וואַרפט זיך ווי אין פיבער. אויף דעם איינגעטראָטענעם גראָז, טאַנצט אין דער בלענדנדיקער זון צוזאַמען מיט אונדז אויך דאָס שטאָל פון מאַשין־געווער אויף אונדזערע פּלייצעס.

— ׳אַ מאָל אויף פּאַרטיזאַנישע וועגן״...

אַ מאָל — דאָס מיינט מען מיט אַן ערך אַ יאָר צוריק, אָנהייב 1942.

— אַ מאָל אויף פּאַרטיזאַנישע וועגן — זאָגט אונדזער רייטנדיקער קאָמאַנדיר ווען מיר זענען שוין אין וועג — איז מען אַזוי פריי ניט געגאַנגען ווי איצט. שוין אָפּגערעדט פון פאָרן אויף אַ פור, אָדער רייטן.

— ברודערקע — רייסט זיך אַריין דער שטענדיק פריילעכער סוועג־ציאַנער בחור פרץ גראַזול — אוי ווי שלעכט ס׳איז דאַן געווען. איצט ווינען מיר דאָך ווי פריצים גאַנצע. אָבער דאַן... קומט ווען איך אייך באַווייזן ווו מיר האָבן געוווינט.

דערלויבט אונדז דער קאָמאַנדיר און מיר גייען דורך דער געשיכטע פון אונדזער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. פון אונדזער אָטריאַד אַנטאָנאָווער וועלדער. דאָ האָבן די ערשטע אַכט פּאַרטיזאַנער פאַרלייגט זייער באַזע, פון וואַנען זיי פלעגן זיך אַוועקלאָזן אויף קאַמפס־אויפגאַבעס דורכ־

פירן און קומען צוריק. אַט דערזעען מיר דאָס ערשטע ערד־שטיבל. אין גאַנצן אין דער ערד. 8 פוס אויף 8 און דריי אַ האַלבע פוס אין דער טיף.

אַ זייטיקער קען גאָרניט דערקענען, אַז דאָ האָבן געווױנט מענטשן, דאָס שטיבל איז גלייך מיט דער ערד, באַדעקט און פאַרוואַקסן מיט גראָז, מיט קוסטעס.

— דאָ אינעווייניק, אין דער פינצטערניש האָבן מיר געלעבט — קלערט אונדז אויף דער קאָמאַנדיר — פרילינג־צייט פלעגן מיר זיך שטענדיק אויפ־כאַפּן פאַרטאָג אין וואַסער וואָס איז דורך דער נאַכט אַנגעקוואָלן פון דער ערד. קילאָמעטערס גאַנצע, פלעגן מיר זיך שלעפּן ביזן האַלדז אין בלאָטעס, אין זומפּן, כדי צו דערבערעגנען אין שטיבל אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט. זומער האָבן מיר געמיינט, אַז מיר קומען אום פון קאָמאַרן, ס׳איז גאָרניט געווען אויסצוהאַלטן פון זיי. דעם הימל האָבן זיי פאַרשטעלט.

ערשט דערנאָך ווען פּאַרטיזאַנער זענען שוין געוואָרן אין די וועלדער מערעו׳, און די דייטשן האָבן שוין שטאַרק מורא געהאַט זיך צו רוקן טיפער אין וואַלד, זענען מיר אַרויסגעקראָכן פון די בלאָטעס אין די טרוקענערע ערטער אין וואַלד און אָנגעהויבן בויען אונדזערע שטיבלעך **א ו י ף** דער ערד און איצט וועלן מיר אין עטלעכע טעג אַרום פאַרנעמען אַ דאָרף און ווינען מיט די פּויערים צוזאַמען״...

דאַן, אַ מאָל, מיט אַ יאָר צוריק, אין 1942 זענען אויך געקומען צו לויפן אַהער די לעצטע ניט־דערשאָכטענע יידן פון די שטעטלעך וואָס רינג־לען דאָ די וועלדער אַרום. זענען געקומען פון סוּוועניאַן די לעצטע 30 יידן. פון גלובאָק אַ 20 יידן, פון קאָבילניק, דונילאָוויטש, פון אַנדערע שטעטלעך... זיי האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אָדער זיך דורכצורייסן דורך די שחיטות — אַנדערע מיט טאַטע־מאַמע, צי מיט קליינע קינדער אויף די הענט, — זענען זיי געקומען אין די וועלדער צו לויפן, באָרוועסע, נאַקעטע, פאַרוואונדעטע (ניט ווייניק זענען אין וועג צום וואַלד דורך די **פּ ו י ע ר י ם** געכאַפּט געוואָרן — און פון זיי קיין לעבעדיקע שוין ניט אַרויס).

דאָ אין וואַלד, ווען קיינער איז נאָך ניט געווען, האָבן זיי, פון טויט־אַנטרונענע אָנגעהויבן פּרווון מאַכן אַ לעבן. וואָס פאַר אַ לעבן דאָס איז געווען, האָט מיר דערציילט דערנאָך אשר קרוקאָוו, וועלכער איז אין אָק־טאָבער 1942 אַנטלאָפן פון דער ווילייקער שחיטה אין די וועלדער, ווו ער האָט געטראָפן עטלעכע הונדערט יידן אַנטלאָפענע פון אַנדערע שטעטלעך. „ביי אַ שייטער האָב איך דערזען — האָט מיר קרוקאָוו דערציילט — זעקס יידן, כ׳האָב ניט דערקענט קיין פּנימער. אַלע פאַרוואַקסענע ווי חיות. איך בין געשטאַנען לעבן מיין פריינד דעם קאָבילניקער יידן פרידמאַן און איך האָב אים ניט דערקענט, אַזוי פאַרוואַקסן איז ער געווען. זיי האָבן געצויגן פון בוזעם לייז און געוואָרפן זיי אין פייער. מיט אַ מאָל האָב איך דערזען אַ יינגעלע ליגט ביים שייטער און ס׳צינדן זיך אויף אים די מלבושים און

כ'האָב געמאַכט אַ טומל, אָבער מען האָט מיך באַרואיקט, „ס'איז אַלץ איינס, ער שטאַרבט באַלד אַוועק". איך האָב אים אָבער אַרויסגעצויגן פון פייער, אַראָפּגענומען די בגדים פון אים און אויף מיינע הענט איז ער אויסגעגאַנגען".

אַנדערע יידן פלעגן מיט זייערע קינדער אַוועקגיין ביינאַכט אין די אַרומיקע דערפער כדי ניט נאָר צו באַקומען עפּעס צו עסן, נאָר אויך די האַלבע נאַכט איבערשלאָפן ערגעץ אין אַ בעדל. כסדר פלעגן פאָרקומען אויף זיי אָבלאַוועס פון די דייטשן און צענדליקער יידן פלעגן אין די אָבלאַוועס אומקומען. דאָס האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז יידן אין די געבליבענע געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן צו וועלכע עס האָבן זיך דערטראָגן די גרויליקע ידיעות וואָס פאַר אַ דאָליע עס האָבן די אַנטלאָפענע יידן אין די וועלדער, — האָבן אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן פון געטאָ אין וואַלד, ווו עס דערוואַרט זיי דער זעלבער גורל.

אין דער זעלבער צייט אָבער זענען אין די וועלדער געקומען אויך אַ נ ד ע ר ע יידן. יידן מיט געווער, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן פון יענער זייט פראָנט און יידישע קעמפער מיט און אָן געווער, וועלכע האָבן זיך באַצייטנס אַרויסגעריסן פון די געטאָס, פון די לאַגערן. נאָך שפּעטער האָבן אויך אָנגעהויבן קומען סאָוועטישע געפאַנגענע, וועלכע האָבן זעענדיק, אַז אויך זיי שאַנעוועט ניט דער דייטש, אַנטלאָפן אין די צענדליקער און שפּעטער אין די הונדערטער פון דייטשער געפאַנגענשאַפט, אָדער פון דער דייטשער אַרמיי אין די וועלדער.

דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף קודם־כל צו באַהערשן די וועלדער, די דייטשן זאָלן מורא האָבן אַהין אַריינצוקומען, עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף גלייכצייטיק צו באַקומען גענוג שפּייז, בגדים און צו באַקומען געווער כדי צו קעמפן קעגן דייטש.

מען פלעגט שוין ניט קומען צום פּויער הינטערן פענצטער בעטן אַ שטיקל ברויט. דאָס ג ע וו ע ר האָט גערעדט פאַר אונדז:

— פּעטערל — האָט באַפוילן דער רעוואָלווער און די ביקס — 3 פּוד מעל, 2 חזירים, אַ בהמה, מאַכאָרקע — דאָס אַלץ מ ו ז ווערן אין אַ האַלבער שעה אַרום.

דער פּויער האָט שוין געוווסט, אַז מיט מענטשן פון געווער, מיט די פּאַרטיזאַנער איז קיין שום חכמות נישטאָ, אַז זיי זאָגן עפּעס — מ ו ז עס זיין. פלעגט זיך אַ פּויער איינבעטן אַ מאָל, אַז אויב מען וועט נעמען ביי אים וויניקער וועט ער די פּאַרטיזאַנער זאָגן ביי וועמען מען קען נעמען מ ע ר ע ר. נו, פלעגט מען אים טאָן די טובה, נעמען ביי אים און ביי יענעם. וויניק נאָך: מען פלעגט הייסן דעם פּויער אויך איינשפּאַנען זיין פערד און וואָגן און דערפירן אַלץ ביזן ברעג פון וואַלד. דאָרט פלעגן מיר אים הייסן אָפּוואַרטן און נאָך דעם ווי מיר פלעגן ברענגען די פּראָדוקטן צו זיך אין די וואַלד־שטיבלעך, פלעגן מיר אָפּברענגען פערד און וואָגן צוריק. און

אַז אַ פויער האָט געהאַט עטלעכע פערד, פלעגן מיר ביי אים צונעמען אַ פּאָר, אַזוי אַרום האָבן מיר געהאַט פערד פאַר אונדזערע אויסשפּירער און אייגענעם געשפּאַן צו ברענגען פאַר זיך אַליין די שפּייז פון די פויערים און ס׳האָבן זיך אויך געפּאַשעט אין וואַלד אונדזערע בהמות — מיר האָבן געהאַט וואָס צו עסן. מיר דוכט, אַז איך האָב אין מיין לעבן ניט געגעסן אַזוי פיל פלייש און וועל שוין ניט אויפעסן אַזוי פיל, וויפל פלייש איך האָב אויפגעגעסן א יי ן י אָ ר אין פּאַרטיזאַנקע. קיין „פרידזשידערס״ אין וואַלד האָבן מיר דאָך ניט געהאַט, פלעגן מיר אַ געקוילעטע בהמה זומער־צייט קענען עסן 2 טעג, 3 טעג, דערנאָך פלעגט מען דאָס איבעריקע פלייש אַרויסוואַרפן, אָדער אין אַ באַקוועמער צייט, ברענגען צו די יידישע לאַגערן, וועגן וועלכע איך וועל נאָך באַלד דערציילן.

אונדזערע ערד־שטיבלעך האָבן באַקומען אינעווייניק גאָר אַן אַנדער אויסזען. אין האַרבסט־צייט פלעגן מיר ברענגען ציגל פון די פאַרברענטע דערפער און מאַכן זיך אייוועלעך און אַזוי איז געווען אַפילו אין די גרעסטע פרעסט ביי אונדז אַזוי הייס, אַז מיר פלעגן די טירן אַזש עפענען.

אינעווייניק אין די שטיבלעך פלעגן שוין אָפט אָנשטאָט די צווייגן אויף די נאַרעס ליגן סעניקעס מיט שטרוי, קישעלעך מיט היי, אויף די ווענט, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פון אָפּגעזעגטעביימער, זענען געהאָנגען אַפילו בילדער, טעפּיכער, ניט זעלטן ביי אַ קאָמאַנדיר, האָט זיך אַפילו אַ ראַדיאָ געפונען.

ס׳איז שוין געוואָרן גאָר אַן אַנדער לעבן.

איינגעבירגערט האָבן זיך אויך די אַלטע, קראַנקע יידן, די עלטערע פרויען, די קינדער זייערע. זיי האָבן זיך אויסגעבויט (מיר האָבן זיי אָפט צוגעהאָלפן) אין דער נאָענט פון די אָטריאַדן וווּ ס׳זענען געווען יידישע פּאַרטיזאַנער, — שטיבלעך פאַר זיך, וואָס מען פלעגט רופן: יידישע לאַגערן אין דער פּאַרטיזאַנישער זאָנע.

צוריקפאָרנדיק מיט שפּייז פאַר די אָטריאַדן פלעגן די יידישע פּאַרטיזאַנער אונטערוועגנס אַראָפּוואַרפן צו די יידן אין די לאַגערן, ווו אַ זעקל מעל, וועמען אַ שעפּסל, אַ ביסל גרויפּן אאז״וו. די יידן האָבן אויך געבויט אין אַנדערע שטיבלעך גרעסערע אויוונס און פלעגן באַקן ברויט פאַר די פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיי געבראַכט ניי־מאַשינען און זיי פלעגן פאַרריכטן קליידער, שיך. די יידן־לאַגערן אין דער פּאַרטיזאַנישער זאָנע זענען אַזוי אַרום שטאַרק צונוץ געקומען מיט זייער זיין אין וואַלד די קעמפער.

און אַז ס׳איז דאָ אַ דאַך איבערן קאָפּ און עסן איז אויך ניט צו פאַרזינדיקן פאַראַן, — פאַרוואָס זאָל מען ניט מאַכן קיין מרחץ? האָט מען ווידער אָנגעזעגט אַ וואָסערע הונדערט ביימער, די צווייגן אַראָפּגענומען פון זיי און אָן א יי ן נאָגל אַפילו איז אויסגעבויט געוואָרן אַ בעדל מיט אַ פּאָדער־הייזקע. אַפילו אַ פּ אָ ל געמאַכט אינעווייניק. ביים זייט פון בעדל

אויסגעגראָבן אַ ברונעם, געבראַכט צופירן פון אַ פויער אַ קעסל אויף אויפ־צוקאָכן וואַסער, שטיינער אָנגעבראַכט און זיי אָנגעברענט כדי צו גיסן אויף זיי דאָס וואַסער, עס זאָל גיין אַ פּאַרע און... מען האָט זיך געכוואַשטשעט — ווי אין די אַלטע גוטע צייטן — מיט די פרישינקע בעזימלעך, אונטער־זינגענדיק אָפּט אַ יום־טובדיקן ניגון, און מען האָט שטאַרק, שטאַרק הנאה געהאַט פון דער באָד, און פאַר איין וועגס האָט מען שוין אויך אויסגעוואַשן אַ שטיקל וועש, אַ פּוס־טיכל און אויך, פאַרשטייט זיך, אויסגעפּרודיעט די זאַכן, אַז די לייז זאָלן פאַרשרפהט ווערן...

נאַטירלעך איז אויך אויסגעבויט געוואָרן אין יעדן אָטריאַד אַ באַזונ־דער שטיבל פאַר אַ שפּיטאָל. מיר האָבן געהאַט דאָקטוירים, קראַנקן־שוועס־טער און אונדזער ווילנער דאָקטער פּייסאַכאָוויטש, געדענק איך, האָט דאָ דורכגעפירט גאָר, גאָר שווערע אָפּעראַציעס, ניט האָבנדיק אָפּט צו דעם די עלעמענטאַרסטע היגיענישע באַדינגונגען. אגב אַ מאָדנע זאַך איז מיט דער היגיענע: דוכט מיר אין אַ נאָרמאַלער צייט, ווען מיר וואָלטן אויסגעטרונקען אַזוי פיל וואַסער פון בלאָטעס וויפל מ י ר אין די וועלדער, ווען מיר וואָלטן א י צ ט געשלאָפן אַזוי ווי מ י ר גייענדיק צו אונדזערע אויפ־גאַבעס אָדער אין דער צייט פון אַ דייטשער אָבלאַווע — אין וואַסערן, אין בלאָטעס, זומפּן און אין שנייען — וואָלט דאָך פון אונדז אַ תל געוואָרן, אָבער דאַן... — קיין עין־הרע ניט, איר זעט דאָך, חשובע פריינד, איך האָב געטרונקען בלאָטיק וואַסער, געשלאָפן אויף שניי און הלוואי ווייטער... איך פיל זיך גאַנץ גוט. אַן אינטערעסאַנטן פּרט ווילט זיך דאָ צו דעם צוגעבן: ווען די דייטשן זענען איין מאָל אונדזער וואַלד באַפאַלן, האָבן זיך אין אונ־דזער וואַלד־שפּיטאָל געפונען 2 קראַנקע פרויען אויף טיפוס. זיי האָבן גע־האַט איבער 40 גראַד היץ. האָט איר אָבער געדאַרפט זען, ווי די קראַנקע אַלטיטשקע 60־יעריקע קאַצענבויגן מיט דער אַנדערער איז געלאָפן צוזאַמען מיט אונדז דורך די בלאָטעס — איך זאָג אייך, אַז יונגע האָבן איר ניט גע־קענט נאָכהאַלטן.

און אַז איך האַלט שוין ביים פּאַרטיזאַנישן לעבנסשטייגער, פאַרוואָס ניט דערמאָנען אויך דאָס קאַפּיטל ל י ב ע א י ן ד י װ ע ל ד ע ר?... ווייניק פרויען זענען געווען אין די וועלדער. צווישן די ווייניקע זענען אָבער געווען אַ סך העלדישע. טייל פרויען האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט קיך־אַר־בעט, ביים שפּיטאָל אַאַז״וו. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך אין די וועל־דער געליבט, מען האָט זיך פאַרליבט, עס זענען ניט ווייניק טראַגעדיעס אויף דעם געביט געשען וואָס האָבן זיך ניט זעלטן געענדיקט מיט טויט צי מיט זעלבסטמאָרד אַפילו. די פרוי אין פּאַרטיזאַנקע האָט געהאַט אויסצו־שטיין זייער פיל שוועריקייטן אין דער כסדרדיקער אַרומרינגלונג פון די פולבלוטיקע יונגעלייט, וועלכע פלעגן אָנווענדן אַלע מיטלען כדי צו געוויגען אויפמערקזאַמקייט ביי דעם שיינעם מין. גענוג פאַלן האָבן געטראָפן ווען

פאַרליבטע זענען פון די וועלדער נאָך דער באַפרייאונג אַרויס מיט קינדער־לעך אויף די הענט...

ס׳איז כדאַי אויך צו דערמאָנען די ש י כ ר ו ת ־ פּלאָג וואָס האָט אונדז געגנוג צרות אָנגעטאָן און ניט ווייניק קרבנות געבראַכט. איך קען ניט פאַרגעסן ווי דער קעמפער חיים מעלצער (זיינע שוועסטער, געווען דאָן אויך אין וואַלד, האָב איך ניט לאַנג געטראָפן אין באָסטאָן) איז דערשאָסן גע־וואָרן פון אַ שיכורן ליטווישן פאַרטיזאַן און ווי די טייערע באַסקעלע, אַ שלאָפנדיקע, איז שוין מער ניט אויפגעשטאַנען צוליב אַ ט ו י ט ־ קויל פון אַ שיכורן אוקראַיִנישן פאַרטיזאַן און ווי צענדליקער, צענדליקער אַנ־דערע יונגע לעבנס האָט דער טויט צוליב דעם בראָנפן צוגענומען פון דער וועלט... צווישן יידן זענען כמעט ווי קיין שיכורים ניט געווען. גענומען אַ קאַפּעטשקע און שוין. גענוג.

אָט האָט איר אַ בילדל דאַטירט פון 12־טן יוני 1944 פון מיין פאַרטי־זאַנער טאָגבוך: מיר זענען גייענדיק טיפער צו ליטע צו, דורכגעגאַנגען דעם דאָרף ו ו י ג א ר י און די קאָמאַנדיר־פירונג האָט אַליין ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון אַריינצוגיין אין אַ פויערישער כאַטע ווו ס׳איז פאָרגע־קומען אַ שמחה. „אַ לאַנגער, ברייטלעכער טיש מיט פאַרשידענע מאכלים. פלייש און פוטער, פּעטשאַ און קעז, ברויט־קוואַס — און ס אַ מ אָ ג אָ נ־ ק ע פאַרשטייט זיך, מער פון אַלץ. ס׳איז היינט אַ חוץ זונטיק נאָך אַ באַ־זונדערער יום־טוב. ביי יונגע פאָרפאָלק, די באַלעבאַטים פון שטוב, איז גע־בוירן געוואָרן אַן ערשטלינג. ניט מען זינגט נאָר מען שרייט אויף די העכסטע קולות. אַלע זענען שוין באַטרונקענע. די בעזער אַזוי ווי מען וואָלט פון פייער אַרויסגענומען. רויט און אָנגעשוואָלן. די אויגן אין אַ טומאַנעם געוועב קוקן פאַרחלומט און קרום. ניט מען טאַנצט אונטער דעם כריפּ פון דער צעיושע־טער גאַרמאָשקע, נאָר מען שאָקלט זיך און מען רייבט זיך אין די ענגע ווענט... מען טרינקט, מען זויפט, מען זשלאָקעט... אַלץ וויגט זיך... די פאַרטיזאַנער אויך... אַ נס, אַ נס וואָס דער שונא שטייט ווייטלעך פון דאַנען. מען וואָלט אונדז דאָך אַזוי געקענט איצט אויסקוילענען אָן איין שאָס אַפילו.“

און ס׳איז געקומען אויך דערצו. ווי געזאָגט האָבן די דייטשן מורא גע־האָט פאַר א ו נ ד ז. מיר, פאַרטיזאַנער, זענען דאָך געקומען אין די וועלדער ניט כדי איבערצולעבן, נאָר כדי צו קעמפן, נקמה נעמען. אָן קאַמף וואָלטן מיר דאָך אויך ווי אין געטאָ, אין וו אַ ל ד פאַרניכטעט געוואָרן.

דער גרעסטער טייל פון אונדז — די צום געווער טויגיקע יידן, האָבן קיין געווער ניט געהאַט, און אָן געווער איז מען געווען אין וואַלד אויסגע־שטעלט אויף כלערליי סכנות פון די פויערים ביים באַקומען פון זיי שפּייז, סיי אויף די וועגן און... אַפילו פון אייגענע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן גע־קוקט אויף די אָן־געווערקע פון אויבן אַראָפּ. דאָס געווער איז געווען און־דזער גרעסטער פריינד אין וואַלד. אַ פריינד אויך אין פאַל, ווען דייטשן

רינגלען אַרום און מען קען דאָן אין קאַמף, די לעצטע קויל לאָזן פאַר זיך...
ס'איז ניט קיין קליינער גליק דאָן צו קענען זיך אַליין דאָס לעבן נעמען, כדי ניט אַריינצופאַלן קיין לעבעדיקער צום שונא. ס'איז דעריבער פאַרשטענד־לעך, וואָס יעדע געווער־שטיק וואָס אַ פּאַרטיזאַן האָט זיך איינגעשאַפן איז פול' מיט די דראַמאַטישסטע פּאַסירונגען.

אונדזער קאַמף קעגן שונא האָבן מיר צוערשט אָנגעהויבן קעגן די אַרו־מיקע פּויערים, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די שחיטות אויף די יידן אין די אַרומיקע שטעטלעך. ס'איז אונדז ניט גאָר שווער אָנגעקומען דאָס כאַפּן זיי. אַ טייל יידן האָבן געוווסט וו ע ר און וו ו עס זענען די מערדער פון זייערע משפחות. אין אַנדערע פאַלן פלעגט עדות זאָגן דאָס יידישע מעבל, צירונג און קליידער, וואָס מיר פלעגן געפינען ביי די פּויערים קומענדיק צו זיי נאָך שפּייז. אָפט פלעגן אונדז אַנדערע פּויערים אַפילו דער־ציילן וועגן זייערע שכנים, באַקאַנטע מערדער. די נקמה פון יידישע פּאַרטי־זאַנער איז געווען: — אַרויסגיין פון שטוב, אָפט אַפילו מיט אַ „גוטע נאַכט", און אונטערצינדן דעם פּויער־רוצחס הויז מיט אַלע אין איינעם.

דער ווילייקער 18־יעריקער איצקע אַלפּעראָוויטש האָט, נאָך אַ צייט טשאַטעווען, געפּאַקט דעם מערדער פון זיין מוטער. ער האָט אים געבראַכט צו אונדז אין אָטריאַד שוין אַ צעמזיקטן און נאָכן באַקומען די דערלויבעניש פון קאָמאַנדיר צו טאָן מיטן רוצח וו אָ ס אַלפּעראָוויטש וויל, האָט דער זון נקמה גענומען פאַר זיין מוטער, ער האָט אויסגעפּילט זיין פאַרלאַנג, וואָס איז געווען אויך דער ווילן פון אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער... ס'איז מקוים געוואָרן דער „וסוף מטפיך — יטופון" — ד"ה די וואָס האָבן ד י ך דער־טרונקען, זענען סוף־כל־סוף אַליין דערטרונקען געוואָרן.

— פּאַרטיזאַנער גייען! — איז געוואָרן דער שרעק־פּאַראָל פאַר אַלע רוצחים און פאַרן שונא. און ווער רעדט נאָך, אַז דער פּיינט האָט זיך דער־וווסט, אַז עס גייען יי ד י ש ע פּאַרטיזאַנער!... דאָן פלעגן זיי זיך ווי די מייז אין לעכער צעקריכן. זיי האָבן געוווסט, אַז יידישע פּאַרטיזאַנער זוכן ניט קיין קליידער און ניט קיין בראָנפן... יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן, ווי שוין פריער דערציילט, דאָס אָנגערויבטע האָב־און־גוטס וואָס די פּויערים האָבן זיך מיט יידיש בלוט איינגעשאַפט, אונטערגעצינדן... אָפּגעמעקט פון דער ערד'... אַזוי ווי עס זענען אָפּגעמעקט געוואָרן די משפחות.

גלייכצייטיק האָבן מיר אויך ניט פאַרגעסן און מיט דער צייט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם קאַמף קעגן הויפּט־שונא, וועלכער האָט צו דעם אַלעם גע־בראַכט, קעגן נאַצי.

אַ גרופּע מיט געווער און אָן געווער פלעגט זיך באַהאַלטן צווישן קוס־טעס, הינטער, אָדער א ו י ף דיביימער ביי אַ וועג. און ווי נאָר עס פלעגן פאַרביימאַרשירן אָדער פאַרבייפאָרן אַ קלענערע גרופּע דייטשן אָדער פּאָליציי, פלעגן די פּאַרטיזאַנער זיי פון הינטן באַפאַלן מיט אַ געדיכטער

שיסעריי. אַלע מאָל כמעט פלעגט זיך אַזאַ אויפגאַבע גלענצנד איינגעבן. עט־לעכע באַפאַלענע פלעגן בלייבן ליגן דערהרגעטע, די איבעריקע פלעגן זיך צעלויפן, מיינענדיק, לויט דער געדיכטער שיסעריי, אַז מיר זענען זייער אַ סך. פון די דערהרגעטע פלעגן מיר דאָס געווער צונעמען, די שטיוול אַראָפּ־נעמען, די קליידער אויסטאָן און ז י ך אָנטאָן. פלעגט מען דעריבער אָפט זען אין די וועלדער די פּאַרטיזאַנער אין פאַרשידענע מינים קליידער אָנגע־טאָן, מיט פאַרשידענע מינים געווער.

אויסער דעם פלעגן מיר די וועגן מינירן, אונטערלייגן דינאַמיט אויף די באַן־רעלסן און אויפרייסן עשאַלאָנען מיט מיליטער, מיט אַמוניציע. מיר פלעגן בריקן און פאַבריקן אונטערצינדן אָדער אויפרייסן. מלוכהשע מאַ־יאָנטקעס פלעגן מיר צינדן, כדי דאָס עסנוואַרג זאָל צו זיי ניט אָנקומען, ניט אויפן פראָנט, ניט צו זייערע פאַמיליעס אין דייטשלאַנד.

די דייטשן האָבן שוין מורא געקראָגן צו גיין אָדער פאָרן אין קלענערע גרופּעס צוליב דער אַלץ מער צעוואַקסענער צאָל פּאַרטיזאַנער. איצט פלעגן זיי שוין דאַרפן האָבן אַ גאַנצע אַרמיי, כדי אַרומצוּרינגלען און דורכצונישטערן א יי ן וואַלד, און ש ט ע נ ד י ק פלעגן די פּאַרטיזאַנער, דערוויסנדיק זיך פון דער אייגענער שפּיאָנאַזש, אַז דייטשן האָבן זיך אַרויסגעזעצט אַרום די נאָענטע סטאַנציעס, — אַנטרינען פון דעם וואַלד און נאָך דער בלאָקאַדע צוריקקומען. די דייטשן האָבן זיך ניט געקענט דערלויבן צו מאַכן בלאָקאַ־דעס אויף הונדערטער טויזנטער פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין צענדליקער וועלדער און פאַרנומען גאַנצע ראַיאָנען פון ווייסרוסלאַנד, אוק־ראַאינע, פּוילן, די באַלטישע מלוכות און אַנדערע. די דייטשן האָבן געוואָלט פריער באַזיגן זייערע קעגנער אויף די פראָנטן, „מיט די פּאַרטיזאַנער וועלן מיר זיך שפּעטער אַן עצה פלעגן זיי טראַכטן”. דאָס האָבן די פּאַרטיזאַנער אויסגענוצט.

דער ייד, וועלכער איז שוין געקומען מיט מזל אין וואַלד אַריין, האָט קיינמאָל ניט געהאַט דאָס גליק אַריינגענומען צו ווערן צו די פּאַרטיזאַנער, אַזוי ווי דאָס איז געשען אָן אויסנאַם מיט אַלע ניט־יידן. ס'איז געווען אַ צייט (1943־44), ווען די יידן אין די וועלדער האָבן זיך געקענט אויסלעבן ניט קעמפנדיק, אין די יידן־לאַגערן, וועלכע זענען געווען ווייטלעך פון די אָטריאַדן, זיי האָבן זיך דאָן שוין געקענט אָן איבעריקע שוועריקייטן באַ־זאָרגן מיט שפּייז פון די פּויערים, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די פּאַרטי־זאַנישע זאָנעס, אָבער ס'איז קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן, ווי אַלע יידן אָן אויסנאַם, אַלט און יונג, האָבן אָנגעווענדעט די פאַרשידנסטע מיטלען, כדי אָנגענומען צו ווערן אין אַן אָטריאַד, כדי צו זיין אַ „באָיעוואָי”, אַ קעמפנ־דיקער, כדי ניט צו זיצן סתם אַזוי אין וואַלד. ק ע מ פ ן האָבן די יידן געדאַרפט, כדי מען זאָל זיי לאָזן קעמפן. מען דאַרף ניט פאַרגעסן, ליבע פריינד, אַז אויב די רעגולערע פּאַרטיזאַנער האָבן געכאַפּט יידן, וועלכע

האָבן דורכגעפירט קאַמפּס־אָפּעראַציעס, אָדער געגאַנגען זיך באַזאָרגן מיט שפּייז, ניט לויט די אָנגענומענע פּאַרטיזאַנישע כללים זענען אַזעלכע יידן שטרענג באַשטראָפט געוואָרן, ניט זעלטן אַפילו מיט טויט. אין דער צייט ווען אין עטלעכע פאַלן ביי ניט־יידישע פּאַרטיזאַנער, איז די שטראָף געווען אַ נישטיקע, אָדער ס׳איז בכלל פאַרשוויגן געוואָרן.

איך דערמאָן זיך ווען אין סוף סעפּטעמבער 1943 ווען מיר, אַ גרופּע יידן פון ווילנער געטאָ אַרויסגעריסענע, האָבן זיך דורך טויזנטער געפאַרן דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער אין די נאַראָטשער וועלדער און זענען גליק־לעכע געקומען צום בריגאַדע־קאָמאַנדיר מאַרקאָוו און געזאָגט: „מיר זענען געקומען קעמפן" — האָט מען אונדז אין עטלעכע טעג אַרום צוגענומען די זייגערלעך, פון אַנדערע די שטיוול און די מאַנטלען אַראָפּגענומען, פון אַנ־דערע דאָס געווער צוגענומען. און ווען מיט אַ וואָך שפּעטער זענען 40.000 דייטשן אונדזער וואַלד באַפאַלן, האָבן אונדז די פּאַרטיזאַנער געלאָזן אויף גאָטס, בעסער געזאָגט, אויפן דייטשס באַראָט און אין רעזולטאַט זענען פון 400 לעצט־געבליבענע יידן, וועלכע האָבן זיך דאָן אין יענע וועלדער געפונען, 70 אומגעקומען. און וויפל יידן זענען דערנאָך שוין אין די אָטריאַדן אומגעקומען? פון די אייגענע? ווער קען פאַרגעסן סמאָלענסקין, דעם פּאָלי־טיישן קאָמענדאַנט פון קאָבילניק, וואָס האָט גאָר אַ גרויסן חלק געהאַט אין אויסשעכטן הונדערטער יידן. דער סמאָלענסקי האָט דערנאָך זיך געפונען ביי אונדז אין בריגאַדע און מען האָט אים פריי געלאָזן, ווייל ער האָט אין וואַלד געבראַכט מיט זיך נאָך פּאַרטיזאַנער און געווער.

דאָך האָבן די יידן די אַרויסגעוויזן גוואַלדיקע העלדישקייטן אין פּאַרטי־זאַנקע. לעגענדעס פלעגן דערנאָך אַרומגיין וועגן סווענציאַנער בחור בערל יאָביי, וואָס האָט אויפגעריסן 17 דייטשע עשאַלאָנען, וועגן ווידזער בחור לייבע וואָלאָק, וועגן לערער פון קורעניץ קאָטשער און וועגן הונדערטער אַנדערע.

אין זייער זכות האָבן שוין אויך רואיקער געקענט לעבן ד י יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די לאַגערן.

אַ געוויסע צייט האָב איך צוזאַמען מיט מיין חבר סוצקעווער זיך געפונען אין אַ ספּעציעלער גוטער לאַגע. ס׳איז אָנגעקומען אין סוף 1943 פון מאָסקווע צו די בריגאַדע־קאָמאַנדירן אַ באַפעל, זיי זאָלן אַוועקזעצן מענטשן, וואָס זאָלן שרייבן די געשיכטע פון זייערע אָטריאַדן. און אַזוי ווי מען האָט געהערט, אַז מיר זענען שרייבער, האָט מען אונדז ביידן אַרויסגענומען פון אָטריאַד און אונדז אַריינגענומען אין בריגאַדע־שטאַב, ווו מען האָט אויס־געבויט פאַר אונדז אַ ספּעציעלע שטוב, וואָס איז דערנאָך געוואָרן דער צענ־טער פון אַלע יידישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע פלעגן אַלע טאָג צוזאַמען מיט אַנדערע דאַרפן דורכגיין דעם שטאַב נאָך באַפעלן. אין אונדזער רשות האָט מען אויך געשטעלט אַ פערד און וואָגן מיט אַן אַדיוטאַנט אַפילו, זלמן בר,

ש. קאַטשערגינסקי. פּאָר־
טרעט פון קינסטלער י.
בען. פּאַריז, 1947.







טרעאל — קאַנאַדע, 1953.

טאָראָנטאָ — קאַנאַדע 1953.



ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט פון ש. קאַטשערגינסקי אין אַרגענטינע, בוענאָס איירעס, 1950.

אַ קורעניצער ייִנגל, (געפינט זיך איצט מיט סוצקעווערן אין ישראל). דעם פּערד און וואָגן האָבן מיר געדאַרפט האָבן, כדי צו פֿאָרן איבער די אָטריאַדן און זאַמלען מאַטעריאַל צו זייער געשיכטע. נו, פֿאַרשטייט זיך „וואָס מיר זענען, זענען מיר, אָבער יידן זענען מיר", פֿלעגן מיר „פֿאַרביי" אַריינפֿאָרן אויף אַ טאָג אָדער מער אין אַ יידישן לאַגער. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר פֿלעגן ניט קומען מיט ליידיקן און ס'איז געווען אַ פֿאַרגעניגן, ווען אין איינעם פֿון די גרעסערע שטיבלעך פֿלעגן זיך צוזאַמענקומען אין אַ ווינטערדיקן אָוונט, אָדער אין אַ זומער אונטערן פֿרייען הימל, יידן פֿון די דערבייאיקע ערד־שטיבלעך און מען האָט צוזאַמען פֿאַרבראַכט. פֿלעגן מיר אָנטרעפֿן אויף אַ שבת, פֿלעגן מיר אַפֿילו אַריינכאַפּן אַ טשאָלנט, און דעם לעצטן פּסח, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן, האָט מען אַפֿילו אין די זעמלאַנקעס גע־באַקן מצות. זיי זענען ניט געווען פֿון דער זעלבער קוואַליטעט... ווי מאַני־שעוויטשעס, אָבער אַן אָנדייט פֿון דעם איז געווען. אין מיין נסיעה איצט איבער אַמעריקאַנער שטעט, האָב איך אין ניו־הייווען און אין באָסטאָן, גע־טראָפֿן עטלעכע פֿון די דאָזיקע יידן פֿון די וועלדער — דאָס פֿאָרפֿאָלק פֿריד־מאַן און זייער זון, מאַן און פֿרוי סאָסענסקי, די שוועסטער מעלצער פֿון סוויר — אויך זיי האָבן דאָס מיך איצט דערמאָנט, אויך זיי קענען ניט פֿאַרגעסן, ווי דער אַלטער קורעניצער ר' אהרן האָט חדשים נאָכאַנאַנד גע־קליבן צו ביסלעך מעל אין אַ זעקל, עס זאָלן זיין מצות אויף פּסח.

פֿלעגן מיר אַרומפֿאָרן פֿון איין לאַגער אין אַנדערן, לייענען פֿאַר זיי, זינגען מיט זיי, נייע זאַכן פֿאַר זיי געשריבן, געזאַמלט ביי זיי מאַטעריאַל און געחלומט פֿון בעסערע צייטן. סאָסענסקי האָט מיר אין ניו־הייוון דער־מאָנט: — איר געדענקט, ח' קאַטשערגינסקי, ווען איך האָב אייך מיט סוצ־קעווערן באַגעגנט, פֿאָרנדיק צו אונדז אין די זעמלאַנקעס, און איך האָב אי־בערגענומען פֿון אייך די לייצעס, כדי ביים אַראָפּפֿאָרן באַרג אַראָפּ זאָל זיך דאָס פּערד ניט צעשפּרוזשעווען און ווי דאָס פּערד איז אויך ביי מ י ר אַרויפֿגעפֿאָרן אויף אַ בוים און צעבראָכן די האָלאָבלעס מיט דער דוהע?

— אַ פֿראַגע צי איך געדענק. און ווי אין כעס איך און סוצקעווער זע־נען דאַן געווען אויף דעם יידן.

וועגן אַלץ האָבן מיר דאַן געקענט טראַכטן, אָבער ניט פֿון דעם, אַז אין פֿינף יאָר אַרום וועל איך זיך טרעפֿן מיט דעם יידן אין ניו־הייווען.

איז געקומען אַ יום־טוב, האָט מען זיך אין שטיבלעך צו אַ מנין אויפֿ־געקליבן, די שטיבלעך האָבן עפּעס דאַן יום־טובדיקער אויסגעזען. אויסגע־צירטע, וואַרעמע, די ערד־פּאָדלאָגע מיט זאַמד באַשאָטן. אין אייוועלע האָט זיך געבראָטן אַ מאָל אַ קוואַשינקע — איך קען אייך זאָגן. אַז ניט איין מאָל זאָגן מיר זיך אויך איצט: — ווי גוט איז אונדז דאַן געווען.

און ערב דער וואַלד־גאולה האָבן מיר זיך גאָר געפֿרייט וואָס ביי דעם סווירער פֿאָרפֿאָלק יאַפּע איז געבוירן געוואָרן אַ זונעלע, וואָס די עלטערן

האָדעוועץ אים אויך איצט, און רופן אים ווי מיר האָבן דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן דאַן אין וואַלד: „גואל" — דערלייזער.

יידן אין די וועלדער — דאָס איז איינער פון די אינטערעסאַנטסטע און באַלערעוודיקסטע קאַפּיטלען אין ספר־הגבורה וואָס דאַרף נאָך לכבוד זיי גע־שריבן ווערן. איך האָב ניט די צייט צו דערציילן אייך כאָטש נאָך עטלעכע ביישפּילן פון דער גרויסער גבורה וואָס יידן פון די וועלדער האָבן אַרויסגע־וויזן קעגן נאַצי און ווי אַזוי יידן האָבן טיילווייז באַצאָלט די מערדער און זייערע העלפער פאַר זייער בלוטיקער אַרבעט.

דאַן, אין יענע באַצאָלונגס־טעג פלעגט זיך מיר שטענדיק דערמאָנען די אַלטע יידישע לעגענדע וועגן ספר און שווערד. און די לעגענדע דערציילט: ווען דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן דעם ערשטן ייד אויף דער וועלט האָט ער אים מיטגעגעבן אין וועג אַריין אין איין האַנט אַ ספר און אין דער צווייטער — אַ שווערד. און גייענדיק אין וועג, האָט דער ייד זיך אַזוי אַדיינגעטאָן אין ספר. אַז ער האָט גאָרניט געפילט ווי די שווערד האָט זיך ביי אים אַרויסגעגליטשט און פאַרלוירן געגאַנגען. פון דאַן אָן, דערציילט די לעגענדע, זענען מיר געוואָרן דער עם־הספר. דאָס פאָלק פון בוך. די וועלט־געשיכטע האָט זיך אָבער פון ספר אויסגעלאַכט, די שווערד האָט אָנגעהויבן קיניגן איבערן מענטש, איבער דער וועלט, איבער דער גערעכטיקייט. הונ־דערטער יאָרן האָבן יידן אין זייער פאַרטריבנקייט געזוכט די פאַרלוירענע שווערד, געזוכט — און געפונען האָבן זי ערשט אָט די מאָדערנע מכביים, די יידישע פאַרטיזאַנער אין היטלערלאַנד פון שונא, די יידישע סאָלדאַטן אויף אַלע פראָנטן אין דער גאַנצער וועלט, די קעמפער אין די געטאָס, די געפאַנגענע אין די לאַגערן, די מעפּילים, וועלכע האָבן שווערע גרענעץ־בלאָקאַדעס געבראָכן, די נייע יידישע אַרמיי אין ישראל. אמת, מיר זאָגן זיך אויך ווייטער ניט אָפּ פון גרויסן ערן־טיטל „עם־הספר", ניין. מיט כבוד ווילן מיר אויך ווייטער דעם נאָמען טראָגן, אָבער די שווערד, וואָס מיר האָבן מיט אַזוי פיל מאַטערניש, מיט אַזוי פיל פּיין, גרויל און בלוט ענדלעך אָפּגעפונען, וועלן מיר שוין צוזאַמען מיטן ספר — פון די הענט ניט אַרויסלאָזן.

# וועגן גבורה און קדושה

איך וויל היינט פאַר אייך אַרויסהייבן געוויסע פּראָבלעמען וואָס האָבן אַ שייכות צו אַזעלכע וויכטיקע דערשיינונגען אין מענטשלעכן און בפרט אין אונדזער יידיש לעבן — ווי עס איז גבורה און קדושה.

איך וויל די פּראָבלעמען פאַר אייך ברענגען, אָבער ניט לייזן... איר וועט זיך אפשר אַליין אַן עצה געבן מיט דעם חשובע פריינד'... און איך ווייס זייער גוט, אַז דאָס איז ניט גאָר פון די לייכטע זאַכן.

איך וועל זיכער ניט בלאָנדזשען, אויב איך וועל אָננעמען, אַז אויך פאַר אייך איז קלאָר, אַז די צוויי באַצייכענונגען גבורה און קדושה זענען אויך צוויי באַזונדערע באַגריפן, כאָטש די דאָזיקע ווערטער ווערן אָפט אַרויסגערעדט ביי אונדז בנשימה אחת און אין שריפט זעען מיר זיי גאָר אָפט בשכנות...

גבורה און קדושה...

ווער' איז אַ גיבור?

אויב מיר ווילן אויף דעם געפינען אַן ענטפער ביי די חז"ל, האָבן מיר אים אין דעם באַקאַנטן קורצן מאמר: „איזהו גיבור הכובש את יצרו". ס'הייסט: ניט דער וואָס קען יענעם גובר זיין אין אַ פיזישן געראַנגל און אים מאַכן פאַר זיין שקלאַף, אָדער גאָר אומברענגען... ניין, ניט דער איז אַ העלד. אַ העלד איז יענער וואָס קען זיך אַליין בייקומען, דער־שטיקן אין זיך דאָס היהשע, די נידעריקע תאוות...

אַוודאי זענען אונדזערע חכמים גערעכט מיט אָט דער דעפי־ניציע, אָבער אויב אַזוי פרעגט זיך, פאַרוואָס רופט אַן דאָס פאָלק אַזאַ איינעם וואָס האָט אומגעבראַכט הונדערטער מענטשן מיט דעם נאָמען גיבור?... די מסורה גיט איבער, אַז שמשון איז געווען ניט פון די באַרימטסטע שופטים ביי יידן, אָבער עס איז גענוג געווען, אַז ער זאָל צוליב אַן אייפערזוכט־סצענע מאַכן אַ תל „פון אַ סטויג ביז שטייעדיקער תבואה און ביז אַן איילבערטגאָרטן", אָדער צערייסן אַ לייב, כדי מען זאָל אים אָנרופן גיבור...

און ווער איז אַ קדוש?

אויף דעם ענטפערט אונדז דער רמב"ם בזה הלשון אין זיין „איגרת תימן": „אויב אַ ייד איז אומגעבראַכט געוואָרן, נאָר דערפאַר ווייל

ער איז אַ ייד און ווען ער וואָלט קיין ייד ניט געווען, וואָלט ער געבליבן לעבן, מיינט עס, אַז ער איז אומגעקומען על קידוש השם"... איז אויבנאויפיק די דעפיניציע, דוכט זיך, אַ ריכטיקע, אָבער אָט קומען אויפן געדאַנק די פאַרשידענע פאַרעטער פון יידישן פאָלק ביז די לעצטע קאַפּאָס און טייל יידנראַטלער וועלכע זענען אויך אומגעקומען ווייל זיי זענען געווען יידן — זענען זיי אויך אומגעקומען על קידוש השם? — — —

נ אָ ך אַ שאלה: צי איז י ע ד ע ר גיבור א ו י ך אַ קדוש?... צווערשט קומט אויס, אַז עס איז גאָר קיין שאלה ניט... אַוודאי אַ קדוש, אָבער פּרווט זיך נאָר אַריינטראַכטן טיפער אין עניין, און איר וועט זיך כאַפּן, אַז די שאלה איז גאָר ניט אַזאַ נאַאיווע.

איך געהער ניט צו ד י וועלכע פאַלן תמיד כורעים פאַר דעם ווילן פון פאָלק און אפילו ניט תמיד פאַר זיין שאַפונג. אין שפּיגל פון דער הייבטיקער צייט קענען מיר אויך גוט זען ווי אַזוי פעלקער זענען „באַאַרבעט" געוואָרן אויך אין די אַלטע צייטן. קוקט זיך גוט אַריין, ווי אַזוי פעלקער און אַפילו אויך אונדזער יידיש פאָלק, קוקט אויף זייערע העלדן און וו ע ר עס איז ביי זיי אַ העלד, וועט איר פאַרשטיין, אַז אַ סך, אַ סך לעגענדעס וועלכע וועבן זיך אין די געדעכעניש פון פעלקער וועגן זייערע גיבורים, זענען אַנטיפאָלקישע...

אַ גיבור, אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע, זעט אויס כמעט שטענדיק — הויך, ברייט, מוסקלדיק — אַזוי „ווי שמשון הגיבור" (אגב אַזוי קענען מיר אויך שמשונען פון די פאַרשידענע בילדער), אָדער ווי עוג מלך הבשן צי גלית...

ניט יעדער פון די פאַרטיזאַנערס איז געווען אַ גיבור און אַוודאי ניט קיין קדוש. אָבער ביי מיינע קאָנפערענצן און באַקאַנטשאַפטן נאָך דער מלחמה האָב איך זיך תמיד אָנגעטראָפן אויף אַן אַנדער מיינונג פון אונדזער געזעלשאַפט. ביי אַלעמען אין דמיון האָט אַ פאַרטיזאַן געמוזט אויסזען ריזיק־הויך און שטאַרק, און צוליב ד ע ם איז מיר אויסגעקומען צו אַנטוישן ניט איין מאָל מיינע צוהערערס און ניי־באַקאַנטע פריינד. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז אונדזער טייערער קעניג דוד איז א ו י ך ניט געווען קיין ריז און ר י ז י ק ע נצחונות האָט אויך געקענט אָפּהאַלטן דער נידעריטשקער אונטעראָפיציר נאַפּאָלעאָן...

אַזוי ווי איך וועל אייך שפּעטער לייענען אַ פּאָר פּאָר קאַפּיטלען פון מיין בוך „איך בין געווען אַ פאַרטיזאַן", וווּ איך וועל אַרויסברענגען די העכסטע פאָרעם פון קדושה און גבורה אין אונדזער צייט, פאַרבינדנדיק זי מיט דעם הויפּט־העלד איציק וויטנבערג, ווייל איך טאַקע ברענגען אַ ביישפּיל ווי אַזוי די פאָלקס־פאַנטאַזיע נאַרט אָפּט אָפּ. דער פאַקט איז טאַקע געשען מיט מיר אַליין:

ווי באַקאַנט איז אין ווילנער געטאָ געווען אַ „פּאַרייניקטע פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע". די אָרגאַניזאַציע איז געווען שטאַרק קאָנספּירירט און קליינער, אַ פּ י ל ו פון די קעמפערס, האָבן ניט געהאַט קיין אַנונג פון די איבעריקע קעמפערס אויסער די 5־4 מיטגלידער פון זיין גרופּע.

מיר האָבן געוווּסט, אַז מיט דער אָרגאַניזאַציע פירט אָן אַ שטאַב אונטער דער אָנפירונג פון אַ קאָמאַנדיר וואָס גיט אונדז אַרויס באַפעלן אונטערגעשריבן — ל ע אָ. וו ע ר איז אָבער דער לעאָ — דאָס האָט נ אָ ר די פאַנטאַזיע אונדזערע געקענט זיך אויסמאָלן. איך, ווי אַנדערע, זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ ספּעציעל געשולטער מיליטערמאַן, אַ געשיקטער פון מאָסקווע... און שטעלט זיך פאָר, חשובע פריינד, מיין איבערראַשונג, ווען איך בין איינמאָל גערופן געוואָרן צוליב אַ וויכטיקן ענין צום קאָמאַנדיר, און איך האָב אין דעם שטאַב־צימער דערזען מיין חבר וועלכן איך האָב יאָרנלאַנג געקענט און אין געטאָ כסדר זיך געטראָפן — איציק וויטנבערג... וויטנבערג — ל ע א ? ... איך האָב זיך אָבער גיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ניט צו פאַנטאַזירן בין איך דאָ גערופן געוואָרן און האָב גיך אַ קלאַפּ געטאָן די פיס אויף אכטונג און ראַפּאָרטירט:

— חבר קאָמאַנדיר, דער קעמפער קאַטשערגינסקי איז געקומען צו אייך אויפנעמען און אויספירן באַפעלן!

. . . פרעגט זיך, פאַרוואָס גייט אונדזער פאַנטאַזיע נאָר אין דער ריכטונג ווען מען וויל זיך אויסמאָלן דעם אויסזען פון אַ העלד?... דערפאַר ווייל פיזישע קראַפט און געשיקטקייט ליגן אין סאַמע יסוד פון העלדן־קולט ניט בלויז ביי די אַמאָליקע, נאָר אויך ביי דעם גרעסטן טייל פון די היינטיקע פעלקער. דאָס פעלן פון יעדן מאָראַלישן סימן שטערן ניט צו זיין גרויסע העלדן די געשילדערטע טיפן אין האָמערס פּאָעמעס. זיי זענען פיזיש שטאַרק און בריהדיק — און דאָס איז שוין גענוג אויף צו זיין אַ גיבור אַפילו ווען מען איז דורך און דורך פול מיט אכזריות, פאַראַט, ליגנס און שווינדל... טרעפט מען ניט אַזעלכע „גיבורים" אויך אין אונדזער היינטיקער צייט?... אַזעלכע גיבורים ווערן אויך ניט דעטראָניזירט אַפילו ווען עס קומען אויף אין 5טן יאָרהונדערט פאַר אונדזער צייט־רעכענונג און שפּעטער נ יי ע לעגענדעס, אַ נ ד ע ר ע — וועגן העלדן וואָס זענען דיכטער, פילאָזאָפן, געלערנטע ווי סאָפאָקלעס, פּלאַטאָן און נאָך אַנדערע.

זייט זיך מודה: ניט איינמאָל טרעפט, אַז איר באַקומט דרך־ארץ פאַר אַזאַ איינעם וואָס פאַרפאָרט אַ צווייטן אין מאָרדע אַריין פאַר באַליידיקונג און איר קוקט מיט ביטול אויף דעם געשלאָגענעם וואָס ענטפערט ניט מיט דעם זעלביקן, נאָר גייט גאָר אין געריכט...

דער ה יי נ ט י ק ע ר גיבור האָט זיך נאָר געמוזט צופּאַסן צו דער נייער צייט, צו נייע מעטאָדן, דער היינטיקער גיבור מוז אַזש אויך זיין אַ

געלערנטער אויף זיין געביט און די קונסט פון פירן קריג, פון אויסהרגע־נען וואָס מער מענטשן איז אַפילו געוואָרן אַ וויכטיקער צווייג פון דער היינטיקער ציוויליזאַציע און וויסנשאַפט...

און ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זיין — פאַרשילטנדיק אָט די ברוטאַלי־קייט פון אַרמיי־אָנפירערס פון רציחה און פאַרניכטונג האָט אונדז דאָס לעבן געבראַכט דערצו, אַז מיר ב ע נ ט ש ן זיי אַפילו... מיר בענטשן זיי פאַרן אויסהרגענען אַ נ ד ע ר ע , מיר בענטשן זיי פאַר זייער טויט און חורבן אַנדערשוווּ... נאָר זיי זענען גיבורים — אָבער ניט קיין קדושים. נאָר אין זעלטענע פאַלן בלייבן זיי ווי אַזעלכע... אַ ג י ב ו ר קען מען אין דער מלחמה־צייט אויך ווערן גאָר צופעליק, אָפט ניט ווע־לנדיק און ניט פאַרמאָגנדיק די מינדסטע כוונות אָדער צוגעגרייטקייט...

איך האָב געקענט אַ פאַרטיזאַן פון וועלכן מען האָט כסדר געחוזקט אין זיין אָפּטיילונג. אַ שלימזל. מיטאַמאָל איז ער דערקלערט געוואָרן פאַר אַ „העלד פון ראַטנפאַרבאַנד". און די סיבה איז גאָר אַ פשוטע. שטייענדיק אויף וואַך האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ סעריע קוילן פון זיין פּולעמיאָט אין אַ נידעריק פליענדיקן אַעראָפּלאַן פון שונא, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אין דעם פאַרטיזאַנישן געביט, אַזעלכע צופאַלן קענען סאָל־דאַטן און פאַרטיזאַנער זייער אַ סך.

די לעגענדעס טיילט אָפטמאָל אויס פעלקער אין באַזונדערע קאַטע־גאָריעס. עס איז אָנגענומען למשל, אַז צו די קריגס־פירנדיקע פעלקער געהערן די דייטשן, די רוסן, די פּאָלאַקן... און צו וועלכע קאַטעגאָריעס געהערן די יידן?, פרעגט זיך אַליין און איר וועט דערהערן אייער ענטפער, אַז אָן אַ שיעור לעגענדעס וועגן יידישער פחדנות, זענען צום גרעסטן טייל אַ פּראָדוקט פון יידישע מחברים...

וואָלטן מיר צו ווייט אַוועק כדי צו דערווייזן ווי ווייט שלעכט מיר זענען צו זיך אַליין, כאָטש מען קען דעם אמת גלייך דערפילן ווען מען גיט אַ טראַכט: — ווי גיבורדיק אונדזער פאָלק איז!... טויזנטער יאָרן צע־שפּרייט אין אַלע ערד־ווינקלען און אומעטום כסדרדיקע רדיפות, רציחות און... „איך הויב זיך אויף ווידער און שפּאַן אַוועק ווייטער"... וועלכעס פאָלק אויף דער וועלט פאַרמאָגט נאָך אַזאַ ריזיקן רעזערוואַר פון גבורה... פון גבורה און פון — קדושה צוזאַמען. נ אָ ר מיט העלדיש־קייט וואָלטן מיר ניט אויסגעהאַלטן.

ישראל עפּרויקין אין זיינע אַרבעטן אויף דער טעמע שרייבט: „אמתע פחדנות האָט זיך צו יידן באַוויזן ערשט דעמאָלט, ווען דאָס וואָרט ה ע ל ד י ש ק יי ט איז אַריינגענומען געוואָרן אין אונדזער וואָקאַבוליאַר און זיך דאָרט איינגעבירגערט. אין ד ע ר צייט איז טאַקע אויפגעקומען דער יידישער פחדן, וואָס האָט זיך געשעמט פאַר גוים צו ריידן ניט דעם אייגענעם, נאָר דעם פרעמדן לשון, צו טראָגן ניט די אייגענע, נאָר פרעמ־

דע קליידונג, צו עסן ניט די אייגענע נאָר פרעמדע מאַכלים״... און מיר וואָלטן אונטערגעגאַנגען ווען עס וואָלט ניט געבליבן אַ שארית פון יענע פעסט־דעמביקע יידן וועלכע האָבן זייער עקשנות אין גייסטיקן שטאָל פאַרוואנדלט און עס איבערגעגעבן פון דור צו דור אין פאַרשיידענע פאָרמען.

אָט ברענג איך אייך צו איינציקע ביישפּילן וואָס וועלן אילוסטרירן פאַר אייך וואָס עס איז אַזוינס גבורה און קדושה און אַז קדושים קענען זיין אויך גיבורים אָבער נ י ט פאַרקערט:

אין ווילנע האָב איך געקענט אַ ייד, אַ גבר, מיטן נאָמען שלמהקע דווארעצקי. אויפן מכבי־פּלאַץ פלעגט ער דעמאָנסטרירן זיין כוח. אויטאָ־מאָבילן פלעגן איבער אים איבערפאָרן, אייזנס פלעגט ער בויגן, יאַגנדיקע פערד און וואָגן איינהאַלטן... אַ קלייניקייט — דווארעצקי... וואָלט איר דאָך געקענט מיינען, אַז דער דאָזיקער גבר איז זיכער געווען פון די ערשטע זיך קעגנצושטעלן די נאַציס אין זייער טעראָר... האָט מען ניט געזען קיין צוזאמענגעבראָכענערן מענטשן אין לעבן, דערציילן יידן וועלכע האָבן גע־זען דווארעצקין אין זיין לעצטן וועג — ווי אָט דער גבר איז ניט געווען צו דערקענען, פאַרלאָרן דעם קאָליר פון פּנים, געבויגן, רעזיגנאַציע פון אַלע זיינע גלידער... ווייל דווארעצקי, האָט זיין מאָראַל געשעפּט צווישן שיכורים אין זיין רעסטאָראַן, נאָר דאָס האָט אים אינטערעסירט און אַ ן דעת, איז ער געוואָרן אויס מענטש...

און אָט האָט איר דעם צווייטן ביישפּיל:

ביים טויער פון שאוולער געטאָ געפינט די געשטאַפּאָ שפּייז ביי די יידן וועלכע גייען פון דער אַרבעט. זיי רופן דעם יידנראַט און פאָדערן צום אומקום 50 יידן ווי אַ שטראָף פאַר דעם שפּייז־שמוגל.

נו, חשובע פריינד, פּרוווט זיך ווער פון אייך שטעלן אין דער לאַגע פון אַ מיטגליד פון יידנראַט. אַרויסגעבן 50 יידן אָדער... און ניט אַרויס־געבן, הייסט דאָך, אַז אויסער די קעפּ פון יידנראַט גופא וועט נאָך גע־שטאַפּאָ נעמענדיק אַליין, נעמען צום אומקום צ ע ן מאָל פּופציק... וואָס טוט מען?... און צום טערמין, אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען געשטאַפּאָ איז געקומען אויפן אַרבעטס־פּלאַץ אין געטאָ האָבן זיי נאָר געטראָפן 11 מאַן. דאָס זענען געווען אַלע מיטגלידער פון יידנראַט, וועלכע האָבן זיך פריי־וויליק געשטעלט די געשטאַפּאָ זאָל זיי נעמען...

זיי זענען ניט געווען קיין גיבורים אין דעם זין פון דווארעצקי און זיינס גלייכן, אָבער זיי זענען געווען נ אָ ך מער, קדושים נאָך ביי זייער לעבן. קדושים־גיבורים...

קידוש השם דריקט זיך אויס ביי יידן אין פאַרשיידענע צייטן אויף פאַרשיידענע אופנים און כאָטש די וועגן זענען פאַרשיידענע — פירן זיי דאָך אַלע צו איין ציל: דערהויבן די חשיבות פון מענטש, פון ייד. שמשון

איז נאָך מיין באַשיידענער מיינונג געוואָרן אַ גיבור ־ קדוש ד א ן ווען ער האָט זיך ניט געלאָזט פון די פלישתים אַנטמענטשן, דערפאַר איז זיין טאָט פון „תמות נפשי אם פלישתים״ געוואָרן דער ביישפּיל פון 35 יידישע אינזשעניערן וועלכע האָבן אין אַ דייטשער געווער־פאַבריק אין פויזען, ווו זיי האָבן געאַרבעט אויפגעריסן די פאַבריק מיט זיך צוזאמען... עס איז ניט צו גלייכן דאָס גרייט זיין צו ברענגען פאַר אַ קרבן דעם אייגענעם זון, ווי עס האָט געטאָן אברהם אבינו, דאָס לאָזן זיך פייניקן פון אַנטיוכסעס הענקער פאַרן ניט עסן טרפות ווי עס האָט געטאָן ר׳ אַליעזר, אָדער דאָס לאָזן זיך ברענגען פון אומצייליקע יידן כדי ניט עובר צו זיין אויף אַ מצווה של תורה — מיט ד י העלדן־קדושים פון די לעצטע צייטן, וועלכע זענען יאָ אָדער נ י ט צוליב ריינער יידישקייט, אָבער אומגעקומען אין קאַמף פאַר אַ שענערער וועלט אָדער פאַר דער פרייהייט פון זייער פאָלק און לאַנד.

קלאָרער געזאָגט:

אַז מען האָט געפייניקט ר׳ עקיבאן, דערציילט די אגדה, האָבן געוויינט די אותיות פון דער תורה, ר׳ חנינא בן תרדיון איז אויסגעגאנגען אין פלאַמען אָ ן מורא, נאָר געקלאָגט האָבן אונטער זיין ברענענדיק לייב אינעם שייטער די צווייגן... דערמאָנט זיך אויך אין דער ווונדערבאַררירנדיקער פאָלקס־מעשהלע וואָס אויך שלום אַש האָט אַריינגענומען אין זיין „קידוש השם״, וואָס דערציילט ווי אַזוי אַ יידישע טאָכטער, וועלכע אַ קאָזאַק האָט געצוואונגען חתונה האָבן מיט אים, רעדט אים איין, אַז זי איז אַ הייליקע און אַז ער זאָל שיסן אין איר, עס וועט זי סיי ווי גאָרניט שאַטן... האָט איר זיך אַמאָל געשטעלט די שאלה, וואָס טראַכטן זיי, די אומצייליקע יידן גייענדיק אויף אַזאַ טויט?... ניט וויכטיק איז צו טרעפן פּרטים, אָבער זיכער האָט זיי אַלעמען אַנטקעגן געלויכטן אַ ב ע ס ע ר ע וועלט, אַ יענע וועלט — אַ גן־עדן ווו ז יי אַליין וועלן באַקומען זייער שכר מצווה... איר ווייסט דאָך, אַז ד י וועלט איז ביי די רעליגיעזע יידן נאָר אַ טרקלין, אַ קאָרידאָר און די אַ מ ת ע וועלט איז גאָר יענע וועלט, און — וואָס טוען פרומע יידן ניט, כדי צו האָבן מ ע ר עולם הבא?...

עס דערמאָנט זיך מיר אַ מעשהלע פון מיינע שול־יאָרן ווו עס ווערט דערציילט וועגן אַן אונגארישן גראַף, אַ פרייהייטס־קעמפער, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן צום טויט. זיין מאַמע האָט מורא, אַז דער זון זאָל זיך חלילה, ווען מען וועט אים פירן צו דער תליה, ניט איינברעכן. די מאַמע, און וואָס טוען ניט די מאַמעס, וויל מינערן די ליידן פון איר זון און זי פאַרזיכערט, באַזוכנדיק אים דאָס לעצטע מאָל אין תפיסה אַז ער וועט באַגנעדיקט ווערן. „ווען מען וועט דיר אַרויספירן פון תפיסה מיין קינד, זאָלסטו צוערשט אַ קוק טאָן צווישן עולם אויף מיר — זאָגט די מאַמע — וועל איך גיין אָנגעטאָן אין אַ ווייסע קלייד, זאָלסט וויסן זיין, אַז דיין

לעבן איז דיר געשאָנקען געוואָרן, זאָלסט זיכער זיין, אַ פ י ל ו ווען די שטריק וועט שוין אויפן האַלדז ליגן... וועל איך אָבער טראָגן אַ שוואַרצע קלייד, דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן, פאַרפאַלן".

און די מעשהלע אין גראַמען דערציילט, ווי אַזוי דער גראַף איז אַרויס פון תפיסה באַוואַכט פון וועכטער און דערזעענדיק זיין מאַמען האָט ער זיך צעשמייכלט צו דער פאַרוואונדערונג פון די בייועזנדיקע. די מאַמע גייט אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד. און... אַ שמייכלענדיקער איז ער אויפגעהאַנגען געוואָרן...

די אין גאָט־גלויביקע האָבן אין צייטן פון גרעסטער מאָראַלישער אכזריות און פיזישע פייניקונגען גענומען אויף זיך די ענויים מיט אַ שמייכל. אַזוי זענען זיי אויך צום טויט געגאַנגען. געגאַנגען אָבער צו אַ בעסערער, צו אַ גערעכטער וועלט ווו ז יי אליין וועלן ערשט דאָרט באַקומען זייער פאַרדינטן חלק... אמת, אָן שום ספק האָט מען דעם ניט איבערגעריסענעם המשך פון יידישן קיום צו פאַרדאַנקען אָט דעם מעכטיקן פאַקטאָר פון דער רעליגיע. די נייע צייטן האָבן אָבער דער רעליגיע נ י ט געשטאַרקט. דאָס איז צוערשט געקומען צום אויסדרוק אין אַ ריי לענדער ווו דער קלויסטער איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מלוכה־פירונג און השפּעה. רעוואָלוציעס ווירטשאַפטלעכע, סאָציאַלע, פּאָליטישע האָבן כסדר אַרויסגעריסן פון פאַרשיידענע רעליגיעזע קאָנגרעגאַציעס און סעקטעס אָנהענגער.

אויך אין יידישן וועלטל זענען די דאָזיקע פאַקטאָרן געוואָרן ווירקנדיקע. די ווידער־אויפקומענדיקע נאַציאָנאַלע און נייע סאָציאַלע גרופּירונגען רעוואָלוציאָניזירן גרויסע טיילן פון יידישן פאָלק און דער עיקר פון דער יוגנט... האָט מען זיך געשראָקן: קען די אַ ל ט ע תורה פאַרביטן ווערן דורך די נייע לאָזונגען? וועט עס ניט איבעררייסן די טראַדיציאָנעלע המשכדיקייט פון פאָלק?...

און אַן אמת איז, אַז אין גאַנג אויף נייע וועגן זענען פיל גייער אַוועק אָן אַ זייט. טייל זענען אויך אַוועק אויף פ ר ע מ ד ע וועגן... געבליבן אָבער איז אַן אויסגעלייטערטער נ יי ע ר כוח וואָס האָט אַ דאַנק דער נייער וו י ז י ע , וואָס די צייט האָט געבראַכט, אונדז געבראַכט נצחון, יום־טובדיקייט אין לאַנגן גלותדיקן אין דער וואָכן און אויך אויסלייזונג, באַפרייאונג.

זיי, די נ יי ע האָבן דוכט זיך קיין גאָט ניט געהאַט, זיי זענען אין בית־מדרש געוועזן זעלטענע געסט, און האָבן ניט געפילט, ניט געגלויבט, אַז י ע נ ע וועלט וועט זיי ברענגען זייער פאַרבעסערונג. זיי האָבן געזונגען און ג ע פ י ל ט די וואָרקייט פון פאָלקסלידל: „כאַפּט אַריין אַ שנעפּסל כל זמן איר זייט ביים לעבן, ווייל אים ירצה השם אויף יענער

וועלט וועט מען גאָרניט געבן...״ און דאָך האָבן זיי זייערע לעבנס מפקיר געווען...

וואָס האָבן די קעמפערס געזען גייענדיק דעם טויט אַנטקעגן? וועגן דעם דערציילט די פּאַרטיזאַנקע רוזשקע קאָרטשאַק: „די אויגן פון די קעמפער (וועלכע זענען געשטאַנען אויף די באַריקאַדעס אין ווילנער געטאָ) זענען געווען געריכט צו דער אַנדערער זייט פון טויט און זיי האָבן געזען דעם ווייטן דויערדיקן קיום פון פאָלק, פון זיין המשך...״

מיר שטייען נאָך כמעט אין מיטן פון די היסטאָרישסטע צייטן פון אונדזער פאָלק און אויך פון דער וועלט. פאַרן מידן אויג איז שווער צו באַמערקן, כאָטש עס איז גענוג קענטיק, וואָס פאַר אַ ריזיקן גייסטיקן און פיזישן בנין עס האָבן אויסגעבויט די נאָך ניט קאַנאָניזירטע גיבורים־קדושים וועלכע זענען די ערשטע געגאַנגען זיך לאָזן אויפפרעסן פון מאַ־לאַריע־קראַנקייטן אַבי אויסצוטריקענען אַ קוואַדראַט מעטער זומפּיקן באָדן אין דעם דעמאָלט נאָך ניט אייגענעם לאַנד... די רעוואָלוציאָנערע נאַציאָ־נאַלע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען וועלכע האָבן דורך זייערע בויערס צעמענטירט דעם ווירוואַריקן לעבן אונדזערן וואָס האָט געקענט אומקומען ניט נאָר דורך פּאָגראָמען נאָר אויך דורך די סמיקע אַסימילאַציע־קושו...

יעדע לעבעדיקע און אויך טויטע זאַך האָט זיין געשיכטע. ניט יעדער זאַך באַוויזקט אָבער אין דער זעלבער מאָס. ס'איז אַ שאַבלאָנער אמת, אָבער מען מוז עס דאָך פון צייט צו צייט איבערחזרן.

דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם נעגירט שטאַרק די ראָל וואָס יחידים קענען אויסאיבן אויף דער מענטשלעכער געשיכטע. די ווירקלעכקייט נ ע ג י ר ט אָבער די דאָזיקע לערע מיט אירע שעפער. ווען זיי, די ווי־טנבערגס, די חנה סענעשעס, די טאַמאַראָווס זענען צום טויט געגאַנגען זענען זיי געווען איבערצייגט, אַז אַפילו קיין קבר נאָך זיי וועט ניט בלייבן. צו דער יענער וועלט צו וועלכע פרומע יידן זענען אָפּט א י ן יסורים התלהבותדיק געגאַנגען, האָט זיי, דעם נייעם דור ניט געצויגן, ווייל זיי האָבן אין דעם ניט געהאַט קיין אמונה...

שטאַרבנדיק אויף אַ ל ע אייביקייטן, האָבן זיי דאָס יידישע פאָלק געשאָנקען דאָס אייביקע לעבן.

אין די פּאָר פראַגמענטן פון מיין וויטנבערג־דערציילונג קענט איר געפינען אַן אָפּשפּיגלונג פון געשעענישן וואָס האָבן אין דער לעצטער מלחמה, אַרויסגעוויזן די העכסטע פאָרמען פון מענטשלעכער גבורה און קדושה. עס וואָלט גוט געווען אַמאָל מיט אייך אַדורכצודיסקוטירן צי האָט וויטנבערג אָדער זיינע חברים גוט געהאַנדלט אָדער ניט? ווי ווייט שולדיק זענען די צוואַנציק טויזנט יידן און צי זענען זיי בכלל שולדיק (אין ענלעכער פאַל אין שופטים מיט שמשונען און קיין שום אָנדייט פון שולדיקייט פון די יידן איז דאָרט ניט צו מערקן).

און כדי צו פאַר־סך־הכלען דאָס געזאָגטע, וועל איך פאַרענדיקן מיט סוצקעווערס אַ ליד געווידמעט אַזאַ גיבור־קדוש:

„דיין זיידע, דיין זיידע אויף קידוש השם,
ביז צו דיר, מיט זיין פלאַקערדיקן לייב האָט די דורות באַפאָרבן...
און דו, ביי דעם ראַנד פון די דורות, אין אייזערנעם קלעם,
ג י ט פאַר גאָט — פאַרן פאָלק ביסט אַ קרבן!
ביסט אַ רינג אַרום די זייל פון שטאַם,
אַ רינג וואָס טוט פאַרהיטן זי פון וואַקל.
ביסט דער ווינט וואָס טריקנט אויס דעם סם
און ס'איז דיין נאָמען פון היינט - אָן: סך־הכל.

# פון ווילנע ביז בוענאָס־איירעס

— א —

אין אַ פינצטערער סעפּטעמבער־נאַכט פון 1943 האָבן מיר זיך, גרוי־פּעסוויין, אַרויסגעריסן פון דער פאַרצאַמטער ווילנער געטאָ צו די ווייס־רוסישע וועלדער אַרום דער גרויסער נאַראַטשער אָזערע, וווּ עס האָבן שוין געלעבט און געקעמפט פאַרטיזאַנישע מחנות.

אין רעגן, בלאָטע און זומפּ האָבן מיר, עקשנותדיק, מיטן געווער אין האַנט, צי אויפן פּלייצע און מיט נקמה־דורשט אין האַרצן געשניטן די פינצטערניש.

און וואָלט זיך געפונען דאַן, אַזאַ איינער, וואָס וואָלט צו מיר געזאָגט:
— ווּעסט זען קאַטשערגינסקי, אין וואָסערע עטלעכע יאָר אַרום ווּעסטו נאָך וועגן דעם אַלעם דערציילן אויף יידישע פאַרזאַמלונגען אין די גרעסטע און קלענערע שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע, — וואָלט איך זיכער באַטראַכט יענעם „נביא" פאַר אַ פּוסטן פאַנטאַזיאָר, פאַר אַ מענטש וואָס איז ניט ביי זיינע געדאַנקען...

אָבער אַפילו אַ ז אַ פאַנטאַזיאָר וואָלט אויך ניט געקענט צוטראַכטן, אַז איך וועל נאָך ווען עס איז אויך פאַרוואָרפן ווערן, און מיט מיין אייגענעם ווילן, אַזש קיין ארגענטינע...

מיט מיין אייגענעם ווילן. וואָס מיינט עס?

ערשט איצט הויבט זיך די יידישע וועלט אָן צו אינטערעסירן מער מיט אָט דעם ווייטן עק, וואָס הייסט „ארגענטינע" און בפרט פאַרשטענדלעך מיט דעם יידישן ישוב.

אָבער פאַר דער מלחמה?

אויסער מיט אַ פּאָר צופעליק, אמת, גוט אָנגעשריבענע ביכער וועגן בראשית פון היגן יידישן קיבוץ. האָט דאָך דאָס רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג, בפרט פון מזרח אייראָפּע, געשעפּט ידיעות וועגן יידישן לעבן אין ארגענטינע, נאָר פון ביליקן יידישן טעאַטער.

איין טעאַטער־פאָרשטעלונג שוין פון ב ע ס ע ר ן מין האָב איך געזען, דוכט זיך מיט רודאָלף זאַסלאַווסקין, נאָר עס איז געווען גענוג פאַר מיר ווי אַ צולאָג די שרייאיקע אותיות פון די טעאַטער־פּלאַקאַטן פון אַנדערע פּיעסן וואָס האָבן זיך גערופן: „אַ נאַכט אין בוענאָס איירעס", „די

כוחרים פון בוענאָס איירעס", „דאָס מיידל פון בוענאָס איירעס", — כדי איך זאָל שוין מ יי ן לעבן צו בוענאָס איירעס ניט ריכטן.

נאָר אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט.

אַ לעבעדיקער קען זיך צו אַלץ דערוואַרטן.

אין ברען פון דער לעצטער מלחמה, ווען די סאָוועטישע פובליציסטיק האָט טאָג־איין, טאָג־אויס אַריינגעהאמערט אין די לייענער די באַקאַנטע פאָרמולע, אַז „גוטע דייטשן זענען פאַראַן נאָר ט ו י ט ע", איז ביי אונדז אין ווילנער געטאָ, אין דער ז ע ל ב ע ר צייט געבוירן געוואָרן דאָס ווערטל: „אַ גוטער ייד, איז אַ ל ע ב ע ד י ק ע ר ייד".

אַז מען לעבט דערלעבט מען. ווערן אַמאָל משונהדיקסטע פאַנטאַזיעס, חלומות — ווירקלעכקייט. און —

אָט בין איך שוין באַלד אַ האַלב יאָר אין אַרגענטינע. איך קען שוין זאָגן, אַז איך האָב שוין געזען דאָס לאַנד מער ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל.

אין שליחות פון קולטור־קאָנגרעס בין איך געקומען אין מערערע שטעט, שטעטלעך און קאָלאָניעס צו יידן און געזען ווי זיי לעבן. זיך באַמיט צו דערזען אויך די וואָכעדיקייט, דערפילן די זאָרגן, פערזענלעכע און כלל־דאגות.

— ב —

בין איך הייסט עס אין אַרגענטינע?

יאָ, אַזוי איז עס.

אַ לאַנגער איז געווען דער וועג. אַ דערנערדיקער. פול מיט שטרויכל־לונגען, — אידעאָלאָגישע און בפועל ממשדיקע.

אַ וועג, וועמעס אָנהויב עס הייבט זיך אָן אַזש אין אַלטן ירושלים.

איך האָב געזוכט סיבות כדי צו טראָגן אין האַרצן פאַרקירצט די געשיכטע פון מיין היימשטאָט, פון ירושלים ד׳ליטא.

מען דאַרף גלויבן, אַז אונדזערע חכמים האָבן פאָראויסגעזען די עקזיסטענץ אין ווייטן עתיד פון אַזאַ עיר ואם בישראל, געדענקענדיק זייער קלוגע מעשהלע וואָס דערציילט, אַז ירושלים איז גאָר קיינמאָל ניט חרוב געוואָרן.

נו, איז וואָס, אַז דער בית־המקדש ליגט אין חורבות. אַז די שטאָט איז אָקופירט פון שונא, — איז שוין ירושלים זייערס?

און אַפילו ווען מען האָט יידן פון זייער לאַנד פאַרטריבן, זענען זיי דאָך נאָך אַלץ. ווי גוט און ווי שלעכט זיי איז ניט געווען, געווען מיטן גייסט, מיטן האַרץ צו מזרח.

זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך ניט נאָר ז י ך , ניט נאָר נשים וטף. נאָר אויך די גייסטיקייט.

דער רוח הקודש פון „עם ישראל חי״ האָט זיי כסדר באַגלייט און זיך אין זיי אַריינגעלעבט.

האָט שוין במילא ירושלים ניט געקענט חרוב ווערן.

און טאַקע, איז דען דער נאָמען ירושלים באַרימט געוואָרן צוליב די מויערן פון דער שטאָט, פון דעם הומר ולבנים וואָס האָבן דעם בית־המקדש צונויפגעשטעלט?

אוודאי אויך צום טייל דאָס, אָבער ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן?

ווען די שטאָט איז געוואָרן דער סינאָנים פון תורה, פון חכמה, פון גייסט.

האָט מען די יידן פאַרטריבן פון זייער לאַנד. האָבן זיי דעריבער אויך מיטגענומען מיט זיך דאָס לאַנד, ירושלים.

איי, עס זענען געבליבן בנינים. ווענט, שטיינער? דאָס קען מען נאָך אויפבויען. דער עיקר איז דאָך דער גייסט, דער נפש.

איז אַ צייט געווען י ב נ ה ירושלים, און פומפדיתא וואָס אין בבל.

און צוגלייך מיט די ווייטערדיקע וואַנדערונגען האָבן די יידן, אַזוי ווי דעם משכן, מיטגענומען מיט זיך, געטראָגן זייער הויפּטשטאָט קיין פראַנק־רייך (אין טרוא, די שטאָט פון רשי). דערנאָך קיין דייטשלאַנד (אין וואַרמס, ווירמייזא), פון דאָרט קיין שפּאַניען (טאָלעדאָ), דערנאָך צו מזרח־אייראָפּע, קיין טשעכיע (פּראַג, די שטאָט פון מהר״ל), און ווייטער צו מזרח, קיין פּוילן (לובלין, די שטאָט פון ועד ארבע הארצות און פון מהרשל) און צולעצט אין דער ליטע — קיין ווילנע.

ניט יעדע גרויסע שטאָט האָבן יידן די ירושלים־קרוין אָנגעטאָן.

אין אַ סך לענדער און הונדערטער גרעסערע און קלענערע שטעט האָבן יידן זייער געשיכטע געוועבט, אָבער בלויז געציילטע זענען די שטעט וואָס האָבן זיך צו דער ירושלים־קרוין דערדינט.

משמעות, און די געשיכטע דערציילט טאַקע וועגן דעם, כדי צו ווערן דער גייסטיקער צענטער ביי יידן, האָט אַזאַ שטאָט, באַדאַרפט האָבן דערצו אַלע נויטיקע אייגנשאַפטן.

ווילנע איז געווען די באַרימטסטע ירושלים אין די תפוצות ישראל.

אין משך פון יאָר הונדערטער האָט קיין אַנדער שטאָט, מעג זיין אַפילו מיט אַ גרעסערער צאָל יידן, ניט געקענט צונעמען פון ווילנע איר ערן־נאָמען, כאָטש אַ גאַנצע ריי שטעט ווי פראַנקפורט, אַמסטערדאַם, פּאַדואַ, וואַרשע, קראָקע האָבן דער יידישער גייסטיקייט ניט ווייניק געגעבן און זיך דערמיט אויך באַרימט געמאַכט.

— ג —

ווילנע.

דאָ זענען געבוירן און זיך געצייטיקט כמעט אַלע מאָדערנע יידישע רע־וואָלוציאָנערע - געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, ווי רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע, קולטורעלע, קינסטלערישע אַפילו! ווייניק נאָך, האָט זיך ווילנע אויך דערדינט צו ווערן די ציון פון דער מאָדערנער יידיש־וועלטלעכער קולטור און איז אַ דאנק דעם געקרוינט געוואָרן צום צווייטן מאָל ווי אַ ירושלים, אָבער שוין ניט נאָר פון קליינעם ליטע־לאַנד (ירושלים ד׳ליטא), נאָר ווי אַ ירושלים ד׳יידישע קולטור פון גאַר דער וועלט.

קען דעריבער זיין, וואָס איך, אַ געבוירענער און דערצויגענער אין אָט דער צווייטער מאָל ירושלימדיקער ווילנע, האָב נאָכדעם ווי די קרוין, — דער בית המקדש פון דער יידישער קולטור איז אויך דאָרט חרוב געוואָרן, זיך געלאָזן וואַנדערן איבער דער וועלט, כדי צו געפינען די נייע ירושלים, וואָס מוז אַזוי זאָגט דאָך די מסורה, אויסוואַקסן ערגעץ אין אַ צווייטן יידישן ישוב.

אַ שווערער, אַ פיינפולער וועג.

ווען מיין בית המקדש האָט געברענט, בין איך צוזאמען מיט נאָך 80 טויזנט יידן געווען אינעווייניק, אין די פלאַמען.

קיינער פון דרויסן האָט דעם פייער ניט געלאָשן. די כלערליי נאַציס האָבן ניט דערלאָזן לעשן. פאַרקערט, טאָמער האָט זיך ערגעץ אַ פלאַמען־צונג איינגעשטילט, זענען שוין די רוצחים געשטאנען גרייטע מיט פאַקעלן די שרפה אונטערצוהאלטן.

צענדליקער טויזנטער זענען פון די פלאמען אין אַש פאַרוואנדלט געוואָרן. די איבעריקע האָבן אָבער צווישן די פאַלנדיקע ווענט, אין דער גהינומדיקער אַרומרינגלונג — שולן פאַר די לעצט געבליבענע קינדער און דערוואַקסענע געבויט, וויסנשאַפטלעכע קרייזן געגרינדעט, ווערק געשריבן, „אַרט"־שולן געשאפן און אַנשטאָט זיך — קולטור־אוצרות פון און פאַר דער יידישער געשיכטע געראַטעוועט און מיט די ווערטער פון גרויסן בטחון־הימן „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג!" — האָבן מיר אין דער זעלבער צייט געוואָר געשמידט, מיט וואָס הונדערטער פון אונדז האָבן זיך דערנאָך, ווי שוין דערמאָנט אויבן, צו די וועלדער פון ווייסרוסלאַנד און ליטע אַדורכגעריסן און פון דאָרטן נקמה גענומען פאַר דעם חורבן פון דער צווייטער מאָל ירושלימדיקער ווילנע.

האָב איך, דער יידישער שרייבער - פאַרטיזאַן, דער נקמה־נעמער, וואָס האָב כסדר געלעבט מיטן טויט אויף „דו", זיך אין יענער צייט געקענט פאָרשטעלן אַז איך וועל נאָך ווען זען מיין חרובע היימשטאָט?

האָב איך געקענט אַפילו חלומען דאַן, אַז איך וועל נאָך דערלעבן צו אַזעלכע זכיהדיקע טעג פון יידיש נאַציאָנאַלן רענעסאַנס, פון טעג ווען צו אונדזער אַ ל ט ע ר ירושלים וואָס גייט ווידער אויף, וואָס בויט זיך ווידער אויס אין דער באַנייטער ישראל־מדינה, זאָל אויך אָנהויבן שפּראָצן די בליאונגען פון אַ באַנייטע ירושלים פון דער מאָדערנער יידישער קול־טור אין די תפוצות ישראל, אין אַרגענטינע גאָר.

גרויליקער וואונדער:

נאָך שווערסטע יאָרן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, האָב איך אויך צו אָט די טעג דערלעבט.

מיינע חלומות זענען וואָר געוואָרן.

האָב איך זיך דאָך געדאַרפט פילן, אויב ניט גליקלעך, איז כאָטש דערהויבן, ווען איך בין געקומען אין דער באַפרייטער ווילנע, אין טאָג פון 13טן יולי פון יאָר 1944?

נאָך אומגליקלעכער ווי געווען, האָב איך זיך דערפילט, ווען איך האָב נאָך אין דער שרפהנדיקער שטאָט געפונען די לעצטע עטלעכע הונ־דערט יידן, פון די צוויי אַרבעטס־לאַגערן אין שטאָט, אויסגעקוילעטע.

איך האָב בלחש בלויז אויסגעשעפּטשעט קוים די ערשטע שורה פון קדיש וואָס איך האָב נאָך אין געטאָ מחבר געווען „שטילער, שטילער לאָ־מיר שווייגן, קברים וואַקסן דאָ...“ און אַ שווייגנדיקער, אַ שטומער, גע־מוזט נאָך אַ געוויסער צייט פון דאָרטן אַוועק. —

זוכן דאָס נייע ירושלים.

— ד —

בין איך געקומען אין דער הויפּטשטאָט פון סאָוועטישן פאַרבאַנד, אין מאָסקווע. האָב איך דאָרט געפונען אַ אייפערדיקן ווילן ביי אַ סך פון די דאָרטיקע יידן פאַר יידישקייט, פאַר יידישער קולטור, פאַר אייגנאַרטי־קייט, — אַ ווילן צו ווידעראויפבוי צוזאמען מיטן גאַנצן לאנד און דאָס יידישע לעבן.

וואָס איז זיי געקומען דערפאַר?

נאָר ווי טרויעריק עס האָט דאָ אויסגעקוקט מיין אויסגעטרוימטער חלום צו זיין אין דער הויפּטשטאָט פון מיין יאָרן־לאַנגער האָפענונג, ווען איך האָב דערזען, אַז... איך דאַרף ווייטער חלומען. ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט, און ווי זאָגט ערגעץ משה נאַדיר, טאַקע אין שייכות מיט זיין אנטוישונג צו דעם זעלבן לאנד: „און ווען עס איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן, איז מיר ערשט ד אַ ן פינצטער געוואָרן אין די אויגן...“

איך הער נאָך איצט דעם רוף פון מיין פריינד, דעם ווייסרוסישן

בוענאָס־איירעס 1952. — עפנטלעכער משפט איבער יידיש טעאַטער.
מ. מורקאָוו, ש. ראָזשאַנסקי, ב. כוראָוויטש, ש. קאַטשערגינסקי, י. באָטאָשאַנסקי, י. ברעסלער.

אויף אַן אויפנאַמע לכבוד י. אַפּאַטאָשו אין קולטור־קאָנגרעס. בוענאָס־איירעס, 1951.



בעת אַ ראַדיאָ־אויִדיציע פון „קולטור־קאָנגרעס" אין בוענאָס איירעס, יאָר 1952.



די פאַרוואַלטונג פון שרייבער־פאַריין „ה. ד. נאָמבערג" אין אַרגענטינע אין יאָר 1953, אין וועלכער ש. קאַטשערגינסקי, דער דריטער פון לינקס, האָט פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר.

סאָוועטישן אָפיציר: — אויב איר קענט, קאַטשערגינסקי, טראָגט זיך אָפּ באַצייטנס פון דאַנען. אויב ניט פיזיש, וועט איר דאָ גייסטיק אומקומען.

איך הער דעם רוף ניט פון איין שרייבער: — פאָרט פון דאַנען און זייט מרעיש עולם... אפשר, אפשר וועט איר אונדז קענען מיט דעם עפּעס העלפן.

איך זע פאַר זיך דעם סאָוועטישן געלערנטן, דעם געוועזענעם לינקן פּועלי־ציוניסט, ווי ער לייגט צוריק אין אַ מאַלינע (אַך ווי שוידערלעך עס ווערט, ווען מען דערמאָנט דעם וואָרט וואָס דערמאָנט אין נאַצישע צייטן) אַריין הערצלס „יידנשטאַט"...

ווי קען איך פאַרגעסן די צענדליקער הרוגים דורך סאָוועטישן מלכות, מיט וועמען איך האָב זיך אַזוי אָפט באַגעגנט אין יענע חדשים פון 1944־1945 אין מאָסקווע, ווילנע, קאָוונע?

אָ, ווען מיר אין די פרייע לענדער וואָלטן געהאַט אַזויפיל ווילן און איבערגעבנקייט אויפצושטעלן צוריק אונדזער טראַדיציאָנעלע יידישקייט, אויפצובויען אונדזער קולטור ווי עס האָבן געהאַט די סאָוועטישע שרייבערס, ווי עס האָבן די מיליאָנען פאַרפאָלגטע יידן אין רוסלאַנד איצט, אַ ווי ווייט גוט מיר וואָלטן געהאַלטן מיט אונדזער יידיש לעבן.

אָבער... איך בין דאָך נאָך אין מאָסקווע. אין דער צייט ווען מיכאעלס פּירט אויף מ. שניאור - אקונס פאָלקלאָר־מאָנטאַזש „אַ פריילעכס", ווען מען האָט נאָך האָפענונגען, אַז מען וועט דערלויבן אַרויסצוגעבן כאָטש איין יידישע טאָג־צייטונג און אַ חודש־זשורנאַל, ווען מען קען נאָך ריידן דורך ראַדיאָ אויף יידיש קיין אויסלאַנד (אין לאַנד טאָר מען ניט!), ווען די יידישע סעקציע ביי דעם סאָוועטישן שרייבער־פאַרבאַנד אָרגאַניזירט נאָך פון צייט צו צייט פאָרלעזונגען, ווען עס טליען נאָך האָפענונגען, אַז דער „גרויסער" סטאַלין וועט דערזען די רשעות קעגן דער יידישער־סאָוועטישער קולטור און וועט אַלץ בעסער מאַכן.

אַרעסטירטע זענען זיי געווען ווען זיי זענען נאָך אויף דער פריי געווען. שווייגן מוזן זיי, ווען עס איז דאָ אַזויפיל וועגן וואָס צו ריידן. ריידן מוזן זיי דאָס וואָס מען הייסט, שרייבן דאָס זעלבע, כאָטש דאָס געוויסן זאָגט דאָס פאַרקערטע. אַזוי איז מיט דער גאַנצער, ניט נאָר יידישער, אינטעליגענץ. מיט 95 פּראָצענט פון די בירגער.

מיר האָט אָפּגעגליקט: אין דעצעמבער פון 1945 בין איך אַנגעקומען אויף יענער זייט גהינום.

דאַן איז דאָס נאָך געווען דאָס פּוילישע לאָדזש.

ש. קאטשערגינסקי

## — ה —

. . . צוזאמען מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע יידן פון פוילן וועלכע האָבן זיך געראטעוועט אין רוסלאנד און פון די דאָרטיקע קאָנצענטראציע־לאגערן, בין אויך איך געקומען זוכן היימלעכקייט, יידישקייט אין ניי־אויפגעשטאנענעם פוילן. אין לאָדזש, ווארשע, לובלין און אין נייעם פוי־לישן בירא־בידזשאן אין נידערשלעזיע געפין איך שוין טויזנטער יידן, וואָס נעמען זיך איבער אַ נייס בויען אַ לעבן.

ב אַ מ. פ ו ן ר ע ד אַ ק צ י ע : דער רעפעראַט איז אין כתב־יד נישט פאַרענדיקט.

# דער חג הספר פון עם הספר

## (צום יום־טוב „75 ביכער פון פארלאג „פוילישע יידנטום״)

מיר דוכט, אַז איך וואָלט געקענט אַ סך מ ע ר און ב ע ס ע ר ריידן וועגן א יי ן בוך פון די 75, ווי וועגן אַלע צוזאמען, ווי איך דאַרף דאָס איצטער טאָן.

בלויז אויסרעכענען די נעמען פון די מחברים און די טיטלען פון די 75 ביכער, וואָלט מיר געהאָלפן באַלד צו פאַרענדיקן די צייט וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן צו ריידן.

וואָס קאָן מען זאָגן וועגן אַזויפיל ביכער, כן ירבו, ווען וועגן בלויז די ע ר ש ט ע צוואנציק ביכער האָט, אין יענער צייט, פריינד יוסף מענדעלסאָן געשריבן אין „די אידישע צייטונג״ אָט־די שורות: „דאָס איז אַ פאַרלעגערישע דערגרייכונג און אָנשטרענגונג, וואָס איז דוכט זיך ביז איצט ניט איבערגעשטיגן געוואָרן פון קיין שום יידישן פאַרלאג״. און א י ך א ל יי ן האָב וועגן די ערשטע 25 ביכער פון זעלבן פאַרלאג געשריבן אין פאַריזער „אַרבעטער־וואָרט״ צווישן אַנדערן: „אין דער געשיכטע פון יידישן פאַרלאגס־וועזן, איז זיכער די צאָל אויסגאַבעס וואָס דער פאַרלאג האָט שוין אַרויסגעגעבן אין אַזאַ קורצער צייט אַן איינצלפאַל״.

דאָס איז איינער פון יענע גרויסע ניסים, וועגן וועלכעס ווייניק פון אונדז, די פ א נ ט א ז י אָ ר ן אַפילו, האָבן געקענט חלומען ער זאָל פאַרווירקלעכט ווערן, אָבער די ווייט גרעסטע מערהייט האָט דאָך אַפילו וועגן דעם ניט געחלומט, ווייל דאָס איז דאָך אַרויסגעגאַנגען פון ג ד ר פון אונדזער פאַנטאַזיע.

איז דאָך אונדזער לעבן אַ ניסימדיקער. „מיר וואָלטן דאָך קיין רעאַליסטן ניט געווען — האָט געזאָגט אונדזער ליכטיקער חיים ווייצמאַן — ווען מיר וואָלטן אין קיין ניסים ניט געגלויבט״...

„אַ פאָלק וואָס פאַרגעסט זיינע טויטע, איז פאַרמשפט צו ירידה״ — טראַכט איך כסדר איבער דעם פסוק פון פראַנצויזישן זשיל געד.

— פאַרוואָס טראַכט זיך אַזויפיל איבער דעם?

— דערפאַר ווייל איך וויל קאָנטראָלירן, צי מיין פינצטערע מחשבה, אַז מ י ר יי ד ן, האָבן אויך אַזוי באַדאַרפט פאַרמשפט ווערן פון צייט צו צייט צו ירידה, איז אַ ר י כ ט י ק ע...

און דוכט מיר, אַז איך האָב ניט קיין גרויסן טעות. איך טראַכט דע־מאָלט: „אפשר, זענען טאַקע געווען די ירידה־צייטן פון אונדזער פאָלק דאַן, ווען מיר האָבן פאַרגעסן אַ צווייטן פּסוק, — אויך פון אונדזער תנ׳ך „וישמן ישורון ויבעט״ — אויך ווי אַ רעזול־טאַט פון דעם פאַרגעסן אונדזערע טויטע.

לאָמיר זיך אַרייַנטראַכטן אויף אַ פּאָר מינוט, וואָס עס קומט פאָר, ווען אַ פאָלק פאַרגעסט זיינע טויטע...

דאָס הייסט פשוט, אַז דאָס פאָלק פאַרגעסט דערמיט זיין געשיכטע. רייסט איבער מיט דער טראַדיציע, האָט פאַרשטאָפּט די קוואַלן וואָס דאָס פאָלק האָט זיך יאָרהונדערטער געגראָבן און פון זיי זייער דורשט געשטילט.

פאַרגעסן די טויטע, הייסט — איבעררייסן מיט אַלדאָס געוועזענע, אין וואָס עס איז דאָך פאַראַן אויך פיל שיינקייט, דערהויבנקייט, קיום פון פאָלק און פון יחיד — און אָנהייבן אַ לעבן ניט האָבנדיק קיין נעכטן, און... צי קען אַזאַ פאָלק, אַפילו אַ יחיד האָבן דאַן אַ מאָרגן?

צי קען דען ניט זאָגן אַזאַ פאָלק־פאַרגעסער די טרייסטלאָזע ווער־טער פון דער דיכטערין רחל קאָרן (אין בוך „היים און היימלאָזיקייט״, דער־שינען אין זעלביקן פאַרלאַג):

„כ׳האָב ניט צו וועמען צו בענקען,
כ׳האָב אפילו ניט וועמען מקנא צו זיין,
ניט מיט גליק, ניט מיט ליבשאַפט און טרויער,
אַז איך בין שוין אין גאַנצן אַליין.״

מיר האָבן גענוג אַזעלכע, וועלכע ווילן זיך ווי לייוויק זאָגט: „טעמפּערהייט דערווייטערן פון די חורבן־איבערלעבונגען״. — פאַר־געסן — און אויב די טויטע לאָזן זיי אין די טעג און נעכט ניט רוען, דרייען זיי זיך שלאַנגיק די אויערן אַרום, כדי צו פאַרטרייבן, פאַר־טויבן דאָס געשפּענסט, דעם געוויין פון די נאָענטסטע.

אַזעלכע־אַ מענטשן, כ׳רעד דאָ נאַטירלעך ניט פון קראַנקע, וועלכע דאַרפן צייטווייליק רו, כדי געזונטערהייט זיך טיילן מיט די איבעריקע דעם אומרו, רייסן איבער מיט דעם נעכטן פונעם פאָלק, מיט זיך אַליין, מיט דער אייגענער שטוב. פון זיי אַנטרינט אויף איי־ביק אַזאַ מענטשלעך געפיל, וואָס הייסט געוויין. ווייל — און דאָ קומען מיר ווידער אָן צו רחל קאָרן: —

„מען זאָל קענען וויינען, מוז מען האָבן אַ שטוב,
היימלאָזע וויינען ניט מער...
נאָר ווען ס׳טרעפן זיך ווענט מיט אַ דאַך אינעם חלום,
קומט אויך צו גאַסט די טרער.״

דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום" דאַרף שוין מער ניט איבעררעאַשן מיט דער צאָל אַרויסגעגעבענע ביכער. דער היסטאָרישער באַדייט פון דער ביכער־סעריע, און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, איז וואָס די ביכער רופן: „פאַרגעסט אונדז ניט, אונדז, די טויטע, די פאַר־גאַנגענע".

אין די פינצטערע קאַטאַקאָמבעס פון דער פאַריזער אונטערערד, וואַנ־דערנדיק צווישן מיליאָנען געווייזענע מענטשלעכע לעבנס, פון וואָס עס זע־נען בלויז סימנים געבליבן: שיין־סעגרעגירטע אויפגעשטעלטע וועגנט פון סקעלעטן — קעפּ אָדער ביינער פון הענט און פיס, האָב איך געפונען די ניט פאַרגעסלעכע, שוין באַקאַנטע אויפשריפט: „ווי דו בין איך אויך געווען, ווי איך, וועסטו אויך זיין".

איך מיין דערמיט ניט צו זאָגן חלילה, אַז אונדז קען דערוואַרטן דער זעלבער גורל וואָס אונדזערע פאַרשניטענע, — צו וואָס זיך שפּילן אין פינצטערע נביאות? — דער טיפער זין פון דער אויפשריפט ליגט אָבער אין דעם מיין, — אַז אייביקייט איז נאָר דאָס פאָלק. דאָס פאָלק וואָס פאַרגעסט ניט.

צי איר האָט יאָ אָדער ניט די ביכער פון דעם פאַרלאַג, צי איר לייענט זיי יאָ אָדער ניט — פון אונטער די פאַרביקע הילעס זייערע וועט איר מוזן אַרויסזען, אַרויסהערן די צעבלוטיקטע, הייליקע יידישע אותיות פון די שוואַרצע טאָוולען: „פאַרגעסט אונדז ניט, פאַרגעסט אונדז ניט!..."

אַלע ביכער באַאומרואיקן אייך מיט אַט־דעם געשריי. צי זיי דער־ציילן וועגן אויפשטייג, צי וועגן חורבן, קאַמף, וויי־און־וואַנדער, צי וועגן דערציילונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט.

אין 66סטן בוך פון דער סעריע, אין גראַדעס „שיין פון פאַרלאָשענע שטערן" — איך וואָלט בכלל אָנגערופן די גאַנצע סעריע פון פאַרלאַג מיט דעם נאָמען — גיט איבער דער דיכטער אין ליד „וואָס ווייסטו גלגול?" די שטימונגען מיינע וועלכע איך האָב איצט פאַר אייך אויסגעצערט. רופט דער דיכטער:

וואָס ווייסטו גילגול, נאַכטיקער? דו ווייסט,
וואָס איך האָב אויפגעהערט די חורבה ליבן?
איך שלעפּ די חורבה מיט, נאָר דו — דו מיינסט,
אַז איך האָב זיך פון איר אַרויסגעקליבן.

דו ווייסט! „ניט מוחל איז אַ טויטע ווייב
איר מאַן, וואָס זוכט פאַרגעסונג ביי אַ צווייטער,
ווען איר גערוך נאָך אָטעמט פון זיין לייב —
און טרייסט געפינען צו אַ צווייטער גייט ער".

ניט וויין, דו גילגול נאַכטיקער, ניט וויין,
איך וועל מיין האַרץ צו דיינע שטיינער דריקן,
ביז דו וועסט אויסוואַקסן אין מיין געביין,
און ווי אַ קוואַל וועט מיך דיין אַש דערקוויקן.

צעשטערטע היים, דו ליגסט אויף מיין געמיט,
און לאָזט מיך ניט אַרויסגיין פון דיין גדר,
דו גייסט מיר נאָך, פאַרפּלאָנטערסט מיינע טריט,
און אויפן שליאַך יאָגט מיך אַריבער יעדער.

אויך דו וועסט מיד מיר נאָכגיין אַזוי ווייט,
דאָך וואָגלסטו מיר נאָך דורך אַלע לענדער,
דער הימל בייט זיך און די ערד זיך בייט,
בלויז איך און דו, מיר ווערן ניט פאַרענדערט.

די פרעמדע טייכן ווען איך ווער פאַרלענדט
פון בלויען נאַכט־ליכט ווי פון כישוף־צייכנס,
דערזע איך דיינע אויסגעשטרעקטע הענט,
דו טרינקסט זיך און דו ווילסט צו מיר דערגרייכן.

און איך וויל זיין פון פרעמדן זאַפט גענערט,
דערפיל איך אין מיין קערפּער דיינע דערנער,
ווייל דו גייסט נאָך מיר דורך דער אונטערערד,
און דיר אַליין, מיין חורבה, איך געהער נאָר.

עס איז ניט מעגלעך, פאַרשטייט זיך, צו רעדן וועגן יעדן באַנד באַזונדער. דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען מען קען כאָטש ציטירן קורצע פראַגמענטן פון די ביכער. איז דאָס א ו י ך ניט מעגלעך — איז אויב אַזוי פאַראַן נאָר איין וועג דערצו: ג ע נ ע ר אַ ל י ז י ר ן. און גענעראַליזירן הייסט, צ ו פאַרפלאַכן דעם ענין. די געפאַר פון אַריינפאַלן אין באַנאַליטעטן.

„ס'איז דאָ אַ וועלט מיט זאַכן אין דער וועלט פון קונסט — האָב איך געהערט אין פּאַריז פון מאַרק שאַגאַלן — פאַר וועלכע עס איז שווער צו געפינען די ריכטיקע פאַסיקע ווערטער"... און ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן דערמאָנען אין דעם וואָס עס איז שוין געזאָגט געוואָרן וועגן פאַרלאַג פון די פוילישע יידן, מוז איך אויך אויסשרייען מיט שאַגאַלס אַנדערע ווערטער פון יענעם שמועס: „ווי איז מיר, וואָס קען איך דאָ אויפטאָן? אַלץ איז דאָך שוין געזאָגט געוואָרן. לאָמיר קויפן בילעטן און פאָרן צוריק אַהיים!", נאָר אָט כאַפּט זיך דער קינסטלער, אַז נ י ט קוקנדיק אויף דעם זענען דאָך „די ביימער וואָס מאָנע האָט געמאָלט גוט פאַר א י ם, אפשר וואַרטן

גאָר די זעלביקע ביימער, מען זאָל זיי ווייזן נאָך אַ מאָל און אַ נ ד ע ר ש?״
גאָלדענע ווערטער!

כ׳וועל פּרוּוון דעריבער אויף דעם אומגעהויערן באַרג פון בלומען־קרענץ צוּוואַרפן אויך מ יי ן בלום צו דעם היינטיקן חג־הספר.

דאָס וואָס מען האָט דוכט מיר פאַרזען אין ד ע ר ע י ק ר ־ וויכטי־קייט פון דעם פאַרלאַג איז, אַז ד י ב י כ ע ר ־ ס ע ר י ע פ ו ן ח ו ר ב ן א ו ן א ו מ ק ו ם — ר ו פ ן ד אָ ס יי ד י ש ע פ אָ ל ק צ ו ל ע ב ן! דאָס פאָרמולירטע איז אפשר אַ פּאַראַפראַזע פון „שטאַרבנ־דיק האָבן זיי א ו נ ד ז באַפוילן צו לעבן״, אָבער ניט ד אָ ס אינ־טערעסירט מיך ביים איצטיקן מאָמענט.

יעדעס בוך וואָס דערשיינט אין דער וועלט, האָט זיך זיין ווערט, אַ פ י ל ו ווען עס האָט גאָר קיין ווערט ניט... למשל: גראַפאָמאַניע, פאַמפ־לעטן, פאָרנאָגראַפיע, פאַשיסטישע צי קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אאז״וו. אָבער אַ געוויסע סעגרעגאַציע ווערט אויך פון דער געזעלשאַפטלעכקייט (לייענער, קריטיקער און אַנדערע) ביי וו ע ר ט י ק ע ביכער געמאַכט. אויך די ג ע ש י כ ט ע טוט עס און לאָזט זיך אָפּטמאָל אויס פון קאַנאָ־ניזירטע מיינונגען וועגן פאַרשידענע ביכער.

קען דער צוגאַנג צו דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום״ זיין פון קריטיקער נ אָ ר פון ליטעראַריש־קינסטלערישן קוקווינקל? אויב יאָ — וואָלט דער רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג זיכער א י ם, דעם קריטיקער, גע־קענט צושטעלן אַ סך קינסטלערישע ביכער, ווי די וועלכע זענען דערשינען אין ד ע ר סעריע.

דער ווערט אָבער פון דעם געדאַנק וואָס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, גייט אַרויס פון גדר פון מאָמענטאַלע ו ע ר ט י ק יי ט אָדער ג ע נ ו ס.

מיר מ ו ז ן זיך לערנען פון דער געשיכטע! מיר מוזן זיך לערנען ניט נאָר פון נצחונות, נאָר נ אָ ך מער פון מפּלות, וואָס מיר האָבן אי־בערגעגעבונג געהאַט.

וואָס פאַר אַ זין האָט געהאַט דער אומקום פון מיליאָנען, פון טויזנטער, טויזנטער קעמפער פאַר פרייהייט פון דער וועלט און פון אונדזער פאָלק, אויב מיר זאָלן ניט וויסן, ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט, געקעמפט און געפאַלן אין שלאַכט?

ד ע ם זין בויערט אונדז אַריין יעדעס זייטל פון דער ביכער־סעריע. ד אָ ס איז דער גרעסטער פאַרדינסט און אָ ן דעם וואָלט דער פאַרלאַג בשום אופן ניט געקענט האָבן ד ע ם אָפּקלאַנג, ד ע ם פאַרדינסט וואָס ער וועט האָבן פאַר אונדזער געשיכטע און דער ע י ק ר פאַר דעם ה יי נ ט אונדזערן וואָס ב ו י ט דעם מאָרגן.

ד אָ ס איז דער וווּנדער: ביכער וואָס דערציילן וועגן חורבן — באַ־פעלן: ב ו י ט! בויט אַ נ יי ע ם, אַ בעסערן לעבן, אַ שענערן מאָרגן.

דורך אימהדיקע גרענעצן האָט זיך געראַטעוועט אין ניו־יאָרק, — נ י ט קיין מענטש, אויך ניט קיין וואָסערע קונסט־חפצים, עס האָט זיך געראַטעוועט אַ מאַנוסקריפּט וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן „בייע פּי־זיק" (אַזוי הייסט טאַקע די אַרבעט), וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער קדוש וו י ק ט אָ ר אַ ל ט ע ר אין אַ סאָוועטישער תפיסה ווו ער איז דערנאָך דערשאָסן געוואָרן. שרייבט דאָרטן צווישן אַנדערע דער קדוש: „די זוכע־גיש פון דעם באַשייד צו דער רעטעניש פון קיום פון יעדן י ח י ד האָט כסדר פאַרנומען די מוחות פון די ב ע ס ט ע מענטשן".

פון י ע ד ן יחיד... ווו זענען אָבער י ע נ ע יידן צווישן אונדז וואָס זאָלן זוכן דעם באַשייד צו דער גרויסער געשיכטלעכער טראַגעדיע אונ־דזערער?... און אפשר האָבן גאָר ניט די יחידים געהאַט די בייטיקע צייט דעם באַשייד פון ק אָ ל ע ק ט י וו ן אומקום, אויפצונעמען מיט זייערע מענטשלעכע חושים? „די געשעענישן האָבן אונדז ג ע ב יי ט ש ט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מיר האָבן אַפילו ניט געהאַט קיין צייט צו באַקלאָגן אונ־דזערע מתים" (גלאַטשטיין), ווער רעדט נאָך — זיי צו פאַראייביקן. עס „איז (אָבער) שוין ניט געגאַנגען אין ב אַ ק ל אָ ג ן, נאָר אין פאַרצייכע־נען די מתים אין אַ גרויסן געטלעכן ס פ ר ה מ ו ת".(גלאַטשטיין).

אין דער־אָ גורלדיקער צייט איז אונטערגעקומען דער פאַרלאַג פון די פּוילישע יידן אין אַרגענטינע. דורך זיינע חולמים טורקאָוו און מיטלבערג, איז אַראָפּגענומען געוואָרן אַ גרויסער חלק שולד וואָס ע ם ישראל האָט נישט נאָר אין נ י ט שטעלן אַ גייסטיקע מצבה פאַרשניטענע מיליאָ־נען, נאָר ד ו ר ך דער מצבה לערנען דאָס פאָלק אַ ז אַ קאַפּיטל גע־שיכטע פון וו אָ ס מען מ ו ז זיך עפּעס אָפּלערנען.

אונדזערע אַן אַלטע אגדה דערציילט: דער טאָג ווען די גריכישע הער־שער האָבן אין דער צייט פון חורבן ירושלים, באַפוילן איבערצוזעצן די תורה אין גריכיש, איז געוואָרן דורך די גדולי הדור אין ארץ ישראל, דערקלערט פאַר אַ טרויער־טאָג. אין דער ז ע ל ב ע ר צייט איז פאַר די יידן אין גריכנלאַנד געווען דער טאָג אַ יום־טוב.

קומט דעריבער ניט אויס מאָדנע אויך, ווען מיר וווּנדערן זיך שוין ניט, וואָס אַ י ו ם ־ ט ו ב איז ביי אונדז, ווען מיר פייערן דאָס דער־שיינען פון 75 ביכער וואָס דערמאָנען שוין ג אָ ר נ י ט וועגן קיין יום־טובדיקע געשעענישן אין אונדזער לעבן. ד אָ ס איז אָבער דאָס ג ע ־ ז ע ץ פון לעבן.

עס איז געבליבן נאָכן חורבן פון אונדזער אַמאָליקן ירושלים, — אַ ז כ ר לחורבן. אַ וו אַ נ ט פון בית המקדש, דער כתל־המערבי. — וואָס וואָלט אונדז געבליבן נאָך דעם פ י ל גרעסערן חורבן פון די לעצטע יאָרן, ווען ניט די כתל ה ס פ ר י ם פון פאַרלאַג פון פוילישן יידנטום? אמת, עס זענען דערשינען אויך אַנדערע זייער פיל וויכטיקע ווערק וועגן

הורבן, אָבער דאָס זענען ווי צ י ג ל וואָס מען דאַרף צוזאמענטראָגן אויף איין פּלאַץ און זיי אין ווענט פאַרוואַנדלען, אין דער צייט, ווען די ביכער־סעריע פון פוילישן יידנטום, שטייען פאַר אייך גרייטע, זיי קענען שוין באַלד אין אן אייגענעם בית המקדש זיך פאַרוואַנדלען.

נאָר די וועלכע טוען גאָרנישט, קענען קיין פעלערן ניט טאָן, אויך אין דער אַרבעט פון פאַרלאג האָב איך אָנגעמערקט געוויסע זאכן, וואָס מ יי ן ווייניקייט מיינט, אַז מען וואָלט זיי געקענט אויסמיידן אָדער פאַר־בעסערן. וועל איך דאָס אפשר טאָן ביי דער נ אָ ר מ א ל ע ר, וו אָ־ כ ע ד י ק ע ר אַרבעט פון פאַרלאג.

צו דעם ה יי נ ט י ק ן יום־טוב אָבער:

עס איז דאָ ביי אונדז אַ יום־טוב פון שמחת־תורה. עס איז אָבער ניט ד ע ר יום־טוב פון מאָדערנעם יידישן ספר, וואָס מיר יידן בּייטיקן זיך ביז היינטיקן טאָג. קען זיין, אַז פריער, אין נאָרמאלערע צייטן, האָבן מיר זיך אין דעם ניט געַנויטיקט. א י צ ט אָבער, צו אַזאַ יזכור־טאָג, ווי דער טאָג פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל, דאַרף צוקומען דער חג־הספר, וואָס דאַרף אויסגערופן און באַשטימט ווערן אין טאָג ווען עס איז אַרויס דער ערשטער באנד פון דער ביכער־סעריע פון פוילישן יידנטום.

פון די ווייניקע ניסים וואָס דער גורל האָט צוגעטראָגן אונדזער לעבן, איז פאַראַן דער נס פון כתל־הספרים וואָס עס האָט אונדז צוגעטראָגן דער צענטראל־פאַרבאנד פון די פוילישע יידן. ד ע ם נס לאָמיר אין אַ יום־טוב פאַרוואַנדלען אויף אַלע אונדזערע אייביקייטן. ווער נאָך אַזוי ווי מיר, זענען פאַרבונדן מיט דעם ספר? ד א ר פ ן מיר דעם ספר געבן גלייכ־באַרעכטיקונג אין איין ריי מיט אונדזערע גרעסטע יום־טובים.

וואָלטן מיר פ ר י ע ר געהאט אַזאַ יום־טוב, וואָלטן מיר זיכער געקענט איצט זאָגן:

„כ'וואָלט דעם פרילינג פאַריאָגט און דעם זומער פאַרטריבן,
דעם חשוון באַרויבט פון זיין גאָלד.
איז אפשר וואָלט דעמאָלט מיין וואָרענונג באַנומען
מיין מאַמע, מיין ברודער, מיין פאָלק".

(רחל קאָרן).

# די שטאָט וואָס איז געווען אַ מאַמע פאַר יידן

„עיר ואם בישראל".

יהואש טייטשט אויס דעם מאָדנעם באַגריף פון שמואל ב׳ — זייער פשוט: „אַ שטאָט און אַ מוטער ביי יידן". אין זיינע „הערות צום תנ׳ך" דערקלערט דער איבערזעצער, אַז דערמיט מיינט דער בעל התנך צו זאָגן, אַז ס׳איז „אַ גרויסע און וויכטיקע שטאָט".

דער מחבר פון די „יידישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע" ש. פּעטרושקא ע״ה ברייטערט אויס דעם קאָמענטאַר. דאָרט זאָגט ער: „וועגן אַ גרויסער יידישער שטאָט וואָס האָט אַ באַדייטונג אַלס צענטער פון תורה זאָגט מען „עיר ואם בישראל".

אַ שטאָט — אַ מאַמע... ווי מאָדנע און ווי — וווּנדערלעך.

עס קומט אויס, אַז ווען דער באַגריף וואָלט אין תנך ניט געווען, וואָלט מען עס געמוזט צוטראַכטן ספּעציעל פאַר —

ווילנע.

איז דען פאַראַן אַ שטאָט אין אונדזער צעשפּרייטקייט וועלכע האָט זיך אַזוי פאַראייביקט אין אונדזער געשיכטע ווי ווילנע?

צענדליקער ספרים און וויכטיקע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און אָן אַ שיער ראָמאַנען, דראַמעס, דערציילונגען, פּאָעטישע ווערק און באַשרייבונגען איז דער שטאָט געווידמעט געוואָרן.

ווילנע איז געווען פון די סאַמע ערשטע שטעט אין אונדזערע תפוצות וועלכע איז פאַרדאָקומענטירט געוואָרן אין אַ בוכפאָרעם קריה נאמנה פון שמואל יוסף פין, דערשינען אין 1869.

דער אַרבעטסזאַמער ווילנאָפיל, דער קדוש זלמן שיק, האָט שוין געהאַט צוגעגרייט אַ צווייטן באַנד פון זיין אַנטאָלאָגיש בוך „1000 יאָר ווילנע".

אַ צווייטער זון פון דער געליבטער מאַמע־שטאָט, יעפים ישורון, האָט אין זיין נייער היים, ניו־יאָרק אַריינגעגעבן זיין גאַנצע ליבשאַפט צו ווילנע אין איבער טויזנט זייטן.

דאָס זענען געווען שטאַרקע ליבע־אויסברוכן צו די וויכטיקע היסטאָרישע ווערק פון ש. י. פין, ס. בערשאַדסקי, דוד מגיד, דר. י. צינבערג, י. קלויזנער און אנד.

אין יאָר 1933, ווען דער ניי־געקליבענער פּרעזידענט פון דייטשלאַנד, הינדענבורג, האָט איבערגעגעבן דעם קאַנצלערמאַכט דעם היטלער־טייוול,

האָט די יידישע ווילנע זיך דערמאָנט אין ציטער, אַז מיט 300 יאָר פריער, האָט דער גייער קיניג פון פוילן, וולאַדיסלאַוו דער פערטער, צוזאַמען מיט אייניקע פּריווילעגיעס פאַר ווילנער יידן, ניט פאַרגעסן אויך צו באַגרענעצן דעם וווינאָרט־שטח פאַר די יידן פון דער שטאָט און איינשטעלן אין צענטער — אַ געטאָ.

מיט 20 יאָר שפּעטער — 1953 — איז שוין אַזאַ פּריווילעגיע אויך ניט געווען. די איבערגעבליבענע יידן וועלכע די נאַציס האָבן געהאַלטן אויפן זעלבן געטאָ־שטח, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט דער פּוילישער קעניג, זענען פאַרניכטעט געוואָרן.

**
*

אָרעם איז ווילנע געווען. אוי, ווי אָרעם...

אויב אברהם ליעסין האָט פאַראייביקט דעם יידישן קונה וואָס האָט נאָר צו קויפן פאַר אַ קאָפּיקע הערינג, האָט ער דאָס זיכער געמיינט — אַ ייד פון דער ווילנער אָרעמקייט. און ניט זעלטן, ווייס איך דאָך פון זיך אַליין, איז דאָך די קאָפּיקע אויך ניט געווען.

אָרעם איז ווילנע געווען, אוי, ווי אָרעם... און — אַזוי ר יי ד.

אַ שמאָלער טייך האָט דורכגעשניטן די שטאָט, די ווילִיע. אַרום דער שטאָט — אַ גרינער גאַרטל פון סאָסנעס און יאָדלעס־וועלדלעך און פאַרזעצטע גרויע שטיבלעך. קרעמערס זעקס שטאָקיקער מויער איז געווען דער איינציקער וואָלקנקראַצער אין שטאָט פון צוויי מאָל הונדערט טויזנט איינוווינער מיט אירע פופציק טויזנט יידישע נפשות און —

דורך זייער גאָרער געשיכטע האָבן ווילנער און אַפילו גרים, אין וועלכן העק־וועלט זיי האָבן זיך נישט געפונען, כסדר זיך דערמאָנט ווערטער אָדער געזונגען אַ ניגון, אין די פאַרשידנסטע וואַריאַציעס, וואָס האָט זיך אין געטאָ אויסגעקריסטאַליזירט אין:

ווילנע, ווילנע, אונדזער היימשטאָט,
אונדזער בענקשאַפט און באַגער.
אַך, ווי אָפט, עס רופט דיין נאָמען
פון מיין אויג אַרויס אַ טרער...

טויזנטער יוגנטלעכע פון די ווייטסטע פונקטן פון פוילנלאַנד האָבן געצויגן קיין ווילנע זיך לערנען. אויף בוידעם און אין קעלער־שטיבלעך, אין גערטנער און אין ביבליאָטעקן האָבן זיי יומם ולילה זייער יידיש און וועלט־וויסן געשעפּט.

אַלע, אַלע זענען דאָ פאַרווילנעריש געוואָרן. סיי די שוואַרצערדיקע, געזונט־יידישע וואָלינער, סיי די אַסימילירטע, שטאַרק־פרעמדלעכע גאַליציִשע.

האָט מען זיך דען געקענט פאָרשטעלן אַ יידישן דאָקטער צי אַן אַנדער פּראָפעסיאָנאַל אין ווילנע וואָס זאָל נישט קענען ווי געהעריק רעדן יידיש?

עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די קאָנגרעסן פון די יידישע מע־דיצינער אין ווילנע זענען געפירט געוואָרן אין יידיש און וואָס דער דריי־חדשימדיקער זשורנאַל פון דעם פאַרבאַנד האָט די שווערסטע, וויסנשאַפט־לעכע ענינים באַהאַנדלט אין זייער מאַמע־שפּראַך, יידיש.

די שטאָט איז טאַקע געווען אַ מאַמע פאַר אַלע. נישט נאָר פאַר די געבירטיקע. אַ טאָג, און ווער רעדט נאָך מער ווילנע — און די צייט וועט שוין קיינמאָל ניט אַרויס פון זכרון. וויניק: ווילנע, ווי דאָס רוב מאַמעס אויף זייערע קינדער, האָט געהאַט גרויס השפעה אויף אירע איינוווינער, גע־ענדערט צום בעסערן כאַראַקטערן, מיינונגען. פאַרפעסטיקט, פאַרוואָרצלט און פאַראייביקט אין יעדערן ליבשאַפט, צו יידישקייט, צום פאָלק.

די מאַמע — ווילנע האָט געצאָרנט אויף עלטערן וועלכע האָבן גע־שיקט זייערע קינדער אין יידישע שולן מיט דער פּוילישער אונטעריכט־שפּראַך:

— עס טאָר אַזוינס ניט געשען אין אונדזער ירושלים!

די מאַמע־שטאָט האָט געצאָרנט ווען אַ ייד האָט אויף זיין קלייט, וואַר־שטאָט, ביוראָ אויסגעמיטן די יידישע אותיות אויף זיין שילד:

— מען טאָר אַפילו די שוועל ניט אַריבערטרעטן פון אַזאַ ייד וואָס שעמט זיך מיט יידישע אותיות.

די מאַמעלע האָט ניט געהאַלטן די שפּראַך סתם פאַר אַן עיקר. ביין. אָבער ווער קען זיך דען אַנדערש פאָרשטעלן יידישקייט אין אַנדער שפּראַך?

דער טעכניקום פון „אָרט" האָט אַרויסגעלאָזן די בעסטע ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן אָפט קאָנקורירט מיט געענדיקטע אינזשעניערן — און עס איז געווען נאַטירלעך וואָס אַלע לימודים (מעכאַניק, עלעקטריע, דיזעלמאָטאָרן און אַנדערע) זענען דורך די ספּעציאַליסטן לעקטאָרן געפירט געוואָרן אין יידיש.

האָט געקענט דען אַנדערש איינפאַלן די יידישע פּילסודטשיקעס אין וויל־נע ווי אַרויסצוגעבן זייער טאָגצייטונג נאָר אין יידיש?

האָט די מאַמע־שטאָט געקליבן נחת פון די הונדערטער תלמידים, וועל־כע האָבן יעדער יאָר געענדיקט די יידישע אָדער העברעאישע טאָגשולן, גימ־נאַזיעס, סעמינאַרן, פּראָפעסיאָנעלע שולן, מוזיק־אינסטיטוטן, קראַנקן־שוועס־טער־קורסן און דאָס גלייכן.

די געענדיקטע האָבן זיך דערנאָך צעשפּרייט איבער דער גאַנצער פּוי־לישער פּראָווינץ און אַפילו ווייט־ווייט אויסער די גרענעצן פון לאַנד. אומע־טום האָבן דער מאַמע־ווילנעס שליחים געזייט ליבשאַפט און שפּעטער איז פון דעם אַרויסגעוואַקסן קיומדיקייט: פאַרן ישוב, פאַרן פאָלק.

ווען ירושלים ד'ישראל איז געווען מיט חלומדיקע בענקשאַפט אַרומגעטר־

ליעט האָט די ירושלים ד׳ליטא זיך געקרוינט מיט גאונים, שריפטשטעלער, רעוואָלוציאָנערע טוער וועלכע זענען אַרויסגעוואַקסן געוואָרן פון די נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע באַוועגונגען, וועלכע זענען אין די צעהויקערטע געטאָ־געסלעך געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן.

— — — איצט איז שוין צען יאָר ווי דער ווילנער יידישער ישוב איז שוין מער ניטאָ.

די שטאָט איז געבליבן. מען קען אַפילו זאָגן, אַז די באַפעלקערונג איז אין צאָל ניט געמינערט געוואָרן.

עס האָט זיך אָבער אָפּגעטאָן די שכינה פון איר, די נשמה פעלט, — דאָס יידישע.

די נאַציס האָבן געטאָן לויט זייערע מעגלעכקייטן: אַ תל געמאַכט פון אַלעם, פון אַלץ.

דאָס ווייניק געבליבענע האָט געהאַפּט, אַז די סאָוועטן וועלן צוריק אויפשטעלן דאָס חרובע. געבן כוח צו בויען די לעבנגעבליבענע. האָבן אויך די סאָוועטן באַוויזן צו טאָן דאָס מעגלעכע: פאַרניכטעט (מוזייִ, שול, אַלטן בית־עולם און אַנדערע), וואָס די נאַציס האָבן ניט באַוויזן און פאַרשיקט אין סיביר די לעבנגעבליבענע.

בענקט זיך און וויינט זיך:

ווילנער טייכן, ווילנער פעלדער, ווילנער וועלדער, באַרג און טאָל. עפּעס נאָיעט, עפּעס בענקט זיך נאָך די צייטן פון אַמאָל — — —

האָט זיך ווער געקענט אַמאָל פאָרשטעלן, אַז מען וועט בענקען נאָכן אַמאָל?

דער אַמאָל האָט דאָך אין „דעמאָקראַטישן פוילן" געמיינט זיין רעכטלאָז, צו קעמפן טאָג ווי נאַכט פאַר באַשיצן עקאָנאָמישע און קולטור־פּאָזיציעס, צו באַשיצן זיך אַליין, דעם אייגענעם נפש.

האָט די צייט געוויזן, אַז מען טאָר ניט זינדיקן...

די טייכן, פעלדער און וועלדער, בערג און טאָלן אַרום דער שטאָט, זענען אין בית־עלמינס פאַרוואַנדלט געוואָרן.

— ווו זענען די טויזנטער תלמידים פון די יידישע שולן, די לערערס? ווו איז ד״ר וויגאָדסקי, משה שאליט, נח פרילוצקי, הירש גליק און... און...

— אין די פעלדער, וועלדער — — —

— ווו איז זלמן רייזען, טשערניכאָוו — און פון פריער — עריק, קולבאַק און... און...

— אין די סיבירער שנייען —

בענקט זיך דעריבער אַזוי שטאַרק נאָכן אַמאָל.

כאָטש מען איז אָרעם געווען, דערדריקט...

די אַמאָליקע מאַמע־שטאָט ווילנע קען מען ניט פאַרגעסן.

די פאַרניכטער אירע קען מען ניט ניט געדענקען.

ווילנע איז געווען מער ווי אַ שטאָט —

ווילנע איז געווען אַ מאַמע.

איבער דעם נאָך מלחמהדיקן פּוילן

# וואָס איך האָב געזען און געהערט אין קעלץ

## אַ שטאָט ווי אַלע שטעט

איך האָב געמיינט, אַז די עיר ההרגה קעלץ, וועט נאָך דעם פּאָגראָם אויסזען אַנדערש ווי אַלע שטעט. כ׳האָב געמיינט, אַז איך וועל אין שטאָט געפינען גרויסע קלעפּסידרעס אויף די גאַסן, אַז פענער וועלן אין טרויער זיך וויגן איבער די קדושים, אַז די באַפעלקערונג וועט אַרומגיין דערשלאָגן און פאַראומערט. כ׳האָב געמיינט...

ווען איך בין אַריינגעפאָרן אין שטאָט, האָט זיך מיר צוערשט אויסגע־דוכט, אַז איך בין פאַרפאָרן ערגעץ אַנדערשוווּ. צי דען אַזוי זעט אויס אַ שטאָט נאָך אַזאַ בלוטיקן פּאָגראָם? אַזוי לעבעדיק — הייטער זעען אויס די איינוווינער? גאָט מיין גאָט, וואָס טוט זיך דאָ?

די רויטע צעטלען אויף די גאַסן, האָבן אָבער איבערצייגט, אַז איך גע־פין זיך אין קעלץ. „צו דער באַפעלקערונג!“ — רופט דער פעטער שריפט פון די צעטלען. זעלטן אָבער, זעט זיך, אַז ווער פון דער באַפעלקערונג זאָל לייענען אַז „נעכטן איז ביי אונדז אין שטאָט פאָרגעקומען“...

ווי קיין זאַך וואָלט נישט געשען, ווי גאָר נישט וואָלט געווען. די זון בלויז האָט זיך אין די וואָלקנס באַהאַלטן און וויל זיך נישט ווייזן.

## ווו זענען די גוראַטעוועטע?

איך זוך אַ יידיש פּנים אין גאַס און קאָן נישט געפינען. נישט אַלע יידן אין קעלץ זענען דאָך אויסגעשאָכטן, ווו זענען די איבעריקע? דאָס הויז פון יידישן קאָמיטעט, דאָרט ווו ס׳האָבן געוווינט אַ סך יידן, אויף דער פּלאַנטע גאַס 7, איז פאַרחתמעט, דער שאָפער דערפירט צו דער זיכער־הייטס־מאַכט.

— פאַרוואָס עפּעס אַהער? — פרעג איך.

— ווייל דאָ — קומט אַ דערקלערונג — קענען זיך די יידן פילן זיכע־רער, דאָ וועט זיי קיינער נישט וואַגן שלעכטס צו טאָן...

הייסט עס אַז, די מערדער זענען נאָך אַלץ נישט באַרואיקט, ס׳איז זיי נאָך אַלץ ווייניק.

## צווישן יידן

אויפן הויף פון דער זיכערהייטס־מאַכט, זעען אויס די גראַטעוועטע, ווי שאַטנס, מיט פאַרבאַנדאַזשירטע הענט, פיס, קעפּ. דאָס בלוט ווייקט זיך נאָך די באַנדאַזשן דורך, דאָס געשווילעכטס פון אונטער די אויגן איז ביי אייניקע, פון די ווונדן, וואָס מען האָט זיי געמאַכט און ביי אַנדערע פון טרערן. דאָס זענען אָבער בלויז די לייכט פאַרוווּנדעטע, די שווערערע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין לאַדזשער שפּיטאָל, ווו זיי ראַנגלען זיך מיטן טויט. ס'זענען דאָ אויך פאַראַן יידן, וועמען די מערדער־הענט האָבן נישט באַוויזן צו דערגרייכן, אָדער וואָס האָבן זיך אין גרויסן אַרויסגעריסן פון טויט. ביי עטלעכע זענען נאָך די קליידער צעריסן, עטלעכע גייען אַרום אין די בלויזע צעריסענע העמדער, ווייל די אויבער־רעקלעך, די מאַנטלען האָבן די רויבער־מערדער באַוויזן צונעמען איידער די קרבנות האָבן געדאַרפט דער־מאָרדעט ווערן. צווישן די גראַטעוועטע זענען פאַראַן אַזעלכע, ביי וועלכע עס זענען דערמאָרדעט געוואָרן די נאָענטסטע. בלויז צופעליק זענען זיי אַליין געבליבן לעבן. אויך זיי, די ביים לעבן פאַרבליבענע זעען אויס, ווי נישט קיין לעבעדיקע, האָבן שוין קיין כוח נישט אפילו צו וויינען, צו רעדן, ווי טויטע.

### ווי אַזוי מיר האָבן זיך „גראַטעוועט"?

—ביידע זענען מיר דאָך געווען אין אָשוויענטשים, — האָט דאָס מיידל ראָזענבלום זיך געבעטן ביי דעם מיליציאַנער בלאַכיטש. לאָז מיך לעבן. — איצט וועלן מיר אייך אַלעמען אויסהרגענען — האָט בלאַכיטש ווילד איר אַ זעץ געטאָן מיט דער ביקסן־קאָלבע אין בויך. דאָס מיידל איז געפאַלן אויף דער ערד, און ווען ער האָט זיך גענומען צו אַ נייעם קרבן, האָט זי באַוויזן אַנטרינען צו ווערן.

גאָלדע סאמבאָרסקי איז געווען גליקלעך, וואָס ענדלעך וועט זי גע־בוירן אַ קינד, גליקלעך איז אויך געווען איר מאַן. דאָס געבורט איז דער־וואַרט געוואָרן יעדער טאָג. אין פּאָגראָם־טאָג, האָט אַ שפּיז פון אַ מערדער דורכגעבויערט דעם בויך. גאָלדע פאַלט אַ פאַרגאָסענע מיט בלוט. שפּעטער ווערט זי געבראַכט אין שפּיטאָל, דאָקטוירים נעמען אַרויס דאָס דערמאָר־דעטע קינד פון בויך, צי וועט די מוטער כאָטש בלייבן לעבן?

הערשל פריינער, אברהם ראָטענבערג און משה קאַנער זענען פון לובּ־לין געקומען אין די פרימאָרגן־שעהן אין קעלץ, אויף דער סטאַציע ווערן זיי איבערגענומען דורך די פּאָגראָמשטשיקעס, ווערן מוראדיק געשלאָגן. אַ פּוילישער מאַיאָר שטעלט זיין לעבן איין, און ראַטעוועט זיי.

מאַטעס גאָטליב האָט זיך באַוויזן אַרויסצורייסן פון קעלץ און איז אַנ־

געקומען אין דערבייאיקן דאָרף פּעקאָשאָוו. די דאָרטיקע פּויערים נעמען אַלץ ביי אים צו, בינדן אים, און רופן אַ מיליציאָנער, וועלכער וויל אים שוין שיסן. דער גערויש פון אַן אויטאָ, וואַרפט אַן אַ פּחד אויף דעם שיסער. גאָטליב איז געראַטעוועט.

יוסף גאָלד איז געפאָרן אויפן דאַך פון צוג (אינעווייניק איז קיין אָרט נישט געווען) קיין קעלץ. זיינע שכנים־פּאַסאַזשירן האָבן דערקענט אַז ער איז אַ ייד און אויף דער סטאַנציע האָבן זיי אים אַראָפּגעוואָרפן פון דאַך. ער איז געבליבן ליגן אויפן אַספאַלט, וווּ עס איז שוין געלעגן אַ דערשאָסע־נער ייד, נעבן וועלכן עס איז געשטאַנען אַ באַוואָפנטער.

— אַ ייד? — רופט אויס דער באַוואָפנטער און כאַפּט זיך צום גע־ווער.

— איך וועל דיך ווי אַ הונט אַוועקלייגן! — האָט מיטאַמאָל, ווי אַ בת־קול פון ערגעץ, זיך ווער אָפּגערופן. ביידע האָבן זיך אָפּגעקערט צום פרעמדן. ס'איז געווען אַ יידישער קאַפּיטאַן.

## מיט העק, אייזנס, מעסערס

דאָס שוידערלעכסטע אין פּאָגראָם איז דאָס, וואָס איידער די דערמאָר־דעטע האָבן זייערע הייליקע נשמות אויסגעהויכט, זענען זיי פריער מאַסאַק־רירט געוואָרן מיט אומדערהערטע פּייניקונגען. קיינער כמעט האָט נישט געהאַט דאָס גליק דערשאָסן צו ווערן. דער ווילדער המון האָט זיך אויף די יידן אַרויפגעוואָרפן און זיי פּשוט געלינטשט, צעריסן די קרבנות מיט די הענט, צעטאָפּטשעט מיט די פיס, צוהילף גענומען העק, אייזנס, שטיינער, פלעשער...

אַך, ווי שרעקלעך, ווי שוידערלעך, ווי גרויזאַם!

## ווי וועלן זיי קומען צו קבר ישראל

צו די איבער 40 קרבנות פון קעלץ, זענען פאַראַן ביי 30 קרבנות אויף די דערבייאיקע באַן־סטאַנציעס. אַזוי, למשל, גיט מען אונדז איבער פון טשענסטאָכאָוו, אַז דער דאָרטיקער יידישער קאָמיטעט האָט באַקומען אַ טעלעפאָן אָפּצוואַרטן אויפן באַנעטן צוג אין וועלכן עס דאַרפן אָנקומען 5 פאַרוווּנדעטע קעלצער יידן. די 5 יידן זענען אָבער נישט געקומען. ס'איז אָנגעקומען אַ צווייטער טעלעפאָן, אַז די יידן זענען אויף אַ צווייטער סטאַ־ציע דערהרגעט געוואָרן.

ווער זענען זיי? ווער וועט זיי צו קבר ישראל ברענגען? ווער וואַרט נאָך אויף זייער קומען?

ש. קאַטשערגינסקי

## ווער זענען די דערמאָרדעטע?

ביז 200 יידן האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין קעלץ. אַ גרויסער טייל פון זיי זענען אָנגעקומען די לעצטע וואָכן, די לעצטע טעג, דעם זעלבן פרי־מאָרגן. די מערדער האָבן געוואָלט נישט נאָר דעם נפש פון זייער קרבן, נאָר אויך זיין פאַרמעגן, — די קליידער, שיך, די וועש. דעריבער איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן די נעמען פון די 7 קרבנות, ווייל אויסער דעם וואָס די מערדער האָבן זיי פאַרן טויט באַרויבט און אויסגעטאָן נאַקעט, האָבן זיי נאָך פאַרוואַנדלט זייערע פּנימער און גופים אין אַ פאַרבלוטיקטער מאַסע.

## ווער זענען די דערקענטע?

ד״ר סעווערין כהנא איז געווען דער פּרעזעס פון יידישן קאָמיטעט, אַ פּאַרטיזאַן און פראָנט־קעמפער. שוין געהאַט די נויטיקע פּאַפּירן אָפּצופאָרן קיין אויסלאַנד. משה מאָראָוויעץ, מאַגאַזינער פון יידישן קאָמיטעט. ווייַנבערג איז געקומען דעם זעלבן טאָג פון כמעלניק. פלוטנאַ שלום — זעלנער פון דער סאָוועטישער און פוילישער אַרמיי. איזאַק פּרייס, פּאָרוטשניק, — געוועזענער אייגנטימער פון „האָטעל פּאָלסקי". לייזער האָרענדאָרף — געווען אין געטאָ און לאַגערן. פרוי רייזמאַן פון ראַדאָם (דער מאַן ליגט שווער פאַרוווּנדעט אין שפּיטאָל). רעגינאַ פיש און איר 4 וואָכנדיק קינד אַדאַש. פּראַשאָווסקי אסתר, אַ קראַנקן־שוועסטער, איז געווען פאַרנומען אין די פרי־מאָרגן־שעהן מיטן פאַרבאַנדאַזשירן די פאַרוווּנדעטע און איז ביי דער אַרבעט דערמאָרדעט געוואָרן; די דערמאָרדעטע איז געווען אין אָשוויענטשים און לעצטנס אין קעלץ — סעקרעטאַרין פון דער יידישער קהילה. אברהם ווייַנטרויב (פּאָדפּאָרוטשניק), ווייַנריב (קאַפּיטאַן). שמואל קאַרפּ (סערזשאַנט), דאָס נישט געבוירענע קינד פון דער פרוי סאמבארסקי און די חלוצים, רעפּאַטריאַנטן און געטאָ־יידן, אייזנבערג, אַלבירט, ברוק ישראל, גוטווורצעל פאַליע, גורשטוך ביילע, גערטנער ביילע, דושקא פליטרא (אַ קינד), ווזצעלער, טעלעמבוים נתן, מילקאָווסקי מענדל, סאָקאָלסקי יחיאל, פיינקוכען, פרידמאַן בערל, קאס, הערשל און מ. קערש, ראבינדאָרף, רייזמאַן, ז. שולמאנאָוויטש, שומאכער פאניע. די רשימה איז נאָך נישט קיין פולע.

## עס רירט זיך דער טרויער־צוג

עס זענען געקומען מיט זייערע פענער און בלומענקרענץ פּאַרטייען, פאַראיינען, פאַבריקס־אַרבעטער, מיליטער, מיליציע. עס זענען געקומען באַגלייטן צו דער אייביקער רו זייערע נאָענטסטע, — די לעבן־פאַרבליבענע יידן אין קעלץ. עס איז געבראַכט געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס אין קאַסטנס דאָס געביין פון די קדושים.

וויגן זיך די אויטאָס איבערן ברוק. וויגן זיך די ארונות. אין יעדן אויטאָ אַן ארון. אין צוויי מאַשינעס ליגן נעבן זייערע מוטערס, אויך קליינע קעסטעלעך פון זייערע קינדערלעך. רואיק און לאַנגזאַם גייט נאָך דער המון. ביי ווען עס ווערט דאָס האַרץ צעריסן אין שטילן וויי, ווער עס קען נישט אויסהאַלטן און גיסט אויס זיין ווייטיק אין יאָמערלעכע טרערן, ו׳ער עס גייט גלייכגילטיק און ווער עס גייט, ווייל מען דאַרף, ווייל מען מוז...

ציען זיך די אויטאָס איינע הינטער די אַנדערע אין אַ לאַנגער, לאַנגער ריי. פלאַטערן פענער איבער די באַגלייטער. „כבוד די קדושים" שרייען די בענדער פון די בלומען־קרענץ. „אַ טויט די מערדער!"

## אַ העלד

צווישן די באַגלייטער, טויכט אַרויס פון דער ערשטער ריי, ווו עס גייען די מיטגלידער פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט (ד"ר בערמאַן, זעליצקי, פישגרונד, קאָסאָווער) די הויך־וווקסיקע פיגור פון קאָמאַנדאַנט פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, יצחק צוקערמאַן (אַנטעק). געוואַגטקייט און מוט האָט ער אַרויסגעוויזן אין דער אָקופּאַציע־צייט, און אויך איצט האָט ער עס. די קעלצער געראַטעוועטע יידן, וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן די מינוט, ווען זיי זענען געלעגן פאַרלאָזטע, צעשלאָגענע, פון אַלעמען פאַרגעסענע, און מיטאַמאָל, איז ווי פון יענער וועלט אָנגעקומען דורך דער געפערלעכער פינצטערער נאַכט, וואָס האָט געפירט קיין קעלץ — אַנטעק. קיינער האָט נישט געוואַגט צו פאָרן אין אַזאַ צייט. אַנטעק איז אָבער אויך דאָ געווען אויף זיין פּלאַץ. אין אַן אויטאָ מיט שפייז פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט איז ער — אין דער זעלבער צייט, ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז אין קעלץ קומט פאָר אַ פּאָגראָם, — אַרויסגעפאָרן צו הילף זיינע ברידער. נישט נאָר שפייז האָט אַנטעק געבראַכט, די האַלב־טויטע יידן האָט ער געבראַכט צום לעבן. זיי האָבן זיך דערפרייט מיט אים, געפאַלן אים קושן, און ער. — קיין איין מינוט נישט רוענדיק, איז אַרומגעפאָרן אין אַלע עקן שטאָט זוכן געראַטעוועטע יידן. צונויפגעבראַכט זיי, אָרגאַניזירט דאָס גיכע אַרויספאָרן פון די שווער־פאַרוווּנדעטע אין לאָדזש. געגעבן באַפעלן, — און ווילנדיק, נישט ווילנדיק האָבן אַלע זיינע באַפעלן אויסגעפירט, סיי דער מיליציאָנער אויף זיין פּאָסטן, סיי דער דאָקטער און שוועסטער אין שפּיטאָל.

איצט איז צוקערמאַן אין קעלץ צום צווייטן מאָל. דעם ערשטן מאָל האָט ער געהאָלפן אַרויסראַטעווען פון טויט די, וועלכע האָבן זיך מיטן טויט געראַנגלט, וואָס זענען געווען אין די נעגל פון טויט, איצט גייט אַנטעק מיט אונדז באַגלייטן די קדושים צו זייער אייביקער רו.

ש. קאַטשערגינסקי

## אויפן בית־עולם

פאַרטיק איז שוין דער גרויסער ברודער־קבר. אַ טיפע גרוב פון 30 מעטער די לענג און 5 מעטער די ברייט. אַרום קבר — ליגט אָנגעשאָטן דער פרישער געלער זאַמד און וואַרט צוריק פאַרשאָטן צו ווערן.

שוין אויסגערונען אַלע טרערן. נישטאָ קיין ווערטער צום רעדן. די שטומקייט רעדט. די קעלצער טראָגן אויף זייערע אויסגעמאַטערטע פּלייצעס די טייערסטע זייערע, — שוועסטער און ברידער, פרויען און קינדער. וואַקסט די ריי פון די טויטע, איין ארון לעבן צווייטן. אַ ספּאַזמאַטיש געשריי רייסט דורך פון צייט צו צייט די בית־עולם־שטילקייט, אַ פרוי דערזעט דעם אויפשריפט אויפן ארון פון איר מאַן, אַ מאַן דערזעט דעם ארון פון זן פרוי און קינד, אַ געשריי פון טיפסטן האַרץ־אַרויס און ווידער שטיל. די כוחות זענען שוין לאַנג אויסגעלאָזט. מען לעבט מיט דער אינערץ.

„אין נאָמען פון יידישן קיבוץ אין פוילן, אין נאָמען פון יידישן פאָלק, — שניידט דורך די מעכטיקע שטים פון דעפּ. ד״ר א. בערמאַן, — געזעגן איך אויף אייביק די קרבנות פון גרעסטן פאַרברעכן קעגן דעם יידישן פאָלק, ביי דער היינטיקער צייט! — שטילער פון שטיל. ווי צוגעשמידט צו דער ערד, שטייען אַלע. — יידיש פאָלק הויב אויף דיין שטים! הויב אויף דיין פויסט קעגן דער מאַכט פון פינצטערניש! און צו אייך קעלצער יידן רופן מיר, זייט איר פון די ערשטע, וועלכע דאַרפן פאַרווירקלעכן די גרויסע, הייליקע צוואה פון די אומגעקומענע: קעמפן קעגן די, וועלכע ווילן דאָס יידישע פאָלק פאַרניכטן!״

„אויף דער גאַנצער וועלט זענען צעזייט די גלידער, פון די מיליאָנען קדושים אונדזערע, — וויינט אויס הרב כהנא, — ווען עס קומט דער פרילינג, קומען מענטשן אויף די בית־עלמינס צו זייערע טייערסטע און לאָזן אויפן קבר אַ בלום, אַ טרער, — ווו זאָלן מיר אָבער אונדזערע טרערן גיסן, ווו זענען די קברים פון אונדזערע טייערסטע, מיר זאָלן בלומען קענען דאָרט ברענגען? די גאַנצע ערד איז דורכגעזאַפּט פון אונדזערע טרערן, ווו מיר זאָלן נישט שטיין, שטייען מיר אויף קברים... פאַרוואָס, — רייסט אויס הרב כהנא אַ געשריי פון האַרץ אַרויס, — פאַרוואָס הויבן נישט אויף זייער מעכטיקע שטים קעגן דער באַרבאַריי, די גייסטלעכע אָנפירער פון פוילישן פאָלק? צי איז דער אַלמענטשלעכער געבאָט פון „לא תרצה״ נישט נוגע יידן״?

עס פאָדערט די גערעכטע שטראָף פאַר די פאַרברעכער מיניסטער קאַטשעראָווסקי. עס זאָגט צו ביי די קברים, פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן די באַנדיטן — אַ פאַרשטייער פון פוילישן מיליטער. געזינדיקט קעגן דעם יידישן פאָלק, — איז מודה פּראָפעסאָר גורעצקי — האָט דאָס פּוילישע פאָלק. נישטאָ קיין פאַרגעבונג די פאַרברעכער. תליות פאַר זיי!

אל מלא רחמים...

אַ יאָמער טראָגט זיך דורך דעם בית־עולם, ווען משה קוסעוויצקי דער־מאָנט די „נשמות הקדושים והטהורים קדושי קעלץ שהלכו לעולמם"... קומט אויס, אַז אָט־אָט און די הימלען איבער אונדז וועלן צעריסן...

די הימלען זענען אָבער ווי געווען. די מענטשן אויך. און טויטע וועלן לעבעדיק נישט ווערן. מיר לאָזן איבער אויף דעם גרויסן ברודער־קבר אונ־דזער געשריי אויף די בלומען־קרענץ.

אייביקער כבוד אייך קרבנות פון קעלץ!
אייביקע שאַנד אייך, מערדער פון קעלץ!

## צוריק פון דער שחיטה־שטאָט

פאַרנאַכטלעך זענען מיר אַרויסגעפלויגן פון דער שטאָט.

עס קען אַלץ נישט באַגרייפן די מערדעריי דער אַמעריקאַנער זשורנאַ־ליסט ערנעסט זאג. צעווייטיקטע זענען די ניו־יאָרקער יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן פסח נאָוויק, ש. שניידערמאַן, און דער אַרבעטער־טוער ראובן זאַלצמאַן. פאַרזונקען אין ווייטיק איז די דעלעגאַציע פון יידישן ליטעראַטן פאַראיין גראדע, רובינשטיין, עלבערג. פאַרטיפט אין רעיונות זענען די פוי־לישע זשורנאַליסטן.

דער אַעראָפּלאַן יאָגט מיט דער גרעסטער שנעלקייט, ווי ער וואָלט וועלן אונדז וואָס גיכער אַוועקפירן פון דער סדום־שטאָט. עס יאָגט אונדז אָבער נאָך דאָס געוויין פון די קדושים. דער פּראָפּעלער פּרוווט פאַרטויבן דעם שוידער־געוויין, וואָס שלאָגט אָבער דורך די דיקסטע ווענט מיט דער יאָמערלעכער פראַגע:

פאַרוואָס, פאַרוואָס און נאָכאַמאָל פאַרוואָס?

# אין לובלין

זיך לאָזן איצט אין וועג אַריין איז נאָך אַלץ פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. אמת, דער טעראָר איז אַביסל שוואַכער געוואָרן, אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז אויך די באַנדעס זענען שוואַכער געוואָרן. עס זענען נאָך אַלץ פאַראַן אין פוילן גאַנצע געגנטן, וועלכע זענען דורך זיי באַהערשט. ס'איז שווער צו וויסן, וואָסערע כוחות די באַנדעס פאַרמאָגן. קיינער צווייפלט ניט אין דעם, אַז די רעגירונג וועט נאָך האָבן פון זיי אַ סך צרות.

יעדער איינער פילט, אַז אויף עפּעס וואַרטן זיי... און ווי עס וועט נאָר קומען דאָס דערוואַרטע, וועלן זיי ווידער אָנהייבן די בלוטיקע אַרבעט.

צוליב די וועלדער אַרום איז די לובלינער געגנט שטאַרק באַזעצט פון די באַנדעס. דעריבער איז אַ נסיעה קיין לובלין אויך איצט ניט קיין געווענלעכע אונטערנעמונג. עס פאָרן ניט אַהין און אויך פון דאָרטן קיין שום יידן, אַפילו פּאָליאַקן פאָרן דאָרט נאָר דאַן, ווען זיי מוזן שוין. רעגירונגס־באַאַמטע פאָרן מיט געלאָדענע רעוואָלווערן אין די קעשענעס.

עס איז דעריבער פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער ספּעציעלער וואַגאָן פאַר דיפּלאָמאַטן און פרעסע־פאַרשטייער, וועלכע זענען געפאָרן פון וואַרשע אויף די טרויער־פייערונגען אין מאַידאַנעק ביי לובלין, איז געווען אַ שטאַרק באַוואַכטער פון רעגירונגס־מיליטער.

מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין 11 אַזייגער ביינאַכט. אויסער די שטאַרקע מיליטער־פּאַטרולן אויף די גאַסן איז קיינער אין גאַס ניט געווען. אין ווען מיר האָבן געדאַרפט גיין פון יידישן קאָמיטעט (אויף דער ריבנאַ גאַס) אין האָטעל, זענען מיט אונדז געשיקט געוואָרן צוויי פּאָליציאַנטן. דער לובלינער שטאָט־קאָמענדאַנט, וועלכער איז גלייך געקומען צו אונדז אין האָטעל, האָט אונדז געמאָלדן, אַז מיר קאָנען זיין רואיק, אַז עס זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן וואַכן ביי די טירן און קיינער וועט ניט אַריינגעלאָזט ווערן; אַז ער איז מיט זיין קאָפּ פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדז.

די פענצער אין די גאַסן, אין צייכן פון טרויער, האָבן פאַרכטיק געפלאַטערט מיט אָראָפּגעלאָזטער קרעפּ. אויך די באַפעלקערונג, וואָס האָט צוגעזען אין משך פון עטלעכע יאָר דעם רויך פון די קרעמאַטאָריע־אויוונס און זיך געשטיקט מיטן מתים־גערוך, וואָס האָט זיך דערטראָגן אַהער, שטראָמט איצט מאַסנווייז דורך די גאַסן צו מאַידאַנעק אַ קוק טאָן, וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן אַזוי נאָענט פון לובלין.

דאָס ערשטע מאָל בין איך אין לובלין. איך בין געקומען ניט צו זען די שטאָט, נאָר אויך מיט אַלעמען עולה־רגל זיין קיין מײַדאַנעק; אָבער ווי גוצט מען שוין ניט אויס, פּאַראײַנס, די געלעגנהייט צו זען איינע פון די באַרימטסטע עיר ואם׳ס בישראל; ווי קומט מען זיך דאָס ניט צונויף מיט די יידן, וועלכע וווינען דאָ איצט? ווי זעט מען דאָס ניט די געוועזענע געטאָ און די שטאָט־טיילן, וווּ יידן האָבן פאַר דער מלחמה זייער לעבן געשפּונען?

מיר לאָזן זיך צום געוועזענעם יידישן קוואַרטאַל.

די שמאָלע געסלעך באַצויבערן מיט זייער אַרכיטעקטור, מיט זייער געבוי. אָט דוכט מיר, אַז איך בין ווידער אין די געסלעך פון מיין געליבטער היימשטאָט ווילנע. ענגע געסלעך, שמאָלע; די פּאַסן בלויקייט איבער אונדז דערמאָנען, אַז אַ הימל איז אויף דער וועלט פאַראַן. דאָ דערביי און ווייטער, אין אַלע זייטן, זענען קלויסטערס פאַראַן. טראָגן זיך צו אונדז די תּפילות פון די זונטיקדיקע געבעטן צו גאָט.

די זעלבע מתפּללים האָבן אויך גאָט געבעטן דאַן, ווען צו זייערע נאָזלעכער האָט דערגרייכט דער ריח פון מאַידאַנעק. וואָס האָבן זיי דאַן געבעטן? האָבן זיי געבעטן, אַז גאָט זאָל באַשיצן דאָרט די אומגליקלעכע? האָבן זיי געבעטן, אַז גאָט זאָל העלפן די יידן, וואָס ליגן אין אימה און אין ווייַ, אָט דאָ ניט ווייט פון קלויסטער, אין דער אַרומגעצוימטער געטאָ?

וואָס בעטן זיי א י צ ט ?

עס פירט אונדז דער אַלטער לובלינער תושב ר׳ מרדכי צימרינג. דער גורל האָט אים אין דער מלחמה־צייט פאַרשיקט טיף, טיף אין ראַטנפאַרבאַנד, און ווען ער איז באַפרייט געוואָרן און שפּעטער־צו האָט די רויטע אַרמיי באַפרייט זיין לובלין, האָט ער מנצח געווען אַלע שוועריקייטן און זיך דערשלאָגן אַהער. ער האָט געפונען די שטאָט ווי פאַר דער מלחמה, כמעט אַ ניט קיין גערירטע. די צאָל קריסטלעכע איינוווינער איז נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן, אַ גאַס ניט דורכצוגיין; יידן זעט ער ווו ניט ווו אין גאַס. ער לויפט אָבער ווייטער. ער לויפט צו זיין שטוב דאָרט ביים שלאָס, צו זיין פאַמיליע, וועלכע ער האָט דאָ איבערגעלאָזט. ער לויפט דורכן געדראַנג פון דער מענטשן־מאַסע, ער קען גוט די שטאָט און לויפט דורך פאַרשידענע הינטער־הויפן, כדי נעענטער צו מאַכן דעם וועג, און אָט־אָט, ער דערזעט, און . . .

ער דערציילט אונדז, ווי מענטשן האָבן אים שפּעטער געפונען אַ געחלשטן. ניט נאָר וואָס ער האָט זיין פאַמיליע ניט געטראָפן, ניט נאָר וואָס זיין שטוב איז ניטאָ, נאָר דער גאַנצער יידישער קוואַרטאַל, ווו עס האָבן אויפן שמאָלן, ענגן שטח אין אַ צען־צוועלף געסלעך געלעבט ביז 15 טויזנט יידן, — קיין זאַך איז ניטאָ, ווי קיינמאָל וואָלט דאָ גאָרניט געווען. אויף די מיט גראָז באַוואַקסענע בערגלעך פּאַשען זיך איצט בהמות...

ר׳ מרדכי האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, און ער דערציילט:

די דייטשן האָבן די עטלעכע און פערציק טויזנט יידן, וואָס האָבן גע־וווינט אין לובלין, געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייערע הייזער, פונאַנדערגעמען זיי, און מיטן געהילץ און ציגל האָבן זיי, צוזאַמען מיט סאָוועטישע געפאַנ־גענע, געבויט פאַר זיך מאַידאַנעק. כ׳האָב נאָך ניט געהערט פון קיין איין גרעסערער שטאָט, זאָגט ר׳ מרדכי, וווּ עס האָבן זיך געראַטעוועט אַזוי ווײַ־ניק יידן ווי אין לובלין. אויף די פינגער איז זיי צו ציילן.

ר׳ מרדכי רעכנט זיך דאָ פאַרן ערשטן רעפּאַטריאַנט פון ראַטנפאַר־באַנד. שוין באַלד צוויי יאָר איז ער דאָ. אַז ער איז געקומען אַהער, איז נאָך אַ שטיק פּוילן מיט דער הויפּטשטאָט געווען אין די דייטשע הענט. אין לוב־לין האָט זיך דאַן געפונען די ערשט־געשאַפענע פּוילישע רעגירונג. צו לובלין האָבן זיך געצויגן געראַטעוועטע יידן פון אַלע לאַגערן, פון די מאַלינעס און וועלדער. די יידן פון גרויסן רעפּאַטריאַציע־שטראָם האָט געצויגן צו יידן, און זיי זענען אויך געקומען קיין לובלין. צען טויזנט יידן האָבן זיך דאָ צו־זאַמענגעקליבן. דאָ, אין לאָקאַל פון דער יידישער שול, וווּ איך רעד מיט ר׳ מרדכין, האָט זיך געשאַפן דער צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פּוילן, בראש מיט ד״ר זאָמערשטיין. אין דעם לאָקאַל פלעגן טאָג־איין טאָג־אויס קומען צענדליקער פאַרוווּנדעטע, צעבלוטיקטע, אויסגעמאַטערטע יידן נאָך הילף, נאָך אַ וואַרעם יידיש וואָרט.

אַכצן יידישע קינדערלעך, וואָס רויטאַרמייער האָבן פאַרכאַפּט ביי די דייטשן, זענען געווען די תלמידים פון דער יידישער שול. מיט דער צייט זע־נען יידן געוואָרן מער, קינדער מיט זיך געבראַכט, די שול איז געוואָרן גרע־סער, און ווי אין אַלע יידישע קיבוצים, איז אויך איצט פון לובלין אַראָפּ דער „גלאַנץ״.

מיטן באַפרייען פּוילן פון דייטשישן יאָך, האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן איבערן לאַנד זוכן קרובים, פריינד, באַקאַנטע, אפשר... אפשר...

עס האָבן געצויגן צו זיך וואַרשע, קראָקע, לאָדזש, לובלין ווערט אַ פאַרוואָרפן העק. איצט זענען דאָ אין לובלין 7 הונדערט יידן.

אַ קאָמיטעט־מיטגליד זאָגט פאַראויס:

— דער יידישער קיבוץ אין לובלין וועט, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, פאַרשווינדן. מיר זענען דאָ ווי אָפּגעשניטן פון דער וועלט און פון לאַנד. אין גאַנצן קרייז אַרום (יאַנאָוו־לובעלסק, טאָמאַשאָוו־לובעלסק, בילגאָריי, הרו־ביעשאָוו א. אנד.) זענען קיין יידן נישטאָ. דאָרטן הערשן די אוקראַינישע און פּוילישע באַנדעס. אויך אין דעם ניט ווייטן כעלם, וואָס האָט נאָך ניט לאַנג צוריק געהאַט 820 יידן, ווערט דער יידישער קיבוץ ליקווידירט. פון די 100 דאָרטיקע יידן איצט, ווערט יעדן טאָג אַלץ ווייניקער.

דער גרעסטער טייל פון די יידן, וואָס זענען געווען נאָך מיט אַ יאָר צו־ריק אין לובלין, זענען אַוועקגעפאָרן „אויף יענער זייט״, קיין דייטשלאַנד.

לעצטנס זענען אויך אַרויסגעפאָרן די 4 חלוצים־קיבוצים. אויך פון די 700 יידן קלייבט זיך דער גרעסטער טייל אַוועקצופאָרן. און די, וואָס ווילן און דאַרפן צוליב פאַרשיידענע סיבות בלייבן אין פוילן, וועלן אויך ניט לעבן אין לובלין, זיי וועלן פאָרן אין שטעט ווו עס זענען פאַראַן גרעסערע יידי־שע ישובים. דאָס איצטיקע געזעלשאַפטלעכע לעבן איז גאַנץ אָרים. די יידישע שול פאַרמאָגט קוים 40 קינדערלעך און ניט קיין צוגעקליבענעם לע־רער־פערסאָנאַל, וואָס לערנט מיט די קינדערלעך אין דער פוילישער שפּראַך.

דער קאָמיטעט העלפט, ווי ווייט ער קען, די אָרעמע יידן און האָט אַ גרויסן טייל פון זיי געגעבן וווינונגען אין דעם פּרץ־הויז, וואָס איז פאַר דער מלחמה כמעט פאַרענדיקט געוואָרן בויען. די יידן פילן זיך דאָ עלנט. זעלטן ווען עס טרעפט, אַז אַ גאַסט זאָל קומען. ווער עס פאָרט פון לובלין קיין וואַרשע איז אַ גיבור. אויפן יידישן בית־עולם רוען אין די איבער 50 בייע יידישע קברים בלויז איינער, וואָס איז געשטאָרבן מיט אַ נאָרמאַלן טויט. די איבעריקע זענען דערמאָרדעטע. אָבער אויך ניט אַלע דערמאָר־דעטע זענען געקומען צו קבר־ישראל. אויף די וועגן אַרום זענען זיי דער־שאָסן געוואָרן און דאָרט וואַלגערט זיך זייער געביין און וואַרט אויף רואי־קערע צייטן, ווען יידן וועלן זיי באַגראָבן כדין וכדת.

די גאַסן זענען אָבער ווי געוועזן, די איינוווינער זענען זונטיקדיק גע־קליידט. די האַרבסט־זון באַגילדט די וווּנדערלעך שיינע שטאָט און מאַכט זי נאָך ליכטיקער. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדזערע אויגן דער פּרעכטי־קער בילד פון שלאָס. אַ פּאַלאַץ אויף אַ הויכקייט, אַרומגערינגלט מיט אַ הערלעכער לאַנדשאַפט. דער לובלינער „זאמעק" (שלאָס) איז באַקאַנט אין גאַנצן לאַנד, מיט זיין פּראַכט פון אויסנווייניק און מיט זיין טרויער און מיט די טראַגעדיעס, וואָס עס טוט זיך אינעווייניק... איז עס גאָר אַ תפיסה, איינע פון די שווערסטע תפיסות אין פוילן. און שטייענדיק אַזוי נעבן „פּאַלאַץ" דערמאָנט זיך מיר מיינע חברים פון פאַר דער מלחמה, וועלכע פלעגן מיר דערציילן אַז פון די שווערסטע תפיסות ווו זיי זענען געזעסן, איז די תפיסה אין לובלינער „זאמעק", שווערער פאַר די תפיסות אין ווילנע, גראָדנע, קאָראָנאָווע, פאָרדאָן, ראַוויטש א. אנד. דער תפיסה־פּאַלאַץ האָט אויך איצט זיך ניט געענדערט. שיינט פאַר דער וועלט אויי־סערלעך און אין זיין אינעווייניק באַהאַלט ער די, וועלכע זענען עובר אויף די געזעצן פון לא תרצח און לא תגנוב, און דאָ צופוסנס פון שלאָס איז געלעגן אין ענגן קנויל דער יידישער פערטל — די געסלעך יאטעטשנע, קראָוועצקע, שיראָקע; און דאָ איז נאָך קענטיק דער פונדאַמענט פון דער מהרש"ל־שול. קיין זאַך איז דאָ ניטאָ. גראָז הויכע שפּראָצן פון שטיינער־דיקן גרונט אַרויס.

פון ווייטן זעט זיך אַ ברעג דאַך פון דער באַרימטער געוועזענער לוב־לינער ישיבה. אַלץ אינעווייניק האָבן די דייטשן פאַרניכטעט. דער נייער

בנין איז געבליבן, דער יידישער קאָמיטעט האָט עס געוואָלט צוערשט אָפּ־נעמען אויף יידישע הצטרכותן, אָבער די רעגירונג האָט עס אָפּגעגעבן דעם שטאָט־אוניווערסיטעט. איצט איז שוין דער בנין די יידן ניט נייטיק.

שלעפּן מיר זיך ווייטער איבער די לאַבירינטן־געסלעך און קוויקן זיך מיט דער געשיכטע. חיים גראַדע וויל דורכאויס זיין אויפן אַלטן בית־עולם זען די קברים פון מהרש״ל, פון חוזה און פון אַנדערע גדולי ישראל, סוצ־קעווער שלעפּט צו דער ביסטשיצע, וואָס פליסט דורך לובלין, און זוכט קרובים פון זיין פאַרערער י. גלאַטשטיין, וואָס איז דאָ אין לובלין אויסגע־וואַקסן און האָט דאָ זיין גאַנצע פאַמיליע אָנגעוואָרן. עס ווערט שפּעט. אין זאַל פון פּרץ־הויז, וווּ דער יידישער קאָמיטעט אָרדנט איין אַן אָוונט צום אָנדענק פון די מאַידאַנעק־מאַרטירער, וואַרטן הונדערטער יידן.

איך קוק פון דער בינע אין זאַל אַריין: די לעצטע יידן פון לובלין. צוויי יאָר נאָך דער באַפרייאונג און זיי זענען נאָך אַלץ פאַרמאַטערטע, פאַרחושכטע, ניט קיין באַפרייטע.

אַ צענדליק שול־קינדער עפענען די אַקאַדעמיעס מיט „זאָג ניט קיינ־מאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״...

דער שליח פון ארץ ישראל, נחום בונה, דערציילט וויפל כחות דער יידישער ישוב אין ארץ ישראל איז גרייט געווען אָפּצוגעבן און האָט אָנגע־געבן, כדי צו ראַטעווען וואָס מער יידן פון פּוילן. „איך ברענג אייך די פלאַמיקסטע גרוסן פון אונדזער ישוב, וואָס שטייט איצט אין אַזאַ ניט־גלייכן קאַמף קעגן די ענגלענדער, פאַר דער פרייהייט פון די יידן, וועלכע זענען אומגעקומען אין מאַידאַנעק, די צוואה פון נקמה נעמען אָן שונא, די צוואה, אַז נישט נאָר זאָלן די יידן פאַרטיליקט ווערן פון דער וועלט, ווי די מערדער האָבן געוואָלט, נאָר מיר, באַפרייטע יידן, זאָלן באַקומען אַן איי־גענע יידישע מדינה, — פאַר דער צוואה וועלן מיר אונדזער לעבן ניט זשאַ־לעווען. מיר וועלן זי פאַרווירקלעכן“.

ווערטער פשוטע, פאַרשטענדלעכע, קלאָרע, צאַרנדיקע.

מער פון אַלעמען, באַמערק איך, אַפּלאָדירט אַ סאָלדאַט מיט אָרדנס אויף דער ברוסט. איך קוק זיך גוט צו צו אים און דערזע אַ באַקאַנטן, מיי־נעם אַ פריינט פון פאַר דער מלחמה, אַ שניידער פון סטעפען גאַס.

— מגיד, גיי איך צו אים שפּעטער צו, — ווי קומסטו דאָ? — און דערשרעק זיך, כ׳באַמערק אַז מגיד זיצט אויפן באַנק מיט צוויי קוליעס ביי די זייטן.

— פון פראָנט? — גיב איך אין ווייטיק אַ פרעג.

— ניין! — ענטפערט ער שטיל.

— ניט פון פראָנט? — קען איך בשום אופן ניט פאַרשטיין.

— ניין, — חזרט ער איבער, — ניט פון פראָנט.

און אין איילעניש (דער זייגער הייסט זיך איילן), דערציילט ער:

אין סעפּטעמבער, 1939, בין איך מאָביליזירט געוואָרן אין פּוילישן מיליטער און בין אויפן פראָנט גענומען געוואָרן ביי קוטנע און געפאַנגענשאַפט.

„מיט נאָך געפאַנגענע יידישע זעלנער האָב איך אָפּגעאַרבעט אין אַ לאַגער אין טאָמאַשאָוו־לובעלסק אַ 2 יאָר און דערנאָך בין איך אַנטלאָפן פון צוג ווען מען האָט אונדז געפירט אויף מאַידאַנעק. כ'האָב געוואַנדערט צווישן פּויערים און צום סוף האָט מען מיך געמסרט און געפירט אויף אָשוויענטשים און בין ווידער אַנטלאָפן פון צוג. דאָס מאָל האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ פּאַרטיזאַנער גרופּע און אַנטייל גענומען אין פאַרשיידענע אויפגאַבעס, בין איך נאָכן פאַראייניקן זיך פון פּוילישן מיליטער מיט דער רויטער אַרמיי, אַוועק קעמפן אין פּוילישן מיליטער און אָנטיילגענומען אויך אין דער שלאַכט ביי בערלין, ווו איך בין פאַרווונדעט געוואָרן. אַן אויסגעהיילטער בין איך דערנאָך געפאָרן זוכן יידן און בין געקומען קיין לובלין. אין פּאַרטיזאַנקע און אין מיליטער האָב איך דערפילט, אַז אָן אַ יידישער היים פאַר יידן, וועלן אַפילו נאָך דער מלחמה אויך ניט זיין קיין באַפרייטע. האָב איך באַשלאָסן מיט אַלע מיינע חברים צו פאָרן אויף דער אַנדער זייט און פון דאָרט אומלעגאַל קיין ארץ ישראל. האָב איך איינגעפּאַקט מיינע פּאָר שמאַטעס און איידער איך האָב זיך געלאָזט פאָרן, האָב איך באַשלאָסן צוצופאָרן דאָ ניט ווייט אין מעזריטש זיך געזעגענען מיט מיינעם אַ פריינט. פאָרנדיק אין וואַגאָן, טראַכטנדיק וועגן מיין מאָרגנדיקן פאָרן, דערפיל איך מיטאַמאָל אַ זעץ אין פּלייצע: „זשיד?" און איידער איך באַוויין זיך אומצוקוקן, דערפיל איך איבער זיך אַ האָגל קלעפּ און פּלוצלונג, אונטער אַ געלעכטער, האָט מען מיך אַרויסגעוואָרפן פון יאָגנדיקן צוג".

**
*

דער אָוונט איז געווען שטיל. פון באַלויכטענע פענצטער האָט געשפּילט מוזיק. פון דער ליבאַרטאָווסקי גאַס האָט דער עולם אַ זינגענדיקער, זיך הייטער אין די שטיבער צוריקגעלאָזט. פּוסט איז געוואָרן אין די גאַסן פון לובלין, שטיל. אין אָט דער שטילקייט האָט זיך מיר מיט אַמאָל אויסגעדוכט ווי ס'לויפן מיר נאָך מגידס אָפּגעשניטענע פיס. זיי לויפן מיר נאָך, די פיס וויינען:

— אַזוי פיל דורכגעגאַנגען אין לעבן, דערלעבט די אויסגעטרוימטע באַפרייאונג, און...

12 ביינאַכט האָט אונדזער צוג געריכט צוריק אין וואַרשע אונטער די קלאַנגען פון אַן ערך־אָרקעסטער.

דאָס געוויין פון מגידס פיס האָט אָבער אַריבערגעשריען:

— פאַרלאָז ניט, פאַרגעס אָבער כאָטש ניט דעם קערפּער וואָס וויל לעבן, וואָס וויל דערלעבן...

אייביק וועט מיר נאָכיאָגן דאָס געוויין פון פּיס פון ווילנער שניידער אָרבעטער מגיד, די פּיס, וועלכע זענען מקבר געוואָרן אויפן בית־עולם פון דער באַרימטער לובלין, —

לובלין, — די עיר ואם בישראל — וועלכע האָט אַריינגעשריבן אַזוי פיל הערלעכע בלעטער אין דער יידישער געשיכטע און איצט צאַנקט זי און גייט אויס . . .

# מאַידאַנעק — אין אויגוסט 1946

קאָן זיין, אַז דער קאָליר פון די שטיינער, וועלכע ליגן געפלאַסטערטע אויפן וועג פון לובלין קיין מאַידאַנעק, איז אויך פריער געווען טונקל־רויט. קאָן זיין.

ווען מיר זענען איצט אין האַלב־זוניקן סעפּטעמבער־טאָג געגאַנגען איבער דעם זעלבן וועג, ווו עס זענען געגאַנגען די אַנדערהאַלבן מיליאָן קרבנות, וואָס זענען דאָ אומגעקומען, האָבן מיר אין יעדן געשטעלטן טראָט אונדזערן דערשפּירט, אַז מיר טרעטן אויף בלוט.

עס דערציילן געראַטעוועטע פון מאַידאַנעק, אַז ביז זייער קומען אין קעניגרייך פון טויט, זענען זיי אויף דעם וועג צעשלאָגן און געפּייניקט געוואָרן. טרעטן מיר איצט אויף דעם בלוט פון אַנדערהאַלבן מיליאָן קדושים. בו־ערט דער געדאַנק אין שרעק: בלוט פון אַנדערהאַלבן מילאָן מענטשן. פּרווו איך מיר כאָטש פאָרשטעלן, וויפל איז בלויז אַנדערהאַלבן מיליאָן איינצי־קע בלוט־טראָפּנס?

די דייטשן האָבן זייער אַרבעט ניט געענדיקט. טראַנספּאָרטן מיט ביר־גער פון אַלע עקן וועלט זענען זיי דאָ אָנגעקומען און דערמאָרדעט, פאַר־גאַזט און פאַרברענט געוואָרן. ווייטערדיקע טראַנספּאָרטן זענען דערוואַרט געוואָרן יעדן טאָג. די גאַז־קאַמערן האָבן זייער שווידערלעכקייט ניט פאַר־שעמט, די צוגעבויטע אויוונס האָבן אין אַש פאַרוואַנדלט וועלטן און דורות. דער מענטשן־מאַטעריאַל האָט אָבער ניט געקאָנט נאָכיאָגן דעם גאַז־קאַמער און דעם אויוון. טראַנספּאָרט־מיטלען האָבן אויסגעפעלט.

גלאָבאָטשניק, דער שעף פון פאַרניכטונגס־שטאַב פאַר די אייראָפּע־אישע פעלקער, וואָס זיין זיצאָרט איז געווען אין לובלין, אַן אַרומגערינגל־טער פון ארבעטס־קאַנצ־און טויט־לאַגערן, האָט אַרויסגעוויזן גרויס בריה־שאַפט אין צושטעלן אַרבעט דעם טויט־לאַגער אין מאַידאַנעק. די אָפּענסי־וועס פון די אַליאירטע אַרמייען האָבן אָבער צוגערויבט פון אויבערמערדער יעדן טאָג נייע טעריטאָריעס און אָט־אָט וואָלט ער אַליין ארומגערינגלט געוואָרן, ווען ער וואָלט זיך באַצייטנס ניט אָפּגעטראָגן. דער מערדער האָבן אַפילו ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן די עטלעכע צענדליק סאָוועטישע געפאַנ־גענע — אינוואַלידן און די 18 יידישע קינדערלעך, וועלכע די ערשטע רויט־ארמייאישע ראַזוויעדקע האָט פאַרכאַפּט. דער לאַגער איז פאַרבליבן,

אַזוי ווי ער איז געווען, מיט די בנינים, באַראַקן, גאַז־קאַמערן, אויוונס, בעדער און...

מאַידאַנעק... מאַידאַנעק...

9 יאָר איז געווען שרהלע פּעלזנשוואַלב, ווען די דייטשן האָבן פאַר־כאַפּט איר שטעטל אַנאַפּאָל ביי לובלין. מיט אַלע יידן פון שטעטל מיט איר גאַנצער משפחה האָט זי געוואַנדערט פון געטאָ צו געטאָ, פון לאַגער צו לאַגער. פאַר אירע אויגן זענען די עלטערן אומגעקומען, שוועסטער און ברידער, פריינט און באַקאַנטע. שרהלע האָט מיט ניסים זיך פון זעכצן געטאָס און לאַגערן און פון טויזנטער טויט־געפאַרן זיך אַרויסגעראַטעוועט. אויך אין מאַידאַנעק איז זי געווען.

שרהלען האָב איך מיט אַ יאָר צוריק געטראָפן אין ווילנער יידישן קינ־דערהיים, וווּ עס האָט איר געבראַכט אַ יידישער מיליטערמאַן.

פייערלעך האָבן אין אירע אויגן געברענט, פייערלעך וואָס וועלן כל־זמן ווי זי וועט לעבן שוין ניט אויסגעלאָשן ווערן. פייערלעך וואָס לאָזן ניט פאַרגעסן, וואָס דערמאָנען און מאָנען...

ווען שרהלע האָט מיר דערציילט אירע איבערלעבונגען, האָב איך טראַכ־טעם, וואָס אויף די דייטשן איז דאָך אַלץ געווען צו גלויבן, דאָך אַ טראַכט געטאָן: „צי דוכט זיך איר דאָס ניט אויס, צי דערציילט זי ניט אַ סך זאַכן אויסגעטראַכטע, דאָס וואָס זי האָט ניט געזען...

איצט שפּאַן איך אין מאַידאַנעק אַ מידער, אַ צעבראָכענער... איך בין דאָך דאָ ניט געווען און איך בין דאָך ניט קיין פרעמדער.

עס פירט מיך איצט איבער די וועגן און בנינים פון מאַידאַנעק — שרהלע. ווייט איז זי איצט פון מיר. איך זע איר אָבער ווי זי קומט אָן מיט אַ מחנה צעשלאָגענע יידן פון לאַגער בוצין דורך לובלין קיין מאַידאַנעק.

„מיטאָמאָל זענען מיר אַרויף אויף אַ ברייטן, ברייטן, ליכטיקן, זאַמ־דיקן וועג. די דייטשקעס, וועלכע האָבן אונדז איבערגענומען פון די אוקראַ־אינער, האָבן אונדז גוט אויפגענומען, — דאָ וועט איר זיך אויסרוען, — האָבן זיי גערעדט צו אונדז, — דאָ וועט איר אַרבעטן. פון זייערע וואַרעמע מענטשלעכע רייד, האָבן מיר ווי אויפגעלעבט. מיר האָבן זיך צעלייגט אויפן גראָז ביי די זייטן פון וועג, זיך געוואַרעמט אויף דער זון און הערנ־דיק ווי עס שפּילט ראַדיאָ־מוזיק, האָבן מיר געמיינט, אַז מיר געפינען זיך אין אַן אַנדער וועלט" —

שרהלע האָט עס מיר דערציילט פּאַראַיאָרן. און אָט זע איך דעם „ברייטן, ליכטיקן, זאַמדיקן וועג". דאָס גראָז ביי די זייטן איז שוין אָבער פאַרוועלקט. דאָ זענען זיי געלעגן און געטראַכט, אַז זיי זענען אויף אַן אַנ־דער וועלט, ווען דער טויט האָט אַ מעטער הונדערט פון זיי, געוואַרט אין גאַז־קאַמער.

„דערנאָך האָבן אונדז אַנדערע דייטשקעס געזאָגט, אַז אַזוי ווי מיר



מאָנטרעאָל 1953. — מיט ברוך צוקערמאַן און אַנדערע אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע עסקנים.





צווישן ווילנער אין קאַנאַדע, מאָנטרעאַל 1953.



אויף אַ מסיבה לכבוד דעם דערשיינען פון זיין בוך „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן“ אין פאַרבאַנד
פון די ליטווישע יידן אין אַרגענטינע, אין יאָר 1952.

זענען געווים פון וועג שמוציק און די שלעכטע אוקראַינער האָבן אונדז געשלאָגן, זאָלן מיר, איידער מיר גייען רוען און שלאָפן אין די באַראַקן, גיין אין באָד. מיר האָבן די דייטשקעס האַרציק געדאַנקט. לויט זייערע אָנווייזונגען האָבן מיר אַלע אונדזערע זאַכן גוט אַרומגעבונדן, געקויפט אַ בילעט אין באָד. אַ רויט נומערל, וואָס מען האָט אונדז אין דער קאַסע צום בילעט צוגעגעבן, האָבן מיר צוגעבונדן צו די זאַכן, כדי ווען זיי וועלן דורכגיין די דעזינפעקציע, זאָלן זיי ניט פאַרביטן ווערן און געוואַרט אין ריי, ווען איין פאַרטיע וועט זיך אויסבאָדן און מיר זאָלן אַריינגיין"...

און אָט געפין איך זיך איצט אין דער באָד. אַ געמויערטע איינשטאָקיקע געביידע. דאָס טאָגליכט גייט פאַרביי דעם קליינעם פענצטערל... איז דאָ טונקל, חושך. איבער אונדז קוקן צעהאָנגענע קעפּ פון די דושן, וועלכע פלעגן זיך צעגיסן מיט וואַרעמקייט איבער די צעפּייניקטע לייבער. אָט זע איך זיי איצט, די אומגליקלעכע ווי זיי וואַשן דאָס פאַרטריקנטע און דאָס פרישע בלוט אָפּ פון זיך, זיי וואַשן זיך, וואַשן... פון באָד פירט אַ צווייטע טיר... נאָר צו וואָס אַזאַ דיקע אייזערנע טיר?..

„ווען איך בין געשטאַנען אין ריי, האָב איך פּלוצים דערזען אַ מאַן מיט אַן אויסגעטאַטואירטן מגן־דוד אויפן שטערן. כ'האָב זיך גוט צוגעקוקט צו אים און דערקענט אין אים מיין פעטער הערשל. כ'בין צוגעלאָפן צו אים, ,אייך רופט מען הערשל, האַ? איר דערקענט מיך? איך בין ר' אברהם פעלזנשוואַלבס טעכטערל שרהלע". מיר האָבן זיך צעקושט. איך האָב אים אויף גיך דערציילט, וואָס מיט אונדז האָט געטראָפן און צום סוף אויסגערופן: „נו, דערפאַר וועט אונדז איצט זיין גוט, מירן אַרבעטן, זיך אויסרוען".

דער פעטער האָט זיך צעוויינט און זאָגנדיק איך זאָל גיין נאָך אים, האָט ער מיר דערציילט, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ. „פון באָד גייט שוין קיינער צוריק ניט אַרויס. זיי ווערן בלויז אַריינגענאַרט. דאָרט אין באָד געפינט זיך אַ צווייטער צימער, וווּ זיי ווערן פאַרגאַזט".

אַזוי האָט מיר דערציילט שרהלע מיט אַ יאָר צוריק.

און אָט געפין איך זיך אין שוידערלעכן טויטנהויז, אין גאַז־קאַמער. דאָ זענען שוין די אַרומגעוואַשענע אַריינגעטריבן געוואָרן, די הענט אין דער הויך, כדי וואָס מערער געפאַנגענע זאָלן אַהין אַריינגיין. אויבן, אויף דעם הענט־וואַלד זענען אַרויפגעוואָרפן געוואָרן קינדער. און די טיר, די דיקע אייזערנע טיר האָט זיך פעסט, הערמעטיש פאַרמאַכט. און איבער אונדז, פון פירקאַנטיקן פענצטערל, וואָס קוקט אַראָפּ פון באַלקן, פון דאַנען האָט מען געשאָטן דעם ציקלאָן, דעם גיפט־גאַז און דאָ אין דעם פענצטערל ביים זייט אין דער לינקער וואַנט, האָבן די דייטשן געקוקט ווי אַזוי די צוזאַמענגעטריבענע קומען אום...

עס יאָגט אונדז פון איין אָרט אין אַנדערן. —

מיר זענען אין גרויסן קרעמאַטאָריע־בנין, וואָס שטעקט אַרויס אין

הימל אַרויף ווי אַ גרויסער אויסרוף־צייכן, זיין קוימען, דער קוימען וואָס האָט אין משך פון עטלעכע יאָר טאָג און נאַכט געררויכערט און פונאַנדער־געטראָגן דעם מתים־ריח אַזש קיין לובלין, אין די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, דער קוימען וואָס האָט נאָך געררויכערט, ווען די רויטע אַרמיי האָט די מערדער פאַריאָגט, דער קוימען וואָס האָט ווי געוואָלט נאָך זיין דער לעבעדיקער עדות פון פאַרברעך.

אָט זענען די 5 אויוונס, אין איין עפענונג ליגט נאָך די בלעך, ווו עס פלעגן אַרויפגעלייגט ווערן די מתים, וועלכע זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין די העלישע פלאַמען.

דער ריח פון די דערמאָרדעטע לאָזט זיך נאָך איצט הערן. וועט בלייבן, וועט ניט פאַרשווינדן.

אין אַ צווייטן באַראַק איז איינגעמויערט אַ צעמענטענער טיש אויף וועלכן די מתים פלעגן אַרויפגעלייגט ווערן, דאָ פלעגן ביי זיי די גאָלדענע ציין אַרויסגעריסן ווערן, דער קערפּער פלעגט אַפילו צעשניטן ווערן, טאָמער, טאָמער האָט ווער אַראָפּגעשלונגען אַ ווערטיקע זאַך.

אונטערן פרייען הימל רופט צום הימל צעשטויסענער מענטשלעכער געביין, וואָס איז גענוצט געוואָרן צו באַמיסטיקן די פעלדער.

אין מלוכהשן מוזיי זענען אויסגעשטעלט אָריגינעלע דאָקומענטן פאַר־כאַפּטע ביי די דייטשן, וועגן מאַידאַנעק. בילדער פון קינסטלער, וואָס זע־נען דאָרט געווען און זיך געראַטעוועט. עס שוידערט אויף דאָס בילד: „דער פּראָפעסאָר עפּשטיין צווישן קינדער".

זאַכלעכע באַווייזן: קליידער פון די לאַגעריסטן, נומערן, פּושקעס מיט גיפט־גאַז. קינדער־בגדים און ליאַלקעס, פּען־האַלטערס, פּאַגאָנעס פון פאַר־שידענע מיליטער־קליידונגען, רעליקוועס און אָט איז דאָס שוידערלעכסטע איבער אַלץ וואָס איז פאַראַן אין מאַידאַנעק. — דאָס זענען די בערג שיך. שיך פון פאַרשידענע גרויסן: פון יאָריקע קינדערלעך, עלעגאַנטע קאָלירטע פרויען־ און מענער־טופל, פון סאָלדאַטסקע שטיוול, פון פּשוטע אַרבעטס־שיך, שיך, שיך, שיך...

איך דאַרף ניט וויסן וועמעס,
נאָר ס'טוט אין אַ האַרץ אַ ריס:
אָ זאָגט מיר שיך דעם אמת,
ווו זענען זיי די פיס?

מיט דעם מחבר פון די שורות א. סוצקעווער, שטייען איצט ביי די בערג שיך. די שרייבער גראַדע, נאָוויק, טענענבוים און בונה, די מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די פּוילישע יידן: ביטער, זאַכאַריאַש, שנער און יע־דערער פרעגט כסדר אין בלוטיקן ווייטיק:

אַ זאָגט מיר שיך דעם אמת,
ווו זענען זיי די פיס?

אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק מאַכט די אויסשטעלונג אין יידישן באַראַק. קיקן קינדער־אויגן פון וואַנט אַראָפּ און שרייען אויס: 850 טויזנט יידישע קינדער האָבן די היטלעריסטן אומגעבראַכט. רופט אין פלאַמען אַ ייד: דריי מיליאָן 196 טויזנט פּוילישע יידן און אַ מיליאָן יידן פון אַנדערע לענדער האָט דער דייטש דערמאָרדעט.

„רחל מבכה על בניה" — די אותיות אויפן סקולפּטור יאָמערן אַרויס פון שוואַרצן הינטערגרונט פון וואַנען עס פלעמלען יאָרצייט־ליכט. און ווי־דער בילדער פון מאַידאַנעק־צייטן, וואָס עס האָבן אָפּגעפּרישט פאַר דער גע־שיכטע די געפאַנגענע פון מאַידאַנעק ראָזענשטראַוך זאָפיע און די חלוצים משה לובלינסקי און דוד אָפּאַטשינסקי, זיי, פון די בעסטע איבערגעבליבענע זין פון יידישן פאָלק, האָבן אריינגעלייגט זייער לייב און לעבן און אין משך פון אַ וואָך, אַרויסגעבראַכט אַ געשריבענעם וואָרט און בילד, אין סקולפּטור און אין פאָטאָגראַפיע־מאָנטאַזש, דורך דעם שארית פון די אומגעקומענע — פון די ביינער, קליידער, לאַטעס, שיך, דאָקומענטן, — פון די ביכער־אויס־גאַבעס פון דער צענטר. ייד. היסט. קאָמיסיע — דעם ניט דערשטיקטן גע־שריי, דעם אייביקן יאָמער וואָס ווערט דורכגעשניטן פון קאַמפּס־רוף פון אַניליעוויטשעס בילד, וואָס רופט דורך אונדזער בלוי־ווייסער נאַציאָנאַלער פאָן, אַז אַלע, אַלע זענען געפאַלן אין „קאַמף פאַר דער פרייהייט פון יידישן פאָלק".

אויף די פעלדער פון מאַידאַנעק, וואָס נעמט אַרום אַ שטח פון 25 קוו. קמ. הייבט שוין אָן איצט צו וועלקן דאָס גראָז.

30 טויזנט בירגער זענען היינט עולה געווען קיין מאַידאַנעק. אַרבעטער מיט זייערע פענער, גלויביקע מיט זייערע הייליקע בילדער, שילער און סטו־דענטן מיט לעבעדיקע בלומען־קרענץ, דיפּלאָמאַטישע פאָרשטייער, קינדער־דעלעגאַציעס פון איטאַליע, יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע...

יעדעס לאַנד, וועמעס בירגער עס זענען דאָ אין אַש פאַרוואַנדלט גע־וואָרן, האָט אַ באַראַק באַקומען, דאָרט אַ נר תמיד צו שטעלן זיינע בירגער, אַ מוזיי גרינדן, פלאַטערן אויף די מאַסטן די פענער פון אַמעריקע, אַלבאַ־ניע, בעלגיע, בולגאַריע, טשעכיע, דענעמאַרק, ענגלאַנד, פינלאַנד, פראַנקרייך; גריכנלאַנד, האָלאַנד, איטאַליע, יוגאָסלאַוויע, לוקסענבורג; נאָרוועגיע; פוילן; רומעניע, טערקיי, אונגאַרן, ראַטנפאַרבאַנד און די ווייס־בלאָע פאָן פון דעם צומערסטן געליטענעם פאָלק, — פון יידישן. 21 פעלקער זענען דאָ פאַראייניקט אין איין גורל.

מאַידאַנעק איז איצט די מצבה ניט נאָר פון אַנדערהאַלבן מיליאָן דער־מאָרדעטע מענטשן, מאַידאַנעק איז אַן אייביקע דערמאָנונג די 21 פעלקער אין דער גאַנצער וועלט את אשר עשה להם עמלק.

פאַרנאַכט גייען די 30 טויזנט עולים צוריק פון מאַידאַנעק. צוריק. אַ ניט פאַרווירקלעכטער חלום פון אַנדערטהאַלבן מיליאָן, וואָס האָבן דאָרט זייער טרויער־ליד אויסגעוויינט:

ס'פירן וועגן צו מאַידאַנעק,
ס'פירט קיין וועג צוריק...

30 טויזנט עולים, וואָס רעפּרעזענטירן 21 פעלקער, קערן זיך אום צו־ריק אין זייערע שטיבער, אין זייערע היימען, צו זייערע וואַרעמע מאַמע־לענדער וועמענס באַפרייאונג עס איז אויך אין בלוט פון זייערע בירגער אויף מאַידאַנעק אויסגעקעמפט געוואָרן.

צו אונדזער לאַנד זענען נאָך די טויערן פאַרשלאָסן. כאָטש מיר האָבן מער בלוט פאַרגאָסן ווי אַלע פעלקער צוזאַמענגענומען.

מיר דאַרפן נאָך אונדזער בלוט פאַרגיסן.

# אין אָשוויענטשים

פון בעלסק האָט דער אויטאָ מער קיין אַספּאַלט־וועג ניט געהאַט אונטער זיך. דער שאָפער האָט גענומען שניידן מיט דער מאַשין איבער גריבער און בערגלעך. וואָס נענטער מיר זענען געקומען צו אָשוויענטשים, אַלץ כמאַרעדיקער איז געוואָרן. ווען דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער, האָט דער הימל זיך נידעריק, נידעריק אַראָפּגעשאַרט און אונדז דורכגענומען מיט אַ טרויעריק געוויין.

אין ווילנער געטאָ זיצנדיק, האָבן מיר געמיינט, אַז דער גרעסטער מאַסן קבר אויף דער וועלט, וועט זיין דער קבר פון די 75 טויזנט ווילנער יידן וואָס געפינט זיך הינטער ווילנע — ביים דערפל פּאָנאַר. ווען איך בין דעם פאַרגאַנגענעם זומער געווען אין מאַידאַנעק, האָב איך געמיינט, אַז גרעסער און שוידערלעכער פון מאַידאַנעק קען שוין ניט זיין.

און אָט ציט זיך פאַר מיר איצט אויסגעשפּרייט אָשוויענטשים... ליגן שטומע צענדליקער קילאָמעטערס פעלדער. שטייען חרובע הונדערטער באַראַקן, שפּיזן צום הימל צו די עלעקטרישע סלופּעס און דראָטן געצאַמטע און די וואַך־טורעמס קוקן אין דער וועלט אַריין. די קרעמאַטאָריע־אויוונס וואָס די דייטשן האָבן פאַרן אָפּטרעטן אויפגעריסן, און דער רעגן וואַשט און וואַשט די בערג ברילן, שליסלען, מעסערלעך, שערעלעך, ניי־מאַשינקעס וואָס זעען אויס פון ווייטן ווי צעוואָרפענע מצבות ערגעץ אויף מלחמה־וועגן.

דאָ איז דאָך אַמאָל אַ לעבן געווען. דערפער (אָשוויענטשים, בזשעזינקי, באָברעק, אָווסיאַנקע א. אנד.). מיט יידישע פּויערים, מיט יידישע קרעמער, בעלי־מלאכות, מיט יידישע קינדער. דאָ האָבן אויך אין פרידן געוווינט פּוילישע פּויערים. האָט מען זיי אַלעמען פון די שטיבער אַרויסגעטריבן און צוריק אַריינגעטריבן אויף דער זעלבער ערד, אָבער איצט האָבן זיי געוווינט אין באַראַקן און געווען געפאַנגענע.

די פירערס, וואָס פירן מיר איבער אָשוויענטשים, ווייסן זייער גוט די געשיכטע און די פאַרשידענע אומצאָליקע ערטער פון פּיין און טויט. די פירער זענען דאָ אַליין יאָרן־לאַנג געזעסן. עס דערציילן וועגן דעם די אויסגעברענטע נומערן אויף זייערע הענט.

— וואָס־וואָס, — רופט זיך אָפּ אַ פירער, — זיצנדיק אין אָשוויענטשים האָבן מיר אַפילו זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז ווער עס איז פון אונדז

געפאנגענע זאָל דורכלעבן די צייט ווען דער קעניג איבער אָשוויענטשים רודאָלף העס, וועט זיצן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק.

שטייען מיר ביי דעם פּאַלאַצל, ווו העס האָט געהאַט זיין רעזידענץ, פון וואנען ער פלעגט טאָג־טעגלעך זיינע באַפעלן אַרויסגעבן.

דאָ האָט ער געלעבט און איז זיכער געווען, אַז טראָץ דעם וואָס אָשוויענטשים וועט קיין געהיימניש פאַר דער וועלט ניט זיין, וועט זיין לעבן און טאַט זיין אַ לויב פאַר דער געשיכטע פון דייטשלאַנד, פון דער וועלט.

„אַרבעט מאַכט פריי" — דער ברייטער שריפט איבערן הויפּט־טויער, דורך וועלכן עס זענען אַריינגעפירט געוואָרן מיליאָנען מענטשן, איז נאָך אויך איצט פאַראַן.

— אָט דאָ, ניט ווייט פון טויער און טיפער, טיפער אין לאַגער, זע־נען געשטאַנען מוזיקאַנטן און האָבן די געפאַנגענע אויפגענומען מיט פריי־דיקער מוזיק.

אַלע לענדער פון דער וועלט, אַלע פעלקער אין דער וועלט האָבן דאָ זייערע בירגער פאַרוואַנדלטע אין אַש.

אָשוויענטשים איז געווען אַ ריזיקער קאָמבינאַט, וואָס האָט פאַראיי־ניקט אין זיך סיי פאַבריקן, וואָס האָבן געגעבן מאַטעריאַלן צום פראָנט (הערמאַן־גערינג־פאַבריקן), סיי ריזיקע פאַרזייטע פעלדער, און צו דעם אַלעם האָבן די דייטשע וויסנשאַפטלער געהאַט דאָ זייערע באַרימטע, שוי־דערלעכע לאַבאָראַטאָריעס.

— אין דעם באַראַק האָט מען געמאַכט עקספּערימענטאַלע איינ־שפּריצונגען איבער פרויען. אין אַנדערן באַראַק האָבן די דייטשע פּראָפע־סאָרן אַמפּוטירט געזונטע אברים ביי די געפאַנגענע און אין יענעם באַראַק...

עס שטייט נאָך אין שוואַרצן באַמאָלט די וואַנט פון טויט. פאַרזיב־דיקטע האָבן ניט געדאַרפט וואַרטן אויף דער ריי, זיי איז צוגעפאַלן דער גליק דערשאָסן צו ווערן.

טעג וואָלט מען באַדאַרפט פאַרנעמען, כדי דורכצוגיין צו פוס די פעל־דער פון אָשוויענטשים, באַקוקן די באַראַקן, די פאַרבליבענע טיילן פון די קרעמאַטאָריעס, די שטראָף־צעלעס, די קעלערן.

דער טויט־קאָמבינאַט האָט זיך געפינען אין האַרץ פון פּוילן, 50 קילאָ־מעטער פון קראָקע, 30 פון קאַטאָוויץ און 286 פון וואַרשע.

אַלע וועגן האָבן געפירט קיין אָשוויענטשים, אַ מאָדנעם וואַגאָנען־אינ־טערנאַציאָנאַל פלעגט מען דאָ קענען זען אויף דער הויפּט־סטאַנציע, מיט פאַרשידן־שפּראַכיקע אויפשריפטן אויף זיי.

די גרעסטע צאָל פּובליקאַציעס וואָס עס קען די נאָך־מלחמהדיקע לי־טעראַטור איבער די דייטשן מערדערייען, איז געווידמעט אָשוויענטשים. ווען מען זאָל בלויז אָ נ ק ו ק ן גוט ווי דער לאַגער זעט אויס איצט, אַן גע־פאַנגענע, אָן די אויוונס, אָן די קאַפּאָס, קען מען פאַרשפּאָרן לייענען טוי־

זנטער זייטן איבער אָשוויענטשים, וועט יעדער וועט איינקריצן ביי זיך אין זכרון עטלעכע ציפערן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם לאַגער:

4.500.000 מענטשן פאַרגאַזירטע, דערשאָסענע, געהאנגענע.

20 וואַגאָנעס מיט ציקלאָן (גיפט־גאַז) האָט מען געפונען אין אָש־וויענטשים נאָכדעם ווי די דייטשן זענען אַנטלאָפן.

400 קאסטנס ברילן זענען געשטאנען גרייטע אָפגעשיקט צו ווערן אין קאטאָוויץ.

אין 35 סאָרטיר־זאלן האָט מען סאָרטירט די זאכן פון די דערמאָר־דעטע. 29 סקלאַדן האָבן די דייטשן באַוויזן צו פאַרברענען, אין די איבע־ריקע 6 האָט מען געפונען 348.820 מענער־קאָסטיומען, 836.255 דאמען־קאָסטיומען, 43.000 פּאָר שיך און אַן אַ שיער דיוואַנען (14.000), זייגערס, פּראָטעזעס צו פיס, פענדזלען, צאָן־בערשטלעך און 7.000 קילאָגראַם האָר פון פרויען. ס'איז געפונען געוואָרן אַן אָפיציעלער אַקט, וואָס דערציילט, אַז פון 2.904 פאַרגאַזירטע האָט מען אַרויסגעריסן 16.325 גאָלדענע און פּלאַטינענע ציינער. אַ צווייטער אַקט דערציילט, אַז אין איין צייט האָט מען די אַרויסגעריסענע ציינער איבערגעשמעלצט אין 12 קילאָגראַם גאָלד.

בלויז 1942־44 האָבן די באַנען געבראַכט אַהער פון פאַרשידענע לענ־דער 3.850.000 געפאנגענע.

געגנוג.

אַ גרויסן טייל פון די שטומע עדות זע איך איצט פאַר זיך. אָט שטיי איך אויפן באַרג שליסלען. אין טויזנטער צעראָסטע רינגען ברידערן זיי זיך. הענגט איצט אויף מיין פינגער אַזאַ בינטל און איך טראַכט: די באַלעבאַטים פון אָט די שליסלען זענען געווען זיכער, אַז זיי קומען באַלד צוריק. האָבן זיי פאַרשלאָסן די שאַפעס, די וואַליזעס, די טירן און די שליסלען מיטגענו־מען מיט זיך. זיי האָבן זיך ניט פאַרגעשטעלט, די באַלעבאַטים, אַז אויך אַן זייערע שליסלען האָבן די דייטשן געעפנט און צערויבט דעם פאַרפּראַצע־וועטן האָב און גוטס זייערן.

געוויינלעך, אַז מען קומט אויף קבר אבות, ווייסט מען, אַז אויב אַפילו קיין מצבה איז נישטאָ אויף דעם געזוכטן נפטר, ליגט אָבער דאָך זיין געביין אין דער ערד באַהאַלטן.

— וואָס וואָלט אָבער געטאָן אין אָשוויענטשים דער נביא יחזקאל, רופט אויס אין ווייטיק דער דיכטער חיים גראַדע, וואָס שטייט נעבן מיר.

שטיי איך אַ געפּלעפּטער פון דער גרויזאַמער פראַגע, וואָס וואָלט ד אַ, אויף דעם מיליאָניקן בית־עלמין, געטאָן דער נביא יחזקאל? ווי אזוי וואָלט ער אויף די עצמות היבישות אָנגעטאָן פלייש, ווען נישט נאָר קיין פלייש נאָר אַפילו די ביינער זענען נישטאָ — פאַרברענט, און דער אַש איז צע־שאָטן, צעשפּרייט, צעשליידערט.

אָט שטעל איך זיך פאַר די מיליאָנען קדושים צוריק אויפגעלעבטע:

זיי טוען זיך אָן זייערע ברילן און זען, וואָס פון דער וועלט איז געוואָרן,
ווי אזוי עס ווערט זייער חלום נאָך גערעכטיקייט, אין וואָר פאַרוואנדלט.
די אויפגעלעבטע נעמען זייערע שליסלען און דערזעען ווער ס'ווינט ביי
זיי אין די וווינונגען, ווער עס באַלעבאַטעוועט מיט זייער פאַרמעגן.

די אויפגעלעבטע האָבן ניט קיין ווינקל ווו דעם קאָפּ אָוועקצולייגן.
אַלץ איז פאַרכאַפּט. קיינער לאָזט ניט אַריין. און ווען די מיליאָנען קדושים
קומען צו די טויערן פון לאנד פון זייערע אבות, געפינען זיי שלעסער.

קומט מיר אויס, אַז דאָס תחית־המתים־ווערק פון נביא וואָלט איצט
פאַר אונדז אַ קללה געווען.

איצט דאַרף מען ניט דעם נביא יחזקאל אין אָשוויענטשים, זאָל דער
צעשליידערטער אש רוען.

און ווען די צייט וועט קומען — די גערעכטיקייט אויפמאָנען.

מיט די מערדער־קעפּ פון העסן און פון זיינע עטלעכע קאַמעראַדן
וואָס דאָס געריכט וועט צו דער תליה־שטריק פאַראורטיילן, וועט די גערעכ־
טיקייט פאַר די אומגעקומענע און לעבנגעבליבענע פון אָשוויענטשים, נאָך
ניט אויפגעמאָנט ווערן.

די באַצאָלונג דאַרף נאָך, מוז און וועט קומען!

# אין אויבערשלעזיע

אויך דאָ זענען אַמאָל יידן געווען.

אַמאָל... פאַר דער מלחמה... ביז די דייטשן, וועלכע האָבן די געגנט באַ־הוינט, האָבן נאָך מיט טעג פריער, איידער היטלער איז אויף פוילן אָנגע־פאַלן, שוין אויפגעהאַנגען אויף זייערע הייזער און איבער די גאַסן פון שטאָט, האַקנקרייץ־פענער, מקבל־פּנים צו זיין זייערע באַפרייער, — די היטלעריסטן.

אויבערשלעזיע. פון די אינדוסטריעלסטע געביטן פון פאַרמלחמהדיקן און אויך איצטיקן פוילן. קאַטאָוויץ, סאָסנאָוויץ, ביעלסק, ביטאָם, בענדין. שטעט, וועמענס פאַבריקן עס האָבן געגעבן דעם לאַנד און דער וועלט קוילן, מאַשינען, מאַנופאַקטור. דאָ זענען אויך געווען קאָנצענטרירט גרויסע יידישע ישובים. אמת, זייער בייטראַג צום יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו דער יידישער קולטור איז ניט געווען קיין שטאַרק אָנזעעוודיקער. דער עלעמענט, אין זיין גרעסטער מערהייט, איז געקומען פון דייטשלאַנד אַן אַסימילירטער.

איצט קען מען שוין פרעגן: איז וואָס? מאי נפקא מינא?... אַ יידיש האַרץ אין זיי האָט דאָך אָבער יאָ געקלאַפּט. יידן זענען זיי געווען...

דאָס איז ריכטיק. די דייטשן האָבן זיי גאָר גיך דאָס געלאָזט דערפילן. טראָץ זייער שטאַרקער צוגעבונדנקייט צו דער דייטשער קולטור, טראָץ דעם וואָס אַ סך פון די דאָזיקע יידן האָבן זיך געהאַלטן פאַר בירגער פון דער דייטשער נאַציאָנאַליטעט, — זענען זיי דאָך אין אָשוויענטשים, וואָס די היטלעריסטן האָבן אויסגעבויט אויף דער אויבערשלעזישער ערד, אין די קרעמטאָריעס אַוועקגעשיקט געוואָרן (30 מערץ 1942), צוגלייך מיט אַלע יידן. די יידן פון אויבערשלעזיע, וואָס האָבן הונדערטער יאָרן מיטגעבויט און מיטגעשאַפן די אַלע אינדוסטריע־צווייגן, מיט וועלכע דאָס לאַנד, דער געביט האָט שטאָלצירט, זענען אויך ניט געשוינט געוואָרן.

איצט זענען דאָ קליינע יידישע ישובים, קאָנצענטרירט אין 6 ־ 5 גרע־סערע שטעט. אין צענטער פון אויבערשלעזיע, אין דער גרויסער שטאָט ק אַ ט אָ וו י ץ , זענען פאַרעגיסטרירט ביי 1,500 יידן. די פאַקטישע צאָל איז אַ קלענערע. עס זענען אָבער אויך פאַראַן אַזעלכע יידן, וועלכע זענען אין קאָמיטעט ניט פאַרעגיסטרירט, דאָס זענען יידן, וועלכע לעבן נאָך פון דער אָקופּאַציע אָן אויף פאַלשע פּאַפּירן, ווי פּאָליאַקן. טאָמער טרעפט איר אַמאָל אין גאַס אַן עלעגאַנטן בירגער מיט אַ ראַסאָוון הונט, וואָס ער פירט אויף אַ צוים, זאָגט מען אייך, אַז ווען מען זאָל דעם בירגער גוט אַ בודק

טאָן, איז ער אַ יהודי. די הינט, מיט וועלכע יידן פלעגן אָפּט שפּאַצירן, פלעגט ביי די דייטשן אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט. אויך איצט מיינען אַט די „אַריער" איז עס אַ סגולה מען זאָל זיך ניט דערקענען אויף זיי.

פאַרשטענדלעך, אַז פון קיין לעבעדיקן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן קען דאָ קיין רייד ניט זיין. איבער 100 יידן זענען באַשעפטיקט אין וואָיע־וואָדישן און שטאָטישן יידישן קאָמיטעט. אַ קליינער טייל אויף פאַרשידענע אַמטן. דער גרעסטער טייל וואַרט אויף פאָ־פירן, אויף בעסערע מעגלעכקייטן פון עמיגראַציע. אַקטיוו אויף דעם געביט איז דאָ דער „ועד הצלה". וואַנדערן מיר איבער דער שיינער קאַטאָוויץ. דאָס אויג פאַלט אויף דעם בנין פון דער רעפאָרמירטער סינאַגאָגע. איצט געפינט זיך דאָ די צייטונג פון פ. פ. ר. „טריבונא ראַבאָטניטשאַ". קיין דייטשן זענען זיך ניט. זיי זע־נען פון שטאָט אַנטלאָפן, גלייך מיט זייער אַרמיי. קאַטאָוויץ איז ווידער פויליש, אָבער קיין יידיש לעבן וועט שוין דאָרט ניט זיין.

אַ פּאָר שעה מיט דער קאָמיטעט מאַשין און מיר זענען אין גרויסן פאַבריקס־צענטער ביעלסק (ביעליץ). ווער ווייס דאָס ניט, וואָס דאָס איז אזוינס אַ גוטע שטיקל ביעליצער שטאָף אויף אַן אַנצוג, אַ גוטע שטיקל ביעליצער לייוונט. אויך איצט קען מען דאָ קריגן אַ פאַר־מלחמהדיק שטיקל שטאָף. די פרייזן זענען אָבער זייער הויכע און מען דאַרף זיין אַ גביר אַפילו צו קויפן אַ שטיקל פון דער איצטיקער אויסארבעטונג. אַ קלענערע שטאָט ווי קאַטאָוויץ, פּולסירט אָבער אין ביעלסק אַן אַקטיוו יידיש לעבן, כאָטש די צאָל איינוווינער איז די זעלבע. (פאַר דער מלחמה — 7.000 יידן) דאָ איז פאַראַן אַ היים פאַר 35 יוגנטלעכע, וועלכע לערנען זיך אויף אַן אָרט דעם וועבעריי־פאַך (אייניקע פּראַקטיצירן שוין אויך אין די פאַבריקן). די צוויי חלוצישע קיבוצים פון „גורדוניה" און „איחוד" זענען די צענטרען, ווו עס זאַמלען זיך יידישע יוגנט. די חלוצים זענען אויך די אויסשליסלעכע יידישע אַרבעטער אין די מאַנופאַקטור פאַבריקן.

אַ גאָר פיינעם איינדרוק מאַכט דאָס קינדער־היים, וואָס ווערט אָנגע־פירט דורך דער מוטער און טאָכטער קאַמאַי, באַקאַנטע דאָקטוירים פון ווילנע. קינדער זענען דאָ פאַראַן פון פאַרשידענע קאַנטן. האָבן זיך דאָ דעם ערשטן מאָל באַגעגנט. די עלעמענטאַרע בילדונג באַקומען זיי אין אַ פּוילישער שול. יידישע דערציאונג פילט זיך דאָך אַרויס פון יעדן קינד.

די סינאַגאָגע האָבן די דייטשן פאַרברענט. דאָס הייליקע הויז איז חרוב.

דער זאָל פון רעפּאַטריאַנטן אין קולטור־הויז, ווו עס ווערט אַנגאַ־זשירט פאַר אונדז אַן אָוונט, איז געפּאַקט. גראַדע צינדט אָן מיט זיין טעמפּעראַמענטפולער רעדע דאָס פאַריתומטע געמיט פון די צוהערער. „צום ערשטן מאָל טרעטן אויף אין ביעלסק יידישע שרייבער" — זאָגט דער פאָרזיצער.

ביי אַ העלפט פון די יידישע איינוווינער זענען ביעליצער, — געקו־מען זענען זיי אהער פון לאגערן פון ראַטנפאַרבאנד. זיי האַלטן אָן אַ קאָנ־טאַקט מיט די עטלעכע הונדערט ביעליצער, וואָס זענען צעשפּרייט איבער גאָר דער וועלט. פון ביעליץ טיילט אָפּ אַ בריק פון אַ צווייטער שטאָט — ביעלאַווע. דאָרט זענען איצט קיין יידן בכלל נישטאָ, ווי קיינמאָל וואָלטן זיי דאָ ניט געווען.

אין אַ רעגנדיקן טאָג זענען מיר אָנגעקומען אויפן וועג צוריק אין קאַטאָוויץ אין טויטן לאַגער אָ ש וו י ע נ ט ש י ם. דער לאַגער, אַזוי ווי ער זעט אויס איצט אַפילו, איז די שוידערלעכסטע שטאָט (אַ שטאָט אַ גאַנצע איז דאָ אויסגעבויט געוואָרן אומצוברענגען די 5 מיליאָן מענטשן!), אויף דער וועלט, וואָס מענטשן קענען זיך פאַרשטעלן. מיר מאַכן אונדזער ווייטערדיקן וועג, צו זיך ניט געקענט קומען, צוזעענדיק אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען אין אָשוויענטשים. אין דער טויטן־שטאָט, וואָס איז שוין צוויי יאָר בלויז אַ מוזיי־אָביעקט. מיר פאָרן דורך דערפער און שטעטלעך. ווו ס׳האָבן פאַר דער מלחמה געוווינט דורכאויס יידן. יידן אין לאַנגע קאַפּאָ־טעס, מיט פּאות, יידן פרומע, וואָס האָבן געמיינט, אַז זיי און זייערע קינדס־קינדער וועלן ווען עס איז דערלעבן בעסערע צייטן און מען וועט ווייטער לעבן, צי דאָ, צי אַוועקפאָרן ערגעץ ווייטער.

קלענער איז דער יידישער ישוב אין ס אָ ס נ אָ וו י ע ץ, אָבער קאָמפּאַקטער, דער יידישסטער פון אויבערשלעזיע. ביי 1.000 יידן ווינען דאָ. (35.000 פאַר דער מלחמה!) צווישן זיי 300 חלוצים (קיבוצים: השומר הצעיר, דרור, לינקע פּועלי ציון און איחוד). די יידן האַלטן זיך אַלע איב־איינעם און טראַכטן פון אַ תכלית, אָבער שוין ניט אין סאָסנאָוויעץ.

אין ב ע נ ד י ן פאָרן מיר שוין ניט. 20 ג ע צ יי ל ט ע יי ד ן זענען געבליבן פון דער גרויסער קהילה, וואָס האָט געציילט 60 טויזנט!

אַ שיינע שטאָט, אין עכטן דייטשן סטיל איז ב י ט אָ ם. אַז פּוילן איז באַפרייט געוואָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן ציען צו דער שטאָט טויזנטער יידן. דער יידישער ישוב האָט שוין געציילט ביי 6.000 מאַן. יידן אָבער בענקען צוזאמען זיין. ביטאָם, וואָס האָט זיך גערעכנט צוערשט פאַר אַ רואיקן אָרט, ווו יידן קענען ווינען, האָט מען מיטאַמאָל אָן עין הרע גע־געבן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ סעריע איבערפאַלן אויף יידן און זיך געענדיקט מיט עטלעכע מאָרדן. דער ישוב איז געוואָרן קלענער און ציילט שוין אַפילו ניט קיין העלפט, ווי מיט אַ האַלב יאָר צוריק. דעם יידישן „אויסזען" פון דער שטאָט, אויף וויפל עס איז פאַראַן, באַשאַפן אויך דאָ די עטלעכע הונדערט חלוצים, וואָס רייסן זיך אַריין אָפט אין דער נאַכטיקער שטילקייט מיט זייערע שטורעם־און דראַנג־לידער.

דער באַנקעט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אונדז, נאָך אונד־

**זער אַרויסטריט, ביי ח׳ זעליקן אין שטוב, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ** העפטיקער דיסקוסיע וועגן דער ראָל פון יידישן שרייבער ביי היינטיקן טאָג.

— נאָר אָן פּאָליטיק! — האָבן אַלע געשריען און אַלע האָבן מסכים געווען, און...

— ...צוליב דעם אַלעם, — פאַרענדיקט איינער פון די רעדנער — מוזן מיר קומען צום אויספיר, אַז דער יידישער שרייבער דאַרף העלפן דאָס יידישע פאָלק אין קאַמף פאַר אַ פרייער ארץ־ישראל!

— אָן פּאָליטיק האָבן מיר דאָ אָפּגערעדט! — האָט זיך אָפּגערופן אַ קעגנער.

— ווער רעדט דאָ פּאָליטיק? — רופט זיך אָפּ פאַרוווּנדערט דער רעד־נער, — ארץ־ישראל איז פּאָליטיק? אויב אַזוי איז פוילן פאַר פּאָליאַקן, אויך פּאָליטיק...

מען דאַרף קיין גרויסער פּאָליטיקער ניט זיין, כדי צו פילן די געדאַנקען און אויסוועגן, וואָס עס זוכן דאָס רוב יידן אויך אין אויבערשלעזיע.

# די לעצטע ציגיינערס

לאָדזש איז כמעט ניט באָמבארדירט געוואָרן בעת דער מלחמה. די עטלעכע באָמבעס, וואָס סאָוועטישע פליער האָבן געוואָרפן איבער דער שטאָט פאַרן אָפּטרעטן פון דייטשן מיליטער, האָבן חרוב געמאַכט אַ 3־4 הייזער און דאָך, ווען איך האָב געוואַנדערט איבער אַלטשטאָט און באַלוט, די צומערסטן באַוויגנטע יידישע שטאָט־טיילן פאַר דער מלחמה, האָבן אויף מיר די גאַסן און הייזער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס וואָלטן פאַרגעקר־מען גרויסע שווערע שלאַכטן, אַז ס׳זענען דאָ געווען וויכטיקע מיליטערישע אָביעקטן, וואָס דער שונא האָט געוואָלט צעשטערן.

פון טעות פירט מיך אַרויס מיין באַגלייטער.

— ניט קיין באָמבעס — זאָגט ער — זענען דאָ געפאלן, — דאָ זע־נען אַפילו כמעט קיין פאַבריקן ניט געווען, דאָ זענען געווען פשוטע וווינונ־גען, ווו ס׳האָבן געוווינט פ אַ ר דער מלחמה יידן און אין דער מלחמה יידן. דאָ איז געווען די לאָדזשער געטאָ.

— טאָ ווער האָט עס אַלץ אַזוי חרוב געמאַכט? — קען איך ניט פאַרשטיין.

— חרוב געמאַכט האָט עס די שטאָטישע באַפעלקערונג. נאָך דער ליקווידאַציע פון לאָדזשער געטאָ, האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן איבערן געטאָ זוכן אוצרות, האָט מען צוערשט אַרויסגעטראָגן אַלץ פון די שטיבער, נאָכדעם די בוידעמער פונאַנדערגענומען, די ווענט צעבראָכן, די פאָדלאָגעס אויפגעריסן...

ווי היישעריקן זענען זיי דעם געטאָ באַפאַלן און אָנגעמאַכט אָט דעם הורבן.

וואַנדערן מיר איצט צווישן די חורבות אין האָרץ פון יידישן לאָדזש.

יידישע יום־טוב טעג. וואָס דאָ האָט זיך אַמאָל געטאָן? אין די פאַר־שידענע שטיבלעך פון מרדכי גבאַיס־גאַס איז אין דער צייט, געווען יום־טובדיק, אויסגעפוצט און אויסגעצירט. אַפילו די יידישע לוויהס, וואָס זע־נען דורך דער גאַס געגאַנגען, כדי אויסצומיידן אַ קלויסטער, כאָטש דער וועג איז דאָרט נענטער געווען, האָבן אין די ערב טוב־טוב־טעג אויסגעזען אַנדערש.

און אַזוי איז אויך געווען אין דעם שמאָלן מלינארסקי־געסל, אין דער פעפער־געסל, אומעטום, ווו דו וואַרפסט נאָר אַ בליק.

איצט איז דאָ פּוסט און וויסט. חרוב... אויף אַ שילד לייענען מיר: „קאָמיטעט אויפצובויען באַלוט". פריער האָט מען פאַרניכטעט. איצט דאַרף מען אויפבויען. און גייענדיק צווישן איין חרובן הויז און אַ צווייטן, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ נעסט פון ציגיינער.

אין קאַלטן האַרבסטיקן פרימאָרגן זענען אַרומגעלאָפן ביי אַ צעפאַלענער חורבה, אין בלויזע העמדלעך, קינדער־ציגיינער. טייל האָבן זיך געשפּילט איינע מיט די אַנדערע, און די איבעריקע זענען געזעסן אַרום אַ פייער און געגעסן געבאַקטע קאַרטאָפל:

— ווו איז אייער טאַטע? — פּרוו איך פאַרציען מיט זיי אַ שמועס.

— די דייטשן האָבן אים דערהרגעט — ענטפערן אַלע מיטאַמאָל.

אין האַרצן טוט אַ ברי. אַן אַלט־באַקאַנטער נאָענטער ענטפער.

— און די מאַמע? — פרעג איך ווייטער.

— אויך דערהרגעט!

— טאָ ווער איז דאָ מיט אייך?

— אַ שוועסטער, אַ פעטער, אַ זיידעשי! — ענטפערן איינציקווייז די קינדער.

— פירט מיך אַריין צו זיי, איך וויל זען, ווי איר לעבט.

די קינדער האָבן מיט אומצוטרוי געקוקט אויף מיר און לאַנג געטראַכט, וואָס קען וועלן פון זיי דער פרעמדער מענטש?

און זיי האָבן טאַקע געהאַט רעכט דערויף. אַט איז מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק די היגע צייטונג „עקספּרעס אילוסטראָוואַני" אַרויס מיט אַ גרויסן אַלאַרם: „ציגיינער ־ אינוואַזיע אויף לאָדזש", איצט גייט עס זיי, די ציגיינער, באַקעם אַרויס.

אין מורא האָבן זיי מיר געפירט צו זיך, אויף צעבראָכענע טרעפּ צו אַ בוידעם אַרויף, דאָ אין אַ קליין הייזל מיט צעבראָכענע פענצטער, מיט אַ צעבראָכענער סטעליע, דורך וואַנען עס רעגנט אַריין, דאָ וווינען זיי, דאָ ליגן זיי ווער אויף בעטן, ווער אויפן פּאָדלאָגע. ביי צוויי צענדליק ציגיינער וווינען דאָ, אָבער קיינער איז קיינעמס קיין קרוב ניט.

איך בין געבליבן איינע פון אַ משפּחה פון צוואַנציק — זאָגט אַ יונגע ציגיינערין מיט אַ קינד ביי דער ברוסט. — די איבעריקע זענען אַלע דורך די דייטשן אומגעקומען.

— אויך איך בין געבליבן איינער אַליין, ווי אַ פינגער — רופט זיך אָפּ אַן עלטערער ציגיינער. אַלעמען, אַלעמען, האָבן זיי מיר צוגענומען.

די וועלט האָט וועגן זיי גאָרניט דערמאָנט. ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט, און צווישן אַלע פעלקער, וועלכע האָבן געליטן פון די דייטשן איז דאָך אויך געווען דאָס ציגיינערשע. איך דערמאָן זיך די יאָרן 1941־43, ווי צוגלייך מיטן געיעג אויף יידן, זענען אויך ציגיינער ניט געשוינט געוואָרן. גאַנצע טאַבאָרן פלעגן געכאַפּט ווערן און אויפן אָרט

אין די וועלדער פלעגן זיי ווערן אויסגעשאָסן. אַזוי, דערציילן די ציגיינער, איז אויך געווען אין צענטראַל־פּוילן.

ניט נאָר די דייטשן, ניט נאָר טייל פון דער באַפעלקערונג, די געשטאַ־פּאָ האָט אין געיעג נאָך די פּוילישע ציגיינער גענומען צו הילף די ציגיינער פון דייטשלאַנד און רומעניען. איבערגעטוענע אין געשטאַפּאָ־מונדירן האָבן זיך די דייטשע און רומענישע ציגיינער געיאָגט איבער אַלע שטעטלעך, דערפער און אין די וועלדער נאָך זייערע ברידער, די פּוילישע ציגיינער.

— וויפל זייט איר געווען פאַר דער מלחמה? — רייס איך איבער זייער גרויליקע געשיכטע:

— מיר האָבן קיינמאָל קיין ציילונג נישט געמאַכט, אָבער מיר זענען געווען אַ גאַנץ היפּשע צאָל, אין די צענדליקער טויזנטער בלויז אין פּוילן.

— און וויפל ציגיינער זענען אומגעקומען?

— פון דייטשע קוועלן האָבן מיר זיך ניט לאַנג דערוווּסט, אַז בלויז אין אָשוויענטשים זענען פאַרברענט געוואָרן 2.600 ציגיינער. דאָס זענען אָבער דייטשע אָפיצירן. מיר זענען אומגעקומען אין אַלע טויט־לאַגערן. עס זענען אויך געווען צייטווייליקע אַרבעטס־לאַגערן פאַר ציגיינער. מיר, דערציילט דער עלטערער ציגיינער, זענען געווען אין ציגיינערישן אַרבעטס־לאַגער אין וואַרשע אויף דער גענשע־גאַס, אויך אין וואַרשעווער געטאָ זענען אַריינגעטריבן געוואָרן ציגיינער. אין לאָדזשער געטאָ, איז פאַר ציגיינער געווען אַ ספּעציעל אַרומגעצוימטער געטאָ.

— אָבער אויך אין פאַרטיזאַנקע — רופט זיך אָפּ מיט שטאָלץ אַ צווייטער ציגיינער — זענען מיר געווען.

איך דערצייל זיי, וואָס פאַראַ העלדישע ציגיינער עס זענען געווען ביי אונדז צווישן די פאַרטיזאַנער אין די ווייס־רוסישע וועלדער. ווי די דייטשע פאָסטנס האָבן מורא געהאַט פאַר די ציגיינער־פאַרטיזאַנער, אַזוי ווי פאַר די יידישע פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען געווען אומדערשראָקן אין אויס־פירן די געפערלעכסטע אויפגאַבעס, וואָס די קאָמאַנדירן האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט.

זענען שטאָלץ די ציגיינער אין קליינעם חרובן געטאָ־שטיבל, די קינדערלעך האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אַרום מיר און הערן מיר אויס מיט הידוש.

אויך אין פּוילישן מיליטער, דערציילן זיי, זענען איצט פאַראַן אַביסל ציגיינער. זיי קומען גלייך פון די פאַרטיזאַנער, רודאָלף ציגאַנסקי, איז געווען באַרימט צווישן דער פּוילישער פאַרטיזאַנער־מחנה אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר שאַרי. איז איצט רודאָלף אַן אָפיציר אין דער פּוילישער אַרמיי. אויך ער איז געבליבן ווי אַ פינגער איינער אַליין און איז נאָך קיין 22 יאָר ניט.

אַמאָל, אַמאָל האָבן געזונגען די ברוין־הויטיקע ציגיינער:

ליכטיק איז דעם ציגיינערס לעבן,
ער דאַרף דעם קיסר קיין צינז ניט געבן.

זענען שוין לאַנג קיין קיסרים נישטאָ, צינזן אָבער צאָלן זיי אויך איצט ניט. זיי וואַנדערן נאָך אַלץ פון וואַלד צו וואַלד, פון שטאָט צו שטאָט, אויף אַלע שליאַכן, אויף אַלע וועגן. זייער קליידער־טראַכט איז אַלץ דאָס לאַנגע באַבלומטע קלייד מיט די בלענדיקע קאַרעלן אויפן האַלדז. די לאַנגע שוואַרצע פייקע ביים עלטסטן ציגיינער. לאָזט אַרויס פון זיך רויך ווי פון אַ קוימען.

— ווייניק זענען מיר געבליבן אַביסל זענען פאַראַן איצט אין שלעזיע, געציילטע אין וואַרשע. דאָס אַלץ. וועט גאָט געבן, וועלן מיר אויך ווייטער לעבן און אויב ניט, איז אויך אַ קנאַפּע צרה... ער האָט טיף אָפּגעזיפצט און געענדיקט — מען וועט אָבער בענקען נאָך אונדז...

כ׳בין געגאַנגען צוריק דורך די חרובע געסלעך פון לאָדזשער געטאָ, די שמאָלע גאַס, דער באַלוטער פּלאַץ, די לעבעדיקסטע טיילן פון יידישן לאָדזש זענען טויט איצט. ערגעץ דאָ אין די געגנטן איז אויך געווען דער געטאָ פאַר ציגיינער. ביידע געטאָס האָבן געהאַט דעם זעלבן סוף אַלע קרבנות זענען הייליק און אַלע נשמות פלאַטערן צוזאַמען, זיי פלאַטערן און טוען תפילה, אַז די, וועלכע זענען לעבן געבליבן, זאָלן אין אַן אויס־געלייזטער וועלט זייערע יאָרן אויסלעבן.



אין מאנטעווידעא, אין יאר 1952.



אין בראזיל אין יאר 1951.



אויף אַ קאָנפערענץ פון דעם פערטן פועלי־ציון־התאחדות צוזאַמענפאָר אין בראַזיל, אין 1953.

# אויף דער ערד פון עמלק

טראָץ גרויסע שוועריקייטן האָב איך דערגרייכט מײַן ציל: געקומען אין עמלק־לאַנד, און געזען ווי די רעשטלעך פון די יידישע ישובים פון אַ רײַי לענדער לעבן.

כאָטש איך בין געקומען אַהער פון קיינעם ניט קיין געשיקטער, האָבן דאָך די היגע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס (ווי דער דזשאָינט, צ. ק. פון די באַפרײַטע יידן און די יידישע אַגענץ) אויסגענוצט מײַן באַזוך כדי איך זאָל אין אַ רײַי לאַגערן אַרויסטרעטן פאַר די יידן, וואָס גאַרן צו הערן אַ קינסטלעריש יידיש וואָרט.

דעם אמת מוז איך זאָגן: כ׳האָב צוערשט שטאַרק געספּקט, צי איך זאָל אָננעמען דעם פאָרשלאָג אויפצוטרעטן אין די לאַגערן, ווײַל איך האָב געוווסט אַז דער צוהערער־עולם איז אומעטום אַ פאַרשיידנאַרטיקער (פון פאַרשידענע לענדער, שפּראַכן, מענטאַליטעטן) און דעריבער קען ניט זעלטן געשען פאַרשידענע ניט אנגענעמע „סיורפּריזן", וועלכע זאָלן מיר געבן אָנצוהערעניש, אַז מײַן וואָרט איז דאָ ניט נייטיק.

אָבער שוין די ערשטע אַרויסטריטן מײַנע האָבן מיך איבערצייגט אַז מײַן ציטער איז געווען אומזיסט. איצט, ווען איך האָב שוין דעם טורנעפּלאַן, וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט דער „דירעקטאָריום פאַר קולטור און דערציאונג" — אַדורכגעפירט, קען איך דרייסט זאָגן אַז די שארית־הפליטה צוהערער זענען אַ מוסטערהאַפטער עלעמענט פאַר וועמען עס איז אַ כבוד אויפצוטרעטן.

כ׳וועל ניט פאַרגעסן:

ווי אין היידענהיים, זענען הונדערטער יידן געשטאַנען ביי טיר און פענצטער פון איבערפולטן זאַל און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט מײַנעם.

אָט זע איך זיך ווידער מיט די צעלויכטענע קינדער־פּנימער אין דער קינדער־סאַנאַטאָריע אין העסלינגען אויף דעם עונג־שבת. זאָל פאַרשריבן ווערן אויף זייער חשבון דאָס לידל וואָס איך האָב דאָרט אויף אַן אָרט פאַר זיי אָנגעשריבן און גלייך זיי אויסגעלערנט. זיי, די קינדערלעך, דער דירעקטאָר, די דערציער, האָבן מיר דאָך צו דעם אינספּירירט און כאָטש די בלומען, וואָס זיי האָבן מיר געשענקט, זענען אין וועג פאַרוועלקט געוואָרן, בליען זיי דאָך אין האַרצן אין מײַן ווייטערדיקן וואַנדער.

עס שפּיגלען זיך נאָך הונדערטער אויגן־פינקלען אין מײַנע שוואַרצאַפּ־

לען פון די פאַרזאַמלטע צוהערער אין זאַל פון דעם גאָוטינג שפּיטאָל. די שטילע צאַרטע האַרץ־ווערטער פון צפּורה בלאַך — ניט צו פאַרגעסן די חולאים, וועלכע וואַרטן אין חלומדיקער בענקשאַפט אויך נאָך אַ יידיש וואָרט — רירט ביז טרערן. ווו נעמט מען צייט נאָך אַמאָל אייך צו באַזוכן טייערע חברים און פריינד מיינע?

געוויס וואָלט איך וועלן (און כ׳גלויב אַז איך וועל מיין באַגער אויספירן) קומען נאָך אַמאָל אויך אין לייפּהיים כדי עס זאָלן מיך אויך הערן יענע וועלכע האָבן געמוזט אַוועקגיין צוריק פון שוין איבערפולטן זאַל מיט צוהערער.

און פאַרוואָס, שטעל איך זיך אַליין אַ פראַגע, זאָל איך אויך ניט קומען צו די איבעריקע יידן אין אטטעל, וועלכע האָבן ניט געהאַט די מעגלעכקייט ווי אַ טייל פון זיי, זיך שלעפּן אַזש קיין גאַבערזעע, כדי מיך צו הערן?

ווי קען מען פאַרגעסן דעם איבער טויזנט־קעפּיקן עולם פון די אַלע איבערפולטע זאַלן אין ווינדסהיים, ווילסעק, דעגענדארף, באַמבערג, לעכוואַלדשטאַט ביי פאַקינג, און נאָך אַזוי פיל צוהערער אין פערנוואַלד, אין די פעלד, און די פיל הונדערטער צוהערער פון באַד־רייכענהאַל, אולם, וואַסעראַלפינגען, פעלדאַפינג, לאַנדסבערג און אַנדערע.

כ׳האָב דערפילט אַז דער קאָנטאַקט מיט מיינע צוהערער איז אומעטום אַן ענגער, אַ נישט־צערייסבאַרער. איך דאַרף ז י י און מיט הנאה, מיט שפּאַנונג הערן זיי ווי איך דערצייל ווי אַזוי יידן האָבן געקעמפט, ווי איך לייען מיינע פאַרטיזאַנער־דערציילונגען, ווי איך רעציטיר מיינע לידער, ווען מען מעלאָדיעס דאָס פאָלק האָט שוין פאַראייגנט, וועמענס מעלאָדיעס עס האָט אַזוי דין און צאַרט אויסגעפירט אויפן קלאַוויר די קינסטלערין טאַני גראומאַן.

אַן אָפּרו בין איך יעדן טאָג אַרויסגעטראָטן אין אַן אַנדער לאַגער אין אַזוי אַרום האָב איך אין 20 לאַגערן געהאַט 24 אַרויסטרעטונגען, וואָס האָבן אַרומגענומען איבער 11.000 צוהערער.

אין פעלדאַפינג האָב איך מיינע שאַפונגען געלייענט (אויף באַגעגעניש לכבוד מיר) פאַר די לינקע פועלי־ציון און פאַר דעם השומר הצעיר, ווו הונדערטער יוגנטלעכע און דערוואַקסענע זענען געווען מיינע געטרייע צוהערער. פאַרגעניגן האָט מיר פאַרשאַפט דער אָוונט אין מאַטראָסן־קיבוץ אויף דונאַי (פון נחם) ביי דעגענדארף. היימיש האָב איך זיך געפילט אויף דעם צוזאַמענטרעף מיט מיינע ווילנער לאַנדסלייט אין מינכען און נאָענט זענען מיר געוואָרן נאָך שטאַרקער די וואַפן־חברים מיינע — די פאַרטיזאַנער, די סאָלדאַטן, די געטאָ־קעמפער מיט וועמען איך האָב געהאַט אין אַ ריי לאַגערן באַזונדערע שמועסן און פאַר וועמען איך האָב ווידער געלייענט מיינע שאַפונגען. זיי, די וואפן־חברים, האַלטן נאָך אַלץ דאָס געווער אין האַנט, ווייל זיי ווייסן אַז כדי צו טראָגן דעם ערן־טיטל „עם הספר״ טאָר מען אויך פון

האַנט די שווערד ניט פאַרלאָזן. די באַגעגענישן מיט די פּחח־חברים אין מינכען, פאַקינג, באַד־רייכענהאַל, לייפּהיים, און פון אַנדערע לאַגערן זענען פאַר מיר ניט פאַרגעסלעכע.

און אָט זע איך זיך צוריק ביי מיין אָנקומען פון פּאַריז קיין מינכען:

שרייבער־צוזאַמענפאָר. אַ נייע פּלעיאַדע פון פּעאיקע זשורנאַליסטן, פון יונגע שרייבער, וועמענס אייגנאַרטיקייט עס לאָזט זיך שוין איצטער דער־פילן און גיבן אַזויפיל האָפענונגען פון פונאַנדערוווקס, פון שרייבער אַלס באַקאַנטע, וואָס זענען שוין פון לאַנג אַריינגעוואַקסענע אין אוצר־באַזיץ פון דער יידישער ליטעראַטור.

ווער קען איצט באַנעמען וויפל מי און זאָרג עס ווערן אַריינגעלייגט ביים בעסער מאַכן, ביים פאַרשענערן אין אינהאַלט און אין אויסזען פאַר־שידנפאַרביקע פּרעסע־אָרגאַנען און זשורנאַלן.

ווו נעם איך אַזויפיל חושים צו געדענקען און פאַרשרייבן די באַזוכטע פאָלקס־שולן, „אָרט״־שולן, שפּיטעלער, ספּאָרט־פאַרמעסטונגען, רעדאַק־ציעס, היסטאָרישע קאָמיסיעס, פּח״ח־סניפים, פּאַרטיי־אינסטיטוציעס, בתי־מדרשים יוגנט־הייזער אאַז״וו?

איך בין איינער פון דער שארית־הפליטה. צייטווייליק איז מיין זיץ־אָרט איצט — פּאַריז. בלויז גרענעצן שיידן מיך אָפּ פון די יידישע ישובים פון עמלק־לאַנד. אין געדאַנק, מיט מיין גאַנצן וועזן בין איך מיט אַלעמען. און אַז דער געדאַנק איז דאָ — גלויב איך מיין פעסטן ווילן צו פאַרווירקלעכן, — בקרוב זיך ווידער צו זען און צוזאַמען, צוזאַמען אויף שווערע וועגן — מיט אַלעמען, אַלעמען שמידן די ליכטיקע וואָר פון יידישן לעבן אין אַלט־נייעם יידישן לאַנד.

דאַנק איך די טויזנטער יידן, די צוהערער מיינע. איך דאַנק פאַר די איינלאַדונגען, וואָס זענען מיר אַרויסגעשיקט געוואָרן פון אַנדערע לאַגערן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע און אויך פון בערגן־בעלזן און פון עסטרייך. ביי דער ערשטער מעגלעכקייט וועל איך זיי זיכער באַזוכן. איך דאַנק דעם „די־רעקטאָריום פאַר קולטור און דערציאונג״ בראש מיט דעם דזשאָינט פאַר־שטייער ה׳ געבער און מר׳ קעמפּנער פאַר געבן מיר די מעגלעכקייט די אָוונטן אַדורכצופירן. ווי אויך די אייראָפּעאישע דזשאָינט־צענטראַלע אין פּאַריז, וואָס האָט מיר צו דעם צוגעהאָלפן.

מיין דאַנק דער יידישער פּרעסע, וואָס האָט אַזויפיל אָרט אָפּגעגעבן די באַריכטן וועגן די אַדורכגעפירטע אָוונטן מיינע אין די לאַגערן.

מיין האַרציקן גרוס דער יידישער שרייבער־ און זשורנאַליסטן־משפחה פון דער שארית־הפליטה!

מינכען 4.12.47

# זיי זענען געווען קענ...

פלאַקאַטן אויף די גאַסן פון שטוטגאַרט. ריזיקע אותיות שרייען אַראָפּ פון די ווענט: „צום געדענקטאָג פיר די אָפּפער דעס פאַשיזמוס, אם 14־טן. סעפּטעמבער 1947". קומט זען די גרויסע אויסשטעלונג א. נ. „די דאַגעגען וואַרען!"

דער רוף האָט מיך אינטריגירט. געצויגן מיך אין דער באַרגאַראַפיקער שטאָט, צום צענטער פון שלאָס־פּלאַץ, ווו ס'איז אין צוויי ריזיקע הילצערנע באַראַקן אָפן די אויסשטעלונג.

ווידערשטאַנד אין דריטן רייך? — צוערשט גלויבט זיך ניט די אייגענע אויגן, וועלכע לייענען די אויפשריפט ביים אַריינגאַנג. זענען אויך, הייסט עס, געווען צווישן די דייטשן אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט? די בראָשור וואָס איך באַקום ביים אַריינגאַנג, וויל מיר פון ספק אַרויסציען. „דער ביז איצט צוזאַמענגעקליבענער מאַטעריאַל, לייען איך אין דער הקדמה, באַווייזט שוין אַז אין דייטשלאַנד זענען אויך געווען מענטשן, איינצלנע און גרופּעס, וועלכע האָבן באַוווסטזיניק געקעמפט, כדי אַראָפּצוואַרפן דעם פאַרברעכערישן היטלער־סיסטעם. און צוליב דעם האָבן זיי, די קעמפער, זייער פרייהייט און לעבן מקריב געווען."

— אַזוי, — טראַכט איך זיך, — זענען אויך אין סדום געווען איינציקע און אַפילו גרופּעס וועלכע האָבן זיך קעגנגעשטעלט . קען עס זיין?

איך דערמאַן זיך טאַקע אויפן אָרט — וועגן איינצלנע דייטשן, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע געטאָס און לאַגערן יידן גוטס געטאָן. אָבער אויך די גוטע האָבן אַפילו ווען ניט ווילנדיק, די באַפעלן פון זייערער העכערער מאַכט אויסגעפירט. הייסט עס, טראַכט איך ווייטער, זענען אויך געווען אַזעלכע דייטשן, וועלכע האָבן די באַפעלן ניט אויסגעפירט. פאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָך קעגנגעשטעלט? לאָמיר גיין זען ווי זענען זיי אויס, ווער זענען זיי געווען, וויפל ציילן זיי?... און איך לאָז זיך צו די ווענט, צו די טישן, וועלכע זענען באַהאָנגען און פאַרדעקט מיט בילדער, דיאַגראַמען, מאַקעטן, ציפערן, רופן...

— „11 מיליאָן מענטשן זענען אומגעקומען אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד!" — רופט אַ פּלאַקאַט. און נעבן דער אויפשריפט קומט אַ לאַנגע רשימה פון די פעלקער, וועמענס קרבנות די 11 מיליאָן זענען געווען. אַלע פעלקער האָבן די היטלער־משחיתים אין זייערע לאַגערן געהאַלטן, זעט זיך

אָן לויט דער רשימה. — אויך ליטווינער, לוקסעמבורגער, לעטן, בלויז... דאָס יידישע פאָלק פעלט דאָ, אַזוי ווי זיי וואָלט היטלער אינגאַנצן אויסגעמיטן.

— און ווו זענען די יידן? — פרעג איך אַ דערשטוינטער דעם פאַרוואַלטער.

— די יידן... הם... — ער געפינט ענדלעך אויס דעם אַלט־באַקאַנטן תירוץ — די יידן זענען אַריינגערעכנט ווי בירגער פון וואַנען זיי שטאַמען: פון פוילן, פון ליטע, פון לוקסעמבורג...

איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי... נאָר לאָמיר ווייטער קוקן. ווער איז געווען קעגן? פון דער וואַנט קוקט אַראָפּ אַ באַקאַנטע בילד. די אונטערשריפט זאָגט, אַז איך האָב ניט קיין טעות. ס'איז דער ייד וואָלטער ראַטענאַו... ער איז געווען קעגן... דערפאַר האָט אים דאַן, נאָך איידער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, אַ נאַציאָנאַליסט דערמאָרדעט. ווער נאָך, ווער נאָך?

„אין ווירטעמבערג־באַדען — לייען איך אַ צווייטע אויפשריפט — ווערן פאַר זייער אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן דריטן רייך פאַרמשפּט 491 פרויען אויף 468 יאָר תפיסה". די דייטשן וואָס רינגלען צוזאַמען מיט מיר דעם פלאַקאַט אַרום, שטעלן זיך דאָ לענגער אָפּ. זיי, די באַזוכער, שווייגן. קוקן ערנסט, ווי זיי וואָלטן שטאָלצירט: אויך מיר זענען געווען קעגן... און אפשר שמייכלען זיי און טראַכטן — אָט באַבעס, געוויס באַהאַלטן די מענער זייערע אונטער די פאַרטוכער, ניט געוואָלט זיי צום פראָנט שיקן. האָבן זיי באַקומען צו 10 חדשים תפיסה.

דער פריינד גרייסדאָרף, דער פאַרוואַלטער פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע ביים יידישן קאָמיטעט אין שטוטגאַרט דערקלערט מיר:

— ווען ניט אונדזער קאָמיסיע, וואָלטן זיי דאָס, וואָס איר זעט אויך ניט געהאַט. זיי האָבן געבאָרגט ביי אונדז דעם קאַצעט־אַנצוג וואָס הענגט דאָ אויף דער וואַנט. מיר האָבן זיי געבאָרגט אַ טייל בילדער.

„עס דערמאָנען אייך די טויטע!" — אונטער דעם רוף איז טאַקע צעהאַנגען די סעריע בילדער, וואָס דערציילן ווי אַזוי די געפאַנגענע זענען געפייניקט געוואָרן אין די קאָנצלאַגערס. ס'איז זיך ניט שווער אָנצושטויסן, אַז די געפייניקטע זענען יידן. אָבער אַלץ גייט אויף דעם אייגענעם חשבון. ס'הייסט די דייטשן זענען געווען קעגן און דערפאַר זענען זיי אַזוי געפייניקט געוואָרן.

אָרעם איז דאָ פאַרטראָטן, ווייל מער איז ניט געווען, די אומלעגאַלע פרעסע: „דער נייער וועג", „ראָטע פאַנע" און עטלעכע העקטאָגראַפירטע בלעטלעך ווייזן, אַז טראָץ דעם טעראָר האָבן זיך דאָך אויך געפונען דייטשן, וועלכע האָבן גערופן צום קאַמף קעגן היטלעריזם.

אַט שטייט אַ שמייס־באַנק אויף וועלכער די געפאַנגענע פלעגן אָפט ביז טויט פאַרשמיסן ווערן. אין צווייטן ווינקל — אַ מיניאַטור־מאָדעל פון דאַכאַו און איבער דעם מאָדעל קוקט אַראָפּ דער טייוול־בליק פון עלזאַ קאָך, וועלכע האָט פון מענטשלעכער הויט געמאַכט הענטשקעס פאַר זיך און פאַר אירע ליבלינגען.

אַ גרעסערע ווידערשטאַנד־באַוועגונג האָבן די דייטשן אַרויסגעוויזן אין די ערשטע יאָרן ווען היטלער איז צו דער מאַכט געקומען. ציפערן וואָס ווערן דאָ געבראַכט, דערציילן אַז אין 1937 נאָך איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַנדער־האַלבן מיליאָן אומלעגאַלע צייטונגען און פלוגבלעטלעך אין דייטשלאַנד. אָבער ווען מיר קומען צו צו די ציפערן, וועלכע דערציילן וועגן די אַרעס־טירטע, מוז קומען אויפן געדאַנק אַז צווישן דער צאָל זענען דייטשן צום וויניקסטן פאַראַן. אין יאָר 1943 זענען דורך די פאַרשידענע געריכטן אין דייטשלאַנד אַרויסגעטראָגן געוואָרן 5336 טויט־אורטיילן. עס ווערט ליידער ניט אָנגעגעבן די נאַציאָנאַליטעט פון די פאַרמשפּטע. אָבער לויט די דער־ציילונגען פון די פאַרשלעפּטע צו צוואַנגס־אַרבעט פון פאַרשידענע לענדער אין דייטשלאַנד, אַז צו דרינגען אַז דעם כבוד צו זיין צווישן די צום טויט־פאַרמשפּטע, האָבן געהאַט אויך פּאָליאַקן, רוסן, אוקראַאינער וועלכע זענען פאַר דעם קלענסטן חטא צום טויט געשיקט געוואָרן. ביז דעם יאָר 1939, ווערט אָנגעגעבן, זענען אין די קאָנצלאַגערס אין דייטשלאַנד געזעסן איבער אַ מיליאָן מענטשן פאַר פּאָליטישע חטאים. עס איז מער ווי פאַרשטענדלעך, אַז ניט בלויז דייטשן זענען דאָ געווען. אַז די גרעסטע צאָל האָבן אויסגע־מאַכט אחינו בני ישראל און אַנדערע.

וואָס לענגער די היטלעריסטן האָבן זיך געהאַלטן ביי דער מאַכט, אַלץ וויניקער ווידערשטענדלער זענען געוואָרן. דער טעראָר פון איין זייט און די נצחונות פון דער דייטשער אַרמיי וואָס האָט אויך פאַרשיכורט די אומצו־פרידענע — פון דער אַנדערער זייט, האָט שטאַרק באַשווערט די ווידער־שטאַנדס־באַוועגונג צווישן די דייטשן. עס זענען געווען טעטיק עטלעכע גרו־פּעס („די ווייסע ראָזע", פון לעכלייכטער, טראַנספּאָרט־גרופּע פון אָטאָ און אַנדערע), וואָס זענען אין ים פון רציחה אַפילו קיין טראָפּן ניט געווען.

דערפאַר שטעלן זיך אַלע באַזוכער, אָן אויסנאַם, אָפּ קוקן אויף דעם פּאָרטרעט פון פריץ יעגער. דער מאַן וואָס האָט אין 1944 אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויף היטלערן. יעדער שטעלט זיך געוויס די פראַגע: וואָס וואָלט געווען ווען דער אַטענטאַט וואָלט זיך איינגעגעבן? ווי וואָלט אויסגעזען דאַן דייטשלאַנד, די וועלט? וויפל מיליאָנען מענטשן אויף דער וועלט וואָלטן פון טויט געראַטעוועט געוואָרן... דער וואָס האָט זיך אָבער געשטעלט קעגן היט־לערן איז גלייך נאָך דעם אומגעלונגענעם אַטענטאַט געכאַפּט געוואָרן און בלויז דאָס בילד־געדעכעניש נאָך אים איז געבליבן דאָ אויף דער וואַנט.

איך פאַרלאָז די צוויי אומהיימלעך־טונקעלע באַראַקן, ווו ס'איז גיכער

געווען אַן אויסשטעלונג פונעם טעראָר איבער מענטשן ווי פון ווידערשטאַנד. דעם זונטיק־טאָג פאַרדעקט די שטאָט אַ בלויער הימל, אַ שײַנענדיקע זון. המונים שפּאַצירער אויף די גאַסן, אויפן שלאָס־פּלאַץ, אין די טראַמווייען. פון די זייטן גאַסן קוקן צעמאָבאַרדירטע הײַזער, וועלכע שטייען שוין חדי אויסגעפּוצטע מיט ריזיקע אויפשריפטן אויף זיך: „מאַך זיך אַ הויז פון דער חורבה!" און ווייטער אַביסל זע איך אַ צווייטע אויסשטעלונג, אונטערן פרייען הימל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בוי־מאַטעריאַלן פון חורבות". הייבן זיך צום הימל־בלאָ, אין דער סביבה פון פונאַנדערגעפאַלענע ווענט, נייע ווענט, ערשט געבויטע... דער מאַטעריאַל פון די נייע ווענט וואָס שליסן זיך באַלד אין הײַזער צונויף, איז טאַקע געמאַכט פון די דערנעבן שטייענדיקע חורבות. גלויבט איר ניט? ווײַזן אײַך די מייסטערס אויף אַן אָרט ווי דאָס ווערט אַלץ געמאַכט. און די דײַטשן וועלכע באַקוקן דאָס אַלץ אַרום, זענען צופרידן. זיי וועלן שוין פון דער אויסשטעלונג וואָס לערנען פאַר זיך. נאָך אַ יאָר און די שטאָט וועט ווידער דערמאָנען אַן דער אַמאָליקער שטוטגאַרט, דער גאָרטן־שטאָט ווו די פרידלעכע אײַנוווינער וועלן ווידער קענען חלומען וועגן אַנדערע שטעט, ניט קיין דײַטשע. די חלומות הייבן שוין אָן געבוירן צו ווערן ביי זיי. און אויב דאָס יאָר 1945 האָט זיי געבראַכט אַ מפּלה, איז נאָך ניט קיין ראיה, אַז זיי האָבן שוין פאַרשפּילט...

ערגעץ ווײַזט מען מיר אַן דעם מאַרק־פּלאַץ, ווו המונים דײַטשן האָבן געשלעפּט צו דער עקזעקוציע דעם יידישן מיניסטער ייד זיס. עס טוט אַ שווער פאַרביי מײַנע אויגן מיטלאַלטער. ס'קומט מיר אויס, אַז דער פאַר־אורטיילטער ייד זיס בין א י ך דאָס איצט און די וועלכע רינגלען מיך אַרום, וועלן היינט אָדער מאָרגן, צי מיט נאָך אַ טאָג שפּעטער, מיט געהיי־ליקטן פרייד דעם טויט־אורטייל איבער מיר אויספירן.

דעם ערשטן טאָג אין דײַטשלאַנד און מײַן באַגער איז שוין וואָס גי־כער דאָס לאַנד פאַרלאָזן.

# בטחון, עמד!

די טעג זענען געוואָרן קירצער. ס׳איז פאַרשוווּנדן געוואָרן די עלעקטרישע ליכט פון די גאַסן. אויך אין שטוב פעלט אָפט אויס ליכט אין די אָוונטן. דער האַרבסטיקער רעגן שמייסט אָן אויפהער. דער ווינטער רוקט זיך אָן. קיין באַהייצונג איז ניטאָ, אויך די באַשפּייזונג ווערט שוואַכער, דער אַנטיסעמיטיזם ווערט שטאַרקער. די דייטשן הויבן אָן צו ווייזן וואָס זיי קענען און אויב עס וועט ניט קומען קיין ישועה, וועט קומען צו דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע. — אַזוי האָט אויסגעזען די לאַגע פון די יידן אין די לאַגערן ווען איך בין אין נאָוועמבער אַריבער די דייטשע גרענעץ.

ס׳איז דעריבער מער ווי פאַרשטענדלעך געווען פאַר מיר, ווען איך האָב אין יעדער שטוב, שטענדיק געטראָפן אַ ייד, וואָס האָט געוואַכט ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט.

אין ציטער האָבן יידן אין די לאַגערן געוואַרט אויף די נייסטע ראַדיאָ־ידיעות, וועלכע האָבן געזאָלט ברענגען זייער אויסלייזונג. און די ידיעות וואָס דער ראַדיאָ ברענגט, זענען יעדן טאָג אַנדערע... אָט זעט זיך פאַר ווער די „יון" דאָך באַשליסן צו געבן יידן אַ קליין ווינקל זיך אויסצולעבן. — ווי אַנדערע מענטשן לעבן. און אָט קומען אָן ווידער בייזע ידיעות. פעלקער וואַקלען זיך... אינטריגעס פון די אַראַבער. פון די ענגלענדער, שלעכט! שלעכט!

— בטחון, עמד! — הער איך מיט אַמאָל אונטער זיך אַ האָפּערדיקן רוף. כ׳בין נשתומם געוואָרן.

— ווער זייט איר דאָס בעל בטחון? — גיב איך אַ פרעג דעם פרעמדן.

— אַ ייד! קומט אַ שטאָלצער ענטפער צוריק — און אַן אייגענער! — בלינצלען צוויי שוואַרצאַפּלען אויף מיר. כ׳האָב זיך פאַרשעמט פאַר די אַרומיקע. פאַרן יונג וואָס האָט נאָך אַלץ געפייערט אויף מיר מיט זיינע הענט־פאַקעלן, וועלכע האָבן זיך צום ראַדיאָ מיט אַמאָל אַ וואָרף געטאָן און אים אויסגעלאָשן. — דער ראַדיאָ וועט אייך בלויז באַשטעטיקן וואָס איך זאָג...

— אַז...

— אַז מיר וועלן האָבן אַ יידישע מדינה! — ער האָט זיך איינגעקאַרטשעט אַ ביסל און שטיל פאַרענדיקט — אַזוי האָבן מיר אויך געטראַכט זיצנדיק אין דאַכאַו, אַנדערש קען דאָך ניט זיין! — און אויסגלייכנדיק זיך האָט ער ווידער אויסגעפלאַמט — בטחון, עמד!

**
*

וואַלדשטאָט ביי פאָקינג, איז געווען דער 16טער לאַגער, וואָס איך האָב באַזוכט. די מאַשין וואָס האָט מיך געבראַכט אהער, האָט זיך צוליב שבת געמוזט אָפּשטעלן פאַרן לאַגער. ווען כ׳בין אַריין פאַרנאַכט אין לאַגער, האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ יידיש שטעטעלע, ווי פון אַ 20—30 יאָר צוריק. דאָ אָבער איז עס נאָך יידישלעכער, ממש אַ שטיק יידיש לעבן ווי פון אַ בוך אַרויסגענומען, ווי אין אַ פאַנטאַזיע...

כ׳הויב די אויגן אויף ביי אַ ראָג גאַס און דערזע אַן אויפשריפט „רחוב בורוכוב״ (באָראָכאָוו־גאַס), איך קערעווע זיך אַריין טיפער אין גאַס און דערזע שילדן אויף אַ ריי שטיבער: „השומר הצעיר״, „פועלי ציון־התאחדות״, אַרבעטער ספּאָרט קלוב „הפועל״, „פועלי־ציון־שמאל״, „פתח״. אויף די ווענט פול מודעות און פלאַקאַטן אין יידיש און העברעאיש. איינע רופט אין קינאָ, אַ צווייטע צו אַ טעאַטער פאָרשטעלונג, אַ דריטע רופט צו אַ פאַרזאַמלונג ערגעץ...

וווּנדערט זיך ניט — זאָגט מיר דער שול־פאַרוואַלטער לעווין — אין לאַגער זענען פאַראַן ביי זעקס טויזנט יידן. און אויב איר זייט ניט מיד, וועל איך אייך אַרויספירן אויף דער „חפץ־חיים־גאַס...

— אויף דער „חפץ־חיים־גאַס״? — האַק איך איבער — קומט, קומט אדרבא.

מיר האָבן דורכגעשניטן אַ פּאָר געסלעך און כ׳האָב מיטאַמאָל דערפילט, אַז איך געפין זיך ערגעץ אין אַן אַנדער וועלט: יידן מיט שטריימלעך, אין לאַנגע קאַפּאָטעס אַרומגעגאַרטלטע, באַפּאהטע, מיט הדרתדיקע בערד, ווייסע, לאַנגע זאָקן און אָט פון דער צווייטער זייט גאַס — יונגע און עלטערע פרויען מיט טיכלעך אויף די קעפּ...

— און מיט שייטלעך אַנשטאָט די אָפּגעשאָרענע האָר... — גיט צו פריינד לעווין זעענדיק ווי איבערראַשט איך בין. און אָט זע איך אַ שילד אויף אַ הויז „ישיבה על שם חפץ־חיים״, אַ צווייטע שילד אַביסל ווייטער „ישיבה ע״ש שאָרית הפליטה״.

— ווילט איר אפשר אַריינגיין צו די לובאַוויטשער אויף שלוש סעודות?

— אוודאי וויל איך! — און אין אַ מינוט אַרום געפין איך זיך שוין אין אַ גרויסער לאַנגער שטוב. ווו אַרום אַ לאַנגן טיש זיצן אַרומגעזעצט און אַרומגעשטעלט אַ פּאָר צענדליק יידן, וועלכע וויגן זיך זינגענדיקע אין דביקות פאַרטיפטע. ...ווו בין איך דאָ? טראַכט איך מיר. כ׳גיי צו נענטער צו זיי. דער ניגון צעטראָגט זיך שטאַרקער, מתיקותדיקער. איך זע אַז די פּנימער ביי זיי זענען גאָר מיט אַן אומעט פאַרצויגן: פאַרכמורעטע אַזעלכע,

אָבער פלוצלונג רייסט זיך ווער אַריין אין אָן ווערטערדיקן ניגון מיט אַן אויסגעשריי:

— ב ט ח ו ן  י י ד ן ! ! ! — דער עולם טוט אַ וויג די אויגן צו דער סטעליע צו און בקול רם צעטראָגט זיך אַ געזאַנג:

— איי—איי בטחון, אוי־אוי בטחון, יידן האָט בטחון איי־איי־איי!

באַפּאהטע יינגעלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט אין פירהויז און געשפּילט אין טרעפעניש.

— יאָ — ניין, יאָ?! — האָט דער עלטסטער געפרעגט די איבעריקע.

— און וואָס וועט זיין, אַז „ניין" — טו איך אַ פרעג.

— בטחון דאַרף מען האָבן, וועלן מיר טרעפן אויף „יאָ"! — ענטפערט אַ דין שטימעלע און איידער נאָך איך וויל פרעגן „און וואָס וועט זיין אַז „יאָ" — טוען די ייִנגלעך אַ שפּרונג מיט אַן אויסגעשריי:

— יאָ! יאָ! יאָ!... איר זעט — צעפייערן זיך אויף מיר בלייכע פּנימ־לעך — איר זעט, בטחון דאַרף מען האָבן! וועלן מיר האָבן אַ יידישע מדינה...

שפּעט ביינאַכט, נאָך מיין פאַרלעזונג, האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן אויף אַ גלעזל שוואַרצע קאַווע אין קאַפע הויז „תל־אביב". די טעמע פון שמועס איז געווען „וואָס וועט ווערן פון אונדז, אויב חלילה די פעלקער וועלן זיך אַרויסזאָגן קעגן דער שאַפונג פון אַ יידישער מדינה?" שוידער־לעכע בילדער האָט איינער נאָכן אַנדערן פאַרגעשטעלט, און דער עיקר, מיר וועלן פאַרלירן דעם גלויבן אין מענטש, אין זיך אַליין, אין דער גאַנצער וועלט...

— בטחון, עמך! — האָט מיטאמאָל איבערגעריסן די שווערע שטי־מונג די פאַרטיזאַנקע ריקלע גלעזער — בטחון! איר דערמאָנט זיך חבר קאַטשערגינסקי די געטאָ און דערנאָך דעם וואַלד? האָבן מיר זיך דאַן פאַר־געשטעלט, אַז מיר וועלן קענען ווען עס איז כאָטש האָפן, אַז מיר וועלן זיך ווען עס איז צוזאמענטרעפן?...

די פידל און דער קלאַוויר, וועלכע האָבן די גאַנצע צייט אונטערגע־ברומט, האָט זיך מיטאמאָל אַריס אַרויס געטאָן פון דער עצבות און זיך אין אַ פריילעכס פאַרגאַנגען:

— בטחון עמך! — האָט זיך דער פידלער צעשריגן, גיך איז געוואָרן אַ רעדל, הענט אויף די פּלייצעס און... די פאַרהענגלעך אויף די פענצטער האָבן זיך צעוויגט אַזש פון דעם פונאַנדערגעפלאַטערטן הוירא און לעבעדיק געפאָכעט מיט די פאַפּירענע פרענדזעלעך:

— לעבעדיק עמך! בטחון עמך!...

**
*

— ווען די וועלט וואָלט געוווסט, וויפל געזונט עס קאָסט אונדז דאָס וואַרטן אויף דעם רעזולטאַט פון דעם „יון" באַשלוס, וואָלטן מיר זי־כער געהאַט אַ יידישע מדינה. — אַזוי האָבן מיר איבערגעגעבן וועגן די

שטימונגען אין לאַנדסבערגער לאַגער די רעדאַקטאָרן פון דער „יידישער צייטונג" אין לאַנדסבערג, די זשורנאַליסטן י. עלענצווייג און מ. לעסטני.

איך בין געקומען דאָ אין לאַגער אין טאָג, ווען ס'האָט שוין ענדגילטיק געדאַרפט פאַלן דער באַשלוס וועגן דער יידישער מדינה — דעם 29טן נאָוועמבער. ווען איך האָב פון דער טריבונע פון וואַנען איך האָב פאַרגע־לייענט מיינע שאַפונגען, רעציטירט די שורות:

עס וועט געשען, עס וועט געשען
און מיר וועלן אַלע ווידער זיין צוזאַמען!
איר וועט זען, איר וועט זען —
אויך אונדזער שיף וועט שווימען פריי אויף אַלע ימען —

האָט דער עולם אויפגעציטערט, הייַנט דאַרף דאָך דאָס געשען, וועט עס געשען? ס'האָט זיך פונאַנדערגעטליעט דאָס בטחון פּייערל: עס וועט געשען. עס מוז געשען!

און שפּעט ביינאַכט, האָט זיך אין דער פינצטערניש צעלויכטן די הייזער־בלאָקן אין די יידישע לאַגערן אין דייטשלאַנד. דער ראַדיאָ האָט גע־בראַכט די גרויסע אויסגעבענקטע שעה. דעם טרוים פון דורות אין וואָר אַ פאַרוואַנדלטן.

אַזאַ שמחה האָב איך אין מיין גאַנצן לעבן נישט געזען און מסתמא וועל איך עס שוין ניט זען. יידן וויינען פון פרייד און טרויער מישט זיך צו:

— אָך. ווען אַלע וואָלטן דאָס דערלעבט צו דער גרויסער היסטאָרישער שעה!

יידן טאַנצן און זינגען. אויף די הייזער זענען אין בלאָ־ווייסן די פּע־נער צעהאַנגען. דער לאַגער־ראַדיאָ שפּילט כסדר יידישע און העברעאישע מעלאָדיעס און אָט האָט זיך מיטאמאָל די יידן־מאַסע צעכוואַליעט:

ס'איז געקומען אונדזער אויסגעבענקטע שעה —
ס'האָט אַ פויק געטאָן דער טראַט — מיר זענען דאָ!

— — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן אין מינכען. איך האָב אין די גאַסן אַרום די יידישע אינ־סטיטוציעס געטראָפן שיינענדיקע יידן. יום־טובדיקע יידן. יעדערער ביי זיך אין שטוב האָט פאַר זיינע נאָענטסטע געמאַכט אַ „לחיים". אַלע פאַרטייען, אינסטיטוציעס האָבן פאַר זייערע מיטגלידער אַקאַדעמיעס אָרגאַניזירט. באַנקעטן. אין דעם גרויסן אָפּערע־הויז האָבן זיך צונויפגעקליבן, לויטן רוף פון צ. ק. פון די באַפרייטע יידן, טויזנטער יידן פון די געטאָס, קאַצעטן, וועלדער און פראָנטן. קורצע רעדעס, האַרציקע באַגריסונגען, פייערלעכער געזאַנג, — דער בטחון — עמך־געפיל האָט הייַנט דאָ געפייערט זיין גרויסן נצחון.

# אין אָנהויב איז געווען דאָס וואָרט

ס'איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, ווען נאָכן באַפרייט ווערן האָבן די יידן זייער אַדורכגעלעבטן פיין געזוכט אויסגיסן אויפן פּאַפּיר.

אין די געטאָס, לאַגערן און אין די וועלדער האָבן דאָך יידן געחלומט נאָך דעם טאָג פון גאולה, ווען מען וועט אויך קענען דער וועלט דערציילן ד אָ ס וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן. איר קענט דעריבער טרעפן אין די ערשטע צייטן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע געדרוקטע צייטונגען פון די יידן אין די לאַגערן, ווי יידן גיסן אויס זייער ווייטיק אין פאָרעם פון זכרונות, לידער, דערציילונגען. דורך דעם וואָרט האָבן זיי געזוכט אַן אויס־לייז פון אַזויפיל פיין. עס זענען נאָך דאַן ניט געווען, און ס'האָבן ניט גע־קענט זיין, אַזעלכע קינסטלער וועלכע זאָלן קינסטלעריש אויסדערציילן כאָטש געוויסע פראַגמענטן פון דעם פאַרגעקומענעם. דאָס אַלץ וואָס איז געדרוקט געוואָרן איז געווען איין גרויסער אויסגעשריי נאָך נקמה, און אַ ווילן זיך צו באַפרייען פון דעם חוב צו דערציילן אַלץ דער וועלט. אין יעדן לאַגער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויב ניט קיין אייגענע צייטונג איז אַ זשורנאַל אָדער אַ מין ביולעטין. אַלע האָבן געשריבן. ביסלעכווייז איז געקומען די באַרואיקונג. באַרואיקט אָבער זענען ניט געבליבן ד י וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב ווייטער אָנצוגיין אין דער וויכטיקער אַרבעט פון וואָרט־קאַמף אויסלאָדנדיק עס ווי ווייט מעגלעך אין אַ קינסטלערישער פאָרם. אין אויס־געצייכנטן רעפעראַט „דער שרייבער אין דער שארית־הפליטה" וואָס עס האָט געהאַלטן דער סעניאָר פון דער יידישער שרייבער־משפחה אין דייטשלאַנד, ראובן רובינשטיין, אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון די יידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין דייטשלאַנד (נאָוועמבער 1947, מינכען) האָט צווישן אַנדערס דער רעפערענט ריכטיק געזאָגט: „פונקט ווי עס עקסיסטירט אַ וויסנשאַפט וואָס הייסט געאָפּאָליטיק, וואָס פאָרשט די ווירקונג פון דער געאָ־גראַפיע אויף דער מלוכהשער פּאָליטיק, וואָלט געדאַרפט אייגנטלעך עקסיסטירן אויך אַ מין „געאָקריטיק", וואָס זאָל שטודירן די השפעה פון דער סביבה פון דער סאָציאַלער מיליע אויפן כאַראַקטער און אַנטוויקלונג פונעם געדרוקטן וואָרט".

ניט האָבנדיק איצט דעם ווילן זיך אַריינצולאָזן אין אָט דער „געאָפּאָלי־טיק" וואָס וועט זיכער דאַרפן קומען צום אויסדרוק ביי אַ ברייטערער אָפּ־האַנדלונג פון געדרוקטן יידישן וואָרט ביי דער ש"ה, וויל איך דאָך ציִען די

אויפמערקזאַמקייט פון מיינע לייענער, אויף דער באַדייטנדיקער צאָל יידי־שע שרייבער און זשורנאַליסטן, וועלכע זענען פאַר די יידישע לייענער מחוץ דייטשלאַנד ווייניק אָדער אינגאַנצן ניט באַקאַנט, פּען־מענטשן וועלכע פאַר־רעמען און זויבערן איצט דאָס געדרוקטע יידישע וואָרט פאַר די 150 טויזנט יידן אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד.

איך האָב זיך מיט אַ טייל פון זיי באַקאַנט אויף דעם אויבנדערמאָנטן צוזאַמענפאָר. איך האָב נאָך נישט געהאַט געלייענט זייערע שאַפונגען, אָבער פון די דיסקוסיעס אין וועלכע זיי האָבן אָנטיילגענומען, האָב איך געפילט, אַז דאָס זענען מענטשן וועלכע לעבן מיטן געדרוקטן וואָרט, אַז דאָס איז זייער לייב און לעבן.

די יידישע פּרעסע פאַרנעמט איצט דאָס וויכטיקסטע אָרט אין דער דער־ציאונג פון די לאַגער־יידן. נעמט איר אין האַנט אַ יידישע צייטונג פון דייטשלאַנד, האָט עס שוין גאָר אַן אַנדער פּנים, ניט צו פאַרגלייכן עס מיט דער זעלבער צייטונג פון אַ יאָר אָדער צוויי יאָר צוריק. עס וואָלטן זיך געמעגט ווינטשן אַ סך יידישע צייטונגען אין דער וועלט, ווי אַזוי ס׳איז טעכניש גוט אַוועקגעשטעלט די „יידישע צייטונג” אין לאַנדסבערג. (גרוי־סער לאָקאַל פון עטלעכע צימערן, דענאָ־אַפּאַראַט וואָס גיט כּסדר די סאַמע לעצטע ידיעות פון דער וועלט, אייגענע לינאָטיפּן, גוט אַוועקגעשטעלטע אַדמיניסטראַציע). אויך אינהאַלטלעך אין דער צייטונג ווייניק פאַראַן וואָס פאַרצוואַרפן. די ענערגישע רעדאַקטאָרן מ. לעסטני און י. עלענצווייג האָבן דערפירט די צייטונג, וואָס איז די עלטסטע פון דער ש״ה, צו אַ הויכער מדרגה. די ביילאַגעס פאַר ליטעראַטור, ספּאָרט, בילדער, פרויען־ווינקל. די קאָרעספּאָנדענטן פון אויסלאַנד און די אייגענע מיטאַרבעטער זענען דער באַוויַיז פוין גרויסער מי און אחריות וואָס די רעדאַקטאָרן האָבן פאַר דעם געדרוקטן וואָרט. ס׳איז געוויס וויכטיק אונטערצושטרייכן, אַז די צייטונג וועלכע איז איצט אַריבער צום צ. ק. פון די באַפרייטע יידן, האָבן זיך די גאַנצע צייט פון איר 2 יאָריקער עקזיסטענץ, אויסגעהאַלטן פון די אייגענע הכנסות (טיראַזש, אַנאָנסן).

אויך די צווייטע צייטונג וואָס ווערט רעדאַגירט פון געוו. רעדאַקטאָר פון דער קאָוונער „ייד. שטימע” ראובן רובינשטיין („אונדזער וועג”), שטייט אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. רובינשטיינס רעדאַקציע איז שוין אויך אַ גאַראַנטיע, אַז די נייע ליטעראַרישע צוויי־וואָכנשריפט „וועלט” (ביי דער מיטאַרבעט פון מ. ליבהאַבער און ע. פעלד) וועט שטיין אויף דער געהע־ריקער הויך.

אויך די פּאַרטיי־צייטונגען לייענען זיך מיט אינטערעס. ווייל יעדע צייטונג באַמיט זיך צו געבן די לייענער אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט אויך פאַר ניט פּאַרטיי־מענטשן. אַ שיינעם איינדרוק מאַכט „דאָס וואָרט” פון „פּועלי ציון־התאחדות” און „באַפרייאונג” פון

פּועלי־ציון צ. ס. (רעד. מ. קראשניק און אבא פּאַשוויל). פאַרבעסערט האָבן זיך די „ניי־וועלט״ (פּועלי־ציון לינקע (רעד. אַ. שרייער), „די ציוניסטישע שטימע״ (רעד. ע. פעלד). „די יידישע שטימע״ (רעד. מ. ביסטריצער) און די נייע צייטונג פון השומר הצעיר „אויף דער וואך״ (רעד. מ. יונגשטיין). מיט אומגעדולד וואַרט דער לייענער אַז די יידישע צייטונגען וואָס דערשיי־נען נאָך מיט לאַטייניש אותיות זאָלן איבערגיין אויף יידישע („איבער־גאַנג״ א. ד. ר. פון ליבהאבער אא״נד). ס׳דערשיינען נאָך באַזונדערע יידי־שע זשורנאַלן („ספּאָרט־צייטונג״), לאַנדווירטשאַפטלעכע „לאַנדווירטשאַפט־לעכער וועגווייזער״ א. ד. ר. פון ש. סעגניצקי „יידישע בילדער״, העברעאי־שער חודש־זשורנאַל „ניצוץ״ זשורנאַלן פאַר יידן אין רומעניש, אונגאריש, פּויליש, דייטש, גריכיש.

אין די אַלע צייטונגען און זשורנאַלן קומט צום אויסדרוק די אַקטוע־לע פּראָבלעמען פון יידישן לעבן בכלל און דער עיקר פון דער ש״ה, פּראָ־בלעמען וואָס זענען איינציק אַרטיק אין דער יידישער געשיכטע. אין די דערמאָנטע אויסגאַבעס האָבן זיך דערצויגן אַ נייע פלעיאַדע שרייבער און זשורנאַליסטן. אמת, אַ טייל פון זיי האָבן געשטעלט די ערשטע פעדער־פּרוון אין צייטונגען, פאַר דער מלחמה, דאָ אָבער, זייענדיק אויסגעשטעלט אָפּט אַליין אויפצושטעלן צייטונגען, האָבן זיי זיך דערלערנט די מלאכה. זענען אויסגעוואַקסן. מיר באַגעגענען אָפּט אין דער ש״ה־פּרעסע דעם נאָ־מען לוי שאַליטאַן. פון קאָוונער געטאָ און פון פאַרשידענע לאַגערן איז ער געקומען און זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אין דער מלאכה הקודש און האָט שוין באַוויזן ארויסצוגעבן אַ וויכטיקע אַרבעט וועגן ה. לייוויק און דרוקט איצט פראַגמענטן פון אַ גרעסער ווערק „אַזוי זענען מיר געשטאָרבן״. צע־וואַקסן איז זיך דער יונגער מאַטיס אָליצקי, זיינע לידער, דערציילונגען, אַר־טיקלען זענען זיכער אַ ווערטיקער צושטייער צו דער ניי־געשאַפענער לי־טעראַטור פון דער ש״ה. אין דער שפּיץ פון ליטעראַטן צענטער אין מינ־כען, געפינען זיך דער דיכטער מענדל מאַן און פּראָזאיקער קייטעלמאַן, וועלכע אַרבעטנדיק אין רעגענסבורג אויף געזעלשאַפטלעכע פּאָסטנס ; האָבן געשאַפן נייע לידער און דערציילונגען (מאַן: „ירושה״; קייטעלמאַן: „אויסטערלישע געשיכטעס״.) שטאַרק טעטיק איז יצחק פערלאָוו. (אַרויסגע־געבן לידער־ביכער „אונדזער ליקוי חמה״ און „עקזאָדוס 1947״). גרעסע־רע זאַמלונגען לידער, דערציילונגען, עסייען, זכרונות, געשיכטלעכע אַר־בעט האָבן יצחק גאָלדקאָרן, מ. ב. גיטמאַן, מ. האַלפּערין, דוד וואלפע, יוסף גאר א. פּשעדראָצקי, ש. וואַרזאַגער, לייב וואַסערמאַן, ראובן מאַטיס, ה. יאַכימאָוויטש. די יידישע פּראָזע האָט באַקומען אַ פיינעם דערציילער אין מלך טשעמני. שפּעריש איז בנימין עליס אין זיינע דערציילונגען און איינאַקטערס. די רעדאַקטאָרן פון די צייטונגען, וועמענס נעמען איך האָב אויבן דערמאָנט, ק. שבתאי, בן־ציון היבעל, י. ד. שיינזאָן, יוסף שאָוויג־

סקי, פרענקעל, ד. בונין, ש. פייגנבוים, ישראל קאַפּלאַן (רעדאַקטאָר פון גאָר וויכטיקן חודש־זשורנאַל „פון לעצטן חורבן"). פון די באַקאַנטע שרייבער געפינען זיך אויך אין דייטשלאַנד דער פּראָזאַיקער ש. בערלינסקי (אַרויסגעגעבן איצט אַ בוך נאָוועלן „אַ דור פון בראשית") און דער היסטאָריקער פיליפּ פרידמאַן, וואָס זעצט פאָר זיין שטודיע צו דער געשיכטע פון אומקום פון פּוילישן יידנטום.

זיכער זענען נאָך צעשפּרייט איבער די לאַגערן נאָך שרייבער וועמענס נעמען עס זענען נאָך צו מיר ניט דערגאַנגען, אָבער דער קורצער איבערבליק בלויז פון די נעמען וועלכע וועבן זיך אַריין אין אוצר פון דער יידישער קולטור־שאַפונג, איז שוין גענוג כדי די יידישע געזעלשאַפט אין דער וועלט זאָל עס ווי געהעריק אָפּשאַצן. און ווען צו דעם געדרוקטן וואָרט זאָל נאָך צום אינפאָרמאַציע־באַריכט צוגעגעבן ווערן די קולטור טעטיקייט אויף פאַרשיידענע אַנדערע געביטן (שולן, טעאַטערן, כאָרן, קונסט־אויסשטעלונגען, היסטאָרישע קאָמיסעס, אָרקעסטער) דאַרפן מיר די ש״ה באַווונדערן און אַפילו מקנא זיין. טויזנטער יידן פון אונגאַרן, רומעניע, משעכיע זענען אין די לאַגערן אַ דאנק דער יידישער קולטור־אַרבעט דערנענטערט געוואָרן צו זייער שטאַם. ס'איז זיי נאָענט געוואָרן די יידישע שפּראַך, דער יידישער א״ב, די יידישע קולטור. פון אמתדיקן ים צרות פון די יידן אין די לאַגערן איז די קולטור געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אַ דערמוטערונג און אַ וויכטיקער בייטראָג צום קאַמף קעגן פאַרצווייפלונג און פאַר אויסדויער. די יידישע שרייבער און קולטור־טוער קומט דעריבער די גרעסטע אָנערקענונג פאַר זייער איבערגעגעבענער אַחריותדיקער אַרבעט.

# יידישע לאַגער־אינסטיטוציעס אין דייטשלאַנד

## אין א יידישער מאַטראָסן - שול

אויף דער קירכע אין דעגענדאָרף הענגט נאָך אויך איצט דער טאָוול, וואָס אילוסטרירט, ווי אַזוי די דייטשע באַפעלקערונג האָט אין העלפט פון 18טן י. ה. פּאָגראָמירט די דאָרטיקע יידישע איינוווינער. קיינער טראַכט אויך איצט ניט דעם טאָוול אַראָפּצונעמען, כאָטש אינטערווענצן וועגן דעם ענין זענען שוין געווען. דערמאָנט טאַקע דער טאָוול די יידן שטענדיק: „געדענק, פאַרזיץ זיך דאָ ניט צו לאַנג!! זענען טאַקע פון דעגענדאָרף פיל הונדערטער יידן אַוועק. קליין איז דאָ דער יידישער ישוב. ס״ה 1.200 נפשות. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז דאָ אָבער גענוג קענטיק. צו דער שול, פאַך־שול, אַמבולאַטאָריע, חדר איז ווערט צו דערמאָנען דעם דראַמ־קרייז „התחיה״ וואָס האָט שוין אויסגעפירט „דאָס גרויסע געווינס״, „שווער צו זיין אַ ייד״, „אויפשטאנד״ און עטלעכע רעווי־פּראָגראַמען. אויך אַ בלאָז־אָרקעסטער האָט דער לאַגער געהאַט.

דער שטאָלץ פון דעגענדאָרף איז אָבער דער מאַטראָסן־קיבוץ „כובשי הים״ פון דער יוגנט־באַוועגונג „נחם״.

אויף דעם שיינעם, בלאָען דונײַ, וואָס שניידט דורך דעגענדאָרף, אַ פּאָר קילאָמעטער פון לאַגער, שטייט אויף אַ בערגל אַ גרויסער באַראַק־בלאָק וואָס פּוסטעוועט גאַנצע טעג, אָבער ווען די נאַכט פאַלט צו צעלויכטן זיך דאָרטן די פענצטערלעך.

איין אָוונט אַזאַ האָב איך פאַרבראַכט אין קיבוץ, וואָס געפינט זיך טאַקע אין אָט די באַראַקן. מיט 45 יוגנטלעכע בין איך געזעסן ביז אין דער שפּעטער נאַכט און אויסגעהערט וואָס זיי דערציילן, וואָס זיי טוען און וואָס זיי טראַכטן צו טאָן. בלויז עטלעכע פון זיי קענען יידיש, די איבעריקע רעדן נאָר רומעניש. ווען איך האָב גערעדט צו זיי אין יידיש, האָבן זיי אַ סך ווערטער ניט פאַרשטאַנען. דער מדריך פון א״י ה׳ אברהם, האָט מיט זיי אָ נ ג ע ה ו י ב ן ריידן אויף העברעאיש און איצט, כאָטש ס׳איז נאָך גאַנץ שווער, פאַרשטייען זיי שוין און האָבן שוין אין זייער באַזיץ אַ היבשע צאָל העברעאישע ווערטער.

פון רומעניע האָבן זיי זיך געלאָזן אויף עסטרייך און שפּעטער צו

געקומען אַהער. זיי איז געפעלן געוואָרן דער געדאַנק צו ווערן מאַטראָסן. מאַטראָסן פון יידישע שיפן. גייען זיי אַרויס פאַרטאָג פון באַראַק צום דונייבערג, ווו עס שטייט זייער 900 טאָניקע שיף און לערנען זיך ווי אַזוי צו באַגיין מיט איר. אַ גאַנצן טאָג, ביז אין אָוונט מאַכן זיי דורך צענדליקער קילאָמעטער אויפן שיף, ווו זיי באַקומען פון געניטע אינסטרוקטאָרן טעאָרעטישע און פּראַקטישע ידיעות, צוויי גרופּעס האָבן שוין דעם קורס געענדיקט. 8 מאַטראָסן האָבן שוין זייער ערשטע פּראַקטישע לערע דורכגעמאַכט מיט „עקזאָדוס״, אַנדערע אַרבעטן אַקטיוו ביי דער עליה ב׳. אויך די וועלכע זיצן איצט פאַר מיר זענען שוין אומגעדולדיק.

— זיין אַ מאַטראָס פון אַ יידישער שיף, איז געווען מיין חלום נאָך אין שול, — רופט זיך אָפּ איינער פון זיי.

— און איך האָב גאָר וועגן דעם קיינמאָל ניט געחלומט — רופט זיך אָפּ ווער אַ פאַרטרוימטער אין אַ ווינקל.

דער מדריך דערציילט ווי שווער עס איז פון אָנהייב געווען די אַרבעט מיט זיי און וואָס פאַראַ גרויסע פאָרשריטן זיי האָבן אַדורכגעמאַכט.

— איך בין זיכער — זאָגט אברהם — אַז די חברה וועלן ווערן גוטע מאַטראָסן.

— מיט דער שיף צוריק אַהיים ח׳ אברהם — האַקן איבער אינמיטן די רייד עטלעכע יונגען — וועלן מ י ר אייך שוין פירן.

דורך די פענצטערלעך פליסט רואיק דער שטילער דונײ.

## אַכט הונדערט לונגען-קראַנקע

רואיק איז אין שפּיטאָל פאַר לונגען־קראַנקע אין נאאוטינגער שפּיטאָל ביי מינכען. רואיק, כאָטש דאָ געפינען זיך קרוב צו 1.000 מאַן.

זעלטן קומט דאָ אַהער אַ וויכטיקער גאַסט. אַקטיאָרן, מוזיקער מיידן אויס דאָס אָרט. דער שפּיטאָל שרעקט, כאָטש שרעקן זיך איז ניטאָ וואָס. די קראַנקייט איז אַ היילבאַרע, און ניט אָנשטעקנדיקער ווי אַנדערע חולאתן און אויב מען האַלט זיך לויט די מעדיצינישע כללים פון היגיענע, דראָט אַבסאָלוט ניט קיין שום סכנה דעם געזונטן. און דאָך ווערט ד ע ר שפּיטאָל אויסגעמיטן.

דערפאַר ווערט דורך די קראַנקע מיט גרויס כבוד דערמאָנט דער דיכטער ה. לייוויק, וואָס האָט באַזוכנדיק די לאַגערן דעם שפּיטאָל ניט אויסגעמיטן. דער דיכטער איז דאָ אַפילו געווען צוויי מאָל און האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך ביי די קראַנקע אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק.

צי אַלע קראַנקע זענען קרבנות פון היטלעריזם ווייסט מען ניט. אויב מען קען עס זאָגן באַשטימט וועגן די 500 יידישע חולאים, קען מען עס

אָבער ניט זאָגן וועגן די איבעריקע קראַנקע — ליטווינער, לאַטישן, רוסן, אוקראַינער.

— דאָ אָבער — דערקלערט דער שפּיטאָל־דירעקטאָר פּריינט קלמן בענטשינסקי — לעבן אַלע בשלום. ס׳איז פאַראַן איין אַלגעמיינער קאָמיטעט פון די קראַנקע וואָס זאָרגט פאַר דער קולטור־טעטיקייט און פאַר דער אָרדענונג. אַ ייד ליגט נעבן אַ ליטווין צי נעבן אַן אוקראַינער. דער צוזאַמענלעבן איז דאָ אַ מוסטערהאַפטער. אויב עס קומט דאָ פאַר אַמאָל אַ יידישער קאָנצערט קומען אַ ל ע קראַנקע אָן אונטערשייד. און וואָלטן די געזונטע אויף דער פריי געלעבט אַזוי גוט ווי די קראַנקע, וואָלטן גאָר, גאָר אַ סך שלעכטסן אויסגעמיטן געוואָרן.

בלויז דער בית־עולם איז אַ באַזונדערער. די גרעסטע צאָל מתים זענען געווען די ערשטע צייט. דאָן איז אויך דאָ געשטאָרבן דער זון פון אלחנן ציטלין. 100 מצבות שטייען שוין איבער יידישע קברים. די שטאַרקייט איז צום גליק שטאַרק געפאַלן. די קראַנקע זענען שטאָלץ מיט דעם וואָס דער יידישער בית־עולם אין נאַאוטינג איז דער שענסטער. זיי זאָרגן זיך אַז די מצבות זאָלן אויסזען וואָס שענער, אַז די בלומען זאָלן צו פרי ניט פאַרוועלקט ווערן, אַז דער אָנדענק נאָך זייערע חברים וועלכע זענען באַזיגט געוואָרן דורכן טויט זאָל דורך די לעבן־געבליבענע ניט פאַרגעסן ווערן.

די קראַנקע דאַרפן מענטשלעכע באַנעמונג פון אַרום. די מאַטעריעלע שוועריקייטן וואָס זיי האָבן און דער עיקר די ריין־פּערזענלעכע, וואָלטן אַ סך געלינדערט געוואָרן ווען מיר וואָלטן זיי כאָטש מיט דאָס וואָס מיר פאַרמאָגן ניט געקאַרגט — מיט וואַרעמער צערטלעכקייט.

## דער אַוואַנגאַרד פון דער שארית הפּליטה

דער יידישער סאָלדאַט און פּאַרטיזאַן, דער פּראָדוקט פון דער לעצטער מלחמה, האָט מיטגענומען פון די פראָנטן און וועלדער געוואַגטקייט און אויסדויער — צוויי וויכטיקע עלעמענטן וואָס די ש״ה האָט געמוזט האָבן און דאַרף נאָך האָבן כדי אַדורכצומאַכן אַזאַ שווער קאַפּיטל לעבן. ס׳איז זיכער ניט קיין צופעליקייט וואָס אַזאַ וויכטיקער אַמט, ווי ס׳איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון צ. ק. פון די באַפרייטע יידן איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון איינעם פון די עלטסטע (ניט נאָר די יאָרן, נאָר לויט די צייט פון וואַלד־קאַמף) פּאַרטיזאַנער ד״ר בלומאָוויטש. ס׳איז אויך ניט קיין צופעליקייט וואָס נאָך מיטגלידער פון זעלבן צ״ ק״ (אייפּע יחזקאל, רעטער אריה א. אנד) ווי אויך דאָס רוב מיטגלידער פון די ראַיאָן און שטאָטישע קאָמיטעטן, פון פּאַרטייען און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, זענען געווערמענטשן. ס׳איז אויך באַקאַנט אַז די ד ו ר כ פ י ר ע ר פון די געוואַגטס־

טע אויפגאבעס פון פירן יידן איבער די געפערלעכסטע גרענעצן ביז דעם דערברענגען זיי אויף אַן אָרט, אין א״י זענען די אָ אומדערשראָקענע גבו־רים פונעם יידישן פאָלק. איך האָב זיי געזען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אין די קיבוצים־היימען אין פוילן. איך האָב זיי געזען אויף זייער ווייטערדיקן וואַנדער.

אין די לאַגערן האָב איך זיך ווידער מיט זיי באַגעגנט. מער ווי וועלכע עס איז אַנדערע גרופּע יידן, האָבן זיי זיך פאַרדינט צו אָרגאַניזאַציע. איז טאַקע זייער אָרגאַניזאַציע וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּחח״ (פּאַרטיזאַנער, חילים־חלוצים) פון די ווירדיקסטע פון דער ש״ה. טויזנטער פון זיי זע־נען שוין עולה געווען. די וועלכע זענען געבליבן זענען נאָך אַלץ פון די קאָנטיקסטע אין דער אַלגעמיינער לאַגער־אַרבעט. איך האָב זיך געטראָפן מיט די פּחחניקס אין פּאַקינג און אין לעכפעלד, אין באַד־רייכענהאַל און אין גאַבערזע, אין אולם און אין וואַסערהאַלפינגען און אין ציילסהיים. איך האָב דערפילט אין זיי גוטברודערישע, האַרציקע באַנעמונג פון איינער צום צווייטן. פון איבערגעגעבנקייט בשעת סכנה פאַרן כלל. די גוטע אָרגאַני־זאַציע איז זיכער צו פאַרדאַנקען דער קאָמאַנדע (מפקדה) זייערע אין מינ־כען, בראש מיט די אויסגעפּרוווטע קעמפער שלום כאַלאַווסקי, יוסף פלעק־סער, ישראל שטיינגאַרטן, וואַלערשטיין, באַריס, שמעון און מענדל. דער פּחח האָט אייגענע פאַרשטייער אין די קאָמיטעטן. אַ גרויסע אַרבעט טוען אויף די היסטאָרישע קאָמיסיעס פון די פּחח־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אַפילו ניט לאַנג געהאַט זייער צוזאַמענפאָר ווו ס׳איז באַהאַנדלט געוואָרן די אופנים פון זאַמלען און באַאַרבעטן מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע צו דער יידישער גבורה. אויך אַן אייגענע חודש־צייטונג („פּחח״) גיט די אָר־גאַניזאַציע אַרויס. דער זשורנאַל ווערט מיט דער גרעסטער זאָרג צוגע־גרייט און יעדער נומער מאַכט אויפן לייענער אַ פיינעם איינדרוק. מען דאַרף אָבער באַמערקן, אַז דער זשורנאַל גיט ווייניק אָרט אָפּ פאַר פראַגן פון דער אָרגאַניזאַציע, פאַר געשיכטע פון קאַמף און ווידערשטאַנד און דער אַנטייל פון די יידן אין דעם. פּאָליטיק דאַרף דאָ געגעבן ווערן בלויז ווי אַ חודש־איבערבליק. ליטעראַטור — אויף ווי ווייט די טעמע האָט אַ שייכות צו דער אויפגאַבע וואָס דער זשורנאַל האָט.

די עטלעכע ווערטער וועגן די יידישע סאָלדאַטן און פאַרטיזאַנער אין דער ש״ה זענען געשריבן בלויז ווי קירצסטע אינפאָרמאַציע און בשום אופן ניט ווי די וויכטיקסטע אָרגאַניזאַציע פאַרדינט עס באמת.

# פּראָבלעמען פון יידישן לאַגער־לעבן אין דייטשלאַנד

## קאָמיטעטשיקעס

די אַרבעט פון אַ געזעלשאַפטלעכן טוער ביי יידן איז קיינמאָל נישט געווען קיין לייכטע. די אָרנטלעכסטע, די איבערגעגעבנסטע טוער האָבן זייער אָפט געהאַט אויסצושטיין בזיונות, באַליידיקונגען, שפיכת־דמים. פלעגט דעריבער ניט זעלטן טרעפן, וואָס אין רעזולטאַט פון דעם אַלעם, האָבן זיך די טוער אָפּגערוקט אָן אַ זייט און זייער אָרט פלעגן פאַרנעמען ניט קיין באַרופענע פירער, וועלכע האָבן זייער אַרבעט באַטראַכט בלויז ווי אַ קרדום לחפר בה.

אַזוי איז עס געווען אַמאָל, ניט אַנדערש איז אויך איצט.

דער לאַגער־לעבן האָט אַרויסגערוקט אַ סך נייע געזעלשאַפטלעכע טוער, וועלכע האָבן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט דאָס ערשטע מאָל צו טאָן, עס איז דעריבער מער ווי נאַטירלעך, וואָס אויף אַנדערע געביטן ווערן געווי־סע אַרבעטן פאַרנאַכלעסיקט, אָדער ניט געפירט אויף דעם געהעריקן אופן. פאַראַן אויך לאַגערן, ווו בראש פון אַ געוויסן געביט האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַזאַ מענטשל, וואָס טוט אַלץ פאַר זיך און רופט פאַרשטענדלעך דערמיט אַרויס גרויס צאָרן ביי די לאַגער־איינוווינער. איך האָב דעריבער אָפט געהערט ווי דער עולם רופט זיך אָפּ וועגן די טוער פון די קאָמיטעטן בייזער־דיק און גאַליק:

— די קאָמיטעטשיקעס, זיי ווייסן שוין, וואָס זיי האָבן צו טאָן...

אָבער בלויז אין טייל פאַלן איז דער עולם גערעכט. אין די מערסטע פאַלן האָב איך געטראָפן איבערגעגעבענע טוער, וואָס פאַרנאַכלעסיקן צוליב דער אָנגעלאָדענער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט די אייגענע שטוב, פרוי און קינדער.

פאַרהאָרעוועט האָב איך געטראָפן אין אולם דעם דר. פרידע, דעם קולטור־לייטער פון דאָרטיקן לאַגער. עס ווייסט ניט פון קיין טאָג און נאַכט יצחק בראַט, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון היידענהיימער לאַגער. מיט לייב־און־לעבן איבערגעגעבן זיין אַרבעט איז שלמה ראָטמאַן אין לאַגער ל'עכפעלד. וואָס ווייסט עפּעס פון אַ לעבן פאַר זיך דער פערנוואַלדער יונגער קאָמיטעט־מיטגליד סעגאַל און דער פאָרזיצער זלאָטיקאַמיען. אין יעדן לאַ־

גער האָב איך געטראָפן איבערגעגעבענע טוער און אויף זיכער זענען זיי פאַראַן אין די צענטראַלע קערפּערשאַפטן. אומעטום אָבער האָבן אָט די איבערגעגעבענע טוער זיך באַקלאָגט אויף דער באַציאונג צו זיי מצד דער גערטער „דאמע"... מאסע. ניט איינמאָל הערט מען פון עולם אַ זידלוואָרט:

— פון אונדזער בלוט ווערט איר רייך...

— פון וואָס זייט איר אַזוי גראָב געוואָרן?

— פון וואָס זייט איר אַזוי אויסגעוואקסן?

— קאָמיטעטשיקעס!

זיכער זענען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס מאכן אַ לעבן פון יענעמס אומגליקן. מען טאָר דאָס אָבער ניט זאָגן וועגן דער גרויסער מערהייט איבערגעגעבענע טוער אידעאַליסטן, וועלכע גיבן אָפּ זייער געזונט פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס מען דאַרף מיט דעם גרעסטן כבוד דערמאָנען.

ליידער ווערן אָט די כלל־טוער אָפט פאַרשריען, אין דער צייט ווען מען דאַרף זיי בענטשן.

## יידישע געשיכטע

אידעאַליסטן האָבן געשאַפן שולן, טעאַטערן, צייטונגען. אַ פּאָר אידעאַליסטן האָבן געשאפן איינע פון די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס פון דער ש"ה, די צענטראַלע היסטאָרישע קאָמיסיע. די הויפּט־טוער זענען, דער באַקאַנטער קולטור־טוער פון קאָוונע, ישראל קאַפּלאַן און י. מ. פייגענבוים.

אין די עטלעכע קליינע צימערלעך אויף דער מעל־גאַס אין מינכען, געפינען זיך איצט אַן אַ שיער וויכטיקע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן פאַר דעם יידישן היסטאָריקער זיין אַן אוצר פון פאָרשונג. דאָ געפינען זיך היטלעריסטישע געהיימע אַרכיוון וועגן דער יידן־אויסראָטונג, טויזנטער וויכטיקע דאָקומענטן, פאָטאָס, טאָג־ביכער, גבית־עדותן, לידער און נאָטן־זאַמלונגען, פּלענער פון געטאָס און לאַגערן און פאַרשידענע אַנדערע וויכטיקע אָביעקטן. אויסער דעם ווערן אין די צימערלעך קאָנצענטרירט אין וואָרט און אין בילד אַלץ וואָס ווערט איצט געשאפן אין דער ש"ה. (פּרעסע, אַפּישן, פאָטאָס, ביכער א. א.). ס'האָט געקאָסט געגוג מי און געזונט ביז דאָס אַלץ איז געקומען אַהער און אויב עס האָט זיך איינגעגעבן אויפצוזאמלען אַזאַ מאַטעריאַל, איז דאָך אויך בלויז צו פאַרדאנקען די אויבנדערמאָנטע טוער, וועלכע האָבן מיט זייער איבערגעבנקייט אויך אָנגעצונדן אַנדערע. אַזוי זענען געשאפן געוואָרן עטלעכע צענדליק היסטאָרישע קאָמיסיעס אין פאַרשידענע לאַגערן, פון וועלכע אַ טייל אַרבעטן זייער גוט. אונטער דער רעדאַקציע פון י. קאַפּלאַן דערשיינט יעדן חודש אַן אויסגעצייכנטער זשורנאַל „פון לעצטן חורבן", ווו עס קומט צום אויסדרוק די אויפטוען פון דער צ. ח. ק. און פון די באַזונדערע קאָמיסיעס.

די יידישע געשיכטלער וועלן די טוער פון דער צ. ה. ק. אין מינכען, זיכער מיט כבוד דערמאָנען. ישראל קאַפּלאַן, י. מ. פייגענבוים און די אַנ־דערע שטילע מיטאַרבעטער פון אָט דער וויכטיקער אינסטיטוציע פאַרדינען עס פולשטענדיק.

*****

איך האָב וועגן אַ סך זאַכן ניט געשריבן, וויכטיקע געשעענישן אויס־געלאָזן, מענטשן ניט דערמאָנט. אין 6 וואָכן, ווען אין די טעג בין איך דער עיקר געזעסן אין מאַשינען, אין וועלכע איך בין דורכגעפאָרן טויזנטער קי־לאָמעטערן דייטשע וועגן און אין די באַזוכטע 20 לאַגערן בין איך געווען בלויז צו עטלעכע שעה, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט אומעטום געקענט באַמערקן אַ סך זאַכן. איך מיין אָבער, אַז דאָס וועזנטלעכסטע האָב איך באַ־מערקט און... ניט וועגן אַלץ געשריבן.

שאָטן־זייטן אין די לאַגערן? זיכער זענען זיי פאַראַן. איך האָב וועגן זיי כמעט אין מיינע פאַרצייכענונגען ניט דערמאָנט. און געשריבן האָב איך וועגן דעם ניט, ווייל איך האָב זיי ניט באַמערקט, נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב געהאַלטן: 1) דאָס לאַגער־לעבן פאַרמאָגט אַזויפיל פּאָזיטיווע דערשיי־נונגען און 2) דאָס לאַגער־לעבן וועט דאָך ווערן ליקווידירט און מיט דער ליקווידאַציע וועלן אויך פאַרשווינדן די שאָטן־זייטן.

די שאָטן־זייטן אין די לאַגערן זענען דער אויסשליסלעכער רעזולטאַט פון דער לאַגע אין וועלכער די יידן געפינען זיך נאָך אַלץ. עס איז בשום־אופן ניט קיין עולה, וואָס יידן אין די לאַגערן האָבן זיך גענומען צו זייטיקע פּרנסות (כאָטש עס טרעפן נאָך אָפּט, ליידער, אומדערלאָזבאַרע ווירקירלעכ־קייטן, אויף דעם געביט מצד די יידן). די יידן, וועלכע וועלן פון די לאַגערן אַרויסגיין און דערפאַרן קיין ארץ ישראל, צי ערגעץ צו אַן אַנדער ברעג, וועלן בלייבן יידן, ווו זיי וועלן ניט זיין. אמת, עס וועלן אפשר פאַרבלייבן אין דייטשלאַנד עטלעכע הונדערט יידן. זיי וועלן געוויס מיט דער צייט פאַרלוירן גיין פאַרן יידישן פאָלק. איך בין אָבער זיכער, אַז נאָך אַ גרעסערער פּראָ־צענט פון די לאַגער־יידן וואָלטן פאַרלוירן געוואָרן פאַרן יידישן פאָלק, ווען זיי וואָלטן פאַרבליבן אין די לענדער פון וואַנען זיי זענען געקומען אַהער.

די אויסזיכטן פּטור צו ווערן פון עמלק־לאַנד, זענען איצט, נאָכן באַ־שלוס פון אָנו וועגן ארץ ישראל, פאַר די יידן אין די לאַגערן אַ חלום, וואָס וועט פאַרווירקלעכט ווערן אין דער נאָענטסטער צוקונפט. מען טאָר אויך ניט פאַרגעסן, אַז די לאַגער־פּראָבלעם האָט אויך פאַרגרינגערט דאָס אויס־קעמפן ביי די פאַראייניקטע פעלקער די טיילווייזע גערעכטיקייט פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. דער אומגליקלעכער לייִדנספולער לעבן פון די פּליטים, איז דעריבער אויך אונדזער לעבן — און אַ לויב צו זיי פאַרן אויסגעהאַלטענעם קאַמף זייערן, וואָס איז אויך געווען אַ קאַמף פאַר אונדזערטוועגן.

# וואונדערלאַנד שווייץ

דער וווּנדער פון דער איצטיקער וועלט וואָלט באַדאַרפט זיין די מדינת שווייץ. ווען מען וואָלט געקענט, וואָלט מען באַדאַרפט דאָס קליינע לאַנד אַרויפזעצן אויף רעדלעך און עס פירן איבער דער וועלט און ווייזן אַלעמען, אַלעמען: ז ע ט, ק ו ק ט.

וואָס וואָלט מען דערזען און וואָס וואָלט מען זיך געקענט אָפּלערנען פון דער שווייץ?

מען וואָלט דערזען ווי אויף אַ שטח פון 41 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער (זאָל דער לייענער עס פאַרגלייכן מיט דעם שטח פון זיין לאַנד), וואָס איז פול מיט אייביקע שניי־בערג, טייכן, אָזערעס און שטיינערדיקן באָדן, לעבן פיר מיט אַ האַלבן מיליאָן איינוווינער, וועלכע זעצן פאָר ווייטער, דאָס וואָס זייערע אבות אבותיהם האָבן אָנגעהויבן, — מיט אייגענער, ערלעכער פּראַצע נאָך מער צו פאַרשענערן און באַפרוכפּערן אויף אַלע געביטן פון ווירטשאַפט און קולטור זייער קליין לאַנד.

דאָס איז נאָך אָבער ווייניק. בשתומם ווערט מען גאָר פון אַן אַנדער זאַך, כאָטש עס דוכט זיך אויס, אַז אַלע אין דער וועלט ווייסן דערפון:

אויף 22 מלוכהלעך (קאַנטאָנען) איז צעטיילט דאָס לאַנד. (פּרעציזער — 19 גאַנצע און 6 האַלבע קאַנטאָנען). יעדע מלוכהלע האָט זיך איר אייגענעם פאַרלאַמענט, אירע אייגענע געזעצן, בילדונגס־סיסטעם, פּאָליציי אַלע מלוכהלעך, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע שיקן אַ גלייכע צאָל פאָרשטייער צו איינע פון די צוויי פּאַלאַטעס (פאַרלאַמענטן).ביידע צענטראַלע קערפּערשאַפטן (איין פּאַלאַטע ווערט געקליבן דורך דער גאַנצער באַפעלקערונג) האָבן די עובדה צו זאָרגן דער עיקר פאַר דער גאַנצקייט און זיכערקייט פון לאַנד.

70 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג איז אַ דייטש־רעדנדיקע, 21 פּראָצענט רעדט פראַנצויזיש, 8 — איטאַליעניש און אַ קנאַפּער פּראָצענט רעדט אויף אַ פראַנצויזיש־איטאַליענישן דיאַלעקט ר אָ מ אַ נ ש. די פיר שפּראַכן זענען אָפיציעלע רעגירונגס־שפּראַכן. ס׳איז צו באַוווּנדערן ווי די צענטראַלע מלוכה־אָרגאַנען האַלטן אין זייד און אין וואַטע די ראָמאַנש־רעדנדיקע באַפעלקערונג, זיי זאָלן חלילה זיך ניט אַסימילירן, זייער שפּראַך ניט פאַרגעסן.

— ווער איז איצט אייער מלוכה־פּרעזידענט?

איך פיל, אַז דער פריינד מיינער, אַ באַקאַנטער פּראָפעסאָר, איז אין אַ פאַרלעגנהייט.

— ס'איז מיר באמת שווער צו זאָגן — פאַרענטפערט זיך מיין פריינד — יעדער יאָר ווערט דער פרעזידענט־אַמט געביטן. ווייס איך נישט... איז שוין פאַראַן אַ נייער פרעזידענט אָדער עס אַמטירט נאָך דער אַלטער.

אָרעם איז דאָס לאַנד און — ר יי ך.

די שווייץ האָט אַבסאָלוט ניט קיין שום נאַטירלעכע רייכטימער. ניטאָ קיין אייגענע קוילן, אייזן, נאַפט, אויל, זאַלץ. 93 פּראָצענט פון איר באַ־שפּייזונג אימפּאָרטירט די שווייץ צוגלייך מיט די אויבנדערמאָנטע פעלנדיקע אַרטיקלען פון אויסלאַנד. דער באָדן, ווי געזאָגט, איז שטייניק, ניט פרוכט־באַר און דאָך — איז דאָס לאַנד, אַ גן־עדן־ווינקל אויף דער ערד.

די הויכע טעכנישע קוואַליפיקאַציעס וואָס די שווייצער האָבן זיך דער־וואָרבן, זייער אַרבעטזאַמקייט, שפּאָרזאַמקייט, האָט דאָס לאַנד דערפירט צו איינע פון די אינדוסטריעלסטע, בליענדיקסטע לענדער אין דער וועלט, פאַר איינע פון די וויכטיקסטע קולטור־צענטערס ניט נאָר פון אייראָפּע.

צו די הויך־אַנטוויקלטע זייגער־אינדוסטריע אַרבעט די שווייץ אויס די קאָמפּליצירטסטע מאַשינען, לאָקאָמאָטיוון, וואַגאָנען אד"גל. זיי האָבן פאַר־מענטשלעכט די רויע, ווילדע נאַטור פירנדיק צו די העכסטע, געפערלעכסטע בערג־שפּיצן וועגן, באַנען, לופט־וואַגנס און דערמיט אויך געמאַכט זייער לאַנד פאַר דאָס מעקאַ פון אַלע טוריסטן אין דער וועלט.

איז ניטאָ קיין אָרט אין דער נידער צו וווינען (105 נפשות אויף 1 קוואַדראַט קילאָמעטער), — האָבן זיך די שווייצער צעשפּרייט און צעבויט אין דער הויך, אין די בערג. אַפילו אין די פּאַרוואָרפנסטע בערג־שטיבלעך, אָפּט אַרומגערינגלטע פון וואָלקנס, פּראָדוצירן אין פּולקאָמער רו די איינ־ווינער פאַרשיידענע טיילן צו מאַשינען, צו זייגערס.

זיבן אוניווערסיטעטן האָט די שווייץ. 1 פּאָליטעכניקום (פון די בעס־טע אין דער וועלט). אַ האַנדלס הויכ־שול, אָן אַ שיעור טעכנישע און אַנ־דערע שולן (צווישן זיי דער בן־זקונים דער „אָרט"־אינסטיטוט, און אַנ־דערע לערן־אַנשטאַלטן.

נאַטירלעך האָט אויך אין דעם אַלעם צוגעהאָלפן אין אַ גרויסער מאָס דאָס, וואָס דער שווייץ האָט זיך איינגעגעבן אין משך פון די לעצטע 150 יאָר צו פאַרמיידן מלחמות. דאָס הייסט ניט, אַז די שווייצער זענען ניט געווען גוט צוגעגרייט זיך צו פאַרטיידיקן. אין דער לעצטער וועלט־מלחמה איז שווייץ עטלעכע מאָל געשטאַנען אין געפאַר אַז די ווערמאַכט זאָל אירע גרענעצן אַריבערגיין. ס'איז געווען גאַנץ געניי באַקאַנט, אַז היטלער האָט אַ פּאָר מאָל שוין געהאַט פאַראָרדנט אין דער און דער מינוט אַריינצומאַר־שירן אין דער שווייץ. דעם דייטשן גענעראַל־שטאַב איז אָבער געלונגען אָפּ־צושרייען דעם באַפעל. צוליב גאַנץ וואָגיקע מאָטיוון. צווישן אַנדערע: 1) ס'וועט זיין אַ חרפּה פאַרן דייטשן פאָלק אַז דייטשן זאָלן זיך שלאָגן קעגן דייטשן, 2) ווען עס וועט האַלטן נאָענט צום סוף פון דער מלחמה,

װעלן די שװייצער סײ־װי זיך אונטערגעבן אָן קאַמף און מיר װעלן דאַן באַקו־מען דאָס שײנע, װיכטיקע לאַנד ניט קיין צעשטערטע, 3) די שװייץ האָט מאָביליזירט אונטערן ביקס 700 טויזנט גוט געשולטע סאָלדאַטן און אָפּי־צירן, אַזוי, אַז אויך מיר װעלן דאַרפן קעגן זיי אַרויסשטעלן װייניקסטנס די זעלבע צאָל, 4) די שװייצער, װעלן אין פאַל, װען מיר זאָלן זייערע גרע־נעצן אַריבערגיין, גלייך אויפרייסן אַלע פאַרבינדונגס־װעגן װאָס מיר האָבן איצט דורך זייער לאַנד צו איטאַליע און דערמיט קענען די אַליאַנטן צונע־מען פון אונדז אַ װיכטיקן פאַרבינדעטן.

און דער גרויסער נס װי די שװייצער רופן די דאָזיקע געשעעניש, איז געשען. דאָס לאַנד האָט װידער אויסגעמיטן אַ מלחמה.

צי זענען די שװייצער, און דער עיקר די דייטשן דאָרט, גרייט געװען צו קעמפן קעגן היטלערן?

די שטימונג איז דאַן געװען אַ אַנטי־היטלעריסטישע און כאַראַקטע־ריסטיש — נאָך שטאַרקער איז די אַנטי־היטלעריסטישע שטימונג געװען ביי דער מערהייט פון דער שװייצער באַפעלקערונג, ביי די דייטשן. זיי האָבן ניט געװאָלט אָקופּירט װערן פון אַ פרעמדן, מעג ער זיין אַן „איי־גענער". די שװייצער האָבן ניט ליב װען אַן אַנדער קאַנטאָן אָדער װען אַ צענטראַלע רעגירונג אַפילו מישט זיך אין זייערע ענינים, אַ פשיטא שוין װען זיי האָבן דערשפּירט, אַז דער „באַפרייער" װעט זיי אַלץ ברענגען נאָר ניט די פרייהייט.

דאָך, איז געװען אין דער מלחמה־צייט, אין שװייץ טעטיק אַ שטאַרקע היטלעריסטישע פינפטע קאָלומנע און שפּיאָנאַזש־צענטראַלע. די פינפטע קאָלאָנע האָט שוין געהאַט אויסגעאַרבעט די גענויע פרטים װאָס (און װיעמען) מען דאַרף טאָן אין פאַל עס װעט קומען דער באַפעל אָנצוהויבן... זיי האָבן זיך צום גליק ניט דערװאַרט. אַ טייל פון זיי זענען װי פאַרעטער פון זייער לאַנד דורכן געריכט פאַרמשפּט געװאָרן צום טויט אָדער צו תפיסה. די איבעריקע „פּאַסן" זיך צו...

זשענעװ. היינט איז דער ערשטער מאַי. ס'איז ניט קיין מלוכה־יום־טוב (די צענטראַל־רעגירונג װערט אָנגעפירט דורך דער ראַדיקאַל־בירגער־ליכער פּאַרטיי), אָבער דער גרעסטער טייל פון די זשענעװער אַרבעטער יום־טובן היינט.

„לאַנדאַלד". דאָ אין דער קאַפע האָבן מיט יאָרן צוריק זייערע טעג און נעכט איבערגעװאַרט ביז צום פאָרן צו זיך אַהיים, די פירער פון דער רו־סישער רעװאָלוציע. לעניז האָט דאָ דיסקוסיעס געפירט מיט די בונדאָװצעס, זינאָװיעװ און מאַרטאָװ האָבן געשפּילט צוזאַמען אין שאָך קעגן טראָצ־קין. טויזנטער אויסלענדישע סטודענטן, ניט װייניק שפּעטערדיקע באַ־רימט געװאָרענע פּערזענלעכקייטן, האָבן לאַנדאַלד ניט אויסגעמיטן. איצט איז דאָ שטיל. מיט אַ פּאָר פריינט זיצן מיר אין דער רואיקייט אָפּװאַרטנ־

דיק די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע וואָס דאַרף דאָ באַלד פאַרביימאַרשירן. אַ זייגער פיר נאָך מיטיק האָט זיך ענדלעך דערטראָגן אַן אָרקעסטער־ווּעשפּיל. ס'האָבן זיך דערנענטערט צעוויגטע פלאַטערנדיקע פענער. דאָס האַרץ טוט אַ ציטער. זכרונות. בלוטיקע ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציעס אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. ערשטער מאַי אין געטאָ, אין וואַלד...

און ווידער אַ וווּנדער, וואָס נאָר די שווייץ משמעות קען זיך אויף אַזאַ זאַך דערלויבן. דאָס איינציקע לאַנד אין דער גאַנצער וועלט געוויס ווו עס דעמאָנסטרירן אַלע אַרבעטער פּאַרטייען צוזאַמען. סאָציאַליסטן, קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן, פּראָפעסיאָנעלע פּאַראייִנען. געוועזן אַמאָל אַזעלכע דעמאָנ־סטראַציעס אין אַנדערע לענדער, אָבער קיינמאָל, אין ערגעץ ניט אַזוי ווי אין זשענעוו אין 1950.

עטלעכע לאָזונגען אויף די פאָנען און טראַנספּאַרענטן ווּעלן אויפ־קלערן: „זאָל לעבן דער סאָציאַליסטישער ראַטן־פאַרבאַנד — דער שלום־מאָטאָר פון דער פּראָגרעסיווער מענטשהייט״ — רופט איין טראַנספּאַ־רענט מיט שרייִאיקע אותיות.

„די אַרבעטער ־ קאָנפעדעראַציע דעמאַסקירט די שעדלעכקייט פון די (קאָמוניסטישע) שלום פאַרטיזאַנער!״ — גיט ווי אַן ענטפער דעם ערשטן לאָזונג אַ צווייטער טראַנספּאַרענט. „אין איינִיקייט ליגט דער כוח פון אַר־בעטער קלאַס״ — לייען איך נאָך אַ לאָזונג געטראָגן פון קאָמוניסטן. ענט־פערט אָבער באַלד אַ לאָזונג פון אַן אַנדער גרופּע: „עס קען ניט זיין קיין אַר־בעטער איינִיקייט אונטער דעם שטיוול פון מאָסקווע״! און דערנעבן פלאַ־טערט אין צאָרן אַן אויפשריפט אויף רויט: „אַ שאַנדע, פאַר די, וועלכע האָבן באַליידיקט לעאָן בלום!״

איך האָב זיך ניט געקענט אָפּוווּנדערן ווי אַזוי די קאָמוניסטן בראש מיט זייערע פירער זענען געגאַנגען אונטער אַזעלכע „קאָנטררעוואָלוציאָ־נערע״ לאָזונגען.

— זיי וועלן זיכער נאָך באַצאָלן דערפאַר — איז זיכער אַן אַרבעטער — מאָסקווע וועט ניט שווייגן.

מיט יאָרן צוריק איז אין שווייץ געוועזן אַ שטאַרקע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי. זייער פירער ניקאָל, האָט ווערנדיק אַ קאָמוניסט, מיט דער סאָציאַ־ליסטישער פּאַרטיי ניט איבערגעריסן, נאָר אין אויפטראַג פון זיין בייער פּאַרטיי געבליבן אַזוי לאַנג ביז ער האָט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דער־פירט צום אָפּגרונט. אַ צייט לאַנג האָבן די קאָמוניסטן געהאַט אין שווייץ אַ גרויסן איינפלוס. די לעצטע פּאָליטיק פון די סאָוועטן האָט דעם איינ־פלוס געבראַכט ביז... 7 פּראָצ. שטימען פון די לעצטע אַלגעמיינע וואַלן (זיי האָבן אויף 100 דעפּוטאַטן — 7). שטאַרקער און אָנזעעוודיקער ווערט די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי וואָס איז אויך פאַרטראָטן דורך איר פירער נאָבס אין דער רעגירונג.

עס יום־טובן איבער די שטעט, שטעטלעך, דערפער און פּאַרוואָרפּענע וועגן אין דער הויך און אין דער נידער פון שווייצערלאַנד טויזנטער, טויזנטער טוריסטן. פאַר די געסט פון דער גאַנצער וועלט איז דאָס קליינע וואונדערבאַרע לאַנד ניט נאָר אַן אָרט פון פאַרגעניגן, פון זעטיקן זיך מיט נאַטור־שיינקייט, פון געזונט ווערן (אין די צאָלרייכע סאַנאַטאָריעס), נאָר אויך אַ גוטע שול פאַר זיך, פאַר באַקאַנטע, וואָס צו לערנען זיך האָבן אוודאי און אוודאי אויך יידן.

אין אָוונט האָב איך צווישן די שפּאַצירנדיקע דערזען אַ ציוויל־געקליי־דעטן באַוואָפנטן יונגנמאַן מיט אַ ספּר אונטערן אָרעם.

— וואָס איז דאָס?

מיין פריינט שמייכלט:

— אין שווייץ — דערקלערט ער מיר — זענען אַלע בירגער באַוואָפנט און גרייט אויף יעדן רוף מיטן געווער וואָס יעדער האָט ביי זיך אין שטוב, צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד. דער מאַן, גייט איצט אויף די נאָרמאַלע מיליטער־איבונגען, וואָס יעדער בירגער איז מחויב דורכצומאַכן דריי וואָכן אין יאָר.

# יידישקייט אין דער שווייץ

אויף יעדע טויזנט איינוווינער אין שווייץ וווינען 6 יידן. זיי זעען זיך טאַקע ווייניק אָן, אָבער גאָר אָנזעעוודיק איז דווקא די שווייץ באַזונדערס אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע, דאָ זענען דאָך פאָרגעקומען די היסטאָרישע ציוניסטישע קאָנגרעסן, קאָנפערענצן פון וועלט־קאָנגרעס, „אָרט״, אַזוי, פון פאַרשיידענע פּאַרטייען און ד. גל. אין ציריך און באַזעל, זשענעווע און מאָנטרוי און נאָך אַנדערע שטעט איז ניט איינמאָל איבער־געמישט געוואָרן אַ בלעטל נעכטיקע יידישע געשיכטע כדי אָנצוהייבן אַ ניי קאַפּיטל פון דער מאָרגנדיקער.

וועל איך איצט די אַלטע יידישע געשיכטע פון יידן אין שווייץ ניט אָנרירן. אָבער עטלעכע שורות וועגן דער דאָליע פון יידן אין דעם לאַנד אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה דאַרף מען זיכער ווידמען. טויזנ־טער פאַרפאָלגטע יידן פון פראַנקרייך, פּוילן, טשעכיע, פון די בענעלוקס־לענדער און אַנד. האָבן אין דער מלחמה־צייט געפונען אין שווייץ זייער אַזיל אָדער באַקומען די מעגלעכקייט ווייטער צו עמיגרירן.

דאָס לאַנד איז אין דער גרוילצייט אויך שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן פון יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס ביים שיקן הילף אין נאַצי־גהינום און אָפילו ראַטעווען פון דאָרטן די געפאַנגענע. ניט אַלץ איז אין דער פּולער מאָס געטאָן געוואָרן, אין דעם האָבן ניט קיין קליינעם שולד די אַלט־איינגעבוירענע יידן פון שווייץ, אָבער דאָס איז שוין ווידער אַ באַזונדער קאַפּיטל פון וואָס מיר וועלן קיין נחת ניט האָבן.

די אַרומיקע סביבה האָט נאַטירלעך געלייגט אַ שטעמפּל אויף דער קליינער צאָל יידן, וועלכע זענען פאַרטראָטן אין אַלע געביטן פון ווירט־שאַפטלעך, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן פון לאַנד. אָן אייגן פּנים האָבן זיי זיך ניט געסטאַרעט צו האָבן. איבערן לאַנד זענען צעוואָרפן עטלעכע יום־כיפּור־סינאַגאָגעס, אַ „איזראַעליטישע געמיינדע״, אַן „איזראַעליטישע וואָכנבלאַט״ און שוין. צו די וויכטיקסטע אינסטיטוציעס, צו די סאַנאַטאָ־ריעס אין דאַוואָס, מאָנטאַנע און אַנד. ווו עס ליגן הונדערטער קראַנקע יידן, האָבן די איזראַעליטישע יידן קיין שייכות ניט. מען דאַרף האָפן, אַז די לעצטע געשעענישן אין יידישן לעבן מיטן אַנטשטיין פון מדינת ישראל, וואָס איז אויך ניט געבליבן אָן ווירקונג אויף די אַלע יידן אין דער שווייץ, וועט ווייטער דאָרט אָנהאַלטן. אפשר וועט די תורה מציון זיי באַגייסטערן און פאַריידישן.

גאָר אָנזעעוודיק איז די יידישע קולטור־טעטיקייט אין דער פראַנצויזי־שער שווייץ.

אין זשענעוו איז טעטיק איינע פון די גרעסטע יידישע ביבליאָטעקן אין אייראָפּע. שטארק קונה שם האָט זיך דער יידישער קולטור־פאַראיין מיט זיין אַקטיווער טעטיקייטביים אָרגאַניזירן פאַרשיידענע לעקציעס, רעפּע־ראַטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, קאָנצערטן אדגל... אין זשענעוו קלויבן זיך זייער אָפּט צונויף צו עטלעכע הונדערט צוהערער צו די פאָרטראָגן פון פּראָפ. ליבמאן הערש, דר. סינגאלאָווסקי, און צו איינגעלאַדענע געסט פון אויסלאַנד. אַזעלכע אַקטיווע טוער פאַר יידישער קולטור ווי די פּריינט הערש, סינגאַלאָווסקי, א. נוימאַן, ז. גאָלדמאַן, אַ. האַנטווורצעל, דרוקמאַן, י. טופּמאַן, פאַלינסקי און אַנדערע זענען אַ ברכה פאַר יעדן יידישן ישוב.

אויך צירך פירט דורך דעם י. ל. פּרץ־פאַראיין און דורך דעם געזאַנג־פאַראיין הזמיר אַ גוטע קולטור טעטיקייט (זייער דראַמאַטישע סטודיע איז אַפילו לעצטנס אַרויסגעפאָרן אויף גאַסטראָלן אין די יידישע קיבוצים אין די שכנותדיקע לענדער).

פאַר אַזאַ באַגרענעצטער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שווייץ, איז זיכער די אַקטיוויטעט פון די יידישע קולטור־טוער ווערט גע־לויבט צו ווערן.

## די מלוכה פון מלאכה

ס׳איז זיכער ניט קיין צופעליקייט, וואָס דער גענעראַל־שטאַב פון די יידישע קוואַליפיצירטע אַרבעטס־קרעפטן בכל תפוצות ישראל, די „אָרט" צענטראַלע, האָט זיך פאַרקליבן אין דער שווייץ. פון דאַנען האָט דער אָרט צעשפּרייט זיינע פליגל איבער יידישע ישובים פון גאָר דער וועלט.

ס׳איז גענוג בלויז אַ קוק צו טאָן אויף אַ וועלט־מאַפּע מיט די פאַר־זייטע אָרט־פונקטן, (בלויז אין ישראל איז אין משך פון די לעצטע חדשים פון 1949 געעפנט געוואָרן 26 פאַך־שולן פון אָרט), כדי צו באַנעמען די גרויסע וויכטיקייט פון דער געזעלשאַפט אין יידישן לעבן.

נאָך דער קאַטאַסטראָפע האָט זיך פאַר דער אָנפירונג געשטעלט אַ האַרבע פּראָבלעם: ווי אַזוי פילט מען אויס דעם גרויסן דוחק אין הויך־קוואַליפיצירטע אינסטרוקטאָרן פאַר די אָרט־שולן. די שווערע לאַגע האָט אַזוי ארום געצוווּנגען צו פאַרווירקלעכן אַן אַלטן טרוים פונעם שעף פון אָט דעם אַרבעטס־שטאַב, פון ד״ר א. סינגאלאָווסקי. אין פעברואר פון יאָר 1945, האָט סינגאלאָווסקי אויף דער עקזעקוטיוו - זיצונג פון אָרט אין פּאַ־ריז געהאַלטן אַ לענגערע עקספּאָזע, מיט גענוי אויסגעאַרבעטע דעטאַלן, וועגן עפענען אַ צענטראַלן אָרט־אינסטיטוט אין דער שווייץ כדי אויסצו־בילדן לערער־אינסטרוקטאָרן פאַר די אָרט־שולן. דער פאָרשלאַג איז אָנגע־

נימען געוואָרן, אָבער ווייניק אָנטיילנעמער פון דער קאָנפערענץ האָבן גע־גלויבט אין דער פאַרווירקלעכונג.

איז ניט דאָ דער פּלאַץ צו דערציילן גאָר אינטערעסאַנטע פּרטים ווי אַזוי דער אינסטיטוט איז אויסגעבויט געוואָרן, אויב איר וועט אַפילו דעם אינסטיטוט ווען באַזוכן, וועט איר מודה זיין, אַז עפּעס ענלעכס איז אַפילו שווער צו געפינען ביי אַנדערע פעלקער. עס קלייבט נחת פון דער אינסטי־טוציע ד״ר סינגאַלאָווסקי און דער איבערגעגעבענער פריינט פון אָרט ה׳ אַדאָלף נוימאַן, וואָס האָט גאָר אַ גרויסן חלק אין אויפבוי פון אינ־סטיטוט.

גרויסע, גרויסע ליכטיקע צימערן זאַלן פאַר די אַרבעטס־צימערן, פאַר די טעאָרעטישע לימודים און שלאָפצימערן, דער עס־זאַל, קיך, ביבליאָטעק און לייען־זאַל, וועשעריי זענען אידעאַל קאָמפּאַנירט, עסטעטיש צוגעריכט און ציכטיק־ריין.

שילער פון דער גאַנצער וועלט, אַבסאָלווענטן פון אָרט־שולן פון צפון און דרום־אַמעריקע, אַפריקע, אייראָפּע, ישראל. דאָס האַרץ ווערט אָנגע־פילט מיט פרייד ווייסנדיק, אַז נאָכן 3 און האַלב יעריקן קורס, וועלן זיך אַ צענדליק טאָן איבער דער וועלט אַן אויסגעשולטער קאדר יונגע בחורים אָנ־געפּילטע מיט יידיש וויסן און הויך־קוואַליפיצירטע פאַך־קענטענישן און וועלן עס איבערגעבן צו הונדערטער, הונדערטער יידן. די זאָרג פון דער דירעקציע פון אינסטיטוט איז צו פאַרטיפן די יידיש־קענטענישן ביי די תלמידים, און אומבאַדינגטע וויכטיקייט פאַר דער שול.

# וואָס אַ ייד פון תימן האָט מיר דערציילט

יעדער ייד וואָס איך באַגעגן אויף די וועגן פון אייראָפּע איז אַ טעמע פאַר אַ בוך אַנצושרייבן. דאָס וואָס יעדער ייד האָט דורכגעלעבט און לעבט דורך אַפילו אין דער איצטיקער צייט, איז אָפט ניט צו פאַרשטיין פאַר אַ יידן פון וויטן אַמעריקע.

אַ מענטש, זאָגט מען, איז אַמאָל שוואַכער פון אַ פליג, אָבער — ניט זעלטן אויך שטאַרקער פון אייזן.

אָט שטייט פאַר מיר אַ יונגער ייד. שפּראָצן אַרום זיין בלאַסן וואַקסע־נעם פּנים אַ שוואַרצער ראַנד פון שפּיזיקע הערלעך. אויסגעדאַרט איז ער, אָבער אין זיינע אויגן פייערן שוואַרצאַפּלען וועלכע באַאומרויקן.

ווער איז ער מיין ברודער, דער ייד?

...און ווען פון אונטערן געדיכטן רויך פון זיין כסדרדיק ברענענדיקער לולקע, דערציילט ער מיר אויס ווי אַזוי טויזנטער יידן, זענען שוין גאָך דער מלחמה אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון אומקום, קומט מיר אויס, אַז דאָס איז געשען ניט אויף דער וואָר, אַז דאָס איז אַ מעשהלע פון הונדערטער, הונדערטער יאָרן צוריק, און ניט קיין אמתע געשיכטע וואָס האָט זיך פאַר־ענדיקט גליקלעך ערשט מיט אַ חודש צוריק.

דער גליקלעכער סוף, וואָס איז אויך פאַר טויזנטער יידן געווען אַ ביי‌ער אָנהייב פון אַ נייעם לעבן איז געקומען אין דער ישראל מדינה, אָבער דער אָנהייב פון אָט דעם שוידערלעכן יידישן לעבן איז געווען אין דער מוסול־מענישער מלוכה תימן.

תימן איז פון דאָס צומערסטן אָפּגעשטאַנענע לאַנד פון אַלע אַנדערע אַראַבישע לענדער. די דאָזיקע מלוכה, ווו דער הויפּט־גייסטלעכער איז אויך דער קעניג, דערמאַנט אין די הערשאַפטן און לעבנס־באַדינגונגען פון פינצ־טערן מיטלאַלטער.

כדי דאָס צו אילוסטרירן, איז זיכער וויכטיק וואָס צו דערציילן וועגן די עטלעכע טויזנט יידן וואָס האָבן דאָרט ביז ניט לאַנג געלעבט. דער ייד איז דאָרט געווען אַ פּשוטער פּאַריער, אַ קנעכט. עס איז פאַרווערט געווען צו קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף אַן אַראַבער, (דעריבער האָט דער ייד אַן אַ דער־לויבעניש ניט געטאָרט רייטן אויף אַן אייזל אין אַנוועזנהייט פון אַן אַראַ־בער), דער ייד מוז אַפילו שטיין מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון אַן אַראַבער (דעריבער האָבן די יידן זייערע שטיבלעך און געוועלבער געמוזט בויען ניי־

דעריקער ווי די אַראַבישע, אַפּילו אין דער ערד), דער ייד טאָר ניט גיין צו די וואַסער־קוואַלן אין דאָרף און מוז דעריבער וואַסער קויפן ביי די אַראַבער.

די יידן מוזן צאָלן ספּעציעלע שטייערן צו דעם אימאַם (קעניג) פון תימן און זיי זענען גלייכצייטיק אויסגעשטעלט אויף נגישות פון די באַאַמטע און פּאָליציי. זיי ווערן אָפּט געצווונגען אויסצובאָרגן זייערע לעצטע גראָשנס זייערע אַראַבישע שכנים, אָבער די הלוואות באַקומען זיי שוין ניט צוריק. אין געריכט האָבן זיי ניט קיין רעכט אַרויסצוטרעטן אויפצומאָנען דאָס געלט.

די יידן האָבן אַפּילו ניט קיין רעכט צו דערציען יידישע יתומים, וועלכע מוזן דערצויגן ווערן אין מוסולמענישן גייסט.

נאָך ערגער איז געוואָרן די לאַגע פון די תימנער יידן די לעצטע יאָרן, ווען עס האָבן זיך דאָ באַוויזן פרעמדע אַראַבער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַ גרויסע העץ־קאַמפּאַניע קעגן די יידן.

הונדערטער יידן ניט קענענדיק אַריבערטראָגן די כסדרדיקע פיזישע און מאָראַלישע באַליידיקונגען, לאָזן זיך דאַן צופוס אַוועק אין 200 מייליקן וועג אין בריטישן אדען, ווו עס געפינט זיך אין דער אַלטשטאָט קראַטער, אַן אַלטע יידישע קהילה וואָס ציט איר יחוס אַזש שוין טויזנט יאָר.

אין פעברואַר חודש פון 1946 געפינען מיר שוין אין דער קליינער, ענגער אַלטשטאָט אַ פּאָר טויזנט תימנער יידן. זיי זענען אָנגעטאָן אין שמאַטעס, אויסגעמאַטערטע און הונגעריקע. די אָרטיקע יידן, אַליין אויך ניט קיין גרויסע נגידים, קענען ניט העלפן זייערע ברידער, אַזויפיל וויפל די לאַגע פאָדערט.

דער דירעקטאָר פון מעדיצינישן דעפּאַרטאַמענט אין אדען, ד״ר קאָכריין, ראַפּאָרטירט דעם ענגלישן גובערנאַטאָר סער ראַזשער טשעמפּיאָן, אַז מען מוז געפינען אַן אויסוועג פון דער לאַגע. ערשט ווען דער גובערנאַטאָר קומט אַליין אין קראַטער און דערזעט די מוראדיקע לאַגע פון די יידישע פּליטים דערלויבט ער דעם „דזשאָינט" אַריבערצופירן די פּליטים אין דעם האשיט־לאַגער, ווו פריער זענען געווען איטאַליענישע קריגס־געפאַנגענע, 15 מייל פון אדען.

צוליב דעם וואָס דער גובערנאַטאָר האָט פון פּאָרויס געמאָלדן, אַז דער לאַגער איז אַ צייטווייליקער, האָבן די „דזשאָינט"־פאָרשטייער זיך געמוזט באַגנוגענען מיט אויסבויען פאַר די יידן צייטווייליקע ביידלעך, כמעט ווי אונטער דער ערד. פּרימיטיווע אויוונס זענען איינגעבויט געוואָרן, ווו די יידן האָבן געבאַקן זייער „טראַדיציאָנעלן" האַלב־רויען ברויט.

און אַזוי ווי יידן אין די שווערסטע באַדינגונגען אין אייראָפּע אין דער אָקופּאַציע־צייט, האָבן די איבערגעגעבענע „דזשאָינט"־פאָרשטייער דאָ אין האשיט־לאַגער, אויפגעשטעלט אַ שפּיטאָל, אַמבולאַטאָריע, מאַגאַזין און שולן. יידן פון דרום־אַפריקע רופן זיך אָפּ: זיי שיקן צו תימנער יידן קליידער



אַ יוגנט־בילד פון ש. קאַטשערגינסקי.



אויבן דאַך פון קאָמאָדאָר האָטעל,
ניו־יאָרק 1949. פאָטאָגראַפירט דורך



שמערקע און טוצ־
קעווער אין מאסקווע
אין יאַר 1945.

שמערקע קאַטשערגינ־
סקי און א. סוצקע־
ווער אין 1953 אין
בוענאָס איירעס.



און האַנטווערקער־מכשירים, עס קומען שליחים פון ישראל, וועלכע ברענגען אַריין ליכטיקייט אין די פאַרחושכטע געמיטער פון די פאַרפאָלגטע.

32 קלאַסן מיט 1.350 קינדערלעך, ווערן געעפנט פון די ישראל־לערער. 10 קלאַסן געעפנט פאַר דערוואַקסענע, מיט וועמען מען לערנט אַזוי ווי מיט די קינדערלעך די דריי „ר" (רידן, רייטן, ריטמעטיק. ד"ה לייענען, שרייבן, רעכענען) און די געעפנטע האַנטווערקער־שולן, לערנען זיך הונדערט און צוואַנציק תלמידים אונטער דער אויפזיכט פון עלטערע תימנער האַנטווערקער־ספּעציאַליסטן סטאָלעריי, שוסטעריי, שניידעריי, טריקאָטאַזש, שלאָסעריי און פליישער־פאַך.

די שליחים אָרגאַניזירן אַ קיבוץ צוזאַמענגעזעצט פון 40 זייער פעאיקע יונגע תימנער פאַר דעם הכשרה־לעבן אין ישראל.

די תימנער יידן, וועלכע זענען בכלל איינפאַכע אַרבעטזאַמע מענטשן, קוואַליפיצירטע האַנטווערקער און מעכאַניקער, זענען שטאַרק רעליגיעז און האָבן פון שטענדיק געהאַט אַ ליידנשאַפטלעכע בענקשאַפט צו אַ מענטשלעך און שעפעריש לעבן אין ישראל.

נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון דעם פאַרטיילונגס־פּלאַן אין פּאַלעסטינע דורך דער „יון", האָבן מער און מער תימנער יידן אָנגעהויבן לויפן קיין אַדען, מיט דער האָפענונג ווי עס איז צו דערגרייכן די ברעגעס פון ישראל. דאָס דאָזיקע לויפן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־שטראָם גלייך נאָך די אַנטי־יידישע עקסצעסן, וועלכע זענען געקומען נאָך דער „יון"־דעקלאַראַציע.

דעם 3טן דעצעמבער 1947 איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין דער אַדען־קאָלאָניע גופא, וו עס געפינט זיך די בריטישע קאָלאָניאַלע אַדמיניסטראַציע. מחנות תימנער אַראַבער האָבן אַטאַקירט דעם יידישן קוואַרטאַל אין אדען. די אַראַבישע פּאָליציי (באַקאַנט אונטערן נאָמען „לעיס"), וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן צו פאַרטיידיקן די אדענער יידן, זענען פּאַקטיש געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דערמאָרדונג פון בערך 76 יידן און אַ גרויסע צאָל פאַרוואונדעטע. זיי האָבן אויך אָנגעפירט מיט גרופּן וואָס האָבן געראַבעוועט און פאַרניכטעט יידיש האָב און גוטס.

אַ פּאָגראָם אין דער שטאָט שייקאָטמאַן, אַ פּאָר מייל פון דעם האשיט־לאַגער האָט געצוווּנגען אַריבערצוברענגען דעם גאַנצן יידישן ישוב אין דעם לאַגער אַריין, נאָכדעם ווי 27 יידן זענען דאָרט דערהרגעט געוואָרן. דערווייל האָט די צאָל פאַרפאָלגטע פּליטים אין דעם האשיט־לאַגער געהאַלטן אין איין שטייגן.

נאָך מאָנאַטן פאַרהאַנדלונגען מיט די בריטישע פאָרשטייער, האָט דער „דזשאָינט" באַקומען די דערלויבעניש אַדורכצופירן די מאַסן־עמיגראַציע פון די תימנער יידן.

אין ענגער צוזאַמענאַרבעט מיט דער ישראל־רעגירונג און די יידישע

אַגענטור האָט דער „דזשאָינט" אָנגעהויבן דעם 15טן דעצעמבער 1948 די לופט־טראַנספּאָרט־אָפּעראַציעס פון 5.260 תימנער יידן, וועלכע זענען פאַר־ענדיקט געוואָרן דעם 19טן מערץ 1949. די לעצטע צו באַקומען די בריטי־שע דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און במילא צו זיין די לעצטע אָפּ־צופליען קיין ישראל זענען געווען 850 תימנער יידן פון מיליטערישן עלטער.

„אָפּעריישן מעדזשיק קאַרפּעט", ווי די דאָזיקע אָפּעראַציע ווערט באַ־צייכנט אין ענגליש, האָט זיך אָנגעהויבן ווי געזאָגט דעם 16טן דעצעמבער 1948. דער לופט־טראַנספּאָרט אַליין האָט דעם „דזשאָינט" געקאָסט אַ האַלבן מיליאָן דאָלער. דאָס אויסהאַלטן די תימנער פּליטים אין האַשיט־לאַגער פאַר דריי יאָר האָט אָפּגעקאָסט הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן. בלויז פאַרן יאָר 1948 האָט די סומע דערגרייכט בערך 200.000 דאָלאַר, וועלכע זענען בשותפותדיק געגעבן געוואָרן דורכן „דזשאָינט" און די יידישע אַגענ־טור אין ישראל.

צוויי אַוויאַנען פון דער אַמעריקאַנער אַלאַסקאַ לופט־ליניע זענען גע־פלויגן אַהין און צוריק צווישן אַדען און דעם לוד אַעראָדראָם. ווייניקע פון די תימנער האָבן ווען עס איז בכלל געזען אַן אַוויאָן, אָבער אָן שום פּראַגעס און אָן מורא האָבן זיי אַרויפגעקלעטערט אויף די גרויסע זילבער־נע פייגל, וועלכע האָבן אין אַ 1.400 לופט־מייליקן וועג געבראַכט זיי אין ישראל. פאַר די תימנער יידן שטעלט מיט זיך פאָר די „אָפּעריישן מעדזשיק קאַרפּעט" די דערפילונג פון אַ ביבלישער נבואה.

**
*

דער יונגערמאַן, וואָס האָט אַלץ געוואָרפן פון זיך מיט קנוילן רויך פון דער לולקע, איז שטיל געבליבן. אויך ער איז דאָס ערשטע מאָל געפלויגן מיט דער עקספּעדיציע אין שטאָלענעם פויגל קיין ישראל. אויך ער האָט געקושט די ישראל ערד אַרויסגייענדיק פון אַעראָפּלאַן אויפן אַעראָדראָם אין לוד.

— קען דאָס זיין, אַז משיח איז שוין געקומען? — פרעגט ער אַ פאַר־שעמטער.

כ'האָב אים נישט געקענט ענטפערן, ווייל איך האָב דערזען מיטאַמאָל אויף דעם בלאַסן פּנים ביי אים ברילִיאַנטענע טראָפּנס טרערן. איך מיין, אַז דעם ענטפער אויף זיין פראַגע, האָט ער זיך שוין אַליין געגעבן...

# פאַר ישראל דאַרף מען האָבן מער ווי איין פאָר אויגן און מער ווי איין נשמה

## (פון אַ שמועס*)

די טעג האָט זיך אומגעקערט פון אַ קורצן באַזוך אין ישראל דער שרייבער ש. קאַטשערגינסקי. מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו כאַפּן מיט אים אַ שמועס וועגן זיינע איינדרוקן פון ישראל.

אויף אונדזער פראַגע, ווי אַזוי פולסירט דאָרט דאָס לעבן? ענטפערט אונדז קאַטשערגינסקי:

— כדי צו פילן און זען, וואָס ס'טוט זיך אין ישראל דאַרף מען האָבן מער ווי איין פּאָר אויגן און מער ווי איין נשמה, ווייל וויפל, זאָגט ער אונדז, איך האָב ניט געלייענט און געהערט וועגן ישראל, האָב איך זייענ־דיק דאָרט באַקומען גאָר אַן אַנדער בילד, זעענדיק אַליין דאָס לאַנד אין צענדליקער פונקטן, ישובים, מושבות, קיבוצים, שטעט, וועגן און נאָך און נאָך.

מען קען דורכפאָרן דאָס לאַנד אין דער לענג און אין דער ברייט אין משך פון איין וואָך, אָבער אין דער אמתן מוז מען האָבן פיל חלוצים, בכדי געגוי צו באַהערשן די איצטיקע ישראל־ווירקלעכקייט.

צענדליקער יידישע שבטים, יידן פון דער גאַנצער וועלט, שבטים און עדות וועלכע ריידן די פאַרשידנסטע שפּראַכן און דיאַלעקטן האָבן געפינען איין געמיינזאַמע שפּראַך: די שפּראַך פון בויאונג. פאָרנדיק איבער די יש־ראל־וועגן זעט מען דעם גיגאַנטישן בילד: אַ לאַנד וואָס שטייט אויף ריש־טאָוואַניעס, כאָטש דאָס לאַנד איז קליין קען זי נאָך אַריינגעמען צוויי אָדער דריי מאָל אַזויפיל יידן, וויפל זי פאַרמאָגט שוין.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין עטלעכע לאַגערן פאַר נייע עולים, זאָגט חבר קאַטשערגינסקי, זייער לאַגע איז אַ גאַנץ שווערע, אָבער ניט ווי אין אַנדערע לענדער אַ האָפענונגסלאָזע, נאָר אַ האָפענונגספולע.

ניט נאָר אַ שרייבער און קולטור־טוער, זאָגט ח' קאַטשערגינסקי, נאָר אַ געוויינלעכער באַזוכער מוז באַמערקן דעם גרויסן קולטור־וווקס אינעם לאַנד פון די קליינע קינדער־רעפּובליקן אין די קיבוצים ביזן נעץ פון פאָלקס און מיטל־שולן, פאַך־שולן, מוזיק און הויך־שולן. אין די גרעסערע

---

*) געדרוקט אין „אונדזער וואָרט", פּאַריז, מערץ 1950.

שטעט זעט מען ווי אַזוי דאָס גאַנצע לאַנד איז אַריינגעטאָן אין דער קולטור־בויאונג.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין זייער אָפט אין אַן אַשיעור בוכהאנדלונגען אין אַ גרויסער צאָל אין אַלע שטעט און ס'איז זיך פשוט שווער דורכצושלאָגן דורכן גרויסן געדראנג פון קויפער פאַר אַלטע און ניי־דערשינענע ביכער, וועלכע די פאַרלאַגן לאָזן אַרויס אויפן מארק. ס'זענען פאַראן צענדליקער פאַרלאַגן וואָס גיבן אַרויס אַ גרויסע צאָל ביכער.

אַן איבערראשנדיקע דערשיינונג איז, וואָס ס'ווערן געקויפט ביכער און זייער אַ סך אין דער יידישער שפראַך. דאָס אַלץ קומט ניט צופעליק. אין יעדער שטוב איז דאָ אַ ביבליאָטעק. מ'פילט אַז די פירער פון דער מדינה זענען אריינגעטאָן בלב ונפש אויך אין קולטור־בוי.

פון אַלע שפראכן וועלכע מען רעדט אין ישראל (אויסער העברעאיש) איז די יידישע שפראך די לעבעדיקסטע. מען לייענט אויך יידישע צייטונגען פון ישראל און פון גאָר דער גאַנצער וועלט. ס'קומען הונדערטער, הונדערטער יידן אויף די אָוונטן און אונטערנעמונגען און די בילעטן ווערן פון פאָראויס אויספארקויפט.

אין דעם חודש וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין ישראל, זאָגט אונדז ח' קאַטשערגינסקי, האָב איך ניט ווייניק געזען און איך קען ניט זאָגן, אַז איך האָב געזען אַ סך און דאָס וואָס איך האָב געזען האָט געמאַכט אויף מיר אַ גרויסן איינדרוק. אַרויסטרעטנדיק אין ראַדיאָ האָב איך צווישן אַנדערן איבערגעגעבן אַ שמועס מיט אַ יידן פאָרנדיק אין אויטאָ. דער ייד האָט מיר דערציילט:

מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איך געווען פאַרוואָרפן אין ווייטן אַזיע זייער אָפט האָב איך געטראַכט, צי וועט נאָך קומען אַ צייט ווען אויף מיין טיש וועט ליגן אַ ברויט, איך זאָל קענען עסן און זאַט ווערן און ניט וועלן עסן. אַ יידישע מדינה, זאָגט דער ייד, האָט מיין פאַנטאַזיע ניט געקענט באַנעמען. איצט בין איך זאַט, איך האָב אַן אייגענעם צימער, אַן אייגענע מדינה.

אמת, ס'פעלן נאָך אַ סך זאכן. אָבער קענט איר מיר ניט זאָגן — פאַרענדיקט דער ייד — ווו און אין וועלכן גליקלעכן לאנד אין דער וועלט האָבן די איינוווינער דאָס אַלץ וואָס זיי באַדאַרפן?

די תשובה פונעם ייד, ענדיקט ח' קאַטשערגינסקי, איז מיין תשובה, ווען מען פרעגט מיך וועגן דער לאַגע אין ישראל.

ב. ט.

# צווישן הימל און וואָלקנס

— אַ רעגן? — ווערט נישט נתפעל דער קאַפּיטאַן פון אונדזער אעראָ־פּלאַן — וועלן מיר פליען  א י ב ע ר ן  רעגן. — און אין מינוט אַרום ווערן די כמורנע פענצטערלעך פון אונדזער נייער דירה פאַרפולט מיט זון און מיט אומענדלעכן בלאָען הימל.

נישטאָ מער קיין ערד, פאַרשווונדן  דער אומעטיק־טרויעריקלעך גאָס. מיר פליען טאַקע  א י ב ע ר  דעם רעגן וואָס ליגט נאָך אונטער אונדז אין געדיכטע רויכיקע וואָלקנס.

די שוועסטער פון מיסטער סטאַר פון ראָטשעסטער, האָט נאָך אויפן פליפעלד אין עסעיסאַ אים פאַרזיכערט, אַז זי וועט בעטן גאָט פאַר אים, דער וועג זאָל זיין אַ רואיקער. זענען די איבער פופציק פּאַסאַזשירן צופרידן וואָס אויך זיי קענען געניסן פון דער דערהערטער תפילה...

אונדזער אַעראָפּלאַן איז נישט קיין לוקסוסדיקער, נאָר ווען איך דערמאָן זיך מיינע ערשטע פלי־נסיעות, נאָך דער מלחמה, אין סאָוועטישע און פּוי־לישע אַעראָפּלאַנען, קען איך נישט באַנעמען אויב אַזוי וואָס עס איז אַזוינס ל ו ק ס ו ס.

מיסטער סטאַר זאָגט, אַז אין די בעסערע אַעראָפּלאַנען קען מען אויך האָבן אַ בעט און די שטולן זענען ברייטערע. לוינט אָבער צוליב דעם באַצאָלן נאָך 100 דאָלער?

וויל מען זיין זיכערער, נישט כאַפּן קיין ציטער, דאַרף מען נישט קוקן אין דרויסן אַרויס.

דאָן דוכט זיך, אַז מען פאָרט אין אַ מאָדערנעם אָמניבוס אויף אַן אויס־געצייכנטן, אַספּאַלטענעם שאָסיי. און וואָלט דער געשריי פון די פיר ריזן־מאָטאָרן צו אונדז נישט דערגאַנגען...

— נאָר, אַז די באָבע וואָלט געהאַט...

— און פאַרוואָס קען דאָס ניט זיין — לאָזט נישט נאָך די פערזאָ־נערן, —אָט זענען אָנגעקומען צו אונדז שרייב־מאַשינען פון נאָרד אַמעריקע, וועלכע שרייבן אין גאַנצן אָן גערויש.

— עס ווינען מענטשן אויך ביים דונערדיקן ניאגארא וואַסער־פאַל. די נאַטור האָט זיי באַשאָנקען מיט אַ באַזונדער פאַרשטאַרקטן חוש השמיעה. זיי שרייען נישט איינער צום אַנדערן. מען רעדט נאָרמאַל און מען דאַרף זיך נישט אָנשטרענגען גוט צו הערן.

— און וואָס דאַרפט איר גיין צום ניאגארא — פּאַלט אַריין אַ יונגער איטאַליענער — דאָס זעלבע איז דאָך אויך אין די גרויסע פאַבריקן, ווו די הויפטבאַלעבאַטים זענען די מאַשינען און מאָטאָרן, מען געוווינט זיך צו.

אויך מיר האָבן זיך גיך צוגעוווינט. און ווי מאָדנע עס זאָל נישט זיין, וואָס שטילער מען רעדט אַלץ בעסער הערט זיך.

מיר האָבן זיך שוין אויפגעהערט צו וווּנדערן. נאָר פון דעסטוועגן, ווען איך גיב איצטער אַ קוק אויפן זייגער וואָס ווייזט אויף 12 אין מיטן טאָג און פאַרטראַכט זיך, אַז פון בוענאָס־איירעס זענען מיר ערשט אַרויסגעפלויגן נעכטן מיט צוויי שעה שפּעטער און מיר וועלן אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום שוין זיין אויף דעם נאָרד־אַמעריקאַנער באָדן, אין פלאָרידא, כאַפּט אַזש אַן אַן אימה.

— נאַטירלעך — דערקלערט דער קאַפּיטאַן — וואָלט אונדזער מאַשין געקענט קומען גיכער קיין פלאָרידא ווען מיר וואָלטן נישט געדאַרפט אויפנעמען און אַראָפּלאָזן פּאַסאַזשירן. אָבער עס זענען שוין דאָ אַעראָפּלאַנען וועלכע פליען טאָפּל־גיך ווי אונדזערער וואָס פליט 420 קילאָמעטער אַ שעה.

עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז עס זאָל קומען אַ צייט, ווען פון בוענאָס איירעס זאָל אַן אַעראָפּלאַן מיט אַ הונדערט פּאַסאַזשירן א ר ו י ס־ג ע ש א ס ן ווערן קיין ניו־יאָרק און זאָל זיך אָפּשטעלן אויפן לא גווארדיא פלי־פעלד אין אַ שעה אַרום.

די ווירקלעכקייט האָט אָבער דערוויזן, אַז אונדזער פאַנטאַזיע איז געבליבן ווייט־ווייט הינטערשטעליק, כאָטש די ווירקלעכקייט איז אויך מעשי ידי אדם.

מיר פליען איבער ריזיקע שטחים יבשה און ים, יעדער 5־6 שעה נידערן מיר אויף דער זינדיקער ערד צוריק.

פּערו, קאָלאָמביע, עקוואַדאָר און פּאַנאַמאַ — ווי ווייט זיי זענען פון אונדז נישט נאָר אין שטח.

אומעטום, אויף יעדער וואָקזאַל זעט מען יידישע פּנימער.

אַ שרעק כאַפּט אַרום ווי ווייט זיי, די יידן, זענען פון דער וועלט און פון דער יידישער וועלט.

אָט זיצן מיר אין דער נאַכט אויפן לוקסוס־וואקזאל פון דער פּערואַנער הויפּטשטאָט לימאַ. יידן באַגלייטן אַ פריינד, וואָס פליט קיין ניו־יאָרק. וויינשטיין, אַקערמאַן, פריד, יאבעל און אַנדערע — יידן פון פּוילן (דער עיקר זאַמאָשטשער) און פון רומעניע. זיי האָבן אָנגעהויבן ציילן דעם דריטן יאָרצענדליק פון זייער באַזעצן זיך אין נייעם לאַנד.

— קומט ווער אַמאָל צו אייך?

— יאָ, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק איז דאָ ווער געווען...

— לייענט איר אַ יידישע צייטונג?

— עס קומט אַן דער „פאָרווערטס“ און „דער טאָג“.

— לייענט איר אַ יידיש בוך?

אַלע שווייגן. שפּעטער גיט מען צו, אַז אין ציוניסטישן פאַריין איז „דוכט זיך פאַראַן אַ שטיקל ביבליאָטעק“.

— ווי איז אייער נאָמען אויב מען קען וויסן? —

איך ענטפער.

מיין נאָמען איז אפילו פרעמד אויך פאַר איינעם וואָס איז אַ „ביסל פּראָגרעסיוו“...

און עס איז פאַראַן זאָגן זיי אַ יידישע שול, אפילו עטלעכע בתי מדרשים, דער פאַרייניקטער קאַמפּיין האָט דעם לעצטן יאָר געמאַכט ביי 200 טויזנט דאָלער.

וואָס וועט אָבער ווייטער זיין?

סימנים ווייזן, אַז יידן אין פּערו זענען געווען נאָך אין 1870 און אויך פריער. זיי אַלע זענען פאַרשוואונדן אין דער „קאַטוילישער פאַרייניקונג“ ווו עס ווירקן אַ סך געוועזענע יידישע משפּחות (די גאָלדבערגס, אַלעקסאַנדערס און אַנדערע). עס דערציילט וועגן דעם אויך די גאַס „כודיאָס“ (יידישע) און אַ צווייטע גאַס וועלכע מען האָט ביז נישט לאַנג גערופן „מאַטאַ כודיאָס“ („הרגעט יידן“).

די דריי מיט אַ האַלבן טויזנט יידן (דייטשישע, פּוילישע, רומענישע, ספרדישע) לעבן זיך איצט גאַנץ גוט. קיינער באַלעסטיקט זיי נישט. די רע־גירונג איז אַ ליבעראַלע. אַ דאַנק מדינת ישראל איז אויך שטאַרק געשטיגן דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין און זיי זענען  מ ע ר  ווי צופרידן פון דעם וואָס צווישן זיי זענען כמעט נישטאָ קיין לינקע...

וואָס וועט אָבער ווייטער זיין? — לאָזט נישט נאָך דער אומרו אין מיין שפּעטערדיקן פּלי. — צי זאָל זיך חלילה נישט אַמאָל די געשיכטע אי־בערחזרן...

פאַרגעסענע יידישע שבטים.

ווי שלעכט זיי איז וואָס זיי ווייסן נישט ווי גוט און שלעכט עס איז זיי.

מען קען זיי נאָך דערראַטעווען.

ווער זאָל דאָס טאָן? — — —

דער מיקראָ רייסט איבער די מחשבות, עס ווערט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל זיך גרייטן. צובינדן מיט די רימענס צו די שטולן. מיר נידערן באַלד אין דער וואונדערבאַרער שטאָט פון פלאָרידאַ — אין מיאַמי.

מיסטער סטאַר, זאָגט מיר גלייך:

— אויב איר וועט זיך וועלן באַקענען מיט יידן פון אַלע שטאָטן — וועט איר דאָס באַלד קענען. אויב איר וועט וועלן זען עפּעס שיינס וועט איר

עס זען אויף דער שענסטער פלאַזשע פון די שטאַטן — לעבן מיאַמי — אין מיאַמי ביטש.

מען האָט מיר טאַקע אין בועגאָס איירעס נאָך צוגערעדט אומבאַדינגט נישט פליען דירעקט קיין ניו־יאָרק, נאָר זיך אָפּשטעלן עטלעכע טעג אין מיאַמי.

— אויסער אַלע שיינע זאַכן — האָבן מיר געזאָגט די פריינד בעלער און גרוזמאַן — וועט איר זיך זען מיט אייגענע. איצט, אין הויפּט־סעזאָן, ווען דער גרעסטער טייל פון די שטאַטן איז באַדעקט מיט שניי, באָדט מען זיך אין זון און ים אין מיאַמי ביטש. אין דער צייט זענען צווישן אַנדערע יידן אויך פאַראַן שלום אַש, ד״ר מוקדוני, י. י. שוואַרץ, י. תלוש. הכלל, —

עס איז ווערט צו זען ווי אַזוי עס שפּיגלען זיך אין זון, וואַסער און גרינס — אויך שטיקער יידיש לעבן. — — —

די אַעראָפּלאַנען־רעדער האָבן מיטאַמאָל דערלאָזט פילן, אַז מיר האָבן הינטער זיך ע ר ד. די וואָלקנס זענען זיך צערונען.

דער קרישטאָלענער הימל איבער אונדז איז געבליבן דער זעלבער.

מיאַמי, פלאָרידאַ, 18טער יאַנואַר 1953.

# ביי די טויערן פון מיאַמי ביטש

שווער איז דער וועג אין גן־עדן אַריין.

די אימיגראַציע־באַאַמטע אין לופט־פּאָרט פון דער כמעט דרומדיקסטער נאָרד־אַמעריקאַנער פּאָרט־שטאָט מיאַמי, וואָס ווערט פאַררעכנט פאַר אַ גן־עדן־ווינקל אויף דער ערד, האָבן פון מיינע פאַרגעשטעלטע דאָקומענטן, אָנגעהויבן צווייפלען אין מיין צדקות.

— ווו איז אייער וויזע אויף צוריק? — איז געווען די האַרבסטע שאלה זייערע.

עס העלפט נישט מיין צוריק־בילעט, מיין דערווייזן, אַז איך האָב איבערגעלאָזן אַ משפחה אין בוענאָס איירעס.

— נייך, ס'איז ווייניק. איר האָט נאָך באַדאַרפט צו דער אַמעריקאַנער וויזע אויך האָבן אַ באַשטעטיקונג, אַז איר, ווי אַ נאָך נישט קיין אַרגענטינער בירגער, וועט אַריינגעלאָזן ווערן צוריק אין אַרגענטינע.

אמת, פאַר דעם 24סטן דעצעמבער, איידער עס איז אַריין אין קראַפט דער נייער געזעץ האָט מען זיך באַגנוגנט מיט די דאָקומענטן וואָס איך האָב, אָבער איצט, זאָגן די באַאַמטע, זענען זיי אַזוי צעטומלט פון די בערג פּאַראַגראַפן וואָס ליגן פאַר זיי אָפּגעדרוקט אין אַ באַזונדער אויסגאַבע, אַז יעדער ספק מוז פאַר זיי אינגאַנצן אויפגעקלערט ווערן.

איז וואָס וועט זיין?

אַלע פּאָסאַזשירן זענען שוין נעלם געוואָרן. איך קען אפילו נישט זאָגן קיין „העלאָו" צו ד"ר מוקדוני און זיין פרוי, וועלכע וואַרטן אויף מיר.

ביז וואַנען אייער ענין וועט אויפגעקלערט ווערן — דערקלערט צום סוף דער באַאַמטער — זייט איר פאַרהאַלטן.

— אַרעסטירט?

— איר דאַרפט זיך אָבער נישט שרעקן. מאָרגן, איבערמאָרגן וועט די זאַך אויפגעקלערט ווערן.

— און ווו וועט איר מיך פירן? — פרעג איך.

— איר וועט זיין אויף אונדזער חשבון אין אַ האָטעל. איר וועט זיך אויך קענען אויסקלייבן אַ צימער מיט „עיר קאָנדישן" (קאַלטע לופט). איך האָב זיך איינגעהאַלטן נישט אַריינצולאַכן אים אין פּנים אַריין.

שוין לאַנג, לאַנג נישט געווען קיין אַרעסטאַנט.

איך שרייב זיך אונטער, אַז איך וועל אָן דער דערלויבעניש פון האָטעל־

פאַרוואַלטער נישט אַרויסגיין פון האָטעל. מען גיט מיר אויך אין אונטערגע־שריבענעם פאַפּיר צו וויסן, אַז אַלע מיינע הצטרכותן וועלן געדעקט ווערן דורך דער רעגירונג, אפילו ווען איך וועל חלילה, נישט געזונט ווערן און דאַרפן דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע.

נאָכן רעווידירן דעם באַגאַזש פירט מיך דער באַאַמטער צו צו אַ טאַקסי און געזעגנט זיך גאָר פריינטלעך.

איך פיל שוין, אַז קיין סך איבערלעבונגען ווי אַן אַרעסטאַנט וועל איך נישט האָבן.

און טאַקע וואָס פאַר אַן אַרעסטאַנט בין איך, אַז איך ווער נישט באַ־גלייט פון קיין באַוואָפנטן פּאָליציאַנט.

ווי אַן אַרגענטינער, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין אַ שפּאַניש־ריידנ־דיקן האָטעל. איך קלייב אויס אַ צימער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און הער אַלץ נישט אויף צו טראַכטן ווי וואָלט אויסגעזען אַן ענלעכער פאַל אין אַנ־דערע לענדער.

דער ליבער ד״ר מוקדוני און נאָך אומבאקאנטע פריינט לאָזן נישט אָפּ, זיי קומען צו מיר און טרייסטן, איך זאָל זיך נישט איבערנעמען, ס׳וועט אַלץ זיין גוט.

אין אָוונט פאָרן מיר אַרויס איבער דער בלענדיקער שטאָט וואָס שימע־רירט אין אַן צאַליקע קאָלירטע ליכטער און נעאָן־רעקלאַמעס.

די צוויי שעה וואָס דער האָטעל־פאַרוואַלטער גיט מיר צו עסן, אָוונט־ברויט, גייען גיך פאַרביי אין געמיטלעכן שמועס.

ד״ר מוקדוני דערציילט, אַז שלום אַש איז געווען פאַרזאָרגט צוליב דעם וואָס מען האָט מיך פאַרהאַלטן אין אַעראָפּאָרט. אין מיאַמי זענען אויך פאַ־ראַן די יידישע שרייבער תלוש און ראובן אייזלאַנד.

עס קומען פריינט, אַקטיוויסטן פון ייוואָ־אָפּטייל (די ה״ה האָניגבוים, מאָריסאָן, ד״ר גליק, יחיאל נעסיוואָדער) פון נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד (יוסף פישמאַן, אַסטאָר, אשכנזי) — איך דערפיל וואַרעמקייט און פריינטשאַפט.

— איר וועט נישט פאַרלוירן גיין. — און יעדערער פאַרענטפערט — איר ווייסט דאָך, מען וויל פאַרהיטן... און אַז מען האַקט האָלץ פאַלן שפּע־נער. אין לאַנד כאַפּן זיך אַריין געגנוג שפּיאָנען... און דאָך איז אַמעריקע נאָך אַלץ דאָס פרייסטע לאַנד.

איך מוז זיי פאַרזיכערן, אַז נישט נאָר איך האָב גאָרנישט צו זיי, נאָר אַז איך פאַרשטיי אויך די שווערע סיטואַציע פון דער וועלט וואָס קען נישט בלייבן אָן ווירקונג אויף אויך דער אינערלעכער לאַגע פון אַמעריקע.

און ווען איך בלייב מיט זיך אַליין פאַרלאָזן מיך אָבער נישט די שטי־מונגען וועלכע לאָזן נישט אָפּ.

אין מיאַמי איז איצט דער הויפּט־סעזאָן פאַר דעם ווינטערדיקן לאַנד, אין פלאָרידאַ איז אמת, איצט ווינטער, אָבער אויך דער ווינטער איז דאָ אַ זוני־קער. אַ וואַרעמער און די טעמפּעראַטור אין היינטיקן טאָג דערגרייכט ביז 30 גראַד צעלזיוס.

אין צימער איז קיל. אין צימער איז מער נאָך ווי גוט, נאָר מאָדנע — דאָס געפיל, אַז מען קען נישט אַרויסגיין אין גאַס ווען מען וויל, נעמט צו דעם גאַנצן פאַרגעניגן.

קען מען זיך, הייסט עס, געפינען אויך אין גן־עדן און פילן גאַנץ גיהנומדיק. דערצו נאָך ווען מען מוז טראַכטן, ווער ווייסט וואָס דער נייער געזעץ זעט פאַר? מען קען נאָך אַמאָל בעטן מחילה און זיך הייסן אומקערן צוריק פון וואַנען מען איז געקומען.

אין פרימאָרגן בין איך פון מיינע פריינט אַ באַלאָדענער מיט אַלע מיינע דאָקומענטן, ביכער, צייטונגען שוין געווען אין אימיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט.

אין פאַרנאַכט איז געפאַלן די דעציזיע: איך באַקום אַ דערלויבעניש צו זיין אין מיאַמי צוויי וואָכן און אין ניו־יאָרק וועל איך זיך דאַרפן ווענדן צום צענטראַלן אימיגראַציע־דעפּאַרטאַמענט וועגן אַ נייער דערלויבעניש צו בלייבן אין לאַנד ווי אַ טוריסט.

— פון אַמעריקע שיקט מען קיינעם נישט אַרויס! האָט מען געהערט ביז מיט עטלעכע יאָרן צוריק פון אַלע אַמעריקאַנער.

איצט האָט זיך די לאַגע געביטן. אמת, מען דאַרף נאָך דאָס ווערטל נישט אַרכיווירן, אָבער, אָן שום ספק לויערן איצט סכנות צוריקגעשיקט צו ווערן נישט נאָר פאַר טוריסטן, נאָר אויך פאַר אַזעלכע אימיגראַנטן וועלכע זענען דאָ געקומען זיך צו באַזעצן און וווינען שוין אין לאַנד יאָרן לאַנג.

צי האָב איך דעם אינצידענט באַדאַרפט דערציילן?

איך מיין, אַז יאָ, ס'איז אַ נייעס נישט נאָר פאַר נאָרד־אַמעריקע. דאָס זענען נייע סימפּטאָמען וועלכע קומען אויף אין די דעמאָקראַטישע לענדער. סימפּטאָמען פון באַגרעניצן די זאָרגלאָזיקייט פון יחיד אין די אינטערעסן פון אים און פון כלל.

# אין עלנט פון דער גרויסשטאָט

צען מיליאָן מענטשן געפינען זיך יעדן טאָג אין ניו־יאָרק און —
אין ערגעץ קען מען זיך נישט פילן אַזוי עלנט ווי אין אָט דעם גרויס־קעסל.

עס דערמאָנט זיך, ווי אומפאַרשטענדלעך עס איז געווען פאַר מיר ווען איך האָב פאַר דער מלחמה געלייענט דניאל טשאַרניס אַ ליד וועגן פּאַריז וואָס הייבט זיך אָן:

„צי ווייסטו וואָס דאָס איז
זיין איינזאַם אין פּאַריז?...“

— ווי קען מען דאָס זיין איינזאַם, עלנט אין דער שטאָט פון ליכטער?
— האָב איך נישט געקענט באַנעמען — איז דאָס מעגלעך?

האָט מיר דער גורל פאַרטראָגן נאָך דער מלחמה אויף יאָרן אין פּאַריז און איך האָב דערפילט ווי איינזאַם מען קען זיין אין דער וועלטס הויפּט־שטאָט.

יאָרן לאַנג קען מען דאָרט וווינען און דעם עלנט פון מענטשן וועט נישט פאַרטרייבן נישט די זוניק־ברייטע, מיוחסדיקע שאַנס עליזיי־עוועניו, נישט די רייכע־פאַנטאַסטישסטע קאַבאַרעטן־טעאַטערס פּאַלי בערזשע און קאַסינאָ דע פּאַרי און אויך נישט די פאַרשיידענע אַנדערע לאָקענדיקע שפּיל־הייזער.

קונסט? וויפל מען וויל: טעאַטער, מוזייען, — יעדע געסל זעטיקט אָן דאָס אויג ווי אַ דאָרשטיקן אַ קוואַל וואַסער. אָבער...

צי ווייסטו וואָס דאָס איז
זיין איינזאַם אין פּאַריז?...

מיר דוכט, אַז אין ניו־יאָרק קען מען דעם עלנט כפלען אויף אַזויפיל אויף וויפל די שטאָט מיט אירע איינוווינער זענען גרעסער און מערער ווי אין פּאַריז.

ווי מאָדנע און אומפאַרשטענדלעך דאָס זאָל נישט זיין.

זענען די ניו־יאָרקער ערגער ווי זיי זענען געווען אין זייערע אַלטע היימען אין אייראָפּע? זענען די געבוירענע ניו־יאָרקער ווייניקער פילנדיק ווי די איינוווינער אין די קלענערע אייראָפּעישע ישובים?

ניין, זיי זענען נאָר אַ נ ד ע ר ע.

באַדינגונגען אַנדערשן דעם מענטשן כאָטש זיינע גרונטשטריכן און כאַראַקטער זענען געבליבן די זעלבע, מענטשלעכע.

עטלעכע טעג פאַר מיין אַרויספלי פון מיאַמי ביטש קיין ניו־יאָרק האָב איך וועגן מיין אָנקום געשריבן צו עטלעכע זייער גוטע פריינט.

ווען איך האָב געגנידערט אויפן איידלווויד פלי־פעלד בין איך כמעט ווי נישט איבערגעראַשט געוואָרן וואָס קיינער איז מיך נישט געקומען מקבל פנים זיין...

איך אַליין האָב גלייך געפונען די סיבות: גראָד האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ שטרייק פון אויטאָבוסן און ס׳איז זיכער פאַר מיינע פריינט געווען שווער זיך צו דערקלייבן אַהער און ווען אפילו קיין שטרייק וואָלט נישט געווען, וואָלט דאָך אויך נישט מעגלעך געווען צו פטרן אַן אַרבעטסטאָג.

גוט איז נאָר צו זיין אַ טוריסט אין פּאַריז אָדער ניו־יאָרק.

די אָבער, וועלכע קומען זיך דאָרט באַזעצן, איז גאָר נישטאָ וואָס מקנא צו זיין, אפילו ווען איינער קומט צו קרובים און גאָר נאָענטע פריינט.

„העלף זיך אַליין!" — איז נישט נאָר דאָס שלאָגוואָרט אין די ספּעציעלע רעסטאָראַנען אָן באַדינונג, נאָר איז אויך דער כאַראַקטער־שטריך פאַר אַמעריקאַנער בכלל.

דעריבער איז צו געדענקען אַ גאַנץ לעבן די, וועלכע העלפן נישט נאָר מיט אַ וואַרעם וואָרט, נישט נאָר מיט צוזאָגן.

עס זענען פאַראַן אַזעלכע אין ניו־יאָרק. נישט גאָר פיל, אָבער זיי זענען דאָ.

לואי סיגאַל, איז איינער פון זיי.

אין אָנהייב 1946 האָב איך דערקענט סיגאַלן אין פּוילן:

טאָג־טעגלעך זענען דאַן אין נייעם פּוילן געמאָרדעט געוואָרן אין גרעסערע און קלענערע שטעט און דערפער, אויף וועגן און אין באַנען צענדליקער יידן. די נויט ביי די לעבעדיק געבליבענע איז געווען איבער די מענטשלעכע באַגריפן. שאָטנס אָנגעטאָן אין שמאַטעס האָבן זיך געצויגן פון די באַפרייטע פון די נאַצישע און סאָוועטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

אין יענער צייט איז מיט די שליחים פון יידישן אַמעריקע יעקב פּאַט, ד״ר ש. מאַרגאָשעס, אויך געקומען לואי סיגאַל.

עס איז געווען אַ מורא צו פאָרן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, — סיגאַלן האָט עס נישט געשראָקן. מען האָט באַדאַרפט אינטערווענירן ביי דער פּוילישער מאַכט און יידישע קאָמוניסטן טעראָריזירן, שטערן, — סיגאַל קומט ביי די שטערונגען. נישט נאָר פּאַרטיי־אינסטיטוציעס און יחידים ברענגט סיגאַל אין נאָמען פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד גרויסע הילף, סיגאַל איז דער אָנגעלייגסטער גאַסט ביי אַלע יידן, אין אַלע אינסטיטוציעס, אין די סאַמע פאַרוואָרפנסטע, סכנותדיקסטע ישובים. זיין פלאַמיק וואָרט צו אונדז געבליבענע „זייט זיך נישט מיאש! נעמט זיך אָן מיט אייביקן בטחון!" — האָט דערמוטיקט זיינע טויזנטער, טויזנטער צוהערערס.

שפּעטער צו, נאָך פּוילן, האָב איך געטראָפן סיגאַלן ביי פאַרשיידענע

קאָנגרעסן אין באַזעל, מאָנטרעע, פּאַריז און אין ניו־יאָרק. אויף יעדער קאָנ־גרעס איז ער פון די צענטראַלסטע פיגורן. ווען סיגאַל רעדט ווערן לײדיק מיטאַמאָל די קולוארן, זיין פּקחותדיקער אופן פון קלאָר מאַכן די פאַרפּלאָנ־טערטסטע ענינים, פון פירן אַ פאַרזאַמלונג ווו די געמיטער בײַ די אָנוועזנ־דיקע זענען באַזונדערס גליאיקע — האָט אים באַליבט געמאַכט און געשאַפן אָנהענגער נישט נאָר בײַ זײַנע אָנהענגער...

זײַן אחריותדיקער צוגאַנג צו די פאַרשיידנסטע ענינים, אומאָפּהענגיק פון זײַער גרעסערער צי קלענערער וויכטיקייט האָט אים אַרויסגעהויבן אויף די סאַמע פאָדערשטע פּאָזיציעס נישט נאָר פון יידישן ישוב אין די פאַרײ־ניקטע שטאַטן.

אַ זײַער חשובן אָרט פאַרנעמט סיגאַל אין דער יידישער קולטור־באַ־וועגונג. ער איז אַ פלאַמיקער ענטוזיאַסט פון דער יידישער שפּראַך, קולטור און פון אירע שעפער.

האָב איך שטענדיק, באַזוכנדיק סיגאַלן אין זײַנע ביוראָען פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק, געטראָפן אָן אַ שיעור יידישע קולטור־טוערס און שרײַבערס. די מלוכה, — דער פאַרבאַנד, וואָס סיגאַל, ווי דער גענעראַל־סעקרעטאַר האָט דערהויבן צו די גרעסטע קערפערשאַפטן פון יידישן ישוב אין גאַנץ אַמעריקע, גיט אָפּ אויף יידישע קולטור־אַרבעט דעם גרעסטן טייל פון איר ריזיקן בודזשעט. (האָט אַ נעץ פון שולן איבערן לאַנד, פאַרלאַג, ראַדיאָ־אוידיציעס, טעאַטער־אַנסאַמבלען, פאַרשיידענע פעריאָדישע אויסגאַבעס, לעקטאָרן־ביוראָ, קאָנצערטן אד״גל).

נישטאָ קיין איין וויכטיקע יידיש־אויסגאַבע (בוך, זשורנאַל) וואָס ווייסט נישט סיגאַלס אַדרעס. פון דער גאַנצער וועלט קומען אָן בריוו מיט בקשות צו סיגאַלן. זעלטן ווער עס זאָל נישט בלײַבן צופרידן פון סיגאַלס גיכער תשובה.

„45 איסט 17טע סטריט״ איז אַ באַקאַנטער אַדרעס אין דער יידישער וועלט. באַרימט געמאַכט דעם אַדרעס האָט לואי סיגאַל.

דאָ געפינט זיך דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, די פּאַרטיי פּועלי ציון־התאחדות, די פּיאָנערן־פרויען, די רעדאַקציע פון „דער יידישער קעמ־פער״, דער פאַרבאַנד ביכער־פאַרלאַג און נאָך אַנדערע קרובישע אינסטי־טוציעס. אין די עטלעכע אויבערשטע שטאָקן פון דעם וואָלקנקראַצער ווערט געשמידט אַ שטיק יידיש לעבן. עס וועט אַבסאָלוט נישט זײַן איבערגע־טריבן צו זאָגן, אַז לואי סיגאַל איז די נ ש מ ה, דער מ אָ ט אָ ר פון די אַלע אינסטיטוציעס.

ס׳איז געווען צו מישן די בלעטער פונעם „לואי סיגאַל־בוך״ וואָס איז נישט לאַנג דערשינען צו זײַן 25 יעריקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, כדי צו באַנעמען מיט וואָס פאַראַ פרײַנדשאַפט סיגאַל איז אַרומגענומען נישט

נאָר פון זיינע פּאַרטיי־חברים און פריינד (זעט די לויבן פון יעקב פּאַט און ב. כאַנין למשל).

דאָס האָב איך דערפילט און דערזען ווען איך האָב זיך געפונען אין דער נאָענט פון סיגאַלן, און דער עיקר אין זיין היים, די היים פון צענדליקער טויזנטער אַמעריקאַנער יידן, אין יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

אין דער היים, וווּ עס טוליען זיך אויך צו די  ע ל נ ט ע  פון די נייגעקומענע, וווּ גרויסשטאָט און היימשטאָט ווערן איינס און דאָס זעלבע.

# און וואָס איז מכוח גאָט?...

—זידלט מיך, אָבער פאַרשווייגט מיך ניט! — ניט איין שרייבער האָט אָט־די טענה צו קריטיקער וועלכע פאַרשווייגן דערשיינענע ווערק. איך שטעל זיך ניט פאָר, אַז דער שרייבער וואָס בעט מיט רחמים מען זאָל אים זידלען, מיינט אַז ער וועט דורך דעם פּאָפּולער ווערן ביים לייענער. געוויס מיינט דער שרייבער, אַז עפּעס גוטס וועט דאָך דער קריטיקער אויך געפינען פאַר זיינעטוועגן.

— זידלט מיך, אַבי מען זאָל וויסן, אַז איך בין פאַראַן! — דאָס איז שוין אַ „מאָדערנערע" בקשה פון אַ סך אַמעריקאַנער בירגער.

מיליאָנען אַמעריקאַנער בירגער ווילן מען זאָל וועגן זיי ריידן, מען זאָל וועגן זיי שרייבן, מען זאָל וויסן, אַז זיי זענען פאַראַן.

אייגנטלעך, איז פאַר זיי ניט וויכטיק די אייגענע פּערזאָן, וויכטיק איז נאָר, אַז דורך זייער פּערזאָן זאָל דער עולם וויסן, מיט וואָס פאַר אַ ביזנעס ער פאַרנעמט זיך.

ביזנעס, ביזנעס, איבער אַלץ...

זייער וויניק בירגער קענען קומען צו דער עפנטלעכקייט און ווערן באַרימט מיט זייערע אויפטועך. נאָר אַ סך עקשנותדיקע אַרבעט, גרויס טאַלאַנט, גאָר וויכטיקע דערפינדונגען, — קענען העלפן באַרימט צו ווערן אין לאַנד. עס זענען אָבער פאַראַן אויך גענוג פאַלן ווען מען ווערט באַרימט און רייך נאָכן טויט.

דער קאָמפּאָזיטאָר באַרטאָק איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין גרויס נויט און נאָך זיין טויט איז ער געוואָרן וועלט־באַרימט, אָנערקענט און וואָלט זיכער געקענט מיט דעם וואָס עס גיבן האָנאָראַר איצט זיינע קאָמפּאָזיציעס, נאָך אַ סך לעבן.

טוען בירגער אַלץ אין דער וועלט, מען זאָל וויסן וועגן זיי, וועגן זייערע געשעפטן. וואָס מער מענטשן זאָלן וויסן וועגן זייער עקזיסטענץ.

אַזוי געוויס איז געבוירן געוואָרן און אויפגעקומען אין דער וועלט די קונסט פון ר ע ק ל אַ מ ע.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אָט דער געביט, ווי אַ סך אַנדערע געביטן דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פון „אויב ניט נאָך העכער".

עס ווערט אין שייכות מיט דאָס געזאָגטע דערציילט וואָס עס איז געוואָרן פון צוויי ברידער וועלכע זענען צוגעטראָטן מיט טויזנט דאָלערדיקע



אין מאַר דעל פּלאַטאַ צווישן אַ גרופּע פריינט אין יאָר 1953.



צווישן פריינט אין בוענאָס איירעס, יאָר 1950.



צווישן פריינט אין מאַר דעל פּלאַטאַ, אין זומער 1954.

קאַפּיטאַלן צו באַזונדערע, אָבער זעלביקע ביזנעס. איין ברודער וואָס האָט 900 דאָלער פון זיין קאַפּיטאַל אַריינגעלייגט אין רעקלאמע איז גיך א ו י פ ג ע ק ו מ ע ן מיט זיין ביזנעס דער צווייטער ברודער וואָס האָט די זעלבע סומע אריינגעלייגט אין ביזנעס און נ אָ ר 100 דאָלער אין רעקלאמע איז גיך א ו מ ג ע ק ו מ ע ן מיט זיין ביזנעס.

איך פּרוּוו זיך דערמאָנען, אַ פּלאַץ ווו איך בין געווען אין די פּאַר. שטאַטן וואָס זאָל זיין אָן אינטערעס, אָן רעקלאַמעס און איך קען זיך ניט דערמאָנען, אין שול, אין סינאַגאָגע, קירכע, אַרבעטס־פּלאַץ, טעאַטער, טעלעוויזיע, ראַדיאָ, אין גאַס, אין באַן, עראָפּלאַן, טונעל, אין וועג און אַפילו אויפן בית־עולם...

— וואָס אינטערעסירט אייך אין דער צייטונג וואָס איר לייענט? — ניט איין סוחר וועט ענטפערן אויף אייער פראַגע:

— די זייט ווו עס ווערן אַנאָנסירט די אַרטיקלען מיט וועלכע איך האַנדל ווי זשע דען אַנדערש וואָלט איך געקענט עקזיסטירן? — פרעגט ער -- מיינט איר, אַז פּאָליטיק וואָלט מיר געהאָלפן? ווען ניט די רעקלאמעס וואָלט איך די צייטונג געדאַרפט האָבן אויף אַ גוטע...

דערפאַר דערשיינען אָן אַ שיער זשורנאַלן אין די שטאַטן פון דורכאויס רעקלאַמעס, און דאָרט ווו אַרטיקלען זענען שוין יאָ פאַראַן, זענען זיי נאָר וויכטיקע אָנווייזונגען, ווי אַזוי זיך מיט די אַרטיקלען צו באַגיין און ווי אַזוי, צוצוקומען בעסער צום קונה.

אין אַ סך צייטונגען און זשורנאַלן איז אַפילו שווער צו געפינען אַ פּלאַץ פאַר אַן אַנאָנס ווי טייער מען זאָל פאַר דעם אַנאָנס ניט וועלן באַצאָלן. דער לייענער קען מיינען, אַז רעקלאמע קען נאָר ווירקן אויף דעם פּשוטן עולם, דער מער באַוווסטזיניקער בירגער, מיינט מען, ווערט דורך די שרייאיקע, איבערגעטריבענע רעקלאמעס, ניט פאַרכאַפּט. איז דאָס אַזוי? ניין. דערמאָנט זיך די לאַכאַרייקע פון משה נאַדיר ווי אַזוי אַ מענטש וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן ניט געררויכערט האָט אונטערן דרוק פון כסדרדיק אומעטומיקע אַנאָנסן צו רייכערן „בופלאקס" טאַבאַק, זיך געמוזט אונטערגעבן . . .

מיינט איר, אַז עס שרייבט זיך נאָר אַזוי?

אָט האָט מיר דערציילט מיינער אַ פריינט:

אין די אָוונטן זיץ איך ס׳רוב אין שטוב ביי דעם טעלעוויזיע־אַפּאַראַט. פאַרשטייט איר דאָך, אַז צווישן איין פּראָגראַם און אַ צווייטער, איז אָפט אויך אין מיטן דער פּראָגראַם, אַנאָנסירן זיך פאַרשיידענע אַרטיקלען. די גרעסטע רעקלאַמע פון דער לעצטער וואָך האָט געמאַכט אַ נייע צאָן־קרעם־פירמע. וואָס האָט ניט די פירמע דערציילט וועגן איר קרעם די בעסטע, די געזונטסטע, אַז אויב דו וועסט ניט נוצן די קרעם צו די ציינער וועסטו זיך ניט קענען קושן, וועט דיך דיין ווייב אָפּגטן... „נו, טראַכט איך מיר,

מיר איז גוט אויך דער קרעם וואָס איך נוץ שוין אַ שיינע פּאָר יאָרן". אָבער די נייע פירמע לאָזט אַלץ ניט אָפּ. אָט באַווייזן זיך אויפן טעלעוויזיע־עקראַן אַ גרופּע אַקטיאָרן און זינגענדיק, טאַנצן זיי אויס אַ פיין מעלאָדיש לידל און דער רעפריין וואָס האָט נאָר איין וואָרט, דער נאָמען פון דער צאָן־קרעם־פירמע איז אַזוי מעלאָדיש און זינגענדיק, אַז עס לאָזט שוין ניט אָפּ אויך אויף מאָרגן. איז דען אַ וווּנדער, וואָס ווען איך בין אַריין אין אַן אַפּטייק זיך קויפן צאָן־קרעם האָט זיך גאָר אַנדערש ניט אַרויסגערעדט ווי דער נאָמען פון דער נייער פירמע?...

מען דערציילט לעגענדעס ווי אַזוי די פירמע קאָקאַ־קאָלאַ ־ געטראַנק גיט אויס די גרעסטע סומעס כדי דער געטראַנק זאָל ווערן וואָס באַקאַנטער. מען דערציילט למשל ווי אַ קאָקאַ־קאָלאַ־אַגענט האָט פאָרגעלייגט דעם פויפּסט צוויי מיליאָן דאָלאַר ער זאָל נ אָ ר ד ע ר ל ו י ב ן אַריינצושטעלן אין טעסטאַמענט אַנשטאָט דעם וואָרט אָ מ ן — קאָקאַ־קאָלאַ... איז דאָס דעם אַגענט ניט געלונגען מיט דעם פויפּסט, האָט ער זיך ניט געפוילט און אַוועק צו אַ באַרימטן רבאי און אים פאָרגעלייגט די זעלבע סומע, ער, דער רבאי, זאָל נאָר אָפּדרוקן אַ סידור וווּ אין פּסוק פון דער ערב־שבתדיקער תפילה זאָל דערמאָנט ווערן דער נאָמען פון דער פירמע, דהיינו: „לכה דודי לקראת שבת, קאָקאַ־קאָלאַ נקבלה".

פליט איר מיט אַ קאָטש איבער די ווונדערבאַרע וועגן אין דער נאַכט, איז עס ליכטיקער ווי בייטאָג. רעקלאַמעס באַלייכטן דעם וועג, זאָגן אייך אָן וועגן אַ נאָענטן האָטעל, וואָס פאַר אַ פּאַפּיראָסן איר דאַרפט רויכערן, וועלכע רעדער און בענזין איר זאָלט נוצן צו אייער מאַשין און אָט פּלוצלונג אַן עלעקטריש זאַץ: „און וואָס איז מכוח גאָט?"

בלייבט איר פאַרוווּנדערט: אויך ג אָ ט דאַרף זיך רעקלאַמירן? ווער טוט עס פאַר אים?

אין וועג דורך שטעט און שטעטלעך לויכטן צו אייך עלעקטרישע מגן־דודס פון סינאַגאָגעס, צלמים פון קירכעס. זיי אַלע רופן און ווילן אייך באַרואיקן: „דאַרפסט גאָט וו יי ט ניט זוכן, קום אַריין אַהער, דאָ וועסטו אים געפינען".

אין לאָס אַנדזשעלעס זענען אין די טאַקסיס פאַראַן אָט אַזעלכע רעקלאַמעס צו די פאָרער: „זאָרג זיך ניט, זייַ רואיק. דאַרפסט אונדז נאָר אָפּרופן און מיר וועלן דיר גלייך קומען נעמען!" — און עס קומט דער טעלעפאָן נומער פון אַ לוויה־ביוראָ.

אַפילו דעם טויט האָט די רעקלאַמע לעבעדיק געמאַכט. דער ראַדיאָ אין דער זעלבער שטאָט רופט טאָג־אויס, טאָג־איין צו די בירגער, זיי זאָלן געדענקען, אַז דער איינציקער, שענסטער אָפּרו־אָרט נאָכן לעבן איז דער און דער בית־עולם... האָב איך זיך ניט געפוילט און אַוועקגעפאָרן אַהין און איך

האָב דאָן פאַרשטאַנען די גדולה פון מיינע פריינט, אַז אויך זיי האָבן שוין רעזערווירט פאַר זיך אַ געהעריקן פלאַץ אויף דעם בית־החיים...

וואָס איז אַזוי די גדולה?

אויף דעם בית־עולם פילט מען ווי די מתים וואָלטן זיך אויסרוען נאָך אַ לאַנגער, שווערער אַרבעט... דאָ איז וואונדערלעך גרין די ערד און בלוי דער הימל. כדי ניט צו שאַפן קיין איינדרוק, אַז דאָ ליגן טויטע, איז דאָ אַפילו קיין מצבות ניט פאַראַן. נאָר דינע טאָוולען מיט אויפשריפטן ליגן אויף די ערטער אונטער וועלכע עס רוען די מידע... דער בית־עולם איז פול מיט ליכטיק־ווייסע סקולפּטורן וועלכע פאַרהערלעכן אונדזער לעבן, שטילע מוזיק וויברירט דאָ טאָג און נאַכט, הכלל מ ת י ם האָבן הנאה און... געוויס נאָך מ ע ר האָבן הנאה די לעבעדיקע באַלעבאַטים פון אַזאַ געשעפטל.

ניט אונטערשאַצנדיק אויף די נעגאַטיווע ראָל וואָס די רעקלאַמע האָט אויף דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, איז אָבער אויך וויכטיק אונטערצו־שטרייכן די פּאָזיטיווע ווערטן אירע:

דאָס וויכטיקסטע — עס האָט מיטגעהאָלפן אַריינברענגען אין בירגער דעם קולט פאַר אַ ר ב ע ט. דער קוילנגרעבער און צייטונגס־פאַרקוי־פער, דער סוחר און מיסטפירער, קעלנער און אינטעלעקטואַל — יעדע פּראָפעסיע איז אַ געשעצטע און באַערטע אין דער געזעלשאַפט. קיינער שעמט זיך ניט פאַר ק יי ן אַרבעט. אדרבא, אין דעם האָט ניט קיין קליינעם חלק די רעקלאַמע וועלכע וועקט און רופט טאָג און נאַכט דעם בירגער: אַרבעט, וועסטו האָבן דאָס שענסטע און בעסטע!

דער סערוויס איז דער בעסטער פאַרבינדעטער פון דער רעקלאַמע. וועגן דער וואונדערבאַרער באַדינונג פון סוחר, פאַרקויפער און באַאַמטן צו קליענטן האָב איך נאָך מיט יאָרן צוריק געלייענט אין אַ סאָוועטיש ווערק „די איין עטאַזשנע אַמעריקע״ פון די שרייבער אילף און פעטראָוו. דער הּאָס לעבט אָדער פאַרברענגט אַ קורצע צייט אין די שטאַטן דערפילט גלייך די פריינטלעכקייט און דינסט־גרייטקייט פון יעדן אַמעריקאַנער ביר־גער. איך בין געווען איבערלייענענדיק די אויפשריפט אין אַ גרויסן באָסטאָנער געשעפט: „מיר זענען דאָ, כדי דו זאָלסט אונדז באַ־אומרואיקן״, די אָנגעשטעלטע, הייסט עס, פאָדערן אויף די קליענטן, זיך ניט צו שטערן, אַפילו ווען דו ווילסט די סחורה נאָר אָנקוקן, קלייבן, נישטערן און — ניט קויפן.

פון די מיליאָנען געלטער וועלכע ווערן אַריינגעבראַכט אין רעקלאַמע געניסן אויך מיליאָנען בירגער. איר קענט יעדן טאָג הערן און זען דורך ראַדיאָ און טעלעוויזיע, אָן שום געצאָלט, די בעסטע קאָנצערטן אָנגעפירט פון טאָס־קאַניני, סטאָקאָווסקי און אַנדערע מייסטערס אויסגעפירט פון די באַרימטסטע זינגערס און שפּילערס. די בעסטע אויפפירונגען פון די גרעסטע אַקטיאָרן,

כאָרן, פילמען, וויסנשאַפטלעכע לעקציעס געהאלטן פון באַרימטע געלערנטע. און צווישן דעם אַלעם פעלט אויך ניט פון מאָל צו מאָל אַ פּלוצימדיקער רוף „און וואָס איז מכוח גאָט?"

האָט מיר דערקלערט אַ חכם, אַ ייד!

— אייגנטלעך איז דאָך דער ערשטער און בעסטער רעקלאַמע־מאַכער, געוועזן טאַקע ניט קיין אַנדערער ווי אונדזער רבונו של עולם. ער האָט דאָך כּסדר געערופן: „אני יהוה אלהיכם!" און דערצו נאָך האָט ער זיך כּסדר רע־קלאַמירט, אַז ער איז דער שטאַרקסטער, גרעסטער... און אויב דער רבונו־של עולם האָט געמוזט אָנקומען צו אַזאַ אויטאָ־רעקלאַמע, וואָס זשע זאָלן שוין זאָגן, מיר זינדיקע מענטשעלעך?... האַלט מען דאָס פאַר אַ זינד — טאָ זאָל מען אַלעמען משפטן...

משמעות, אַז דער פּשוטער בשר ודם, האָט זיך מתקנא זייענדיק אין די גלענצנדיקע געשעפטן פון אויבערשטן, וואָס איז זיכער געקומען אַ דאנק זיינע רעקלאַמע־מעטאָדן — גענומען איינפירן אויך בן אדם לאדם די זעלבע רעקלאַמע־טעכניק און — ווי עס ווייזט אויס — גייט גאָר נישט שלעכט, אז מען גייט אין די דרכים פון אלמעכטיקן.

# פון זמן נעטאַיינו ביז זמן חרותינו

אויף אַ טאַנץ־אָוונט אין אַן אַמעריקאַנער שטעטל האָט מען מיך באַקאַנט געמאַכט מיט אַ יונגן בחור.

— דאָס איז אונדזער ראַבאַי מיסטער גאָלדבערג.

ער האָט זיך מיט גאָרנישט אונטערשיידט פון דער איבעריקער טאַנצנדיקער יונגער חברה.

ווי די איבעריקע האָט ער אַרויסגעוויזן אין דער טאַנץ־קונסט נישט ווייניק בריהשקייט און שמייכל אויף די ליפּן און פייער אין די שוואַרצאַפּלען האָט אויך ער געשיקט גראַציעז צו זיינע פּאַרטנערנס וועלכע האָבן געהאַלטן פאַר אַ כבוד צו טאַנצן מיט אים.

איך האָב נישט ווילנדיק אַ טראַכט געטאָן:

צי וואָלט דען אַמאָל אַ פרומער ייד אַריינגעלאָזן אָט דעם גילוי ראש אין אַ יידישער שטוב?

ראַבאַי גאָלדבערג האָט נישט געקענט זיין קיין עלוי אין שס ופוסקים, ווייל די ישיבה־קאָלעדזש אין סינסינעטי וואָס האָט אים געגעבן סמיכה איז וויט נישט ענלעך צו דער ישיבה פון וואָלאָזשין, צי פון נאָוואַראַדעק.

ער קען גוט די יידישע געשיכטע נישט נאָר לויט דעם תנ״ך. עס איז אים אויך נישט פרעמד די וועלט־געשיכטע און ער איז אויך אַ בקי אין דער געשיכטע פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

ווו ראַבאַי גאָלדבערג זאָל נישט קומען, אין יעדן לאַנד, וועט ער זיך גיך צונויפריידן מיט דער באַפעלקערונג. צו ענגליש זיין געבוירן־שפּראַך רעדט ער אַ גוטן פראַנצויזיש. ס׳איז אים נישט פרעמד לאַטיין און אייגן איז אים העברעיש און פאַרשטייט בעסער ווי ער רעדט — אפילו יידיש.

איך האָב נישט געפרעגט ראַבאַי גאָלדבערג, צי ער איז אַ גוטער ספּאָרטלער. איך וואָלט זיך נישט געוווּנדערט, ווען ער גיט אַ פּאָזיטיוו תשובה. אין די פאַרשיידענע ישיבה־קאָלעדזשן (שולן) איז ספּאָרט אַ וויכטיקער טייל אין לעבן פון די תלמידים (אגב, כדי צו לערנען זיך אין אַ ישיבה און קענען ווערן אַ ראַבאַי מוז מען פריער האָבן געענדיקט אַ מלוכה־אוניווערסיטעט).

נעכטן, אין דער צוויי הונדערט טויזנט קעפּיקער שטאָט גראַן ראַפּידזש

(150 קילאָמעטער פון דעטראָיט), האָב איך זיך באַקענט מיט די צוויי גייס־טיקע אָנפירער פון היגן קליינעם יידישן ישוב (ציילט איבער צוויי טויזנט נפשות).

דאָס זענען די ראבאַיס הערי אתרוג און גרשון וויינער.

צוויי יונגע מענטשן אין עלטער פון 35 יאָר. פּיצעלעך זענען זיי גע־בראַכט געוואָרן אין אַמעריקע. ראבאַי אתרוג — פון צפת און ראבאַי וויינער פון ווידז (אַ שטעטעלע ביי ווילנע).

ביידע זענען נאָכן ענדיקן דעם אוניווערסיטעט אַוועק ווייטער לערנען: אתרוג (לייענט עטראָג) — אין דער שטאָט סינסינעטי, ווו עס געפינט זיך די באַרימטע, אין די יידישע רעפאָרם־קרייזן, ישיבה קאָלעדזש א״נ „היברו יוניאָן קאָלעדזש" און וויינער (אין ווידז געווען באקאנט אונטערן נאָמען וואנינסקי) — אין יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין ניו־יאָרק.

אין גראַן רעפּידז האָבן זיך ביידע יונגע ראבאַים דערקענט ביי זייער אַרבעט.

בין איך צופרידן געווען וואָס ראבאַי וויינער האָט מיך געפירט אָנקוקן די שטאָט און האָט צווישן אַנדערע אויך מיר געלאָזן זען די צוויי אָקאָרשט אויסגעבויטע סינאַגאָגעס.

קען איך זיך נישט באַפרייען פון איינדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט זייער אויסזען פון דרויסן און פון אינעווייניק.

זייער אויסזען האָט אין מיר נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם באַגריף פון זייער תוך וואָס איז מיר שוין געווען אַביסל באַקענט נאָך פון פריער.

איך האָב זיך דערמאָנט מיט אַמאָל ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען אונ־דזערע בתי מדרשים אין די אַלטע היימען...

האָבן אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן הילצערנע, פאַרטיפטע, פאַר־חושכטע געביידעס. שטענדערס, בימהס, קינסטלעריש געשניצטע ארון־קודשן, געהאַפטענע ספרי־תורות־מענטעלעך, פּרוכתן, קאַליריקע שייבלעך אין „ריי־כערע" בתי מדרשים, אַלטע, לאַנגע בענק און טישן, נישט זעלטן צעבראָכענע פּאָדלאָגעס...

...און דאָך קומט איצט אויס, אַז אפילו דער אינדערוואָכן אין אַזעלכע בתי מדרשים, איז אויך געווען יום־טובדיק.

אָפט האָט מען גאָר אַזעלכע בתי מדרשים גאָרנישט אָנגעזען, ערגעץ אויף צעדרייטע טרעפּ האָבן זיך געפונען צענדליקער אַזעלכע בתי תפילות אין מיין ווילנע. די גרויסע שטאָט־שול איז געלעגן באַהאַלטן אין דער טיף און אַ פּאָר צענדליק טרעפּ אַראָפּ האָבן געפירט צו איר.

די יידישע אַרכיטעקטור האָט זיך אין יענער צייט, בפרט אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער, געמוזט צופּאַסן צו באַדינגונגען.

נישט אויפרייסן שונאי ישראל די אויגן. מען גיט ווייניקער אָנזען, ווי־ניקער שטיינער זאָלן אין פענצטער פון מקום קודש פאַלן...

זענען זיי געווען נידעריק געבויט דערפאַר. אין דער ערד. ממעמקים. און אפילו ווען אין דער הויך, — האָבן אַלץ מתפללים געבעטן פון זייער טי־פעניש...

אין צענטער פון גראַן רעפּידז, אויף אַ באַרגיקן פּלאַץ האָט דער קאָנ־סערוואַטיווער יידנטייל פון שטאָט אויסגעבויט אַ פּרעכטיקע סינאַגאָגע, וואָס קוקט מיט שטאָלץ איבער דער שטאָט אַראָפּ. נישט נאָר די יידישע אותיות איבער דער בררייט פון בנין און פון די לוחות גיבן צו דערקענען די פּאַר־בייגייער וואָס דער בנין שטעלט מיט זיך פאָר. דער אַלגעמיינער אויסזען, כאָטש מאָדערן געבויט, (פון אַ נישט־יידישן האָלענדישן אַרכיטעקט) דייט אָן קלאָר: אַ יידישער מקום קודש.

דער ראַבאַי ווײַנער איז דער גייסטיקער פירער פון די קאָנסערוואַטיווע יידן אין גראַן רעפּידז.

(קיין אָרטאָדאָקסישע, פּרום־רעליגיעזע יידן, זענען שוין אין שטאָט נישטאָ).

דער אינעווייניקסטער געבוי און פירונג בשעת התפילה איז גאָר היפּש־לעך ווייט אַוועק פון אַלטן בית־מדרש.

אמת אין קליינעם בית מדרש דאָ (אויף 80 פּלעצער) קען מען געפינען אַ ש״ס און אַנדערע רומל־ספרים. עס איז אפילו פאַראַן אַ לאַנגער טיש מיט בענק ביי די זייטן, זיך אָנוועקצוזעצן, אַז מען וויל, און מעין זיין אין אַ בלאַט גמרא, אָבער — מער נישט... נישטאָ קיין שטענדערס, נישטאָ קיין בימה אין מיטן. ווייך געבעטע רייען שטולן ווי אין אַ טעאַטער. די בימה איז ביים אָרון־קודש, ווייניק סימנים פון יידישער קונסט, פון יידישער אָריגי־נאַליטעט.

די טעכניק האָט אויך נישט באַיקאָטירט די בתי תפילות. מעכאַנישע עפענען זיך די טירן פון אָרון־קודש. די עלעקטרישע באַלייכטונג קען, פיל איך, מאַכן שטימונג מיט איר העלער און טונקעלער וואַרירונג.

דעם זעלביקן איינדרוק מאַכט דער גרויסער „בית מדרש״ אויף 600 פּלעצער, ווען נישט דער ספּעציעל אויסגעבויטער זאַל פאַר פאַרוויילונגען אין זעלבן בנין, וואָלט אויך דער „יום־כיפור־בית־מדרש״ געקענט ווערן אַ טעאַ־טער־זאַל.

בשעתן דאַווענען מוזן די מתפללים זיין אָנגעטאָן אין יאַרמלקעס. די מע־נער זיצן צוזאַמען מיט די פרויען. די תפילות זענען אַביסל געקירצט גע־וואָרן און אַ טייל ווערן געזאָגט אין ענגליש.

און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אין אַ שבת, אָדער ביום־טוב קומען די מתפללים אין זייערע מאַשינען, פילט מען זיך דאָך אין דעם בנין יידיש־לעך.

עס ווערט שטרענג אָפּגעהיט כשרות. זייער צוגאָב־שול פאַר די 600 קינדער (7 שעה אַ וואָך) איז טיף נאַציאָנאַל. באַזונדערס ווערט געלייגט אַכט

אויף צוגרייטונג און דורכפירונג פון ימים־טובים. אין ביבליאָטעק־צימער קען מען צו ענגלישע און העברעישע געפינען אויך יידישע ביכער.

ס'איז נישט קיין וואונדער. ראַבאַי ווײַנער, כאָטש אַ דערצויגענער אין אַמעריקע האָט באַקומען פון טאַטע־מאַמע (לעבן איצט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע) אַן עכט־יידישע, טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ראַבאַי ווײַנער איז דעריבער נישט נאָר גייסטיקער אָנפירער פון זיין טעמפּל, נאָר אויך אַ וויכטיקער פירער אין אַלגעמיינעם יידישן נאַציאָנאַלן און בפרט קולטורעלן לעבן פון ישוב.

צינבערג און פּרץ, שלום עליכם און פּרץ הירשביין זענען גרויסע יחסנים אין זיין פּריוואַט־ביבליאָטעק.

און ס'איז געווען פאַר מיר נישט קיין קליינע איבערראַשונג, ווען אויף מיין נעכטיקער קאָנפערענץ ווו ראַבאַי ווײַנער איז געווען פאָרזיצער — האָב איך פון אים געהערט קענטשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור.

גאָר אַנדערש איז שוין געווען מיין איינדרוק באַזוכנדיק דעם אויך אָקאָרשט אויסגעבויטן טעמפּל — פון די רעפאָרם־יידן ווו עס איז ראַבאַי מיסטער הערי אתרוג.

דעם טעמפּל האָט אויסגעבויט אַ באַרימטער יידישער אַרכיטעקט עריק מענדעלסאָן און... דערפאַר דערקענט מען טאַקע נישט צי עס איז אַ יידישער טעמפּל. מען זעט פאַר זיך אַ מאָדערנע גרויסע געביידע און לויט דער פאָרשטעלונג פון פאַרבייגייער קען זיין אינעווייניק אַלץ אין דער וועלט, אָבער נישט קיין בית תפילה.

אויך אינעווייניק קען מען גאָרנישט זען.

אַ ריזיקער זאַל דאַרף זיין דער מקום תפילה.

אויף דער בינע איז נאָר דאָ אַן אָרט פאַרן ראַבאַי מיט אַ מיקראָפאָן ביים פּולפּיט. נישטאָ קיין אָרון קודש. אין אַ ווינקל פון דער בינע איז קוים קאָנטיק אַ טיר ווו ס'איז פאַראַן די עפענונג צום אָרט פון דער ספר תורה.

די סידורים, די תפילות זענען אַלץ אין ענגליש דורכגעפלאָכטן גאַנץ זעלטן מיט העברעישע פסוקים. דאָ מוז מען שוין דאַווענען אַן היטלען. דאָ טאָר מען מער נישט תפילה טאָן בקול רום, — שטיל, שטיל... אַזוי ווי אין אַ קלויסטער. (דאַרף מען זאָגן להבדיל?). די ווענט אינעווייניק און אויסנווייניק שרייען פשוט אַראָפּ: זעט ווי נאַקעט מיר זענען... אויסגעהוילט... אָרעם — כאָטש דער טעמפּל קאָסט פיל מער (ביז 400 טויזנט דאָלער) ווי די סינאַגאָגע.

ס'איז נישט קיין צופאַל געווען, ווען ערגעץ אין אַ שטאָט יוסטן אין די דרום־שטאַטן, האָט דער רעפאָרם־ראַבאַי אויסגעשלאָסן עטלעכע יידישע מיטגלידער פון זיין טעמפּל ווייל... זיי האָבן אָפּגעהיט כשרות ביי זיך אין שטוב...

כ'וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס עס האָט געמאַכט

אויף מיר די צערעמאָניע לכבוד אַ מת אין רעפאָרם־טעמפּל אין באָסטאָן וואָס איך האָב צוגעזען:

אַ פולער טעאַטער־זאַל מיט מענער און פרויען. די שמשים — הויכע אויסגעפּוצטע יונגען, לויטן אויסזען האָבן זיי באַדאַרפט זיין אַטלעטן, פאַר־בייגן זיך טיף און מאַכן מיך אויפמערקזאַם איך זאָל אויסטאָן דאָס היטל.

ביי דער סצענע ליגט אַן אויסגעפּוצטער, אויף זיידנס געבעט, אַן אַרומ־געראַזירטער און געשמינקטער (!!!) דער מת. אין דער ערשטער ריי זיצט די פאַמיליע.

דאָ וויינט קיינער נישט. אפילו נישט די אַלטיטשקע מאַמע וואָס וואָלט אין „נאָרמאַלע" צייטן געוויס וועלטן איינגעריסן צוליב דעם אומגליק וואָס עס האָט איר געטראָפן. איצט ווישט זי נאָר שטיל אַראָפּ אַ טרער. דאָ פּאַסט נישט צו וויינען.

פול דער טעמפּל מיט מלווים, שטיל, שטילער נאָך פון שטיל.

און אָט באַווייזט זיך דער ראַבאַי.

אַ בחורל פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. גאַטירלעך מיט אַ בלויזן קאָפּ. אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער טאָגע, ווי עס טראָגט אַ גלח. זיין הספד אין ענגליש, צוגעווירצט מיט אַ פּאָר פּסוקים אין העברעיִש, לייענט ער אַרויס. ער פאַרשווינדט און עס דערהערן זיך אָרגל־טענער און דאָס געזאַנג פון אל מלא רחמים... באַגלייט פון אַ כאָר. דעם חזן, דעם אָרגאַניסט און אויך די משוררים (די מערהייט נישט־יידן) זעט מען נישט אָן. זיי זענען ערגעץ אין דער הויך, אין אַ צימער אויף דער גאַליאָרקע.

נאָך דער תפילה מאַרשירט דער גאַנצער עולם פאַרביי דעם מת וואָס ווערט דערנאָך ארויסגעפירט (נישט אַרויסגעטראָגן) צו דער מאַשין... שוין...

ווירקנדיק איז שוין דער עמנואל־טעמפּל אין ניו־יאָרק אויף דער פריג־ציפּאַלער פינפטער עוועניו.

אַ הויכע מאַיעסטעטישע געביידע. דער אויסערלעכער אויסזען לאָזט דערקענען, אַז ס'איז אַ תפילה־הויז.

אָבער אינעווייניק, —

קלויסטער.

איך האָב שוין נישט איינמאָל באַזוכט קלויסטערס. די זעלבע שטי־מונג האָט מיך פאַרכאַפּט אויך אין עמנואל־טעמפּל. ביז דעם הויכן אַרויפצי־ציען זיך די קאָלירקע פענצטער. אין די צוויי זייטן פון דער בינע (דאָס דאַרף זיין די בימה) שטייען ברייטלעכע ווייכע שטולן און איבערן קאָפּ אַ צודעק, ווי אונטער אַ חופּה. קיין סך אַנדערש זעען נישט אויס די זעלבע ער־טער פאַר די גלחים אין די קלויסטערס.

דער סידור „געזאַנג און הימנען פון דער יידישער רעליגיע" איז דורכ־אויס אין ענגליש און צו אַלע תפילות זענען אויך געדרוקט די נאָטן.

וואָס ווילן זיי די דאָזיקע „רעפאָרמירטע״ יידן? ווער זענען די שעפער פון דער רעליגיעזער ריכטונג ביי יידן?

מ י ר קומט אויס:

זיי ווייסן נאָך נישט וואָס זיי ווילן. און אַז עס איז אַ ז ו י זאָגט אייך אויך דאָס וואָס אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין זייערע רייען אָנגעהויבן דעפינירן געוויסע שאַטירונגען, וועלכע האָבן גערופן זיך צו דערנענטערן צו דער רעליגיעזער יידישקייט — צו דער קאָנסערוואַטיווער ריכטונג וואָס איז אי ווייט און אי נאָענט צו דעם פרום־אָרטאָדאָקסישן יידנטום אין די פאַרייניקטע שטאַטן וואָס איז אָבער אויך ווייטלעך פון דער יידישער אָרטאָדאָקסיע וועלכע איז אונדז באַקאַנט פון דער אַלטער היים.

ס׳איז געווען צוערשט ווייניק די רעפאָרמירטע, דאָס אַרויסוואַרפן יעדע מין יידישקייט פון זייער היים, פון זייער טעמפּל.

„נהיה ככל הגויים״. דעריבער זענען זייערע טעמפּלען — אין קלויסטער־פאָרעם געבויט געוואָרן. האָבן זיי דעם שבת אויף זונטיק פאַרביטן. פאַרטריבן נישט נאָר יעדן סימן פון רעליגיעזיטעט, נאָר אויך פון נאַציאָנאַלן געפיל.

אייגנטלעך איז דאָך דאָס לעצטע געווען זייער עיקר.

מיר זענען אַמעריקאַנער. נאָר אַמעריקאַנער. אונדזער סידור, אונדזערע רעליגיעזע פירונגען, זענען נאָר אַביסל אַנדערשדיק — האָבן זיי געטענהט.

זענען אָבער געקומען אַנדערע צייטן: אַ יידישע מדינה, דער אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַלער געפיל. דורך ארץ פון שכנים, פון דער רעגירונג צו זייער יידישע מיטבירגער, צו דער יידישער מדינה, צו דער יידישער רעליגיע.

ביי די רעפאָרמירטע האָט גענומען די אויבערהאַנט דער נאַציאָנאַלער טייל.

אבא הלל סילווערס ריכטונג איז געקומען צום געזעלשאַפטלעכן אויסדרוק נאָר דורך אָט די קאַנאַלן.

מען האָט זיך אויפגעהערט צו שעמען צו זיין צו אַמעריקאַנער, אויך יידן...

(ס׳איז באַקאַנט געוואָרן סטיפן ווייזס זאָג: „אַן אַמעריקאַנער בין איך נאָר 40 יאָר, אַ ייד — שוין יאָרטויזנטער״).

מען האָט ווידער אַריינגענומען דעם שבת אין טעמפּל אַריין, אין שטוב און —

די „נאַציאָנאַליזאַציע״ ביי די רעפאָרם־יידן גייט אָן, גייט אָן... אונטערן דרוק פון דער צייט, פון באַדינגונגען — סיי אינערלעך יידישע, סיי פון די שכנים נישט־יידן.

איבערן גרויסן שטח פון דער נאָרד־אַמעריקאַנער רעפּובליק, אין טויזנטער ישובים, זעען זיך באַזונדערס אָן צווישן די שענסטע געביידעס די לוק־

סוס סינאַגאָגעס און טעמפּלען און ישיבות פון די יידיש־רעליגיעזע ריכ־טונגען.

אין אַט די געביידעס קומט אויף דאָס אייגנאַרטיקע יידישע לעבן אין אַמעריקע. פון אַט די געביידעס ציען זיך פעדים צו מיליאָנען יידן אין לאַנד, צו טויזנטער יידישע אינסטיטוציעס, כמעט צום גאַנצן יידישן לעבן.

נישט נאָר דער פּשוטער אַמעריקאַנער בירגער קען נישט באַנעמען, וואָס אַזוינס עס מיינט פאַר קליינע טיילן פון אַמעריקאַנער איינוווינער באַזונדערע שפּראַכן, באַזונדערע שולן, טעאַטער וכדומה אין דער צייט ווען די גרויסע, רייכע אַמעריקאַנער קולטור אין ענגליש נעמט אַלעמען אויף מיט די ברייטס־טע אָפענע אָרעמס, ווען שרייבער, קינסטלער, אַקטיאָרן, קענען שרייבן, שיל־דערן, שפּילן וואָס זיי ווילן, ווי זיי ווילן, וועמען זיי ווילן.

האָט איר זיך אַמאָל פאָרגעשטעלט אַז די פרייהייט פאַר וועלכע קליי־נע פעלקער און קולטורן איז פון אייביק אונטער גראַטעס געשמידט געווען, איז נאָכן אויסלייז געוואָרן די גרעסטע סכנה פאַר אַט די קולטורן?...

וועט מיר נאָך אויסקומען צו ריידן אויך וועגן אַנדערע מינים באַזוּגונ־גען אויף דער יידישער גאַס אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אויב איך שטעל זיך אָבער באַזונדערס אָפּ צוערשט אויף די רעליגיעזע טיילן, איז דאָס נאָר דער־פאַר, ווייל די באַוועגונג איז נישט נאָר געווען, איז און זעט זיך אָן וועט זייער לאַנג נאָך זיין די ווירדיקסטע ביי אַלע פעלקער און באַזונדערס ביי יידן, אומאָפּהענגיק אונטער וועלכע רעגירונגס סיסטעמען זיי זאָלן נישט אַרונטערפאַלן.

צי ראַטעוועט דער כוח פון דער רעליגיע דעם יידישן כלל באַזונדערס אין די תפוצות, און צי איז נאָך אַלץ נישט באַדראָעט דער קיום הישוב פון יידן אין אַמעריקע, דורך דער פרייהייט וואָס זיי האָבן —

וועגן דעם וועל איך שרייבן ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט.

# זיי ווע̇לן זיך טרעפן אין מיטן וועג

אין אַ לעצטן בריוו (א״נ „זמן געטאָתינו ביז חרותינו״) האָב איך זיך אָפּגעשטעלט נאָר אַ ביסל וועגן די רעפאָרם און קאָנסערוואטיווע ריכטונגען אין יידישן רעליגעזן לעבן אין צפון אַמעריקע.

נאַטירלעך זענען דאָס נאָר שטריכן־איינדרוקן. יעדע באַוועגונג באַזונדער האָט זיך אירע צעווייגטע ריכטונגען, שטרעמונגען, זאָרגן, ספקות און זוכענישן.

ניט נאָר די פאַרשיידענע אויסגאַבעס וואָס אַ סך טעמפּלען און סינאַגאָגעס גיבן אַרויס, — אויך צענדליקער ביכער פאַרנעמען זיך מיט פּראָבלעמען וואָס וועלן קיינמאָל אין לעבן ניט געלייזט ווערן, ווייל יעדע צייט שאַפט נייע באַדינגונגען אין וועלכע עס ווערן אויך צופאַסיק די רעליגעזע אויסדרוקן.

וואָס טוט זיך אין דער יידישער אָרטאָדאָקסיע? זענען זיי געבליבן ביי זייערע „באָרד און פּאות״־פירונג ווי אין די אַלטע היימען? האָט זיי דאָס נייע לאַנד, די נייע באַדינגונגען אויך געביטן? זענען זיי אויך אָנגערירט געוואָרן דורך דער סטראָ אהרא און אמעריקאַניזירט געוואָרן?

זיי טענהן: ניין!

אָבער פונדעסטוועגן וועלן זיי זיך ניט לאַנג שפּאַרן און מוזן נאָכגעבן, אַז עפּעס איז אויך ביי זיי ניט ווי געווען.

נאָר אין די גאָר גרויסע שטעט איז די אָרטאָדאָקסיע אַ גאָר באַדייטנדיקער און קענטיקער כוח. ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, דעטרויט, פילאַדעלפיע און אין מאָנטרעאל און טאָראָנטאָ פון קאַנאַדע.

זיי זענען אין די־אָ שטעט געשטאַרקט געוואָרן אַ דאַנק דעם צופלוס פון עטלעכע הונדערט טויזנט יידישע עמיגראַנטן אין די לעצטע יאָרן פון נאָך דער מלחמה.

אונגאַרישע, פּוילישע, רומעניש און אַפילו רוסישע יידן האָבן דאָ זייערע וואָרט־זאָגער, די רביים און אַנדערע כלי־קודש, יעדער רבי האָט זיך זיין „הויף״ און אָפּטמאָל ביי וויכטיקע יומא דפּגראָס, קען מען דערזען און דערפילן אַן אָפּשיין פון אַמאָל, אַמאָל...

צענדליקער ישיבות און שולן האָבן טויזנטער תלמידים און תלמידות וועלכע ווערן דערצויגן אין פרום־אָרטאָדאָקסישן גייסט.

אָבער נאָר אַ גאָר באַשיידענער פּראָצענט פון אָט־די לערן אַנשטאַלטן קענען זיך באַרימען, אַז זיי זענען דאָס די המשכיסטן פון זייער אַמאָל...

איינער פון די גרעסטע ישיבות (א״נ פון ר׳ יצחק אלחנן) פון דער אַמעריקאַנער אָרטאָדאָקסיע, געפינט זיך אין ניו־יאָרק.

בחורים ניט נאָר פון אַמעריקאַנע לערנען זיך דאָ. אויך עלטערן פון אייראָפּע און אַזיע שיקן דאָ זייערע זין לערנען.

איז די ישיבה זייער ווייניק ענלעך צו זיך אַליין.

איך רייד שוין ניט פון איר אויסערלעכן און אינערלעכן לוקסוס־פּאַר־נעמיקן געבוי, אויף דעם קען זיך דערלויבן נאָר אַמעריקע. אָבער די פּראָ־גראַם, די דערציאונג, די סביבה די לערערס — ווייט, ווייט פון דעם ווי מיר קענען זיך פאָרשטעלן.

דאָס כאַראַקטעריסטישע און אויבנאַויפיק צו באַמערקן אין דער אומגע־הייערער גרויסער חלק וואָס די אָנפירער (הרב בעלקין איז ראש ישיבה — דירעקטאָר בלעז), האָבן אויסגעטיילט צו וועלטלעכע לימודים וועלכע גלייכן זיך אין דער פּראָגראַם סיי מיט נאָרמאַלע און סיי מיט מיטעלע און אויך מיט העכערע שולן.

תלמידים זענען דערצו נאָך באַשעפטיקט מיט אַזעלכע לימודי חול ווי ס׳איז מאַלעריי, כאָר־געזאַנג, אָרקעסטער, ספּאָרט, און ווען מען וועט נאָך צוגעבן, אַז לעצטנס איז געגרינדעט געוואָרן אויך ביי דער ישיבה אַ מעדיצי־נישער פאַקולטעט אויפן נאָמען פון אַלבערט איינשטיין וואָס האָט אַלע רעכט וועט פאַרשטיין וואָס פאַרא גאַנג פאָראויס (און אפשר צוריק...) אויך דער שטרענג רעליגיעזער טייל פון יידן האָבן דאָ דורכגעמאַכט.

פאָרנדיק אין דער ליבערטי־סאַנאַטאָריע מבקר חולה זיין דעם ליבן דניאל טשארני, האָב איך אין וועג זיך דערוווסט וועגן עטלעכע בחורים פון אָט דער ישיבה א״נ ר׳ יצחק אלחנן.

איך זאָג דערוווסט, ווייל דערקענען איז ווי שווער. אויף צוויי וואָלט מען אַפילו גאָר געקענט שווערן, אַז זיי זענען ריינע אַריער...

אין דער אמתן, האָט מיר איינער פאַרטרויט, דאַרפן זיי טראָגן היטלען, נאָר אין אַזאַ זוניקן טאָג איז עס שווערלעך...

כ׳האָב ניט באַמערקט, אַז אין רעסטאָראַן זאָלן זיי שטאַרק מקפּיד זיין צי עס איז שטרענג כשר די אַכילה. צוויי זענען פון ישראל (סאַברעס), איינער פון פראַנקפורט און איינער אַ ניו־יאָרקער. אַלע האָבן זיך אויסגעלערנט יידיש ריידן אין ישיבה...

די רביים וועלכע לערנען מיט זיי גמרא זענען נאָך פון עלטערן דור און אויף ענגליש גמרא איז נאָך דערווייל שווערלעך צו לערנען.

דערווייל — ווייל דאָס ווערט שוין געטאָן אין אַנדערע מקומות.

זיי האָבן באַקומען די פּסח־וואָך אורלויב.

פאָרן זיי איצט אין האָטעלן אַרבעטן ווי קעלנערס.

נויטיקן זיי זיך אַזוי אין אַ דאָלאַר אַז זיי דאַרפן אַזש אַרבעטן אין זייער פרייער צייט?

— ניין. נאָר וואָס עס קומט צו — קומט ניט אָפּ.

איך ווייס פון גאָר רייכע דערוואַקסענע קינדער, וועלכע ווערן קעלנער אָדער פאַרקויפן אַפילו צייטונגען — אין זייער וואַקאַנס צייט.

טוען זיי דאָס זעלבע.

דער אַרום, די ניט־יידישע סביבה באַשווערט צו האַלטן זיך אין ענגע ראַמען.

גרינג איז דאָס געווען אין געטאָ. אין דערנידעריקונג, באַגרעניצונג.

דאָ זענען אַלע פריי.

נאָך קיינמאָל אין זייער געשיכטע האָבן יידן ניט געהאַט אַזויפיל פרייהייט ווי אין צפון אַמעריקע (פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע).

ס'איז שוין אַ נאַטירלעכע זאַך ווען גלחים קומען אין די שבתים ריידן צו יידן וועגן פאַרשיידענע געמיינשאַפטלעכע ענינים אין די סינאַגאָגעס און ווען רביים קומען אין די זונטיקס דאָס זעלבע טאָן אין די פאַרשיידענע טשוירטשס (קלויסטערס).

איינער פון די פּראָמינענטסטע רעליגיעזע פירער, הרב מאָריס אַדלער פון דער שערי־הצדק־שול אין דעטרויט האָט וווּנדערלעך און דרייסט אַרויס־געזאָגט פאַר מיר:

דער אַמעריקאַנער ייד ווייס פון הונגער איין טאָג אין יאָר — יום־כּיפּור, אָדער ווען ער האָט צו דער צייט קיין מיטיק ניט געגעסן.

ער האָט די גרעסטע פרייהייט און באַמערקט אַפילו אָפט ניט ווי ער ווערט אויס ייד.

כּדי צו ווערן אויס ייד דאַרף מען זיך ניט שמדן — די פרייקייט צו זיין וואָס און ווי מען וויל נעמט צו און וועט נאָך צונעמען פון יידישן ישוב באַדייטנדיקע טיילן. קיינער וועט זיי ניט צונעמען אַזוי ווי עס נעמט קיינעם ניט צו אַזעלכע בירגער וועלכע גייען אַוועק פון אַנדערע רעליגיעס.

דאָס איז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק.

וואָלטן זיי כאָטש געווען אַפּיקורסים, ניין. אויך דאָס זענען זיי צום באַדויערן ניט.

זיי זענען אפילו ניט קיין אַמעראַצים.

זיי ווערן אויס יידן און ווערן אויך ניט קיין גויים.

דער ניו־יאָרקער ייד איז נאָך ניט דער אַמעריקאַנער ייד. שווערער איז צו זיין אַ ייד אין די פּראָווינץ־שטעט.

רבאי אַדלער זאָגט ווייטער:

איך קען זיך פאָרשטעלן יידישקייט אָן כּשרות. דערפאַר אָבער האַלט

איך — אז לייענען אַ יידיש בוך — איז אַ רעליגיעזע פּאָרעם. (און דער־פּאַר איז דאָ אין דער שערי־הצדק־ביבליאָטעק אויך אַ רייכע יידישע בי־בליאָטעק).

דער אַמעריקאנער בירגער קען פאַרשטיין גוט נאָר די רעליגיעזע איי־גנאַרטיקייט פון זיינע שכנים אָבער ניט די קולטורעלע.

דעריבער: —

נאָר דורך דער רעליגיעזער טיר קענען מיר אויפהאַלטן אונדזער אייגנ־אַרטיקייט.

און ווי רבי מאָריס אַדלער גיט צו פאַרשטיין איז די רעליגיעזע טיר אַ ברייטע.

עס קענען אַהין אַריינגיין די פאַרשיידנסטע יידן — אויך וועלטלעכע, ניט־רעליגיעזע.

דעריבער איז די סינאַגאָגע, דער טעמפּל געוואָרן איצט דער צענטראַל־אָרט פון יידן אין אַלע גרעסערע און קלענערע ישובים. די רעליגיעזע לוק־סוס־בנינים האָבן אין זייער אינגעווייד אַ בית־תפילת אויף די גרויסע ימים־טובים און פייערלעכקייטן, אַ „בית מדרש־קטן" אויף אין מיטן דער וואָך. דערצו נאָך אַ זאַל אויף חתונות, בר מצוות און צום טאַנצן, אַ שול פאַר קינדער, אַ ביבליאָטעק, אַ יוגנט־צענטער, אַ קלוב.

יעדער ייד קען זיך דאָ געפינען. אויך דער וועלטלעכער, דער ניט רע־ליגיעזער.

לויט רבאי אַדלער קומט אויס, אַז די סכנות פאַר נאַציאָנאַלער אייגנ־אַרטיקייט זענען זייער גרויסע, כאָטש אַ גרויסער טייל פון דער יידישער יוגנט איז צוריקגעקומען. זיי זענען אַפילו בעסער ווי זייערע עלטערן.

אויב מיט יאָרן צוריק האָבן כמעט ווי ניט געטראָפן קיין פאַלן, אַז יידישע שילער זאָלן אין די אַמעריקאנער שולן נעמען יידישע טעמעס פאַר זייערע שריפטלעכע אַרבעטן, איז דאָס איצט אַ גאָר, גאָר אָפטע דערשיינונג.

גראָד די יידישע יוגנט באַזוכן די סינאַגאָגעס און די יידישע צענטערס. אָבער — די פרייהייט, די פרייהייט...

די אָרטאָדאָקסישע יידן ווערן ווייניקער. זייערע ישיבות און בתי־תפילות מוזן זיך צופאַסן צום נייעם לעבן.

עס וועט אויך ניט קענען בלייבן ווי די רעפאָרם־יידן האָבן געוואָלט און אַפילו ניט אין זייער איצטיקן רעפאָרמירטן רעפאָרם־לעבן.

עס וועלן אַוועקגיין צענדליקער יאָרן. עס זעען זיך שוין איצט די קאָנ־טורן פון וועג ביז דער רעליגיעזער טיר ווו עס וועלן זיך צוזאַמענטרעפן כלערליי יידן. ס'וועלן אָבער זייער פיל צו דער טיר ניט דערגיין.

אַנדערש וועט אויסזען אינעווייניק. צוזאמענטרעפנדיק — וועלן זיי זיך אינעווייניק פאַראייניקן.

אין אַמעריקע, האָט אַמאָל געזאָגט משה נאַדיר, זענען נישטאָ קיין אַלטע מענטשן און די וועלכע זענען אַלט, זענען אויך פון אַמאָל...

זיי ווערן ווייניקער.

די אַלטע געהערן שוין באַלד אויך צו דעם נייעם יונגן דור.

זיי ווייסן ניט פון קיין יוסף און אויך ניט פון קיין המן.

פריער, די לעצטע מלחמה, נאָכדעם די ישראל־מדינה האָט זיכער דערוועקט אַן אַ שיעור פרישע כוחות פאַר יידישקייט.

זיי זענען געקומען און קומען צום אויסדרוק אין מעשים און אין אַ געוויסער גייסטיקער אויפלעבונג.

איצט איז די הויפּט־פּראָבלעם פון צפון אַמעריקאַנער יידישן ישוב — ווי אַזוי צו שטאַרקן די כוחות. אויף וועלכן דרך זיי צו פירן.

300 יאָר יידישער ישוב אין די שטאַטן האָט דערהויבן די חשיבות פון יידישן פאָלק.

עס זענען פאַראַן גענוג כוחות די חשיבות דערהויבענער צו מאַכן.

כוחות פון פאַרשיידענע ריכטונגען: — רעליגיעזע און וועלטלעכע, קאָנסערוואַטיווע און ליבעראַלע כוחות אויף דעם יידישן סעקטאָר און גוואַל־דיקע אויף דער יידיש־ענגלישער גאַס. פאַראַן ניט ווייניק רעפּרעזענטאַטיווע פאַרפערשאַפטן וואָס וואָלטן באַדאַרפט האָבן רעפּרעזענטאַנץ.

מען דאַרף האָבן דער עיקר אַ סך ליבשאַפט.

אין איינע פון די ישיבות, וואָס איך האָב באַזוכט, האָב איך צום סוף געזאָגט דעם ראש הישיבה:

— כ׳האָב מורא איך זאָל אַמאָל ניט ווערן אייערער קיין חסיד.

— ניט מיראָה דאַרפסטו ווערן אונדזערער אַ חסיד — איז גיך געקו־מען אַ תשובה — נאָר מ א ה ב ה ...

מיט ליבשאַפט קען מען בויען דאָס יידישע לעבן אומעטום, די גאַנצע וועלט. זיי זענען פאַראַן די יידן.

# נישט אונטערגאַנג, נאָר איבערגאַנג

אַלע לענדער, אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן זייער אָנצאָליקע אָפּשטאַמיקע אין די פאַרייניקטע שטאַטן.

אין ניו־יאָרק, זאָגט מען, זענען פאַראַן מער איטאַליענער ווי אין רוים.

אין די שטאַטן זענען פאַראַן אַ סך, אַ סך מער ליטווינער וויפל ליטע האָט געהאַט אין די בעסטע צייטן פון איר געשיכטע.

און אין אָט דעם פעלקער־געמיש טיילט זיך באַזונדערס אויס דער איבער 5 מיליאָניקער יידישער ישוב.

די קאָלירקייט פון יידישן לעבן אין די שטאַטן לאָזט זיך אפילו נישט אַריינגעמען אין די פאַרבן פון אַ רעגנבויגן.

יידן זענען דאָ געקומען פון אַלע עקן וועלט, פון אַלע מדינות און מיטגעבראַכט פון יענע מקומות זייערע שפּראַך, קולטור און תרי״ג מצוות, און... עבירות.

דער יידישער ישוב איז דעריבער ווייט־ווייט נישט אַזאַ איינהייטלעכער ווי עס קענען און ווי עס זענען די אַנדערע פעלקער (דייטשן, פּאָליאַקן, רוסן, איירישע און אַנדערע).

די יידן פון דייטשלאַנד לעבן גאָר אַנדערש ווי די יידן פון פּוילן. די אונגאַרישע יידן לעבן זיך אַנדערש ווי די יידן פון די אַראַבישע לענדער.

איר קענט אויך נישט זאָגן, אַז אַלע יידן האָבן געוויסע אייגנאַרטיקע שטריכן, לויט וועלכע מען קען זיי פון אויסזען דערקענען. ניין, צי קען מען דען זאָגן, אַז צווישן די שוואַרצע, וועלכע דרייען זיך אַרום אין האַרלעם־נעגער־קוואַרטאַל געפינט מען נישט קיין יידן?

גייט אַריין אין דער סינאַגאָגע און איר וועט טרעפן שוואַרצע יידן.

צי מיינט איר, אַז די אַלע וועלכע זענען אין זייער לייב ווי פון קופּער געגאָסן זענען דורכויס אַראַבער? ניין. עס געפינען זיך צווישן זיי אויך יידן.

דעם אויבנאָן אָבער אין יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, אפילו ביז הייניקן טאָג, די אָנזעעוודיקסטע, זענען די יידן פון די מזרח־אייראָפּעישע לענדער.

איצט ווערן זיי ווייניקער.

דער מזרח־קוואַל איז פאַרשטאָפּט. קיין נייע קומען נישט צו — אָבער אין די שטאַטן זענען אויפגעקומען נ יי ע דורות.
זיי קומען איצט צום וואָרט און אויך צום טאָט.

**
*

— אפילו ווען אַ ייד גייט אָדער פאָרט איין מאָל אין יאָר אין סינאַגאָגע אַריין — איז ער שוין אַ ייד — האָט געפּרווווט פאַר מיר דעפינירן אַ ראַבאַי, וואָס דאָס איז אַזוינס דער נייער טיפּ ייד אין די שטאַטן — מען ווייס זיין אַדרעס. מען קען צו אים צוקומען. עס זענען פאַראַן האָפענונגען אים שטאַרקער צובינדן צום שורש.

האָבן די רעליגיעזע ריכטונגען אין יידישן לעבן פאַרהאַמעוועט דעם וועג פון אַנטלויף פון יידישקייט פון די אַסימילירטע וועלכע זענען ליידער נישט אין קיין קליינער צאָל פאַראַן אין די שטאַטן.

דעם־אַ געדאַנק ברענגט אין אַ קינסטלערישער פאָרעם אויך אַרויס שלום אַש אין זיין נאָך נישט פאַרעפנטלעכט ווערק „די בויערס פון אַ צעשטערטער וועלט". דער פערטער דור, אין גאַנצן אַן אַסימילירטער, קומט דאָך צוריק צו יידישקייט ווייל זיי טרעפן זיך אָן מיט דער יידן־פּראָבלעם אויף די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע, און אין די באַפרייטע קאָנצענטראַציע לאַגערן.

צי זענען אַלע יידן וועלכע ריידן נאָר ענגליש אַסימילירטע?

מיט יאָרן צוריק וואָלטן אַ סך יידן אָן ספק געזאָגט: יאָ.

נייע צייטן — און איצט זאָג איך אָן ספק: ניין!

מען קען זיין אַ ייד, און אַ הייסער ייד, און נישט ריידן יידיש אָדער העברעיש.

די סכנה אָבער פאַר די נישט־יידיש־העברעיש־ריידנדיקע צו ווערן אויס יידן זענען גרעסערע.

ברוך צוקערמאַן, דוכט זיך, האָט דעפינירט: דער וואָס רעדט יידיש איז אַ ייד, דער וואָס רעדט אויף אַן אַנדער שפּראַך קען זיין אַ ייד.

איז ווי זשע האַלט עס טאַקע מיט אָט דעם טייל יידיש־ריידנדיקע יידן? מיט ד ע ם טייל וואָס האָט געשאַפן און שאַפט עד היום אומגעהייערע ווערטן פאַרן יידישן פאָלק?

ווי שטאַרק איז זייער השפּעה?

האַלט עס טאַקע אַזוי שלעכט ווי מען רעדט, ווי טייל שרייבן?

שטייען מיר ביי דער שקיעה פון אַן אינטערעסאַנטער תקופה אין אונדזער לעבן?

**
*

אין זיין לעקציע צו דער געשיכטע פון יידישן געדאַנק, האָט ד"ר יעקב שאַצקי דערציילט וועגן איינעם אַ יידישן סטודענט, טעלער, וואָס

האָט מיט אַ הונדערט יאָר צוריק געשריבן צוקוקנדיק ווי אַן עלטערע יידישע פרוי בענטשט ליכט פרייטיק צונאַכטס, אַז ער איז זיכער, אַז די פרוי איז שוין די לעצטע ביי יידן וואָס בענטשט ליכט... אויך י. ל. גאָרדאָן האָט צו זיין ביטערן „למי אני עמל" אויסגערופן: „איך בין דער לעצטער פּאָעט וואָס שרייבט העברעיש"...

אַזוי האָבן זיי געטראַכט...

און די מאָמעלע געשיכטע האָט צוגעלאַכט...

זאָל מען דערמאָנען דערצו נאָך, אַז אב. קאהאן האָט מיט אַ וואָסערע 60 יאָר צוריק „וויסנשאַפטלעך" באַגרינדעט, אַז יידיש וועט אפשר, אפשר לעבן נאָך אַ 25 יאָר. און...

מיט 25 יאָר שפּעטער האָט זיך ערשט די יידישע ליטעראַטור פונאַנדער־געלעבט.

אמת איז: די יידישע קולטור־באַוועגונג אין די שטאַטן האָט זיך אַביסל איינגעקאָרטשעט.

אמת איז: אויסער באַדינגונגען, גאַנץ נאַטירלעכע, זענען אין דעם נישט ווייניק שולדיק די שרייבער און קולטור־טוער, אָבער...

נאָר לאָמיר צוערשט, כאָטש אויבנאויפיק, אַריינקוקן וואָס עס טוט זיך אין יידישן לעבן. אפשר וועט עס אונדז בעסער געבן צו פאַרשטיין ביים קלאָר מאַכן אונדזער ענין:

די איסט־סאַיד אין ניו־יאָרק איז נישט קיין אייביקייט, ווי טייל יידן האָבן געמיינט. אַמאָל האָבן אין דעם געגנט געוווינט גרויסע טיילן פון ניי־געקומענע יידן. דאָ האָט מען זיך געבויט, געגרינדעט שולן, צייטונגען, בתי מדרשים, ספרים־האַנדלונגען, כשרע רעסטאָראַנען, פאַרלאַגן און אַנדערע אינסטיטוציעס.

און אַזוי ווי אין ניו־יאָרק, אַזוי האָבן זיך יידן קאָנצענטרירט אין איי־גענע קוואַרטאַלן אויך אין אַנדערע שטעט.

איצט וווינען שוין אויף די יידישע „איסט סאַידס" אין אַלע שטעט כמעט אַנדערע: איטאַליענער, פּאָרטאָריקאַנער, שוואַרצע, ווייניק יידן זענען דאָרט געבליבן. עס זענען געבליבן נאָר די יידישע געשעפטן. עפּעס ווי נישט אויף זייער אָרט זענען געבליבן די רעדאַקציעס.

די יידישע איינוווינער האָבן זיך אַריבערגעמופּט (איבערגעצויגן) אין רייכערע שטאָט־טיילן. טייל יידישע אינסטיטוציעס געפינען זיך שוין אויף דער רייכסטער פינפטער עוועניו. מען האָט נישט מיטגענומען פון דער איסט־סאַיד נישט נאָר דאָס אַלטע מעבל, נאָר אויך נישט די שולן, טעאַ־טערס, בתי מדרשים, די מנינים...

די רייכע אַמעריקאַנער קולטור האָט פאַרכאַפּט די יידישע יוגנט. די עלטערן האָבן גערן געשיקט זייערע קינדער אין די לערן־אַנשטאַלטן געניסן פון עץ הדעת.

יידישקייט איז געוואָרן אַ באַלאַסט פאַר אַ טייל און דער צווייטער טייל האָט ווייניק געטאָן כדי זיך צו פאַרפאַנצערן קעגן דער סכנה.

נישט דער עלטער שפּילט דאָ די הויפּטראָל. דער עיקר: נאַכלעסיקייט, צעריסנקייט און — צוריקציען זיך פון דער פראָנט־ליניע.

איך בין געווען אין ניו־יאָרק ווען עס איז צום צווייטן מאָל פאַרמאַכט געוואָרן דער „מאָרגן זשורנאַל".

האָט מען די 50יאָריקע צייטונג געדאַרפט פאַרמאַכן?

טויזנט מאָל: ניין!

איבער 30 טויזנט לייענער האָט די צייטונג געהאַט און דערצו נאָך אַ כסדרדיקע מעגלעכקייט אירע לייענער — צוליב די ניי־אָנקומענדיקע רע־ליגיעזע פּליטים — צו פאַרמערן.

די באַזע, די לייענערשאַפט, איז געווען אַ געזונטע. אויך אַנאָנסן האָט די צייטונג געהאַט.

— נו?

איז די באַלעבאַטישקייט אין דער צייטונג געווען אַ שווידערלעך־פּאַ־טאַלע. וואָלטן קורחס אוצרות אויך נישט געהאָלפן איר אויפצוהאַלטן.

און ווען מען טוט אַ קוק ווי פּוילישע, איטאַליענישע און דייטשע טאָג־צייטונגען אין די שטאַטן דערשיינען רעגולער אין זעלבן פאָרמאַט און ביי ווייניקער אַנאָנסן און ביי אַ סך אַ קלענערן טיראַזש, ווי די יידישע — רייסט דאָס האַרץ, שרייט:

— פאַרוואָס, פאַרוואָס האָט מען דערלאָזט אונטערגראָבן אַזאַ וויכ־טיקע פּאָזיציע אין יידישן לעבן?

און ס'רייסט דאָס האַרץ ווען מען ווייסט נאָך, אַז אויך אין די איצטי־קע צוויי טאָג־צייטונגען איז די ווירטשאַפט נישט קיין סך בעסערע.

אַמאָל, דערמאָן איך זיך, אין פּוילן, האָבן שרייבער, זשורנאַליסטן גע־וווינט איבערן גאַנצן שטח פון לאַנד. זענען דערשינען גוטע צייטונגען נישט נאָר אין דער הויפּטשטאָט נאָר לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק, לעמבערג, גראָדנע און אַנדערע ערטער האָבן געמעגט שטאָלצירן מיט זייערע פּאָ־זיציעס.

אין די שטאַטן וווינען כמעט אַלע שרייבער און זשורנאַליסטן אין ניו־יאָרק. (נאָר די קראַנקע און שוואַכע וווינען אין די זומער־געגנטן).

וואָרטן שיקאַגאָ, דעטראָיט, פילאַדעלפיע, לאָס אַנדזשעלעס אויף אַקע־רער, אויף גוטע שרייבער, זשורנאַליסטן, אַדמיניסטראַטאָרן. מען קען דאָרט לכל־הפחות אַרויסגעבן גוטע וואָכן־צייטונגען.

וואָרט מען. די טעג פאַרוואַנדלען זיך אין יאָרן און נעמען מיט מיט זיך די בעסטע מעגלעכקייטן.

נישטאָ קיין בעלנים צו פאַרקויפן דאָס יידישע, העברעישע בוך.

איבערן לאַנד פאַרן אַרום אָן אַ שיעור מאַשינעס וועלכע האָבן אין זיך ביכער־אויסשטעלונגען און אויספאַרקויפן. מען ווייזט דעם בירגער ביי זיין שטוב אַלטע און נייע אויסגאַבעס. מען גיט אים אַלע מעגלעכקייטן, די פּראָפּאַגאַנדע טוט דאָס מעגלעכסטע און די פאַרלאַגן מאַכן גוטע געשעפטן.

איך ווייס, אַז מיטן יידישן בוך איז אַ סך, אַ סך שווערער. אָבער אַבסאָלוט נישט האָפענונגסלאָז, ווי אַנדערע ווייזן.

ראַדיאָ און טעלעוויזיע האָבן שלעכט געווירקט אויך אויפן ענגלישן טעאַטער. דאָך וואָלט מען געקענט אויך דאָס יידישע טעאַטער נישט נאָר דערהאַלטן, נאָר פאַרפיינערן, פאַרבעסערן.

הייסט עס, אַז אויב מען וואָלט געוואָלט...

יאָ. גאָר גרויסע טיילן פון יידישן ישוב ריידן און לעבן זיך אויס אין יידיש. עס פעלט אָבער איניציאַטיוו, עקשנות די זאַך צו אויסברייטערן, פאַרטיפן, פּאָפּולאַריזירן.

נאָך קיינמאָל נישט ווי איצט האָט די יידישע קולטור געהאַט אַזעלכע אָנהענגער, ליוב־מענטשן, ווי גראָד צווישן די ענגליש־יידישע אינטעלעקטואַלן.

עס זענען אָבער ליידער ווייניק פאַראַן יידיש־יידישע אינטעליגענץ, וועלכע זאָל די מעגלעכקייט אויסנוצן.

עס קומט אויף אין די שטאַטן אַ רייכע יידישע קולטור אין ענגליש. מען דאַרף די דערשיינונג שענקען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.

צענדליקער ענגליש־יידישע וואָכנצייטונגען, וויכטיקע זשורנאַלן און אָן אַ שיעור ביכער פון וויסנשאַפטלעכן און קינסטלערישן כאַראַקטער דערשיינען.

נישט באַדויערן דאַרף מען אַזאַ דערשיינונג, נאָר פירן עס אויף ריכטיקע נאַציאָנאַלע וועגן.

אמתע, יידישע גוטע קולטור־אַרבעט אין ענגליש איז נישט קיין שטער צו דער אויסברייטערונג, אַקטיוויזירונג און פאַרטיפונג פון יידיש־סעקטאָר.

יידן זענען נישט קיין אויסנאַם אין דעם גרויסן, וווּנדערבאַרן שמעלצאויוון פון דער רייכער קולטור וואָס פּראָגרעסירט כסדר אין די שטאַטן.

אויף צענדליקער שפּראַכן ריידן, שרייבן, לערנען, דרוקן און קומען צום אויסדרוק אין די שטאַטן פאַרשיידענע פעלקער און שבטים.

עס איז מער ווי נאַטירלעך וואָס זיי ווערן באַווירקט פון דער אַלגעמיינער קולטור, פון דער נייער וועלט אין וועלכער זיי געפינען זיך און דאַרפן זיך צופּאַסן.

אַ טייל פון עלטערן דור, וועלכע לעבן מיטן פאַרגאַנג מיינען, אַז זיי גייען צום אונטערגאַנג. זיי זעען אָבער נישט, די נייע מעגלעכקייטן וועלכע האָבן זיך געשאַפן אין די נייע, פרייע באַדינגונגען פאַר זייער נאַציאָנאַלער קולטור. נישט ווילנדיק אָפּטרעטן אויף אַ קוצו של יוד פון זייערע פאַרגאַנ־

געגע יאָרן אין די אַלטע היימען — נעגירן זיי דאָס ניי־שאַפנדיקע, די נייע ווירקלעכקייט.

זיי זעען נישט וואָס אַ גרויסער טייל פון דער אַמעריקאַנער אינטעלעקטועלער וועלט זעט:

דער חותם פון דער אַמעריקאַנער קולטור אויף די קולטורן פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין לאַנד זענען קאָלאָסאַלע, די איינפלוסן, ווירקנדיק.

אונטער אָט דער ווירקונג פאַרשווינדן אין גאַנג פון יאָרן, נישט ווייניק אייגנאַרטיקייטן פון די קלענערע קולטורן.

דאָס קומט אין רעזולטאַט פון שווערן וועג וואָס די קלענערע קולטורן האָבן דורכצומאַכן אין גאַנג, בעסער געזאָגט — אין איבערגאַנג צו זייער פאַרטיפטער און, גלייכצייטיק טיילווייז אַנדערשדיקער, קולטור.

דער איבערגאַנג צו פאַרטיפטער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט איז ניט קיין לייכטער.

עס ווענדעט זיך נאָר ווי קעמפנדיק עס איז די אינטעליגענץ וואָס פירט די מאַסן, כדי זייער קולטור אין דער איבערגאַנגס־צייט אויסצוהיטן פון ערנסטע צעטרייסלונגען.

דער רעזערוואַר פון דער יידישער אינטעליגענץ און פאָלקס־כוחות אין די שטאַטן איז אַ גרויסער און פאַרשיידנאַרטיקער.

איך גלויב, אַז זיי וועלן אויך די איבערגאַנגס־צייט פון דער יידישער קולטור־אַנטוויקלונג, דאַרפן דערברענגען צו אַ נייעם אויפגאַנג.

# פון פערנוואַלד ביז פערנוואַלד

צוערשט ציט דאָס האַרץ קיין ניו־יאָרק. ווער האָט עס דאָרט ניט קיין קוזין כאָטש, קיין באַקאַנטע, קיין לאַנדסלייט? און אויב אפילו ניט קיין באַקאַנטע, — זענען דאָך אין דער ריזנשטאָט פאַראַן איבער צוויי מיליאָן יידן, כן ירבו, וועט זיך דען נישט געפינען צו וועמען צוצושפּאַרן?... ווער עס זאָל דערלאַנגען אַ האַנט אין אַן עת־צרה?

און ווען די טויזנטער „דיפּיס" קומען אָן צו די ברעגן פון האַדסאָן און די אַלט־באַקאַנטע פרייהייטס־סטאַטוע גיט זיי אָפּ דעם ברייטן שלום־עליכם, הייבט אָבער מיטאַמאָל אָן צו שרעקן ניו־יאָרקס הינטערגרונט:

ריזיקע וואָלקנקראַצערס. דערנאָך ווערט מען אַ טיילכל אין מאַשינעלן טעמפּאָ. פּרוווט מען זוכן פריינד, איז שווער זיי אויסצוגעפינען. געפינט מען זיי אויס — זענען זיי ניטאָ...

אין „האַיאַס"־האָטעל ווילט זיך צו לאַנג ניט זיצן. אויף צו דינגען אַ דירה און צו דער דירה און צום לעבן האָט מען צו ווייניק מיטגעבראַכט.

ניט זעלטן ווייניקער פון ווייניק...

אָ ווי אומפאַרשטענדלעך דאָס איז: אין דער אַכט מיליאָניקער ניו־יאָרק קען מען זיך געפינען עלנטער, איינזאַמער ווי אין אַ שטעטל ערגעץ אין פּוילן צי אין רומעניע.

און דער אַרום קאַכט. לעבט. אַרבעט. סמבטיונט.

זעלטן קען מען גלייך געפינען אַרבעט לויט דער ספּעציאַליטעט. צו דעם דאַרף מען האָבן געדולד און ווען מען קריגט שוין אַזאַ אַרבעט — פּאָדערט עס אויך ניט די קענטענישן וועלכע מען האָט געבראַכט פון דער היים — קלוגע מענטשן האָבן זייער חכמה אין מאַשינען אַריינגעגעבן, פאַרבייט עס מיט נאָך מער פּרעציזקייט מענטשלעכע הענט און פיס, פיזישע און גייסטיקע אָנשטרענגונג.

צוערשט האָבן „גרינע" געלאַכט פון די פאָרשלאַגן אַרויסצופאָרן אויפן דאָרף, זיך איינאָרדענען אויף אַ פאַרם.

— צו דעם בין איך געקומען אין אַמעריקע, כדי פאַרוואָגלט צו ווערן אין אַ דאָרף? אויף דער עלטער גאָר ווערן אַ פּויער און האָדעווען הינער? פאַרקויפן אייער און צו היטן די הינער זאָלן גוט לייגן?

די די־פּיס פון פערנוואַלד ביי מינכען און פון אַנדערע לאַגערן האָבן זיך גאָר, גאָר אַנדערש פאַרגעשטעלט.

נאָר מען זאָל ניט געפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געוווינט ווערן.
ווי וווּנדערלעך עס קירעוועט אָפּטמאָל דאָס לעבן.

אַ שעה פאָרן מיט אַ קאַר (קאָטש) פון ניו־יאָרק געפינט זיך דער פאַר־מער־ישוב **וו ו ד פ ע ר ן.**

אויב איר וועט איבערזעצן דאָס וואָרט אויף דייטש וועט ער הייסן פּינקטלעך **פ ע ר נ וו אַ ל ד.** (פערן איז איינע פון די פּיל בלומען־מינים).

און אין אַ שבת־טאָג בין איך מיט מיין פריינד חיים פּופּקאָ אַרויסגע־פאָרן קיין פערנוואַלד ביי ניו־יאָרק, וווּ עס לעבט אויף אַ פאַרם זיין שוועס־טער־משפחה, און מיין חברטע רחלע פּופּקאָ, מיט וועמען איך האָב זיך גע־זען אין ווילנער געטאָ.

רחלע פּופּקאָ איז געווען אַ באַקאַנטע לערערן אין ווילנע, איר מאַן (מע־לעזין) איז געווען אַ דאָצענט אין ווילנער אוניווערסיטעט. האָבן זיי זיך ווען פאָרגעשטעלט, אַז זיי וועלן זיך פאַרנעמען ווען עס איז מיט פאַרמעריי? מיט האָדעווען עופות? —

נאָר אויף וואָס פאַר אַ וואָגן מען פאָרט, אַזאַ לידל זינגט מען — און די ביידע יידישע אינטעלעקטואַלן האָבן זיך איינגעלעבט און האָבן פאַרגע־ניגן פון דער הינער־וועלט וואָס רינגלט זיי אַרום. אויך מיך האָבן זיי אין דער וועלט אַריינגעצויגן... און אַז איך האָב זיך עטוואָס באַקענט מיט די טויזנטער הינער, — האָט אין מיר שוין באַצייטנס אָנגעהויבן נאָיען אַ בענק־שאַפט צו זיי... דעריבער בין איך צופרידן ווען איך באַקען אַביסל ווענן אָט דער וועלט אויך מיינע לייענער.

כדי צו מאַכן אַ לעבן פון אַ הינער־פאַרם, מוז מען האָבן זעקס טויזנט הינער. מען ברענגט זיי אויפן פאַרם אין טאָג פון זייער געבוירן אין ספּעציע־לע שאַכטלען. ערשט ווען אַ הון ווערט זעקס חדשים אַלט, הייבט זי אָן צו געבן פּרנסה, — זי לייגט זיך. זי לייגט אייער פון 12 ביז 15 חדשים און דאַן בעט מען איר מוחל זיין, עס וואַרט דער קצב... אמת, זייער פליייש איז ניט קיין שטאַרק באַטעמטע (באַטעמטע הינער טאָרן זיך ניט לייגן...), אָבער אָרעמעלייט וועלן דאָס אויך אויפעסן...

אַ גאַנצער וויסנשאַפטלעכער און טעכנישער אַפּאַראַט פון דער רעגי־רונג שטייט צו דער דיספּאָזיציע פון די פאַרמערס: הינער־דאָקטוירים, ראַט־געבער, וואָכן־ און חודש־זשורנאַלן, ספּעציעלע ביכער און צענדליקער פיר־מעס לייגן פאָר יעדן טאָג נייע, אויסגעבעסערטע מאַשינען, שפּייז און אַנ־דערע איינריכטונגען פאַר הינער־צוכט.

„די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט — דער הון!“ — אַבי נאָר זי זאָל געבן די 180 אייער אַ יאָר. און אַז ביי די פּופּקאָס אין ווודפערן האָבן זעקס טויזנט הינער אַרויסגעגעבן אין 1952 53 טויזנט טוץ אייער, הייסט עס, אַז דער

פלאַן צו האָבן איין דאָלער הכנסה פון אַ הון אַ יאָר האָט זיך איינגעגעבן. דעריבער טוט מען אַלץ כדי צו האָבן וואָס מער הינער.

דער פריינד מעלעזין פירט מיך אַריין צו אַ „הינער־דיוויזיע" און מען דאַרף ניט זיין קיין גרויסער בקי צו דערזען ווי עס טיילן זיך אויס פון ווייסן האָפערדיקן הינער־ים אַ פּאָר קראַנקע נעבעך... די קעפּעלעך זענען איינגעזניר־רעט. די אויגן אויסגעלאָשענע און דער פייער פון די קאַמען איז ראָז־בלאַסיק, קוים־קוים וואָס זיי נעמען אין מויל אַריין.

און אָט ווערט אַ גערודער. דער מעכאַנישער זייגער סיגנאַליזירט: הי־נער צו דער אכילה! און די גאַנצע בריגאַדע שטייט ביי דער שמאָל־לאַנגער קאָריטע ווו עס ווערט זיי מאַשינעל דערלאַנגט פרישינקע, ספּעציעל־צוגע־ריכטע שפּייז. די פאַבריקאַנטן האָבן שוין אַלץ געטאָן, אַז אין עסנוואַרג זאָל זיך געפינען גענוג וויטאַמינען, אַז דאָס שפּייז זאָל זיין נאַרהאַפט און גע־שמאַק, — ווייל וואָס טוט מען, אַז די הינער וועלן ניט גוט עסן? וועלן זיי דאָך געבן ווייניקער אייער.

— אַ שאָד, אַ שאָד — טראַכט איך צוזענדיק די עס־פּאַראַדע — וואָס מענטשן לייגן נישט קיין אייער.

איך בין מקנא די הינער וועלכע ווערן אַזוי פּאָטערלעך באַזאָרגט און וואָס מען האָט פון זיי אַזויפיל צער, טאָמער חלילה עסט ווער פון זיי ניט גיט, אָדער ניט גענוג. איך בין מקנא וואָס דער פאַרמער איז אויף דער זייט פון די שוואַכע הינער און זעט, אַז עס זאָל הערשן שלום אין די ריזיקע הי־נער־שטיבער.

דער פאַרמער ווייס, אַז נאָר אין זיין זאָרג איז געווענדט די הינער זאָלן זיך לעבן גוט. כדי אויך ער און זיין פאַמיליע זאָלן מאַכן אַ שיינעם לעבן. דעריבער איז אויך דער פאַרמער צופרידן וואָס די הינער נעמען זיך וואַקאַ־ציע, און טאָמער ווערט אַ הון חלילה ניט געזונט אָדער עס דראָעט אַ מחלה אין דער מחנה — זענען שוין צוגעגרייט מעדיצינישע מיטלען — פּאָקן, פאַרשידענע איינשפּריצונגען א״אַנד.

ס׳וועט באמת זיין אַ קלוגע שאלה פון די לייענער:

— אויב מען ברענגט אין טאָג פון געבוירן די הינדעלעך צום פאַר־מער, ווי אַזוי דערקענען די פאַרמער וואָס פּראָדוצירן די הינדעלעך (אַ באַ־זונדער ספּעציאַליטעט) ווער ס׳איז אַ זכר און ווער אַ נקבה?

אויף דעם, ווייזט זיך אַרויס, זענען פאַראַן ספּעציאַליסטן, און נאָר יאַ־פּאַנער, וואָס נאָר זיי ווייסן דעם סוד פון סעקסן — פון אונטער־שיידן ביים געבוירן די זכרים־העגער און נקבות־הינער.

די סעקסער, די יאַפּאַנער זענען שטיין־רייך פון דער פּרנסה, קאָנקורירן מיט זיי קען מען ניט.

אַלץ וואָלט שוין געווען גוט אין דער הינער־וועלט — איין זאַך נאָר: קיין בית־עולם האָבן זיי ניט...

נאָך װודפערן האָב איך באַזוכט די געגנט פון דער שטאָט װײַנלאַנד (3 שעה פאָרן פון ניו־יאָרק) װוּ עס געפינען זיך די עלטסטע יידישע קאָלאָניסטן פון צפון־אַמעריקע אָרגאַניזירט פון דער ייק״א.

איצט געפינען זיך דאָ טױזנט מיט צװײ הונדערט יידישע פאַרמער־משפחות, פון װעלכע אַ העלפט זענען געװעזענע פּאַרטיזאַנער, קאַצעטלער און פון געטאָס פאַרבליבענע.

יעדע משפחה האָט נאַטירלעך אַן אײגענע שטוב און דעם גאַנצן אינװענטאַר פאַר הינער־צוכט. זיך אײַנצואָרדענען אויף אַזאַ אופן האָט מען באַדאַרפט ביז 25 טויזנט דאָלער. כמעט קײנער האָט די סומע ניט מיטגעבראַכט. עס האָבן אָבער געהאָלפן קרובים, די ייק״א און די רעגירונג מיט הלוואות און — איז דען פאַראַן אַ פּראָדוקט װאָס מען זאָל ניט קענען קויפן אויף קרעדיט?

כ׳האָב געהאַט אַ פאַרגעניגן צו באַזוכן די פאַרמס פון מײַנע װילנער חברטעס מוסיע דײַכעס (די אַמאָליקע װוּנדער־קינד־טענצערן), מירע סװערדלען־ברוידא, פון די חברים נאַדעל, בײַדער, קאַגאַן, גורעװיטש און צענדליקער אַנדערע װעמען איך האָב געטראָפן אין דער מלחמה און נאָך דער מלחמה אין פאַרשידענע װאַנדער־װעגן.

יעדער פאַרמער מוז האָבן מינדסטנס אײן קאַר (קאָטש), די מערהײט האָבן אָבער צו אַ קאַר אויך אַ גרעסערן אויטאָמאָביל, (כאָטש די סחורה קומט מען צו זײ אָפּנעמען).

די שטיבער זענען געבויט מאָדערן, ליכטיקע, גערוימע, טעלעװיזיע פאַרבינדט זײ מיט דער װעלט. און װען מיר האָבן זיך נאָך מײַן קאָנפערענץ פאַר זײ, דורכגעשמועסט, האָב איך געפילט, אַז זײ זענען מ ע ר װי צופרידן װאָס ניו־יאָרק האָט זײ קאַלט אויפגענומען.

די װאַרעמקײט האָבן זײ דאָ געפונען, אין װײַנלאַנד. נאָר זײ װעלן צו זײער מאַטעריעלן קיום פאַרפעסטיקן אויך זײער יידישע גײַסטיקײט. — װעלן זײ זײַן אַ געזעלשאַפטלעכער געװינס ניט נאָר פאַר דעם יידישן ישוב אין די פאַרײניקטע שטאַטן.

# אין קאַלטן קאַנאַדע איז וואַרעם

פאַר מלך ראַוויטשן

איך האָב אין קאַנאַדע געהערט זייער אָפט דאָס ווערטל: אייראָפּע איז דער נ ע כ ט ן פון דער וועלט.

דאָס צפונדיקסטע לאַנד אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט, קאַנאַדע, איז אַ סך גרעסער אין שטח ווי איר מעכטיקער שכן — די פאַראייניקטע שטאַטן. די באַפעלקערונג פון קאַנאַדע איז נאָך אָבער ווייט אפילו צו דערגרייכן די צאָל פון 20 מיליאָן.

וואָס אַ מויל קען נאָר אויסריידן פאַרמאָגט קאַנאַדע, מען דאַרף נאָר קומען און נ ע מ ע ן. האָט דעם מזל, דער שכן, צו ווען עס ציען מיליאָנען ווייליקע צו קומען, און נישט קאַנאַדע, וועלכע האַלט אירע טויערן גאַנץ ברייטלעך צעעפנט.

סיבות? געוויס אויך צוליב דעם וואָס דאָס לאַנד איז אַ סך, אַ סך יאָרן געווען אונטער ענגלישער הערשאַפט און האָט צוליב דעם זיך נישט געקענט פריי אַנטוויקלען, וואָס די פּריוואַטע איניציאַטיוו אין האַנדל, מלוכה און אינדוסטריע פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט יאָ יעדן יחיד געגעבן. איך ווייס נישט צי דער צפונדיקער קלימאַט איז אין דעם אויך שולדיק. סוף כל סוף איז דאָך קיין לאַנד אויף דער וועלט נישט געבוירן געוואָרן אַן אויסגעבויטע, אַ פּרוכטבאַרע און מיט אינדוסטריעס.

איצט קומט שוין דאָס לאַנד צו זיך. אמת, פאָרמעל, איז נאָך קאַנאַדע אַ דאָמיניע פון דער ענגלישער אימפּעריע און אין צייטן פון נאַציאָנאַלע יום־טובים פלאַטערט זיך הויך די פאָן פון איר קעניגלעכער מאַיעסטעט און מען זינגט דעם הימן „גאָט שיץ די קעניגין“, אָבער פאַקטיש איז עס אַן אומאָפּהענגיק לאַנד מיט אַן אייגענער רעגירונג און געוויילטע, פּאַרלאַמענטאַרישע הייזער.

צו קאַנאַדע האָבן יידישע וואַנדערער נישט געהאַט קיין גרויס חשק. אַ טייל פון די, וועלכע זענען אַהין אָנגעקומען האָבן זיך דערנאָך אַריבערגעצויגן אין די פאַראייניקטע שטאַטן. פונדעסטוועגן האָבן זיך דאָך באַוויזן צו פאַרוואָרצלען אין לאַנד איבער אַ פערטל מיליאָן יידן פון וועלכע איבער 30 טויזנט עס זענען אַריינגעקומען נאָך דער לעצטער מלחמה.

איבער צענדליקער גרעסערע און קלענערע שטעט און ישובים זענען

צעשפּרייט די יידן אין קאַנאַדע. גענוג צו זאָגן, אַז כדי אָנצוקומען פון דער שטאָט מאָנטרעאָל אין דער שטאָט וויניפּעג דאַרף מען האָבן געדולד אַ גור־טע דריי מעת לעת ביז וואַנען דער עקספּרעס־באַן וועט אייך ברענגען אַהין און אויב נאָר איר איילט זיך, קענט איר צו וויניפּעג דערגרייכן אין אַן אַעראָפּלאַן אין 5—6 שעה.

איך בין געווען נאָר אין די ערשטע צוויי גרעסערע שטעט פון קאַ־נאַדע, אין מאָנטרעאָל און טאָראָנטאָ. אין וועג האָב איך אויך נישט אויס־געמיטן די צוויי קלענערע שטעט האמילטאָן און ווינדזאָר. די צוויי חדשים וואָס איך האָב אין קאַנאַדע איבערגעלאָזן זענען געווען פאַר מיר פון די אָנ־גענעמסטע.

אין די חדשים אַפּריל און מאַי ווען איך בין דאָרט געווען, האָט שוין יעדער איינגענאַפּטאַלינעוועט די קאַלאָשן און דאָס שאַליקל, די קוטשמע און דאָס ווינטער לייבל וואָס געהערן צום קאַלטלעכן ווינטער אָנטועכץ. דער פרילינג אין קאַנאַדע נעמט נישט נאָר צו דעם שניי און אייז פון די גאַסן און פעלדער, נאָר אויך דעם אייז פון האַרץ. און אַז צו דעם פאַלט מען נאָך אַריין אין די יידישע אינטעגראַלע שולן וואָס האָבן אין זייערע ווענט 500, 600 און אפילו צו טויזנט קינדער און צו דעם אַז מען גייט אַריין אין דער איינציקאַרטיקער פאָלקסביבליאָטעק און אין נאָך אַנדערע אינסטיטוציעס — ווערט טאָקע זוניק און וואַרעם אויפן האַרצן און אין די רמח גלידער אפילו אין די ווינטערדיקסטע טעג.

די טאָל און בערגיקע מאָנטרעאָל פאַרמאָגט ביז 80 טויזנט יידן כן ירבו. און כאָטש די צאָל איז אַ ביז גאָר באַשיידענע אין פאַרגלייך מיט אַנ־דערע שטעט אין דעם איבער 5 מיליאָניקן יידישן שכנותדיקן ישוב, דאָך האָט די עקזעקוטיווע פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין ניו־יאָרק באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן איר גרויסן צוזאַמענפאָר וואָס דאַרף פאָר־קומען אין מאַי פון קומענדיקן יאָר — אין מאָנטרעאָל. ווייל מאָנטרעאָל — זענען די פאַרבאַנד־טוערס געקומען צו דער איינשטימיקער מיינונג — איז די יידישסטע שטאָט אויפן צפון־אַמעריקאַנער קאָנטינענט. (פאַר זיך האָב איך געטראַכט: אויך פון דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט! אַרגענ־טינע נישט אויסגעשלאָסן).

איך בין געקומען קיין מאָנטרעאָל נאָר אויף עטלעכע טעג צו האַלטן איין פאָרטראַג. געבליבן בין איך דאָרט איבער אַ חודש און געהאַט 10 פאָר־טראַגן. מיין אומרו נישט צו בלייבן צו לאַנג אויף איין אָרט האָט געמוזט און מיט פרייד, נאָכגעבן.

דאָס וויכטיקסטע וואָס דאָס יידישע מאָנטרעאָל פאַרמאָגט און מיט וואָס די שטאָט איז די סאַמע ערשטע אין אַ ל ע תפוצות ישראל, זענען די אינטעגראַלע שולן אין יידיש, העברעיש און יידיש־העברעיש. דאָס גיט די גרעסטע האָפענונגען, אַז די יידישע יוגנט וועט נישט נאָר נישט אָפּ־

געפֿרעמדט ווערן פֿון אונדז, נאָר וועט אויך אויסוואַקסן אין אַזאַ יידישער אינטעליגענץ וואָס וועט פֿעיִק זיין איבערצונעמען די אָנפֿירונג אויף די פֿאַרשיידנסטע געביטן פֿון יידישן לעבן. דער קאַמף קעגן דער השפּעה פֿון דער פֿראַנצויזישער אָדער ענגלישער קולטור אויפֿן יידישן ישוב איז אַ סך אַ לייכטערער ווי אין אַמעריקע, ענגלאַנד אָדער פֿראַנקרייך. צוליב דעם וואָס די ביידע קולטורן פֿירן צווישן זיך אַ גאַנץ העפֿטיקן קאַמף פֿאַר השפּעה איבער דער באַפֿעלקערונג, געניסט אַ דריטע קולטור־באַוועגונג — די יידישע. אָבער דאָך מוז דער אָפּוועהר־קאַמף געפֿירט ווערן. אויף וויפֿל דער נצחון איז אויף דעם יידישן צד, איז דאָס זיכער צו פֿאַרדאַנקען די אויסגעצייכנטע פּעדאַגאָגן שלמה ווייסמאַן, דונסקי, יעקב זיפּער, מגיד און די אויסגעצייכנטע פּערסאָנאַלן לערערס, וועלכע האָבן נאָך זייערע קענטענישן פֿון מזרח־אייראָפּעישע קוואַלן געשעפּט.

די יידישע שול־טוערס אין די שטאָטן און קאַנאַדע האָבן צו אַנדערע שוועריקייטן אויך אַ באַזונדערע שוועריקייט וועלכע איז נאָך פֿרעמדלעך אין די דרום־אַמעריקאַנער יידישע ישובים: די ברכה וואָס די באַפֿעלקערונג ווערט פֿאַרמעגלעכער, איז בפּרט פֿאַר די יידישע קולטור טוערס ווי אַ קללה.

אויב עס האָט נישט קיין זאָרגן די נישט־יידישע באַפֿעלקערונג וואָס ווערט פֿאַרמעגלעכער און קלייבט זיך אַריבער אין שענערע און אייגענע הייזער אין בעסערע געגנטן, אַז די רעגירונג וועט זיי אויף די נייע ערטער באַזאָרגן מיט די געהעריקע אנשטאַלטן (שולן, ביבליאָטעקן אדג״ל), האָבן אַזעלכע זאָרגן י אַ די יידישע קולטור־טוערס. דאָס אַריבערקלייבן (מופֿן) זיך שאַפֿט אומגעהויערע שוועריקייטן. גוטע און טייערע בנינים בלייבן פּוסט אָדער מוזן פֿאַרדונגען צי פֿאַרקויפֿט ווערן פֿאַר שפּאָט ביליקע פּרייזן, ווייל די באַפֿעלקערונג וואָס האָט זיי גענוצט, איז שוין אַריבער אין אַן אַנדער אָדער אפילו אַ נ ד ע ר ע געגנטן.

מאָנטרעאָל איז נישט קיין אויסנאָם. דער צענטער פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג האָט זיך געצויגן לענג־אויס דעם עספּלאַנאַדע עוועניו שטח. דאָ קאָנצענטרירן זיך אויך איצט די שולן, אַנדערע אינסטיטוציעס, וווינונגען און אויך קלייטן פֿון יידן. די לעצטע יאָרן שאַפֿן זיך אָבער נייע יידישע וווין־קוואַרטאַלן. ווו נעמט מען מיטלען צו בויען דאָרט די געהעריקע אינסטיטוציעס?

איז ווייסט איר דאָך די געשיכטע פֿון יענעם ייד וואָס האָט נישט געהאַט קיין גראָשן ביי דער נשמה צו דעקן דעם דאַך איבער זיין הייזקע... — ער האָט פֿון צרות זיך געשטעלט בויען נאָך אַ הויז...

האָט מיך איצט געפֿוייט אַ בריוול פֿון שרייבער, און באַקאַנטן פּעדאַגאָג יעקב זיפּער וואָס איז פֿאַרוואַלטער פֿון די פּרץ־שולן אין מאָנטרעאָל: „ס'איז אָנהייב שוליאָר — שרייבט פֿריינט זיפּער — צוגעקומען אַ גרויסע

צאָל קינדער. געעפנט אַ נייע שול אין אַ געגנט ווו אַ יידיש וואָרט ווערט זעלטן געהערט. מיר פילן זיך דאָרט ווי יידישע מיסיאָנערן. ס׳איז שווער. אָבער דאָס געפיל פון אויפרייסן פרישן באָדן שטאַרקט. עס פילט זיך אַ בעסערע שטימונג פאַר יידיש לעצטנס. אפשר וועט געראָטן אויך צו פאַרטרייבן דעם דעפּיטיזם וואָס עסט אַ סך פון אונדזערע מענטשן... היינטיקע וואָך עפנט מען דעם נייעם בנין פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק מיט אַ ריי שמחהלעך״.

אויסער אין ישראל, האָב איך נאָך דער מלחמה נישט באַמערקט אין ערגעץ אַזאַ עכטן יידיש־שטייגער־לעבן וואָס דערמאָנט אין די אַמאָליקע היימען, ווי אין מאָנטרעאָל. צו די שולן גיבן צו קאָליר צו דער יידישקייט פאַרשיידענע ישיבות פון פוילישע, אונגאַרישע, רומענישע, טשעכישע און רוסישע יידן. פּריוויט־צונאַכט קווענקלען זיך אפילו אַ סך וועלטלעכע אינסטיטוציעס איינצואָרדענען אונטערנעמונגען כדי נישט מחלל שבת זיין. אין שבת קודש זעט מען פלאַטערן איבער די גאַסן די אַטלאַסענע קאַפּאָטעס פון די באַפּאהטע, באַבאָרדטע און באַשטריימלטע יינגערע און עלטערע יידן. 3־4־יאָריקע קינדער שפּילן זיך פאַר די שטיבער, — זענען זייערע קעפּעלעך צוגעדעקטע און פון אונטער די היטעלעך קרייזלען זיך אַרויס לאַנג, לאַנגע פּאותלעך. אין די פּריוויט־צונאַכטסן און אין די מלווה מלכה־פאַרנאַכטן טראָגן זיך ניגונים פון קאָצק, פון מאָדזשיץ, פון גער, פון מונקאַטש.

אין ערגעץ איז אויך נישט אַזוי שטאַרק די באַוועגונג פון לערנען און ריידן העברעיש ווי אין מאָנטרעאָל. דער אָנפירער פון דער הסתדרות עברית, אַן אַביטוריענט פון אַ ווילנער תרבות־סעמינאַר (קראָניק דוכט מיר), האָט אויף דעם געביט באַוויזן וווּנדער אויפצוטאָן.

עס איז אויך טעטיק אַ יידיש־העברעיִשער לערער־סעמינאַר בראש פון וועלכן עס שטייט אַ נישט־לאַנג געקומענער אינזשעניער פון סאָוועטנפאַרבאַנד, אַ דאָרטן געבוירן און דערצויגענער (ד״ר סלאַווין). דער דירעקטאָר פון סעמינאַר, ד״ר סלאַווין, שטאַמט פון די באַרימטע ליובאַוויטשער, וועלכע זענען די לעצטע צייט באַרימט געוואָרן אַ דאַנק זייער עקשנותדיקער איבערגעגעבנקייט צו דער יידישער אמונה און צו אירע אָנפירערס, וועלכע די סאָוועטנמאַכט פאַרפאָלגט און פאַרניכטעט שוין איבער דריי צענדליק יאָר. ד״ר סלאַווין רעדט נאַטירלעך אַן אויסגעצייכנטן יידיש, העברעיש און איז אַ דאַנק זיין טאַטן, אַ גוטער קענער אויך אין אַלע ספרי קודש. ער איז זיכער, אַז ווען דער סעמינאַר וואָלט געהאַט מער מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, וואָלט עס געקענט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסער אינסטיטוציע.

די אויגן פון אַלע אינסטיטוציעס זענען געווענדט צו דער רעפּרעזענטאַנץ פון קאַנאַדער יידנטום, צום „קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס״. דער קאָנגרעס איז אויך באַקאַנט דער וועלט צוליב זיין גוטער אַקטיוואַציע צווישן יידן און אויך פאַר יידן כלפי חוץ. דער קאַנאַדער קאָנגרעס דיספּאָנירט מיט

גרויסע פאַנדן פון וועלכע עס געניסן דאָס רוב פון די יידישע אינסטיטוציעס. אמת איז, אַז די אָנפירונג פון קאָנגרעס איז אַ געוויסע צייט געווען ווייטלעך פון די קולטור און שטייגער־באַדערפענישן וועלכע זענען געקומען פון די פריש־געקומענע יידן פון מזרח־אייראָפּע, אָבער איצט ווערט די לאַגע געבעסערט, זאָגט מען, וועט עס ווען אין גאַנצן געבעסערט ווערן וועט עס זיין אַ ברכה סיי פאַרן קאָנגרעס און סיי פאַר דעם ישוב. דער פּרעזידענט פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, ה׳ בראָנפמאַן, איינער פון די רייכסטע יידן אין דער וועלט (גיט נאָר אויף יידישע הצטרכותן ביז 380 טויזנט דאָלאַר אַ יאָר), צוזאַמען מיט די אַקטיווע עקזעקוטיוו־מיטגלידער ווי די פריינט גארבער, הארווי, לערמער, דירעקטאָר הייס, ראַביי לעווין — האָבן אַ סך מי אַריינגעלייגט כדי אויפצוהאַלטן דעם קאָנגרעס אין זיין איצטיקן צושטאַנד. מיט ליבשאַפט ווערט כסדר דערמאָנט די פּערזענלעכקייט פון פאַרשטאָרבענעם טוער קייזערמאַן.

אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אין קאנאדער יידישן לעבן, דער עיקר פאַר די ניי־געקומענע, פאַרנעמט די האיאס־אָפּטיילונג וועלכע שטייט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון יונג־ענערגישן דירעקטאָר קאזשדאן. אַ סך פון די איבער 30 טויזנט ניי־איינגעוואַנדערטע האָבן צו פאַרדאַנקען דעם האַיאַס־אָפּטייל נישט נאָר פאַר זייער אריינפאָר, נאָר אויך פאַר דירעקטער הילף ביים איינאָרדענען זיך אין גאַנצן לאַנד.

זעלטן ווער עס איז באַקאַנט, אַז אין קאנאדע דערשיינען אויך צוויי יידישע טאָג־צייטונגען. אין דער יידישער וועלט איז יאָ באַקאַנט דער „קענעדער אָדלער״, וואָס דערשיינט אין מאָנטרעאָל. אָבער איך קען זיך נישט גלויבן, אַז איך זאָל צושרייבן מיין אומוויסן אין נישט וויסן, אַז אויך טאָראָנטאָ האָט אַ יידישע טאָג־צייטונג „יידישער זשורנאַל״. איך מיין, אַז דאָס נעמט זיך פון צופיל, אויך אָרעמלעכן, לאָקאַליסטישן כאַראַקטער פון „זשורנאַל״. אַ שאָד. דער „קענעדער אָדלער״ איז נאַטירלעך אַ סך בעסער (האָט אויך גוטע מיטאַרבעטער: רעדאַקטאָר י. ראַבינאָוויטש, מיטאַרבעטער י. מדרש, מ. גינזבורג), אָבער די ניו־יאָרקער יידישע טאָג־צייטונגען וועלכע קומען אין קאַנאַדע דעם זעלבן טאָג קענען דרייסט קאָנקורירן אויך מיט דעם ווייניק לעבעדיקן „קענעדער אָדלער״. צו די טאָג־צייטונגען דערשיינט נאָך דריי מאָל אַ וואָך אַ יידישע צייטונג אין וויניפּעג (רעדאַקטאָר — זעלטשין), אַ וואָכנצייטונג „קענעדער נייעס״ אין טאָראָנטאָ (רעדאַקטאָר — גלאָוואצקי) און אַ ריי פּאַרטייאישע אויסגאַבעס, וועלכע דערשיינען נישט רעגולער.

# די וועלט פון מאָרגן

אין דער בעסטער לאַגע געפינט זיך אין קאַנאַדע ענגליש. די שפּראַך און קולטור שפּאַרט דורך טיר און טויער סיי פון די פּאַרייניקטע שטאַטן און סיי פון עבר לימדיקן ענגלאַנד. נאָר די קוויבעק־פּראָווינץ ווו עס געפינט זיך די הויפּטשטאָט פון קאַנאַדע, אָטאַוואַ, און די צווייטע, מאָנטרעאָל, איז אַ פראַנצויזיש־ריידנדיקע און שטאַרק־קעמפנדיקע קעגן דער ענגלישער השפּעה.

איז אין דעם אויך פאַראַן פּאָליטיק:

צווישן די ענגליש־ריידנדיקע האָט נישט די קאַטוילישע קירך קיין השפּעה. ווו די שפּראַך ווירקט הערט אויף צו ווירקן דער קאַטאָליציזם ווע־מענס אָרט עס פאַרנעמט די פּראָטעסטאַנטישע קירך.

בעל־הבית איז דער פראַנצויזישער קלער אויף די פראַנצויזיש־ריידנדי־קע. די ירושה ציט זיך נאָך פון די פראַנצויזן, וועלכע האָבן אַ צייט לאַנג גע־האַט די פּאָליטישע מאַכט איבערן לאַנד און האָבן שפּעטער צו די מאַכט פאַר־לוירן לטובת ענגלאַנד.

די פראַנצויזן אין קאַנאַדע זענען נישט קיין חסידים פון היינטיקן פראַנק־רייך. דאָס לאַנד איז ווייניק צנועהדיק, צו פריי „געזאָגען". זיי זענען גוטע פּאַטריאָטן פון קאַנאַדע (דער פּרעמיער מיניסטער פון קאַנאַדע איז אַ פראַנ־צויז) אָבער זיי, בעסער געזאָגט, דער קלער זייערער, וויל איינהאַלטן פּאָ־זיציעס, וואָס איז צום בעסטן דורך דער פראַנצויזישער שפּראַך.

אין אַ נאַציאָנאַלן רעגירונגס יום־טוב קען מען זען אין די שטעט און ישובים פון דער קוויבעקער פּראָווינץ אויסגעצירטע געביידעס און פלעצער מיט פיר פאַרשיידענע פענער: די קאַנאַדישע, די ענגלישע, פראַנצויזישע און ישראלישע. די פענער פלאַטערן אין דער צעזוניקטער לופט און פרייען זיך וואָס זיי און אַלע בירגער לעבן זיך אַזוי בשלומדיק, רואיק און פריינטלעכע אונטער איין דאַך פון דער קאַנאַדער מלוכה. עס רופט ביי קיינעם נישט אַרויס קיין שום פאַרדאַכט ווען מען הערט זינגענדיק צו דעם קאַנאַדער הימן אויך דעם ענגלישן „גאָט שיץ די קעניגין", די פראַנצויזישע מאַרסעליעזע, אָדער די יידישע התקווה.

אין קאַמף פאַר השפּעות פון ענגליש און פראַנצויזיש האָט געוווּנען שטאַרק די יידישע קולטור, קאָליר און זאַפט פאַר דער יידישער קולטור האָבן

צוגעגעבן די צענדליקער טויזנטער ניי־געקומענע יידן וועלכע האָבן זיך צע־שפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד.

די מערהייט פון די ניי־געקומענע געפינען זיך אין די צוויי גרעסטע שטעט פון לאַנד מאָנטרעאָל און טאָראָנטאָ. זיי זענען אָבער אויך פאַראַן אין וויניפּעג, אָטאַווא, ווינדזאָר, האַמילטאָן, האַליפאַקס, קאַלגארי, וואַנקאָווער און — ווו נישט? אין יידישן לעבן וואָלטן די „גרינע" געקענט פאַרנעמען אַ וויכטיקערן אָרט ווי זיי פאַרנעמען, אָבער דער ווילן פון „אַרויפאַרבעטן" זיך גאָר גיך, פון „מאַכן" אַמעריקע, האָט זיי דערווייל דערווייטערט פון כלל־אַרבעט. נאַטירלעך איז דאָס נישט קיין כלל, ווייל צווישן די לערערס אין די יידישע שולן זענען שטאַרק אָנגעזען די ניי־געקומענע (גרויס־דאָרף, ריינהאַרץ, גראָסמאַן, טענצער, דאוואַנג, מלאָטעק און אַנדערע). אויך די קינסטלערס (די זינגערס גיסער, שענקער, אַקטיאָרן ריינגלאַס, יונג, דאָ־רא וואַסערמאַן למשל) זענען אַקטיוו, און —

עס איז געוויס אויך נישט קיין צופעליקייט וואָס אין מאָנטרעאָל האָבן זיך קאָנצענטרירט, די וויכטיקסטע, דוכט מיר, שרייבער־גרופּע נאָך ניו־יאָרק צווישן וועלכע עס זענען פאַראַן מלך ראַוויטש, רחל קאָרן, נ. י. גאָט־ליב, יעקב זיפער, חוה ראָזענפאַרב, יחיאל שטערן, א. אייזען, איידע מאַ־זע, פּרץ מיראַנסקי, פּ. טרעפּמאַן, ג. זאַק, י. סימכאָוויטש, לאַדסקי, און אין טאָראָנטאָ — י. ראַבינאָוויטש, נ. שמן, ב. ווינד, א. און מ. ריינהאַרץ, ג. פּאָמעראַנץ.

דאָס איז אַ זייער בכבודיקע גרופּע וואָס וואָלט געקענט ביי אַ געהערי־קער אָרגאַניזאַציע זייער פיל אויפטאָן. טוט אַ געוויסע אַרבעט דער ליטע־ראַטן פאַריין, גיט אַ שרייבער פון צייט צו צייט אַרויס אַ בוך, עס איז אָבער נאָך נישט די טעטיקייט אויף וועלכע עס וואַרטן מיט גרויס אומגעדולד אַ סך, אַ סך איבערגעבעבענע פריינט און קאָלעגן פון דער דערמאָנטער שרייבער־גרופּע. די פּרוּוון אַרויסצוגעבן אַ געהעריקע ליטעראַרישע אויסגאַבע זענען געבליבן גוטע דערמאָנונגען און זכרונות.

נאַטירלעך פעלן נישט אין דער קאָלירקייט פון אַקטיוויטעטן אויך פאַר־טייאישע ווירקונגען. די נאָענטקייט מיט ניו־יאָרק פאַרלייכטערט די אַרבעט פון די פאַרטייען און פון זייערע קרובישע אינסטיטוציעס. אייגענע בנינים מיט פאַרצווייגטע טעטיקייטן זענען צום קאָנטיקסטן ביי דעם נאַציאָנאַלן אַר־בעטער פאַרבאַנד מיט דעם הסתדרות־אָפּטייל וועלכע ווערן באַווירקט פון דער פּועלי־ציון־התאחדות און ביי דעם אַרבעטער־רינג מיטן אַרבעטער־קאָמיטעט, באַווירקט פון בונד און פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער פאַרטיי פון די שטאַטן. אין טאָראָנטאָ ווירקט באַדייטנדיק די פאַרטיי פון לינקע פּועלי־ציון אין יידישן לעבן. זייער פאָלק־שול אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן פּעדאַגאָג מענאַכאָווסקי האָט דעם שענסטן שול־בנין. אַרום דער שול זענען גרופּירט אַ היפּשע צאָל איבערגעגעבענע טוערס.

מיט יאָרן צוריק האָט אין קאַנאַדע שטאַרק געווירקט צווישן יידן דער סטאַליניזם. אין פּאַרלאַמענט־וואַלן איז פון די יידישע ווינקוואַרטאַלן שטענ־דיק אויסגעוויילט געוואָרן אַ יידישער קאָמוניסט (אגב דער אייינציקער קאָ־מוניסט וואָס איז אין קאַנאַדע געוויילט געוואָרן). אָבער דער דעפּוטאַט איז באַשולדיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש פאַר רוסלאַנד און איז פאַרמשפט גע־וואָרן אויף זעקס יאָר תּפיסה.

צום שבח פון קאַנאַדער ישוב איז ווערט אונטערצושטרייכן, וואָס נישט די גאַנצע קולטור און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז, ווי אין אַרגענטינע, אין איין שטאָט. אַן עכטער, וואַרעמער יידישער ישוב, ווי אין מאָנטרעאָל, איז פאַראַן אין ווינעפּעג. אַן אַקטיווער לעבן איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר טאָראָנטאָ מיט אירע 60 טויזנט יידן. אמת, דאָרט איז עס פיל שוואַכער ווי אין מאָנטרעאָל, אָבער אָן אַן ערך קענטיקער פאַר אַ ראָזאַריאָ וואָס איז די צווייטע גרעסטע יידישע קהילה אין אַרגענטינע.

מען איז שטאַרק באַזאָרגט, אָבער דאָך ווערט אין קאַנאַדע גאַנץ גוט פאַרשפּרייט אַ יידיש בוך. דער קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס סובסידירט אָפט דאָס אַרויסגעבן אַ ווערק. יידיש טעאַטער איז דאָ נישט קיין זעלטנקייט. אין מאָנטרעאָל האָב איך געהערט 2 יידישע כאָרן פון פאַרבאַנד און פון אַרבע־טער־רינג וועמען יעדער ישוב וואָלט געדאַרפט מקנא זיין.

יידישקייט האָב איך דערפילט אויף אַ פוטבאָל־מאַטש אין מאָנטרעאָל ווען עס האָבן געקעמפט די מאַנשאַפט „הכּוח" קעגן אַן איטאַליענישער עלפטל. טויזנטער, טויזנטער צושויער האָבן באַלאַגערט דעם פלאַץ און זענען געווען פאַרקאָכט אין שפּיל. אויסגעצייכנט האָבן זיך די הכּוח־שפּילער, וועלכע האָבן, אין זייערע ווייסבלויע ספּאָרט־אַנצוגן און מגן־דודס, כסדר באַדראָט דעם קעגנערס טויער. צווישן די צושויער זענען געווען באַטירלעך אַ גרויסע צאָל יידן און זיי, צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל פון נישט־יידן האָבן „געריסן" וועלטן, אַז „זייער" מאַנשאַפט זאָל געווינען. און צום סוף, נאָכן שפּיל, דער־וויס איך זיך, אַז גאַנצע 10 פון די 11 הכּוח־שפּילער זענען נישט קיין יידן... און נאָך אַ זאַך: אין דער איטאַליענישער מאַנשאַפט געפינען זיך דווקא יאָ עטלעכע יידן... מען דערקלערט, אַז די פוטבאָל־קאָמאַנדעס זענען צום גרעסטן טייל פּראָפעסיאָנעלע. די ווייסבלויע אַנצוגן און דער „הכּוח"־נאָמען ציט קאַסע... טאָ פאַרוואָס זאָל נישט זיין „הכּוח"?...

דאָס לאַנד ווייסט נישט פון קיין נויט. איז אויך דער צוזאַמענלעבן פון די בירגער, פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס אַ גוטער. אמת, דער לעבנס־ניוואָ איז אַ נידעריקערער ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן (די פאַרדינסטן קלענערע און פרייזן אויף אינדוסטריעלע אַרטיקלען — העכערע), געלערנטע אָבער פאַרזיכערן, אַז אויב קאַנאַדע וועט קענען דערגרייכן כאָטש די צאָל פון 30 מיליאָן, (איצט איז פאַראַן 15 מיליאָן) וועט זי איבערשטייגן דעם לעבנס־ניוואָ פון איר רייכן שכן. דערווייל אָבער מוז מען זיך צומאָ־

טערן צוליבן אויספעל פון מענטשן־מאַטעריאַל. אין די פאַרמס בלייבן די עלטערע. די יוגנט גייט אין די שטעט — זיך לערנען אָדער אין דער אינ־דוסטריע, איז איצט פאַר קאַנאַדע דאָס וויכטיקסטע צו האָבן וואָס מער מענ־טשן וועט אַלץ זיין. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז פאַר די לעצטע יאָרן האָבן זיך אין קאַנאַדע באַזעצט 65 טויזנט בירגער פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

אַ גוואַלדיקער מאַנגל פילט קאַנאַדע אויך אין פּראָפעסיאָנעלער אינטע־ליגענץ. דערפאַר זענען די הויכשולן פול מיט דערוואַקסענע. פּריינט מענאַ־כאָווסקי, וואָס האָט אין דער וועלט צעשפּרייט זיינע הונדערטער תלמידים איז שטאָלץ פון דעם וואָס ער איז געוואָרן אַ סטודענט אין טאָראָנטער אוני־ווערזיטעט. פּריינט אַרטור לערמער, אַן אַביטוריענט פון ווילנער יידישן לע־רער־סעמינאַר, וואָס האָט זיך באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פון ווילנע, אין 1940, האָט שוין באַוויזן נישט נאָר צו ענדיקן דעם אוניווערזיטעט אין מאָנטרעאָל, נאָר אפילו צו ווערן דעקאַן פון אַ פּראָפעסאָרן־קאָלעגיע אין דאָרטיקן אוני־ווערזיטעט. אין די הויכשולן אין קאַנאַדע און אין די פאַרייניקטע שטאַטן דערפילט מען זיך יונג אפילו ווען מען זעט צווישן די סטודענטן אַזויפיל גראָע קעפּ.

פון טאָראָנטאָ פאָרנדיק אויף אַ לעקציע קיין האַמילטאָן האָט מיך מיין ווילנער געטאָ־חבר פאַרפירט צום ניאַגאַרא וואַסערפאַל.

— וואָס דו האָסט געזען אַמאָל אין חלום — האָט מיר געזאָגט מיין חבר לוסיק אַבראַמאָוויטש — וועסטו זען איצט אויף דער וואָר.

און את חטאתי אני מזכיר: ביים וואַסערפאַל האָב איך פון גרויס הנאה פאַרגעסן פון אַ יידישער וועלט, פאַרגעסן אין זאָרגן.

אָ, וויפל פאַנטאַזיעס דער וואַסערפאַל האָט אַרויסגערופן אין די שול־יאָרן... שטיי איך איצט פאַר איינעם פון דער וועלטס וווּנדער און פיל ווי די אייביקייט וואָלט דאָ וווינען. דאָ איז קיין זאַך נישט פאַרבייגייענדיק, ווי מענטשן ווילן איינריידן. אפשר נאָר דער מענטש...

דורך אונטערערדישע היילן אָנגעטאָן אין ספּעציעלע וואַסער־בגדים פירט מען אונדז צו זיין פנים אל פנים, פה אל פה מיטן וואַסערפאַל.

מעכטיקע ווענט־שטראָמען דונערן אייביק פון אויבן אין טאָל אַרונ־טער. „אייזערנער פאָרהאַנג״? איז דען נישטאָ קיין מעכטיקערער, שטאַרקע־רער, נישט דורכדרינגלעכער פאָרהאַנג ווי אַן אייזערנער? אַ נו, חכמים אַן אַ ברעג! זאָל ווער ווייזן די קונץ און זיך אַדורכרייסן דעם וואַסער־פאָרהאַנג אין ניאַגאַרא? —

און אפשר טראַכט איך מיר, וויל דאָס וואַסער באַווייזן דער וועלט, אַז אייזן איז גאָר נישט אַזוי איי־איי־איי... עס קען אויך ראָסטן, זשאַווערן?...

# אין קעניגרייך פאַר יידישקייט

די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאָל, וואָס האָט צו איר 40־יעריקער עקזיסטענץ זיך אַריינגעקליבן, מיט גרויס יום־טוב אין אַן אייגן ספּעציעל־געבויטן בנין, איז פון די אייגנאַרטיקסטע קולטור־אינסטיטוציעס וואָס זענען פאַראַן ביי יידן.

אין די 40 יאָר (געגרינדעט אין 1914) האָט די ביבליאָטעק דורכגעמאַכט אַ כסדרדיקן באַרג אַרויף אין איר טעטיקייט. שוין אַלט זייענדיק 6 יאָר האָט זיך שוין די אינסטיטוציע געפונען אין אַן אייגענער היים. גיך אָבער ווערט די היים צו ענג און פון 1930 ווערט שוין פּאָפּולער דער נייער אַדרעס פון דער ביבליאָטעק, אויף עספּלאַנאַדע עוועניו 4099.

איך האָב נאָך פאַרכאַפּט צו זיין אין אָט דער געביידע און צוזאַמען מיט מיטאַרבעטער מיטפּילן די ערב־יום־טובדיקייט פון דאַרפן זיך אַריבערקלייבן אין דעם נייעסטן בנין וואָס איז אַן אמתער קולטור־פּאַלאַץ אַפילו קעגן ענלעכע בנינים אויף דער נישט־יידישער גאַס.

ס׳איז נישט נאָר אַ ביבליאָטעק לויט דעם ווי דער נאָמען זאָגט. אמת, דער ספר פאַרנעמט דאָ דעם חשובסטן, אָנגעלייגטסטן פּלאַץ, מיט די איבער 40 טויזנט בענד, אָבער ביכער אָן לייענערס זענען דאָך ווי מענטשן אָן נשמות. ווערט געשאַצט דער אויפטו פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק קודם־כל אין איר רייכן, אַקטיוון מענטשן־רעזערוואואַר וואָס האָט פאַרוואַנדלט די אינסטיטוציע אין אַ קיניגרייך פון דער יידישער קולטור.

זייענדיק אין מאָנטרעאָל קענט איר נישט נ י ש ט באַזוכן די ביבליאָטעק. און אַז איר קומט דאָס ערשטע מאָל, ציט עס אייך כסדר ווידער דאַרט צו זיין. אין די דרייצן שעה אין טאָג און נאַכט וואָס די טירן פון דער אינסטיטוציע זענען אָפן אַ גאַנצע וואָך פאַר די געניסער גייען און זיצן דורך הונדערטער יידן. נישט איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך זיץ גאָר אין דער באַרימטער ווילנער סטראַשון־ביבליאָטעק.

אָבער פאָליצעס מיט ביכער און באַלייגטע טישן אין לייען־זאַל מיט די נייסטע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן אין פאַרשידענע שפּראַכן, וואָלטן ווייניק וואָס געצויגן מענטשן צו זיך, ווען נישט די וווּנדערבאַרע סביבה וואָס רינגלט דאָס אַלץ אַרום.

די סביבה, — דאָס זענען קודם־כל די אָנפירערס און די מיטאַרבעטערס פון ביבליאָטעק.

מיר דוכט, אַז זיי זענען אויך די באַווירקער און סטימולירערס פאַר די גרויסע צאָל איבערגעגעבענע טוערס — חסידים און בויערס פון דער אינס־טיטוציע.

אָפיציעל איז מלך ראַוויטש נאָר דער פאַרוואַלטער פון פאָלקס־אוניווער־זיטעט ביי דער ביבליאָטעק, אָבער אַלע פילן, אַז ער איז דער גייסט פון דער אינסטיטוציע.

זיך דערלערנען ווי אַזוי צו פירן אַ פאָלקס־אוניווערזיטעט, ווי אַזוי אים צו פּאָפּולאַריזירן און שאַפן וואָס מער באַזוכער, ווי אַזוי אים צו מאַכן צו־ציענדיק, אינטערעסאַנט, באַלערנדיק — דאַרף מען נאָר ביי דעם מייסטער אין דיכטונג, פּראָזע און... אָרגאַניזאַציע — מלך ראַוויטש.

געשיכטע און היינטצייטיקייט, שפּראַכן און ליטעראַטור־קענטעניש, מו־זיק און עקזאַקטע וויסנשאַפט זענען אין פאָלקס־אוניווערזיטעט געוואָרן אייגן יעדן צוהערער.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין די אַפּריל־טעג אין מאָנטרעאָל.

האָב איך נאָר אין די באַשיידענע רוימען פון דער ביבליאָטעק דערפילט וואָס דאָס הייסט אויף אַ ווירדיקן אופן דערמאָנען די אומקום און ווידער־שטאַנד־תקופה ביי יידן אין דער לעצטער מלחמה.

אין גרעסטן זאַל און דערבייאיקע צימערן זענען געווען אויסגעשטעלט אַלע דערשינענע אויסגאַבעס, אין פאַרשידענע שפּראַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער גרוילצייט. צו די אויסגאַבעס זענען געווען אויך אויסגעשטעלט, אין אַ געהעריקער פאָרעם, פאַרשידענע מוזעאַלע וויכטיקייטן וואָס די ביבליאָטעק פאַרמאָגט. אַלץ איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט גרויס פּיעטעט. די באַזוכערס און בפרט די קינדער־באַזוכערס האָבן באַקומען די געהעריקע אויפקלערונגען און עס האָט זיך געפילט, אַז עפּעס גרויס׳ס האָט די אָנפירונג פון דער בי־בליאָטעק אויפגעטאָן דערמיט. אָבער צו דער אויסשטעלונג האָט נאָך דער פאָלקס־אוניווערזיטעט אָרגאַניזירט אַ ציקל פון 10 לעקציעס וועגן חורבן און ווידערשטאַנד אין די געטאָס, לאַגערן און פּאַרטיזאַנקע, און די לעקציעס זע־נען געהאַלטן געוואָרן אויסשליסלעך פון די וועלכע האָבן דאָס אַלץ איבער־געלעבט.

אַ הייליקייט האָט געשוועבט איבער די צוהערערס וועלכע האָבן אָנגע־פילט יעדע לעקציע אין זאַל.

דאַרף מען צוגעבן, אַז דער טאָן־געבער פון דעם אַלעם איז געווען מלך ראַוויטש?

איך האָב זיך ראַוויטשן קעגנגעשטעלט זיין פאָדערונג צו אילוסטרירן מיינע אַ לעקציע אין ביבליאָטעק וועגן געזאַנג אין דער אָקופּאַציע־צייט, דורך אַרויסזינגען עטלעכע לידער און זיי איינלערנען מיטן עולם.

— ס׳פּאַסט נישט — האָב איך געזאָגט — און דער עיקר — זאָלן עס טאָן די וועלכע קענען.

— וואָס הייסט עס פּאַסט נישט — האָט ראַוויטש נישט נאָכגעגעבן — און פאַרוואָס פּאַסט יאָ איינעם פון די גרעסטע אַמעריקאַנער שרייבער, קאַרל סאַנדבורג, וואָס וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, פון ישוב צו ישוב און זינגט אײַן צוזאַמען מיט זײַנע צוהערערס לידער פון אַמעריקאַנער פאָלקלאָר? מיינט איר, אַז סאַנדבורגן, צו זײַנע 70 יאָר, וואָלט נישט געקענט פאַרבייטן אַ זינ־גער מיט אַ נאָמען?

...מיר דוכט, אַז איך האָב נישט באַדאַרפט חרטה האָבן פון לאָזן זיך איבעררײַדן פון ראַוויטשן.

אָבער וועגן ראַוויטשן וועט נאָך אויסקומען באַזונדערס צו שרײַבן. גרויט אויפמערקזאַמקייט פאַרדינען אָן שום ספק אויך די איבעריקע מיטאַרבעטערס וועלכע לייגן אַריין גרויס ליבשאַפט צו דער פאָלקס־אינסטיטוציע. רחל אייזנ־בערג, גיטל גערשונאָוויטש, חיה ווייסמאַן, רבקה, שולמית, דער יונגער דיכ־טער סימכאָוויטש — גיבן אַוועק אַ סך, אַ סך מער פון זייער טייערער צייט, כדי די אינסטיטוציע זאָל נישט דאַרפן פון דעם לײַדן.

ווי געזאָגט איז עס נישט נאָר אַ ביבליאָטעק.

נישט איין לעקטאָר, צי וויכטיקער שרײַבער איז דורך דער ביבליאָטעק אײַנגעלאַדן געוואָרן דאָרט צו האַלטן איינציקע אָדער גאַנצע ציקלען לעקציעס (ווי עס איז געווען, למשל, מיט דעם געלערנטן ד"ר מאַקס ווײַנרײַך).

גרויסע עפנטלעכע אונטערנעמונגען, אויסשטעלונגען, פאָלקס־אוניווער־זיטעט, שפּראַך־קורסן, קאָנצערטן, אָפּגעבן אַ ווינקל די יידישע שרײַבער־משפּחה פאַר זייערע אַקטיוויטעטן זענען נאָך נישט אַלץ וואָס די אינסטיטו־ציע האָט אויף איר חשבון.

איצט האָט די יידישע טעלעגראַפן־אַגענטור דערטראָגן צו דער וועלט וועגן גרויסן יום־טוב אין מאָנטרעאָל בײַם חנוכת־הבית פון דעם גאָר נײַעם בנין וואָס אירע טוערס האָבן ספּעציעל פאַר דער אינסטיטוציע אויסגעבויט.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זײַן און זען דעם בנין שוין כמעט אַ פאַרטיקן.

קנאה? איך וועל זיך נישט שעמען צו זאָגן, אַז איך האָב מקנא געווען די מאָנטרעאָלער 90 טויזנט יידן וואָס האָבן באַוויזן אויסצובויען אַזאַ גראַנ־דיעזע אינסטיטוציע.

איך בין מקנא ווײַל:

„אַרײַנגייענדיק אין נײַעם בנין — קומען די טוערס מיט אַ באַריכט — האָט די ביבליאָטעק 40 טויזנט ביכער, צוויי טויזנט דערוואַקסענע און זעקס הונדערט (!) קינדער־לייענערס. אַ רשימה פון צוויי טויזנט (!!) געוועזענע שטענדיקע באַזוכערס פון פאָלקס־אוניווערזיטעט פאַר די 12 יאָר עקזיסטענץ.

אין נײַעם בנין, וואָס האָט געקאָסט אַ פערטל מיליאָן דאָלאַר איז פאַראַן: אַ גרויסער, ליכטיקער לייענזאַל, אַ באַקוועמער שטודיר־צימער, אַ קינדער־ביבליאָטעק, אַ גראמער וואַרטזאַל פאַר קאַטאַלאָגן און ביכער־צירקולאַציע, אַ

ראובן ברײנין ביבליאָטעק און געדענק־ווינקל, אויסגעשטאַט מיט דעם מעבל פון דעם באַרימטן שריפטשטעלערס אַרבעט־צימער. צוויי ביוראָען פאַר דער אַדמיניסטראַציע פון ביבליאָטעק און אוניווערזיטעט. צימערן פאַר קונסט, מוזיק, אַ קלענערער זאַל פאַר פאָרטראָגן און אַ באַזונדער גרויסער זאַל מיט אַ בינע פאַר קאָנצערטן און קאַמעראַלער טעטיקייט. אַרבעטס־צימערן פאַר די ביבליאָטעקאַרן און אַ צימער פאַרן אַרכיוו. אין צענטער פון בנין הייבט זיך אַרויף אויף 3 שטאָק, די שטאַל־קאָנסטרוקציע (ספּעציעל באַשטעלט אין ענגלאַנד) וואָס קען אַרײַנבעמען ביז 100 טויזנט ביכער. אויף יעדן פון די דריי שטאָק זענען פאַראַן פאַסיקע גאַרדעראָבעס, אַ קיך פאַר געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען, אַ וווינונג. דער בנין האָט צוויי באַזונדערע אַרײַנגאַנגען, — דערמיט וועט נישט געשטערט ווערן דורך די באַזוכערס פון די אוידיטאָריע־זאַלן די טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק, לייען און שטודיר־זאַלן וועלכע ניטיקן זיך אין רו.״

השיבות וועט דער אינסטיטוציע זיכער אויך צוגעבן דוד ראָם, ווי דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער אינסטיטוציע. ס׳איז אַ נייער אַמט וואָס די טוערס האָבן אײַנגעזען אַ נייטיקייט צו שאַפן.

עס זענען געווען גענוג קאַנדידאַטן פאַר דעם דאָזיקן אַמט. בין אויך איך צופרידן וואָס דוד ראָם איז געוואָרן דער אויסדערווײלטער.

פרײַנט ראָם, איז ווי אַ קינד נאָך געבראַכט געוואָרן פון זײַנע עלטערן פון ווילנע. ער האָט זיך גראַדואירט אין דער אוניווערזיטעט פון בריטיש קאָלאָמביע און האָט אויך אַ דיפּלאָם פון ביבליאָטעק־וויסנשאַפט. צו דעם האָט ער נאָך דורכגעמאַכט קורסן פאַר ליטעראַטור און פילאָזאָפיע אין וואַשינגטאָנער אוניווערזיטעט. נישט אײנמאָל בין איך געווען אין דער היים פון דוד ראָם און געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן זײַנע. זײַנע אַרבעטן אין בוכפאָרעם און אין פאַרשידענע ענציקלאָפּעדיעס און זשורנאַלן אין יידיש, ענגליש און פראַנצויזיש האָבן אים באַקאַנט געמאַכט אין דער וועלט פאַר אַ שעפער מיט גרויסע מעגלעכקייטן. די ליבשאַפט צו זײַנע וויכטיקע אַרבעטן (אין מאַנוסקריפּט) און דער ציטער, אַז זיי זאָלן חלילה נישט צו פרי דערשײנען, זײַן ווערטיקע זאַמלונג פון אַלטע ספרים, זײַן קאָנטשאַפט אין דער יידישער ליטעראַטור אין פאַרשידענע שפּראַכן רופט אַרויס גרויס דרך־ארץ. די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק איז מיט איר עקזעקוטיוו־דירעקטאָר רײַכער געוואָרן. סיי מיט אַ גרויסן אינטעלעקטואַל און סיי מיט אַ גוטן אָרגאַניזאַטאָר אויף די געביטן וועלכע זענען נאָענט פאַר אָט דעם אַלט־נײַעם קעניגרייך פאַר יידישקייט אין מאָנטרעאָל.

און ווען איך האָב אַרויסגעקוקט דורך די ברייטע, ליכטיקע פענצטער פון נײַעם בנין און דערזען פאַר זיך דעם ריזיקן גרינעם פּלאַץ און די הויכע בערג וועלכע זענען אַרײַנגעריסן אין דער שטאָט האָב איך דערפילט, אַז אַלץ

איז איינס: די הערלעכע שיינקייט מיט וואָס די שטאָט איז געבענטשט פון דער נאַטור און די גייסטיקע שיינקייט וואָס דער מענטש האָט אין דער שטאָט געשאַפן.

אין אָט דער שיינקייט פאַרנעמט דער קעניגרייך פאַר יידישקייט אין נײַ־אויסגעבויטן בנין פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק, אַ גאָר באַזונדער חשובן פּלאַץ.

דעם פלאַמיקסטן סאלוט די טוערס, די אָנפירערס, די בויערס, די מיט־אַרבעטערס און די יידן פון מאָנטרעאָל צו דעם חנוכת־הבית פון דעם קול־טור־פּאַלאַץ.

# מיט שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלע...

## (אויף דעם אינדזל ווו עס האָט זיך געראַטעוועט ראָבינזאָן קרוזאָ)

אינגאַנצן זענען אויף דיביידע אינדזלען, וועלכע בילדן איין מלוכה „טרינידאַד און טאָבייגאָ" פאַראַן עפּעס מער ווי 600 טויזנט איינוווינער.

90 פּראָצענט פון די איינוווינער זענען קאָלירטע: שוואַרצע און ברוינע. די שוואַרצע זענען בגוואַלד געכאַפּט געוואָרן אין די ווילדעניש פון אַפריקע און אין שטייגן־שיפן זענען אַהער געקומען נאָר אַ טייל פון זיי, אויסגעשעפּטע, קוים לעבעדיקע. דער איבעריקער, טויטער טייל, איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן ווי שפּייז פאַר די פיש אין ים.

די הינדוסן זענען געבראַכט געוואָרן ווי מענטשן... מען האָט זיי איינגערעדט, אַז זיי וועלן אויף די אינדזלען מאַכן אַ לעבן, מען וועט זיי בויען הייזער, מען וועט זיי און זייערע קינדער לערנען.

נאָר אַ טייל פון די צוזאָגן האָט די ענגלישע אימפּעריאַלע מאַכט געהאַלטן.

איבער די אינדזלען קיניגט נאָך אורווילדעניש. דאָרט ווו עס זענען נאָך אָבער פאַראַן מענטשלעכע ישובים, האָבן אויך זייער וואָרט פאַרשפּרייט פאַרשטייער פון פאַרשידענע רעליגיעס.

זעט מען דאָ מעטשעטן, קלויסטערס און אינעווייניק אַ סך דאַוונערס.

צענדליקער רעליגיעס האָבן די קאָלירטע. מען גלויבט אין וואָס נאָר עס איז אומגלויבלעך.

אין גן־עדן אַריין, זאָגן די שוואַרצע, קענען קומען נאָר אַזעלכע שטערבלעכע וועלכע זענען קערפּערלעך נישט געשעדיקט, ווען ס'פעלט קיין שום גליד נישט.

איז פאַר אַ שוואַרצן קיין שום שטראָף נישט דאָס טויטן: וואָס אַרט עס אים... אַבי אין גן־עדן וועט ער אַריין.

אָבער טאָמער חס וחלילה שניידט אים ווער אָפּ אַ פינגער, אַ האַנט, אַ פוס, אַ שטיקל אויער — אָ, דאַן איז ער אומגליקלעך. ער האָט פאַרשפּילט אַלע וועלטן. זיין נשמה וועט אייביק אַרומוואַגלען און קיינער פון גן־עדן וועט זיך אויף אים נישט מרחם זיין, נישט קענען זיין קיין גוטער בעטער פאַר אים.

דעריבער אַרבעטן אין די הענט פון שוואַרצן זייער שטאַרק דער מעסער, אָדער ווי זיי רופן עס — דער קאַטלאַס.

די ווייסע זאָגן, אַז זיי, די שוואַרצע, דאַרפן גאָרנישט. אַ דאָלער אַ טאָג איז איבערגענוג פאַר זיי. דאָס ביסל רייז באַקומען זיי פאַר דעם. זיי קענען נאָך אַפילו קויפן אַ ראַדיאָ.

אין די פאַרנאַכטן, די אַרבעט ענדיקט מען דאָ 4 אַזייגער נאָך מיטיק, קומען זיי אַהיים, עסן זיך אָן און האַלב־נאַקעטע וויגן זיי זיך אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פון דער ראַדיאָ־מוזיק, אויף זייערע וויגשטולן.

די שוואַרצע, די געלע, אויך די ווייסע ווערן פאַרכאַפּט ווען זיי דער־הערן אַ קלאַנג פון אַן אינסטרומענט. אַלץ הייבט זיך אָן צו באַוועגן אין זיי.

אַט גייט די שוואַרצע פון קיך און סערווירט דעם מיטיק פאַר אירע באַ־לעבאַטים, פאַר די געסט. פלוצלינג גייט איבער דער ראַדיאָ צו מוזיק און די שוואַרצע גייט שוין אַ טאַנצנדיקע, אַ וויברירנדיקע. אַלץ זינגט אין איר. זי באַוועגט נאָר מיט די ליפּן ווי זי וואָלט אַריינגעזונגען אין זיך... די קינ־דער פון די ווייסע קלאַפּן צו מיט גאָפּל, לעפל, מעסער צום טאַקט.

מען זאָגט, אַז אין טרינידאַד און טאָבייגאָ האָבן די שוואַרצע און געלע יונגוואַרג אויסגעטראַכט אַ נייעם שפּיל־אינסטרומענט.

קיין געלט צו קויפן מוזיק־אינסטרומענטן האָבן זיי נישט געהאַט, האָבן זיי זייער התפּעלות און טרויער אויסגעקלאַפּט צוערשט אין אַלערליי מעטאַלן. דערנאָך האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז יעדער מעטאַל האָט זיך זיין באַזונדערן טאָן. אין יעדער כּלי קען מען אויך אויסגעפינען, אויסאַרבעטן פאַרשידענע טענער.

האָבן אָנגעהויבן נישט־ווערן די בלעכענע מיסט־כּלים ביי די טירן.

האָט מען נישט געקענט פאַרשטיין די סיבה דערפון. דענאָך האָט מען זיך דערוווּסט.

די קאַליריקע האָבן חדשים לאַנג געמייסטרעוועט און ווען איך האָב אין טאָג פון עליזאַבעטס קרוינונג געהערט דאָ אָרקעסטערס וועלכע האָבן אויס־געשפּילט די פאַרשידנסטע מעלאָדיעס, האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָס קומט פון די סטילבאַנדס. פון די בלעכענע כּלים פון וועלכע די יונגע חברה באַ־קומט אַרויס אַזעלכע וווּנדערבאַרע טענער.

נאָר אָנצוקוקן די אָן אַ שיער טאַנצנדיק־מאַרשירנדיקע שפּילנדיקע גרו־פּעס, האָט שוין געלוינט צו נידערן אין טרינידאַד.

פאַרוואָס אויך זיי פרייען זיך מיט דער קרוינונג פון דער ענגלישער קעניגין איז מיר געווען נישט אינגאַנצן קלאָר. אָבער אַזאַ שמחה האָב איך אין ערגעץ נישט געזען.

אַ צווייטער קאַרנאַוואַל. די האַרציקסטע קאָסטיומען און מאַסקעס. אַלט און יונג. אין אַנדערע גרופּעס — אַ געמיש פון ראַסעס: — שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, געלע...

— אַט — ווייזט מען מיר אָן — איז אויך נהמהלע פעלדמאָן.
זי גייט צו אונדז, אַ צונטערדיקע, אַ פאַרפאַרבטע, אַ טאַנצנדיקע.
— העלאָו — אַ מאַך מיט דער האַנט און ווייטער אַריינגעדרייט זיך אין יום־טוב.

אַזוי אַ גאַנצן טאָג, אַ גאַנצע נאַכט. אומעטום, נישט נאָר אין דער הויפּטשטאָט פּאָרט אָף ספּיין, אויך אין סאַן בערנאַר, אויך אין די דערפער.

די היגע מאַכט, (די מיניסטאָרן, פּאָליציי און באַאַמטע — כמעט אַלע קאָלירקע) — האָט אויסגעבויט אַביסל עטלעכע־שטאָקיקע געביידעס פאַר די איינוווינער אין שטאָט. ס'איז אָבער זייער ווייניק.

אַריינגיין אין אַ שטיבל צו אַ שוואַרצן?
ס'איז נישטאָ ווו אַריינצוגיין.
לעכער קוקן אַרויס דורך די פענצטער.
אינעווייניק איז פּוסט.

מען ליגט דורך די נאַכט אויף דער ערד אין די טעג פון גאַנצן קיילעכדיקן יאָר ציט מען וואַרעמקייט און צערטל פון דער כסדרדיקער זון, פון די בלויע הימלען.

פון טייל שטיבלעך הייבן זיך אַרויס הויכע מאַסטן מיט ווייסע דרייעקיקע טיכלעך.

— ס'איז אַ סימן, אַן אָנזאָג, אַז אין דער שטוב געפינט זיך אַ מיידל.
זי וויל חתונה האָבן. מען זאָל אַריינגיין זי אָנקוקן.

און אויב איר זייט אַ בעלן זי אָנצוקוקן וועט איר נישט גלויבן: אַ קינד שטייט פאַר אייך פון 12, 13 יאָר.

טאָמער חלילה ווערט זי מיט אַ יאָר עלטער, וועט זי שוין קיין אָרט אין גן־עדן נישט האָבן. „זי וועט משוגע ווערן פון עלנטקייט" — זאָגט מען.

אין אָט די קינדער־יאָרן האָבן זיי שוין קינדער, אַ מאַמע מיט אַ סך קינדער. פון וויפל טאַטעס — ווער ווייסט צי די מאַמעלע אַליין ווייס...

אויף אַ רייכער חתונה טרעפט מען זיך ביי אַ בוים און דער עלטסטער זאָגט זיין ברכה און דאָס איז שוין כדין וכדת. ביי דאָס רוב חתונות דאַרף מען דאָס אויך נישט.

מען נעמט זיך און אַ סוף.

און טאָמער גייט אַוועק דער טאַטע פון דער מאַמען — פּסקנט דאָס געריכט — אַ שילינג אַ וואָך פאַר יעדן קינד... ביליק ווי באָרשט. און פון דעסטוועגן זאָגט מען, מאַכן אַנדערע מאַמעס אַ לעבן פון דעם...

נישטאָ ביי זיי קיין נישט־לייענענדיקע. אַלע מוזן באַזוכן שולן. אַ באַדייטנדיקער טייל פאָרט שוין אין לאָנדאָן און קומען צוריק געענדיקטע. האָבן זיי דאָקטוירים, לערערס, אינזשעניערן. די אינטעליגענץ איז נאָך אַ דינער שיכט. מען מיינט אַז עס וועט ווערן נאָך בעסער. די ענגלישע אימפּעריאַלע מאַכט, איז שוין נישט די זעלבע ווי אַמאָל — זאָגט מיר אַ אינדוס:

— מיט די ווייסע איז נישט גוט און אָן די ווייסע וועט זיין נאָך ערגער.

דער צוזאַמענלעבן פון די כלערליי ראַסעס איז אַ גוטער. דער מצב פון דער קליינער גרופּע ווייסע איז אָן ערך אַ בעסערער, כאָטש —

אויך ביי די קאָלירקע, דער עיקר ביי די אינדיער, זענען פאַראַן רייכע, אַפילו מיליאָנערן. פון די טויזנטער קלענערע און גרעסערע אויטאָמאָבילן געהערן די גרעסטע טייל צו זיי. שול־געביידעס האָבן זיי פּרעכטיקע, די אינטעליגענץ באַמיט זיך איינצוהאַלטן די אייגנאַרטיקייט פון דער אייגענער קולטור.

און ווי אומעטום, קומט אויך דאָ אויף די אינדזלען פאַר אַ מין קולטור־טויש, השפּעות.

די ווייסע פּרויען טוען אַלץ כדי זייערע האָר זאָלן זיין וואָס קרייזלדיקער. די שוואַרצע טוען אַלץ זייערע האָר זאָלן זיין וואָס גלאַטער...

די ווייסע לייגן אַ סך מי כדי איבערצונעמען די פאַרשידענע זשעסטיקולאַציעס פון קערפּער פון די נעגערשע און אינדישע טענץ, די שוואַרצע ווילן טאַנצן נאָר די אַרגענטינישע טאַנגאָס, די אייראָפּעאישע וואַלסן.

ווער וויים צי פעלקער וועלן נישט דאַרפן אַמאָל זוכן וואָרצלען פון נאַציאָנאַלע אייגנאַרטיקייטן ביי אנדערע פעלקער, איין ראַסע ביי אַ צווייטער ראַסע...

אין טרינידאַד וואַקסט רייז און צוקער. אין טרינידאַד איז פאַראַן אויל.

מען וואָלט געקענט, צוליב דעם צוקער, רופן טרינידאַד „דאָס זיסע אינדזל", — אָבער דאָס לעבן פון די איינוווינער איז פון זייער צוקער נישט אַזוי זיס.

די באַלעבאַטים פון די צוקער און רייז־פּלאַנטאַציעס, פון די אויל־ראַפינעריעס געפינען זיך אין ענגלאַנד. זיי קענען מיט רעכט זאָגן:

— אַרבעט מאַכט (אונדז) דאָס לעבן זיס.

איינע פון די וווּנדערס פון דער וועלט איז פאַראַן אין טרינידאַד. דאָס איז אַן אָזערע ווו עס וואַקסט — אַספאַלט. יאָ, אַספאַלט פאַר די וועגן.

קומען טאָג־טעגלעך צענדליקער מאַשינעס און שעפּן אַרויס דעם פליסיקן אַספאַלט פון דער אָזערע אין די מאַשינעס ווו עס ווערט גלייך פאַרגליווערט אין שטיקער. אין פאַבריקן ווערן פון דער מאַסע אַרויסגעצויגן די נישט נייטיקע שטאָפן און דאָס איבעריקע באַקליידט טרינידאַד און טאָבייגאָ און די איבעריקע אינדזלען מיט די מאָדערנסטע וועגן. דער טרינידאַדער אַספאַלט־געוויקס ווערט אויך עקספּאָרטירט אין אַנדערע לענדער.

איינע פון די וווּנדערבאַרע פּאָסטמאַרקעס וואָס עס גיט אַרויס די ענגלישע דאָמיניע „טרינידאַד און טאָבייגאָ" שטעלט פאַר אַ טשיקאַווע קולטור־היסטאָרישע געשעעניש: דער פאַנטאַסטישער ראָבינזאָן קרוזאָ טרעפט זיך מיט פּרייטיקן... זיי טרעפן זיך אויפן טאָבייגאָ־אינדזל ווי קרוזאָ האָט זיך אָן איינציקער, פון אַ שיף־קאַטאַסטראָפע געראַטעוועט און ווו ער האָט יאָרנ־

לאַנג איינער אַליין אַ לעבן אויפן אינדזל באַשאַפן ביז וואַנען ער האָט זיך גע־טראָפן מיט אַ צווייטן מענטש מיטן נאָמען פרייטיק.

ראָבינזאָן קרוזאָ איז דער העלד פון מיליאָנען קינדער אין דער וועלט. קייןווירקלעכקייט איז עס קיינמאָל נישט געווען. די פאַנטאַזיע אַ פאַראייביק־טע אויפן פאַפיר האָט זיך אַרומגעקרויזט מיט אַן אַ שיעור לעגענדעס. איינע פון אָט די לעגענדעס דערציילט טאַקע, אַז פאַסירט האָט עס אויפן שכנות־דיקן אינדזל פון טרינידאַד אויף טאָבייגאָ.

האָט די רעגירונג פון די אינדזלען דורך דער פאָסטמאַרקע געוואָלט פאַר־דאָקומענטירן דער וועלט, אַז נישט אַנדערשוו, ווי אַן אַנדער לעגענדע זאָגט, נאָר אויף טאָבייגאָ האָט די זאַך פאַסירט...

זאָל זיין אַזוי...

די ווירקלעכקייט פון דער טרינידאַדער באַפעלקערונג דערלויבט זיי ניט צופיל צו פאַרנעמען זיך מיט פוסטע זאַכן, מיט לעגענדעס, כאָטש זיי אַליין זענען אינגאַנצן באַהערשט פון פאַנטאַזיע און אַבערגלויבנס.

די ענגלישע צייטונגס־רעפּאָרטערן וועלכע זענען מיך געקומען אינטער־וויואירן האָב איך געפרעגט:

— מיסטער איווינג, זייט איר צופרידן מיט דער ענגלישער הערשאַפט?

— מיט ק יי ן באַלעבאָס — זאָגט מיר דער שוואַרצהויטיקער זשורנאַליסט — איז קיינער נישט צופרידן. יעדער וויל ווערן אַליין באַלעבאָס.

— ווען איר זיך קענען אַן עצה געבן אַליין?

— מיר וועלן באַרגן געלט ביי דער וועלט און מיר וועלן זיך אַליין אַרויספאַרבעטן און דערנאָך וועלן מיר באַצאָלן.

— פילט איר זיך באַשרענקט אין אייער פרייהייט?

— דאָס וואָלט איך נישט געזאָגט. מיר האָבן אייגענע מיניסטאָרן, דע־פּוטאַטן, לערערס, זשורנאַליסטן, אָבער דאָך פילן מיר, אַז די ענגלענדער קוקן אונדז שטאַרק נאָך, אַז מיר אַליין זאָלן ווערן די באַלעבאַטים — וועלן זיי נישט דערלאָזן, זיי דערלאָזן נישט אַז אונדזערע קינדער זאָלן באַקומען הע־כערע בילדונג.

— און וויאַזוי האָט באַקומען הויכע בילדונג די אינטעליגענץ וואָס איר האָט איצט?

— זייערע פאַרמעגלעכע עלטערן האָבן זיי געשיקט קיין אויסלאַנד שטו־דירן.

דער צווייטער זשורנאַליסט, אַ אינדיער, מיסטער מ. ר. קהאַן, האָט אַן אַנדער מיינונג:

— דערווייל טאָרן מיר זיך נאָך נישט אָפּרייסן פון ענגלאַנד — זאָגט ער — מיר אַליין וואָלטן נישט אויסגעהאַלטן. איך גלויב, אַז די צייט וועט ברענגען דערצו, אַז מיר וועלן ווערן רייף און באַקומען אומאָפּהענגיקייט.

אונדזער געשפּרעך האָט איבערגעריסן אַן אומעטיקער געזאַנג, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו אונדז.

כ׳בין אַרויס אויף דער גאַס און דערזען מאַרשירנדיקע נעגער באַגלייטן צו דער אייביקער רו אַ משפּחה־מיטגליד.

אַזוי זינגען זיי כסדר, כסדר, ביז דעם בית־עולם. דער גייסטלעכער, אָנגעטאָן אין אַ טרויער־טורבאַן גייט אַ זינגענדיקער פאָרויס, אַרום אים אַ מחנה אין שוואַרצן געהילטע צוהעלפערס.

די מיטה ווערט געפירט אין דער באַגלייטונג פון דעם נפטרס נאָענטסטע און נאָך זיי ווידער מאַרשירנדיקע, ווידער זינגענדיקע.

אין צעלויכטענעם, זוניקן טאָג, וואָס איז כסדר געפּוצט אין שפע פון גרינס און אַרומגערינגלט מיט שפּרודלדיקן ים — האָט דאָס טרויעריק־זינגענדיק בילד זיך גאָרנישט אַריינגעפּאַסט.

אָבער —

אַזוי איז שוין. און נישט נאָר אין טרינידאַד.

***

— ...צי עס זענען פאַראַן יידן אין אָט דעם העק?

— אַוודאי פאַראַן. מיט זיי וועל איך אייך באַקאַנען אין נאָענסטן בריוו.

# די לעצטע מאָהיקאַנער אויף דעם אינדזל טרינידאַד

עס וואָלט מיר געווען לייכטער צו דערציילן וועגן יידן אויף די אינדזלען טרינידאַד און טאָבייגאָ, ווען עס וואָלט מיר דערלויבט געווען אויך צוטשעפּען אַ דריטן אינדזל, וואָס איז אינגאַנצן איין שעה פליען פון טרינידאַד. דאָס איז דער אינדזל באַרבעדאָס.

איך בין דאָרט נישט געווען. אָבער די טרינידאַדער יידן וועלכע זענען דאָרט נאָך אויך נישט געווען דערציילן אייך, ווען מען פרעגט זיי וועגן יידן און יידישקייט אין טרינידאַד, אַז אַ קאַפּיטל יידישע געשיכטע איז געווען אין באַרבעדאָס.

אויף אָט דעם אינדזל זענען געקומען שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע יידן וועלכע זענען אַנטלאָפן פון זייערע היימען, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין קאַטאָליקן.

און אַ מאָדנע זאַך. זיי זענען געלאָפן פון פייער אין פייער, פון וואַסער אין וואַסער.

ס'איז קיין שפור יידישקייט נישט געבליבן פון יענע מסירות־ליידנדיקע יידן. שפּורן זענען נאָר פאַראַן אויפן בית־עולם וואָס ווערט איצט אויפגעהיט אַדאַנק דעם דאָרטיקן עסקן ד״ר פּולביסער. עס איז פאַראַן אַ „יידן־געסל״, מען ווייזט אָן אויף דעם נאָמען פון אַ קוראָרט וואָס טראָגט דעם ביבלישן נאָמען בת שבע.

אין דעם אַמאָליקן בית מדרש איז איצט אַ זשאָקיי־קלוב. מען ווייס אָבער נישט אויף זיכער צו דערציילן, וועגן אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס וועלכע זאָלן שטאַמען פון יענע יידן. די בייע יידן אויף באַרבעדאָס וועלכע זענען גע־קומען צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָבן לעבעדיקע סימנים פון יידישקייט געפונען נאָר אויף דעם דאָרטיקן באַוואַקסענעם יידישן בית־עולם...

אין טרינידאַד האָט זיך „אַמאָל״ געטאָן ביי יידן. דער **אַ מ אָ ל** איז געווען מיט אַ צענדליק יאָר צוריק. דאַן זענען געווען ביי 300 יידישע משפּחות.

די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד האָט נישט דערלאָזן די טריני־דאַדער יידן קומען צו אַ באַפרידיקנדיקן מעמד. עס האָט געלאָקט דער רייי־כערער שכנותדיקער ישוב ווענעזועלאַ. מען האָט זיך אויך אַריבערגעטראָגן אין צפון־אַמעריקע.

איצט זענען אין טרינידאַד פאַרבליבן ביז 60 יידישע משפחות. אין דעם שוין אַריינגערעכנט די עטלעכע משפחות פון דייטשע יידן, וועלכע קהלן זיך נישט צוזאַמען.

טרינידאַד האָט נישט, זאָגן די היגע יידן, אַזאַ היסטאָרישן יחוס ווי באַר־בעדאָס. אָבער דאָך הערט מען נישט אויף צו דערציילן וועגן אַ רייכן טריני־דאַדער איינוווינער מיט דער פאַמיליע קאַנינג. עס איז באַקאַנט געווען אין לאַנד די פאַמיליע נישט נאָר מיט איר רייכקייט, נאָר אויך מיט איר קאַטוי־לישקייט. און אָט אַ סענסאַציע. דער ראש פון דער משפחה דערוויסט זיך וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט יידן אין אייראָפּע. ער רופט צו זיך די יידישע פאָרשטייער און דערקלערט, אַז ער וויל העלפן די נייע יידישע איינוואַנדע־רער. קאַנינג זאָגט נישט אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות מיט יידן, אָבער מען דערפילט.

דאָס האָט מען אויך דערפילט נאָך זיין טויט ווען מען האָט באַדאַרפט אויספירן זיין אויסטערלישע צוואה:

מען זאָל זיין קערפּער אַוועקפירן אין מיטן ים און אים אַהין אַריינ־וואַרפן...

אַ צווייטע פּאַסירונג האָט אויך געטראָפן מיט אַ שטאַרק דערוויטערטן יידישן ביזנעסמאַן וועמען מען האָט געהאַלטן פאַר אַ קריסט (זיין פרוי, די קינדער זענען דערצויגן געוואָרן אין קאַטוילישן גייסט). ער האָט זיך אַרייג־געוואָרפן אין העלפן נייע עמיגראַנטן.

מ׳האָט אים גוט אויסגענוצט.

צום סוף איז ער אין אַ סאַנאַטאָריע געבליבן אַ פּאַראַליזירטער פאַרלאָזן פון אַלעמען, סיי פון קריסטן, סיי פון יידן און האָט פאַרענדיקט אַ ווידוי־זאָגנדיקער מיט אַ גלח — אַוועק, ווו ער איז ביים לעבן נישט געווען דער־גאַנגען.

אָבער די יידן, וועלכע זענען איצט פאַראַן אין טרינידאַד, זענען אין די הונדערט פּראָצענט נאַציאָנאַלע.

זיי איז אייגן און זיי לעבן מיט מיט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין דער יידישער וועלט. נישט זעלטן שטעלט זיך אָפּ אויף אַ פּאָר טעג אַ גאַסט.

דערציילט מען טשיקאַווע זכרונות פון ד״ר העלמאַן ע״ה, פון ביסטריצ־קי, טכאָרניצקי, ברוך צוקערמאַן, ד״ר מאַרגאָשעס און פון יעקב פּאַט און פנחס גינגאָלד, וועלכע זענען אין 1948 ווי שליחים פון קולטור־קאָנגרעס אויך אין זייער פאַרבייפלי גענידערט דאָ און האָבן אַפילו זיך געפּרייט אויף אַ ברית ביי אַ יידישן דאָקטער און אינדישער פרוי.

זיי דערמאָנען ווייניק וואָס די פאַרשידענע שליחים האָבן מיט זיי גע־רעדט. זיי דערציילן אַפילו נישט וויפל געלט יעדער שליח האָט באַקומען פון ישוב פאַר די פאַרשידענע געזעלשאַפטן. וואָס אָבער יעדער דערמאָנט יאָ — זענען די ניגונים...



דער לעצטער וועג

— ד״ר העלמאַן האָט אונדז נישט געלאָזט גיין שלאָפן, כּסדר געזונגען און געזונגען.

— ביסטריצקין וועלן מיר געדענקען נאָר צוליב זיינע לידער.

— און פּאַט האָט אויסגעלערנט איין ליד, וואָס מיר זינגען דאָס כּסדר.

און דער עולם נעמט אויף די סענטימענטאַלסטע טענער טאַגאָרעס שורות:

פאַרוואָס איז דאָס ליכטעלע פאַרלאָשן?...

עס קען זיין דעריבער, אַז איך האָב געטאָן אַ פעלער וואָס איך האָט געזאָגט דעם פריינט שמעון בער אָווערבוך (פּרעזידענט פון דער היגער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע) און דעם ד״ר פּולוער (פאָרשטייער פון וועלט־קאָנגרעס), אַז איך וויל ריידן פאַר די טרינידאַדער יידן.

זיי האָבן זיך דערשראָקן ווען איך האָב געפּרוווט אַ טאַפּ טאָן, צי מען וועט קענען נעמען אַן אָפּצאָל ביים אָריינגאַנג.

— ווער ווייס צי זיי וועלן קומען אָן געלט.

— מיט וואָס איז מען דאָס אַזוי פאַרנומען?

— אָט, ווי געוויינלעך, מען שפּילט אין קאָרטן.

דאָך האָב איך איבער אַ „האַלבן" ישוב אָנגעצויגן.

אויפגעלעבט האָבן זיי, ווען איך האָב פאַר זיי אויסגעזונגען עטלעכע לידלעך.

— ווען מיר וואָלטן געוווּסט פריער, אַז איר קענט אַזוי זינגען, וואָלטן מיר דאָך אייך פאַרהאַלטן ביז נאָך פּרייטיק.

...און איך וואָלט באַדאַרפט אויסגעבן נאָך אַ פּאָר צענדליק דאָלער... און עס וואָלט געווען זייער פיין פון אַלע טרינידאַדער יידן וואָס זיי וואָלטן מיך מזכּה געווען מיט זייער אָנוועזנהייט און וואָס זיי וואָלטן מיך געלאָזן זינגען וויפל נאָר איך וואָלט אַליין געוואָלט...

ווי „געוויינלעך" איז דער שלום־בית אַפילו צווישן 60 משפּחות נישט קיין פויגלדיקער. אַ גאַסט וואָס ווייס נישט פריער קלאָר די לאַגע, איז אויסגעשטעלט אויף אומפריינטלעכקייט פון קעגנערישן צד. און דאָס איז נישט אויסצומיידן. פריינטלעך דאַרף דאָך זיין דער גאַסט צו אַלעמען און דאָס טויג נישט...

אין טרינידאַד האָט אויך פּאַסירט מיט מיר אַ נישט געוויינלעכע איבעראַשונג. נישט נאָר נישט קיין איין ווילנער, נאָר אַפילו אויף אַ רפואה כאָטש איין ליטוואַק נישט געטראָפן.

אַלע זענען געקומען פון רומעניע, בוקאָווינע, בעסאַראַביע.

די לערערין פּאַני לאַפּסקער, איז אין די פּאָר יאָר וואָס זי איז געווען אין ישראל, דאָרט געווען דער מאָטאָר פון פאַרבאַנד פון די בעסאַראַבער יידן — און האָט קאָרעספּאָנדירט (און גריסט) די אַרגענטינישע בעסאַראַבער באָטאָשאַנסקי און גרוזמאַן.

די משפחה פון ד״ר פולווער האט געהאט אין ארגענטינע זייערן א קוזין מיכל גרייווער.

און אויך די קליינע צאל יידן ווילן זיך דא נישט פארשטאמען. עס איז דאך אומעטיק אליין אפילו ווען מען איז שוין צוזאמען א 150 נפשות.

קינדער דארף מען נאכן פאלק־שול שיקן לערנען סיי ווי אנדערשווו. טא פארוואס זאל מען צוזאמען מיט קינדער נישט זיין אין אנדערשווו־לאנד?

די גליקן וואס מען האט אין טרינידאד?

פראוועט מען א יידישע שמחה, קומען אויך נישט־יידישע פריינט. אין די טעג פון יום העצמאות קלויבן זיך צונויף צי ביי דעם ה׳ אווערבוך, צי ביי די פולווערס אויך צענדליקער נישט־יידן. מען פרייט זיך צוזאמען מיטן על־טערן זיך פון דער יונגער יידישער מדינה.

די התקווה זינגען אלע.

און די בלויע מגן דודס?...

אויסטערליש:

אויף די בנינים און אויף די היטלען פון דער פאליציי ליגט זיך ברייט־לעך צעלייגט דער בלויער מגן דוד.

פון וואנען דאס קומט, האט מען מיר נישט געקענט געבן צו פארשטיין.

אבער כ׳האב א פלוצלינגדיקן ציטער געטאן ביים אויסשטייגן פון עראָ־פלאן, ווען איך האב דערזען אזוי בכבודיק שיינען דעם יידישן עמבלעם.

פארניידישט א שטיק באדן אין פארט אף ספיין האט דער הער אווער־בוך. אזוי ווי ער אליין איז א בוי־אונטערנעמער האט ער שוין באוויזן אויף א ריזיקן אפגעקויפטן באדן פון דער שטאט אויסצובויען א נייעם קווארטאל ווו עס געפינט זיך לעבן דער קעניגין עליזאבעט גאס די ד״ר חיים ווייצמאן און ישראל גאסן.

עס איז אויך פאראן א גאס אויפן נאמען פון באלעבאס און אפילו פון זיין פרוי — די אווערבוך און די חומה גאסן. איצט האלט ער אווערבוך אין לייגן די פונדאמענטן צו די הייזער פון א נייער גאס.

ער האט אנגענומען מיין פארשלאג אנצורופן די גאס אויפן נאמען „גע־טא־קעמפער סטריט״.

כ׳האב אויך געוואלט עפעס שרייבן וועגן יידן אויף דעם טאבייגא־אינדזל. האט מען מיך אבער פארזיכערט, אז דארט איז נישט געווען, איז נישטא קיין איין ייד. און

וואס עס קען נאך זיין?

הא?

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

סוחר

דאָקטער

דאַמע

געהילפן פון דאָקטער

(די בינע איז געטיילט אין דער העלפט אויף אַ קאַבינעט פון דאָקטער־פּסיכיאַטער און אויף דעם וואַרט־צימער. ווען דער פאָרהאַנג איז אָפן, איז קיינער ניטאָ אויף דער בינע. בלויז דער וואַרט־צימער איז באַלויכטן).

(עס קומען־אַן: די דאַמע און דער סוחר)

**דאַמע** (באַמערקנדיק, אַז קיינער איז ניטאָ אין דאָקטערס קאַבינעט):

**איר האָט נאָך גליק, מיין מאַן איז פריי... וועט איר צוואַרטן אַ מינוטקעלע און איך קום גלייך אַריין. טוט אויס, סעניאָר, איך בעט אייך, דעם מאַנטל.**

**סוחר:**

**ניין, ניין, סעניאָראַ, איך דאַנק. איר ווייסט דאָך ווי פאַרנומען איך בין. אין געשעפט וואַרטן שוין זיכער קליענטן אויף מיר און די פרוי וועט זיך קיין עצה אַליין נישט קענען געבן. און שטאַרק פאַרלאָזן זיך אויף אַ פרוי, דערצו נאָך אין אַ געשעפט פון צירונג, דאַרף מען נישט.**

**דאַמע** (מיט אַ געלעכטערל):

**אַהאַ, אַזאַ פרויען־קענער זייט איר דאָס? נו, נו, נישט קענטיק אויף אייך, איר זאָלט זיין אַזאַ שלעכטער צו אייער ווייבל. אַלזאָ, אַ פּאָר מינוטקעלעך נאָר** (נעמענדיק ביי אים דאָס שאַכטל צירונג). **אַלזאָ, זאָגט איר, אַז דאָס איז דער לעצטער פּרייז** (נעמט איינציקווייז אַרויס די צירונג). **אַביסעלע צו געזאַלצן, סעניאָר.**

סוחר:
און אַז איר וועט עס האַלטן נאָך אַ מינוט, וועט עס קאָסטן מיט 10 פּראָצענט נאָך טייערער...

דאַמע:
אין מינוטן ווילט איר ווערן אַ מיליאָנער און מיין מאַן האָט געדאַרפט יאָרן, אויף דאָקטער שטודירן, און צו אַ מיליאָנער זאָל דאָס אייך צו־קומען וואָס אונדז פעלט.

סוחר:
סעניאָראַ, צו וואָס זיך דינגען איצט, אַז איר ווייסט נאָך ניט וואָס אייער מאַן וועט זאָגן.

דאַמע:
אַ, נישט ביי מיר. מיין בערנאַרדאָ, דאָס טעלערל פון הימל אפילו וועט ער מיר נישט זשאַלעווען. אַ פּרוי, פאַרשטייט איר מיך, דאַרף בלויז וויסן ווען און וויצו בעטן... (רעפּעטירט זיך), בערנאַרדיטאָ, מלאכל מיינער! (דער דאָקטער גייט אַריין אין קאַבינעט און מאַכט ליכטיק) דיין קעצעלע, דיין בעבעלע, דיין שעפּסעלע...

דאָקטער (ניט עפענענדיק די טיר):
אַריין!

דאַמע (פליסטערנדיק צום סוחר):
ניט נאָר די צירונג, נאָר אויך די בראָש, פאַר וועלכער איר האָט געוואָלט אַזוי טייער, וועל איך נאָך נעמען... אַלזאָ, אַ פּאָר מינוטקעלעך בלויז, מאַכט זיך באַקוועם (מיטן שאַכטל צירונג אַפּ אין קאַבינעט, פאַרמאַכנדיק נאָך זיך די טיר).

דאָקטער (וואַשנדיק זיך די הענט):
ביטע, סעניאָראַ, זעצט זיך, זייט אַזוי גוט. פילט איר זיך נישט געזונט?

דאַמע (פאַרטרויערט):
אַ דאַנק, דאָקטער. דעם בעסטן דאַנק! איך אַליין פיל זיך, גאָט צו דאַנ־קען, גאָר גוט; אָבער איך פיל, אַז קראַנק וועל איך ווערן צוליב דעם געזונט־צושטאַנד פון מיין מאַן (אומבאַמערקט פאַרן דאָקטער לייריקט זי אויס די צירונג פון שאַכטל צו זיך אין בוזעם).

דאָקטער:
וועט זיין ערגער דאַן אויך פאַרן קראַנקן. איר מוזט זיך באַמיען צו באַ־רואיקן אייערע נערוון, כדי אויך ביי אייער מאַן זאָלן געלינדערט ווערן זיינע ווייטיקן. און וואָס אייגנטלעך דערציילט איר וועגן אייער מאַן?... און...

דאַמע (ווישנדיק די אויגן):
שוין 12 יאָר ווי איך לעב מיט אים. מיר האָבן זיך ביידע ליב, האָבן

געהאַט צוויי קינדערלעך — זענען דאָס צוויי בריליאַנטן געווען. איינער האָט זיך געלערנט שפּילן פידל, דאָס טעכטערל קלאַוויר. מיר האָבן אַ פיינעם טשאַלעט, אַ קאָטש, אַלץ, אַלץ... ביז... ביז עס איז געקומען דער אומגליק, דער שווידערלעכער אומגליק (וויינט שטאַרק). היינט איז געוואָרן דריי חדשים... די קינדערלעך זענען, גייענדיק פון שול, דורך אַ לאַסט־אויטאָ איבערגעפאָרן געוואָרן (וויינט ביטער)... מיינע צוויי קינדער... מיינע צוויי בריליאַנטן...

דאָקטער:

נו, באַרואיקט זיך, ליבע פרוי. אין לעבן קען אַלץ פּאַסירן... נו, באַרואיקט זיך.

דאַמע:

ווי קען איך זיך באַרואיקט, אַז איין אומגליק יאָגט נאָך דעם אַנדערן...

דאָקטער:

איז וואָס נאָך געשען?

דאַמע:

עס איז גענוג, דאָקטער, דאָס וואָס מיין מאַן איז אַזוי נישט געזונט...

דאָקטער:

און פאַרוואָס האָט איר אים נישט מיטגעבראַכט? ליגט ער אין שפּיטאָל? ווילט איר איך זאָל גיין צו אים שטעלן מיין דיאַגנאָז?

דאַמע:

ער איז דאָ, דאָקטער. איך האָב אים געבראַכט. ער זיצט ביי אייך אין וואַרט־צימער. איך בין דאָס אַריין צו אייך צוערשט, כדי איך זאָל קענען דערציילן פאַר אייך די סיבות פון דער קראַנקייט.

דאָקטער:

זייער גוט האָט איר געטאָן. זייער גוט. אַלזאָ...

דאַמע:

זינט עס איז געשען ביי אונדז דער אומגליק מיט די קינדער, כאַפּן אים אָן פון צייט צו צייט ספּאַזמאַטישע אָנפאַלן און ער געוואַלדעוועט דאַן אָן אויפהער: „ווו זענען מיינע בריליאַנטן! ווו איז מיין צירונג! רוצחים, די בריליאַנטן מיינע גיט מיר אָפּ!" איר פאַרשטייט דאָך, דאָקטער, ווי מיר ווערט אויפן האַרצן ווען איך דערהער מיין מאַן אין אַזאַ צושטאַנד (וויינט).

דאָקטער:

נו, באַרואיקט זיך, באַרואיקט זיך...

דאַמע:

ווי קען איך זיך באַרואיקן, אַז איין אומגליק יאָגט נאָך דעם צווייטן. ווי אַזוי זאָל איך זיך באַרואיקן, אויב מיינע אייגענע אויגן וועלן צוזען ווי איר וועט באַטראַכטן מיין מאַן.

דאָקטער:

אויסגעשלאָסן! אפילו ווען איר וואָלט געוואָלט בייזיין, וואָלט איך דאָס אויך נישט געקענט דערלאָזן. אויסגעשלאָסן. איר וועט אַזוי גוט זיין אַריינשיקן איצט דעם מאַן און איר וועט דאָרט צוואַרטן ביז נאָך מיין אונטערזוכונג.

דאַמע (ווייענדיק גייט זי צו דער טיר):

אָבער דעם גאַנצן אמת זאָלט איר מיר זאָגן. אַן אייגענע פרוי דאַרף וועגן אַלץ וויסן (גייט אַרויס אין וואַרטצימער. איבערבייטנדיק דעם טרויער אויף אַ שעלמיש שמייכעלע, צום סוחר) בלויז אַ פּאָר טרערלעך האָט עס געקאָסט און איצט געהערט שוין דאָס לעצטע וואָרט צו אייך. זייט אַזוי גוט, גייט אַריין צו אים. דאָס צירונג איז אויפן טיש, אָבער זייט נישט אַזאַ האַרטער, לאָזט זיך אַביסל דינגען. איר וועט זען, מיר וועלן זיין ביי אייך און שיקן צו אייך נייע קליענטן (עפנט די טיר). ביטע, איך קום די מינוט אַריין. איך וועל נאָר אָנפרעגן דער דינסט, צי מען האָט נישט געקלונגען צו מיר (סוחר גייט אַריין צום דאָקטער, די דאַמע פאַרמאַכט די טיר פון קאַבינעט און פאַרשווינדט אויך פון וואַרטצימער).

דאָקטער:

ביטע, מיין הער, זעצט זיך.

סוחר:

אַ דאַנק, הער דאָקטער. פאַר אַ סוחר פון אונדזער בראַנזשע איז, ווי איר פאַרשטייט אַליין, נישט איצט די צייט צו זיצן.

דאָקטער:

פולשטענדיק גערעכט; אָבער, אַז מען מוז — מוז מען...

סוחר:

אויך איר זייט פולשטענדיק גערעכט, הער דאָקטער. אָבער איר זייט דאָך זיכער אויך פאַרנומען. עס וואַרטן דאָך פּאַציענטן אויף אייך...

דאָקטער:

ביי מיר זענען אַלע פּאַציענטן גלייך... נו, זעצט זיך... אָט־אָ דאָ טאַקע, אַזוי... אַנטקעגן מיר... פאַרשטייט איר מיך, אַז מען מוז, לאָזט מען אויך איבער די גרעסטע געשעפטן (ער זעצט אַוועק אין אַ געהעריקער פּאָזיציע אַ דערשטוינטן דעם סוחר און באַטראַכטנדיק אים, קוקט ער אים טיף אין די אויגן אַריין).

סוחר (מיט אַ שמייכל):

עס וועט אייך ביליקער נישט קאָסטן, הער דאָקטער און איך... גאָט צו דאַנקען, פיל זיך אויסגעצייכנט, הלוואי ווייטער...

דאָקטער:

בין איך ז י י ע ר צופרידן (אָננעמענדיק אים ביים פּולס, פאַרטראַכט).

זאָגט מיר, ליבער פריינד, פילט איר נישט פון צייט צו צייט עפּעס אַ רוישן אין קאָפּ?...

סוחר:

ווען די ווייב הייבט אָן גראַגערן, הייבט אָן רוישן; אָבער ווי נאָר איך בין שוין אין גאַס, מעג זיין אין גרעסטן טומל, פיל איך זיך רואיק, אַ מחיה...

דאָקטער:

הום... זייט איר שוין לאַנג נאָך דער חתונה?

סוחר:

מיר דוכט, אַז אַ יאָר צוויי הונדערט. אָבער מיין ווייב מיינט נאָך אַלץ, אַז זי איז ערשט פון אונטער דער חופּה אַרויס (שמייכלעןביידע).

דאָקטער (קוקנדיק דעם סוחר כסדר אין די אויגן, האַלטנדיק אים ביידע הענט):

זענען אייערע עלטערן געווען געזונט?

סוחר (טוט זיך אַ שטעל אויף):

הער דאָקטער, איר וועט מיר זייער מוחל זיין (אַ קוק טוענדיק אויפן זייגער). איך וועל דאָך נאָך כאַפּן אַ פּראָטאָקאָל, איך מוז דאָך דעם געשעפט שליסן, איך...

דאָקטער (זעצט אים אַוועק):

אַז איר וועט ז י ך דענערווירן, וועל אויך איך ווערן נערוועז און דאַן וועט עס גאָר נישט טויגן... געזונט איז טייערער פאַר געשעפט, דאַרפט איר וויסן...

סוחר:

אָבער איך, הער דאָקטער, בין פולשטענדיק געזונט, הלוואי...

דאָקטער:

אַט־אַט־אַט, איר מ י י נ ט נאָר, אַז איר זייט געזונט...

סוחר:

וואָס מיינט עס איך מ י י ן ? איך בין טאַקע נאָך ביז אַהער (גיט אַ קלאַפּ דריי מאָל איז האָלץ פון שטול) קיין איין מאָל ערנסט קראַנק נישט געווען.

דאָקטער:

אַזוי זאָגט א י ר !!! זייט אַזוי גוט, טוט זיך אויס...

סוחר:

ליבער הער דאָקטער, שפּאַסן וועלן מיר אין אַ פרייערער צייט. לאָזט מיך גיין.

דאָקטער:

ווי פּאַסט עס פאַר אַ דערוואַקסענעם? טוט זיך אויס (העלפט אים אויסטאָן זיך). כ'וועל אייך באַקוקן און איר וועט זיך קענען גיין צו אייער פרוי, צו אייער געשעפט. (האָרכט אים אויס) אָטעמט, אָטעמט. מיטן פולן מויל

אַרויסלאָזן די לופּט. אַזוי. אַזוי. קערט זיך אום. הוסט. הוסט. שטאַר־
קער. שטאַרקער. (קוקט אים און לייכט אים אַריין אין צעעפנטן מויל).
מאַכט אַאַאַאַ... אַאַאַ... (פּויזע). נו, אַזוי, קערפּערלעך זעט איר אויס
צו זיין טאַקע פולשטענדיק געזונט. מאָלאָדיעץ. איר קענט זיך אָנטאָן.
און איצט וועט איר מיר גאָר דערציילן אַביסל וועגן אייערע קינדער־
יאָרן.

סוחר:
איר מאַכט דאָך, זעט אויס, טאַקע שפּאַס פון מיר, הער דאָקטער. זאָגט
מיר בעסער, ווי געפעלט אייך מיין צירונג, די בריליאַנטן?...

דאָקטער (טרויעריק־ערנסט):
צירונג, בריליאַנטן... וואָס עפּעס אין מיטן דערינען צירונג? וואָס פאַר
אַ בריליאַנטן? דערציילט בעסער...

סוחר:
איך פאַרשטיי נישט, הער דאָקטער, וואָס אינטערעסירן אייך מיטאַמאָל
מיינע קינדער־יאָרן? האָט איר אויסגעקליבן, האָט איר אינטערעס צו
דער צירונג? געפעלן אייך די זייגערס? די בריליאַנטן?

דאָקטער:
ליבער פריינד, פאַרגעסט אין די בריליאַנטן, צו וואָס טויג דאָס אייך?

סוחר (איבעראַשט, שטעלט זיך):
וואָס הייסט פאַרגעסן? איר לאַכט פון מיר, הער דאָקטער.

דאָקטער:
קיין דאָקטער וועט זיך נישט דערלויבן צו לאַכן פון זיינע פּאַציענטן.

סוחר:
זאָגט מיר, הער דאָקטער, ווער איז דאָ קראַנק, איך צי איר?

דאָקטער:
קען זיין, אַז איר זייט גערעכט. אָבער, אַז איר זייט געקומען צו מיר,
צו אַ דאָקטער, זייט איר דאָך זיכער, זיכער נישט מיט אַלעמען... פּאַרט
איר אָפּט אין ריאָ האַנדאָ?

סוחר:
און אַז איך פאָר יאָ?... און אַז איך פאָר נישט, איז וואָס?... איך זע
שוין, אַז קיין געשעפטן וועל איך מיט אייך נישט מאַכן. גיט מיר אָפּ די
צירונג און האָט מיר און זייט מיר...

דאָקטער:
זאָגט מיר, ליבער פריינד, אָבער נאָר דענערווירט זיך נישט. פון וואַנען,
מיינט איר, קומט צו אייך דער געדאַנק, צי די איינריידעניש וועגן צי־
רונג?

סוחר:

אַזוי ווי עס קומט צו אייך די איינריידעניש, אַז איר זייט אַ דאָקטער...

דאָקטער (אין אַ זייט):

שוין גאָר נישט קיין משוגענער. עפּנט, זייט אַזוי גוט, אויף נאָך אַמאָל דאָס מויל!

סוחר:

משוגע זאָלן ווערן מיינע שונאים (לאָזט זיך גיין צו דעם שאַכטל. דער דאָקטער פאַרהאַלט אים). איך האָב קיין צייט נישט, הער דאָקטער, דאָ מיט אייך צו שפּאַסן. מיין פרוי דענערווירט זיך זיכער. גיט מיר די בריליאַנטן אָדער דאָס געלט און — אַ סוף זאָל דאָס נעמען!

דאָקטער:

זעצט זיך, זייט אַזוי גוט, אַוועק. עס איז זייער נישט געזונט פאַר אייך זיך אומזיסט צו דענערווירן. אויב איר ווילט זען אייער פרוי, ביטע זייער, איך קען זי גלייך אַריינרופן...

סוחר:

וואָס טוט זיך דאָ? ווי קומט דאָ מיין פרוי?

דאָקטער:

איר האָט שוין פאַרגעסן... איר זעט, איר האָט אפילו פאַרגעסן, אַז איר זייט דאָ געקומען מיט אייער פרוי (לאָזט זיך צו דער טיר פון וואַרט־צימער, דער סוחר לאָזט זיך צו דעם שאַכטל, פאַרדעכטיק, וואָס עס איז גרינג, עפנט ער אויף. פוסט. דערשטוינט, ספּאַזמאַטיש וואַרפט זיך צום דאָקטער). ווו זענען די בריליאַנטן? איר האָט זיי ערגעץ?

דאָקטער (פרוווט אים אוועקזעצן):

פאַרגעסט אין די בריליאַנטן, דענער...

סוחר:

די בריליאַנטן אַהער! מערדער! די צירונג מיינע אַהער, רוצח! שווינד־לער!

דאָקטער (קלינגט־אָן. עס גייען אַריין צוויי דינער מיט אַ משוגעים־העמדל און אַ שרייענדיקן בינדן זיי אים און פירן אים אַרויס).

דאָקטער (אָנשקוזענדיק זיך אַ פאַרמאַטערטער):

שטאַרק, שטאַרק קראַנק... איצט זע איך, פאַרוואָס זיין פרוי האָט, דער־הערנדיק זיינע געוואַלדן, זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן... (גייט צו דער טיר פון וואַרט־צימער. רופנדיק אַ ווייטערדיקן פאַציענט) אַריין!... ביטע...

(פאָרהאַנג)

בוענאָס־איירעס, אַפּריל 1951.

## אַנטײלנעמערס:

יעקב גענס — יידן־עלטסטער, נאָענט צו 50 יאָר.

דעסלער — פּאָליציי־שעף אין געטאָ. פּנים פון אַ בופלאַקס. אַ יאָר 35.

זעליק — אַ שליח ביי גענסן; אַן עלטערער מענטש.

איציק וויטנבערג — קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנער אין געטאָ, אַ יאָר 35.

יוסף גלאַזמאַן
אַבראַשע כווויניק
אַבאַ קאָוונער
ניסן רעזניק
יחיאל שיינבוים — מיטגלידער פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב. אַלע 20־30 יאָריקע.

סאָניע — קעמפערין. מיטגליד פון אַ פּאַרטיי־קאָמיטעט אין געטאָ.

אסתר — וויטנבערגס חברטע.

הירשל
יאַנקל
שלמה
בערל
ברוך — סתם יידן אין פאַרשיידענעם עלטער.

דער טויזנטער — פון דער אונטערוועלט.

חיים
זיסקאָוויטש
חנה — קעמפער.

עניעלע — איר קינד אין 10־יאָריקן עלטער.

מאַן
פרוי — פּאַרפאָלק, ביידע אין די מיטעלע יאָרן.

יודעשל — אַ יתומהלע, אַדאָפּטירט קינד פון מאַן און פרוי.

סימע שאַפּיראָ — זינגער.

סאָליסט — פון געטאָ־טעאַטער.

קאָנפעראַנסיע — פון ספּעקטאַקל „פינף מינוט פאַר צוועלף“.

רעזשיסער

מאַיאָר — פון געשטאַפּאָ.

קיטעל — אָבערלייטענאַנט פון געשטאַפּאָ.

אַקטיאָרן, יידן, יידישע פּאָליציי, פּאָליציי־קאָמיסאַרן, צוויי געשטאַפּאָ־לייט

די האַנדלונג קומט פאָר אין ווילנער געטאָ אין מעת־לעת פון 16טן אויפן 17טן יולי 1943. דאָס זיבעטע בילד (עפּילאָג) קומט פאָר מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער.

# ערשטער אקט

## בילד איינס

# אין טעאַטער

אָרעמער קאַפע־לאָקאַל ווו אויף אַ קליינער בינע ווערט געוויזן אַ רעווי־פאָרשטעלונג. די צושויער זיצן אַרום טישלעך און טרינקען טיי אַחער קאַווע. אין דער לינקער זייט בינע, אין קאַפע, געפינט זיך אַ טעלעפאָן־ביידל. אין דער רעכטער זייט — אַ טיר צום גאַס. די פענצטער — פאַרהאַנגענע לויט די לופט־שוץ־פאָרשריפטן. דער זייגער ווייזט 11 אַוונט. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך האַלט שוין די רעווי־פאָרשטעלונג ביים סוף. נאָענט פון דער בינע זיצן ביי טישלעך די עליטע פון געטאָ: פּאָליציי־קאָמיסאַרן, באַאַמטע פון יידן־ראַט. דעם סאַמע חשובסטן אָרט פאַרנעמען ביי אַ טישל יעקב גענס און דעסלער מיט זיין פרוי.

אַלע יידן אין געטאָ גייען אָנגעטאָן אויף דער רעכטער זייט פּלייצע און ברוסט געלע מגן־דודס. די פּאָליציי־קאָמיסאַרן טראָגן אויף דעם רעכטן אַרבל וויס־בלאָע בענדער מיט ווייסע מגן־דודס. גענס און דעסלער גייען אין לאַטעס. זיי טראָגן בלויז אויף די אַרבל ווייס־בלויע בענדער מיט גאָלד־אויסגעשטיקטע מגן־דודס. די קאָמיסאַרן טראָגן מיליטערישע גראַנאַטענע היטלען מיט מגן־דודס אויף זיי. דעסלער טראָגט אויך אַ לעדערנעם מאַנטל. גענס איז אָנגעטאָן ציוויל.

די אויפמערקזאַמקייט פון עולם איז, אַ חוץ צו דער בינע, געווענדט צו גענסן און צו דעסלערן, לויט וועמענס אויסדרוק פון די פּנימער, דער עולם שאַצט די לאַגע אין געטאָ אויף גוט אָדער שלעכט.

אַקטיאָרן:

(זינגען און טאַנצן):

מיר שפּאַנען צום בעסערן מאָרגן,<br>
מיר גייען צו אַנדערע טעג<br>
און כאָטש ס'איז די פרייהייט נאָך פאַרבאָרגן,<br>
דאָך ציט זיך פאָרויס אונדזער וועג!<br>
מיר זענען פון ווייטן דאָס לאַנד אַ באַנייטע<br>
צעצויבערט, צעבליט און צעבלומט,<br>
מיר' זענען די גלויבער אין אַט־אָ־דעם צויבער<br>
מיר' ווייסן אויף זיכער, עס קומט!

סאָליסט:

אין לעבנס־צייטן גרויע, שווערע,<br>
ווען שטורעם הערשט אויף גאָר דער ערד,

העלפט ניט דאָס פֿאַרגיסן טרערן,
העלפט ניט קלאָגן: „ס׳איז באַשערט!“
ס׳איז אַ ווינט וואָס וואָיעט אין געביין, —
דאָך, מיר וועלן אויפשטיין ווידער
און מיר וועלן ווייטער גיין.

אַקטיאָרן: (זינגען איבער דעם רעפריין, דער עולם אַפּלאָדירט. דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט, עס גייט אַרויס דער קאָנפֿעראַנסיע).

קאָנפֿעראַנסיע:
אַ ייִד האָט מיך היינט ביי דער אַרבעט געפֿרעגט: „זאָג מיר שלמה, ווען עס קומט אָן המנקען דאָס, וואָס דו ווינטשט אים, וואָס וואָלסטו אים געוווּנטשן?
— איך וואָלט אים געוווּנטשן איין קלייניקייט, האָב איך געענטפֿערט: — ער זאָל מאַכן אַ קאָפּ־וואַנע... (פּויזע) דריי מאָל זאָל ער אַריינשטעלן דעם קאָפּ אין וואַסער און צוויי מאָל זאָל ער אים אַרויסנעמען. (דער עולם לאַכט און אַפּלאָדירט, קאָנפֿעראַנסיע אַפּ הינטערן פֿאָרהאַנג. דאָס אַפּלאָדירן הערט אויף, ווען גענס אַ קוק־טועניש אויפֿן זייגער, הייבט זיך ראַשיק אויף און גייט גיך, ערנסט, שלענגלענדיק זיך צווישן די טישלעך, צום טעלעפֿאָן. דער עולם פֿאָרשט אים נאָך).

ברוך:
(צו זיין שכן הירשל)
ער זעט עפּעס היינט אויס צו זיין שטאַרק צעטראָגן.

הירשל:
אויב ער זאָל דאָס אפֿילו איין שמייכל געבן. זיצט די גאַנצע צייט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און זעט אפֿילו ניט וואָס מען שפּילט.

יאַנקל:
(ביי אַ צווייטן טיש צו די אַרומיקע שכנים)
הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן, ייִדן, עס טויג ניט. עס טויג ניט, זאָג איך אייך. איר האָט געזען סאַראַ פּנים ס׳איז ביי אים? און וואָס פֿאַראַ הויב ער האָט זיך מיט אַמאָל געגעבן פֿון טיש. ניין ייִדן, עס טויג ניט.

ברוך:
און אַז עס טויג ניט, רב ייִד, קענט איר אונדז עפּעס העלפֿן?

יאַנקל:
איך קען זיך אַליין אויך ניט העלפֿן.

ברוך:
און אַז עס טויג ניט, ווייס מען אָן אייך אויך... ווו זיצט איר, מיינט איר, ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן?
(דער עולם צעשמועסט זיך לעבעדיק, זופֿנדיק די געטראַנקען).

גענם:

(פאַרזעצנדיק זיין געשפּרעך אין טעלעפאָן)

ניין, הער מאַיאָר, ניין. איך פאַרזיכער אייך נאָך אַמאָל, אַז קיין אומ־געוווּנטשענע עלעמענטן זענען צווישן די יידן אין געטאָ ניט פאַ־ראַן... זיכער, הער מאַיאָר... 12 אַזייגער, הער מאַיאָר, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט (קוקט אויפן זייגער) אין דריי פערטל שעה אַרום... יאָ, הער מאַיאָר, אַלע וועלן דאַן שוין אין די שטיבער זיין... איך פאַר־זיכער אייך נאָך אַמאָל, הער מאַיאָר, אַז קיין געפאַר דראָט אייך ניט... יאָ, ער וועט זיין דאַן ביי מיר אין קאַבינעט... געוויס, הער מאַיאָר, צום ווידערזען... (הענגט אויף דאָס טרייבל, איז שטאַרק פאַרטראַכט, פאַר־זאָרגט, רעדט צו זיך אַליין) וואָס קען איך טאָן, וואָס קען איך טאָן? לאָזן אונטערגיין די גאַנצע געטאָ צוליב איינעם? ניין, ניין! צוואַנציק טויזנט, זענען מער ווי איין־און־איינציקער... אפשר, אפשר וועט זיך מיר ד אָ ך איינגעבן זיי דורכן גיהנום דורכצופירן... (פּויזע, שטאַר־קער פאַרטראַכט, אויסזיפצנדיק) שווער, אָ, ווי שווער!

(גייט צוריק צו זיין טיש מיט אַ געמאַכטער רואיקייט. עס באַווייזט זיך צווישן פאָרהאַנג דער קאָפּ פון קאָנפעראַנסיע)

קאָנפעראַנסיע:

דער פאָרלעצטער נומער פון אונדזער פּראָגראַם. איר וועט הערן איצט אין דער אויספירונג פון פימע שאַפּיראָ — כתריאל ברוידאָ — „פרויען". מוזיק — וועקסלער.

שאַפּיראָ: (ווייזט זיך פאַרן פאָרהאַנג, דער עולם אַפּלאָדירט. זינגט אונטער קלאַוויר־באַגלייטונג)

אַ שיינעם חלום האָב איך אויסגעטראַכט
אַ ליכטיקן, אַ קלאָרן,
אַז מיר אַליין האָט זיך שוין אויסגעדאַכט,
איך זע אים אויף דער וואָר...
און געוועזן איז מיין חלום באַשיידן:
נאָר אַ ווינקל, אַ היים, נאָר אַ דאַך,
און איך בין מיט מיין חלום געוועזן צופרידן, —
פאַרוואָס האָט מען מיר אויסגעלאָכט?
אַ לעבן גייט פאַרביי אין איינזאַמקייט,
די בעסטע צייט אין אומעט,
ווי לאַנג בין איך געוועזן, נו פרעג איך אייך,
מיט אַלע מענטשן גלייך?

רעפריין

פרויען, געבוירענע אין בייזע שעהן,
דאַן, ווען עס לויערט שרעק אויף יעדן טריט, —

אין שווערע קייטן ר׳זייט געשמידט.
שוועסטער! אויף אייך ליגט איצט דער יאָך דער גרעסטער,
צו אייער גרויסער נויט און מי און פּיין —
באַדאַרפט איר אויך אַ מאַמע זיין.
עס איז צעשטערט, פאַרוועוט דאָס גליק.
פון יאָרנלאַנג געשפּינט,
און עס איז אייך פרעמד די טרייסט, די פרייד
פון אייער אייגן קינד.
קינדער, איר זייט ווי שעפּעלעך, ווי רינדער,
איר טראָגט די זאָרג, די גרויסע, פאַר דער צייט,
איר קלערט און טראַכט, ווי אַלטע לייט.

(דער עולם אַפּלאָדירט. שאַפּירא זינגט איבער די לעצטע דריי שורות מיט דעם פאַלגנדיקן טעקסט):

קינדער, עס וועט געשען נאָך גרויסע ווונדער,
פאַר אייער זאָרג, פאַר אייער לייד און פּיין,
וועט נאָך אַמאָל אייך גוט אויך זיין!

(אָפּ)

ברוך:
איידער עס וועט פאַלן דער „ה״, וועט שוין (ווייזט אויף זיין קאָפּ) דער יוד אין דר׳ערד פוילן.

שלמה:
אין טעאַטער אָבער זאָגן דיר די אַקטיאָרן צו גאָלדענע גליקן...

הירשל:
אויף יענער וועלט!

ברוך:
איר האָט אַן אַנדער ברירה?

הירשל:
די ברירה איז ׳ביי זיי, ביי די יעקעס... און וויל יאָ, צי וויל ניט, מוז מען אָננעמען אַלץ פאַר גוט, אויב איר זייט ניט גרייט זיך קעגנצו־שטעלן מלכות (דער עולם מאַכט דערוויהשרנדיקע מינעס) נו, „העלדן״ מיינע, לאָזט זיך ניט... שטאַרקע מיטאַמאָל געוואָרן. ווען ס׳וועט קו־מען צו עפּעס, וועט איר ווידער לויפן זיך באַהאַלטן אין די מעלינעס.

שלמה:
בעסער אין באַהעלטעניש פון הונגער שטאַרבן, איידער גיין ווי אַ בהמה.

הירשל:
זיי וועלן אייך אין דער ערד אויך געפינען, רב ייד, און אויב די

דייטשן וועלן אייך ניט געפינען, זעגען (ווייזנדיק אויף די קאמיסארן און דעסלערן) זיי דא... אהא!

יאנקל:

איצט, ווען עס גייט אזוי גוט אויף די פראנטן, אומקומען... א חרפה, ווי איך בין א ייד. און ס'איז דאך שוין זיכער נענטער ווי ווייטער.

הירשל:

א טאג אויב דו ווערסט האבן צו דער גאולה, — וועלן זיי דיך פריער צערעכט מאכן און דערנאך אנטלויפן.

יאנקל:

און איך זאג אייך נאך אמאל, יידן, אז מען וועט אונדז מיט אייזער־נע ריטער דארפן שמייסן, אויב מיר זאלן איצט ניט ארויס גאנצע פון זייערע הענט.

(דעסלער גייט הוצפהדיק צווישן עולם צום טעלעפאן)

ברוך: (נאכקוקנדיק דעסלערן)

און מיין הארץ זאגט מיר, אז עפעס גרייט זיך.

בערל:

דיין הארץ ווארף ארויס. א נייער נביא ט'זיך געפונען.

(הייבט אן זינגען די לעצטע שורות פון רעפריין „פרויען", דער עולם כאפט אונטער).

דעסלער:

...יא, הער מאיאר, גענס וויל טאקע ניט ריזיקירן מיטן געטא, אזוי ווי איך האב פארויסגעזען... יא הער מאיאר, וויטנבערג וועט זיין (קוקט אויפן זייגער) ער ווארט שוין געוויס ביי גענסן אין קאבינעט... יא, הער מאיאר, אויך איך וועל זיין... איר קענט זיך פילן פולשטענ־דיק רואיק, אלע פארזיכטס־מיטלען האב איך אנגענומען. יא, הער מאיאר... צום באפעל, הער מאיאר! איינציקווייז וועלן מיר זיי אויס־שטיקן... צום באפעל, הער מאיאר... צום ווידערזען, הער מאיאר... (לייגט אוועק דאס טרייבל, פייפט אונטער פארטראכט) זיי האבן געמיינט, די באנדע, אז דעסלערן וועלן זיי כסדר טעראריזירן. מיט דעסלערן שפילט מען זיך ניט, ברידערלעך... און דו, גענס, בהמה, האסט גע־מיינט, אז ס'וועט דיר אלץ אזוי גלאטיק אראפגיין... ווייז זיי איין פינגער, וועלן זיי דיר אויפן קאפ אנמאכן... איצט וועסטו זיך שוין ניט ארויסדרייען, ברודערל, צוזאמען מיט מיר, צוזאמען מיט מיר. דער באלעבאס איבערן געטא איז דעסלער און ניט דער שוסטער־יונג — וויטנבערג. היינט, באלד וועל איך שמשונען אפשערן זיינע „גאלדענע" לאקענעס!

(ער גייט שמייכלענדיק צוריק צום טישל. דער עולם ווערט בארואיקט פון דעסלערס שמייכל. מען אפלאדירט, מען זאל ווייטער אנהייבן שפילן. דעסלער שמועסט מיט זיין פרוי. ער רויכערט א פייקע, זי — א ציגארעט).

קאָנפּעראַנסיע: (גייט אַרויס פאַרן סצענע־פאָרהאַנג)
יאָ, קעגן דעם, וואָס איר זאָגט „ליקווידאַציע פון געטאָ“... איך האָב הײַנט געפרעגט (אַנווײַזנדיק אויף דעסלער) אונדזער פּאָליצײַ־שעף: „וואָס איז דער אונטערשייד פון אַ טיילווייזער ליקווידאַציע פון געטאָ, ביז אַ פולשטענדיקער ליקווידאַציע?“. דער שעף האָט ניט לאַנג געטראַכט און געענטפערט: „ווען מען פירט אַרויס פון געטאָ צען טויזנט ייִדן און מיך לאָזט מען איבער, איז דאָס אַ טיילווייזע ליקווידאַציע, ווען מען פירט אָבער אַרויס מיך און ס'בלייבן נאָך איבער צען טויזנט ייִדן אין געטאָ — איז עס אַ פולשטענדיקע ליקווידאַציע.
(דער עולם לאַכט הויזקנדיק. דעסלער אומצופרידן). אַלזאָ ליבער עולם, דער לעצטער נומער פון אונדזער פּראָגראַם: „משה, האַלט זיך!“, טעקסט כתריאל ברוידאָ, מוזיק — וועקסלער. אויסגעפירט פון גאַנצן אַנסאַמבל.
(אַפּלאָדיסמענטן. קאָנפּעראַנסיע אָפּ. סצענע־פאָרהאַנג עפנט זיך. דער אַנסאַמבל זינגט און טאַנצט אויף דעם רעפריין).

אַנסאַמבל:
משה האַלט זיך, משה האַלט זיך!
זע, ניט צעפאַל זיך, האַלט זיך משה פעסטער!
משה האַלט אויס, גליטש זיך ניט אויס
און געדענק, מען דאַרף אַרויס...

שאַפּירא:
מײַן ברודער משה לעבט אין שרעק,
ער טראַכט, ווו לויפט מען דאָ אַוועק,
ווו קען מען זיך באַהאַלטן?
משה, הייב זשע הויך דעם קאָפּ,
פאַל ביי זיך נאָר ניט אַראָפּ,
געדענק מען וועט אַרויס!

אַנסאַמבל: (זינגט און טאַנצט ווידער אויף דעם רעפריין. דער עולם זינגט מיט און אַפּלאָדירנדיק צעגייען זיי זיך פון קאַפע שמועסנדיק צווישן זיך).

בערל:
(גייענדיק צום טיר)
הלוואי פון זיי אין גאַטס אויערן אַרײַן (זינגט אונטער) משה האַלט זיך און געדענק, מען וועט אַרויס!
(עס ווערט פינצטערלעך, גענס גייט צום טעלעפאָן־ביידל, ווו עס ווערט ליכטיק. ער רעדט אין טעלעפאָן. דעסלער מיט זײַן פרוי בלײַבן ביים טיש. זײַן פּנים באַלייכט זײַן צעצונדענע פּייקע. שמועסט מיט זײַן פרוי. שמייכלט אָפּט).

גענס:
(אַ מידער, הערט זיך צו, וואָס מען רעדט צו אים אין טעלעפאָן. פון צייט

צו צייט שאָקלט ער ניט ווילנדיק צו מיטן קאָפּ און ענטפערט: „יאָ, הער מאַיאָר“. לענגערע פּויזע).

דאָס קען איך ניט וויסן, הער מאַיאָר, (פאַרשטשעמענדיק די ליפּן) ס׳הייסט... יאָ, הער מאַיאָר, ער וועט זיכער זיין. ער וואַרט שוין גע־וויס... אייך וועט גאָרניט געשען, הער מאַיאָר... יאָ, יאָ, מיט דער גאַנצער געטאָ בין איך פאַראַנטוואָרטלעך... אין אַ 20 מינוט אַרום... (פאַלנדיק אויפן שטול דערביי) צום ווידערזען, הער מאַיאָר... (לייגט אוועק דאָס טרייבל, ווישנדיק דעם שווייס פון פּנים, פאַרמאַטערט) שווער, אך, ווי שווער... די יידן קוקן אויף מיר ווי אויף זייער מלאך־המושיע און בעטן רחמימדיק „ראַטעווע״! (פּויזע. די אויגן צום הימל) ראַ־טע־ווע, ראַטע־ווע די לעצטע יידן פון ירושלים ד׳ליטא! (קוקט אויף זיינע הענט און רעדט צו זיי) פאַרבלוטיקטע הענט, אָבער געראַטעוועט צוואַנציק טויזנט יידן דערווייל. און אויב אפילו צען טויזנט יידן וועלן בלייבן, ט ו י ז נ ט, וועט א י ר הענט מיינע, זיך ווייטער מוזן טונקען אין יידיש בלוט, כדי די טויזנטער צו ראַטעווען. טויזנט, וואָס וועלן דאַרפן פאַרבייטן די אויסגעשאָכטענע מיליאָנען. (פּויזע) די געשיכ־טע... זאָל מען מיך פאַרמשפּטן, זאָל מען זאָגן, אַז איך האָב ניט גע־האַט קיין רעכט צו האַנדלען מיט יידישע לעבנס. זאָל מען... ווי דער־לעבט מען שוין אָבער צו דער צייט, ווען מען וועט מיך משפּטן. (פּויזע) ראַטעווען! וואָס מער יידן ראַטעווען! וואָס מער צייט געווי־נען. ניט געבן דער געשטאַפּאָ קיין אויסרייד, אַז צוליב דעם, וואָס מיר פאַסן זיך ניט צו צו זייערע פאַראָרדענונגען, דאַרפן זיי אונדז ניט האָבן, מוזן מיר דעריבער פאַרניכטעט ווערן. זיין אין אָרדענונג. געווינען צייט. די פרייהייט מוז קומען! (לאַנגע פּויזע. קוקט אויפן זייגער) נאָך 15 מינוט!... איך וועל פון זינען אַראָפּ... (פאַרטראַכט זיך, בלייבנדיק אַ מידער אין שטול, קומט ביסלעכווייז צו זיך. הייבט אָן צו ברומען דעם ניגון מיט די ווערטער „משה האַלט זיך!״ און ענדיקט אויפשטעלנדיק זיך און גייענ־דיק צום טיר מיט פּאַטאָס) משה האַלט זיך! האַלט זיך! (אָפּ).

**דעסלער:** (מיט דער פרוי שטעלן זיך. ער קוקט נאָך טייוולאַניש געגנסן. ווען געגנס איז שוין אַרויס, לאַכט ער זיך זיגעריש פונאַנדער. די פרוי רויכערט).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

ש. קאַטשערגינסקי

ב י ל ד צ ו ו י י

# אין קאַבינעט פון יידן־עלטסטן

בײַ גענסן אין קאַבינעט. פאַרהאַנגענע פענצטער. אַרום 12 אַזייגער בײַנאַכט. עס לויכט אַ שטיי־לאָמפּ איבער שרײַבטיש. אין די פאָטעלן זענען צוזעצט די מיטגלידער פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב: איציק וויטנבערג, קאָוונער, גלאַזמאַן, כוויניק, שיינבוים, רעזניק. בײַם טיר זיצט זעליק. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצן אַלע אין דערוואַרטונג אויף גענסן און דעסלערן. רויכערן.

זעליק:

(עפנט אויף די טיר צום גאַס, קוקט אַרויס אין דרויסן).

ניט מען הערט און ניט מען זעט וועמען. אַז מער ווי טעאַטער ליגט זיי ניט אין קאָפּ (פאַרקלאַפּנדיק די טיר) און איך האָב נאָך פאַראַיאָרן געטענהט, אַז אויף אַ בית־עולם מאַכט מען ניט קיין קאָנצערטן (פּויזע) קאָנצערטן האָט זיך זיי פאַרוואָלט... טעאַטער... וואַרט, וועסט נאָך זען מאַטקעלע, וואָס די קאָנצערטן אין געטאָ וועלן אונדז אָפּקאָסטן (פּויזע) אויף גאַנצענע נעכט גייט מען אַוועק און די געטאָ... אוי, הלוואי זאָל איך ליגן זאָגן...

רעזניק:

ניט די קאָנצערטן ר' זעליק וועלן העלפן און אויך ניט אייער בייזערן זיך. מיינט איר, אַז שרייען אין דער וועלט אַריין וועט העלפן מער ווי טעאַטער שפּילן?

זעליק:

אָט, דו, נאַרולע דו, מיר, זעליקן, דאַרפסטו דאָס זאָגן? וועמען, וועמען, אָבער זעליקן? (בייזערט זיך ווידער) אָבער ז יי, די טוער אונדזערע, וואָס האָבן זיי זיך דאָרטן פאַרשפּילט? זיי האָבן אייך דאָך געשיקט רופן, וואָס מיינען זיי זיך, מיט יינגעלעך, האָבן זיי צו טאָן? איך וואָלט זיי... (עס טוט זיך ראַשיק אַן עפן די טיר און עס קומען אַריין גענס, דעסלער) אאא... געקומען. אַז מען דערמאָנט דעם מלאך... (גענס, דעסלער, שווייגנדיק קערן זיך אום צו זעליקן) אַ גוטער אָוונט אייך מתים!

גענס:

(שמייכלענדיק)

זעליק מיט זיינע חכמות (פּויזע) און פאַרוואָס זיצט מען דאָס אין דער פינצטער, האָ, זעליק?

זעליק:

(מאַכנדיק ליכטיקער).

עס זאָל ליכטיקער זיין צו טראַכטן.

דעסלער:

(זיצנדיק אין א זייט, רויכערנדיק זיין ליולקע, סאַרקאַסטיש)

**אַ נייער פילאָזאָף.**

זעליק:

**ווען עס געפעלט ניט, יענער זאָל...**

גענס:

(האַקט איבער זעליקס רייד) **זעליק!** (זעצט זיך אויבנאָן)

זעליק:

(מרוטשענדיק) **„זעליק", „זעליק"** (ניט צופרידן, אַפּזיפּצנדיק) **איי ייִדן, ווי גוט איך איז, וואָס איר ווייסט ניט, ווי שלעכט איך איז.**

גענס:

(צו דעסלערן וועגן זעליקן)

**זע נאָר, זע, אַ גאַנצער פילאָזאָף... אויף דער עלטער גאָר אַ נביא גע־וואָרן...**

כוויניק:

**וואָסי, וואָס איז שוין ווידער?**

גלאַזמאַן:

**וואָס עפּעס ווידער, דאָס זעלבע וואָס פאַראַיאָרן, וואָס נעכטן, וואָס היינט און וואָס מאָרגן.**

גענס:

**גיין, מיינע הערן, גאָר אַנדערש וואָס פאַראַיאָרן, גאָר אַנדערש** (באַטראַכט דעם עולם) **אַנדערש דערפאַר, ווייל פאַראַיאָרן האָבן מיר זיך גאָרניט געקענט העלפן און** (קוקנדיק אויף וויטנבערגן) **ה י י נ ט קענען מיר זיך העלפן, האָבן מיר אויסצוקלייבן, זיין, אָדער ניט זיין!**

וויטנבערג:

(לאַנגזאַם)

**מאָדנע דבורים הערן מיר פון אייך, הער גענס. עפּעס רעדט איר מיט רמזים. אדרבא אויב עס דראָט אַ סכנה דער געטאָ — זאָגט, באַהאַלט ניט. און אויב מיר קענען העלפן, ווייסט איר דאָך געוויס, אַז מיר וועלן זיין ניט פון די לעצטע אונטערצושטעלן אַ פּלייצע. בכן, אין וואָס גייט עס, אין ו ו ע מ ע ן גייט עס?**

גענס:

**אין אייך הער וויטנבערג.**

וויטנבערג:

**אין אונדז מיינט איר געוויס, הער גענס, איך בין בלויז איינער.**

גענס:

**אָט, אָט, אָט... טאַקע אין אייך איינעם.**

קאָוונער:

ניט נאָר וויטנבערגן, הער גענס, האָט איר דאָ גערופן.

גענס:

ריכטיק, אייך אַלעמען (פּויזע) צוליב איינעם.

כווייניק:

וואָס, שוין ווידער די אַלטע געשיכטע?

גענס:

יאָ מיינע הערן. די געשיכטע הייבט זיך ערשט איצט אָן פון דאָס ביי (אַלע קוקן זיך איבערראַשטע איבער. פּויזע) די געשטאַפּאָ פאָדערט ווידער וויטנבערגן (פּויזע) און אויב איר ווילט, אַז דאָס גאַנצע געטאָ זאָל ניט אומקומען, מוז וויטנבערג ביז 10 אַזייגער אינדערפרי זיך איבערגעבן דער געש...

גלאַזמאַן:

(האַקט איבער)

צי בלויז צוליב דעם האָט איר אונדז גערופן?

קאָוונער:

דאַן איז אייער טרחא געווען אַן אומזיסטע. איר ווייסט דאָך אונדזער שטעלונג אין דעם ענין...

גענס:

אַז...

קאָוונער:

ביטע זייער, אויב איר ווילט קען איך אייך נאָך אַמאָל דערמאָנען: „אויב אַ שטאַב־מיטגליד ווערט אַרעסטירט, באַטראַכטן מיר דאָס ווי אַן אָנהויב פון דער פאַרניכטונג פון געטאָ און אין אַזאַ פאַל גייען מיר אַרויס אין קאַמף קעגן אונדזערע אָנגרייפער, ווער זיי זאָלן ניט זיין“.

גענס:

(נעדעמפּט)

אַנדערהאַלבן יאָר ווי אין געטאָ איז שטיל...

זעליק:

שוין איינמאָל שטיל.

גענס:

(אין כעס)

זעליק!... (פּויזע) דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די אַלטע לייט, זענען מיר אַליין אויך ניט ווייניק שולדיק, מען האָט ניט געטאָרט פאַרגעסן, אַז מען געפינט זיך אין אַ געטאָ. מען טאָר ניט בפני כל עם ועדה, אַז ליטווינער, פּאָלאַקן און די דייטשן זאָלן זען ווי די יידן טראָגן פון שטאָט אין געטאָ ברויט, מעל און צוקער... און אַז געשטאַ־

פֿאַ וואָלט געכאַפּט עמעצן פֿון דער גוישער באַפֿעלקערונג מיט אַזוי פֿיל פּראָדוקטן, וואָלט מען זיי, מיינט איר, איבער די קעפּלעך געגלעט? (ווידער נעדעמפּט) אַנדערהאַלבן יאָר ווי אין געטאָ איז פֿאַרהעלטנסמעסיק רואיק. יאָ. איך האָב אַלץ געטאָן כּדי דער געטאָ רו צו ברענגען. איך אויף ווייטער, האָב איך אַלע סימנים, אַז ס'וועט צו קיין נייע אויפֿטרייסלונגען דאָס געטאָ ניט געבראַכט ווערן. אָט האָט נעכטן די מיליטער־מאַכט באַשטעלט אין די געטאָ־וואַרשטאַטן אַרבעט אויף דריי חדשים. אין היינטיקע צייטן, ווען יעדער טאָג קען ברענגען צו אַן איבערברוך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, פֿון וואָס אויך מיר זאָלן געהאָלפֿן ווערן, אין היינטיקע צייטן, אַז מיר האָבן אַזאַ באַשטעלונג, הייסט עס, אַז אונדזער געטאָ איז אויף דריי חדשים שוין געזיכערט. (פּויזע) אויך די געשטאַפּאָ איז גענויגט דאָס געטאָ ניט צו רירן...

שיינבוים:

איז דאָך גוט.

גענס:

וואָלט ג ע ו ע ן גוט, ווען ניט דער דורכפֿאַל פֿון אייער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט. (פּויזע) ווען ניט אייער חבר קאָזלאָווסקי, וואָס האָט ניט קענענדיק ביישטיין די עינויים אין דער געשטאַפּאָ, אויסגעזאָגט, אַז אין געטאָ איז דאָ אַ פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר וויטנבערג, וואָס...

כּוויניק:

(האַקט איבער)

אָבער מיר האָבן דאָך דעם ענין שוין געהאַלטן פֿאַר אַ דערליידיקטן נאָך מיט פֿינף וואָכן צוריק.

גענס:

יאָ, מיינע פֿריינד. אַזוי האָט דאָס דאַן אויסגעוויזן. די געשטאַפּאָ האָט דאַן אָנגענומען פֿאַר גוט געלט מיין פֿאַרזיכערונג, אַז וויטנבערג, איז אין געטאָ געשטאָרבן. איצט אָבער האָט זיך געשטאַפּאָ דערוווּסט, — אַז אין געטאָ האָבן זיי צווישן די יידן אויך זייערע מענטשן, איז אייך זיכער באַקאַנט מיינע הערן! — אַז וויטנבערג לעבט. אַז ער איז אין געטאָ. און אַז ביז 10 אַזייגער אינדערפֿרי דאַרף ער זיך ווייזן פֿאַרן געטאָ־טויער...

שיינבוים:

און אויב ניט?

גענס:

גייט געשטאַפּאָ אין געטאָ אַריין. (פּויזע) אַלזאָ מיינע הערן?

קאָוונער:

אונדזער באַשלוס וועלן מיר ניט ענדערן.

גענס:

הייסט עס איר ווילט, אַז צוליב איינעם זאָלן צוואנציק טויזנט אומשולדיקע אומקומען.

קאָוונער:

ניין, דאָס הייסט ניט, דאָס ווילן מיר ניט, דאָס זאָגט איר גאָר אַזוי (פּויזע) ניט וויטנבערגן וויל די געשטאַפּאָ — דאָס גאַנצע געטאָ ווילן זיי. וויטנבערג איז בלויז אַן אויסרייד.

דעסלער:

אַהאַ...

גלאַזמאַן:

יאָ, יאָ און ניט אַהאַ. היינט גיב זיי איינעם, מאָרגן וועלן זיי פאָדערן טויזנט און איבערמאָרגן... עך, שוין צייט צו פאַרשטיין זיך אויף זייערע קונצן.

גענס:

ווען זיי וועלן פאָדערן, וועל איך דאַן זען, וואָס איך האָב צו טאָן.

שיינבוים:

— וואָס אַ שטייגער וואָלט איר דאַן געטאָן?

דעסלער:

(רואיק פון אָרט)

געגעבן...

גענס:

געגעבן, כדי צו ראַטעווען וויפל עס לאָזט זיך.

(אַלע הייבן זיך אויף אויפגערעגטע פון די ערטער. בלויז וויטנבערג בלייבט רואיק ווייטער זיצן, פאַרבייסנדיק פון צייט צו צייט די ליפּן. דעסלער קוקט כסדר נערוועז אויפן זייגער און גייט אַ פּאָר מאָל אַרויס פון קאַבינעט און קומט אַריין, שפּאַנענדיק מיט די הענט אויפן הינטן, רויכערנדיק).

גלאַזמאַן:

(צו גענסן)

צוליב דעם האָט איר אונדז דאָ גערופן אַהער? (צו וויטנבערגן) חבר קאָמאַנדיר, באַפעלט איר צו גיין פון דאַנען?

גענס:

ווילט איר הייסט עס, מיינע הערן, ניט אַנדערש ווי די פאַרניכטונג פון געטאָ?

אַלע:

ווער וויל?!

גענס:

(שטילער)

ביטע זעצט זיך. צו וואָס זיך גלאַט דענערווירן. לאָמיר אַלע רואיק

באַטראַכטן די געשאַפענע לאַגע (איינציקווייז זעצן זיך אַלע. זעליק איז פאַר־טראַכט. פויזע) מיר מוזן זיך דאָך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען מיינע פריינד. באַטראַכט זיך: יידן ווילן לעבן. איצט נאָך מ ע ר ווי פריער. די דייטשן טרעטן כסדר אָפּ. איז אונדזער אויפגאַבע אין איצטיקן מאָ־מענט ק ל ו ג אויסצונוצן די סיטואַציע און זיך באַמיען מיט אַלע מעגלעכקייטן דורכצוגליטשן זיך דורך זייערע הענט (פויזע) איר האָט אַ טעות אויב איר מיינט, אַז עס וועט זיך אייך איינגעבן איצט מיט־צוציען די יידן אין אומזיניקן קאַמף קעגן די דייטשן. איר קענט ניט אויב אַזוי, מיינע פריינד, די שטימונגען אין געטאָ פאַר דער לעצטער צייט. יידן זוכן איצט פאַרשיידענע המצאות ווי אַזוי איבערצולעבן און דאָס ק ע ן קומען אויב קיינער אין געטאָ וועט ניט שטערן מיינע באַמיאונגען. (פויזע) אייער אומזיניקער באַשלוס, דאַרפט איר וויסן, איז דאָס זעלבע, וואָס נעמען אויסשעכטן צוואַנציק טויזנט יידן. אויף אייער קאָפּ וועט פאַלן די גרויסע זינד וועו צום טאָג פון גאולה וועט קיין איין ווילנער ייד ניט בלייבן. קיין איין ייד — אַ קרבן־עדות, וואָס זאָל פאַר דער גאַנצער וועלט אויפדעקן די מעשים תעתועים פון די נאַ־ציס. איר טראַכט מיינע פריינד כסדר וועגן נקמה, אָבער צי ווייסט איר דען ניט, אַז טויטע קענען קיין נקמה ניט נעמען? (פויזע).

גלאַזמאַן:

איך האָב געמיינט הער גענס, אַז איר האָט זיך שוין אויסגעהיילט פון דער קרענק צו גלויבן אין חסד פון דער געשטאַפּאָ. אויב נקמה נעמען — איז א י צ ט די צייט. א י צ ט, ווייל ווי זאָגט איר — טוי־טע קענען קיין נקמה נ י ט נעמען. פולשטענדיק ריכטיק. און וואָס שייך די יידן — זאָרגט זיך ניט פאַר אונדז, זיי וויסן שוין זייער גוט, וואָס אַזוינס עס זענען די צוזאָגענישן פון די דייטשן.

דעסלער:

און קעמפן מיט וואָס וועט איר, מיט די פינגער? כע... כע... כע...

כווויניק:

זאָרגט זיך ניט, הער פּאָליציי־שעף, נאָר זאָרגט זיך ניט פאַר אונדז (פויזע) און אויב עס וועט אונדז פעלן געווער וועלן מיר מיט העק און מיט מעסערס, מיט אייזנס און אפילו מיט זודיק וואַסער קעמפן. אין זייערע שמוציקע גאָרגלען וועלן מיר זיך איינבייסן...

דעסלער:

דעקלאַמאַציע...

שיינבוים:

מיר זענען ניט קיין אַקטיאָרן הער פּאָליציי־שעף. און ניט מיט קיין טעאַטער־רעוואָלווערן וועלן מיר שיסן. איר וועט זיך קענען איבערצייגן.

גענס:

עד, טרוימער, וואָס איר זייט, בעלי־חלומות, פאַנטאַזיאָרן, קינדער (פויזע) האָט ווער פון אייך כאָטש אין מיליטער געדינט?

שיינבוים:

אויך ניט קיין מיליטער־לייט קענען אַ שלאַכט געווינען, אַזוי ווי עס קענען ניט זעלטן אויך פאַרשפּילן גענעראַלן אפילו.

דעסלער:

(טוט סאַרקאַסטיש אַ לאַנגן פייף)

זעליק:

ס'פייפט זיך אים (טראַכט ווייטער)

גענס:

אַלזאָ מיינע הערן, לײדער איז ניט די צייט איצט אויף דיסקוסיעס.

כוויניק:

„דאָס וואָרט באַקומט דער חבר רעוואָלווער!"

גענס:

ווילט איר הייסט עס אומברענגען דאָס געטאָ?!

שיינבוים:

מיר ווילן און וועלן פאַרטיידיקן די געטאָ־באַפעלקערונג!

גענס:

ניין, אומברענגען ווילט איר.

שטאַב־מיטגלידער:

(אויסער וויטנבערגן)
פאַרטיידיקן!!!

זעליק:

(הייבט זיך אויף אַנטשלאָסן)
ששששא... איך האָב אַ פּלאַן! (אַלע פאַרוווּנדערט, נייגעריק) הערט זיך איין, קינדער, געטראַכט, געטראַכט און כ'האָב זיך באַטראַכט. איך האָב אַ פּלאַן, א י ך בין זיכער, אַז מיין פּלאַן וועט אַ סוף מאַכן צו אייער־דע דיסקוסיעס (פויזע) איך וועל ראַטעווען דאָס געטאָ (אַלע נאָך נייגע־ריקער קוקן צו אים. פויזע) א י ך וועל זיך איבערגעבן אין געשטאַפּאָ אנשטאָט וויטנבערגן.

אַלע:

(אין פאַרוווּנדערונג)
זע־ליק!

זעליק:

יאָ, איך! זעליק! כ'וועל גיין און זאָגן, אַז איך בין וויטנבערג. טוט מיט מיר וואָס איר ווילט! (פויזע). איך האָב שוין מיינע יאָרן באַלד

אויסגעלעבט, כאָטש עס ווילט זיך נאָך זייער דערלעבן און זען מיט די אייגענע אויגן אונדזערע שונאימס מפּלה. אָבער סיי ווי סיי... כ׳בין אַן עלנטער... אַלעמען פאַרלוירן... וויפל דען האָט געפעלט, אַז אויך א י ך זאָל שוין ניט זיין. ס׳איז דאָך אַלץ בלויז אַ צופאַל, אַ נס, אַז אָך און אַז ווײַ צו אַזעלכע ניסים. איז אַ ן מיר. געווען אַמאָל אַ זעליק אויף דער וועלט... און ניטאָ... (פּויזע). איין זאַך אָבער בעט איך אייך איציק: אויב איר וועט דערלעבן די גאולה און ביי אייער פרוי וועט געבוירן ווערן אַ קינד מיט מזל — פאַרגעסט ניט זעליקן (וויטנבערג שטעלט זיך אויף אַ געריטער) איך בעט אייך, איציק, זאָגט מיר ניט אָפּ, לאָזט מיך גיין פאַר אייך. (זעצט זיך)

וויטנבערג:

(לאַנגזאַם)
צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות האָב איך די גאַנצע צייט פון דער טרויעריקער דיסקוסיע אַרום מיין פערזאָן גאָרניט געוואָלט זאָגן. אַזוי ווי דער שטאָב וועט באַשליסן, אַזוי וועל איך טאָן. (צו זעליקן) זעליק. מיין לעבן, וואָלט מיר אַלע מיינע יאָרן, אויב עס וואָלט מיר נאָך באַשערט געווען זיי צו האָבן, ניט איינגעגאַנגען, ווען איך וואָלט גע־ווּסט, אַז איך לעב אין זכות פון אַ צווייטן, וואָס איז אנשטאָט מיר. מיט מיין הסכמה. דערשאָסן געוואָרן, ע ר ג ע ר נאָך — פאַר־פייניקט געוואָרן. (פּויזע) זיכער. אייער ניט־באַגרייפלעכער, העלדי־שער ווילן מקריב צו זיין זיך, דעם לעצטן פון אַ משפּחה, לטובת מיר, לטובת הכלל. שטאַרקט מיך אין דער איצטיקער מינוט צו זיין גרייט אויף דאָס ערגסטע וואָס עס קען געשען. ניין, א י ך וועל זיין זעליק, איך וועל זיין, אויב מען וועט דאַרפן. אויב מען וועט מ ו ז ן, ד ע ר וואָס וועט דורכן טויט (מען קלאַפּט פּלוצים שטאַרק איר טיר. זעליק מאַכט אַ באַוועגונג מען זאָל ריידן שטילער, ער גייט אַרויס עפענען די טיר און דערזעענדיק 3 געשטאַפּאָ־לייט קערט ער זיך שוין צוריק ניט אום. דער מאַיאר מיט 2 געשטאַפּיסטן קומען אַריין. דעסלער שטעלט זיך אויף אַכטונג, געגנס פאַלט ווי אין אָנמאַכט)

דעסלער:

(מיט אַ געשריי)
אַכטונג, אויפשטיין! (אַלע שטעלן זיך איינציקווייז אויף)

מאַיאָר:

(באַקוקנדיק די מסיבה)
ווער איז דאָ וויטנבערג? (אַלע שווייגן) ווער איז וויטנבערג?! (אַלע שווייגן) די דאָקומענטן ביטע ווייזן. (קאָנטראָלירט די דאָקומענטן און רופט אויס לויט די נעמען. ווען ער נעמט וויטנבערגס דאָקומענט, לייענט ער) אַבראַם באַראַקס, (קאָנטראָלירט ווייטער, בייז פאַרוווּנדערט קוקט ער אויף דעס־

לערן און גנבֿסן און אויף די פּאַרזאַמלטע. צו דעסלערן) **שפּילן זיך מיט אייך, האָט איר מיך גערופן, וואָס?** (אויפגערעגטער צו גענסן) **ווו איז וויטנבערג?**

גענס:

(פּאַרלוירן, אַראָפּגעלאָזטע אויגן, הינטער אים קוקט שעלמיש דעסלער, אַנווייזנ־דיק אויף וויטנבערגן ניט דרייסט) **דאָס איז ער...**

מאַיאָר:

(צו די געשטאַפּיסטן)
**שמידן דעם דאָזיקן מאַן!** (געשטאַפּיסטן פּילן אוים דעם באַפעל. די שטאַב־מיטגלידער שטייען מיט פאַרקריצטע ציין, מאַיאָר אויפגערעגט צו גענסן) **און ווער זענען** (אַנווייזנדיק אויף די שטאַביסטן) **די יידן** (קוקט אויף דעסלערן, וועלכער ווינקט שעלמיש)

גענס:

**באַאַמטע פון יידן־ראַט...**

מאַיאָר:

**באַאַמטע... פון יידן־ראַט... הם...** (צו די געשטאַפּיסטן און וויטנבערגן) **אַפּמאַרש!** (וויטנבערג גייט לאַנגזאַם, נאָך אים די געשטאַפּיסטן, דער מאַיאָר, דעסלער).

גלאַזמאַן:

(צו גענסן)
**דו שמוציקער הונט, דו...!**

שיינבוים:

(וויל זיך וואַרפן אויף אים, קאָוונער האַלט אָפּ)
**אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ**

קאָוונער:

**אַזאַ פאַרראַט... אַזאַ פאַרראַט... וואָס מיינט איר, הער גענס, שווייגן וועלן מיר!?**

גענס:

(קומט צו זיך)
**רופט מיך מיינע הערן ווי איר ווילט: שמוציקער הונט, פאַררעטער... שיסט מיך** (רייסט אויף די העמד אויף זיך) **ביטע זייער — שיסט, שטעכט, טוט וואָס איר ווילט. בלויז מיר איינעם וועט איר אומ־ברענגען...** (פּויזע) **געראַטעוועט אָבער האָב איך צוואַנציק טויזנט. געראַטעוועט אָבער האָב איך צוואַנציק טויזנט.**

(עס דערהערן זיך עטלעכע שאָסן. אַלע בלייבן פאַרשטאַרט מיטן געוויסער צוגעשמידט צו די קולות פון גאַס. עס הערן זיך געשרייען: „רע־טעט! רע־טעט! רעטעט!" עס קומט צולויפן זעליק מיט אין בלוט איינגעריכטע הענט)

וועליק:

(וואַנזיניק. ניט קענענדיק קומען צו זיך)
**געשאָסן!.. גע־שאָ־סן... ער ־ איז ־ באַ ־ פרייט!**

אַליע:
ווער?!
זעליק:
איציק... (פאַלט אין שטול. עס הערן זיך אויסגעצויגענע סיגנאַל־רופן פון די קעמפער: „אַ־לאַ־רם! אַ־לאַ־רם!! אַ־לאַ־רם!”)
גענם:
(אַנכאַפּנדיק זיך פאַר די האָר ספּאַזמאַטיש)
דאָס געטאָ! דאָס געטאָ קומט־אום! ייִדן, ראַטעוועט־זיך! ראַטעוועט זיך!...

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

(סוף פון 1טן אַקט).

ש. קאַטשערגינסקי

# צווייטער אַקט

## בילד דריי:

# אין געיעג נאָך וויטנבערגן

פּאַרטאַג. גרויסער הויף. אין צענטער — דער אַריינגאַנג צום יידן־ראַט, ווו עס הענגט אַ שילד אין יידיש און אין דייטש „יודענראַט". אין זעלבן אַריינגאַנג ווינען אויך אויף די אויבערשטע שטאָקן געגנס און דעסלער. ביי די פּאַרטער־דירות — אַ פּלויט. עס איז נאָך קאַנטיק דער טונקל־בלויער שיין וואָס גיסט זיך פון בלויע נאַכט־לאַמפּ איבערן הויף. די שיין ווערט בלאַסער מיטן אָנקום פון פרימאָרגן. ביים פאַרמאַכטן פאָרהאַנג הערט זיך אַן אונטערערדיש געזאַנג:

אני מאמין באמונה שלמה בביאת המשיח,
ואף על פי שיתמהמה, עם כל זה אני מאמין,
אם כל זה אכבה לו בכל יום שיבוא.

דאָס געזאַנג ציט זיך אויך ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך און ביים אָנהייב פון דער האַנדלונג. עס הערן זיך ווייטע געשרייען: יידן, יידן, אַלע גלייך אויפן הויף פון „יידנ־ראַט!" צעשראָקענע מענער, פרויען, קינדער לויפן צום הויף זוכנדיק אַ רעטונג. טייל לאָזן זיך פון הויף ווייטער לויפן, דער גרעסטער טייל בלייבט אויפן הויף. זיי זאַמלען זיך פאַר די פענצטער פון יידנראַט.

שלמה:

(קומט אָן צו לויפן)

**מען ווייס דען וואָס דאָ טוט זיך? דוכט מיר אָקאָרשט אין טעאַטער געווען. שאַ, שטיל און מיטאַמאָל אַ נייע מעשה... וויי, וויי, וויי...**

(אָפּ).

פרוי:

(קומט אָן מיט יודעשלען אויף דער האַנט, דער מאַן שלעפּט זיך נאָך)

**וויי, וויי, יידן, זאָגט וואָס טוט זיך דאָ? שוין לאַנג שטיל געווען** (ברעכנדיק די הענט) **און זיי** (אָנווייזנדיק אויפן יידן־ראַט) **דער יידן־פּאַר־ראַט, האָבן דאָס אַזוי צוגעזאָגט, אַז ס'וועט שוין רואיק זיין, אַז קיינער וועט שוין אונדז ניט טשעפּען... יידן, יידן, וואָס טוט זיך דאָ? וויי, וויי איז צו אונדזערע יאָרן...** (פאַרנעמט זיך מיטן קינד אסתר קומט אָן אַ צעטומלטע, הערט זיך צו וואָס דער עולם רעדט, קוקט זיי אין די פּנימער. עס קומען אָן יאַנקל, הירשל, בערל).

ברוך:

(אַ צעשראָקענער קומט אָן)

**וואָס איז געשען, יידן, וואָס איז געשען?** (פּויזע) **אויב איינער זאָל אַ**



די ביכער־שאַנק א״נ פון ש. קאַטשערגינסקי, בעת דער אויסשטעלונג צום „חודש פון יידישן בוך״ אין דעם קהילה־סאַלאָן. בוענאָס איירעס 1954.

וואָרט זאָגן... יידן, נאָך וואָס זשע האָט מען אונדז דאָ גערופן אַהער?

יאַנקל:

איר האָט ניט קיין צייט ברוך? די געשעפטן אייערע ברענען? וואָרט אַביסל ט׳איר געוויר ווערן.

ברוך:

וואַרטן, אויף וועמען וואַרטן, אויף זיי (לויפנדיק ווייטער) אויפן יידן־פאַר...

דער טויזנטער:

(ניט קיין אויסגעשלאָפענער קומט אַן)

טויזנט קרענק זיי אין די ביינער (קוקט זיך אַרום) וואָס איז דאָ די גאַ־ראַטשקע, וואָס? וואָס לויפט מען, וואָס? שוין לאַנג שטיל געווען אפּנים... און זיי (ווייזט אויף די אויבערשטע שטאָקן) די פּריצים ליגן נאָך מיט זייערע ווייבער, טויזנט קרענק זיי אין די לייבער (צו יאַנקלען) הע, נאָך וואָס האָט מען אונדז דאָ גערופן אין מיצקע דערינען מיט אַ לאַמטערן אין הינטן?

יאַנקל:

איך זאָל אַזוי וויסן פון צרות מיט אייך צוזאַמען, ווי איך ווייס וואָס דאָ טוט זיך היינט.

הירשל:

קיין גוטס האָט די פינצטערע נאַכט אונדז זיכער ניט געבראַכט.

פרוי:

וואָס שווייגט איר יידן? מען דאַרף זיך ראַטעווען, ראַטעווען דאַרף מען זיך... וואָס שטייט איר און וואַרט מען זאָל קומען צו אייך? (דערזעט ווי אסתר גייט אַפּ) פריילינבקע, ווו איר גייט, גייען מיר אויך, איך זע, אַז איר גייט זיך באַהאַלטן (אסתר, פרוי, מאַן, יודעשל אַפּ).

(פויזע)

יאַנקל:

זי מיינט די יידענע, אַז מעלינעס וועלן איר העלפן, פּוסטע מעשיות...

בערל:

אָבער וואָס איז דאָ פּאַרט געשען? אויף וואָס פאַר אַ צרות האָט מען אונדז דאָ געהייסן קומען? (פויזע) אויף אַרבעט אפשר ערגעץ־ווו שיקן?

הירשל:

אויף ע ק ס ט ר ע אַרבעט, גראָבן גריבער פאַר זיך...

בערל:

טאָ וואָס זשע שווייגט איר? לאָמיר עפּעס טאָן!

דער טויזנטער:

„טאָן"... טויזנט קרענק זיי אין די ביינער, וואָס טאָן!?

הירשל:

(צום „טויזנטער”)

ביסט דאָך פון די שטאַרקע, נו, מויקע, ווייז וואָס דו קענסט... זיי
א י צ ט ע ר אַ שטאַרקער!

דער טויזנטער:

(צו הירשלען)

דו, הער אויף צו גרעבטשען, ווייל איך צעשנייד דיר באַלד אויף טויזנט שטיקער, צעשנייד איך דיר (די בהלה ווערט שטאַרקער. קוקנדיק צו גענסן אין די פענצטער), איך וועל זיי באַלד פון די בעטן אַרויסטרייבן, ווי איך בין אַ ייד (הייבט אָן סווישטשען. דער עולם פייפט און שרייט: „זאָל מען אַרויסגיין! אַרויסן אַרויס! וואָס האָט מען אונדז אַהער גערופן?!”)

הירשל:

עס זאָל גרינגער זיין די מלאכה.

יאַנקל:

וואָס פאַר אַ מלאכה, וואָס מאַלאַגיירעסטו?

הירשל:

אונדז אויסצושעכטן!

(ווידער געשרייען. אין מיטן טומל טוט זיך פלוצלינג אַן עפן אויף די באַלקאָן־טיר פון ערשטן שטאָק פון וואַנען עס קומען אַרויס גענס און דעסלער. פון עולם הערט מען אַ „ששש”, „ששש”, „זיי זענען דאָ!” „ששש...” אַלע פאַררייסן די קעפּ אין דער הויך, שטעלן זיך אויף די שפּיץ־פינגער, דער טומל לעשט זיך אויס. ז ע ל י ק גייט אַרויס פון דער אונטערשטער טיר פון יידנראַט און מישט זיך אוים צווישן עולם).

גענס:

(וואַרט אַביסל ביז עס באַרואיקט זיך)

איך האָב צענדליקער מאָל געוואָרנט דער געטאָ־באַפעלקערונג צו טאָן אַלץ, כדי ניט צו געבן קיין אויסרייד די דייטשן אַריינצומאַרשירן אין געטאָ און אונדז פאַרניכטן. (פויזע) די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָר האָט טאַקע די געטאָ־באַפעלקערונג פאַרשטאַנען ווי געהעריק אויפצוהיטן דעם געבאָט פון דער צייט, אַ דאַנק וואָס די לאַגע אין געטאָ האָט זיך געקענט סטאַביליזירן. נאָך די טעג האָב איך באַקומען פון דער דייטשישער מיליטער־מאַכט אַ באַשטעלונג פאַר די געטאָ־וואַרשטאַטן אויף 3 חדשים פאָרויס. איך דאַרף, מיין איך, ניט זאָגן, ווייל יעדער פאַרשטייט עס, וואָס דאָס באַדייט אין דער איצטיקער צייט ד ר י י חדשים. קורץ געזאָגט: דאָס קען באַדייטן, אַז מיר קענען האָבן די פולע האָפענונג אַרויסצוגיין ג אַ נ צ ע, געזונטע פון געטאָ.

יאַנקל:

דריי חדשים? אַ פראַגע נאָך צי מיר וועלן אַרויסגיין? די רוסן שטייען דאָך שוין ביי פּלאָצק.

(צושטימונג פון עולם: „אוודאי, אוודאי")

זעליק:

(צו יאַנקלען)

אַזאַ בעל־בטוח, רב ייד, זייט איר דאָס אין די דייטשן?

יאַנקל:

פאַרוואָס דווקא ניט גלויבן? וואָסי, עס איז אייך שוין מיאוס געוואָרן דאָס לעבן?

בערל:

(וועגן זעליקן)

אַז אַ מענטש האָט זיך ליב צו שפּאַרן, איז דאָך ניט שייך (פּויזע) זעליק ווייס בעסער פון גענסן... כאַ־כאַ־כאַ...

גענס:

(מאַכנדיק אַ באַוועגונג מיטן האַנט עס זאָל ווערן שטיל)

יידן! אין געטאָ געפינען זיך אָבער אַזעלכע יידן, וועלכע מיינען, אַז זיי וועלן זיך קעגנשטעלן מלכות. זיי מיינען, אַז זיי האָבן עטלעכע פּיסטאָ־לעטלעך וועלן זיי זיך קענען קעגנשטעלן דער געוואַלדיקער מיליטערי־שער קראַפט פון דער דייטשער מאַכט. זיי פאַרגעסן, די יינגלעך, אַז זיי שטעלן דערמיט ניט נאָר איין ז י י ע ר לעבן אין סכנה, נאָר אויך דאָס לעבן פון אונדז אַלעמען. אָט די אומפאַראַנטוואָרטלעכע יונ געלייט, האָבן היינטיקע נאַכט דערבראַכט דערצו, אַז מיר אַלע שטייען ערב מיתה...

(פון עולם: „אַ סקאַנדאַל", „ווער זשנען זיי?" „וויי־וויי!")

גענס:

היינטיקע נאַכט זענען געקומען אין געטאָ פאָרשטייער פון דער דייטשישער פּאָליציי און אַרעסטירט אַ געוויסן איציק וויטנבערג, וועגן וועמען די געשטאַפּאָ האָט באַקומען גענויע אינפאָרמאַציעס, אַז ער איז דער אָנפירער פון אַ פאַרטיזאַנער־גרופּע אין געטאָ. ווען די פּאָליציי האָט וויטנבערגן געפירט דורכן געטאָ, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אומבאַקאַנטע פאַרשוינען, וועלכע האָבן געשאָסן אין דער פּאָליציי און באַפרייט וויטנבערגן.

דער טויזנטער:

איך זאָל אַזוי האָבן די פּריי, זיי וועלן דאָך ברענגען אַן אומגליק אויף אונדז...

יאַנקל:

זיי האָבן שוין געבראַכט.

בערל:

און מיר אַלע דאַרפן דאָס ליידן צוליב זיי?

גענס:

יידן, איך האָב באַקומען אַ באַפעל פון דער מאַכט, וועמענס פאַר־שטייער עס וועט פאַר אייך דאָ באַלד ריידן, צוצושטעלן וויטנבערגן ביז 10 אַזייגער פאַרמיטאָג צו דער געשטאַפּאָ. דער פאָרשטייער פון דער מאַכט אָבערלייטענאַנט פרידריך קיטטעל... (עס עפנט זיך די באַל־קאָן־טיר, גענס בעט אַרויס העפלעך פון שטוב קיטטעלן אויף דעם באַלקאָן. קיטטעל גייט אַרויס שטייף, מיט אַ ליבלעכן שמייכל און צוגייענדיק גלייך צום פאַרענטש פון באַלקאָן הייבט ער אָן ריידן, ניט דערלאָזנדיק גענסן צו ענדיקן זיין פראַזע)

קיטטעל:

(העפלעך)

מיינע הערן. אין נאָמען פון דער דייטשישער מאַכט, קען איך אייך פאַרזיכערן, אַז דער געטאָ־באַפעלקערונג דראָט ניט קיין שום געפאַר אויב... אויב וויטנבערג וועט אַ לעבעדיקער ביז אין 4 שעה אַרום, פרע־ציז, ביז 10 אַזייגער, צוגעשטעלט ווערן פאַרן געטאָ־טויער צו דער דייַ־טשישער פּאָליציי. (פּויזע) איר דאַרפט פאַרשטיין, מיינע פריינד, אַז נאָר אַ דאַנק דעם וואָס די ווילנער געטאָ־באַפעלקערונג קומט מיט איר טיכטיקער אַרבעט צונויץ דער רייכסוועער איז מיר געלונגען איבערצו־צייגן מיין העכערער מאַכט, אַז פאַר דעם אומפאַרגעבלעכן פאַרפאַל הייַנטיקע נאַכט ביים אַרעסטירן וויטנבערגן זאָל דער ווילנער געטאָ גאָרניט געשען. וויטנבערג מוז אָבער צוגעשטעלט ווערן ניט שפּעטער אַ מינוט, ווי 10 דעם זייגער. מיט דעם וועט איר אויך באַווייזן, אַז איר אַלע האָט ניט קיין שום שייכות צו די אומפאַראַנטוואָרטלעכע עלע־מענטן אין געטאָ. אין פאַל אָבער, ווען דער באַפעל וועט צום טערמין ניט אויסגעפירט ווערן, וועלן מיר מוזן האַנדלען לויט די מיליטערישע געזעצן. (פּויזע) ביז דער צייט, ווערט קיינער צו דער אַרבעט אין שטאָט ניט אַרויסגעלאָזן. די מיליטער־אָפּטיילונגען, וואָס רינגלען איצט דעם געטאָ אַרום, וועלן אַריין אין געטאָ, אויב וויטנבערג וועט ניט אַרויס־געגעבן ווערן 5 מינוט נאָך 10. (פּויזע, קוקט אויפן זייגער) באַדענקט זיך מיינע הערן, באַדענקט זיך, איר האָט נאָך 4 שעה (העסלעך סאַלוטירט, ווען קיטטעל גייט צוריק אין שטוב אַריין. צווישן עולם ווערט אַ געמורמלעריי. גענס גייט אַרויס מיט קיטטעלן).

דעסלער:

(פּאַטעטיש)

יידן, ראַטעוועט זיך, ראַטעוועט אייערע פרויען און קינדער, וויפל זע־נען מיר דען פאַרבליבן? וויטנבערגן מוז מען געפינען!

דער טויזנטער:

צוליב איינעם זאָלן אומקומען טויזנטער? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן? (שרייט נאָך העכער) יידן וואָס שטייט איר?!

יאַנקל:

יידן, וואָס שטייט איר, וואָס טוט זיך מיט אייך? ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?! לאָמיר גיין זוכן, די צייט שטייט ניט אויף אַן אָרט.

זעליק:

איילט זיך ניט אַזוי יידן, די דייטשן וועלן סיי ווי סיי קומען צו אייך.

הירשל:

היינט וויטנבערגן און מאָרגן וועלן זיי אונדז קומען נעמען.

דער טויזנטער:

(צו הירשלען)

(מיט רוגזה) דו רוקסט זיך אַרויס, ווייל איך צעשנייד דיר באַלד אויף טויזנט שטיקער, זאָל איך אַזוי דערלעבן די פריי!

יאַנקל:

(צו זעליקן)

ר׳ ייד, איר ווילט ניט לעבן, האָט איר דאָך אַ ברירה (ווייזט זעליקן ווי זיך צו הענגען) — כיק — און אַ סוף.

בערל:

גיט זיי דאָרטן, אַז דער אומגליק זאָל זיי נעמען! (דער עולם וואַרפט זיך אויף הירשלען און זעליקן מיט געשרייען: „אומברענגען ווילט איר אונדז!” מען פאַלט אָן אויף זיי און מען שרייט זיי נאָך, יאָגנדיק: „אַרויס פון דאַנען, אַרויס, מיר וועלן אייך צעמורשטשען אויף שטיקלעך”. הירשל און זעליק ווערן זיך, אָבער זיי ווערן פאַרטריבן פון הויף).

יאַנקל:

לעבן, מיר ווילן לעבן!

המון:

לעבן! לעבן! מיר ווילן לעבן!!!

בערל:

די רוסן שטייען שוין ביי פּאַלאַצק. נאָך איין קלאַפּ און זיי זענען שוין ביי אונדז. לעבן, מיר ווילן לעבן!

המון:

מיר ווילן לעבן! נקמה נעמען!

דעסלער:

(באַרואיקנדיק מיט דער האַנט דעם המון, קוקט אויפן זייגער)

די צייט גייט. שרייען האָט ניט קיין שום זין. אַלע דאַרפן זיך לאָזן איבערן געטאָ. זוכן אין די מעלינעס, אויפברעכן זיי, אין די קעלערן, אויף די בוידעמער — אור־מע־טום! און אַז איר וועט גוט זוכן —

וועט איר געפינען! און טאָמער די אומפּאַראַנטוואָרטלעכע יינגלעך,
וועלן אייך ניט לאָזן זוכן און אייך שטערן — שטעלט זיך זיי קעגן.
האָט נאָר ניט קיין מורא פאַר זיי. נעמט וואָס יעדער איינער האָט נאָר
אונטערן האַנט — אַ שטעקן, אַן אייזן, אַ שטיין... מיין פּאָליציי וועט
אייך אויך העלפן.

המון:

(רייסנדיק די שטאַכעטן פון פּלויט און שטיינער פון הויף־ברוק שרייען זיי):

לעבן, לעבן, מיר ווילן לעבן!

דער טויזנטער:

(צו יאַנקלען לעבן וועמען ער שטייט)

פאַר איינעם זאָלן טויזנטער אומקומען... דאָס וועל איך ניט דערלאָזן.
א י ך וויל פאַר קיינעם ניט ליידן, גענוג מיינע אייגענע קלאָגן.
איך מוז אים פאַקן!

יאַנקל:

קום איך וועל דיר צוהעלפן. (צום המון) ניט מארודיענען. די צייט
גייט. לאָמיר גיין זוכן וויטנבערגן.

דער טויזנטער:

(שטעלט זיך דער ערשטער צום אַרויסגאַנג)

אַלע נאָך מיר! (אַלע פאַרלאָזן דעם הויף. דעסלער אַליין בלייבט אויפן באַלקאָן)

דעסלער:

(לאַנגזאַם)

די צייט איז געקומען. היט זיך שמשון, דיינע האָר זענען אין גע־
פאַר!

(פ אַ ר ה אַ נ ג)

ב י ל ד פ י ר

# אין וויטנבערגס מעלינע

אַ מעלינע אונטער דער ערד. די געהיימע עפענונג איז אין באַלקן פון וואַנט עס פירט אַראָפּ אַ לייטער. די ווענט רויע, געהויקערטע. עטלעכע פּריטשעס זענען צעשטעלט אין באַזונדערע ערטער. ווען דער פאַרהאַנג עפנט זיך ליגט וויטנבערג אויף אַ פּריטשע אַ פאַרטראַכטער און רויבערט נערוועז. פון צייט צו צייט הייבט ער זיך אויף, גייט אום הין און צוריק, לייגט זיך ווידער. מיטאַמאָל הערט זיך אַ קלאַפּ — אַ פּאַראָל. איציק שפּרינגט אַראָפּ פון פּריטשע און הערט זיך אויפמערקזאַם צו. ווען דער פּאַראָל חזרט זיך איבער אַ צווייטן מאָל קריכט ער אַרויף אויפן לייטער, ענטפערט צוריק מיט אַ קלאַפּ און הייבט אויף די געהיימע טיר איבער זיך. עס לאָזט זיך אַראָפּ אסתר און נאָך איר די פרוי, יודישל און דער מאַן. די לעצטע דריי גייען אין אַ ווינקל צו דער פּריטשע. איציק פאַר־מאַכט צוריק פאַרזיכטיק די עפענונג. ער און אסתר בלייבנדיק אויפן לייטער.

**אסתר:**

(צעקושט זיך מיט איציקן, אַנוואַרפנדיק אויף די דריי)

זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז איך גיי זיך באַהאַלטן, זענען זיי מיר נאָכגעגאַנגען און ניט אָפּגעלאָזן. „מיר ווילן זיך אויך באַהאַלטן" — האָבן זיי כסדר געטענהט. נו, וואָס האָב איך געזאָלט טאָן מיט זיי...

**וויטנבערג:**

(אַראָפּנייענדיק צוזאַמען מיט אסתרן פון לייטער)

זעצט זיך יידן, וואָס שטייט איר? איר שטייט דאָך לעבן אַ פּריטשע. לייגט זיך צו, רוט זיך אויס...

**פרוי:**

לאַנג לעבן זאָלט איר, ליבינקער הער, פאַר אייער איידלקייט, פאַר אייער גוט האַרץ (וויינענדיק) אין קיין איין מעלינע האָט מען אונדז ניט געוואָלט אַריינלאָזן. „מיט אַ קליין קינד" — זאָגט יעדער — „איז אַ סכנה אין אַ מעלינע" (פּויזע) ווו האָב איך געזאָלט גיין? דאָס קינד איז דאָך אויך ניט אונדזערס, אַ רחמנות, נעבעך, אָן טאַטע־מאַמע, אַ יתומהלע.

**מאַן:**

ביי זיי איז רעכט, אַז די וועלכע האָבן קינדער, זאָלן אומקומען, אַבי זיי וועלן בלייבן, אַ דאגה זיי...

**אסתר:**

נו, באַרואיקט זיך, ליבע פרוי, באַרואיקט זיך, מיר זענען דאָך ניט ביי זיך אין שטוב, ס'קען נאָך פון אויבן ווער דערהערן. אייער ווייבן וועט זיי ווי ניט העלפן. גיט זשע גוט אכטונג אויפן קינד, עס זאָל זיך ניט אויפכאַפּן.

**פרוי:**

איך דאַנק אייך פריילינקע, אַ דאַנק אייך... איר זייט דאָך ווי אַ מלאך פון הימל פאַר אונדז אַראָפּגעפאַלן. (ציט אויף דער פּריטשע אויס אַ פּאַטשיילע, לייגט אויף דעם דאָס קינד, וואָס הייבט זיך אָן צו וועקן. זי שטילט עס איין. דער מאַן שטייט אָן אַ זייט דערשלאָגן).

**מאַן:**

אין אַזאַ צייט, ווען אָט, אָט און מיר קענען באַפרייט ווערן, מאַכן זיי דאָרט די יינגלעך, מיט די אייגענע הענט, אַ תל פון געטאָ. צוליב איין מענטש ווייי, ווייי צוליב איין מענטש זאָל אומקומען אַ גאַנצע עדה מיט יידן. ווו איז דאָס געהערט געוואָרן?

**פרוי:**

אוי, ווען איך וואָלט דעם אייבעם ווו געפונען... מיין גאַנץ ביטער האַרץ וואָלט איך צו אים אויסגעלאָזט. איך וואָלט אים... (דאָס קינד

(הייבט אָן וויינען) נו, שאַ, ׳נו, שאַ, שעפּעלע מיינס, וואָס ווייסטו? נו, שלאָף, נו שלאָף... אַ... (זינגענדיק. דער מאָן העלפט דערנאָך שטיל צו.)

ס׳דרעמלען פייגל אויף די צווייגן,
שלאָף מיין טייער קינד,
ביי דיין וויגל, אויף אַ נאָרע
זיצט אַ פרעמדע און זינגט:
ליו־לו, ליו־לו, לו...

ביס

ס׳איז דיין וויגל וו געשטאַנען
אויסגעפלאָכטן פון גליק,
און דיין מאַמע, אוי דיין מאַמע
קומט שוין קיינמאָל ניט צוריק.
ליו־לו, ליו־לו, לו...

ביס

כ׳האָב געזען דיין טאַטן לויפן
אונטער האָגל פון שטיין,
איבער פעלדער איז געפלויגן
זיין פאַריתומטער געוויין.
ליו־לו, ליו־לו, לו...

ביס

(אַלע דריי שלאָפן מידע איין)

וויטנבערג:

(צו אסתרן)

(ווי זיי וואָלטן פאַרגעזשצט אַ שמועס וואָס זיי האָבן געפירט)

נו, דערציילֿ, דערצייל...

אסתר:

דער שטאַב האַלט אָפּ כסדר באַראַטונגען וועגן דער געשאַפענער לאַגע. אין געטאָ גייט אַלץ כאָדאָראָם. אַ טייל יידן ליגן באַהאַלטן אין מעלינעס און די איבעריקע, בראש מיט דער פּאָליציי און אונטערוועלט, האָבן זיך ווי די היישעריקן אַ וואָרף געטאָן איבערן געטאָ זוכן (קוקט צו די דריי שלאָפן), זוכן וויטנבערגן, שוין איינמאָל צייטן דערלעבט...

וויטנבערג:

אָבער וואָס זאָגט פאָרט דער שטאַב? וואָס טראַכטן זיי?

אסתר:

זיי האָבן געהייסן דיר זאָגן, זאָלסט זיצן רואיק ביז וואַנען זיי וועלן איינגעפינען, אַז דו דאַרפסט אַרויס אויף דער אויבערפלאַך.

וויטנבערג:

זיצן רואיק... גרינג צו זאָגן...

אסתר:

איינס איז זיכער, זיי זענען דעצידירט פאַר קיין פאַל ניט נאָכצוגעבן דער געשטאַפּאָ.

וויטנבערג:

און די קעמפער?

אסתר:

זענען אַלע מאָביליזירט. זיי באַוואַכן דעם שטאַב און זענען לויט די באַטאַליאָנען צעטיילט אין גרופּן, צעשטעלט אויף די פּאָזיציעס אויפֿצונעמען דעם קאַמף.

וויטנבערג:

טאָ צו וואָס דאַרף איך ליגן אין מעלינע, — דאָס פאַרשטיי איך ניט.

אסתר:

דער המון איז איצט צעווילדעוועט (עס הערן זיך ווייטע אָפּקלאַנגען פון די געשרייען פון המון) אָ, דו הערסט? (פּויזע) הערסט? דאָס זוכן זיי (שטיל) דיך. (פּויזע) מען מוז איבערוואַרטן, אפשר וועלן זיי זיך איינשטילן. און אויב דער קאַמף וועט דאַרפן אָנגעהויבן ווערן וועסטו געוויס אַרויסגיין אָנפירן.

וויטנבערג:

(פאַרטראַכט)

אויף אַלץ האָבן מיר זיך געקענט ריכטן, אויף אַלץ: מען זאָל דאָס געטאָ פאַרברענען צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג, מען זאָל אונדז מיט גאַז אויסשטיקן, דעפּאָרטירן, אויף אַן אָרט צעשיסן — אָבער אַזאַ סוף האָט קיינער פון אונדז ניט דערוואַרט. דאָס האָב איך זיך ניט געקענט פאָרשטעלן. (פּויזע) מיר האָבן געטראַכט, אַז אין לעצטן אַנטשיידענעם מאָמענט, ווען עס וועט שוין ביי קיינעם קיין ספק ניט זיין, אַז די געטאָ־באַפעלקערונג שטייט ערב אונטערגאַנג, וועלן זיי אַליין פאַרשטיין און זיך אָנשליסן אין אונדזער רוף אַרויסצוטרעטן אין לעצטן קאַמף. פאַלן, אַזוי ווי אַ סאָלדאַט אין שלאַכט, מיט כבוד. (פּויזע) דער דעסלער־טייוול האָט אָבער אַזוי ג ו ט באַאַרבעט זיין פּלאַן: יידן קעגן יידן... און אפשר וועט גאָר די געשטאַפּאָ אין געטאָ ניט דאַרפן אַריינגיין? די יידן וועלן זיך איינע די אַנדערע אַ ל י י ן אויסקוילן, אָ ן זייער הילף. (לאַנגע פּויזע, נעמט אַריין אסתרס פּנים אין

זיינע הענט). אסתר, טייערע מיינע, זאָג מיר, איך בעט דיך, אָפן זאָג מיר, אפשר, אפשר זאָל איך אויסמיידן אַ ברידער־קריג אין געטאָ און זיך איבערגעבן אַליין דער...

אסתר:

(האַקט אים איבער)
וואָס רעדסטו איציק? איבערגעבן זיך גאָר? ניין, ניין, ניין — הער זיך צו (קושנדיק אים) קום, איך וועל דיך אָנטאָן ווי אַ פרוי און מיר וועלן אַרויסגיין דורך די קאַנאַלן ווייט אויסערן שטאָט... (איציק וויל עפּעס זאָגן, זי פאַרמאַכט אים מיט אירע הענט דאָס מויל) רייד ניט, מיין טייערער, רייד ניט מער אַזעלכע רייד (קושט אים כסדר) קום דו'סט זען, מירן זיך ראַטעווען (שלעפּט אים).

ווימנבערג:

(דערשטוינט):
אסתר, וואָס טוט זיך מיט דיר, ווייסט וואָס דו טוסט? וואָס רעדסטו?

אסתר:

איך ווייס, איך ווייס וואָס איך רייד, וואָס איך טו (פּויזע, נעמט זיין פּנים) אין אירע הענט און קושט אים אין די אויגן אַריין) איבערגעבן זיך אין געשטאַפּאָ... ווייסטו וואָס דו זאָגסט? ווייסטו וואָס דאָס איז? (פּויזע) דאָס איז נאָדלען אין די פינגער, גומענע שטעקנס איבערן נאַקעטן לייב, עלעקטרישער דריי־באַנק, פאַר די פיס הענגען... א י ך וואָלט שוין בעסער זעלבסטמ... (פאַרכאַפּט זיך) ניין, ניין! איך... איך...

ווימנבערג:

גערעכט, אסתר גערעכט (אַרויסציענדיק פון הינטער־קעשענע זיין רעוואָל־ווער, באַפרייענדיק זיך פון אסתרן. זי פּרוווט דעם רעוואָלווער אַרויסנעמען פון אים). לאָז אָפּ אסתר, לאָז אָפּ (רייסט זיך פון איר אַרויס. באַטראַכט דעם רעוואָלווער און לאָזט אַראָפּ אַ מידער דעם קאָפּ) „אָבער וויטנבערגן אַ לעבע־דיקן" — איז דאָך דער באַפעל, (אַרייַנלייגנדיק דאָס געווער צוריק אין קע־שענע) מיין טויט וועט סיי ווי די לאַגע אין געטאָ ניט בייטן, כאָטש מיין לעבן וועט אויך קיין איין יידן ניט ראַטעווען פון אומקום. וויטנ־בערג איז בלויז אַן אויסרייד... (פּויזע) אָ, ווען איך זאָל קענען באַגיין זעלבסטמאָרד! ווי גליקלעך איך וואָלט זיך איצט געפילט.

אסתר:

(פאַלנדיק אַ וויינענדיקע אויף אים)
איציק, ליבינקער, לאָמיר גיין, קום!

ווימנבערג:

(קושנדיק זי)
אָ, דו נאַרעלע מיינע, טייבעלע... ווי דו פאַרלירסט זיך... צי ווייסטו וואָס עס וואָלט באַדייט מיין אַנטלויפן איצט פון געטאָ, אָדער מיין

זעלבסטמאָרד? (אסתר וויל עפּעס זאָגן) רייד ניט (פאַרשטעלט זיך די אויערן) איך וויל אַ וואָרט מער וועגן דעם ניט הערן (פּויזע) זעסטו, דאָס וואָרטן דענערווירט מיך מער פון אַלץ. (ביטזלער) וואָס האָט מען מיך דאָ אַוועקגעזעצט ווי אַ הון אויף אייער? (ליבלעך) אסתרל, האַרץ מיינס, גיי טייערינקע (קושט זי) גיי אַריבער אין שטאָב געוויר ווערן ווי עס האַלט.

אסתר:

(באַרואיקנדיק זיך)
ביסט געדעכט איציק, איך גיי (קושט אים) און אפשר איציק וועט פּאַרט גוט זיין, ווי מיינסטו? איך האָב דאָך אַזויפיל געחלומט וועגן אונדז ביידן. טאַקע נעכטיקע נאַכט האָב איך דיך געזען לעבן מיר, אויף דער פריי... פרילינג... איבער אונדז האָבן צווייגעלעך געווינטלט. אָ, ווי...

וויטנבערג:

אסתר...

אסתר:

יאָ, איציק, איך גיי (גייט צו דער עפענונג געפירט פון איציקן) איך גיי און קום גלייך צוריק (איציק הייבט זיך דער ערשטער אויפן לייטער ארויף, אסתר נאָך אים) טייערער זיי פאַרזיכטיק.

וויטנבערג:

(מאַכנדיק אַ באַוועגונג זי זאָל שטיל זיין, הערט זיך צו צום גאַס)
זיי רואיק, זיי דו פאַרזיכטיק (הייבט פּאַמעלעך אויף די דעק, עס הערט זיך אַ ווייטער טומל).

אסתר:

הערסט? זיי בושעווען נאָך אַלץ.

וויטנבערג:

אַ רחמנות אויף זיי, ווילן זיך ראַטעווען... נו גיי אסתרל.

אסתר:

(ביי דער עפענונג, צעקושנדיק זיך)
איך גיי טייערער. זיי רואיק, איציק, זיי רואיק...

(אָפּ)

וויטנבערג:

(בלייבנדיק אויפן לייטער נאָכן צומאַכן די דעק. הערט זיך צו צום גערויש וואָס דערטראָגט זיך פון דער גאַס. שמייכלט ביטער)
דאָס זוכט מען אַלץ מיך. א י ך וועל זיי ראַטעווען. מיין לעבן, מיינען די אומגליקלעכע, וועט זיי אויסקויפן פון זייער טויט (אראָפּנידערנדיק) עך, יידן, יידן וועט וועט שוין... (פּלוצלינג הייבט מען אן צו זעצן אין דער עפענונג. עס הערן זיך געשרייען. דאָס קינד כאַפּט זיך אויף מיט אַ געשריי און וועקט אויך אויף דאָס איבערגעשראָקענע פּאָרפאָלק).

מאַן און פרוי:

(פאַרגעסנדיק זיך ווו זיי זענען).

**וואָס איז דיר יודעשל?**

(דאָס קלאַפּעריי ווערט שטאַרקער. דאָס קינד וויינט נאָך העכער. מאַן און פרוי כאַפּן זיך ווו זיי זענען).

מאַן:

(צו דער פרוי)

(ציִשענדיק) **פאַרמאַך איר דאָס מויל. זי וועט דאָך אונדז אַלעמען אומ־גליקלעך מאַכן** (פרוווט עס איינשטילן) **ששש... יודעשל, ששש... מען וועט דערהערן.** (פון אויבן ווערט שטילער, ווי מען וואָלט זיך צוגעהערט וואָס אונטן אין דער מעלינע טוט זיך. דאָס קינד וויינט זיך אָבער ווידער פאַנאַנדער. פון אויבן הייבט מען ווידער אָן צו זעצן און שרייען: „עפנט, עפנט! מיר וועלן אייך גאָרניט טאָן! עפנט". דער מאַן כאַפּט אַרויס דאָס קינד פון דער פרוי און וויל עס פאַרשטופּן דאָס מיילעכל, די פרוי הייבט אָן ספּאַזמירן).

וויטנבערג:

(לויפט צו צום מאַן, רייסט אַרויס דאָס קינד פון זיינע הענט)

**וואָס טוט איר, איר זייט משוגע געוואָרן?... גייט, באַרואיקט אַפּריער אייער פרוי** (גלעטנדיק דאָס קינד) **נו שאַ, נו שאַ יודעשל... האָב קיין מורא נישט, דאָס קלאַפּן אַזוי יידן, נישט קיין דייטשן... יידן, יאָ יידן...** (עס טוט אַ הילכיקער זעץ אין דער עפענונג. עס ווערט אַרויסגעבראָכן אַ ברעט, נאָכדעם דאָס גאַנצע שפּענונג. געשרייען. איציק קוקט אין דער הויך אַ רואיקער און שטילט אַליין דאָס קינד) **זעסט יודעשל, יידן זענען עס, יידן.**

דער טויזנטער:

(פון אויבן שרייט אַראָפּ אין מעלינע)

**העי, ווער איז דאָרט? אַרויסגעקראָכן זאָל ווערן, אַז ניט וועל איך אייך ווי די הערינג אַרויסשלעפּן.**

יאַנקל:

(אויך פון אויבן)

**וויטנבערגן גיט אַהער!**

מאַן:

(אַרויפשרייענדיק)

**וואָס ווילט איר האָבן פון אונדז יידן, ניטאָ ביי אונדז קיין וויטנבערג.**

דער טויזנטער:

(אַראָפּקריכנדיק, נאָך אים יאַנקל)

**איידער אויפן וואָרט אייך גלויבן איז שוין בעסער די אייגענע עינים זאָלן זען.** (זיי זוכן אונטער די פּרימשעס און דערזעען מיטאַמאָל וויטנבערגן מיטן קינד אויף דער האַנט).

יאַנקל:

(אויסקוויטשנדיק, ווי ניט מיט זיין קול, צעשראָקן)

דאָ... דאָ... דאָס איז ער! (דער טויזנטער לאָזט זיך צום רואיק־שטייענדיקן וויטנבערגן)

וויטנבערג:

(אַרויסציענדיק זיין רעוואָלווער)

ווי די הינט וועל איך אייך אָוועקלייגן אויב איר וועט זיך ווער דער־נעענטערן איין טריט נאָך נענטער (טויזנטער און יאַנקל בלייבן פאַרשטאַרט. מאַן און פרוי פאַרוואונדערט, צעשראָקן. איציק צום מאַן) דאָס קינד, זייט אַזוי גוט, נעמט צו (מאַן אין ציטער נעמט דאָס קינד. פויזע. צום טויזנטער און יאַנקלען) שטיין בלייבן אויף אָן אָרט, ביז וואַנען איך וועל ניט אַרויס־גיין פון דאַנען, פאַרשטאַנען?

טויזנטער און יאַנקל: (פאַרציטערטע)

פפפ... פאַר... פאַרשטאַנען.

וויטנבערג: (גייענדיק צום לייטער)

צי איך זאָל זיך איבערגעבן דער געשטאַפּאָ, וועט ניט א י ר באַ־שליסן. פאַרשטאַנען?

טויזנטער און יאַנקל:

פ... פאַר... פאַרשטאַנען. יאָ...

וויטנבערג: (אַרויפהויבנדיק זיך אויפן לייטער, באַדויערנדיק)

יידן זייט איר, עד... (צום מאַן און פרוי) אויף דעם קינד גיט אַכטונג...

(מאַכט מיט דער האַנט צו יודעשלען) פאַ... פאַ... פאַ... (אַ לענגערע פויזע)

דער טויזנטער: (פּלוצלונג צו יאַנקלען)

וואָס זענען מיר שטיין געבליבן ווי די בהמות? מען מוז אים כאַפּן.

יאַנקל:

אוודאי מוז מען אים כאַפּן, אוודאי (לויפנדיק צום לייטער) אַז ניט זע־נען מיר דאָך פאַרלוירענע (אַנטרינען ביידע גיך אין גאַס. פויזע. ס'דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ קוויטש פון אסתרן, וואָס שרייט פון אויבן אַראָפּ)

אסתר:

איציק! א י צ י ק ! (זי קריכט אַראָפּ פון לייטער אונטן, לויפט איבער דער מעלינע אַ צעטראָגענע, ברעכנדיק די הענט, זוכט אונטער די פּריטשעס, כסדר רופנדיק: „איציק", מיטן רוף לויפט זי אויפן לייטער אין גאַס אַרויס און לאָזט נאָך זיך דעם אימהדיקן געשריי) א י ־ צ י ק ! אי־ציק!

(פ אַ ר ה אַ נ ג)

(סוף פון צווייטן אַקט)

ש. קאַטשערגינסקי

# דריטער אַקט

## בילד פינף:

# אויף דער פּאָזיציע

אַ געוויינלעכער צימער. דער וואַנטזייגער ווייזט 5 מינוט צו צען. ביים פאַרמאַכטן פאַר־האַנג הערט זיך מעלאַנכאַליש די מוזיק פון „משה האַלט זיך". ביי איין פענצטער שטייט דער קעמפער חיים ביי אַ קוילנוואַרפער, וואָס איז איינגעשטעלט אויף אַ טיש מיט דער לופע צום דרויסן. אויפן טיש ליגן קוילן. ביי אַ פענצטער שטייט די קעמפערין חנה מיט איר צען יאָריק טעכטערל עניעלע. ביי חנהן אין גאַרטל שטעקן צוויי גראַנאַטן. ווען עס עפנט זיך דער פאָרהאַנג שטייען ביידע קעמפער און עניעלע ביי די פענצטער און קוקן אַרויס אין גאַס. עניעלע שטייט אויף אַ בענקל. אין דער פויזע הערט זיך ווי עס טיקטאַקעוועט דער זייגער.

עניעלע:

נו, מאַמעלע, שוין?

חנה:

(קוקנדיק אויפן זייגער)

ניין נאָך, טאָכטערשי, ניין נאָך. מיר האָבן נאָך 4 מינוט (אַ קוק טוענדיק אויף עניעלען, צעשווייגט זי זיך שטיל און ווישט די טרערן)

עניעלע:

וואָס וויינסטו מאַמעלע? נו ווייַן נישט, וויין נישט (ווישט דער מאַמען די טרערן מיטן הענטל, פויזע) מאַמאַ, איך וואָלט שוין אַזוי געוואָלט דאָס זאָל זיך שוין אָנהויבן.

חנה:

(קושנדיק דאָס קינד)

באַלד טעכטערל, באַלד... נאָך 3 מינוט. (אויסציענדיק די ווערטער) נ אָ ך — ד ר יי — מ י נ ו ט — א ו ן — ס׳ ו ו ע ט ז יי ן ש ו י ן — ש... (פויזע, קוקט אין פענצטער און אויפן זייגער)

חיים:

(קוקנדיק אויפן זייגער און אין פענצטער הערט צו זיך)

אַך, ווי די צייט קריכט... (פויזע) נו חנה, ווי פילסטו זיך דאָרט?...

גוט, האָ? און עניעלע... עניעלע ווי פילסטו זיך לעבן דער מאַמען?

עניעלע:

גוט, חיים (פּויזע) זאָג, חיים, ווען וועט זיך שוין דאָס אָנהויבן?

חיים:

(שמייכלענדיק, אַלץ קוקנדיק אין פענצטער, ווי ער וואָלט נישט געוואָלט פאַרזען, רעדט) ניטאָ זיך וואָס צו איילן, עניעלע, ניטאָ נאָך וואָס... (פּויזע) נו, וואָס חנה, שוין צייט זיך צו געזעגענען... (קאָנטראָלירנדיק דעם קוילן־וואָרפער, אַנשטעלנדיק בעסער דעם ציל) ווילסטו הייסט עס, חנה, ניט געבן קיין פינפטעלע, האָ? (פּויזע) און טאַקע, צו וואָס, מירן זיך באַלד סיי ווי באַגעגענען דאָרטן...

חנה:

ווו דאָרטן?

חיים:

„ווו דאָרטן"... נו, ווו אַלע זענען... אויף יענער וועלט. (פּויזע)

עניעלע:

מאַמאַ, דו וועסט ניט מורא האָבן צו וואַרפן דעם גראַנאַט? (די מאַמע ענטפערט ניט) מאַמא דו... (דער זייגער הויבט אָן צו שלאָגן אויף 10) דער זייגער שלאָגט, מאַמאַ, חיים דער זייגער שלאָגט.

חיים:

איך הער, עניעלע, איך הער (אָנגעשטרענגטע שטילקייט, ביידע צוגעשמידטע צו די פענצטער).

חנה:

נו שוין קינד מיינס, שוין (אַרויסנעמענדיק אַ גראַנאַט פון גאַרטל, שטעלט זיך אין אַ קאַמפּס־פּאָזיציע, נישט קוקנדיק אויף עניעלען, רעדט צו איר). נעם עניעלע, נעם די פלאַש בענזין פון ווינקל (עניעלע קריכט אַראָפּ פון בענקל, נעמט די פלאַש און שטעלט זיך לעבן דער מאַמען) ווען איך וועל זאָגן „גיב", זאָלסטו עס מיר גלייך דערלאַנגען (פּויזע, טאַפּנדיק אַרום זיך עניעלען) עניעלע, ווו ביסטו, טאָכטערשי, נענטער קום צו מיר, נענטער (עס דערהערן זיך עטלעכע שאָסן) נו, שוין קינד מיינס, שוין... קום עניעלע, האַלט זיך לעבן מיר, אָט אַזוי נענטער, איך וויל דיך פילן לעבן זיך.

חיים:

האַלט זיך, חנה, האַלט זיך!

חנה:

האַלט זיך חיים, האַלט זיך... ציטער נישט פאַר מיר, כ'בין גרייט (פּויזע. עס הערן זיך געשרייען, געלויפערײ) ...נו, זיי זענען שוין אַריין, ש ש ש ו י ן ...

שוינבוים:

(לויפט אַריין מיט אַ צעבלוטיקטן אַקסל)

איך זייט דאָ? גוט, גוט...

חנה:

שוין, שיינבוים, שוין?

חיים:

(ניט אָפּקערנדיק זיך, צילנדיק דורכן פֿענצטער)

קרבנות אויך פֿאַראַן?

שיינבוים:

ניין, ניין, דאָס שיסט די יידישע פּאָליציי...

חיים און חנה:

(אַ קער טוענדיק זיך צו שיינבוימען)

וואָס זאָגסטו?

שיינבוים:

די יידישע פּאָליציי שיסט אין אונדזערע קעמפּער. דער צעיושעטער המון זוכט נאָך אַלץ וויטנבערגן און וואַרפט זיך מיט שטיינער און אייזנס שלאָגן און אַנטוואָפענען די קעמפּער.

כוויניק:

(קומט אַריין אַ דערשלאָגענער, אויסגעמאַטערטער)

אַ ברידער־קריג, אַ פֿאָרמעלער ברידער־קריג. דער פּאָליציאַנט כלאוור־נאָוויטש איז באַפֿאַלן אַ קעמפּער און דער קעמפּער האָט זיך פֿאַר־טיידיקנדיק געשאָסן אין אים...

סאָניע:

(אַ דערשיטערטע קומט אַז אַטעם מיט צעלאָזטע האָר)

מען מוז אָפּשטעלן דעם ברידער־קריג, אָפּשטעלן פֿאַר יעדן פּרייז. ניט דערלאָזן די דייטשן אויספֿירן זייער טייוולאָנישן פּלאַן.

שיינבוים:

איינע די אַנדערע וועלן זיך אויסשעכטן...

כוויניק:

און פֿאַרשפּאָרן אַן אַרבעט דער געשטאַפּאָ... (קורצע פּויזע)

עניעלע:

וואָס מאַמאַ, ווייטער נישט גוט?...

חנה:

(פֿאַרשטעלט איר דאָס מײַלעכל)

ששש... ששש...

זעליק:

(אַ סאָפּענדיקער קומט אַן)

דאָ? ענדלעך וועמען געטראָפֿן!...

**אלע:**

וואָס איז, זעליק. נייעס פאַראַן?!

**זעליק:**

דעסלער האָט געפּועלט ביי דער געשטאַפּאָ צו פאַרלענגערן דעם טערמין אויף נאָך צוויי שעה.

**אלע:**

(דערשטוינטע)
וואָס איר זאָגט?!

**זעליק:**

וואָס איר הערט. ביז 12 אַזייגער... און אויב ביז 12 אַזייגער וועט וויטנבערג נישט זיין ווערט די געטאָ־באַפעלקערונג אַריבערגעפירט אין אַ צווייטער געטאָ און איר וועט דאַן בלייבן אַליין קעגן די מיליטער־אָפּטיילונגען, וועלכע וועלן דאָס געטאָ באָמבאַרדירן...

**סאָניע:**

און אפילו אין געטאָ נישט אַריינגיין?

**זעליק:**

ווייזט אויס אַז ניט. זיי ווילן משמעות קיין איין סאָלדאַט נישט פאַרלירן.

**סאָניע:**

אַזזזזזוי... (פּויזע. פאַרטראַכט, קוקט פאַרשטאַרט אויפן זייגער, וואָס טיקטאַקעוועט ווייטער) חברים, מיר טאָרן איצט קיין איין איבעריקע מינוט ניט פאַרלירן. אַ נייע, גאָר אַ נייע סיטואַציע האָט זיך געשאַפן. די לאַגע איז קאַטאַסטראָפאַל. (מיט פאַרמאַכטע אויגן) ק אַ ט אַ ־ ס ט ר אָ ־ פ אַ ל!

(עס הערן זיך אַלץ דערנענטערנדיקע געשרייען פון המון: „וויטנבערגן גיט אַרויס!" „מיר ווילן לעבן!" „וויטנבערגן..." „לעבן! לעבן. לעבן!!!")

**סאָניע:**

(אַלץ מיט צוגעמאַכטע אויגן הערן זיך צו צו די געשרייען)
וויטנבערגן אַרויסגעבן... (פאַרשטעלט מיטן פויסט דאָס מויל) וו י ט נ ־ ב ע ר ג ן (פּויזע) אַ ר ו י ס ג ע ב ן ... (פאַלט אויפן שטול).

**אלע:**

(אַ לאַנג טוענדיק זיך צו איר, ווי וועלנדיק הערכאַפן, וואָס זי האָט געמיינט)
ה אַ ? ו ו אָ ס ? ! (זיי כאַפן זיך מיטאַמאָל איר מיין און לאַזן איינציקווייזט אַראָפּ די קעפּ).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

ש. קאַטשערגינסקי

## בילד זעקס:

# טויט

*דער שטאַב־צימער, אַ איינפאַכער, לענגלעכער צימער, עטלעכע לאַנגע בענק צעשטעלט ביי די ווענט. אַ טישל פאַררוקט אין אַ ווינקל. אויף די בענק זענען צעזעצט די שטאַב־מיטגלידער. דער צענטער ווו עס דאַרף זיצן דער קאָמאַנדיר — איז ליידיק. וויטנבערג שטייט אין אַ זייטיקן ווינקל, הינטער אים זיצט אסתר. דער וואַנטזייגער ווייזט 20 מינוט צו 12. ווען דער פאָרהאַנג עפנט זיך, זיצן אַלע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אַזוי ווי ביים סוף פון פינפטן בילד. דער זייגער טיקטאַקעוועט. בלויז וויטנבערג שטייט און זעצט פאָר זיין רעדע פאָרן שטאַט, נעמענדיק פון צייט צו צייט אַ שלוק וואַסער פון אַ קוביק.*

וויטנבערג:

...פון דעם איז געדרונגען, אַז וויטנבערג טאָר פאַר דער געשטאַפּאָ נישט אַרויסגעגעבן ווערן. נישט דערפאַר ווייל עס שטייט פאַר אייך אייער קאָמאַנדיר, נישט דערפאַר ווייל עס רעדט זיך וועגן מיין פּערזאָן, איז אַזאַ מיין מיינונג, — און איך גלויב, אַז אויך איר חברים ספקט נישט אין מיין ערלעכקייט — נאָר דערפאַר וואָס די גאַנצע סיטואַציע, ווי איך האָב זי אייך נאָר וואָס געשילדערט, ווייזט ניט, אַז פון מ יי ן איבערגעבן זיך, זאָל די לאַגע פאַרבעסערט ווערן. אמת, די אַרגומענטן, וואָס די גרעסטע טייל פון אייך האָבן אָפּ־געגעבן, צוליב וועלכע איך דאַרף זיך י אָ איבערגעבן דער געשטאַ־פּאָ, זענען זיכער זייער וואָגיקע, טראַגישע, בלוטיקע, אָבער וואָגיקע... אָבער אַלץ נישט קיין גענוגנדיקע, אַז וויטנבערג זאָל נישט פאַלן אין קאַמף ק ע ג ן דער געשטאַפּאָ, נאָר א י ן דער געשטאַפּאָ. מיינט ניט, חברים, אַז איך ווייס ניט וועגן די שוידערלעכע ווילדע סצענעס, וואָס עס קומען איצט פאָר אין געטאָ. איך פיל דאָס זייער גוט. איך שאַץ אויך אָפּ די טרויעריקע לאַגע ביי אונדז אַלעמען, דאָס וואָס מיר האָבן ניט אַזויפיל געווער, עס זאָל גענוג זיין פאַר יעדן קעמפער, צו איין שטיק כאָטש. איך ווייס אויך, חברים, וויפל געזונט עס האָט געקאָסט יעדן פון אייך אַרויסצוזאָגן אַזוי אָפן און אַזוי ערלעך די וואָגיקע אַרגומענטן (פּויזע) דאַנקענדיק אייך, וואָס דעם ענדגילטיקן אורטייל וועגן מיר, האָט איר איבערגעגעבן צו באַשליסן מיין פּאַרטיי, וועמעס באַשלוס אין דעם פאַל, אויך איר האָט זיך אָנגענומען אָנצונעמען, איז ד אָ ך מיר זייער טרויעריק, וואָס איך האָב דערלעבט צו אַזאַ שוידערלעכער צייט. (פּויזע) האָבן מיר דען גע־טראַכט פון לעבן? ניין חברים, מיר האָבן די גאַנצע צייט בלויז גע־

טראַכט ווי אַזוי אונדזער לעבן זאָל דעם טויט שווער אָנקומען. אַנ־שטאָט לעבנס־טרוימען האָט די האַרטע וואָר אין אונדז אַריינגעבויערט אַ נייעם טרוים: ווי בעסער צו שטאַרבן. (פּויזע) דאָ האָט ווער זיך פאַררופן אויף דער געשיכטע, אָבער צי וועט די געשיכטע דען וועגן אונדזערע מעשים קענען אַרויסברענגען מער ווי אַ באַשטימטע צאָל ווערטער? און וועלן ווערטער דען קענען אַלץ איבערגעבן? וועלן ווער־טער קענען אַלץ דערציילן? (פּויזע) ס'איז דאָך אַזוי גוט ניט נאָר שיין צו לעבן, נאָר אויך שיין צו שטאַרבן... אויך פון ד ע ם טרוים לאָזט זיך גאָרנישט אויס. (פּויזע) די גאַס... מיר אַליין זענען נישט ווייניק שולדיק, וואָס די גאַס איז איצט נישט מיט אונדז. מיר זענען געווען צופיל פאַרקאָנספּירירט, נישט געפירט גענוג קיין אויפקלערערישע אַרבעט צווישן די יידן, כאָטש וואָס האָט זיי שוין געקענט מערער קלאָ־רער מאַכן, ווי דאָס לעבן אַליין, אַז פאַנאַר און מיידאַנעק זענען נישט קיין אַרבעטס־לאַגערן, אַז זיי באַדייטן — טויט. (פּויזע) איך ענדיק חברים. כ'פאַרשטיי זייער גוט, אַז אַזאַ אחריותדיקע סיטואַציע איז אַ זעלטענע אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דערפאַר האָבן אויך מ י ר, נאָך ווייניק דערפאַרענע אין קאַמף, זיך נישט געקענט פאָר־שטעלן, עס זאָל קענען געשען אַזוינס, וואָס זאָל אונדז טרעפן נישט קיין צוגעגרייטע. איך מיין, אַז אונדזער ל ע צ ט ע ר וועג וועט, ווי מיר האָבן פאָרויסגעזען, זיין אַ צוזאַמענדיקער. (ער זעצט זיך. השר זייגער גייט. טויטע שטילקייט. אסתר גלעט אים דאָס מידע פּנים. לאַנגע שווערע פּויזע.) שטערט זיך נישט חברים, איך בעט אייך, רעדט. זאָל יעדערער עפּעס זאָגן, (קיינער רופט זיך גאָרנישט אָן) האָסטו גאָרנישט וואָס צו זאָגן, גלאַזמאַן?

גלאַזמאַן:

(שטעלט זיך, וויל עפּעס זאָגן. עס פאַרקלעמט אים אין האַלדז, זעצט זיך)

וויטנבערג:

(אַלץ אויפן זעלביקן אָרט זיצנדיק)

און דו כווייניק?

כווייניק:

(עס געשעט דאָס זעלביקע וואָס מיט גלאַזמאַנען).

וויטנבערג:

שיינבוים, רעזניק, קאָוונער, עס רעדט זיך נישט, האַ? (פון קיינעם ניט באַמערקט קומט אַריין סאָניע. זי בלייבט שטיין ביים טיר. מיטאַמאָל באַמערקט זי איציק, ער טוט זיך אַ שטעל און פליסטערט אַרויס): ססס אָ נ י ע! (אַלע הייבן אויף די קעפּ צו איר. פּויזע. דערוואַרטונג. זי שווייגט. געווען די זיצונג פון פאַרטיי־קאָמיטעט?

סאָניע:

(שטייט מיט צוגעמאַכטע אויגן, ווי נישט וועלנדיק קיינעם זען) געוועזן...

וויטנבערג:

דער באַשלוס?

סאָניע:

(לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. איציק לאָזט זיך אַראָפּ אין שטול. אַלע לאָזן אַראָפּ די קעפּ).

וויטנבערג:

(בלאַס, אויסזויפּצנדיק)

אויך די פּאַרטיי... (פּויזע, שטיל. ס'דערהערט זיך מיטאַמאָל אַ געוואַלדיקער טומל. געשרייען דערנענטערן זיך! דער המון קומט צו אונטערן פענצטער. געשרייען: „וויטנבערגן גיט אַרויס!" וויטנבערגן"! עס הערט זיך ווי די וואַך ביים טויער שרייט: „נישט דערנענטערן זיך" עס פאַלן עטלעכע שטיינער און זיי צעברעכן די שויבן. זיי פאַלן אין צימער אַריין, באַגלייט מיט די זעלבע געשרייען. עס קומט אַריין דער באַטאַליאָן־קאָמאַנדיר זיסקאָוויטש מיט אַ מאַשין־ביקס).

זיסקאָוויטש:

(שטעלנדיק זיך אויף אַכטונג פאַר וויטנבערגן)

חבר קאָמאַנדיר, דער קאָמאַנדיר פון 2טן באַטאַליאָן, ליאָווע זיסקאָוויטש מעלדעט ווי געהעריק: דער המון רייסט זיך צום שטאַב. זיי האָבן זיך שוין אפילו געוואָרפן מיט אייזנס און פלעשער אויף אונדזערע קעמפער און זיי פאַרוואונדעט. באַפעלט איר שיסן אין די אָנפאַלער?

וויטנבערג:

(שוין שטייענדיק, פאַרהויבן דעם קאָפּ. פעסט.)

ניין, ניט שיסן. (ער גייט צו צום פענצטער, עפנט אים אויף. עס דערהערן זיך געשרייען „אאאאא דאָס איז ער! דאָס איז ער!").

יאָ, יידן דאָס איז ער, דער וועמען איר זוכט. דער וואָס קען אייך „ראַטעווען"... (עס ווערט שטילער) דאָס בין איך איציק וויטנבערג (פּויזע) זייט איר טאַקע אַזוי איבערגעצייגט אין די פאַרזיכערונגען פון גענסן, דעסלערן און פון דער געשטאַפּאָ, אַז אויב איר וועט מיך אַרויסגעבן, וועט אייער לעבן געשוינט ווערן?

המון:

געוויס... פאַרוואָס איז די גאַנצע צייט רואיק געווען... אַרויסגעבן... אַרויסגעבן... לעבן... לעבן.! מיר ווילן לעבן!!!

וויטנבערג:

(מיט אַ האַנט־באַוועגונג מאַכט זיי רואיק)

לעבן... די יידן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן אויך געוואָלט לעבן...

און וועלכער מענטש אויף דער וועלט וויל דאָס נישט לעבן. געשטאַפּאָ איז אָבער טויב, דאָס מיין איך, ווייסט איר גוט. געדענקט יידן, נישט אין קיין געטאָ זענט איר, נאָר אין אַ טויטן־קאַמער. יאָ, אַלע זענען מיר צום טויט פאַרמשפּט. אויב נישט היינט, איז מאָרגן, דער אורטייל וועט אויסגעפירט ווערן. פון די נאַציס קיין רחמים איז זיך נישט צו דערוואַרטן, לאָמיר דעריבער זיך נישט לאָזן, לאָמיר... (השר המון רייסט אים איבער מיט די זעלבע געשרייען. ער שאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ) נאָר אויב איר מיינט, אַז נאָר צוליב מיר איינעם וועט איר אַלע דאַרפן אומקומען, — דאַן וועל איך מיט אַ לייכט געמיט גיין צו דעם זייער־שווערן וועג ביז מיין טויט.

המון:

שאַ, שטילער דאָרט... ער גייט... ער גייט... (ס׳ווערט שטיל)

וויטנבערג:

יאָ, יידן, איך גיי... (עס דערהערט זיך אַ שטיל געוויין פון פידל־טענער, וואָס בעט שפּילן אוים ביי יעדן מאָל וואָס וויטנבערג זאָגט „איך גיי”, די ערשטע טאַקטן פון פאַרטיזאַנער ליד „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג”) זאָל מיר גוט זיין אין מיין שווערן וועג צו וויסן, אַז איר וועט כאָטש האָבן די האָפענונג, די אילוזיע, אַז מיין טויט וועט א י ך דאָס לעבן ראַטעווען. (פּויזע, קוקט אויפן זייגער) פינף מינוט פאַר צוועלף... געדענקט זשע יידן, בייטאָג און ביינאַכט, אין יעדער מינוט פון די שוידערלעכע געטאָ מעת־לעתן, צי דער זייגער וועט ווייזן צוויי אָדער צען, — געדענקט: ס׳איז פינף מינוט פאַר צוועלף! גייט, זאָגט אָן די יידן אין די זיבן געטאָ־געסלעך, זאָגט אָן דעם פאַרבלענדטן גענסן, דעם מטורף, דעם פאַררעטער דעסלער — וויטנבערג גייט אין געשטאַפּאָ... גייט זאָגט אָן... (ער קערט זיך אום צו די שטאַביסטן. פּויזע) ובכן, געזעגענען מיר זיך, הייסט עס, חברים, אפשר איז גוט אַזוי, וואָס אונדזער וועג איז נישט קיין צוזאַמענדיקער... איך גיי... געדענקט חברים די אָרגאַניזאַציע... לערנט זיך פון דער צייט, פון נייע באַדינגונגען, קען זיין, אַז איר וועט זיך מוזן אין די וועלדער עוואַקואירן און דאָרט פאַרזעצן דעם קאַמף. קען זיין אויך, אַז געשטאַפּאָ וועט אייך דעם וועג אַהין פאַרלויפן. דאַן נעמט אויף דעם קאַמף און רייסט זיך דורך אין שלאַכט צו די וועלדער, אויב עס וועט מעגלעך זיין. פאַרניכטן דעם שונא איז אַ מצווה אומעטום. ווו נאָר מען קען אים טרעפן: אין געטאָ, אין וואַלד, צי אַנדערשווו (אַ קוק אויפן זייגער) איך גיי. (פּויזע) פאַר דעם מ אָ ר ג ן איז מיין איבערגעבן זיך דער געשטאַפּאָ — אומזיניק, פאַר דעם ה י י נ ט אָבער, ווי איך זע — אַ נויטווענדיקייט. (טוט זיך אַ קער צו אסתרן) אסתר (קושט זי) אסתרל...

האַלט זיך. האַלט זיך... געדענק... דערמאָן, אויב דו וועסט לעבן בלייבן.

אסתר:

(גלעטנדיק און קושנדיק אים אין פּליסטער)

א י צ י ק ... ט י י ע ר ע ר (זי האַלט ביים פאַלן, איציק כאַפּט זי אויף)

זויטנבערג:

אסתרל טייערע... טו מיר איצט נישט וויי... זיי אַ...

אסתר:

(האַלב בּאַרואיקטע, אים גלעטנדיק)

איך וועל זיין טייערינקער... איך וועל זיין... כ'זאָג דיר צו... גוט... גוט...

זויטנבערג:

(ציט אַרויס השם רעוואָלווער, באַטראַכט אים, גייט דורך מיט די אויגן איבער זיינע חברים און אַפּשטעלנדיק זיך ביי קאָוונערן גיט ער אים איבער דעם רעוואָלווער)

נעם קאָוונער. זיי דו איצט מיין פּאַרטרעטער (קאָוונער וויל ניט נעמען) נו נעם, נעם... דו, ד ו וועסט פון א י צ ט אָן זיין דער קאָמאַנ־דיר... און האָב הצלחה מער פון מיר. (קאָוונער נעמט דעם רעוואָלווער, אי־ציק קוקט אויפן זייגער) איך גיי. איך גיי. (זעגנט זיך שטום, אָבער מיט יע־דערן באַזונדער. ביי סאָניען שטעלט ער זיך לענגער אָפּ. קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין. גיט איר ענדלעך די האַנט. דער זייגער הייבט אָן צו שלאָגן אויף צוועלף. ער טוט אַ ציטער, גייט צום טיר, נאָך אים אסתר און די איבעריקע).

א י ך ג יי ... א י ך ג יי ... (אַלע אָפּ. ביי די לעצטע ווערטער הויבן ווידער אָן וויינען די פידל־טענער, אָבער די פידלען שפּילן שוין אויס דעם גאַנצן ניגון און שפּילן אַזוי ביז דעם אנהייב פון עפּילאָג. ביי אַ ליידיקער בינע, וואָס ווערט כסדר טונקעלער, ענדיקט דער זייגער מעלאַנכאָליש אויסשלאָגן צוועלף).

( פ אָ ר ה א נ ג )

## ב י ל ד ז י ב ן :

# ע פּ י ל אָ ג

אין אַ פּאָר טעג אַרום. פרימאָרגן. אַ פראָנט־וואַנט פון אַ צוויי־שטאָקיק הויז. אויפן ערשטן שטאָק פאַרנעמט די גאַנצע ריי פענצטער דער געטאָ־בית־מדרש, וווּ עס איז אויך אַ ישיבה. דעם צווייטן שטאָק פענצטער פאַרנעמט אַ קינדער־שול. אין אַ זייט־פּאַרטער — אַ געהיימער אַריינגאַנג אין אַ קעלער־מעלינע, וווּ עס געפינט זיך אַ געווער אַרסענאַל. ביי אַ טויער זאַמלען זיך יידן צו גיין צו דער אַרבעט אויסערן שטאָט. טייל טראָגן טאַרבעס אויף זיך, אָדער אונטערן אָרעם און זיי ליגט אַרבעטס־געצייג. נאָך איידער דער פאַר־

*האַנג עפּנט זיך טראָגט זיך פון בית־מדרש דאָס „אני־מאמין"־געזאַנג. דורך די בית־מדרש־פענצטער זעען זיך קעפּ פון לערנענדיקע יידן. ב ר ו ך און י אַ נ ק ל קומען אַן און פאַררייסנדיק די קעפּ אין דער הויך ריידן זיי.*



**ברוך:**

און וואַרטן נאָך אַלץ אויף משיחן.

**יאַנקל:**

אַז וויל איז צו זיי, אַז זיי גלויבן... איך בין שוין געוואָרן אַן אפיקורס.

**ברוך:**

אָהאָ, אַזוי גיך. וואָסי, ס'טויג ווייטער ניט?

**יאַנקל:**

עס טויג יאָ און עס טויג ניט, אָבער ווער ווייס ווען עס איז בעסער.

**ברוך:**

ס'איז זיי „גוט" און ס'איז אונדז „גוט" (פאַרטראַכט)

**יאַנקל:**

וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט אין מיטן דערינען? ווילסט די וועלט איבערמאַכן?

**ברוך:**

דאָס וויל איך שוין אויך ניט. איידער אַזאַ וועלט — זאָל זי שוין בעסער אין דער ערד אַריינגיין (פּויזע) וואָס איך טראַכט, ווילסטו וויסן? איי, הערסט, ווען איך וואָלט געווען אַ שרייבער...

**יאַנקל:**

וואָלסטו וואָס געטאָן?

**ברוך:**

עס גייט מיר אַלץ ניט אַרויס פון זכרון וויטנבערג. די וויפלטע נאַכט ווי איך קען קיין אויג ניט צומאַכן... כסדר שטייט ער מיר פאַר די אויגן... ווען איך דערמאָן זיך, ווי די צעווילדעוועטע יידן...

**יאַנקל:**

(איבעררייסנדיק)

ווי אויך דו ביסט געווען...

**ברוך:**

(דעם קאָפּ אַרונטערלאָזנדיק)

אמת. ווי אויך א י ך בין געווען... (פּויזע) דאָס וועל איך זיך מיין גאַנץ לעבן, אויב מיר וועט נאָך באַשערט זיין צו לעבן, ניט שענקען... (פּויזע) און ווי נאָר ער האָט געזאָגט, אַז ער גייט, האָסטו געזען, ווי זיי זענען געוואָרן? ווי שעפּעלעך שטילע.

יאַנקל:
עולם־גולם, שטעל אַ צלם... פרעג זיי באַכיירעם.

ברוך:
און ווען ער איז דורך די געסלעך געגאַנגען, האָט דאָך אַלעמען ווי מיט מעסערס אין האַרצן געשניטן... אָ, ווען איך קען דאָס אַלץ אין אַ בוך אַריינשרייבן, מען זאָל דאָס אַלץ געדענקען...

יאַנקל:
דענקען, שמענקען, צו וואָס טויג דאָס דיר? דער עיקר זאָל נאָר זיין שטיל... און זעסט דאָך, ס'איז טאַקע שטיל.

ברוך:
ווי אויף אַ בית־עולם... (פון בית־מדרש טראָגט זיך ווידער השר געזאַנג. יאַנקל און ברוך פּרוּוון מיטזינגען) וואָס פאַראַ יום־טוב איז דאָס היינט מיט אונדזער בריגאַדיר, וואָס? מען האָט דאָך שוין געדאַרפט זיין ביי דער אַרבעט?

יאַנקל:
וואָס האָט ער קיין צייט נישט, עס ברענט? דער דייטש איז דאָך אויף אורלויב.

ברוך:
זע אָקאָרשט צי עס איז עפּעס נישט געשען... שטיל, שטיל, — און מיטאַמאָל וועט מען אונדז ווידער געבן אַזאַ בענץ איבער די קעפּ, אַז...

יאַנקל:
אַזוי גיך וועלן זיי זיך נישט דערוועגן, זיי וועלן זיכער... (עס לויפן אַן צעטומלטע, בערל, שלמה, הירשל).

בערל:
וויי, וויי, ווייטער שלעכט...

יאַנקל, ברוך:
וואָסי ווייטער?

הירשל:
דאָס געטאָ איז ווידער מיט מיליטער אַרומגערינגלט, מען לאָזט קיינעם אין שטאָט נישט אַרויס צו דער אַרבעט (די בית־מדרש־יידן שטעקן די קעפּ דורך די פענצטער אַרויס, הערן זיך צו און צוריקציענדיק זיך, זינגען זיי ווייטער שטיל)

שלמה:
געשטאַפּאָ, זאָגט מען, פאָדערט אַכט טויזנט יידן.

זעליק:
(קומט אַ צעטראָגענער)
ניט גוט יידן, ניט גוט!

אַלע:

וואָסי זעליק, דערציילט, דערציילט...

זעליק:

געשטאַפּאָ האָט געפּאָדערט ביי געגנסן אַכט טויזנט יידן, האָט געגס, זעענדיק, אַז געשטאַפּאָ האָט אים אַזוי מיאוס אָפּגענאַרט, איינגענומען סם.

אַלע:

(דערציטערטע)

געסמט זיך, ווײ, ווײ...

זעליק:

יאָ, זעלבסטמאָרד באַגאַנגען, שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן.

הירשל:

ווער וועט איצטער זיין דער יידן־עלטסטער?

זעליק:

דעסלער איז געוואָרן.

אַלע:

דער הונט — א ו נ ד ז ע ר יידן־עלטסטער?!

הירשל:

מען דאַרף אים... (בײלנדיק די פויסטן)

אַלע:

אַ סוף צום געטאָ... אַ סוף צו אונדז...

הירשל:

ווער האָט עס וועגן דעם פריער נישט געוווּסט? קינדער אין די וויגן האָבן עס דאָך אויך געקענט פאַרשטיין, אַז אַזוי וועט זיין. (עס דערהערט זיך פלוצלונג אַ געזאַנג פון די שול־קינדער)

שול־כאָר:

זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט
די צייט עס איז קיין חלום!

אַלע:

(נעפּלעפּטע פאַררייסן די קעפּ אין דער הויך, זיך צוהערנדיק)

ווער זינגט עס אין מיטן דערינען?

זעליק:

דאָס זינגט געוויס די לערערין מירע מיט די קינדער אין שול.

ברוך:

זיי ווייסן נאָך נעבעך גאָרנישט וואָס דאָ טוט זיך.

(די קינדער זינגען כסדר די זעלביקע סטראָפן. ווען זיי זינגען שטילער הייבט זיך שטאַרקער אַרויס דאָס געזאַנג פון די בית־מדרש־יידן און פאַרקערט. יידן לויפן הין און צוריק צעטומלטע. די מערסטע טראָגן מיט זיך אייזנס, אַנגעפּילטע פלעשער, געווער. עס דערטראָגט זיך דער מאָביליזאַציע־פּאַראָל „אַלאַרם! אַ ל אַ ר ם !" פון דער מעלינעפּענונג טראָגן קעמפער אַרויס געווער צו די קאַמפּס־פּונקטן. עס קומט אַן זיסקאָוויטש).

זיסקאָוויטש:

ווי אַ הונט האָבן מיר אים דערשאָסן!

אַלע:

וועמען?

זיסקאָוויטש:

דעסלערן.

אַלע:

דעסלערן, דערשאָסן...

זיסקאָוויטש:

יידן, די מאַכט איבערן געטאָ האָט איבערגענומען די פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע. צעגייט זיך, יידן, אָן טומל איבער די הייזער. דאָרט וועט איר שוין באַקומען אינסטרוקציעס פון אונדזערע קעמפער

(דורך די בית־מדרש־פענצטער באַווייזן זיך קעמפער, וועלכע אינסטאַלירן אין די פענצטער געווער צום דרויסן געצילט. די קינדער זינגען אַלע דאָס ליד, ווי די לערערין וואָלט עס איצט מיט זיי איינגעלערנט. זיסקאָוויטש באַקוקט די גאַס, די וואַנט מיט די פענצטער.

זיסקאָוויטש:

(צו זיך ריידנדיק)

נו, געגאַנגען... (גייט) „אַלץ אין אָרדענונג", הייסט עס.

זעליק:

(גייענדיק נאָך זיסקאָוויטשן)

וואַרט ליאָווע, איך גיי מיט דיר!

(דאָס געזאַנג ווערט שטאַרקער, פאַראייניקנדיק צו זיך אויך די שטימען פון די קעמפער. דער פאָרהאַנג פאַרמאַכט זיך. אין די אַפּלאָדיסמענטן פון עולם אין זאַל, גייט אַרויס פאַרן פאָרהאַנג דער רעזשיסער פון ספּעקטאַקל, ער וואַרט ביז די אַפּלאָדיסמענטן אויפן זאַל הערן אויף און עס ווערט פאַרשטילט דאָס געזאַנג הינטערן פאַרמאַכטן פאָרהאַנג. ווען ער הויבט אָן ריידן, עפנט זיך לאַנגזאַם צוריק דער פאָרהאַנג. ביי אַ טונקעלער ליכט, וואָס ווערט אַלץ העלער, שיינט אויף אַ בילד פון אַלע העלדן פון ספּעקטאַקל, אויסער גענס, דעסלער, טויזנטער, יאַנקל א"אַנד. די העלדן שטייען אין אַ קאַמפּפּאָזיציע די גאַנצע צייט, ביז צום סוף ווען זיי זינגען צוזאַמען מיטן רעזשיסער די סטראָפע פון „דאָס ליד פון שלום").

רעזשיסער:

(דערציילט אַז אַלטע יידישע לעגענדע)

ווען דער רבונו־של־עולם האָט באַשאַפן דעם ערשטן ייד אויף דער וועלט, האָט ער אים אַראָפּלאָזנדיק אויף דער זינדיקער ערד, מיטגעגעבן אין איין האַנט אַ ספר און אין דער צווייטער האַנט — אַ שווערד. אין וועג צו דער ערד — דערציילט ווייטער די לעגענדע, — האָט זיך דער ייד אַזוי אַריינגעטאָן אין ספר, אַז ער האָט גאָרנישט געפילט ווי די שווערד האָט זיך ביי אים פון דער אַנדערער האַנט אַרויסגעגליטשט. פון דאַן אָן, זאָגט מען, זענען מיר געוואָרן דער עם הספר (פויזע). די וועלט־געשיכטע אָבער האָט זיך פון בוך אויסגעלאַכט. די שווערד האָט אָנגעהויבן קיניגן איבערן מענטש.

הונדערטער יאָרן האָבן יידן אין זייער פּאַרטריבנקייט געזוכט די פאַרלוירענע שווערד און געפונען האָבן עס ערשט (אנווייזנדיק אויף די העלדן אויף דער סצענע) די מאָדערנע מכביער, — די קעמפערס אין די אַרומגערינגלטע געטאָס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. די טויזנטער יידישע פּאַרטיזאַנערס אין היגטערלאַנד פון שונא און די הונדערטער טויזנטער יידישע סאָלדאַטן אויף אַלע, אַלע פראָנטן. (פויזע) מיר זאָגן זיך אויך אויף ווייטער נישט אָפּ פון גרויסן ערן־טיטל „עם־הספר״, ניין. מיט כבוד האָבן מיר אים געטראָגן און וועלן אים אויך ווייטער טראָגן, אָבער דאָס געווער וואָס מיר האָבן שוין אָפּגעפונען, דאָס געווער, וואָס איז אויף איצט געהייליקט געוואָרן אין בלוט פון אונדזערע קעמפער אויף אונדזער ערד, וועלן מיר שוין פון די הענט נישט אַרויסלאָזן, און — (זינגט צוזאַמען מיטן אַנסאַמבל)

זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט
די צייט עס איז קיין חלום!

(פאָרהאַנג)

סוף.

פּאַריז, מאַי, 1948 י.

יעפים ישורין

# ש. קאַטשערגינסקי־ביבליאָגראַפיע

## ש. קאַטשערגינסקיס ווערק

**חורבן ווילנע.** — אומקום פון די יידן אין ווילנע און ווילנער געגענט. דער הריגה־טאָל פּאָנאַר. פּערזענלעכע איבערלעבונגען, זאַמלונג פון עדות — באַווייזן אַדער דאָקומענטן. אַרויסגעגעבן פון דעם פאַראייניקטן ווילנער הילפס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, דורך ציקאָ ביכער־פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1947. 358 זייטן.

**פּאַרטיזאַנער גייען!...** — אַרויסגעגעבן דורך דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע יידן אין אַרגענטינע, בוענאָס־איירעס, 1947. 176 זייטן.

**פּאַרטיזאַנער גייען!...** — צווייטע פאַרבעסערטע אויפלאַגע. אַרויסגעגעבן דורך דער מפקדה הראשית פון דער הסתדרות פּרטיזנים־חיילים־חלוצים פּח"ח אין דייטשלאַנד. פאַרלאַג „אויף דער וואַך". באַמבערג, 1948. 176 זייטן.

**צווישן האַמער און סערפּ.** — (צו דער געשיכטע פון דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטן־רוסלאַנד). אַרויסגעגעבן דורך אַ גרופּע פריינד פון ווילנע. פּאַריז, 1949. 96 זייטן.

**צווישן האַמער און סערפּ.** — (צו דער געשיכטע פון דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטן־רוסלאַנד). צווייטע פאַרגרעסערטע אויפלאַגע. פאַרלאַג „דער אמת", בוענאָס־איירעס, 1950. 124 זייטן.

**געטאָ און ישראל־לידער.** — אַרויסגעבער: „אַרגענטינער אָפּטייל פון אַלוועלטלעכן יידישן קולטור־קאָנגרעס". בוענאָס־איירעס, 1950. 24 זייטן.

**איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן.** — די גרינע לעגענדע. בוך איינס. בוך צוויי. אַרויסגעגעבן דורך פריינד פונעם מחבר. בוענאָס־איירעס, 1952. 392 זייטן.

**צווישן פאַלנדיקע ווענט. דראַמע.** — געדרוקט אין ש. קאַטשערגינסקי־אָנדענק־בוך. אַרויסגעגעבן דורך דעם קאָמיטעט צו באַערן זיין אָנדענק. בוענאָס איירעס, 1955.

**„אַזוי איז אומעטום".** — איז דער כראָניק פון „יונג־ווילנע", ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומ. 668, פעב. 26, 1937 אויף דער 145טער זייט איז פאַרצייכנט פאַלגענדעס: (משה לעווין און כ. שמערקע האָבן אָנגעשריבן צוזאַמען אַ פּיעסע א"נ „אַזוי איז אומעטום" און פירן אונטערהאַנדלונגען מיט אַ יידישן טעאַטער אין אויסלאַנד די פּיעסע אויפצופירן).

# געמישטע לידער־זאַמלונגען

**לידער פון די געטאָס און לאַגערן.** — טעקסטן און מעלאָדיעס געזאַמלט: ש. קאַ־טשערגינסקי. רעדאַקטירט: ה. לייוויק. ציקאָ ביכער פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1948. 436 זייטן.

**דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ.** — ארויסגעבער: „פאַרבאַנד פון די ווילנער אין פראַנקרייך". פאַריז, 1947. זאַמלונג פון 37 לידער־טעקסטן מיט נאָטן. צייכענונגען: משה באַהעלפער. 52 זייטן.

**אונדזער געזאַנג.** — ארויסגעבער: „צענטראַל־קאָמיטעט פון די יידן אין פוילן". מיט־רעדאַקציע: לעאָן ווײַנער. וואַרשע, 1946. 224 זייטן.

# אַרטיקלען וועגן ש. קאַטשערגינסקי

**אַבראַמאָוויטש, הירש.** — חורבן ווילנע. דאָס אידישע וואָרט, וויניפּעג, אַפּר. 23, 1948.

— חורבן ווילנע. שיקאַגער אידישער קוריער. יולי 1948. ז' 11.

— חורבן ווילנע. אויפן שוועל, נ. י. יולי־אויג. 1948. זז" 17־18.

— דאָס בוך פון חורבן־ווילנע. די שטימע, מעקסיקע, דעצ. 11, 1948.

— יידן צווישן האַמער און קאָוואַדלע. וועגן ש. קאַטשערגינסקיס ביכל „צווישן האַמער און סערפּ". פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י. אַפּר. 14, 1950. ז' 3.

**אַלמען, מ.** — ש. קאַטשערגינסקיס מעמענטאָ. לשון און לעבן. לאָנדאָן, מאַי 1954. ז' 13.

**אַראָנסאָן, גריגאָרי.** — מעמואַרן. צווישן האַמער און סערפּ. צוקונפט, נ. י. יאַנ. 1951. זז" 35־41.

**אַרזוך, דוד.** — פאַרוואָס אַזעלכע טרויעריקע ידיעות? דער טראַגישער און פּלוצימדי־קער טויט פון דיכטער פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי... פּאַלקסבלאַט, מאָנטע־ווידעאָ, אַפּר. 29, 1954.

**א., ב.** — ער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן אין די וועלדער אַרום ווילנע. פאָרווערטס, נ. י. מערץ 2, 1953.

**א., ג.** — צום אָנקום פון ש. קאַטשערגינסקי. פּאָלקסבלאַט, מאָנטעווידעאָ, יוני 25, 1952.

**א., מ.** — „יונג־ווילנע" העפט 2. עטיודן, ווילנע, פעב. 1935. ז' 13.

**ב־ר., י.** — חורבן ווילנע. שמערקע קאַטשערגינסקי. אויסטראַלישע יידישע נייעס. מעל־בורן, נאָוו. 20, 1953.

**באַטאַשאַנסקי, יעקב.** — ש. קאַטשערגינסקיס זאַמלונג „דאָס געזאַנג פון ווילנער גע־טאָ". די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אויג. 20, 1947.

— „פּאַרטיזאַנער גייען" פון ש. קאַטשערגינסקי, אַ בוך פון טרייסט. די פּרעסע, בוע־נאָס־איירעס, אויג. 27, 1947.

— „חורבן ווילנע" פון ש. קאַטשערגינסקי. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יאַנ. 21, 1948.

— לידער פון געטאָס און לאַגערן. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אָקט. 31, 1948.

— דריי שרייבער דערציילן. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, מאַי 23, 1950.

— קומסט אין ריכטיקן פּלאַץ און אין דער ריכטיקער צייט, אונדזער שמערקע. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יוני 4, 1950.
— אונדזער ש. קאַטשערגינסקין אַ האַרציקן „ברוך הבא". די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יוני 5, 1950
— ש. קאַטשערגינסקי — געקומען און אנגעהויבן זינגן. דער שפּיגל, בוענאָס־איירעס, יוני 1950. זז" 7־8.
— ש. קאַטשערגינסקי דער אַרבעטזאַמער. די נייע צייט, בוענאָס־איירעס, יוני 9, 1950. ז' 3.
— היינט וועלן מיר אים איינבירגערן אין אונדזער ישוב. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יוני 25, 1951.
— נעכטן איז געוואָרן 9 יאָר זייט דאָס דאַזיקע איז געשען. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, סעפּט. 24, 1952.
— לייזער וואָלף דער דיכטערישער מנחם־מענדל פון „יונג־ווילנע". דוּוקא, בוענאָס־איירעס, יולי־סעפּט. 1953. ז' 248.
— ש. קאַטשערגינסקיס ליד איבערגעריסן געוואָרן אין מיטן. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אַפּר. 27, 1954.
— שמערקע, מיר פירן דיך היינט צו דיין אייביקער רו אין אייביקן לעבן אַריין. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, מאַי 4, 1954.
— אַ בריוו צו טויזנט יידן. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, מאַי 29, 1954.
— זינגען אין אייביקן לעבן אַריין. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יוני 3, 1954.

**(באַשעוויס, יצחק) יצחק וואַרשאַווסקי.** — „אין צדיקס טריט" און „צווישן האַמער און סערפּ". פאָרווערטס, נ. י. יאַנ. 15, 1950.

**ב(אַרענשטיין) י.** — שמערקע קאַטשערגינסקי, ע"ה. דער נייער מאָמענט, סאַן פּאַולאָ, אַפּר. 30, 1954.

**ביאַלאָסטאָצקי, ב. י.** — די געזאַנגען פון ווילנער געטאָ. פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י. סעפּט. 26, 1947. ז' 5.
— די געזאַנגען פון ווילנער געטאָ. אידישע פּרעסע, ריאָ דע זשאַנייראָ, פעב. 6, 1948.

**ביזבערג, פּנחס.** — שלום דיר, חבר שמערקע קאַטשערגינסקי. די נייע צייט, בוענאָס־איירעס, יוני 2, 1950.

**ביילים, ש.** — „יונג־ווילנע". ווילנער אַלמאַנאַך, 1939. ז' 114.

**ביעלעצקי, פּנחס.** — די אזכרה נאָך ש. קאַטשערגינסקי. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, יולי 1, 1954.

**בליך, צאַלעל.** — וועגן אַן אַלטן פּאַשקוויל פון יידישן קראָוושענקאָ. אונדזער שטימע, סאַן פּאַולאָ, נאָוו. 13, 1951.

**בראַט, יצחק.** — שמערקע קאַטשערגינסקי. צו זיין טראַגישן טויט. לעצטע נייעס, תל־אביב, מאַי 7, 1954.

**בראַנשטיין, יחזקאל.** — „געהיימשטאָט" פון אברהם סוצקעווער. יאָ און נישט ניין. לאָס אַנדזשעלעס, 1953. ז' 97.

**גאָטליב, נ. י.** — קאָוונע און ווילנע. קענעדער אַדלער, מאָנטרעאַל, אָקט. 27, 1939.

**גאָראָדיסקי, יונה.** — בערציק יאָר „בונד". אַרויסגעוואָרפענע רייד. בוענאָס־איירעס, 1948. ז' 111.

**גלאַטשטיין, יעקב.** — בלעטערנדיק ביכער און זשורנאַלן. אידישער קעמפּער, נ. י. נאָוו. 5, 1948. זז" 12-11.

— שמערקע קאַטשערגינסקי. אידישער קעמפּער, נ. י. מאַי 14, 1954. זז" 15-14.

— שמערקע קאַטשערגינסקי. דער נייער מאָמענט, סאַן פּאַולאָ, מאַי 14, 1954.

— אַ פּאַרטיזאַן איז געפאַלן. די פּרעסע, בוענאָס-איירעס, מאַי 20, 1954.

**גראַדזענסקי, א. י.** — די שרייבער-גרופּע „יונג-ווילנע" און איר אַריינמאַרשיר אין דער יידישער ליטעראַטור. צוקונפט, נ. י. נאָוו. 1937. ז' 686.

**גראַדע, חיים.** — ש. קאַטשערגינסקי. רעדע געהאַלטן צו שלושים. צוקונפט, ניו-יאָרק, יולי-אויגוסט 1954.

**גראַנט, אַלפרעד.** — אַ „אידישע" ליטעראַטור אין דינסט פון קריג. מאָרגן-פרייהייט, נ. י. אויג. 6, 1950.

**גרוזמאַן, י. ל.** — אין טעג פון אבלות. דער שפּיגל, בוענאָס-איירעס, אַפּר.-מאַי 1954, זז" 4-3.

**גרוסמן, משה.** — שמריה קצ'רגינסקי. דבר, תל-אביב, מאַי 14, 1954.

**דאַמאַנקעוויטש, ל.** — חורבן ירושלים דליטא. וועגן ש. קאַטשערגינסקיס „חורבן ווילנע". אַרבעטער-וואָרט, פּאַריז, אַפּר. 30, 1948.

**דוואָרזשעצקי, ד"ר מאַרק.** — דאָס קולטור-וועזן אין ווילנער געטאָ. ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום. פּאַריז, 1948. ז' 234.

— ליטעראַרישע אַרבעטן. ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום. פּאַריז, 1948. זז" 255, 256.

— וועגן דער געטאָ זינגט... ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום. פּאַריז, 1948. זז" 275, 277, 282.

— פון דער דייטשער גאַלעריע. ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום. פּאַריז, 1948. ז' 320.

— די פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג. ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום. פּאַריז, 1948. ז' 401.

**האָרן, י.** — נויט, ליד, געזאַנג און אידייע. צו דער כאַראַקטעריסטיק פון ש. קאַטשערגינסקי דעם שרייבער. די אידישע צייטונג, בוענאָס-איירעס, אַפּר. 29, 1954.

**ה(אָרן) י** — שמערקע קאַטשערגינסקי דער קעמפער. אונדזער געדאַנק, בוענאָס-איירעס, מאַי 15, 1954.

— שמערקע קאַטשערגינסקי. פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י. יולי 16, 1954, ז' 6.

**התימני, מ. ה.** — דער טראַגיש-אומגעקומענער דיכטער-פּאַרטיזאַן שמערקע קאַטשערגינסקי איז געקומען צו זיין אייביקער רו. פּאַלקסבלאַט, מאָנטעווידעאָ, מאַי 6, 1954.

**וואָלף, יוסף.** — „חורבן ווילנע". ש. קאַטשערגינסקי: „חורבן ווילנע". קיום, פּאַריז, מאַי 1948. ז' 348.

**וואַסערצוג, ז.** — מיט אַ צעבראָכן געמיט (צו שמערקעס לויה). די אידישע צייטונג, בוענאָס-איירעס, מאַי 4, 1954.

**וויניק, ע.** — שמערקע קאַטשערגינסקי. (צו די שלושים נאָכן טראַגישן טויט פון פּאַרטיזאַן-דיכטער(. אַפריקאַנער יידישע צייטונג, יאָהאַנעסבורג, יוני 4, 1954, ז' 10.

— נישטאָ מער שמערקע קאַטשערגינסקי. פּאָלקסבלאַט, מאָנטעווידעאָ, אַפּר. 30, 1954.

**וויינרויך, הערשל.** — די וואס שווייגן און די וואס ווילן ניט פארשווייגן. פרייע אר־בעטער שטימע, נ. י. יאנ. 4, 1952. ז' 3.

**וויינרייך, מ.** — וועגן ש. קאטשערגינסקיס „חורבן ווילנע". חורבן ווילנע. ציקא־ביכער פארלאג, נ. י. 1947. זז" X—XII.

**ווייסמאן, גבריאל.** — אברהם סוצקעווער. ארגענטינער ביימעלעך, בוענאס־איירעס, פעב. 1951. ז' 4.

**ו., י.** — אויפן פרישן קבר פון ש. קאטשערגינסקי. האוואנער לעבן, מאמי 29, 1954. ז' 4.

**זשעלעניעץ, י.** — נישטא מער שמערקע קאטשערגינסקי!... פאלקסבלאט, מאנטעווידעא, אפר. 30, 1954.

**טענענבוים, ש.** — די „יונג־ווילנער" אין יידישער ליטעראטור. אליהו שולמאן — „יונג־ווילנע". די שטימע, מעקסיקע, יוני 8, 1946.

— די גרופע „יונג־ווילנע" אין דער יידישער ליטעראטור. אליהו שולמאן — „יונג־ווילנע". פרייע ארבעטער שטימע, נ. י. אויג. 2, 196. ז' 5.

**טעפער, יוסף.** — „יונג־ווילנע". ליטעראַרישע בלעטער, ווארשע, נומ. 668, פעב. 26, 1937. ז' 133.

**טערקעל, ב.** — שמערקע, שוין אויך נישטאו דער שפיגל, בוענאס־איירעס, אפר.־מאי 1954, ז„ 2.

**טשארני, דניאל.** — ווער זענען די „יונגע־ווילנעיאנער"? ליטעראַרישע בלעטער, ווארשע, נומ. 668, פעב. 26, 1937, ז' 135.

— א גרוס פון „יונג־ווילנע", וואס איז פארוואגלט אין לאדזש; צוויי בארימטע דיכטער שרייבן, אז זיי בענקען נאך אמעריקע. טאג. נ. י. אויג. 10, 1946.

— מיינע שרייב־טישן אין מאסקווע, ווילנע, בערלין, פאריז און אין ברוקלין. טאג־מארגן זשורנאל, נ. י. מאי 15, 1954.

**טשעמני, מלך.** — שמערקע. די פרעסע, בוענאס־איירעס, אפר. 25, 1954.

— שמערקע. נייע יידישע צייטונג, מינכען, מאי 14, 1954.

— א טאפלטער טרויער. שמערקע האט געקעמפט פאר יידיש. די פרעסע, בוענאס־איירעס, יוני 3, 1954.

**יאנאסאוויטש, יצחק.** — דאס טראגישע פנים פון אונדזער גבורה. (וועגן ש. קאטשערגינסקיס בוך „איך בין געווען א פארטיזאן"). קיום, פאריז, סעפט.־נאוו. 1952 זז" 360־362.

— ווי זאל איך דיך באוויינען, שמערקע מיין ברודער? די פרעסע, בוענאס־איירעס, אפר. 28, 1954.

**י(אנאסאוויטש) י.** — געטריישאפט צום זכרון פון אונדזערע קולטור און ליטעראטור־שעפער. צום מארגנדיקן שלושים־אוונט נאך ש. קאטשערגינסקי... די פרעסע, בוענאס־איירעס, מאי 30, 1954.

— א נייער פארלאג — אויף לאנגע יארן... די פרעסע, בוענאס־איירעס, מאי 15, 1954.

**יאפע, ח.** — ש. קאטשערגינסקיס לעצטע טעג אין ארגענטינע. טאג־מארגען זשורנאל, נ. י. מאי 9, 1954.

**יאפע דזשין** — שמערקע קאטשערגינסקיס לעצטע טעג. דאס יידישע ווארט, סאנטיאגא, יוני 1, 1954.

**יאַקובאָוויטש, מאַרקוס.** — שמערקע קאַטשערגינסקי, דער גאַסט פון פּאַרטאַ אַלעגרע. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, יולי 23, 1953.

**יונין, וואָלף.** — ש. קאַטשערגינסקי — דיכטער און פּאַרטיזאַן. דער אַמעריקאַנער, נ. י. מערץ 27, 1953. ז' 2.

— שמריהו קאַטשערגינסקי — דער אומגעקומענער דיכטער־פּאַרטיזאַן. טאָג־מאָרגן־זשורנאַל, נ. י. מאַי 1, 1954.

— ש. קאַטשערגינסקי און זיין טראַגישער טויט. דער אַמעריקאַנער, נ. י. מאַי 14, 1954. ז' 5.

**יעלין, מאיר און מאַטיס, ש.** — „יונג־ווילנע" — ב. שמערקע (ש. קאַטשערגינסקי). נייע בלעטער זאַמלבוך, קאָונאָס, 1939. ז' 126.

**(יעפּרויקין, ז.) י. זאַלמעלעס.** — דיכטער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי אַ גאַסט אין ניו־יאָרק. קינדער־צייטונג, נ. י. מערץ 1953. ז' 7.

**ישורין, יעפים.** — פון די אַרויסגעבער פון בוך. חורבן ווילנע, ציקאָ ביכער פאַרלאַג, נ. י. 1947. זז"

**י., ב.** שמערקע קאַטשערגינסקי. צו זיין טראַגישן טויט. לעצטע נייעס, תל־אביב, מאַי 7, 1954.

**(כאַרלאַש, י.) בן־ברוך.** — אויף די פרישע קברים פון ש. קאַטשערגינסקי און נ. באַמזע. אונדזער צייט, נ. י. נומ. 7, יוני 1954, זז" 36־38.

**לייוויק, ה.** — דאָס פאָלק זינגט אייביק. לידער פון געטאָס און לאַגערן. ציקאָ ביכער פאַרלאַג, נ. י. 1948, זז"

— דאָס אייביקע געזאַנג. זאַמלביכער, 7, ניו־יאָרק, 1948. זז" 400־450.

**לעדערמאַן, י.** — אַ פּאָר ווערטער צו שמערקע קאַטשערגינסקי. אונדזער שטימע, סאַן פּאַולאָ, דעצ. 7, 1951.

**לעוו, אברהם.** — „פּאַרטיזאַנער גייען" פון ש. קאַטשערגינסקי. אונדזער שטימע, פּאַריז, מערץ 20, 1948.

— „פּאַרטיזאַנער גייען". ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, אָקט. 29, 1948. ז' 12.

— ווענן און אַרום דעם „חורבן ווילנע". אונדזער שטימע, פּאַריז, פעב. 12־13, 1949.

— ש. קאַטשערגינסקי: איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן. אונדזער שטימע, פּאַריז, מערץ 28־29, 1953.

**לעיעלעס, א.** — וועלט און וואָרט. טאָג, נ. י. פעב. 7, 1948.

— וועלט און וואָרט. טאָג, נ. י. פעב. 26, 1949.

— וועלט און וואָרט. טאָג, נ. י. סעפּט. 23, 1949

— קאַטשערגינסקיס ניי בוך. טאָג, נ. י. יולי 19, 1952.

— „נאָר נישט פאַרלירן זיך". טאָג־מאָרגן זשורנאַל, נ. י. מערץ 14, 1953.

— קאַטשערגינסקי, באַמזע — אַ דור אַז יונגשאַפט. טאָג־מאָרגן זשורנאַל, נ. י. מאַי 29, 1954.

**לערנער, פ.** — דער באַזינגער בטחון. (טרערן אויפן אומקום פון ש. קאַטשערגינסקי). די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אַפּר. 23, 1954.

**לערנער, פאַליק.** — שמערקע קאַטשערגינסקי. קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, מאַי 13, 1954.

**לענעמאַן, לעאָן.** — די ייד. קולטור־פּאָזיציעס איז נויטיק צו שטאַרקן, באַשיצן און פאַרטיידיקן פּונקט אַזוי אין אַרגענטינע, ווי אין פראַנקרייך. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, יוני 2, 1950.

**לעשצינסקי, יעקב.** — מער ווי פופציק יידישע ביכער וועגן אונדזער אומגליק. פאָרווערטס, נ. י. פעב. 5, 1950.

**מוקדוני, ד"ר א.** — שרייבערישע שארית הפליטה. מאָרגן זשורנאַל, נ. י. מאַי 18, 1947.

— טראַגישער אמת וועגן די יידן אין רוסלאַנד. די פאַקטן וואָס דער דיכטער און פּאַרטיזאַנער ש. קאַטשערגינסקי גיט איבער אין אַ ביכעלע וועגן דער ליקווידאַציע פון דער יידישער קולטור אין סאָוועט־רוסלאַנד. מאָרגן זשורנאַל, נ. י. יאַנ. 25, 1950.

— אַ יזכור־בוך וועגן אומגעבראַכטע ביכער. מאָרגן זשורנאַל, נ. י. סעפּט. 7, 1951.

— מיר האָבן געשלאָגן די דייטשן. „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" פון ש. קאַטשערגינסקי. מאָרגן זשורנאַל, נ. י. סעפּט. 7, 1952.

**מייזיל, נחמן.** — פאָלקס־שאַפן און ליטעראַטור. יידישע קולטור, נ. י. יולי 1946. ז' 24.

— הירש גליק — זיין לעבן און שאַפן. הירש גליק. לידער און פּאָעמעס. איקוף פאַרלאַג, נ. י. 1953. זז' 17, 18, 19, 31, 32, 33, 36.

— פון חודש צו חודש. יידישע קולטור, נ. י. מאַי 1954. ז' 58.

**נאטיש, מ.** — „יונג־ווילנע" און איר זאַמלהעפט. ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומ. 537, אויג. 24, 1934. ז' 560.

**ניגער, ש.** — יונג־ווילנע. טאָג, נ. י. אָקט. 29, 1939.

— דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ. טאָג, נ. י. יוני 8, 1947; יאָר־בוך 1947-48 יידישער ביכער־ראַט פון אַמעריקע, נ. י. 1947; אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס, אויג. 20, 1947.

— ליטע. טאָג, נ. י. מאַי 4, 1952.

— חורבן און ווידערשטאַנד־ליטעראַטור. טאָג־מאָרגן זשורנאַל, נ. י. אַפּר. 5, 1953.

— נייע מעמואַרן־ליטעראַטור. טאָג־מאָרגן זשורנאַל, נ. י. מאַי 3, 1953.

**נ., ג.** — אין ווילנער געטאָ האָט מען געזונגען... („געזאַנג פון ווילנער געטאָ", פּאַריז יאַנ.־פעב. 1954, ז' 21.

**סאמסאָנאָוויטש, ה.** — דער טראַגישער טויט פון ש. קאַטשערגינסקי. פאָרווערטס, נ. י. מאַי 14, 1954.

**סוסקאָוויטש, שלמה.** — ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום". דרויאַ, בוענאָס־איירעס, יולי־סעפּט. 1949. ז' 105.

**סוצקעווער, א.** — אין אַ ארון פאַר מתים. ווילנער געטאָ, פּאַריז, 1946. ז' 27.

— אין קעניגרייך פון אַלפרעד ראָזענבערג. ווילנער געטאָ, פּאַריז, 1946. ז' 112.

— א. סוצקעווער באַוויינט דעם טויט פון ש. קאַטשערגינסקי. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, מאַי 11, 1954.

**סווערדלין, ד"ר נ.** — אונדזער גאַסט קאַטשערגינסקי, דיכטער־פּאַרטיזאַן. טאָג־מאָרגן זשורנאַל, נ. י. מערץ 7, 1953.

**סיגאל, ל.** — מיר טרויערן אויפן טראַגישן טויט פון ש. קאַטשערגינסקי. קענעדער אַדלער, מאָנטרעאַל, מאַי 26, 1954.

ספארד, ד. — צום צוריקקער פון אונדזערע שרייבער. יידישע שריפטן, לאדזש, 1946. ז' 59.
— צום צוריקקער פון אונדזערע שרייבער. יידישע בילדער, מינכן, יוני 1947. ז' 4.
עזראָוויטש, ב. — נייע חורבן־ליטעראַטור. אונדזער געדאַנק, מעלבורן, אַפּר. 1953. ז' 4.
(פּאַט, יעקב) י. סופר. — יידישע קעמפער אין די ליטווישע וועלדער. פאָרווערטס, נ. י. נאָוו. 16, 1947.
— אַ בוך וועגן יידישע פּאַרטיזאַנער אין ליטווישע וועלדער. די שטימע, מעקסיקע, נאָוו. 29, 1947.
י. פּ. — דער אומגעקומענער דיכטער שמערקע קאַטשערגינסקי. פּאַראויס, מעקסיקע, יוני 1, 1954. ז"ז 11־12.
פּאַגעלמאַן, ל. — „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" אַ נייער בוך פון ש. קאַטשערגינסקי. פאָרווערטס, נ. י. סעפּט. 19, 1952.
(פראַנק ד"ר הערמאַן) ה. וואָלפסאָן. — צו דער געשיכטע פון אומקום און חורבן פון דער יידישער ווילנע. פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י. אַפּר. 16, 1948. ז' 4 און 7 און אַפּריל 23, 1948. ז"ז 4 און 7.
פרידמאַן, שמואל. — לגיטו ווילנה. דבר, תל־אביב, אָקט. 3, 1948.
קאהאן, שמשון. — צען יאָר יונג־ווילנע. ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע, נומ. 668, פעב. 26, 1937. ז' 135.
קיסמאַן, ד"ר יוסף. — אַליין געשוואומען אין ים פון בלוט און טרערן. ש. קאַטשער־גינסקיס „חורבן ווילנע". פאָרווערטס, נ. י. מערץ 28, 1948.
קנאַפּהייס, משה. — טרויער ווערטער נאָך אַ צעזונגענער נשמה. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, אַפּר. 29, 1954.
— אויפן פרישן קבר פון נחום באַמזע. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, מאַי 19, 1954.
ר. ר. — דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ. וועלט, מינכען, דעצ. 1947. ז' 25.
ראַוויטש, מלך. — סוצקעווער, גראַדע און קאַטשערגינסקי. פרייער אַרבעטער שטימע, נ. י. יאַנ. 3, 1947. ז' 3.
— וועגן קאַטשערגינסקיס „דאָס געזאַנג פון ווילנער געטאָ" און געטאָ־געזאַנג בכלל. קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, יוני 16, 1947.
— געטאָ־געזאַנג (וועגן קאַטשערגינסקיס „דאָס געזאַנג פון געטאָ"). דער וועג, מעק־סיקע, יוני 28, 1947.
—— וואַלד קעגן נאַצי. קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, אָקטאָבער 27, 1952.
— וואַלד קעגן נאַצי. די פּרעסע, בוענאָס־איירעס, דעצ. 7, 1952.
— שמערקע קאַטשערגינסקי (אַן אינטימער פּאָרטרעט). קענעדער אָדלער, מאָנטרעאַל, מאַי 25, 1954.
ראָזענבוים, צבי. — שמערקע איז טויט! קאַנאַדער נייעס, טאָראָנטאָ, מאַי 14, 1954. ז' 8.
ראָזשאַנסקי, שמואל. — אַ בוך אָרום געטאָ, וואָס טרייסט און מוטיקט. די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, יולי 27, 1947.
— אַן אינטימע אויפקלערונג וועגן יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד. ש. קאַטשער־גינסקי „צווישן האַמער און סערפּ". די אידישע צייטונג, בוענאָס־איירעס, מערץ 14, 1950.

— מעז ווארט אויף מענטשן. די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, יוני 28, 1950.
— ליקווידאציע און... לינקס. די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, אקט. 20, 1950.
— שמערקע קאטשערגינסקי צווישן פייער און אש. שטריכן. די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, אפר. 28, 1954.
— אונטערן דרוק פון ליבע און האס. (ש. קאטשערגינסקי). די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, מאי 5, 1954.
— דער זינגער צווישן יונג און אלט. היינט, צו די שלושים נאך שמערקען. די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, מאי 31, 1954.

**ר(ובינשטיין), מ.** — יחיאל לערערס פאעמען און ש. קאטשערגינסקיס זאמלונג „לידער פון געטאס און לאגער". די שטימע, מעקסיקע, אקט. 30, 1948.

**רימון, יצחק.** — טרויער־אוונט אין תל־אביב צום טראגישן טויט פון שמערקע קאטשערגינסקי. קענעדער אדלער, מאנטרעאל, יולי 23, 1954.

**שאליט, לוי.** — שמערקע קאטשערגינסקי. אפריקאנער אידישע צייטונג, יאהאנעסבורג, מאי 7, 1954.

**שולמאן, אליהו.** — יונג־ווילנע 1939־1929. געצעלטן, נ. י. יולי־אויג. 1945 זז" 130־129; געצעלטן, נ. י. סעפט.־אקט. 1945, זז" 163־162; געצעלטן, נ. י. נאוו.־דעצ. 1945, זז" 232־230.
— פארגייער און אנזאגער. יונג־ווילנע, נ. י. 1946, זז" 18־17.
— עפילאג, יונג־ווילנע, נ. י. 1946. זז" 62־60.
— ארום דער יידישער ליטעראטור. דער וועקער, נ. י. אויג. 1, 1952. ז' 14.
— ש. קאטשערגינסקי. דער וועקער, נ. י יוני 1954. זז" 13־12.

**שומאכער, צעלינא.** — ווען שמערקע וואלט געזונגען (ליד). אויפן פרישן קבר פון שמערקע קאטשערגינסקי. דער אמעריקאנער, נ. י. יוני 4, 1954. ז' 12.

**שווייד, מארק.** — די זעקס יידישע פאעטן פון אייראפע וואס זיינען איצט געסט אין אמעריקע. פארווערטס, נ. י. אקטאבער 17, 1948.

**שטוקער־פאיוק, מאשא.** — נישטא מער שמערקע (ליד) צום טויט פונעם דיכטער ש. קאטשערגינסקי. די פרעסע, בוענאס־איירעס, אפר. 29, 1954.

**שטערן, שלום.** — א לאגל טרערן. „דאס געזאנג פון ווילנער געטא" פון ש. קאטשערגינסקי. וואכנבלאט, טאראנטא, יוני 26, 1947.

**שטריגלר, מרדכי.** — שמריהו קאטשערגינסקי. הדואר, נ. י. מאי 14, 1954. ז' 528.

**שמולעוויטש, י.** — דער ווילנער דיכטער קאטשערגינסקי. פארווערטס, נ. י. יאנ. 18, 1948.

---

**שענדעריי, מ.** — א בריליאנטענער באלאנס. די אידישע צייטונג, בוענאס־איירעס, אויג. 20, 1951.

# אין צייטונגען און זשורנאלן וועגן ש. קאטשערגינסקי

**אונדזער געדאנק, בוענאס איירעס.** — מאי 1, 1954, ז' 7. ש. קאטשערגינסקי דער שרייבער־פארטיזאן אומגעקומען פון א שרעקלעכער לופט־קאטאסטראפע.

**אונדזער וועג, ניו יארק.** — מאי 15, 1954, ז' 11. שמריהו קאטשערגינסקי.

**אונזער שטימע, פאריז.** — נאוו. 2, 1948. לידער פון געטאס און לאגערן.

— מאַי 4, 1954. שמערקע קאַטשערגינסקי אומגעקומען אין אַוויאַן־קאַטאַסטראָפע.
— מאַי 8־9, 1954. שמערקע קאַטשערגינסקי.
— אויף די פרישע קברים פון ש. קאַטשערגינסקי און נ. באַמזע. אונדזער צייט, נ. י. נומ. 7, יוני 1954, זז׳ 36־38.

**אויסטראַלישע יידישע נייעס, מעלבורן.** — מאַי 14, 1954. ש. קאַטשערגינסקי גע־בראַכט צו קבורה אין בוענאָס־איירעס.

**אונדזער וואָרט, בוענאָס איירעס.** — אַפּר. 30, 1954, ז׳ 6. טראַגיש אומגעקומען ש. קאַטשערגינסקי.

**אידישע פּרעסע, ריאָ דע זשאַניירא.** — דעצ. 14, 1951. קאַטשערגינסקי דער־ציילט... אַ געשפּרעך מיטן דיכטער־פּאַרטיזאַן.

**אידישע צייטונג, בוענאָס איירעס.** — אַפּר. 21, 1952. דערשינען „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" פון ש. קאַטשערגינסקי.
— אַפּר. 27, 1954. נישטאָ מער דער הארציקער מענטש און שרייבער שמערקע קאַ־טשערגינסקי.
— מאַי 3, 1954. היינט ווערט געבראַכט דער קערפּער פון ש. קאַטשערגינסקי.
— מאַי 4, 1954. היינט קומט פאָר די לויה פון שמערקע קאַטשערגינסקי.
— מאַי 5, 1954. טויזנטער יידן האָבן נעכטן באַגלייט דעם שרייבער ש. קאַטשערגינסקי צו זיין אייביקער רו.

**אילוסטרירטע ליטעראַרישע בלעטער, בוענאָס איירעס.** — יאַנ.־פעב. 1954, ז׳ 21. ביכער, לעקציעס און פייערונגען.

**אַפריקאַנער אידישע צייטונג, יאָהאַנעסבורג.** — פעב. 6, 1953. ש. קאַטשערגינסקי אַרויסגעפאָרן אויף אַ טור אין צפון־אַמעריקע.
— אַפּר. 30, 1954. „שמערקע" קאַטשערגינסקי אומגעקומען אין עראָפּלאַן־קראַך.
— מאַי 7, 1954. ווילנער באַערן אָנדענק פון ש. קאַטשערגינסקי.

**בראַזיליאַנער אידישע צייטונג, ריאָ דע זשאַניירא.** — מאַי 30, 1954. אומגעקו־מען שמערקע קאַטשערגינסקי.

**דבר, תל־אביב.** — אַפּר. 29, 1954. ש. קצ׳רגינסקי.

**טאָג־מאָרגען זשורנאַל, ניו יאָרק.** — אַפּר. 7, 1953. דיכטער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשער־גינסקי צו גאַסט אין קאַנאַדע; גראַנדיעזער קבלת־פּנים ווערט צוגעגרייט פאַר אים אין מאָנטרעאַל.
— אַפּר. 29, 1954. ש. קאַטשערגינסקי, דיכטער־פּאַרטיזאַן, אומגעקומען אין עראָפּלאַן־קראַך.
— אַפּר. 30, 1954. ש. קאַטשערגינסקיס טויט רופט אַרויס טרויער אין יידישע ישובים.
— מאַי 4, 1954. קאַטשערגינסקי ווערט היינט געבראַכט צו אייביקער רו.
— מאַי 6, 1954. קאַטשערגינסקי ווערט געבראַכט צו אייביקער רו; מענטשן וויינען ביי לויה.

**דאָס יידישע וואָרט, סאַנטיאַגאָ.** — אַפּר. 30, 1954. שמערקע קאַטשערגינסקי אומ־געקומען אין אַן אַוויאַציע־אַקצידענט אין אַרגענטינע.

**דאָס יידישע וואָרט, וויניפּעג.** — מאַי 7, 1954. ש. קאַטשערגינסקי אומגעקומען אין עראָפּלאַן־קראַך.

**ליטעראַרישע בלעטער, וואַרשע.** — פעב. 26, 1937, ז׳ 145. כראָניק פון „יונג־ווילנע".

**דער נייער מאָמענט, סאַן פּאולאָ.** — מערץ 21, 1952. עס דערשיינט ש. קאַטשערגינסקיס ספר הגבורה „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן".

**די פּרעסע, בוענאָס איירעס.** — יוני 7, 1950. איך האָב צו געפינען דאָ ביי איך מיין ווילנע, זאָגט ש. קאַטשערגינסקי.

— יוני 12, 1950. אַ ריזיקער עולם איז געקומען צום קבלת־פּנים פאַר ש. קאַטשערגינסקי.

— יוני 27, 1951. איינדרוקספולער באַערונגס־אַקט פאַר ש. קאַטשערגינסקי.

— אַפּר. 18, 1952. דערשינען „איך בין געווען אַ פּאַרטיזאַן" פון ש. קאַטשערגינסקי.

— יולי 11, 1953. ש. קאַטשערגינסקי זיך אומגעקערט פון אַ רייזע איבער פּאַראַייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און בראַזיל.

— אַפּריל 27, 1954. פּראָקלאַמירט דעם קלוב טלאַמאַצקע 13. איבער דער ידיעה וועגן ש. קאַטשערגינסקי אַפּגעלייגט די דערעפענונגס־פייערונג.

— אַפּר. 27, 1954. אומגעקומען אַלע פּאַסאַזשירן און טריפּולאַנטן פון אַראָפּגעפאַלענעם אַוויאָן אין לאַ ריאָכאַ... צווישן די אומגעקומענע האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער דיכטער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי.

— אַפּר. 28, 1954. טרויער־זיצונג נאָך ש. קאַטשערגינסקי אין פּועלי ציון התאחדות.

— מאַי 19, 1954. שלושים־אַקאַדעמיע צום אָנדענק פון ש. קאַטשערגינסקי.

— מאַי 30, 1954. מאָרגן, טרויער־אַקאַדעמיע צו די שלושים פון ש. קאַטשערגינסקי, ע"ה.

— יוני 2, 1954. גרויסער עולם ביים אָנדענק־אָוונט נאָך שמערקע קאַטשערגינסקי אין טעאַטער „קאָריענטעס".

**פאָלקסבלאַט, מאָנטעווידעאָ.** — יולי 9, 1952. אַ באַזוך פון דיכטער ש. קאַטשערגינסקי אין דער אַרלאָזאָראָוו־שולע.

— יולי 9 1952. מאָרגן די לעצטע קאָנפערענץ פון דיכטער ש. קאַטשערגינסקי.

— אַפּר. 29, 1954. דער דיכטער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי אין אַ לופט־קאַטאַסטראָפע.

**פּאַראַויס, מעקסיקע.** — מאַי 1, 1954, ז' 11. ש. קאַטשערגינסקי אומגעקומען אין אַעראָפּלאַן־קאַטאַסטראָפע.

— דער אומגעקומענער דיכטער שמערקע קאַטשערגינסקי. פּאַראַויס, מעקסיקע, יוני 1, 1954, זז" 11־12.

**פאָרווערטס, ניו יאָרק.** — יאַנ. 30, 1953. דיכטער ש. קאַטשערגינסקי אָנגעקומען אין ניו־יאָרק; גיט־אָפּ אַ גרוס פון אַרגענטינע.

— מערץ 7, 1953. היינט קבלת־פּנים פאַר ש. קאַטשערגינסקי אין ניו־סקול.

— אַפּר. 29, 1954. ש. קאַטשערגינסקי, פּאָעט און פּאַרטיזאַן, טויט אין לופט־קראַך.

— אַפּר. 30, 1954. פיל וויינען ביי דער אַזכרה נאָך שמערקע קאַטשערגינסקי; קערפּער נאָך ניט געפונען.

— אַפּריל 30, 1954. נאָך טרויער־אויסדרוקן אויפן טויט פון ש. קאַטשערגינסקי.

— מאַי 4, 1954. ש. קאַטשערגינסקי ווערט היינט געבראַכט צו אייביקער רו.

— מאַי 6, 1954. קאַטשערגינסקי געבראַכט צו זיין אייביקער רו.

— מאַי 14, 1954. טרויער־אַקאַדעמיע נאָך דעם דיכטער ש. קאַטשערגינסקי.

— מאַי 23, 1954. היינט טרויער־אַקאַדעמיע צו די שלושים פון ש. קאַטשערגינסקי.

פּראָגרעס, שיקאַגאָ. — יוני 9, 1954. יזכור־אַוונט צו די שלושים פון טראַגישן טויט פון ש. קאַטשערגינסקי.
פרייע אַרבעטער שטימע, נ. י. — מאַי 7, 1954, ז' 4. ש. קאַטשערגינסקי.
לעצטע נייעס, תל־אביב. — אַפּר. 30, 1954. ש. קאַטשערגינסקי אומגעקומען אין אַ טראַגישער קאַטאַסטראָפע...
— מאַי 9, 1954. לוויה פון ש. קאַטשערגינסקי.
די נייע צייט, בוענאָס איירעס. — אַפּר.־מאַי 1954, ז' 3. שמערקע קאַטשערגינסקי נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע.
לשון און לעבן, לאָנדאָן. — מאַי 1954, ז' 5. אין ווייטער פאַרוואָרפנקייט.
מאָרגן־פרייהייט, ניו יאָרק. — אַפּר. 30, 1954. ש. קאַטשערגינסקי טויט אין עראָ־פּלאַן־קראַך אין אַרגענטינע.
נייע יידישע צייטונג, מינכען. — מאַי 7, 1954. ש. קאַטשערגינסקי.
ציוניסטישע בלעטער, פּאַריז. — אַפּר. 9, 1954. ש. קאַטשערגינסקי ז"ל.
קאַנאַדער נייעס, טאָראָנטאָ. — מאַי 21, 1954, ז' 7. טרויער־אַקאַדעמיע נאָך דעם דיכטער־פּאַרטיזאַן ש. קאַטשערגינסקי.
קולטור־ידיעות, פּאַריז. — יוני 1950, ז' 3. אימפּאָזאַנטער קבלת־פּנים אין בוענאָס־איירעס לכבוד ש. קאַטשערגינסקי.
קידוש השם. — רעד. פון ש. ניגער, ניו־יאָרק, 1948, ז' 253. ש. קאַטשערגינסקי.
קענעדער אָדלער, מאָנטרעאָל. — אַפּר. 30, 1954. באַוווסטער דיכטער קאַטשערגינסקי טויט אין עראָפּלאַן־קראַך.
— מאַי 3, 1954. שמערקע קאַטשערגינסקי ע"ה (ליטעראַטור־נעקראָלאָג).
— מאַי 24, 1954. מאָרגן הזכרה נאָך ש. קאַטשערגינסקי.
די שטימע, מעקסיקע. — מאַי 8, 1954. ש. קאַטשערגינסקי געבראַכט צו אייביקער רו.

## אין פרעמדע שפּראַכן

BORWICZ, MICHAL M. — "Na cmentarzu Sie nie Urzadza!". Piesn Ujdzie Calo... Antologia Warszawa-Lodz-Kraków. 1947. Str. 85.

BORWICZ, MICHAL M. — Garsc Przekladów Z Jez. Zydowskiego. — S. Kaczrginski. Piesn Ujdzie Calo... Antalogia. Warszawa-Lodz-Kraków. 1947. Str. 237-239.

FRIEDMAN, PHILIP. — Some books on the Jewish Catastrophe. Conference On Jewish Relations. New York, 1950. P. 87.

MOLODOWSKY, KADYA. — The Poetry of Khaim Grade. Jewish Frontier Frontier. New York, Abril 1948 P. 17.

ROSKOLENKO, HARRY. — Jewish Writers in Paris. [Sz. Kaczerginsky] Congress Weekly, New York, Jan. 2, 1950, Pp. 11-12.

SHATZKY, JACOB. — Liquidation Inc. Zvishn Hamer un Serp, by Sz. Kaczerginski J. N. B. Circle-In Jewish Bookland, New York, Jan. 1950. P. 6.

FOLKSBLAT, MONTEVIDEO. — May 2, 1954. Schmerke Kachergins-ky.

MUNDO ISRAELITA, BUENOS AIRES. — July 18, 1953. S. Kaczerginsky nos Habló sobre la Vida Hebrea en el Continente.

— May 1, 1954. Desaparece un joven y destacado valor judío con la muerte de S. Kaczerginsky.

— May 8, 1954. Se dió sepultura a los restos de S. Kaczerginsky.

# אינהאַלט



## שרייבער וועגן ש. קאַטשערגינסקי

## ש. קאַטשערגינסקיס עזבון

### דערציילונגען און רעפּאָרטאַזשן

## לידער



## איבער שרייבער און ביכער



## רעפעראַטן



## קאָרעספּאָנדענצן

## הומאָרעסקע



## דראַמע

## עס האָבן פינאַנסיעל מיטגעהאָלפן צום דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך:

„די אידישע צייטונג", „די פרעסע".

אבזאץ מענדל, אסטראל, באַטאשאנסקי יעקב, בעקערים און קאָמפּאַני, גרינבאום ל., גאראדיסקי י., דרוסקאוויטש, האָפער שמואל, האָפער פנחס, הירש דוד, האָפמאַן בערל, הובערמאַן, הארקאַן יצחק, מ. האכאַם, זווערזשינסקי, טורקאָוו מארק, טשייסטווער, יעראָזאָלימסקי ב., יונגערמאַן מ., יאָפע ט. לערמאַן, מארגאָלים י., מאורער י., מאריבערעק וו., סומער ז., סאמאטעסעקאס, סילבערג, סוכארעוויטש, קראוויעץ ברידער, קאַטשערגינסקי י., ראדיטשעווסקי מ., רובינשטיין יחזקאל, ראַטשטיין, רובינס און גראַבאָווסקי, שלעזינגער מ., שאילאָוויטש, שאָר זעליק.

# SZMERKE KACZERGINSKI

## HOMENAJE A SU MEMORIA

Editado por
**EL COMITE DE HOMENAJE**

Buenos Aires
1955